יעקב גלאַטשטיין

# פּראָסט און פּשוט

## ליטעראַרישע עסייען

אָפּגעקליבן און צוגעגרייט צום דרוק
בערל כהן

אַרויסגעגעבן דורך פּעני גלאַטשטיין

ניו־יאָרק, 1978

מיט יאָרן צוריק האָב איך זיך גאַנץ אָפט באַנוצט מיט ווערטער ווי מיט שטיינער און איך האָב זיי נישט נאָר געשליפן, נאָר אויך געשאַרפט און די סאַמע שאַרפסטע האָב איך געוואָרפן אויף מענטשן. איך בין געווען אַזוי פאַרנומען מיט אויסקלייבן די שאַרפסטע ווערטער און מיט טרעפן אין ציל, אַז איך האָב בפירוש נישט געזען דעם מענטשן און זיכער נישט די וואונד, וואָס אַ גוט־געצילטער שטיין האָט געמאַכט. איך האָב געזען דעם שפּיל און נישט דעם ציל — אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק.

שפּעטער, ווען איך האָב אויך דערזען דעם מענטשן, האָב איך אויסגעפונען, אַז עס איז אַ ווילדער שפּיל, ווייל פון אַ געטראָפענעם שטיין אויף יענעם גייט מען אַ מאָל אַליין אַרום מיט אַ קין־צייכן. איך האָב גענומען אָפּטיילן קריטיק פון אָנפאַל און ברודערמאָרד.

איך האָב זיך געלערנט (איך שעם זיך נישט אויסצוזאָגן) געמעסיקטן טאָן ביי עלטערע יידישע שרייבערס און אויך ביי אַ סך אַמעריקאַנער קריטיקערס, וואָס ווייזן אויסגע־צייכנט ווי אַזוי מען רייסט אַרונטער אַ ווערק און מען זאָל דערביי נישט אָנרירן דעם מענטשן.

(מ״זש, מיי 3, 1942)

## עטלעכע הערות וועגן צונויפשטעל

יעקב גלאַטשטיין האָט עסייען אין די טויזנטער, וואָס זיינען נאָך נישט איינגעזאַמלט געוואָרן אין ביכער. די איצטיקע זאַמלונג איז תחילת געווען געפּלאַנט אויף דריי בענד עסייען, אָבער צוליב די שווערע דרוק־הוצאות איז עס רעדוצירט געוואָרן צו איין באַנד.

אין דאָזיקן באַנד גייען אַריין בלויז ליטעראַריש־קריטישע עסייען. גלאַטשטיין האָט געשריבן אָן אַ שיעור אָפּהאַנדלונגען וועגן קונסט, טעאַטער, ציוניזם, ישראל, אַנטיסעמיטיזם, יידן אין אַמעריקע און אויף אַ ריי אַנדערע טעמעס — אָבער דאָס אַלץ האָט געמוזט אויסגעלאָזן ווערן. פאַרן פאַרשטיין גלאַט־שטיינס פּילגעשטאַלטיקע פּובליציסטיק איז דאָס אַ גרויסער שאָד.

דער גרעסטער טייל עסייען אין דאָזיקן באַנד איז געדרוקט געוואָרן אין „מאָרגען זשורנאַל" און „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל". נאָר געציילטע עסייען קומען פון אַנדערע צייטשריפטן.

אין דאָזיקן באַנד זיינען אַריינגענומען געוואָרן נאָר אַזעלכע עסייען, וואָס זיינען נישט איינגעשלאָסן אין גלאַטשטיינס פרי־ערדיקע ביכער. עס גייען אָבער יאָ אַ מאָל אַריין עסייען וועגן דער זעלביקער טעמע אָדער זעלביקן שרייבער, אויב דאָרטן זיינען דאָ וויכטיקע הוספות, כאָטש טיילן פון זיי זיינען אי־בערחזרונגען פון פריערדיקע אַרטיקלען.

אין באַנד גייט אויך אַריין קאָמבינירטער מאַטעריאַל: עסייען, פאַרעפנטלעכטע אין פאַרשיידענע צייטשריפטן און אין פאַרשיידענע יאָרן, וואָס באַהאַנדלען איין און דעם זעלביקן שרייבער, זיינען פאַראייניקט געוואָרן אין איין עסיי. דאָס האָט גורם געווען, פאַרשטייט זיך, אַז איבערגעחזרטע ווערטלעכע טיילן זאָלן אַרויספאַלן. אַזוי, למשל, איז פון פינף עסייען וועגן שלום

אַש געוואָרן איין עסיי. דאָס איז אַ שטיקל חידוש אין געקלי־בענע ליטעראַריש־קריטישע שריפטן. צוליבן זעלביקן טעם זיינען אַ מאָל אָריגינעלע „קעפּלעך" אַרויסגעפֿאַלן אָדער געענדערט גע־וואָרן.

דיגרעסיעס פֿון נישט וויכטיקן צייטלעכן אָדער לאָקאַלן כאַראַקטער ווערן אויך אויסגעלאָזן. מען פֿאַרלירט דורך דעם גאָרניט און די גאַנצקייט פֿון דער עסיי געווינט פֿון דעם אַ סך.

אויסגעלאָזענע ערטער פֿון טעקסט ווערן דורך אונדז באַ־צייכנט מיט דריי פּינטעלעך אין אָנהייב, מיטן אָדער סוף פּאַ־ראַגראַף. גלאַטשטיין האָט, דאַכט זיך, קיין מאָל נישט אָדער גאָר זעלטן זיך באַניצט מיטן דאָזיקן אָפּשטעל־צייכן אין זיינע פּובליציסטישע שריפטן.

די עסייען אין דאָזיקן באַנד נעמען אַרום אַ תקופה פֿון אַרום 50 יאָר — אַ צייטאָפּשניט, ווען דאָס יידיש־שריפטלעכע לשון האָט געגעבן אַ ריזנשפּרונג פֿאָרויס. אַ ריי ווערטער, וואָס מען האָט געניצט אין 1920 אָדער 1930, נעמט מען שוין איצט נישט מער אַריין אין אַן ערנסט יידיש בוך. ביים בייטן אַזעלכע ווער־טער האָב איך זיך געשטיצט אויף מיין פּראַקטיק ביים העלפֿן גלאַטשטיינען אַרויסגעבן זיין לעצט בוך „מיט יידיש אין דער וועלט". שוין דעמאָלט איז אויפגעקומען די פּראָבלעם פֿון בייטן ווערטער אָדער אויסדרוקן, און גלאַטשטיין איז געווען זייער ליבעראַל דאָס צו טאָן. געווען אָבער פֿאַלן, ווען גלאַטשטיין איז באַשטאַנען אויף זיין רעכט צו ניצן אַזעלכע ווערטער, וואָס ער האָלט פֿאַר נייטיק און באַרעכטיקט, כאָטש בדרך־כלל זיינען זיי שוין אַרויסגעפֿאַלן פֿון איצטיקן יידיש־אוצר. אַזאַ פֿאַל איז געווען מיטן וואָרט „ווייזהייט". ער האָט אָפּגעוואָרפֿן מיין טענה, אַז דאָס איז אַ ריינער דייטשמעריזם. ער האָט מאָטיווירט, אַז „ווייזהייט" איז ניט דאָס זעלביקע ווי „חכמה", אַז ס'האָט אַ באַזונדערן ניואַנס און דעריבער דאַרף עס פֿאַרבלייבן אין יידיש. פֿאַרשטייט זיך, אַז גלאַטשטיינס זכות ווי אַ מחבר — און נאָך וואָס אַ מחבר! — האָט מכריע געווען. אָבער אַזעלכע פֿאַלן זיינען געווען ווייניק.

די העבראַאישע ווערטער פֿון עטלעכע עסייען זיינען געווען געדרוקט אין פֿאָנעטישן אויסלייג. גלאַטשטיין גופֿא האָט זיך

שפּעטער אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער פּאָרעם, און מיר האָבן די דאָזיקע ווערטער צוריקגעגעבן זייער אָריגינעלן לבוש.

אין דאָזיקן באַנד גייען אויך אַריין עטלעכע עסייען פון גלאַטשטיינס שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָד, ווען זיינע אַרטיקלען האָבן פאַרמאָגט שוימיקן אימפּעט און יוגנטלעכע רייסערישקייט — שטריכן, וואָס האָבן שפּעטער אָפּגעטראָטן דעם אָרט אויס־געדייפּטקייט און מיושבדיק־אָפּגעקילטן נוסח. אין זיינע שטור־רעם־אַרטיקלען וועגן דער יידישער פּאָעזיע, למשל, ווערן געניצט זייער שאַרפע ווערטער וועגן ש. ניגער, און כאָטש ער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויך נישט געווען שווה־בשווה מיט ני־גערן, איז אָבער זיין פּאָלעמישער טאָן מיטן באַקאַנטסטן יידישן ליטעראַטור ־ קריטיקער געוואָרן איינגעהאַלטענער, באַטראַכטער און אויך דורך־ארצדיקער.

מיר האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק אַריינצוגעבן עטלעכע עסייען פון גלאַטשטיינס יוגנט־תקופה, כדי מען זאָל קענען כאַפּן אַ קוק אויף זיין ליטעראַריש־קריטישן בראשית און אויך דער־זען בעסער זיינע אַנטוויקל־עטאַפּן.

בשייכות מיט דעם דאַרף מען דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מאָטאָ, וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן פאַרן דאָזיקן באַנד, אַרויסגענומען פון גלאַטשטיינס אַ ווייניק־באַמערקטן אַרטיקל וועגן פּרץ הירשביין און א. מוקדוני.

אונדז דוכט זיך, אַז דער דאָזיקער מאָטאָ איז נישט בלויז אַ גוטער שליסל צו די עסייען אין דאָזיקן באַנד, נאָר צו דער גאַנצער גלאַטשטיינישער שאַפונג אויפן שטח פון זיין ליטעראַ־טור־קריטיק; און ס'דוכט זיך אונדז אויך, אַז אויב גלאַטשטיין וואָלט איצט געווען מיט אונדז, וואָלט ער מסכים געווען מיטן דאָזיקן געדאַנק.

אין אונדזער אויסגעקליבענעם מאָטאָ זאָגט גלאַטשטיין אַזוי:

„מיט יאָרן צוריק האָב איך זיך גאַנץ אָפּט באַניצט מיט ווערטער ווי מיט שטיינער... איך בין געווען אַזוי פאַרנומען מיט אויסקלייבן די שאַרפסטע ווערטער און מיט טרעפן אין ציל, אַז איך האָב בפירוש נישט געזען דעם מענטשן... איך האָב

געזען דעם שפּיל און נישט דעם ציל — אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. שפּעטער... האָב איך זיך געלערנט געמע־סיקטן טאָן ביי עטלעכע יידישע שרייבערס און אויך ביי אַ סך אַמעריקאַנער קריטיקערס, וואָס ווייסן אויסגעצייכנט ווי אַזוי מען רייסט אַרונטער אַ ווערק און מען זאָל דערביי נישט אָנרירן דעם מענטשן."

אין דעם גרעסטן טייל עסייען פון דאָזיקן באַנד, וואָס זיינען געשריבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָט גלאַטשטיין „געזען דעם ציל"; מיר באַטראַכטן אָבער פאַר נייטיק און ערלעך אַריינצוגעבן געציילטע עסייען פון זיין יוגנט־תקופה, ווען ער האָט „געזען דעם שפּיל" אין זיין ליטעראַריש־קריטישן שרייבן.

ב. כ.

# יידישע שרייבערס רעבעלירן נישט מער

אַ שרייבערישע וואַקאַציע איז די געזינטסטע זאַך פאַר אַ שרייבער, אויב ער קאָן זיך פאַרגינען אַזאַ פולע רו און אויב ער ווייסט אַקוראַט ווי אַזוי זי אויסצונוצן. די שווערקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אַ שרייבער פירט מיט אומעטום זיין גאַנצע פאַבריק; צי ער וויל, צי ער וויל נישט, פאָלגט אים אויך נאָך זיין שרייבערישער עגאָ, ס'איז אים שווער זיך צו באַפרייען פון חשק צו זיין אויף אַלע יאַרידן. ער האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו רעאַגירן, זאָגן און אַריינזאָגן, אַז אים דאַכט זיך אַפילו, אַז זיין וואָרט פעלט אויס די עטלעכע שעה וואָס ער שלאָפט; די וועלט קאָן נאָך, חלילה, עפּעס פאַרשלאָפן, ווען ער שליסט די אויגן.

דאָס איז אפשר אַ גוזמא, אַ קאַריקאַטור, אָבער אין תוך מוז יעדער שרייבער אַנטוויקלען אַזאַ איבערגעטריבענעם „איך", וואָס ווערט קאַריקאַטוריסטיש. אונדזער וועלט ווערט בפירוש נישט געפירט פון שרייבערס, כאָטש מיר מיינען, אַז אַרום אונדזער וואָרט דרייט זיך דער אוניווערס. אַלע רעגירונגען, די דעספּאָטישע ווי די מילדערע, ווייסן גאַנץ גוט, אַז דער שרייבער האָט אַ קנאַפּע דעה. ווען קענעדין געפעלט נישט עפּעס אין אַ ציטונג, הערט ער זי אויף צו לייענען. ווען כרושטשאָוון געפעלט נישט אַ שרייבער, הערט אויף דער שרייבער צו שרייבן. די וועלט־רעגירערס נעמען זיך נישט צו פיל צום האַרצן פון שרייבערישע מיינונגען, זיי נוצן דעם שרייבער אַ מאָל פאַר דעקאָראַציע, ווען ער ווערט באַרימט און גרייזגרוי, אָבער בדרך כלל שפּילט דער שרייבער, אַפילו אין דעמאָקראַטישע מדינות, די ראָלע פון קלאַון...

ביי אונדז אויף דער יידישער גאַס ווערט דער ענין נאָך קלאָרער און בולטער. מיר ווייסן וואויל, אַז די שרייבערס געפינען זיך אויף דעם סאַמע אונטערשטן טרעפּל, ווען עס קומט צו אַ דעה אין דער געזעלשאַפט...

ביי יידישע שרייבערס פרעגט מען נישט קיין עצה. מען לייענט זיי אַ מאָל און מען האָט פון זיי הנאה, ווי פון געדונגענע מענטשן וואָס טוען זייער פליכט. אָבער, זאָגן מיר, אין די אייבערשטע פּאַלאַטעס פון די נאַציאָנאַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס זיצן נישט קיין יידישע שרייבערס,

און אַז עס זיצן יאָ געציילטע, דאַרפֿן זיי ווערן שווייגערס און פֿאַרשוויי־גערס. זיי דעטערמינירן נישט די יידישע פּאָליטיק אויף קיין שום געביט...

אָבער ביי די אַלע גוט באַוואוסטע און גוט איינגעלעבטע געפֿילן און דערפֿאַרונגען, וואָס יעדער יידישער שרייבער האָט זיי שוין נישט איין מאָל געפֿילט אויף זיין אייגענעם לייב־און־לעבן, אין משך פֿון יאָרן, איז דער שרייבער נאָך אַלץ ביי זיך אַן איינגערעדטער נאַר. ער קאָן זיך נישט אויסהיילן פֿון געדאַנק, אַז אויב ער וועט אויספּעלן מיט זיין נישט געבעטענער מיינונג ביי איין געלעגנהייט, קאָן נאָך, חלילה, ווערן אַ יידישע ערד־ציטערניש.

קינסטלעריש האָבן מיר שוין פֿון לאַנג אויפֿגעהערט צו פֿירן די יידישע גאַס. די פֿון אונדז, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אַ שטיקל נאָמען, האָבן עס דערגרייכט בלויז דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן ערגעץ וואו קאַפּי־טולירט צו דער גאַס און אַנגענומען דעם אַלגעמיינעם געשמאַק. אונדזערע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך שוין לאַנג באַרואיקט און געוואָרן סטאַטעטשנע. ביים היינטיקן טאָג איז שוין נישטאָ קיין איין רעבעלירנדיקער יידישער פּאָעט אָדער בעלעטריסט. אַפֿילו אַזוי גערופֿענע מאָדערניסטן ווייסן גאַנץ גוט, אַז זיי טאָרן זיך מער נישט דערלויבן קיין פֿרייהייטן, וואָס קאָנען נאָך, חלילה, אַרויסרופֿן אַ שטיקל שטורעם...

ווען אַ פּאָעט ווערט ביי אונדז אַ ישעיה אָדער אַ יחזקאל, אַ ביאַליק צי אַ שניאור, קאָנט איר זיין זיכער, אַז ער וועט שוין אַ לעבן לאַנג אָפּיחזקאלן, אָפּישעיהוען און אָפּביאַליקן. ער וועט שוין נישט אַרויס פֿון שפּאַן, וואָס אין אים האָט די גאַס אים איינגעשפּאַנט. כאָטש פּאָפּו־לאַריטעט ביי יידן ציילט זיך נישט אין מיליאָנען, אָבער דער כוח פֿון דעם יידישן געסל איז פּונקט אַזוי גרויס, ווי מיר וואָלטן געהאַט אַ מעכטיקן קול המון. קיינער איז נאָך נישט ביי אונדז אַרויס פֿון די האַלאַבאַליעס. קיינער האָט זיך נאָך נישט דערוועגט צו דערצערנען זיינע קרויינערס. זייער וויניק ביי אונדז זעצן זיך אַוועק און מאַכן אַ שטיקל חשבון מיט זיך, ווי זיי זעען אויס, וואָס פֿאַר אַ ווערטן זיי האָבן אויפֿגעגעבן און וואָס פֿאַר אַ ביליקן וויירעך זיי רויכערן לכבוד זייער אייגענער גרויסקייט.

מיר האָבן פֿאַרלוירן דאָס געפֿיל פֿאַר אַ קליינעם, געקליבענעם עולם. אַ מאָל האָט מען בלומרשט געשריבן פֿאַר זיך, איז עס כאָטש געווען אַ יוגנטלעכע נאַרישקייט, אָבער היינט איז מען דערגאַנגען צום צוויטן

עקסטרעם — מען שרייבט פאַר אַלעמען. אַ יידישער שרייבער מוז אַלעמען געפעלן, ער מוז איינבנעמען די וועלט. ער מוז באַזיגן אַלע אָפּאָזיציעס. דערפאַר וועט קיינער נישט אַרויס פון דעם אייגענעם, פון־דרויסן־פּאַרהיפּ־נאָטיזירטן צירקל, וואָס אין אים האָט מען אים אַריינגעפּרייערט און אים אַרומגעקריידט.

מיר דאַכט זיך, אַז דאָס שטאַמט אַלץ דערפון, וואָס דער יידישער שרייבער איז דער פאַרהאָוועטסטער מענטש אויף דער וועלט. ער נעמט כלומרשט וואַקאַציעס, אָבער נישט קיין שרייבערישע וואַקאַציעס. אַפילו אין אייבזאַמקייט און כלומרשטער צוריקגעצויגנקייט, שטייט ער נאָך אַלץ אַנטקעגן שפיגל, אָבער דער שפּיגל איז נישט קיין ליידיקער, ער שפּיגלט צוריק די אָנערקענטע פאַרקעמטקייט, דעם שרונט אָדער דעם צעשויבער, וואָס די אָנערקענונג האָט אים געגעבן. ער וועט נישט בייטן אָט דאָס געשטאַלט. אין שפּיגל שטייט אַ לצל און גלעט אים נאָך צו די עטלעכע האָר, אַז זיי זאָלן ליגן רואיק און נישט מאַכן קיין אויפשטאַנד. אַפילו דער צעשויבער דאַרף אויך זיין אַ צוגעפּרעסטער.

איך האַלט דערפאַר, אַז דער „קליינער זשורנאַל" וואָלט געקענט און באַדאַרפט זיין אַ מין שרייבערישע וואַקאַציע. מען מעג זיך אין אים פאַר־גינען קינסטלעריש אָפּצורוען פון אייגענעם געשטאַלט און אַרויס — לתרבות טובה. דער גרעסערער זשורנאַל האָט שוין זיין איינגעשטעלטע קליענטעל, ער רעדאַקטירט זיך שוין פון זיך אַליין, זיינע מיטאַרבעטערס רעדאַקטירן אייגנטלעך דעם זשורנאַל מיט אַלץ, וואָס זיי שטעלן צו. דער רעדאַקטאָר איז נישט מער ווי אַ שיקיינגל, ער באַזאָרגט די מאַנוסקריפּטן אין דרוקעריי. דער גרויסער זשורנאַל ביי אונדז איז אַ געזעמל פון גוטע פריינד, קיינער וועט נישט אַנטרעטן אויף קיינעמס הינעראויגן. הינטער דעם גרויסן זשורנאַל שטייט דער באַלעבאָס, דער פאַרבליבענער און געטרייער אַבאָנענט, וואָס לייענט אים שוין שיינע צענדליקער יאָרן. ער איז אַ בייזער באַלעבאָס. ער געדענקט יענע גוטע צייטן, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק און נאָך צוריקער. ער בענקט נאָך דער ליטעראַרישער פּאַרציע „דגה", וואָס מען האָט אים דעמאָלט סערווירט. ער האַלט סיי ווי, אַז מען נאַרט אים אָפּ, מען גיט אים נישט יענע אַמאָליקע ראַיעלע סחורה. אָבער ער האָט אַ קאַפּיטשקע שלום געמאַכט מיט דעם געזעמל פריינד אין זיין זשורנאַל. דאָס געזעמל וועט דערפאַר שוינען די געפילן פון דעם אַלטן באַלעבאָס, דעם קפדן, און וועט אים צושטעלן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים כאָטש דערמאָנען אין יענע גוטע צייטן.

דער „קליינער זשורנאַל", אויב ער וויל באמת ווערן אַן אָפּרו פֿאַר דעם שרייבער, וואָס וויל זיך אויף ס'ניי דערגרונטעווען צו זיך און אָראָפּקראַצן פֿון זיך די פֿרעמדע אָנגעוואַקסענע הויטן, מוז זיך אויפֿהערן רעדאַקטירן פֿון זיך אַליין. ער איז מחויב אויסצוזוכן פֿון אונטער דער ערד נייע נעמען, אַפֿילו ווען זיי פּראָדוצירן נישט אַזעלכע קיילעכדיקע זאַכן ווי די עלטערע גוואַרדיע. ער דאַרף מאַביליזירן אַרום זיך דעם אָפּגעקליבנסטן לייענער אונדזערן, אָבער אויך מיט אים טאָר ער נישט ווערן צו שטאַרק פֿאַני־בראַט, ווייל אויך דער געקליבענער לייענער קאָן ווערן אַ דעספּאָט.

דער „קליינער זשורנאַל" דאַרף אויך זען, אַז דאָס געזעמל פֿריינד זאָל זיך פֿון צייט צו צייט צעקריגן, מען זאָל צו זיך און צווישן זיך קומען מיט פּרעטענזיעס. דערפֿאַר זיינען נייטיק צוזאַמענקומען און דיסקוסיעס און נישט בלויז טעלעפֿאָנישע באַשטעלונגען אָדער גרייטע קאָנווערטן מיט צוגעטראָגענעם מאַטעריאַל. ווייל דער „קליינער זשורנאַל" קאָן נאָך, חלילה, ווערן — אַ קליינער זשורנאַל מיט גרויסע חסרונות, אָדער מיט אַלע חסרונות פֿון די גרויסע זשורנאַלן, בזעיר אַנפּין.

יעדער שעפֿערישער מענטש נייטיקט זיך פֿון צייט צו צייט אין אַ פּולער וואַקאַציע. ער מוז מיט זיך פֿירן אַן אינטימען שמועס און זיך גוט אַריינזאָגן. ער מוז זיך נעמען אויפֿן צימבל און צושטעלן זיך אַליין אַ גאַנצן צעטל מיט באַגאַנגענע קינסטלערישע חטאים, פּובליציסטישע חטאים, קריטיק־חטאים. ער מוז פֿון צייט צו צייט איינפֿירן ביי זיך אַ מין יום־כּיפּור, אָבער אָן פֿאַרגעבעריי. און דער עיקר, אַז קיינער זאָל נישט זיין דערביי, כ'מיין דער לייענער, פֿאַר וועמען דער אָנערקענטער שרייבער האָט זיך אויסגעלערנט אַרבעטן, טאָר נישט שטיין צווישן דעם שרייבער און זיך אַליין ביי אַזאַ מין אינטימען דורכשמועס.

דער קליינער זשורנאַל קאָן דערפֿאַר העלפֿן דעם שרייבער דורכפֿירן אַזעלכע וואַקאַציעס, ער קאָן זיי סטימולירן, ער קאָן אויך פֿאָדערן פֿון שרייבער, ער זאָל אָנוועקלייגן זיין געווער און עס באַטראַכטן קריטיש און שאַרף, צי אַרבעט ער שוין נישט פֿלעגמאַטיש מיט כּלי זיין, וואָס זיין באַרימטער נאָמען האָט אים אונטערגערוקט.

(„סביבה")

# די צייט מאָנט פון שרייבער

דעם יידישן פּאָעט פון אונדזער דור איז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין. ער זעט נישט דאָס מאָנענדיקע פּנים פון זיין לייענער און ער קאָן אויך נישט שאַפן זיין ליד אין אַ חלל פון זיך־צופרידנשטעלנדיקער איינזאַמקייט. די האַרבע צייט הויקערט אויף אים שווער, אַז ער מוז אַרויסלויפן אין גאַס און שרייען: ליבע יידן, פרייט זיך מיט מיין יידישער פרייד, ווי זי זינגט אין מיר, מיט דעם נייטיקן צומיש פון טראַפּעלע טרויער, אַן אַריינ־טריף פון אונדזער ביטערער צייט; אָדער זעט, ליבע יידן, ווי ס'רוקן זיך אַן נייע וואָלקנס אויף דער וועלט און דער יידישער סייסמאָגראַף ציטערט שוין ביי צייטנס, ווי תמיד, ווייל מיר זיינען די אַלאַרמירערס פאַרן שטורעם, אַ ניצוץ, אפשר אויך אַ שטראָף, פון אונדזער נביאיש־פּאָעטישן אָפּשטאַם.

אוודאי וואָלט דער יידישער פּאָעט געקאָנט האַלטן אין איין פאַרצייכענען פינקטלעך־געטריי דעם ציטער פון זיינע פּאָעטישע חושים, למשל, ווי אַ בוים אַן בלעטער האָט געכאַפּט אַ ציטער אין זיין פאַר־איינזאַמטער און פאַרוואָגלטער נאַקעטקייט; אָדער ווי דער ים האָט אַ גאַנצע נאַכט זיך געוואָרפן און געקרעכצט. דאָס זיינען אַלץ לעגיטימע פּאָעטישע טעמעס, אָבער דער יידישער פּאָעט שפּירט אין זיינע ביינער, אַז אַפילו אייגן־געזעענע און פאַרצייכנטע־צעפּייערטע זשאַוווער־גאָלדענע האַרבסטבלעטער, אָדער ציטערדיקע רעגן־פעדעם אין די שויבן, ווי שיין זיי זאָלן זיך נישט אויסשטעלן — אַז מיט אַזעלכע דורכגעזונגענע און אי־בערגעלירישטע לידער, מיט אַן איבערהיטל פון אייגענע גראַמען, באַהאַלט ער זיך, אייגנטלעך, אויס פון אַ שאַרפערער התחייבות. דער פּאָעט, וואָס שאַרפט זיך אַלץ זיינע אויגן און אויערן אויף די מאָנאָטאָנע קאַפּריזן פון דער נאַטור, שטעלט זיך, אין אונדזער צייט, צופרידן מיט אַ פּאָעטישער הונגער־דיעטע. ער שפּילט אַריין אין די הענט פון יענע, וואָס האָבן תמיד געהאַלטן, אַז ס'איז נישט דעם פּאָעטס דאגה, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט; אַז פּאָעזיע דאַרף זיך נישט מישן אין ברייטערע עסקים, נאָר זי מוז אויספּילן און באַשיינען די קליינע שפּאַרעס פון אַ פּראָזאַאיש־פאַרנו־מענער וועלט. די דאָזיקע פּאָעטישע לירישע פלעגמאַטיק ווערט אָפּט אַ צווייטע געוואוינהייט און אַן אָפּגעוואוינטקייט פון קאָנען זאָגן אַ מענטשלעך וואָרט.

דער יידישער פּאָעט מוז דערפאַר איינזען, אַז אים קאָן בלויז ראַטעווען אַ גרעסערע ראָלע פאַר זיין וואָרט און אַן אינטערעס אין דעם אַקטיוון לעבן

פון אונדזער צייט. די געצאַמטקייט און די שווערע דיסציפּלין פון ליד מוז נישט דווקא טרייבן פּאָעזיע צו קליינקונסט, וואָס זי איז פּאַקטיש געווען דורך יאָרהונדערטער. די איינרעדעניש, אַז יעדער אַמאַלגאַם פון פּאָעטישן „גאָלד״ מיט אַנדערע וואָרטמעטאַלן איז אַ פאַרשוועכונג, פירט צו קינ־דישקייט אָדער צו ראַפינירטער בטלנות.

דערבײַ דאַרף מען צוגעבן, אַז לייענערס, וואָס זאָלן דערשפּירן דעם טעם פון אַ פּאָעטישער שורה אויפן גומען, זײַנען געווען קליין אין צאָל אין אַלע צײַטן, און נאָך ווייניקער אין אונדזער צייט, ווען די יידישע פּאָעזיע האָט געטאָן אַזאַ שפּרונג פאָרויס אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, אַז די אויסשולונג פון לייענער האָט געמוזט בלײַבן הינטערשטעליק, און ס׳רוב לייענערס זײַנען געבליבן שטעקן און רוען בײַ געוויסע סטאַנציעס און פּעריאָדן; און פּאָעטן, וואָס ווילן זיך דווקא אומקערן צוריק, כדי צו געפינען זייערע לייענער־מחנות אויף אַלע צוריקגעשטאַנענע וועגן, פאַר־בלאָנדזשען אַליין זייער אָפּט, און אַז זיי געפינען שוין יאָ זייערע לייענערס און די דערגרייכטע אָנערקענונג — פאַרלירן זיי זיך אַליין.

אַ פּאָעט טאָר נישט זײַן קיין פּחדן. ווען אַ פּאָעט היט זיך אַזוי שטאַרק די ביינער, אַז ער האָט מורא פאַר ווערטער זיי זאָלן אים, חלילה, נישט שטרויכלען און אים אַרויסשטעלן אין זײַן גאַנצער אומפּאָעטישער אָרעמקייט, איז ער מסתמא טאַקע אַ דלפון, וואָס מוז האָבן די באַאַפּוצונג פון אָנגענומענע פּאָעטיזאַציעס און די באַנאַליזירטע גרינגע מוזיקאַלישקייט, כדי ס׳זאָל פאַרטויבן דעם געשריי פון זײַן לײַדיקייט. אַ פּאָעט, אַן אמתער פּאָעט, דאַרף קאָנען גיין אומדערשראָקן קעגן ווערטער און ער זאָל אַרויס דער זיגער. ווערטער שטעלן דעם אמתן פּאָעט צום ריכטיקן אויספּרואוו. פאַר־מאָגט ער פלייש און בלוט, צי איז ער בלויז אַ שפּילקעסטל, וואָס זינגט די איבערגעזונגענע ווערטער פון אַ באַגרענעצטן ווערטערבוך, אַנעמישע רייד, וואָס חלשן עלעגאַנט באַלד ווי זיי פּרוּוון זיך שטעלן אויף די פיס.

דער אמת איז, אַז דער פּאָעט איז דער נישט־דערוווילטער שליח־ציבור פון זײַן דורס טראַכטן, דערפאַר מוז ער נאָך מער ווי דער פּראָזע־קינסטלער זײַן דער געוועלטיקער איבערן וואָרט. וואָס אָרעמער דער יידישער מאַרק ווערט, וואָס מער עס צעגייען זיך די מענטשן, און וואָס ווייניקער מען הערט דעם מקח וממכר, דאָס טאָג־טעגלעכע דינגעניש, אַלץ מער איז דער פּאָעט פרײַ, און ער שמידט־אויס פון דער אָרעמקייט און שטילקייט — זײַן שפּראַך, אין איר רײַכקייט פון ניואַנסן. ווײַל דער פּראָזע־קינסטלער איז, אין תוך, אַן אײַנהערער און געדענקער, אַן אַראַנזשירער און סאָרטירער

פון פאָלקישע אוצרות, בעת דער פּאָעט איז אַ שאַפער און איבערשאַפער פון לשון. דער פּראָזע־קינסטלער נעמט און באַרייכערט דאָס גרייטע. דער פּאָעט איז טאַקע אויך אַ גרויסער נעמער, אָבער נאָך אַ גרעסערער געבער, אין פּרט פון לשון. דעם פּאָעט שטויסן שפּראַכשטומקייט און שפּראַכגרייט־קייט צו שעפערישקייט, בעת דעם פּראָזע־קינסטלער מוז שפּראַך־איינקוואַ־רונג בלויז פירן צום אַרסענאַל פון שפּראַך־זיכּרון און נישט צו פאַרויסיקע געוואַגטקייטן. ווען אונדזער פּראָזע האָט אָנגעהויבן איינדאָרן שפּראַכלעך, ווייל די אויערן האָבן אויפגעהערט הערן אַ רעכט יידיש וואָרט, איז די יידישע פּאָעזיע געוואָרן דאָס קינד, וואָס האָט זיך אַ צעשפּיל געטאָן מיטן יידישן לשון. יידישע פּאָעטן האָבן געטאָן, וואָס דאָס אורקינד — אונדזער פאָלק — האָט געטאָן, ווען ס׳איז אַוועק פון רייכן מיט ווערטער אָנגעזויפּטן דייטש און זיך געפונען אויף אייגענע קעסט. ס׳האָט ערשט באַין ברירה געשאַפן אַן אייגן לשון. די אייגענע ליבע אָרעמקייט האָט געצוואונגען באַרייכערן דאָס יידישע לשון.

נאָך עפּעס: דער יידישער פּאָעט איז נישט דער געשטאַלטער פון פאָלק, נאָר דער טראַכטער פון פאָלק. האָט ער דערפאַר ווייניקער מורא, אַז דאָס פאָלק קערט זיך אום צו אים מיטן רוקן. מען קאָן זיינע יידישע רעיונות אים נישט איבערשלאָגן. דאָס אָרומיקע יידיש־שוויגן, די נעגאַ־טיווע באַציאונג צו זיין לשון, אָדער די פאַרקלייענטע באַהאַנדלונג פון זיין שפּראַך, איז אויף דעם אמת־יידישן פּאָעט נישט שולט. טראַכטן איז דאָס שמעלצפייער פאַר רייד, איידער זיי ווערן מיושבדיק און זיי קומען צום מויל אין דיסציפּלינירטער אָרדענונג.

דער יידישער פּאָעט נייטיקט זיך אָבער פאָרט אין אַ גוטן, שעצערישן לייענער, וואָס זאָל דעם פּאָעט נישט לאָזן צו פיל צעכראַסטען זיין עגאָ. דער יידישער פּאָעט מוז אויך תמיד זיין באַוואוסטזיניק ביי זיך איבער דער געשוואוירענער פאַרקנסטער ליבשאַפט; געבונדענע, געבונדענע פאַר־שטראָפטע ליבשאַפט — ווייל קנס מיינט דאָך שטראָף — צום יידישן לשון. דער דאָזיקער ערלעכער און געטרייער צובונד קאָן קלעקן אַ יידישן דיכ־טער אויף אַ גאַנץ שעפעריש לעבן.

ער מוז אין זיך בסדר איינזאַפּן די נערנדיקע קווינטעסענצן פון אַלע יידישע ווערטן. ער מוז תמיד אין זיין ליד זיין דער געשיכטלעכער פינצ־טער־זייגער פון — ווי שפּעט ס׳איז אין יידישן לעבן. ער מוז זיין דער פאַרצייכענער פון דער היסטאָרישער פרייד, מיט וואָס די צייט האָט אונדז

באַשערט און באַשווערט. ער איז מחויב צו טראָגן דעם עול פון פרייד און די משא פון ייִדישן ביטחון.

דער ייִדישער דיכטער טאָר נישט חוני־המעגלן אין אַן איינשלעפערנ־דיקער ליריק. ער האָט זיך נאָך קיין מאָל אַזוי נישט געניייטיקט אין וואַכ־זאַמקייט און אין אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פאַר זיין דיסציפּלינירט ליד. ער מוז אַנטקעגנגיין דער צייט, אָן מורא, אַז ס׳וועט אים אויספעלן אָטעם, אָדער, אַז ער וועט זיך, חלילה, קאַליע מאַכן דעם ליריש מאַגן. בלויז אין דער דערוועגעניש אַנטקעגנצוגיין דער צייט ליגט די האָפענונג פאַר דעם פּאָעט פון אונדזער צייט. די צייט אונדזערע האָט די פּאָעטן אַרויסגעשטעלט אויפן גאַס מיט זייערע פּאָעטישע בעבעכעס און חרוב געמאַכט אַלע קליינע לאַבאָראַטאָריעס, וואו מ׳האָט נאָך ליידנשאַפטלעך געקוועטשט פּאָעטישן האָניק. אויף דער גאַס פאָדערט מען פון אונדז מיר זאָלן געבן לשון, מיר זאָלן עפּעס זאָגן און נישט נאָר זינגען צוגעשניטענע זמירות, וואָס פּאַסן זיך נישט צום רומל און טומל. מיר האָבן נישט דער־וואַרט, אַז ס׳זאָל קומען צו אַזאַ גיכער עקסמיסיע פון די פאַרשטעקטע גראַמען־פאַבריקן, אָבער די צייט איז געקומען און אונדז אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. מען פאָדערט פון אונדז — און מיט רעכט — צו ווערן היינט־צייטיקע ביאַליקס, מאָריס ראָזענפעלדס, רייזענס, יאָ, און אַפילו — עדעל־שטאַטס און באָװשאָוערס, אָבער מיט דעם צוגאָב פון אַלץ, מיט וואָס די ייִדישע פּאָעזיע איז באַרייכערט געוואָרן דורך אירע שענסטע, שעפע־רישע יאָרן.

דער ייִדישער פּאָעט דאַרף זיך אויף ס׳ניי איינהערן — און ס׳זיינען דאָ בולטע סימנים, אַז דאָס ווערט שוין געטאָן אין אונדזער פּאָעזיע — אין די נייעסטע מעגלעכקייטן פון אַ דערנענטערונג צו העברעאיש. ייִדיש האָט זיך אין איר קינדהייט געראַטעוועט מיט אָט דער דערנענטערונג. מיר דאַרפן קאָנען שענקען העברעאיש פונקען פון אונדזער נסיונות־באַריי־כערטער פאָלקסטימלעכער פּיקחות; פון אונדזער גלייכווערטלדיקער, פאַר־טרויעריקטער פרייד, און מיר מעגן אַנטלייען ביי העברעאיש איר טיפע תמציתדיקייט, איר תנ״כישע רמזדיקייט. דאָס איז אַ בערך ניי געביט פאַרן ייִדישן פּאָעט, אויף דער קאַנווע פון גרויסע היסטאָרישע געשעענישן און גראַנדיעזע מעגלעכקייטן, פאַר דער נייער באַרייכערונג, פאַרזיכערונג און באַשיצונג פון אונדזער ייִדיש לשון.

(טאָג־מאָרגן זשורנאַל, סעפּט׳ 12, 17, 1969)

# „שטעטל״ אין ליטעראַטור

דער יידישער נאָוועליסט און דערציילער ח. איאַלטי איז געקומען צו אונדז אין אַמעריקע מיט אַ יאָר צען צוריק — פון דער גאַנצער וועלט. ער איז געווען אין שפּאַניע בעתן בירגערקריג, געלעבט אַ צייט אין פּאַריז, געוואוינט עטלעכע יאָר אין מאָנטעווידעאָ און זיך אויך אַריבערגעכאַפּט קיין ארץ־ישראל. מיט אַזאַ פיל־לענדערדיקער און פיל־שטעטישער דערפאַרונג האָט ער גלייך, מיט גרויס אימפּעט, אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן שטעטל אין דער יידישער ליטעראַטור. אָט דעם קאַמף פירט ער נאָך ביזן היינטיקן טאָג. ער האַלט, אַז אונדזער גאַנצע ליטעראַטור איז פאַרשטעטלט געוואָרן. זיין מיינונג איז, אַז דאָס זיכרונות־שטעטל האָט שוין געהאַט ביי אונדז גענוג באַזינגערס און דערציילערס, און מען דאַרף זיך נעמען צו וועלטטעמעס.

דאָס איז געוואָרן זיין קאַמף־אַרענע. ער ווערט שטאַרק אין כעס ווען ער זעט, אַז אויב מען זעצט איבער פון דער יידישער ליטעראַטור אויף ענגליש, פאַרנעמען דאָס שטעטל און די שטעטלדיקע מענטשן נישט נאָר דעם גאַנצן אייבנאָן, נאָר עס שטויסט אַרויס דאָס היינטיקע, דאָס ניי־וועלטישע. די יידישע ליטעראַטור ווערט נאָך אַלץ פאַרגעשטעלט פאַר דער וועלט, טענהט ער, ווי אַ ליטעראַטור פון בענקשאַפט נאָכן קליינעם שטעטל און זינגט זיך דערפאַר נישט אַריין אין גרויסן כאָר פון דער וועלט־ליטעראַטור.

איז דאָס אַ ברייטע און אינטערעסאַנטע טעמע. קודם כל, לאָמיר זאָגן, קאָן מען זיין גאַנץ גרויסשטעטיש, ווען מען שרייבט וועגן קליינעם שטעטל, און פאַרקערט, מען קאָן זייער פּראָווינציעל שרייבן וועגן גרויסשטאָטישע מענטשן. דערצו האָט דער יידישער שרייבער אַ גרויסע געטריישאַפט צו דער שטאָט אָדער שטעטל פון זיין געבוירן, פשוט דערפאַר, ווייל דאָס שטעטל איז זיין אָנשפּאַר אין אַ פרעמדער יידישער וועלט. וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַרגעסן דאָס יידישע לשון, דאָס לשון פון די עלטער־זיידעס און עלטער־באָבעס. שרייבן איז דאָך לשון, מענטשלעכע רייד. דער קינסטלערישער שרייבער לעבט דאָך מיט דעם ריטעם פון זיין לשון. ער זעצט זיך נישט איבער, נאָר ער רעדט פון זיך אַרויס אַלץ, וואָס דאָס לשון האָט אין אים פאַראוצרט, באַהאַלטן אין די קעמערלעך פון זיכרון. ס'איז קלאָר, אַז דער יידישער שרייבער, וואָס גראָבט טיף אין זיך

די באַהאַלטענע אוצרות פון לשון, מוז זיי אויסגראָבן צוזאַמען מיט די מענטשן און די מיילער, וואָס האָבן גערעדט דאָס לשון.

פאַראַן נאָך אַ סך אַנדערע סיבות פאַר וואָס די יידישע ליטעראַטור טיילט זיך נישט אָפּ און וועט זיך אַזוי גיך נישט שיידן פון דער שטעטל־ליטעראַטור. זאָל דאָ בלויז דערמאָנט ווערן דער פאַקט, וואָס נישט נאָר איז שטעטל ביי אונדז אַ בענקשאַפט נאָך אַ קינדהייט־ניגון. אַזוי איז עס טאַקע געווען. איצטער, נאָכן גרויסן חורבן, איז עס אויך קינסטלערישע אויפריכטונג. דער יידישער פּאָעט און דערציילער פון אונדזער דור איז פאַרשוואוירן צו דער גרויסער אויפגאַבע: צוריק אויפצובויען דאָס פאַר־חרובטע לעבן פאַר דער אייביקייט פון יידישן פאָלק.

שטעטל איז ביי אונדז בכלל אַלע מאָל געווען גייסטיקער באַגאַזש, וואָס מיר האָבן נישט געוואָלט אָוועקוואַרפן. אין אַלץ, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט דאָ אויפגעבויט און איבערגעפּלאַנצט, איז פאַראַן דער האַרץ־קלאַפּ פון שטעטל. אויף ב. אַלקוויטס דערציילונגען פון היגן לעבן רוט דער חן פון שטעטל. ער בויט זיינע היגע דערציילונגען מיט זיין קיין מאָל נישט־פאַרגעסענעם היימישן לשון — און דאָס גיט זיי צו אַן אייגנ־אַרטיקע אַטמאָספער. אפילו ווען ער „ענגלישט" זיין דיאַלאָג, זעט מען, אַז דער מחבר אַליין מאַכט זיינע גייסטיקע קאָמענטאַרן אין דעם לשון, וואָס ער האָט אויפגעהיט אין זיכרון.

גייט זיך די איבערזעצערישע ליטעראַטור פון יידיש איר גאַנג און זי האַלט זיך נאָך אַלץ ביי די פּאָלעס פון מענדעלע און שלום עליכם. דאַרף אַזוי זיין? אפשר איז אַיאַלטי פּאַרט גערעכט, אַז אַזוי דאַרף נישט זיין, אָבער אַזוי איז און אַזוי וועט נאָך זיין אַ לאַנגע צייט. מען וועט זוכן די לעבעדיקע יידישע וועלט ביי די גרויסע אַרכיטעקטן, וואָס האָבן זי אַ מאָל אויפגעבויט אין זייערע ווערק, און אין די ווערק, וואָס וועלן זי צוריקשטעלן און אויפריכטן פון פאַרוויסטונג און אָפּמעקונג.

זיינען נישט לאַנג צוריק דערשינען צוויי איבערזעצונגען פון קלאַסישע יידישע ביכער: „די קליאַטשע" פון מענדעלע מוכר ספרים, איבערגעזעצט פון משה שפּיגעל, און שלום עליכמס „פונעם יאַריד", איבערגעזעצט פון שלום עליכמס אייניקל, תמרה קאַהאַנאַ. אין ענגליש הייסן די ביכער — „דהי נעג" און „דהי גרעיט פעיר".

האָב איך אַנומלט געלייענט ממש אַ געזאַנג פון אַן ענגליש־יידישן פובליציסט וועגן די צוויי איבערזעצונגען פון יידישע קלאַסיקערס. די התלהבותדיקע קריטיק האָט געשריבן דער טאַלאַנטפולער קאָלומניסט

נ. זיפרין, רעדאַקטאָר פון „סעווען אַרטס פיטשור סינדיקעיט". ווען זיפרין איז געקומען קיין אַמעריקע, איז ער אין גאַנצן אַלט געווען עלף יאָר. ער איז, הייסט עס, אַן אַמעריקאַנער „באָי", וואָס האָט בלויז מיטגעבראַכט פון שטעטל — עלף יאָר, און פונדעסטוועגן זינגען נאָך די עלף יאָר ביי אים אין זיכרון. אַז ער זעט ווי אונדזער שטעטל כאַפּט זיך אַריין אין דער ענגלישער ליטעראַטור, כאַפּט אים אַרום אַ גרויסע פרייד, און ער גיט איבער די פרייד זיינע אין זיין לעבעדיקן גוטן ענגליש, וואָס האָט אַ יידישן טעם. איך אַליין געדענק שוין נייטן זיפרינען עטלעכע יאָר. ווי לאַנג איז עס, אַז מיר האָבן זיך ביידע באַגעגנט אין סיטי קאַלעדזש ביי אַן איינ־טריט־עקזאַמען? אין גאַנצן וואָסערע פערציק יאָר!

אָבער ס'איז שוין פאַראַן אויך אַ זיכרונות־ליטעראַטור אין ענגליש, וואָס דערמאָנט זיך אין דעם אמתן יידישן שטעטל, ווי ס'האָט עקסיסטירט נישט נאָר אין דערמאָנונגען פון יידישע שרייבערס, נאָר טאַקע ממשותדיק אויף דער היגער, אַמעריקאַנער ערד.

דער ענגליש־יידישער שרייבער טשאַרלס אַנגאָף שרייבט ברייט־לייווגטיקע, 600־זייטיקע בייכיקע נאָוועלעס. ווערט אין די נאָוועלעס געשילדערט די יידישע באָסטאָן פון קנאַפּע פערציק יאָר צוריק. דאָס געשילדערטע לעבן איז אמת שטעטלדיק און דעם מחבר געלינגט צו כאַפּן דעם בלאָנדזשענדיקן ניגון פון יידישן באָסטאָן, אויף וויפל ער האָט זיך געשמאַק געזונגען יידיש־שטעטלדיק מיט עטלעכע און פערציק יאָר צוריק.

ווען אַנגאָף איז געקומען קיין אַמעריקע פון מינסק, איז ער קוים אַלט געווען זעקס יאָר, און דורך אַלע ליטעראַרישע גילגולים זיינע, אַפילו דורך זיין ליטעראַרישער פאַרבינדונג און פריינדשאַפט מיט מענקענען, לעבט נאָך אין אים דאָס יידישע שטעטל, וואָס ער בויט אַריין אין אַמעריקע, און ס'לעבט אַפילו אין אים דאָס יידישע לשון, וואָס ער נוצט זייער געשיקט און ער באַשפּרענקלט דערמיט זיין דיאַלאָג.

אָבער לאָמיר דאָ דערמאָנען אַן אמתדיקן אַמעריקאַנער „באָי", פיליפּ רובין, וואָס זיין וויגעלע איז געשטאַנען אין האַרץ פון אַמעריקע — בוירלינגטאָן, ווערמאָנט, וואו די מאַמע האָט אים געזונגען יידישע וויג־לידער מיט עטלעכע און פופציק יאָר צוריק. זיין אַמעריקאַנישקייט האָט אים נישט געשטערט צו ווערן אַ יידישער זשורנאַליסט, אין יידיש און אויף ענגליש. ווי קומט עס, וואָס בוירלינגטאָן, ווערמאָנט, האָט אַרויסגע־געבן אַן אמת־יידישע פרי אויף ביידע שפּראַכן? מיר קריגן דעם ענטפער

אין אַ בוך זיכרונות, וואָס פיליפּ רובין האָט אָנגעשריבן. אַ קאַפּיטל דערפון „זינגענדיקע ייִנגלשאַפט" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם מיי־נומער פון „דזשואיש ספּעקטעיטאָר". כ׳ווייס נישט, צי איִאַלטי האָט געלייענט דאָס מחיהדיקע קאַפּיטל, אָבער די מחיהדיקייט באַשטייט אין דעם, וואָס פיליפּ רובין דעקט פאַר אונדז אויף, אין סאַמע האַרץ פון אַמעריקע, און אין סאַמע האַרץ פון דעם יענקישן גרינעם ווערמאָנט — אַן אמת־ייִדיש שטעטל, ס׳זאָל פעלן אַ האָר, ווי אין פּינסק, גראָדנע, מינסק, קאָוונע, לובלין, כעלעם אָדער ערגעץ אַנדערש אויף דער מאַפּע פון אונדזער צע־זונגענער און צעוויטיקטער אַלט־ייִדישקייט.

כ׳ווייס נישט, וואָס איִאַלטי וועט זאָגן, ווען דאָס בוך וועגן דעם ייִדישן שטעטל אין ווערמאָנט וועט דערשיינען. אָבער איִאַלטי וועט דאָרט לייענען פון אַן אַמעריקאַנער ייִדיש שטעטל, וואָס יעדער איינער האָט דאָרט געהאַט זיין צונאָמען ווי: לאַנגער משה; קליינער שמעון, און מען האָט פרייטיק פאַררוקט דעם טשאָלנט און וואו מען האָט נישט געבענקט נאָך דער אַלטער היים פשוט דערפאַר, ווייל די אַלטע היים איז געווען איבערגעפלאַנצט אין בוירלינגטאָן מיט אַלע ייִדישע וואָרצלען.

„האָסט געהערט, אסתר־רבקה האָט נעכטן שפּאַצירט שפּעט ביי נאַכט מיטן אַהרון־איציקן? נישט שיין!"

אַזוי פלעגט מען זיצן און רעדן היימישע רכילות אין בוירלינגטאָן. פיליפּ רובין האָט געהייסן פּיוול. אַז ער האָט זיך קליינערהייט געחברט מיט אַ מיידעלע חנהקע, האָט אים די מאַמע אונטערגעזונגען אַזאַ לידל:

ווי שיין איז כאַנקע, אַז פּיוול שטייט לעבן איר,
אַז פּיוול שטייט לעבן איר;
אָבער ווי ער גייט אַוועק פאַרלירט זי דעם קאָליר.
ווי שיין איז כאַנקע, אַז פּיוול שטייט פון וויטן,
ער וואָלט דאָך איר אַ קוש געטאָן,
שעמט ער זיך פאַר לייטן.

איך האָב דאָס ליד קיין מאָל נישט געהערט און אויך נישט געזען אין קיין זאַמלונגען פון ייִדישע פאָלקסלידער, אָבער ס׳איז זיכער אַ פאָלקס־ליד, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע ייִדישע פאָלקס־ניגונים זיך אָנגענומען אין בוירלינגטאָן, וואו אַלע קינדער האָבן פריי און מוטיק גערעדט ייִדיש.

פיליפּ רובין רעדט וועגן זיין קינדהייט ווי פון אַ „שטעטל" — אַן אָריגינעל אָבער הונדערט־פּראָצענטיק יידיש שטעטל אין אַמעריקע. הכלל, מיר וועלן נאָך אַזוי גיך, ווייזט אויס, פון שטעטל נישט אַנטלויפן. אַפילו אונדזערע אַמעריקאַנער באַיעס האָבן דאָ געפונען זייערע יידישע שטעטלעך אין אַמעריקע, מיט אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, יולי 1, 1955)

# די מיצווה פון אהבת ישראל

...אַהבת ישראל איז אַזוי אַלט, ווי דער יידישער גלות, און רעליגיעזע יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אַליינליבשאַפט איז אַ מיצווה און אַ חוב, ווייל ס'איז אַ קעגנגיפט צו אָפּפרעמדונג און אַסימילאַציע. אַהבת ישראל האָט בשום אופן נישט אויסגעמיטן מוסר, אַליינקריטיק, נאָר דער מוסר האָט קודם כל געמוזט האָבן אַ פונדאַמענט פון האַרציקער ליבשאַפט. בייזער, פרעמדער, פון אויבן־אַראָפּיקער מוסר, איז אונדז אַלע מאָל געווען דער־ווידער. מיר האָבן אויפגענומען ברידערלעכן מוסר, ליבשאַפטלעכע שטראָפרייד, אָבער נישט קיין שטראָף מכוח שינאה.

ר' לוי יצחק בערדיטשעווער איז ביי אונדז נישט געווען דער איינ־ציקער ליבהאָבער פון יידישן פאָלק. ער האָט בלויז דראַמאַטיזירט די האַרציקע ליבע, וואָס מ'דאַרף האָבן צום פיל־געפּלאָגטן פאָלק, כדי ער זאָל קענען אויסהאַלטן זיינע צרות און דערלעבן שענערע און בעסערע טעג.

צום באַדויערן, האָט דווקא אונדזער אינטעליגענץ נישט אַלע מאָל פאַרשטאַנען דעם טיפן זין פון אַהבת ישראל. זי איז געקומען צום יידישן פאָלק מיט פרעמדע און בייזע שטראָפרייד און זי האָט נישט איינגעזען, אַז בעת זיי קומען רעפאָרמירן און בויען, ברעכן זיי מער ווי זיי בויען.

...מיר האָבן זיך געשיצט קעגן בייזע אויגן פון דרויסן, אָבער די אינטעליגענץ אונדזערע האָט פאַר אירע שטראָפרייד, אפשר אַליין נישט

וויסנדיק, אַנטליען שינאה פון דרויסן. זי האָט נישט פאַרשטאַנען די גרויסע און טיפע באַדייטונג פון אַהבת ישראל — דעם חוב פון אַהבת ישראל. זיי האָבן אונדז רק פאַרגליכן מיט אַנדערע געזונטע פעלקער, וואָס האָבן געהאַט כוח אַרומצוטראָגן אויף זייערע פּלייצעס געזונטע שטראָפערס. אַפילו די פרומע מוסרניקעס האָבן נישט געכאַפּט, אַז אונדזער קראַנק פאָלק האָט פשוט נישט קיין כוח צו פאַרטראָגן אַזוי פיל האַרטן און האַרבן מוסר.

אונדזער גאַנצע משכילישע ליטעראַטור איז פול מיט בייזע שטראָף־רייד, וואָס איז דער אַבסאָלוטער היפך פון אַהבת ישראל.

כ'האָב שוין ערגעץ אַנדערש באַמערקט, אַז אַהבת ישראל אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור איז ערשט קוים אַלט אַ האַלבן יאָרהונדערט. אַהבת ישראל האָט אונדז געבראַכט שלום עליכמען, וואָס איז אַוועק פון מענדעלעס בייזקייט. ווען שלום עליכם וואָלט דאָס נישט געווען פאַרשטאַנען, וואָלט ער בלויז געווען אַ צווייטער מענדעלע און נישט דער גרויסער שלום עליכם אונדזערער. ער איז געקומען צו אונדז מיט פרייד, און אַפילו זיין מוסר האָט ער געוויקלט אין געלעכטער.

מענדעלע מוכר ספרים שילדערט אין זיין „פישקע דער קרומער” דאָס יידישע לעבן מיט אַזוי פיל האַרצלאָזער בייזקייט און פונדרויסנדיקייט, אַז ער האָט פאַרגעסן אין דעם וויכטיקן געבאָט פון אַהבת ישראל. דער גרוי־סער העברעאישער שריפטשטעלער עגנון פאַרמאָגט טיפע אַהבת ישראל, אָבער ביאַליק אַליין האָט אין עטלעכע לידער זיינע אַ ביסל צו־בייז גע־שטראָפט יידן, אָפּגעשפּעט פון זייער הילפלאָזיקייט, ווען די פּאָגראָם־קרבנות האָבן זיך נאָך געוואַלגערט אויף די גאַסן.

פאַר וואָס האָבן אונדזערע גדולים נישט אַלע מאָל פאַרשטאַנען, אַז ליבשאַפט צום יידישן פאָלק האָט געמיינט באַשיצן זיך? זיי האָבן עובר געווען אויף אַ שווערן נאַציאָנאַלן לאָו. צום גליק איז די גאַנצע יונגע אַמעריקאַנער יידישע ליטעראַטור פול מיט אַהבת ישראל. אַפילו אירע בייזקייטן זיינען געוויקלט מיט אַ זעלטענער גוטמוטיקייט.

דער ערשטער יידישער שרייבער, וואָס האָט אונדז געבראַכט אַהבת ישראל אין דער ליטעראַטור, איז געווען י. ל. פּרץ. אָבער אויך ער איז אין זיין ערשטער פעריאָדע נישט פריי געווען פון משכילישע בייזקייטן, וואָס זיינען געווען דער קעגנזאַץ פון ליבשאַפט צום יידישן פאָלק. אין זיין ערשטער פּאָעמע „מאָניש”, וואָס איז מיט 60 יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן און וואָס איז באמת געווען אַ דערשיינונג אין דער יידישער

פּאָעזיע, האָט אונדז פּרץ טאַקע, אין דער זעלביקער פּאָעמע, גלייך מזכה געווען מיט אַזעלכע שורות:

אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען
כ'זאָל פאַר גוים גוייש זינגען
נישט פאַר יידן, נישט זשאַרגאָן!
ס'האָט קיין רעכטן קלאַנג, קיין רעכטן טאָן,
ס'האָט פאַר ליבע, פאַר געפיל,
נישט קיין פּאַסיק וואָרט, קיין סטיל.
— — — — — — — — — — — — — —
קיין איינציק וואָרט איז צאַרט און גלאַט,
עס איז פאַר ליבע טויט און מאַט.
„הערצל", „זעלע", „שאַץ" און „שעצל"
ס'האָט אַ טעם ווי לאַקריץ פּלעצל.

אנגעהויבן מיט אַ פּאַרנעם, געקומען שרייבן אַ גרויס, עפּיש ליד און גלייך דערלאַנגט קלעפּ דעם זעלביקן יידיש, וואָס ער האָט שפּעטער אַזוי באַרייבערט און דערהויבן. ס'איז דעם גרויסן שרייבער נישט צו־גוט געגאַנגען מיט זיין פּאָעמע, האָט ער גלייך די שולד אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס פון „זשאַרגאָן", אָבער ערגער פון אַלץ איז, וואָס די שורות האָבן עובר געווען אויף אַהבת ישראל. געקומען צו אונדז זינגען און אונדז גלייך נישט פאַרגונען, וואָס ער זינגט פאַר אונדז און נישט פאַר גוים.

אין אַ ליד, וואָס י. ל. פּרץ, אונדזער גרויסער און טייערער פּרץ, האָט געשריבן אין 1891, רעדט ער צו דער „חיה" ישראליק אַזעלכע דיבורים:

דריי טויזנט יאָר שוין ביסטו מעלה גרה
אַן אָקס און שוואַך ווי אַ פליג.
אַ האָז אינעם לעבן, אַ פוקס אינעם האַנדל,
קומט מען דיך מעלקן — אַ ציג.
פון תנועות אַן אַף, דו צאַפּלסט — אַ פישל!
באַגראָבן, דו לעבסט ווי אַ קרעט!
און ווי אַ הונט ביסטו דיין שלעגער געטריי
און פאַלש ווי אַ קאַץ ביי'ן גלעט.
געוואָרגן אַ האָן און פּילסט זיך אַ טכויר
און ליידסט ווי אַן אייזל, אינמיטן
פלוצלונג — אַ קליאַטשע! באַקומסטו נאָר בייטשן,
קיין האָבער וויל קיינער נישט שיטן.

אַט דאָס אַלץ האָט אַריינגעכאַפּט דער אַרעמער ישראליק פון י. ל. פּרצן אין יענע צייטן, ווען ס'איז געווען אַ צייכן פון יידישער הויך־אינטעליגענץ עובר צו זיין אויף אונדזער גרויסן געבאָט פון אַהבת ישראל.

דעם 16טן יולי האָט דער „טאָג" געדרוקט אַן אַרטיקל פון ד"ר א. קאַראַלניק צום יאָרצייט פון ד"ר טעאָדאָר הערצל. דאָס איז אַ פיין געשריבן אַרטיקל, אָבער אין גוט באַקאַנטן סטיל פון דעם זייער טאַלאַנט־פולן שרייבער, וואָס האָט שיין געשריבן, אָבער מ'האָט ממש געזען, אַז ער פאַרגינט נישט דעם פאָלק ישראל זיין פערלדיקן סטיל. „אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען כ'זאָל פאַר גוים גוייש זינגען" — האָט אַלע מאָל אַרויסגעשריגן פון קאַראַלניקס שרייבן. כ'בין קיין מאָל נישט געווען קיין גרויסער חסיד פון קאַראַלניקן, ווייל ער איז אין זיין עצם שרייבן געווען אַ דרויסנדיקער, קאַלטער און גאַווהדיקער. ער האָט אונדז נישט פאַרגונען דעם גאַנצן קאַראַלניק, נאָר אַ דריי־פערטלדיקן. דאָס איבעריקע פערטל האָט שטענדיק פאַראיבל געהאַט אויף זיך אַליין, וואָס ער מוז שרייבן פאַר יידן. ער האָט מער ווי איין מאָל עובר געווען אויף דער מיצווה פון אַהבת ישראל.

און אַט האָט ער אין זיין אַרטיקל וועגן ד"ר טעאָדאָר הערצל זיך דערשריבן צו אַן אַבסורד, אַז הערצל איז געווען „דער איינציקער שיינער ייד פון אונדזער צייט". מאָלט אייך, נישט דער „צווייציקער" נאָר ממש דער סאַמע איינציקער.

דער היפּך פון שיינער ייד פון זיין צייט דאַרף דאָך אייגנטלעך זיין — מיאוסער ייד. שטעלט טאַקע קאַראַלניק אַוועק אַנטקעגן הערצלען אחד העמען. „מאָלט אייך, למשל, אחד העם אַלס פירער פון יידן. דער 'געטאָ־ייד', ווי ער שטייט אין בוך: קליין, שוואַך, פאַרטראַכט, מיט מעלאַנ־כאָלישע אויגן אין דעם גרויסן יידישן שטערן. ער אימפּאָנירט נישט. לאָזט קאַלט די פאַנטאַזיע. ער איז געדאַנק, לאָגיק, מוח."

ס'איז קלאָר, אַז קאַראַלניק רעדט דאָ וועגן קערפּערלעכער און גייסטיקער שיינקייט, און ס'איז אויך קלאָר, אַז ער האָט געמיינט אַריינצו־זאָגן ישראליקן, אַז מיר האָבן נישט פאַרמאָגט קיין שיינע יידן אין אונדזער צייט און אַז הערצל איז געווען דער איינציקער. אַ גאַנץ פאָלק בלויז מיט איין שיינעם מענטש. האָט קאַראַלניק אַזוי געהאַלטן? ניין, ס'האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן אַ קאַפּיטשקע שינאת ישראל.

אַהבת ישראל איז ערשט איצט, ווען מיר האָבן שוין מדינת ישראל,

אויף ס'ניי אַ יידישער געבאָט, וואָס מיר טאָרן אויף אים נישט עובר זיין. אַהבת ישראל אין דעם טייערסטן זין פון וואָרט, אויב מיר ווילן נישט איבערגעבן מיליאָנען יידן אין די הענט פון אָפּפרעמדונג און אַנטלויפונג. אָט ערשט איצט בייטיקן מיר זיך אין אַ שוצוואַנט און אַהבת ישראל איז אונדזערס אַ גוטע פעסטונג.

(מ"זש, יולי 24, 1949)

# דאָס יידישע געזאַנג

אין געוויסע קרייזן האָט לאַנג קורסירט אַ מיינונג, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט נישט געטאָן איר חוב צו ארץ ישראל און צו מדינת ישראל. די מיינונג האָט זיך שטאַרק איינגעבירגערט, ווייל די פאַרשפּרייטערס פון דעם דאָזיקן בילבול האָבן עס געהאַלטן אין איין איבערחזרן, און קיינער האָט זיך נישט גענומען די מי צו לייקענען די דאָזיקע באַשולדיקונג, וואָס איר אָנקלאָגע איז געווען אַ קלאָרע: יידיש קומט שניידן „קופּאָנעס", ווען אַלץ איז דערגרייכט, אָבער די יידישע ליטעראַטור איז געשטאַנען פון ווייטנס און נישט אַרויסגעוויזן דעם מינדעסטן אינטערעס אין דעם געדאַנק פון אַ יידישער מדינה. זי וויל איצטער קומען צום גרייטן, אַן שום פאַרדינסטן.

אָבער דער דאָזיקער בילבול וועט גאָר אין גיכן פּלאַצן און צעקלאַפּט ווערן אַזוי גרינטלעך, אַז מען וועט שוין מער נישט קאָנען באַנוצן זיך מיט דער טענה. גאַנצע צוויי גרויסע אַנטאָלאָגיעס זיינען שוין „אונטערוועגנס", און ביידע גרויסע זאַמלונגען וועלן באַווייזן, אַז יידישע פּאָעטן האָבן געזונגען הונדערטער לידער וועגן ארץ־ישראל; און אין אַפילו אין די צוועלף יאָר פון מדינת ישראל האָט שוין די יידישע ליטעראַטור אָנגעזאַמלט אַ היפּש פאַרמעגן מיט געזאַנגען וועגן און צו דער יידישער מדינה. די אַנטאָלאָגיעס וועלן נאָך באַווייזן, אַז יידישע דיכטערס האָבן מער באַזונגען ארץ ישראל, ווי העברעאישע פּאָעטן. ס'איז פשוט אומ־

מעגלעך אין איינער אָדער אין צווי גרויסע זאַמלונגען אויסצושעפּן די טעמע: ארץ ישׂראל אין דער יידישער ליטעראַטור. אַלץ וואָס מ׳קאָן געבן איז אַן אָפּשפּיגל, אַן אָפּקלייב.

פאַר אַ סך קלינגט עס אפשר אומגלייבלעך, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט אַרויסגעוויזן מער בענקשאַפט צו ארץ ישׂראל, ווי די העברעאישע, אָבער ס׳איז נאַטירלעך, ווייל העברעאיש האָט געזעטיקט איר בענקשאַפט — מיטן לשון אַליין. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין פּאָעט, פון פּרוגן אָן, אַז ער זאָל פּאָעטיש נישט ווענדן די אויגן צום מיזרח, נישט נאָר מיט תנ״כישע מאָטיוון, וואָס דאָס איז, אייגנטלעך, אויך ארץ ישׂראל, נאָר דירעקט מיט אַ „ציון הלא תשאלי״ אויף פאַרשידענע שטייגערס. אָבער די גרעסטע איבעררעשונג פאַר סקעפּטיקערס וועט זיין, ווי געזאָגט, אַז אין דער קורצער צייט פון צוועלף יאָר האָט שוין די יידישע ליטעראַטור, און דאָס שליסט איין פּראָזע אויך, אָנגעזאַמלט אַ גאַנצע עשׂירות, נישט נאָר מיט איינצלנע זאַכן, נאָר מיט ביכער גאַנצע וועגן מדינת ישׂראל. יאָ, מ׳וועט עס אין גיכן דערזען און איבעררעשט ווערן.

שרייב איך עס אַנטקעגן דעם, אַז ס׳איז בכלל נישט מעגלעך קיין איין גרויסע טעמע אין יידישן לעבן, אָדער אין לעבן פון דער גאַנצער מענטשהייט, אַז די יידישע ליטעראַטור זאָל זיך האָבן אומגעקערט דערצו מיטן רוקן. דאָס יידישע ליד איז געווען וואַך.

ס׳עפנט ממש די אויגן, ווען מען גיט אַ טראַכט, ווי לעבעדיק דאָס יידישע וואָרט איז געווען, ווי רירעווודיק און ווי שפּילעוודיק, קאָן געזאָגט ווערן צום גראַם. דאָס יידישע ליד האָט זיך נישט פאַרשטאָפּט די אויערן צו קיין וויכטיקער טעמע.

אַט פייערט די גאַנצע יידישע וועלט איצטער 200 יאָר נאָך דער פטירה פון בעל שם טוב. האָט ווער אַ טראַכט געטאָן וויפל לידער וועגן חסידות ס׳איז פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור? מ׳קאָן ווידער אויפקלייבן אַ גרויסע זאַמלונג, וואָס זאָל הייסן חסידות אין דער יידישער ליטעראַטור; און אויב מ׳זאָל אין דעם אַרייננעמען אויך פּראָזע, קאָן מען עס נישט אויסשעפּן מיט קיין צענדליקער בענדער. אין אַזאַ זאַמלונג וועלן אויך אַריין אַ סך דירעקטע שאַפונגען וועגן און אַרום בעל שם טוב. אָבער דער עיקר וועט עס זיין אַ מאָנומענטאַלער באַווייז פון דער פאַר־קניפּונג מיט חסידות, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט דערגרייכט. אין דעם פּרט קאָן מען ווידער אָנהייבן פון די ראשונים, פון די סאַמע ערשטע יידישע שרייבערס און דערגיין ביז די סאַמע לעצטע. נאָך מער: בעת

די העברעאישע ליטעראַטור האָט נאָך אָפּגעהוזקט פון חסידים, האָט שוין די יידישע ליטעראַטור אַנטוויקלט אַ וואַרעמע פאַרשטענדעניש פאַר די יסודות פון דער דאָזיקער גייסטיקער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן.

ווי וויט עס איז פון „עיט צבוע" — אין צייט — ביז י. ל. פּרצעס חסידישע מעשיות? כמעט אין איין צייט האָט דער איצט אָנערקענטער פאָטער פון דער העברעאישער ליטעראַטור אַרויסגעשטעלט אַ שווינדלערישן רבין און אים באַשאָנקען מיט אַלע „גוטע" מעלות, און דער אָנערקענטער פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור האָט זיך מיט זיינע חסידישע און פאָלקסטימלעכע געשיכטן דערגראָבן צום וואַרעמען און וואַרצלדיקן תּוך פון חסידות.

מ'קאָן זאָגן, אַז אַפילו שפּראַכלעך איז חסידות מער פאַרבונדן מיט יידיש, ווי מיט העברעאיש. דער מקור פון זאַפטיקן יידיש ליגט אין חסידישע מעשיות, און די יידישע ליטעראַטור איז טאַקע צוגעפאַלן צו דעם דאָזיקן קוואַל און אים באַזונגען. פּרץ, דער רעוואָלוציאָנער אין יידישן לעבן, פּאַקטיש אַ קלאַסן־באַוואוסטער רעוואָלוציאָנער, האָט קינסטלעריש אויפגעהויבן חסידות צו די העכסטע הייכן.

די יידישע ליטעראַטור האָט געמאַכט אַ יום־טוב אַרום חסידישע טעמעס און אַלע פּאָעטן זיינען געגאַנגען אין די דרכים פון פּרצן און נישט געהוזקט, נאָר געבענטשט און באַזונגען. אַזאַ סאָציאַליסטישער פּאָעט ווי אַ. ליעסין האָט וועגן חסידות געזונגען און געשריבן מיט אמת חסידישער התלהבות.

און זאָל מען וועלן אויסברייטערן די טעמע חסידות און רעדן וועגן אמונה בכלל, קאָן מען פון דער יידישער פּאָעזיע אַרויסקריגן אַ ריזיקע אַנטאָלאָגיע פון רעליגיעזע לידער. נישטאָ דער יידישער פּאָעט, וואָס האָט זיך נישט געווענדט צום רבונו של עולם און האָט בכלל נישט באַזונגען דעם פלאַקער פון יידישער אמונה. דאָס איז אויך אַ מערקווירדיקע דערשיינונג. די נייע יידישע ליטעראַטור איז געבוירן געוואָרן אין צייטן, ווען אמונה האָט נישט געהאַט קיין צו־באַקוועמען אַנהאַלט. וועלטזיילן האָבן זיך געשאָקלט. דער ניינצנטער יאָרהונדערט האָט געמאַכט פּלאַץ פאַר דעם ליכטיקן (מישטיינס געזאָגט!) צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און ס'האָט געהייסן, אַז מען וואַרפט אַרונטער אַלערליי קייטן פון זיך.

אָבער סיי די יידישע פּאָעטן, סיי די יידישע פּראָזע־קינסטלערס האָבן זיך מיט אײדעלע הענט צוגערירט צו דער טעמע אמונה בכלל, מכל שכן צו דער יידישער אמונה. די „פרייע" יידישע ליטעראַטור, די וועלטלעכע, האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויסע רעליגיעזע אַנזאַמלונג. די גאָטלאָזע לידער

(אַ חוץ אין סאָוועטן־פאַרבאַנד) דאַרף מען זוכן מיט ליכט. „אַפּיקורסים" האָבן געשריבן יידיש־רעליגיעזע לידער. יידישע אַפּיקורסישקייט האָט זיך פּשוט נישט אָנגענומען אין דער יידישער ליטעראַטור. די זעלביקע באַוועג־גונג־שרייבערס, וואָס האָבן געקעמפט מיטן מויל קעגן רבונו של עולם, האָבן אים קינסטלעריש געדינט מיט דער פּען. די יידישע ליטעראַטור איז ביי איר גאַנצער וועלטלעכקייט פאַרבליבן רעליגיעז.

נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, דעם אומקום פון אייראָפּעאישן יידנטום, האָבן זיך דאָ און דאָרט געהערט איינצלנע אויסגעשרייען און מורמלערייען קעגן גאָט, אָבער די דערשיינונג איז געווען אַ קליינע און פאַרבייגייענדיקע, און אַזאַ מין מתרעם זיין איז אויך אין דער טראַדיציע פון דער יידישער אמונה.

יידיש האָט זיך תמיד געשריבן אין ריינקייט און אין דערהויבנקייט. דאָס יידישע לשון האָט געהאַט אידעלע פינגערס און ס'האָט זיך נישט געקאָנט צורירן וואולגאַר צו דער יידישער רעליגיע, אָדער בכלל צו רעליגיעזע מאָטיוון. אַ סאָציאַליסטישער רעדנער האָט געקענט עפענען דאָס מויל און לעסטערן, אָבער ער האָט דאָס קינסטלעריש נישט געקאָנט אָנשרייבן. ווען דוד בערגעלסאָן האָט ביי זיך געפועלט צו לעסטערן יידישע אמונה, כדי נושא חן צו זיין ביי זיינע סאָוועטישע הערן, זיינען אַלע יידישע שרייבערס שאָקירט געוואָרן פון דער פּען־הפקרות. די פרומע יידישע פּען האָט קיינעם נישט געקאָנט געבן קיין רשות, אַפילו אירע גרעסטע מייס־טערס, צו זיין וואולגאַר אויף דעם חשבון פון דער יידישער אמונה.

...און אַז מען קומט צו די אַזוי־גערופענע ברייטע מענטשלעכע טעמעס, קאָן מען אָנרופן יעדע טעמע און אַרום איר שאַפן אַ גרויסע זאַמלונג פון יידישע לידער און פּראָזע. די יידישע ליטעראַטור האָט גע־שטרעקט אירע הענט אומעטום און געקוקט אויף דער וועלט מיט אָפענע אויגן. ס'איז נאַטירלעך, אַז די פּראָזע זאָל זיין הינטערשטעליק לגבי דער פּאָעזיע, ווען ס'קומט צו באַלדיקער, בליציקער רעאַגירונג.

...מ'קאָן שאַפן אַ גרויסע היסטאָרישע אַנטאָלאָגיע פון אונדזער נייער צייט אויפן סמך פון יידישע לידער, ווייל די יידישע פּאָעזיע איז געשטאַנען מיטן פּנים צו דער צייט און זי האָט זיך נישט באַנוגנט מיט קייען גראָז און שמעקן בלומען. מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ דיכטער פון דער צייט. אַלע יידישע און מענטשלעכע פּראָבלעמען פון זיין עפּאָכע האָט ער „געדעקט" אין זיינע לידער. ש. פרוג, א. ליעסין, אַברהם רייזען, האָבן גוט

דורכגעאַקערט די יידישע צייט, מיט אַלע אירע פּראָבלעמען און זי אָפּגע־שפּיגלט אין זייערע לידער.

מ׳קאָן שאַפן אַ גרויסע סאָציאַליסטישע אַנטאָלאָגיע פון יידישע לידער, אַ שיבת ציון אַנטאָלאָגיע, אַן אַנטאָלאָגיע פון בלויז אוניווערסאַלע טעמעס, וואו דער ייד זאָל כלומרשט נישט שפּילן קיין ראָלע, נאָר ס׳זאָל רעדן די גאַנצע מענטשהייט. כ׳זאָג כלומרשט, ווייל ס׳איז כמעט אוממעגלעך פאַר אַ יידישן פּאָעט צו זיין אַ נאַציאָנאַל־אַנאָנימער מענטש. ער מוז זיך אַרויסכאַפּן מיט זיין יידישקייט.

רופט אָן וואָסער וויכטיקע טעמע איר ווילט נאָר אַליין און כאַפּט אַ שפּאַציר דורך דער יידישער פּאָעזיע און איר וועט אָנזאַמלען צענדליקער, אויב נישט הונדערטער לידער, אויף אייער אויסדערוויילטער טעמע. די יידישע פּאָעזיע האָט מער ווי אַלע פּאָעזיעס אויף אַלע אַנדערע וועלט־לשונות געשריבן קינות אויף דער גרויזאַמער היטלער־תקופה. אַז ס׳קומט צו אונדזערע זעקס מיליאָן קרבנות, זאָגט די קריסטלעכע וועלט, אַז דאָס איז אַן אַלגעמיינע קאַטאַסטראָפע פאַר דער מענטשהייט, דערפאַר זיינען די יידישע קרבנות נישט אויסגעטיילט געוואָרן ביז דעם אַרעסט פון דעם אַשמדאי אייכמאַן. אָבער פונדעסטוועגן האָט די וועלט־פּאָעזיע אַזוי נישט באַקלאָגט דאָס דאָזיקע אומגליק פאַר דער מענטשהייט, ווי די יידישע פּאָעזיע, וואָס מאָנט געדענקעניש, כדי ס׳זאָל אַזוי לייכט נישט פאַרגעסן ווערן.

די פּאָעטערס פון דער יידישער ליטעראַטור, פּאָעזיע און פּראָזע, זיינען געווען טיף־עטישע מענטשן און די גאַנצע מאַפּע פון עטיק האָט זיי אינטערעסירט. מ׳קאָן פון די ווערק פון מענדעלען, פּרצן און שלום עליכמען אַרויסקריגן אַ גאַנצן מוסר־ספר סיי פאַר יידן, סיי פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

מיט אַ צייט צוריק האָט מען אויף טעלעוויזיע דאָקומענטירט, אויף אַן איינדרוקספולן אופן, די סאַקאָ־וואַנזעטי־טראַגעדיע, וואָס איז פאַרבליבן אַ פלעק אויף דער אַמעריקאַנער יוסטיץ. די יידישע פּאָעזיע האָט בשעתו רעאַגירט אויף דעם ריזיקן יוסטיץ־פאַרברעכן. פּראָפּאָרציאָנעל זיינען אין דער יידישער פּאָעזיע געשריבן געוואָרן מער לידער וועגן סאַקאָ־וואַנזעטי ווי אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. דאָס יידישע פּאָעטישע וואָרט האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם אומרעכט, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע וועלט.

דאַרף מען דאָס תמיד געדענקען: די יידישע ליטעראַטור בכלל און

די יידישע פּאָעזיע בפּרט איז הומאַניסטיש און טיף נאַציאָנאַל אין דער זעלביקער צייט, אוניווערסאַל און ארץ ישראלדיק, וועלטלעך און רעליגיעז און חסידיש אין איר סאַמע עצם.

(טאָג־מאָרגן־זשורנאַל, יוני 23, 1960)

# קריטיק פאַר אַ נאָווינע

...אַ יידישער בוך־מבין — אַ טערמין, וואָס איז געצויגן ברייט איינצו־שליסן פון אַ קריטיקער ביז אַ געוויינלעכן אינטעליגענטן לייענער — מוז ביי אונדז קאָנען אויפנעמען און אָפּנעמען אַלערליי ביכער און אפילו ספרים און זיין גרייט צו זאָגן וועגן זיי אַ מיינונג. איך באַקום פון צייט צו צייט אַ סך ספרים און חיבורים מיט דרשות, חידושים, פשטלעך, און די מחברים פאָדערן פון מיר אַ רעצענזיע, נישט אַנדערש ווי אַ רעצענזיע, אַן אָפּשאַ־צונג פון זייער אַרבעט; ווייל אַ ספר איז טאַקע אַ ספר, אָבער ס׳איז אויך אַ בוך און אַ יידישער שרייבער וועגן ביכער דאַרף אויף אַלץ זיין אַ מבין.

וועגן ביכער איז אוודאי נישט שייך, אַלע באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטן פאַרשווינדן, נישטאָ קיין ספּעציאַליטעטן. ביי אונדז קריגט אַ קריטיקער ביכער וועגן מוזיק, געשיכטע, וויסנשאַפט, פאָרשונג, פילאָסאָפיע און אַלץ גייט אַריין אין גדר פון — אַ בוך. די באַזונדערע ספּעציאַליטעטן ווערן צעשמאָלצן און דער קריטיקער מוז זיין אַ כל־בו, אַן אַלצוויסער און אַלצ־פאַרשטייער; און צו די אַלע מעלות מוז ער נאָך זיין אין שטאַנד וועגן יעדער באַזונדערן בוך צו שרייבן אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג.

אייגנטלעך, איז עס אַ גאַנץ קאָמפּלימענטאַרער ענין, ווען דער בוך־מבין גיט אַן עפּן אויף אַ פּעקל און ער געפינט דאָרט, למשל, עטלעכע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, געשריבן אין דער שפּראַך פון מוזיק און דער קאָמפּאָזיטאָר בעט — אַ רעצענזיע. די אָנגענומענע מיינונג ביי טייל מחברים, אַז דער קריטיקער איז אַזאַ ענציקלאָפּעדישער וויסער, איז אַן אינטערעסאַנטע אילוזיע, וואָס ס׳איז נישט לטובת דעם צעך דערפון עפּעס

אָפּצודינגען, אָבער אַ מאָל קאָן עס דערגרייכן צו אַזעלכע ספּעציאַליטעטן, וואָס ס׳גייט אַריבער אַלע גרענעצן. כ׳האָב שוין, דאַכט זיך, דערציילט, אַז כ׳האָב אַ מאָל באַקומען אַ חיבור וועגן אַ נייעם צוגאַנג צום טעכנישן פּראָצעס פון מל־זיין. דער מחבר האָט אַפילו גערעדט וועגן אַ נײַ אויסגע־פונענער מאַשינקע. איז עס אַלץ געווען שיין און פֿיין, אָבער די שוועריקייט האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער פּאַטענטירער פון שפּאָגל־נײַעם ברית־אַברהם־אופן האָט געפאָדערט פון מיר אַ — אַ רעצענזיע.

וויל איך דאָ דערפאַר מאַכן אַ שטיקל התנצלות און בפירוש אָפן און דעמאָנסטראַטיוו זאָגן, אַז הגם איך באַטראַכט זיך פאַר אַ נישקשהדיקן לייענער פון אַלערליי ביכער, אויף אַ סך געביטן, ווערט אָבער מײַן מבינות מייסטנס פאַרגליווערט אין בוך גופא. איך פאָלג נאָך דאָס בוך — לייענ־דיק און מיט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט אויף וויפל דאָס בוך רופט אין מיר אַרויס, אָבער — אָפּגעלייענט און איך בין געווײַנלעך פּאַרטיק. ווען עמעצער זאָל בײַ מיר פאָדערן אָפּשאַצונגען פון אַכציק פּראָצענט ביכער, וואָס מיר קומט אויס צו לייענען, און וואָס איך לייען אַפילו מיט דעם שאַרפסטן אינטערעס, וואָלט מיר שווער געווען וועגן זיי צו שרײַבן, פּשוט דערפאַר, ווײַל שרײַבן וועגן אַ בוך מיינט טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מיט דעם בוך גופא בלויז אַ טיילווייזע שותפות. ס׳מיינט אויפבויען אַן אייגענעם בנין, ס׳מיינט שרײַבן אַזוי, אַז איך זאָל קודם־כל נישט פאַרשע־מען זיך אַליין. דאָס איז אַ באַזונדערע וועלט, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען פון אַ געלייענט בוך, איז אָפט אינספּירירט פון אַ בוך, אָבער עס מוז ווערן דער זעלביקער מיטל פאַר זיכאויסדרוק, ווי יעדער שעפערישער מעטאָד. און פּונקט ווי נישט אַלע שטימונגען און אַפילו אָנרעגונגען קאָנען פאַר־וואַנדלט ווערן אין לידער, אַזוי קאָנען נישט אַלע ביכער גורם זיין דעם שעת הכושר, אַז דער שרײַבער זאָל קאָנען אי שרײַבן וועגן בוך, אי אַרויסשרײַבן פון זיך אַליין אַלץ, וואָס ליגט אים אויף דער לונג. אָפּגערעדט, אַז געוויסע ספּעציאַליטעט־ביכער שאַפן גלײַך אַ מחיצה צווישן דעם ספּעציאַליזירטן בוך און דער שרײַבערישער וועלט פון דעם שטייגער בוך־מבין, וואָס באַטראַכט זײַן אַזוי־גערופענע מבינות־זאַגערײַ ווי אַ טייל פון זײַן אייגענער שעפערישער באַשערטקייט.

אַזאַ שטייגער קריטיקער האָט בטבע אַ געפיל פון דאַנק פאַרן בוך, וואָס רופט יאָ אין אים אַרויס אַלע פעאיקייטן און טאַלאַנטן, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר אים. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם זײַנען פאַרוויקלט גאָר אַ סך פאַרוויקלענישן. לאָמיר נעמען אַזאַ וויכטיקע פּראָ־

בלעם ווי — עטיק. בעת דער קריטיקער קינסטלערט אויף דעם חשבון פון אַ מחבר, איז ער מחויב אויסצודריקן זיין אייגענעם אמת, אָבער עס מוז זיין אַן אמת, וואָס ליגט אויך אין בוך. מיט אַנדערע ווערטער, סיי לויב, סיי אומלויב מוזן אַרויסוואַקסן פון בוך אויף אַן ערלעכן, אומפּניות־דיקן אופן. דער שעפערישער קריטיקער — לאָמיר אים אַזוי רופן — מוז זיין טאָפּלט געהיט. ער פּאַרט אַוועק פון בוך אויף זיין אייגענעם געשפּאַן, אָבער ער מוז דעם אַראָמאַט פון בוך מיטנעמען און בלייבן געטריי צו דעם, וואָס ער האָט מיטגענומען ווי אַ באַגלייטער אויף זיין אייגענעם וועג.

אַן אמתער שעפערישער קריטיקער קאָן בטבע נישט זיין קיין רשע. ווען די רישעות שטעקט אַרויס פון דער קריטיק, טוט זיך דער קריטיקער אַליין קיין טובה נישט, זיין אָפּשאַצונג ווערט — פּאַסקוויל; און ער, דער קריטיקער, געווינט גאָרנישט דערפון. דערפאַר ווערט אַ שעפערישער קריטיקער בטבע מער לויבן און אַפילו אַריבערלויבן ווי אַרונטעררייסן. ווען ער מוז זיך שוין באַציען נעגאַטיוו צו אַ בוך, דאַרף ער באַווייזן, אַז ער טוט עס מיט באַציאונג און פּיעטעט אי צום שרייבער, אי צום געשריבענעם וואָרט. אַפילו ווען מען טוט ווי אַ שרייבער, דאַרף מען אים שפּעריש ווי־טאָן, אַז דער געקריוודעטער זאָל מוזן איינזען, אַז ס׳גייט אין גרויסע זאַכן, וואָס לאָזן זיך נישט אַראָפּדינגען.

רישעות אין קריטיק פירט צו סטיללאָזיקייט, ווייל רישעות איז אַ באַזונדער „געביט״, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט ליטעראַטור אָדער בכלל מיט שעפערישקייט. ס׳קומט אַרויס פון אַן אינערלעכער ביטערקייט און איז געוויינלעך אַ פּסיכישע קראַנקייט, וואָס אירע סימפּטאָמען זיינען אַן אינערלעכע פוילעניש. אָט די פוילעניש איז געוויינלעך אַן אַבסטראַקציע און ס׳עפנט בלויז אַ קעמערל צו זיך אויף דער סאָפע פון פּסיכיאַטער. אָבער ווען דער רשע לייזט נאָך פון שרייבעריי און זיין גאַנצע רישעות גייט אַריין אין קריטיק, ברענגט ער אַרויס פון זיך די גאַנצע אינערלעכע פוילעניש, וואָס צעלייגט זיך אין זיין שרייבן, ווי ביים טאָטן אין ווייגאָרטן. די סימנים פון אַזאַ רשע זיינען, וואָס זיינע שורות גיבן קיין מאָל נישט קיין שמייכל, אַ גלעט, נאָר זיי זיינען תמיד אויסן צו גיפטיקן און צו בייסן. אַפילו ווען ער זאָגט שוין יאָ אַ גוט וואָרט, וואַרפט ער עס צו ווי אַ קופּערנע נדבה.

דער קריטיקער, וואָס איז נישט קיין רשע, שרייבט תמיד מיט אַ געוויסער פרומקייט, ווייל ער ווייסט ווי שווער עס איז צו זיין אַ גוטער

שרייבער. דער עיקר גערעדנקט ער, אַז מען טאָר נישט באַלײדיקן דעם קריטיקירטן שרייבער מיט אַ נאָכלאָזיק־אָנגעשריבענער קריטיק. דער קרי־טיקער דאַרף זיך געבן די מי, אַז דער קריטיקירטער זאָל הנאה האָבן פון אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיך, אַפילו ווען ער זאָל עס נישט וועלן צוגעבן. פאַרשטייט זיך, הנאה מוז דאָ געגומען ווערן מיט מער ווי אַ שטויבעלע זאַלץ. אויב דער קריטיקירטער האָט דערוואָרט אַ סך לויב און ער קריגט דאָס פאַרקערטע, איז זיין הנאה נישט אַזאַ, וואָס צעגייט זיך אים אין די ביינער, נאָר אַ הנאה, וואָס עסט זיך איין אין די ביינער און ער לערנט אַ מאָל עפּעס דערפון, אַפילו ווען ער וויל עס נישט צוגעבן.

(אידישער קעמפער, אויג׳ 16, 1963)

# „גראָבע רייד״ אין ליטעראַטור

אין אַמעריקע איז שוין אין גאַנצן פאַרשוואונדן די פּראָבלעם פון פּאָרנאָגראַפיע אין דער ליטעראַטור. מען האָט אַזוי לאַנג זיך געקאַמפּפערט יורידיש און קינסטלעריש וועגן אַ דעפיניציע פון פּאָרנאָגראַפיע, אַז דער ביכערמאַרק איז ביסלעכווייז פאַרפלייצט געוואָרן מיט פּאָרנאָגראַפישער ליטעראַטור. כאָטש מען הערט נאָך פון צייט צו צייט אין רעליגיעזע און אין געוויסע בירגערלעכע קרייזן איינווענדונגען און דראָאונגען, אַז אָט און מען וועט זיך אַ נעם טאָן צו פּאָרנאָגראַפישע ביכער, אָבער די ביכער־פאַרלעגערס טוען דאָס זייעריקע און זיי גיבן אַרויס וואָס מער אַזעלכע ביכער.

די באַרימטע יונגע שרייבערס האָבן שוין לאַנג אויסגעקעמפט פאַר זיך די רעכט צו שילדערן געשלעכטלעכע סצענעס, מיט אַלערליי איינצל־הייטן; און וועגן רייד איז שוין מער — קיין רייד נישט. ווערטער, וואָס מען פלעגט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק נישט באַנוצן אין אַ מער־ווייניקער אָנשטענדיקער — און אַוודאי נישט אין אַ געמישטער — גע־זעלשאַפט פון מענער און פרויען, ווערן פראַנק און פריי אַריינגעלייגט אין

מיילער פון העלדן פון אַ בוך און דער מחבר אַליין וואַרפט אויך אַריין אַן אייגן וואָרט, וואָס איז נישט קיין שיפּע־זיבעלע.

אַ מאָל האָט מען געקעמפט פאַר פריַיהייט פון מיינונגען, דערפון איז געוואָרן פריַיהייט פון אויסדרוק און דאָס איז גיך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער פריַיהייט זיך אויסצודריקן — ווי מען וויל. אַ באַרימטער און גענייטער אַמעריקאַנער יוריסט האָט נישט לאַנג צוריק פאַרטיידיקט די דאַזיקע פריַיהייט פון פאָרנאָגראַפיע אונטערן מאַנטל פון — קאָנסטיטוציאָנעלער פריַיהייט. יעדער מענטש איז געבוירן געוואָרן פריַי, זאָגט די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, און די אַדוואָקאַטן פון פּאָרנאָגראַפיע לייגן־צו, אַז ער איז אויך געבוירן געוואָרן פריַי אויפצועפענען דאָס מויל און לאָזן הערן פראַנק און פריַי עפּנטלעך אַלץ, וואָס קומט אים אין מויל און אַריינלאָזן די אַלע ווערטער אין זיינע ביכער.

ביים היינטיקן טאָג זיינען שוין די ערשטע ביכער, וואָס האָבן געמוזט קעמפן פאַר זייערע עטלעכע נישט־צניעותדיקע זייטלעך מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, אַנשטענדיק און עלעגאַנט לגבי די ביכער, וואָס דערשיינען איצט און וואָס שטייגן איינער דעם אַנדערן אַריבער אין ניבול־פה אָדער ניבול־פּען. אַמאָליקע צייטן פלעגט מען אַזעלכע ביכער אַריינשמוגלען פון פּאַריז, היינט שמוגלען שוין אַמעריקאַנער זייערע ביכער קיין פראַנקרייך. דאָרט איז שוין לעצטנס אויפגעהויבן געוואָרן אַ געשריי וועגן שמוץ אין דער ליטעראַטור.

פעני היל, די ענגלישע פּראָסטיטוטקע, וואָס דערציילט אירע דערפאַרונגען, זעט שוין אויס ווי אַן אמתע צנועה אַנטקעגן די נייסטע ביכער אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. אירע אַזוי־גערופענע אינטימע שילדערונגען ווערן שוין פאַרקויפט אויף גראַמאָפאָנישע „רעקאָרדס" און זיי ווערן דעקלאַמירט פון אַקטיאָרן און אַקטריסעס. די אַנאָנסן וועגן די דאָזיקע „פּלאַסטינקעס" ווערן אַנאָנסירט אין די אַנשטענדיקסטע ליטעראַרישע ביילאַגעס. עס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן פרואוון אַריבערצוטראָגן די דאָזיקע געשריבענע און געדרוקטע פריַיהייט — אויף דער בינע אַרויף. ביינערייד זיינען שוין באַלד נאָענט צו דער נייער פריַיהייט פון ביכעררייד, אָבער ביסלעכווייז ווערן געמאַכט פרואוון אַרויפצוברענגען אויף די טעאַטער־ברעטער אויך פריַיע אַקציע, וואָס וועט מסתמא זיך דורכברעכן אַ ברייטן וועג און עס וועלן זיך געפינען גענוג אַדוואָקאַטן, וואָס וועלן עס פאַרדעקן מיט אַ מענטעלע פון דער קאָנסטיטוציע.

...אונדזער יידישע ליטעראַטור איז, נעבעך, הינטערשטעליק און זי

דערלויבט זיך נישט דעם לוקסוס פון אַזאַ פרייהייט פון שפּראַך און פון פרייער שילדערונג. אינטערעסאַנט, אַז אונדזערע אַלטע מכירת־יוסף שפּילן זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט פּאָרנאָגראַפיע און גראָבע רייד. אָבער אין יענער צייט זיינען אויך אין די טעקסטן פון פרעמדע ליטעראַטורן געווען אַ סך פּאָרנאָגראַפישע אויסדרוקן. אין שעקספּירס סאַלאָן־שמועס זיינען פאַראַן אַ סך פרייע אויסדרוקן, וואָס זיינען אין יענער צייט געווען דער־לויבטע רייד פון הויכער אינטעליגענץ. אין די גריכישע דראַמעס האָט מען אויך געפונען אַ זייער פרייען שמועס, וואָס איז דווקא געווען דער ציוויליזירטער שמועס פון דער הויכער עלעגאַנטער געזעלשאַפט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מען אַרויפגעוואָרפן אויף אַזעלכע רייד אַ פייגנ־בלעטל. יידיש פאַרמאָגט אַ סך „געזונטע" גראָבע אויסדרוקן, מיט גע־שלעכטלעכער אָנצוהערעניש, אָבער ביסלעכווייז איז יידיש געוואָרן איינע פון די צניעותדיקסטע שפּראַכן אין דער וועלט־ליטעראַטור. זי פאַרטראַגט פּשוט נישט קיין גראָבע אויסדרוקן — זיכער נישט אין דער ליטעראַטור — און קיין שרייבער דערוועגט זיך נישט דורכצוברעכן די דאַזיקע צוים, סיידן די, וואָס זיינען זיכער, אַז זיי שרייבן לכתחילה פאַר דעם איבער־זעצערישן מאַרק.

די אָבות פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך זיכער נישט דער־לויבט קיין אָפענע און אומגעצאַמטע רייד. ווען שלום אַש איז געקומען מיט זיין „גאָט פון נקמה", איז דער דעמאָלסטיקער סקאַנדאַל, וואָס האָט אויסגעבראָכן אַרום דער דראַמע, געווען נישט נאָר מחמת אַש האָט אַרויפ־געפירט אויף דער בינע אַ יאַנקל שאַבשאָוויטש, נאָר ווייל די „הייזל"־טעמע האָט סקאַנדאַליזירט דעם יידישן עולם. איטשע מאיר ווייסענבערג האָט מיט זיין „דבורהלע" געשילדערט אַ מאָמענט פון געשלעכטלעכער אומטרייהייט. אָבער דער אופן ווי ער האָט עס געטאָן, וואָלט פון די היינטיקע אַמעריקאַ־נער שרייבערס אויסגעלאַכט געוואָרן ווי צניעות און צוריקגעהאַלטנקייט.

נאָך מיט אַ פערציק יאָר צוריק איז דער פּאָעט מ. ל. האַלפּערן, אין די יאָרן ווען ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט", געווען דאָס צילברעט פון אַ גאַנצער פלאַקערדיקער דיסקוסיע, נישט, חלילה, ווייל ער האָט אין זיין פּאָעזיע געשילדערט סעקסועלע מאָמענטן — ניין, אַזוי ווייט האָט זיך קיין יידישער פּאָעט נישט דערלויבט, נאָר ווייל ער האָט גענוצט די פרייהייט צו נוצן „גראָבע רייד". אַזוי האָט מען טאַקע גערופן די הייסע דיסקוסיע — די „גראָבע רייד" פון מ. ל. האַלפּערן. די לידער פון יענער מ. ל. האַלפּערן־תקופה זיינען געווען אַ פּאָעטישע ירידה. האַל־

פֿערן האָט דעמאָלט פֿאַרקאַשערט די אַרבל און געוואָלט ווערן דער קריטי־קער פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿון דער „זונה אין דער פֿירערשאַפֿט“, אָבער עס האָט זיך ביי אים נישט גוט צוזאַמענגעזונגען מיט דעם טיפֿן לירישן טאַלאַנט, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט.

אין מדינת ישראל זוכט מען ערשט אין די לעצטע עטלעכע יאָר די קינסטלערישע פֿרייהייט פֿון גראָבע רייד אין דער ליטעראַטור און אויף דער בינע. מען זוכט צו „פֿאַרגרעבערן“ העברעאיש. אַפֿילו באַלעבאַטישע פּובליציסטן פֿאַרטיידיקן די דאָזיקע פֿרייהייט, כאָטש עס זיינען שוין פֿאַראַן געניג ביכער פֿון יונגע שרייבערס, וואָס האָבן נישט געוואַרט אויף אַ גע־זעלשאַפֿטלעכן היתר, נאָר זיי האָבן זיך גענומען די פֿרייהייט צו באַזאַלצן און באַפּעפֿערן זייערע ביכער מיט סעקס־שילדערונגען און מיט „פּאַסיקע“ אויסדרוקן, וואָס זאָלן גאָרנישט איבערלאָזן צו דער פֿאַנטאַזיע.

אָבער די אמתע דיסקוסיע וועגן העברעאישע גראָבע רייד איז לעצטנס אויסגעבראָכן מיט דער אויפֿפֿירונג פֿון אַ דראַמע, וואָס איז אימפּאָרטירט געוואָרן פֿון אַמעריקע. די דראַמע הייסט — „ווער שרעקט זיך פֿאַר ווירדזשיניע וואולף?“, געשריבן פֿון דעם יונגן דראַמאַטורג אַלבי, וואָס האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפֿאָלג אויף בראָדוויי. ווען מען זאָל לכתחילה פֿרעגן אַ מענטש מיט לאָגיק און שכל, צי אַזאַ דראַמע קאָן האָבן דעם מינדסטן דערפֿאָלג אין תל אביב, וואָלט דער ייד מיט שכל געזאָגט, אַז אין ישראל וועט מען דערלייגן דעם קאָפּ צו אַזאַ אויפֿפֿירונג.

עס האַנדלט זיך אין דער דראַמע וועגן צוויי פּאָרלעך, אַן עלטערער אַמעריקאַנער פּראָפֿעסאָר מיט זיין ווייב און אַ יונגער קאָלעגע מיט זיין ווייב. דעם עלטערן פּראָפֿעסאָרס ווייב איז אַ שלאַנג, אַ מרשעת, מיט דעם ריכטיקן מענה־לשון. די „אַקציע“ באַשטייט פֿון שיכורן, רעדן גראָבע רייד, מיאוסע זידלערייען, שטעכווערטער, ווידער די פֿליאַשקע, ווידער אַריינ־קריכן איינע די אַנדערע אין די געדערעם און אַריינזאָגן אין דער זיבעטער ריפּ. אַחוץ דעם סערווירט מען נאָך דעם עולם אַ סצענע, וואו די מרשעת נאַרט אָפּ איר מאַן מיט דעם יונגן פּראָפֿעסאָר. דער עולם זעט עס נישט, אָבער ער „הערט“ עס.

די דאָזיקע צוויי פּאָרלעך אויף דער בינע טרינקען ווי שיכורע גויים און רעדן ווי שיכורע גויים. דאָס איז די גאַנצע אַקציע.

האָט מען דאָס אַנטיקל געכאַפּט און אויפֿגעפֿירט אויף העברעאיש אין תל אביב און מען שפּילט עס פֿאַר געפּאַקטע הייזער.

וואָס קומט דאָ פֿאָר? פֿון וואַנען שטאַמט דער דערפֿאָלג? באַהאַנדלט

די דראַמע אַ וויכטיקע פּראָבלעם? עס איז אַפילו נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר אַמעריקע נאָר אַ קאַריקאַטור. טאָ וואו־זשע ליגט דער הייסער באַריר־פּונקט מיט דער דראַמע — אין תל אביב?

ווערדליג דער דיסקוסיע אַרום דער דראַמע, קאָן מען דרינגען, אַז דער עולם ווערט ממש פאַרכישופט פון דער איבערזעצערישער בריהשקייט, ווי מחיהדיק־גראָב עברית קאָן קלינגען. די דיסקוסיע האָט זיך טאַקע רעדוצירט צו אַ דעבאַטע אַרום גראָבע רייד. מען ציטירט אַפילו ביאַליקן, אַז ער זאָל האָבן געזאָגט, אַז העברעאיש איז אַ צו איידל לשון און מען דאַרף די שפּראַך פאַרגרעבן.

אַ רעדאַקטאָר פון אַ באַקאַנטער פאַרשפּרייטער ישראל־צייטונג האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצן מאמר וועגן דער הנאה, וואָס עברית ווערט לעבעדיק און ווערט אַרויסגעפירט פון צניעותדיקן געסל — אויף דער ברייטער עוועניו פון גראָבן פאָלקס־לשון. מען האָט, הייסט עס, אימפּאָרטירט אַזאַ דראַמע, וואָס זאָל העלפן מאַכן פון עברית אַן „אָנשטענדיק״־פאַרגרעבט לשון.

דער איינציקער קריטיקער דאָרטן, וואָס האָט אויפגעהויבן זיין קול קעגן דער אימפּאָרטירטער בינע־וואָקכאַנאַליע, איז געווען דער באַרימטער טעאַטער־קריטיקער ח. גמזו. די גאַנצע דיסקוסיע ווערט שוין אָנגערופן: „ווער שרעקט זיך פאַר גראָבע רייד?״ ח. גמזון האָט געשטיצט דער העברעאישער פּובליציסט און העברעאיש־פאָרשער — פ. עשהאל. ער זאָגט פשוט, אַז די גאַנצע דראַמע טויג אויף כפרות, אַז דער כלומרשטער צאָרן איז אַן אָנשטעל, אַז עס איז — דאָסטאָיעווסקי פאַר דעם איידעלן געשלעכט, וואָס דער שכל זייערער איז אויך זייער אַן „איידעלער״. עס האַנדלט זיך נישט אין גראָבע רייד, נאָר אין אַ פאַרגרעבטער און גאָרנישט זאָגנדיקער דראַמע, וואָס איז ענלעך אויף אַ שפּילצייג־זייגער פאַר קינדער, וואָס ווייזט נישט ווי שפּעט עס איז — אין אונדזער יאָרהונדערט.

נישט לאַנג צוריק האָט אַ העברעאישער פּאָעט אבות ישורון, זיך אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף וואָס גיכער „קאַליע מאַכן״ העברעאיש, „אַז אויב ישעיה הנביא זאָל פּלוצים דערשיינען אויף אַלענבי גאַס און זאָל זיך דאָרט אַרומדרייען, זאָל ער נישט פאַרשטיין קיין איין וואָרט״. ישעיה הנביא וואָלט אָבער זיכער געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן וועגן דעם. נאָר ווער ווייסט, אפשר וואָלט מען שוין אים אויך נישט פאַרשטאַנען?

***

עראָטישע לידער האָבן געשריבן פּאָעטן פון אַלע צייטן, אָבער די גרעסטע פּאָעטן פון „עראָטיקאַ" זיינען געווען די לאַטייניַשע פּאָעטן און שפּעטער די פּראָווענצאַלן. נישט לאַנג צוריק זיינען אין אַמעריקע דערשינען גאַנצע צוויי אַנטאָלאָגיעס פון עראָטישער פּאָעזיע, וואָס ענגלישע און אַמעריקאַנער פּאָעטן האָבן זיך פּאַרגונען צו שרייבן. די דאָזיקע זאַמלונגען האָבן אָבער „אַנטפּלעקט" זייער ווייניק און באַוויזן, אַז אין ענגליש זיינען אַזעלכע לידער געשריבן געוואָרן מיט אַ געוויסן צוריקהאַלט. אמת, ביי שעקספּירן קאָן מען געפינען גענוג קלאָרע עראָטישע דיאַלאָגן, אָבער פאַר יענער צייט זיינען אַזעלכע שמועסן געווען גוטער טאָן פאַר גוטע אויערן, ס'איז געווען נישט מער ווי פּעפּערדיקער, אָבער זייער שאַרמאַנטער שמועס.

דאָס ווענטל צווישן עראָטישער ליטעראַטור און פּאָרנאָגראַפישער איז זייער און זייער אַ דינס. בלויז געניטע לייענערס קאָנען עס כאַפּן, לויט דעם טראַם, וואָס דער מחבר האָט געשטעלט. אויפרייצונג אין אַן עראָטיש ליד איז פאַר זיך אַליין נישט קיין חסרון, אָבער ס'מוז דערביי זיין עסטעטיש באַלאַנסירט. אָט דער באַלאַנס איז די דיסציפּלין פאַר דעם אמתן קינסטלער, אַז אַפילו ווען ער שרייבט עראָטישע לידער זאָל ער נישט אַרויס פון קינסטלערישן געשפּאַן.

נישט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַן „עראָטיש" ליד פון דעם העברעאישן פּאָעט אַהרן אַמיר. אַמיר איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, דאַכט זיך, ער איז קוים אַלט פערציק יאָר און לויט זיין פּאַספּאָרט האָט ער אַוודאי אַ פולע רעכט זיך צו פּאַרגינען שרייבן — עראָטישע לידער.

מיר איז געווען אינטערעסאַנט קודם־כל, אַז זיין ליד איז אַ „מוסף להלל", אַ מין למנצח פאַר עראָטיק, איז פראַנק און פריי פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער זייער רעספּעקטאַבל־בירגערלעכער „הארץ". דאָס ליד באַשטייט מייסטנס פון באַזונדערע געראַמטע ווערטער, וואָס יעדער וואָרט איז אַן אָפענע עראָטישע אַנצוהערעניש. דער „למנצח" איז אַ קונצשטיק פון שפּראַך־אויסגעפינערישקייט, אָבער צוזאַמען קלינגט עס גאַנץ אָך־קוטצדיק. כ'בין זיכער, אַז אויב לייענערס האָבן אַפילו באַוואונדערט די פלינקשאַפט פון דעם צוזאַמענגעשטעלטן צעטל, האָט עס חלילה קיינעם נישט פאַרפירט און קיינעם נישט גערייצט. כ'וועל זיך דערלויבן ברענגען פיר שורות —

לבולשנית, לפולשנית,
לברשנית, לברסנית,
לחספוסית, למסמוסית,
לנקבובית, לשרבובית.

און אַזוי ווייטער און ווייטער. כ׳וואָלט געקאָנט זייער גרינג איבערזעצן די דאָזיקע עראָטישע גימנאַסטיק אויף יידישע געגראַמטע ווערטער, אָבער אין יידיש וואָלטן די גראַמען אַנטפּלעקט די רויע באַקעטקייט פון אינהאַלט און עס וואָלט נישט צוגעדעקט געוואָרן פון דער שפּראַכלעכער „געממזרט־קייט״.

איז אַזאַ ליד עראָטיש? אין יוסף ליכטנבוימס אַנטאָלאָגיע פון דער העברעאישער פּאָעזיע זיינען פאַרעפנטלעכט עטלעכע לידער פון דעם נאָך יינגערן אַהרן אָמיר, זיינען זיי זעלטן שיינע מוזיקאַלישע לידער און זיי פאַרמאָגן אַ סך מער אמתע עראָטיק ווי די דאָזיקע עמנואל הרומידיקע שורות. דאָס ליד צום מיידל אין טייך פאַרמאָגט אַן עכטערן פלאַטער, ווי דער געגראַמטער קאַטאַלאָג וועגן די עראָטישע איבונגען. אָמיר איז באַקאַנט ווי אַ זייער פּראָדוקטיווער איבערזעצער. ער האָט אַ סך איבער־געזעצט פון דער ענגלישער ליטעראַטור, און צווישן די מחברים, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין העברעאיש, האָט זיך אויך געפונען דער באַרימ־טער און סענסאַציאָנעלער הענרי מילער, וואָס אַ ניצוץ פון אים איז אַריין אין יונגן פּאָעט.

שווער צו זאָגן, צי אַזאַ „למנצח״, אָדער ווי אהרן אָמיר רופט זיין ליד „למנצח על הדודים ללשונה מזמור״, קאָן אַרויסרופן ביי אַ לייענער אַ געפיל, אַז ער האָט געהאַט אַן אמתן פאַרגעניגן פון דעם קלעצערדיקן פאַלן פון די ווערטער. קיין עראָטיק איז עס אַוודאי נישט — ס׳איז — זאָל מיר אָמיר דערלויבן — ערווהדיק. דער פאַקט, וואָס דאָס ליד איז געדרוקט געוואָרן אין אַ גוטער משפחה־צייטונג ווייזט, אַז דער טראָפּ איז געווען אויף בלשנות און אויף דער בריהשאַפט פון פיזיאָלאָגיש־פילאָלאָגישער חקירה.

(„טאָג־מ״זש, אַפּריל 11, 1965; אידישער קעמפּער, דעצ׳ 4, 1964)

# אין דער וועלט־ליטעראַטור

יעדער ווערטיקער יידישער שרייבער באַטראַכט זיך ווי אַ טייל פון דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור, אַפילו ווען מען זעצט אים נישט איבער אויף קיין אַנדערע לשונות. נישטאָ דער פאַרדינטער יידישער שרייבער, וואָס זאָל נישט קענען נאָך אַ לשון, אין צוגאָב צו יידיש, און ער זאָל נישט דורך דעם צווייטן, דריטן און אַ מאָל אויך פערטן און פינפטן לשון נישט האָבן אַ צוגאַנג צו דער גרויסער וועלט־ליטעראַטור. שלום עליכם, פרץ, מענדעלע, ביאַליק, רייזען האָבן געקענט פרעמדע לשונות און געלייענט ליטעראַטור אויף פרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן גוט געוואוסט, ווי ס'האַלט אין דער גרויסער ליטעראַטור פון דער מענטשהייט, נאָך איידער מען האָט זיך געכאַפּט און גענומען זיי איבערזעצן.

די דאָזיקע יידישע קלאַסיקערס האָבן, זעצנדיק זיך צום שרייבטיש, נישט געוואוסט, אַז זיי שאַפן יידישע אָדער העברעאישע ליטעראַטור פאַר יידן, אָבער זיי האָבן זיך נישט געזען נעבעכדיק אַריינגעקוועטשט אין אַ קליינער, ענגער, פון דער וועלט אָפּגעריסענער ליטעראַטור. אין זייערע ווערק זיינען פאַראַן אַלע סימנים, אַז זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם גרויסן לעבעדיקן שטראָם פון דעם וועלטפּאַראַד פון קינסטלערישער גע־שטאַלטונג און קינסטלערישן אויסדרוק. שלום עליכם איז נאָכן טויט געוואָרן אַן אָנגענומענער וועלטשרייבער, אָבער דאָס איז נישט געווען דערפאַר, ווייל מען האָט פלוצים געפונען נייע שלום־עליכם־ווערק. נאָר דער שלום עליכם פון די ווערק, וואָס ער האָט געשריבן אין משך פון זיין פרוכטבאַרער קינסטלערישער קאַריערע, איז פּאַרשפּעטיקט אָנערקענט געוואָרן. ווען די האַלבע יידישע העלענאַ פראַנק האָט באַשלאָסן איבערזע־צן י. ל. פרצן אויף ענגליש, איז עס נישט געווען מחמת זי האָט געפונען אין פרצן עפּעס אַ נייעם פּאָדעם, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט דער וועלט, נאָר זי איז געקומען צו פרצן, ווי מיר אַלע האָבן אים געקענט און אָנגעוויזן אויף זיין וועלט־קינסטלערישקייט.

מיינט עס צו זאָגן, אַז איבערזעצונג באַשטימט נישט ווער פון די יידישע שרייבערס איז אַ טייל פון דער וועלט־ליטעראַטור. אַ שרייבער, וואָס שרייבט לכתחילה פאַרן איבערזעצונג־מאַרק, לאָזט ערגעץ־וואו אַרונ־טער פון זיין קינסטלערישער און אַ מאָל אויך פון זיין מאָראַלישער ווערדע, און מיר האָבן ביישפּילן דאָס צו באַשטעטיקן. דער ווירקלעכער יידישער קינסטלער־שרייבער איז אין זיינע אייגענע אויגן ממילא אַן איבערגע־

זעצטער אויף וועלטמאָסן. ער איז אַ רינג אין דער גרויסער קייט פון דראַנג צו געפינען דעם ווערט פון מענטשלעכער עקסיסטענץ. דאָס האָט גאַרנישט צו טאָן מיט דעם איבערזעצערישן מאַרק, וואָס כאַפּט זיך געווינ־לעך צו אַלע פרעמדע לשונות, זוכנדיק מער פון אַלץ — די עקזאָטיק.

ווען דער ייִדישער בעלעטריסט אָדער פּאָעט ווערט פּאַרטיק מיט זיין ווערק, דערזעט ער ערשט פאַר זיך אַ מאָדנע דערשיינונג, אַז יידן אַליין וואַרטן, ביז ער וועט איבערגעזעצט ווערן אויף פרעמדע לשונות. זיי אָנערקענען נישט, אַז דאָס יידישע לשון אַליין איז אַ קינסטלערישער אינסטרומענט און איז ממילא אַ סימן פון יידישער שעפערישקייט, וואָס דאַרף דעם אינטעליגענטן יידישן מענטשן געבן דעם באַוואוסטזיין פאַר דעם גייסטיקן כוח פון זיין פאָלק און זיין עקסיסטענץ־שטאַלץ.

וואַרטן אַזעלכע יידן אויף איבערגעזעצטער יידישער ליטעראַטור און זיי האָבן געדולד צו וואַרטן. בינו לבינו לערנען זיי דערווייל אַלע זיבעציק לשונות, אַלע וויסנשאַפטן, אַלע „זען"־בודיזמען אין אַלע סאַנסקריט דיאַ־לעקטן, זיי שאַרפן זייערע מוחות אויף אַלע שטרויכלשטיינער פון דער וועלט. נאָר פאַר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז דער קענטיקסטער און אָנגעהעריקסטער טייל פון יידישער גייסטיקייט, האָבן זיי נישט די מינדעסטע נייגעריקייט און אינטערעס.

אַ, די דאָזיקע יידישע אינטעליגענץ, וואָס פירט אונדזער נאַציאָנאַל לעבן, איז זייער סוחריש־פּראַקטיש, זי האָט ערגעץ געהערט, אַז יידיש גייט אָט־אָט אונטער, וויל זי נישט האָבן צו טאָן מיט אַזאַ אומזיכער גע־שעפט. אָפט מאָל האָבן אַזעלכע יידן אַליין געהאָלפן פאַרשפּרייטן דעם קלאַנג, און נישט זעלטן פאַרגנבענען זיך אַזעלכע לייט און זיי דערלאַנגען אַ בריק דעם יידישן לשון, כדי צו פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון זייער פאָרויסגעזאָגטן אונטערגאַנג.

אויף וויפל ס'רערט זיך דאָ פון אונדזער לעבן אין די ענגליש־רעדנ־דיקע מדינות, האָט זיך נאָך די אַזוי גערופענע אַנגלאָ־יידישע ליטעראַטור מיט קיין גרויסע ווערק נישט וואָס איבערצוגעמען. ס'וואָלט דער דאָזיקער ליטעראַטור אָנגעשטאַנען זיך אַנצוקייטלען אין דער עקסיסטירנדיקער, לעבעדיקער און טראַדיציע־רייכער יידישער ליטעראַטור, כדי צו ווערן פולער, ווערטפולער און מילגרוימיקער. אָבער די אויסגעמאָגערטע לי־טעראַטור רייסט זיך צו דער ברייטער וועלט און וויל געווינלעך נישט אויסזאָגן, אַז זי האָט אַ טאַטן אָדער אַ מאַמען. און טאָמער זאָגט זי יאָ אויס, איז אָך און ווי צו די טאַטע־מאַמע, וואָס קריגן אַזאַ באַרעדט און

פאַרשפּיגלט פּנים, אַז ס׳וואָלט געווען גלייכער, ווען די דאָזיקע שרייבערס וואָלטן אין גאַנצן פאַרשוויגן פון וואַנען זיי שטאַמען.

אָבער אויך דאָס איז אַ מאָדנע דערשיינונג און דער יידישער שרייבער קוקט דערויף מיט אומגעוויינלעכער דערשטוינונג. די ליטעראַטור פון יינגערע יידן אויף ענגליש שילדערט דעם היינטיקן לעבעדיקן ייד אין אַזאַ ליכט, אַז די יידישע געזעלשאַפט וואָלט זיך פּשוט באַדאַרפט ווערן קעגן דעם, זיך באַשיצן קעגן אַזאַ כאַראַקטער־פאַרשוואַרצונג. ס׳איז נישט בלויז אַזוי ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער קאַנאַדע, נאָר אויך אין ענגלאַנד. אָט האָב איך אין אַ יידיש־ענגלישן זשורנאַל, וואָס דערשיינט אין לאָנדאָן, געפונען ממש אַן עס־אַ־עס, אַז ענגליש־יידישע שרייבערס זאָלן דערקלערן אַ וואָפן־שטילשטאַנד און אַראָפּנעמען די הענט פון יידן. זיי פאַרפלייצן דעם מאַרק מיט ביכער וועגן ייד, און יידן קומען אַרויס גרוי, אומאינטערעסאַנט, אומסימפּאַטיש און אַפילו אָפּשטויסנדיק.

איז עס אַן אומבאַרעכטיקטע אַטאַקע אויף דעם ייד פון היינט מצד אונדזער קינדער און אייניקלעך. פאַר וואָס שווייגט די גרויסע אָרגאַני־זירטע יידישע געזעלשאַפט, פאַר וואָס שלאָגט זי נישט צוריק צו ווייזן דער וועלט, אַז דער היינטיקער ייד פאַרמאָגט כאָטש ווידערשטאַנד? נישט נאָר שלאָגט זי נישט צוריק, נאָר זי נעמט נאָך אָפּט אויף די דאָזיקע ליטעראַ־רישע שלייִדער־שטיינער מיט פאַראַדן און פּרעמיעס, ווי מען וואָלט גע־וואָלט באַרעכטיקן, אַז דער פּסעוודאָ־ליטעראַרישער שפּיגל פון דער היינט־צייטיקער יידישער געזעלשאַפט איז אַן ערלעכער.

אויף אַ געוויס איבערגעזעצט ווערק פון יידיש האָט אַ קריסטלעכער קריטיקער געפרעגט אַ קשיה: אויב יידן זיינען טאַקע געווען אַזעלכע געמיינע מענטשן, ווי דער פון אידיש איבערגעזעצטער מחבר האָט זיי געשילדערט, וואָס־זשע וויינט מען אַזוי אויף דעם חורבן פון יידן אין די מיזרח־לענדער, וואו דער אומקום איז באַשטאַנען פון אַזעלכע נפשות?

דאָס רעדט זיך וועגן דער עקזאָטיק, וואָס דער פרעמדער ביכערמאַרק איז גרייט אָנצונעמען און איבערזעצן. אָבער די יונגע שרייבערס, וואָס האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו ווערן כלומרשט די סאָציאַלע קריטיקערס פון דעם היינטיקן לעבעדיקן ייד, זיינען אַזוי ווילד־אויסגעשפּאַנט פון אייגענער משפּחהדיקייט, אַז זיי האָבן נישט די מינדסטע אינערלעכע אַחריות צו דער אייגענער טאַטע־מאַמע היים, וואָס אַפילו ווען די שטראָפרייד פון די קינדער וואָלטן געווען באַרעכטיקטע, זיינען זיי אויך מחויב צו קומען אין

די ראַמען פון כיבוד־אָב־ואם, כ׳רעד שוין נישט פון — כיבוד עם, בפרט ווען די דאָזיקע שילדערונגען זיינען נישט מער ווי ביטערע רכילות.

זעט פאַר זיך אַ יידישער שרייבער, וואָס שרייבט אויף יידיש, אַ טרויעריק בילד, נאָך דעם ווי ער הייבט זיך אויף פון שרייבטיש. כל זמן ער זיצט און שרייבט, איז אים גוט און ער שרייבט זיך אַריין אַ נישט־איבערגעזעצטער מיט כבוד און ווערדע אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ רחמנות ווערט אויפן יידישן שרייבער ערשט, ווען ער ווערט פּאַרטיק מיטן שרייבן און ער זעט ווי דער יידישער המשך אונדזערער האָט פּלוצים זיך אָפּגעשניטן פון דער נאַטירלעכער המשכדיקייט פון יידיש און יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור אויף יידיש. דער אָפּשניט פאַר־וואַנדלט דעם יידישן אינטעליגענט אויף אַ פרעמדער שפּראַך אין אַ ביטערן אָרעמאַן, וואָס מוז זיך באַנוגענען מיט אַ קליינעם אינווענטאַר פון צווייפל־דיקער סחורה. ער, דער דאָזיקער אָפּפרעמדלינג מוז נאָך דערצו אָננעמען פאַר ליב ענגליש־יידישע ביכער, וואָס מאַכן אים אויסצודרייען און גיבן אים אַ ייחוס־בריוו, וואָס מען דאַרף זיך שעמען צו ווייזן פאַר לייטן.

דער קאַמף פאַר יידיש, וואָס דער יידישער שרייבער פירט אָן, איז, חלילה, נישט קיין רחמנות־קאַמף. ער בעט נישט און בעטלט נישט קיין רחמנות. אויף דעם יידישן שרייבער איז נישט קיין רחמנות, ער וועט זיין שטעטל באַשטיין, ער האָט דעם מוט צו שרייבן יידיש, אַרומגערינגלט מיט גלייכגילטיקייט און שנאה. ער קעמפט דעם קאַמף פאַר דער ווערדע פון יידישן מענטשן און דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס וואַרפט אַוועק בידים דעם פאַספּאָרט פון אייגענער חשיבות.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, יוני 24, 1962)

**
*

איינער אַ יידישער שרייבער, וואָס מיינט, אַז ער וואוינט אין דער גרויסער וועלט, ווייל ער קאָן זיך פאַרגינען צו גיין אין אַ בראָדווייער טעאַטער און איינשלאָפן, טראַכט נישט אַנדערש וועגן דעם יידישן זשעני ווי אין אַ וועלטמאַסשטאַב.

אַ פּראָסטער בשר ודם, אַז ער שלאָפט איין ביי אַ פּיעסע, מאַכט ער כאָטש אַ שוויג, אָבער אַ שרייבער מוז פון אַזאַ איינשלאָפעניש אויך שלאָגן שרייבערישן קאַפּיטאַל. חלומט זיך אים אַ חלום, אַז מען רופט אים צוריק אין געטאָ, נאָר ער, דער וועלטמענטש, וויל בשום אופן נישט גיין, ווייל

ער האָט מורא, אַז דער יידישער זשעני וועט נעבעך איינדאַרן. ווען ער כאַפּט זיך אויף דעם גליקזעליקן דרימעלע, אַרבעט ער זיך אַרויף אויף אַ פילאָסאָפיע, אַז יידישקייט אין דער וועלט איז אַ גוטע זאַך, ווייל מען פילט ווי אַלע ווינטן און אַלע שטורעמס גייען אַדורך דעם יידישן קערפּער. ס'איז אפשר פיינלעך, שרייט דער שריפטשטעלער אויס מיט אַ לעצטן גענעץ, אָבער ס'איז גוט: בעסער שאַרפע פיין איידער צופרידנקייט.

אין אַ בראָדווייער טעאַטער קאָנען זיך חלומען אַלערליי טשודנע חלומות. אָבער אַז מען טשוכעט זיך אויס פון דעם חלום און מען גייט דערנאָך אַריין אין אַ פיינעם רעסטאָראַן און מען עסט אָפּ דעם געשמאַקן מאָלצייט, איז זייער לייכט אויסצושרייען אויף דעם חשבון פון עסטרייכישע יידן, וואָס פילן איצט אויף די פּלייצעס די בייטש פון דער וועלט, אַז ס'איז אַ מחיה צו ווערן געפייניקט. ער, דער שריפטשטעלער, ליגט אין מרחץ אויף דער אייבערשטער באַנק, פרעגלט זיך אין אַ גליקלעכן שוויס און ער שרייט אויס מיט אַ זעלטענער פילאָנטראָפּיע, אַז עס איז גלייכער די שאַרפע יידישע פיין איידער טעמפּע צופרידנקייט. די פראַגע איז, וועמעס איז די פיין און וועמעס די טעמפּע צופרידנקייט? און צי וואָלטן נישט אַלע עסטרייכישע און דייטשע יידן שוין אויסגעביטן די פיין אויף דער סאַמע טעמפּסטער צופרידנקייט?

דער יידישער שרייבער, וואָס האָט אַזוי גליקלעך איינגעדרימלט ביי אַ בראָדווייער דראַמע, איז נאָך דערצו אַ ציוניסט. און פונדעסטוועגן גייט עס אים שטאַרק אין דעם יידישן וועלטזשעני. ער ציילט אָן, אַז ביז מיט הונדערט יאָר צוריק האָבן מיר פון אונדזער לאַנגן גלות־לעבן אַרויסגע־פירט בלויז איין וועלטפיגור — שפּינאָזען, און לעצטנס, איז ער שוין גנעדיקער, האָבן מיר אַרויסגעפירט גאַנצע פיר: היינע, מאַרקס, פרויד, איינשטיין.

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז היינע און מאַרקס האָבן זיך געמוזט אַ קליין ביסל אונטערשמדן, כדי זיי זאָלן אַריבער אין דער קאַטעגאָריע פון וועלטפיגורן. שפּינאָזע האָט אַ היפּש ביסל געפּלירטעוועט מיט דעם בייעם טעסטאַמענט, און גייט עס דעם דאָזיקן יידישן שרייבער באמת אין איינשטיינען און פרוידן? וואָס פאַר אַ פּערזענלעכע, טאָג־טעגלעכע מאַטע־מאַטישע באַציאונגען האָט עס דער ווירדיקער יידישער שרייבער צו איינ־שטיינען אַחוץ וואָס ער באַגעגנט אים אַ מאָל ביי אַ באַנקעט? און וואָס פאַר אַ לעבעדיקע שייכות האָט דער געערטער ציוניסטישער שרייבער מיט מאַרקסן, און וויפל מאָל אַ וואָך טראַכט ער פון פרוידן? און מיט וואָס

איז היינע מער וועלטפיגור ווי ביאַליק, אַש, רייזען, מענדעלע, פרץ, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן פון אונדזער צוויייטיקטער אייגנאַרט?

שטעלט זיך פאַר די גליקן פון לעבן אין דער מיטן פון דער גרויסער וועלט, אַז צווי פון די גרויסע וועלטזשעניען האָבן מיר געמוזט אונטער־טראָגן דער וועלט „פאַרפומירט" מיט טויפוואַסער. גלייבט ער, דער יידי־שער שריפטשטעלער, אַז היינע ליגט מער אין דער לינקער פאה פון דער גרויסער אַמעריקאַנער וועלט, וואָס האָט געקראָגן אַ באַגריף וועגן אים דורך די הינקנדיקע איבערזעצונגען פון עמאַ לאַזאַרוס און די זיסלעכע איבערזעצונגען פון לואיס אונטערמייער, ווי ביאַליק?

דער חלום פון אַ יידישער וועלטפיגור איז ערשט אַ געטאָ־באַגריף, אַ געפיל פון פחדנות, אַ סטאַרען זיך אויסצונעמען ביי דער ברייטער וועלט. איך שטעל דיר צו, וועלט, דעם רייסטער פון מיינע גרויסע מענטשן און באַוואונדער מיך, באַהאַנדל מיך לייטיש.

מיט וואָס איז דער בעל־שם ווייניקער וועלטמענטש פון די אַלע, וואָס דער שרייבער האָט אויסגערעכנט? געקומען אַ וואונדערמענטש און דער־לאַנגט אונדזערע פּראָלעטאַריערס חדווה, גלויבן, טרייסט. געקומען אַ מענטש, וואָס האָט רעוואָלוציאָניזירט דאָס גאַנצע יידישע לעבן, וואָס האָט אויסגעגלייכט דעם פאַרהויקערטן וואַסער־טרעגער מיט דעם שטאָלצסטן למדן; געקומען אַ ייד און פאַרלעגענדאַרישט אונדזער טרוקן לעבן. איז ער ווייניקער וועלטמענטש דערפאַר, וואָס דער וועלט־פּראָזשעקטאָר האָט זיך אויף אים נישט אָפּגעשטעלט?

ווי אַלט איז דער כינעזישער קאָנפוציוס ביי דער וועלט? ווי לאַנג איז ער געוואָרן פּאָפּולער? אפשר הונדערט יאָר. איז ער די גאַנצע צייט פון די איבער צוויי צענדליק הונדערט יאָר געווען ווייניקער וועלטמענטש, ווייל די כינעזישע וואַנט איז געשטאַנען צווישן די כינעזער און דער גרוי־סער ציוויליזירטער אייראָפּעאישער היפּאָקריטקע?

מיט וואָס איז דער פייערדיקער למדנישער קאָפּ פון ווילנער גאון ווייניקער וועלטסימבאָל ווי איינשטיין? פאַר דעם יידישן שרייבער בכל־אופן דאַרפן אונדזערע גאונים, וואָס האָבן באַלויכטן דאָס יידישע לעבן, זיין אַזוי רעאַל־וועלטלעך, ווי די גרעסטע וועלטפיגורן. פאַר מיר זיינען שלום עליכם, פרץ, מענדעלע, ביאַליק, אַש און רייזען, פונקט אַזוי גרויס ווי אונדזערע געשמדטע און האַלב־געשמדטע היינעס.

# נאָבעל־פּרעמיע און אונדזער ליטעראַטור

די ערשטע נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור איז געגעבן געוואָרן אין 1901 צום פראַנצייזישן פּאָעט סולי פּרודאָן. קיינער געדענקט שוין באַלד נישט זיין נאָמען און זיינע לידער לייענט מען אַוודאי און אַוודאי נישט. ער איז געווען אַ פילאָסאָפישער פּאָעט, אַזוי צו זאָגן, און אַ מיט־גליד פון דער „פּאַרנאַסער" גרופּע. האָט אים די שוועדישע אַקאַדעמיע אויסגעקליבן צו זיין דער ערשטער נאָבעל־פּרעמיע־געווינער. מסתמא האָט מען זיך דעמאָלסט געגנוג געאַמפּערט, צי דער אויסוואַל איז געווען אַ געלונגענער. אָבער ס'איז געווען פאַרפאַלן. קיינער האָט קעגן דעם אורטייל נישט געקאָנט אַפּעלירן.

פיר יאָר שפּעטער, אין 1905, האָט די אַקאַדעמיע אויסגעקליבן פאַר דערהייבונג אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געשריבן היסטאָרישע ראָמאַנען, וואָס דער עולם האָט געשלונגען. דער געווינער און נאָבעל־געפּרייזטער איז דעמאָלסט געווען הענריק שענקיעוויטש, מחבר פון „קוואָ־וואַדיס" און „אָגניעם אי מיעטשעם" (מיט פייער און שווערד). כ'ווייס נישט, צי מען האָט זיך דעמאָלסט געקריגט מיט דער אַקאַדעמיע פאַר איר אויסוואַל, אָבער היינט איז שענקיעוויטש פאַרצייכנט ווי אַ שרייבער, וואָס זיינע ווערק וויגן זיך צווישן שונד און ליטעראַטור.

ווער איז די שוועדישע אַקאַדעמיע? ווער איז זי געווען דעמאָלסט, ביי די ערשטע אויסטיילונגען? און ווער איז זי איצטער, אין 1958?

מען ווייסט זייער ווייניק וועגן די אַקאַדעמיקערס, וואָס אין זייערע הענט ליגט נישט מער און נישט ווייניקער ווי וועלט־באַרימטקייט, ווייל די נאָבעל־פּרעמיע איז גלייך באַרימט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט. מען האָט אָנגענומען, אַז די פּרעמיע קרוינט שרייבערס אויף אייביק. אויב מ'האָט אָפּגעפרעגט דעם געשמאַק פון די שוועדישע אַקאַדעמיקערס, זיינען די פּראָטעסטן געווינלעך דערטרונקען געוואָרן אונטער דער שווע־רער וואָג פון דעם געלט, וואָס די נאָבעל־פּרעמיע האָט, אַ דאַנק דער ירושה פון אַלפרעד נאָבעל, געקאָנט זיך פאַרגינען צו געבן אַ שרייבער. ווי רייך אַ שרייבער איז נישט געווען, איז די נאָבעל־פּרעמיע תמיד געווען אַ היפּשע מטבע ביי אַלע וואַליוטעס.

אָבער וואָס פאַר אַ צוטרוי האָט מען פאַרט געקאָנט און געמעגט האָבן צו אַן אַקאַדעמיע, וואָס האָט פון 1901 געהאַלטן אין איין טיילן פּרעמיעס און זיך נישט געכאַפּט, אַז ס'לעבט אַ שרייבער, וואָס האָט

אָנגעשריבן „מלחמה און שלום״? מ׳דאַרף געדענקען, אַז אין די סטאַטוטן פון דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור איז בפירוש פאַרשריבן, אַז די ווערק פון פּרעמירטע שרייבערס מוזן זיך אויסצייכענען מיט „אידעאַליס־טישע טענדענצן״. אויב די שוועדישע אַקאַדעמיקערס זיינען ביז 1910 נישט געוואָר געוואָרן, אַז טאָלסטאָיס ווערק זיינען פון אַלערליי שטאַנד־פּונקטן צוגעשניטן פאַר אַ נאָבעל־פּרעמיע, איז עס נישט קיין צו־גוטע רעקאָמענדאַציע פאַר די אַקאַדעמיקערס. שענקיעוויטש — יאָ אַ גע־פּרייזטער, און טאָלסטאָי — נישט!

אין 1924 האָט ווידער אַ פּאָליאַק, וולאַדיסלאַוו ס. רעימאָנד, באַקומען אַ נאָבעל־פּרעמיע. די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט נישט אָנערקענט קיין רוסישן שרייבער ביז 1935, ווען זי האָט אויסגעטיילט איוואַן בונינען, אַ רוס אין גלות, און אים געשענקט די וועלט־אָנערקענונג, וואָס ליגט אין אירע הענט.

ס׳איז באמת קאָמיש די בלינדקייט לגבי דער רוסישער ליטעראַטור, לגבי אירע ריזן. טשעכאָוו האָט נאָך אויך גאַנצע דריי יאָר פון זיין לעבן געקאָנט קריגן אַ נאָבעל־פּרעמיע, ער איז געשטאָרבן אין 1904; אָבער מען האָט אים נישט אָנערקענט אין שוועדן. גאָרקי האָט זיך אַרומגעדרייט שיינע עטלעכע יאָר און אויך געשריבן ווערק, וואָס האָבן זיך אויסגע־צייכנט געפּאַסט פאַר די אידעאַליסטישע תקנות פון דער נאָבעל־פּרעמיע, אָבער אויך אים האָט מען פאַרזען.

ווען מיר קומען צו יידן, זעען מיר, אַז די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און געגעבן די נאָבעל־פּרעמיע צום יידישן פילאָסאָף אַנרי בערגסאָן, אין יאָר 1927. פון דעמאָלסט אָן און ביז דעמאָלסט איז די נאָבעל־פּרעמיע געווען „יודענריין״ און כמעט „רוסען־ריין״. רוסלאַנד איז ערשט אומדירעקט געשטעלט געוואָרן אויף דער מאַפּע פון נאָבעל־פּרעמיעס, ווי שוין געזאָגט, אין 1933, מיט דער אויסצייכענונג פון דעם גאַנץ בלאַסן שיינשרייבער — איוואַן בונין.

און איידער מיר גייען צו צום צווייטן רוס און צווייטן ייד, וואָס האָט געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע — באָריס פּאַסטערנאַק — מעג מען פרעגן: פאַר וואָס האָט די נאָבעל־אַקאַדעמיע נישט געזען אַזעלכע שריי־בערס ווי שלום עליכם, מענדעלע, פּרץ, רייזען, ביאַליק, יהואש, מאָריס ראָזענפעלד, שלום אַש? טאָמער וועט איר זאָגן, אַז די ווערק זיינען נישט געווען איבערגעזעצט אויף קיין איראָפּעאישע שפּראַכן און זיינען נישט געווען פּאָפּולער גענוג אין איראָפּע, וועט עס, ערשטנס, זיין — נישט

אמת, ווייל די אַלע אויבן דערמאָנטע שרייבערס האָבן דווקא יאָ זוכה געווען מ׳זאָל זיי איבערזעצן און פּאָפּולער מאַכן אין אַנדערע שפּראַכן, בעיקר שלום אַש, וואָס איז געווען באַרימט אין גאַנץ אייראָפּע.

אַש האָט געוואוסט ווי צו זיין באַרימט און ווי זיך באַרימט צו מאַכן, און ער האָט ממש געקלאַפּט אין די נאָבעל־טויערן, געפּיבערט מיט דערוואַרטונג, און געוואָרט, אַז אָט־אָט וועלן זיי זיך עפענען פאַר אים. וואָס עס זאָלן נישט זיין אונדזערע אייגענע טענות צו אַשן, האָב איך שוין פיל מאָל איבערגעחזרט, אַז אים איז לכל הדעות געקומען די נאָבעל־פּרעמיע.

די שוועדישע אַקאַדעמיקערס האָבן אָבער, ווייזט אויס, אַנטוויקלט עטלעכע פאָראורטיילן — צו רוסן און צו יידן, און ממילא צו דער העברעיִשער און יידישער ליטעראַטור. דעם ענגלישן פּאָעט וו. ס. עליאָט האָט מען אין 1943 יאָ געגעבן די נאָבעל־פּרעמיע, הגם מ׳קאָן זיינע לידער כמעט נישט איבערזעצן, און די שוועדישע אַקאַדעמיקערס האָבן זיכער קיין טעם נישט געפילט אין זיינע טרוקענע און סריסדיקע לידער. ס׳איז קלאָר, אַז די אַקאַדעמיקערס האָבן פון 1901 אָן נישט אַרויסגעוויזן קיין צו־הויכן געשמאַק, אַחוץ אין פאַלן, ווען זיי האָבן זיך ממש נישט געקאָנט העלפן; אַז זיי האָבן אויך געהאַט געאָגראַפיש־פּאָליטישע חשבונות און אַז זיי האָבן געליטן פון אַ פאָראורטייל צו רוסלאַנד — אַ פאָראורטייל, וואָס זיי האָבן צום ערשטן מאָל געבראָכן אין 1933, אַרויסווייזנדיק דערביי פּאָליטישע כוונות — און זיי לייד̈ן כסדר פון אַ כראָנישן פאָראורטייל צו יידן, נישט אָנערקענענדיק עקשנותדיק דאָס יידישע פאָלק און זיין ליטעראַטור אויףביידע לשונות — העברעאיש און יידיש.

זאָל מען דערפאַר נישט מיינען, אַז די שוועדישע אַקאַדעמיקערס זיינען אַזעלכע פּאָליטישע נעבעכלעך, וואָס גלאָצן מיט די אויגן און זעען בלויז די הייליקייטן פון דער ליטעראַטור. דערפאַר, ווען זיי האָבן היי־יאָר געגעבן די צווייטע פּרעמיע צו אַ רוס, וואָס איז אַ ייד לויט זיין אָפּשטאַם, הגם די אַקאַדעמיקערס האָבן עס אפשר נישט געוואוסט, איז עס אויך נישט קיין הוילע קדושה, נאָר פּאָליטיק. ס׳איז אָבער אויך געווען געפּערלעכע פּאָליטיק, ווייל זיי האָבן באַשלאָסן זיך אַ שפּיל צו טאָן מיט אַ מענטשלעך לעבן.

ווען די אַקאַדעמיקערס וואָלטן זיך געפונען אויפן מאַרס, וואָלטן זיי געקאָנט זאָגן, אַז זיי האָבן געלייענט אַ ווערק, געמישפּט דעם קינסטלערישן אינהאַלט און געגעבן די פּרעמיע. זיי לעבן אָבער אין דעם פּאָליטיש־

אָריענטירטן שוועדן און זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זיי רייצן אָן אויף איין מענטשן — אַ גאַנץ לאַנד.

אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז רוסלאַנד, ווי זי איז איצטער, וועט נישט קאָנען גלייכגילטיק צוזען אינטערנאַציאָנאַלע אַנטי־סאָוועטישע פּראָפּאַ־גאַנדע אַרום אַ ווערק פון אַ שרייבער, וואָס לעבט פופצן מייל פון מאָסקווע. אָפילו ווען פּאַסטערנאַק אַליין האָט געחלשט קריגן די פּרעמיע, און ער האָט געטאָן „איינקעס", כדי זי צו קריגן, איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן, האָט דער קילער שכל הישר פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע נישט באַדאַרפט שפּילן קיין פּאָליטיק אַרום לעבן פון אַ מענטשן, ווען דאָס ווערק איז סיי־ווי געווען אויף דער וועלט.

אַוודאי וואָלט רוסלאַנד גערודפט פּאַסטערנאַקן אויך אָן דער נאָבעל־פּרעמיע, אָבער די נאָבעל־פּרעמיע איז געווען דער סיגנאַל און די טויטן־חתימה.

נאָך מער, די אַקאַדעמיקערס האָבן אויך גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז סוף כל סוף וועלן זיי דערפירן צו דעם, אַז פּאַסטערנאַק וועט מוזן בעטן רחמים ביי זיינע פאַרפאָלגערס און אַז זיי וועלן אויך, אומדירעקט, העלפן דערנידעריקן דאָס גאַנצע רוסישע שרייבערטום, וואָס וועט וואַרפן שטיי־נער אויף פּאַסטערנאַקס קאָפּ.

דאָס ווערק „ד"ר זשיוואַגאָ" האָט זיך נאָך נישט געהאַט רעכט אָנ־געוואָרעמט, ווען מ'האָט שוין „געוואוסט", אַז דאָס בוך וועט קריגן די נאָבעל־פּרעמיע. די שוועדישע אַקאַדעמיקערס האָבן זיך געלאָזט פירן פון עצה־געבערס, אַז מען דאַרף דעם דאָזיקן ליטעראַרישע „מיסיל" אויסשיסן, כדי עס זאָל טרעפן סאָוועט־רוסלאַנד.

ס'איז אָבער געווען אַ „מיסיל", וואָס האָט אויך געשטעלט די ריינע ליטעראַרישע שופטים פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע אונטער אַ שווערן פאַרדאַכט, אַז זיי האָבן זיך געלאָזט אָנרעדן, זיך אַ שפּיל צו טאָן מיט אַ מענטשלעך לעבן, לשם פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן געזען אין בוך אָן אמתע אַטאָם־באָמבע און ס'האָט זיי נישט געאַרט דער מענטש הינטער דעם בוך. זיין לעבן און זיין רו האָט מען נישט גענומען אין אַכט.

ווען די אַקאַדעמיקערס האָבן געלייטזעליקט דעם ערשטן רוס מיט אַ פּרעמיע, איז ער געווען אויף דער פריי, אין פּאַריז. אָבער דער צווייטער רוס איז שוין אין מאָסקווע, און דווקא ווייל די אַקאַדעמיקערס זיינען אַזוי

געאָגראַפיש־אָריענטירט, האָבן זיי געמעגט באַגרייפן, אַז אַ מענטשלעך לעבן איז וויכטיקער פון אַ פּאָליטיש־סענסאַציאָנעלער פּרעמיע, און פּאַס־טערנאַקן צו רו לאָזן.



די באַגערטע ליטעראַרישע קרוין, די נאָבעל־פּרעמיע, איז הײַנטיקס יאָר אָנגעטאָן געוואָרן אויפן קאָפּ פון דעם איסלאַנדישן שרײַבער האַלדאָר לאַקסנעס. די איסלאַנדישע רעפּובליק האָט אַ באַפעלקערונג פון 140 טויזנט מענטשן, איז עס אַוודאי אַ פרייד פאַר דעם קלײנעם לאַנד, וואָס האָט זוכה געווען, אַז איר ליטעראַטור זאָל געפּרײַזט ווערן.

ס'איז פונדעסטוועגן אַ שטיקל וואונדער — און איך הער נישט אויף זיך צו וואונדערן, יאָר אײַן יאָר אויס, ווען די נאָבעל־פּרעמיע ווערט צוגעטיילט — פאַר וואָס די יידישע ליטעראַטורן, אויף העברעאיש און יידיש, ווערן כסדר איגנאָרירט דורך דער שוועדישער אַקאַדעמיע. אין די תקנות איז עס נישטאָ, אָבער ס'האָט געזאָלט הייסן, אַז די פּרעמיע ווערט צוגעטיילט שרײַבערס און אין דער זעלביקער זײַט זייערע לענדער פון געבוירן. היות יידן האָבן נישט געהאַט קיין לאַנד ביז 1948, האָט מען זיי נישט געקאָנט געבן קיין נאָבעל־פּרעמיע.

אָבער, ווי געזאָגט, ווייל ס'איז אַזאַ פּונקט אָפיציעל נישטאָ אין די תקנות פון דער נאָבעל־פּרעמיע, איז עס אַ ווילדער, אימפּעריאַליסטישער צוגאַנג צו דער גרויסער אימפּעריע פון קינסטלערישן וואָרט, וואָס איז אַ ברייטע וועלט פאַר זיך, און גייט ווייט אַריבער די גרענעצן פון באַזונ־דערע לענדער. דער גאַנצער געדאַנק פון ליטעראַטור איז דאָך אויפצו־הייבן זיך איבער די געאָגראַפיש־אָנגעצייכנטע גרענעצן און דערגרייכן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרשטענדעניש.

ס'איז דאָך לעכערלעך, אַז איסלאַנד, מיט אירע 140 טויזנט נפשות, זאָל אָפיציעל יאָ באַטראַכט ווערן פאַר אַ לאַנד, און דער גרויסער יידישער גלות, מיט זײַנע אַמאָליקע 17 מיליאָן נפשות, איז דורך דער שוועדישער אַקאַדעמיע נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ לאַנד, וואָס איז ראוי גע־פּרײַזט צו ווערן.

אָבער ווען די יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן זײַנען אַרײַנגענו־מען געוואָרן אין אינטערנאַציאָנאַלן „פּען־קלוב", האָט מען געשמועסט, אַז ביידע יידישע ליטעראַטורן זײַנען דורך דעם פאַקט שפּראַכלעך אָנערקענט

געוואָרן ווי ליטעראַרישע לענדער און זיי וועלן פיגורירן יעדער יאָר ביים אויסטיילן די פּרעמיע. אָבער, אַ נעכטיקער טאָג! דער אינטערנאַציאָנאַלער „פּען־קלוב" האָט דווקא אַ סך וואָס צו זאָגן ביים באַשטימען דעם נאָבעל־פּרייז, פונדעסטוועגן ווערן נאָך אַלץ אונדזערע ביידע ליטעראַטורן איגנאָרירט. בפרט ווען אין 1948 איז די העברעאישע ליטעראַטור געוואָרן אַ ליטעראַטור פון אַ מדינה, אָן אמתע לאַנד־באַזיצערין. פרעגט זיך אוודאי אַ קשיא, פאַר וואָס מאַכט מען זיך נישט וויסנדיק, אַז יידן האָבן כאָטש אַ לעבעדיקע העברעאישע ליטעראַטור?

געוועזן נאָך אַ שטיקל מניעה — פּאָפּולאַריטעט. ס'האָט געהייסן, אַז מען דאַרף זיין וועלט־באַרימט און וועלט־אָנערקענט, כדי צו קריגן די נאָבעל־פּרעמיע. אָבער אָט דער אונטערגעשריבענער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע פון דער נאָבעל־פּרייז־אַקאַדעמיע איז שוין אויך לאַנג אָפּגעשאַפט געוואָרן. מען האָט די פּאָפּולאַריטעט אָנגעהויבן אויסטייטשן, ווי אָנערקענטקייט פון אַ שרייבער אין דער איגענער ליטעראַטור, אויף דער איגענער שפּראַך.

די בעסטע ראיה איז טאַקע דער געווינער פון דער היי־יאָריקער נאָבעל־פּרעמיע. ער איז איינער פון די אומבאַקאַנטסטע שרייבערס. לאַקסענעס איז אַ פּאָעט, דראַמאַטורג, נאָוועליסט און עסייאיסט, אָבער אמת אָנערקענט און באַוואוסט איז ער בלויז אין איסלאַנד, אַ נאָענטע שכנה פון דער שוועדישער אַקאַדעמיע. ער איז אין גאַנצן אַלט 53 יאָר, אָבער ער האָט געשריבן אַ סך ביכער, ווי ס'פירט זיך געווינלעך ביי די אומות העולם, וואָס זייערע שרייבערס קאָנען זיך מער־ווייניקער מפרנס זיין פון דער שיינער ליטעראַטור.

די אָנערקענונג זיינע איז נישט קיין וועלט־אָנערקענונג. אין גאַנצן איז איין בוך זיינס איבערגעזעצט אויף ענגליש, אַזוי אַז די גרויסע ענגלישע ליטעראַטור האָט פון אים זייער ווייניק געהערט. אין וועבסטערס ביאָגראַפישן ווערטערבוך, וואָס איז דערשינען אין 1943, קריגט האַלדאָר לאַקסענעס אין גאַנצן דריי שורות מיט אַ שטיקל. אָבער אונדזער איגענער ה. לייוויק קריגט אין דעם זעלביקן ביאָגראַפישן ווערטערבוך פולע פיר שורות. דאָס ווייזט, אַז די נאָבעל־פּרייזערס האָבן זיך אויפגעהערט רעכענען מיט ברייטער וועלט־אָנערקענונג, נאָר מיט אָנערקענונג אין דער איגענער ליטעראַטור, ווי זיי האָבן עס באַוויזן מיט הערמאַן העסע, לאַגער קוויסט, מאַרטען דו גאַרד, פראַנס עמיל סילאַנפּאַ, גאַבריעלאַ מיסראַל און אַנדערע.

ס'איז קלאָר, אַז ביי אונדז, אין אונדזערע אייגענע ליטעראַטורן, זיינען פאַראַן פונקט אַזעלכע גרויסע נאַציאָנאַלע באַרימטקייטן, און דאָך קומט ווידער די קשיא, פאַר וואָס האָט מען, למשל, אַזאַ שרייבער ווי טי. עס. עליאָטן יאָ געגעבן די פּרעמיע אין 1948 און פאַרזען גרעסערע קינסטלערס פון אים אויף העברעאיש און יידיש? עליאָט איז פאַקטיש אומאיבער־זעצלעך, האָט מען דורך אים, הייסט עס, געפּרייזט זיינע אויפטוען פאַר דער ענגלישער און אַמעריקאַנער פּאָעזיע, אָבער יידיש און העברעאיש האָבן זיך נאָך נישט פאַרדינט אַזאַ עליה ביי דער שוועדישער אַקאַדעמיע. דער עיקר פאַלט אָ פאַרדאַכט אויף די ליטעראַרישע מעקלערס, ווייל אָן מעקלערס קריגט מען בכלל נישט קיין נאָבעל־פּרעמיע. וויזט אויס, אַז מיר האָבן נאָך נישט געשאַפן פאַר די ליטעראַטורן אונדזערע ריכטיקע מעקלערס אויף אַ וועלטמאָסשטאַב; און די אַקאַדעמיקערס אַליין האָבן פון אונדז נישט גע־הערט, ווילן נישט הערן און זיינען מסתמא אומגעדולדיק, ווען מען דער־מאָנט זיי יאָ אַ מאָל, אַז ס'איז דאָ אַ העברעאישע אָדער אַ יידישע ליטעראַטור.

נאָך עפּעס: אַפילו ווען ס'דערשלאָגן זיך שוין יאָ עטלעכע מעקלערס קיין שטאָקהאָלם, פעדלען זיי אפשר מיט די נישט־ריכטיקע נעמען. זיי ווייסן נישט, אַז יענע נעמען זיינען אפשר גרויס און ברייט, אָבער זייער שאַפן איז נישט קיין טייל פון דעם לעבעדיקן ליטעראַרישן שטראָם פון אונדזער היינטצייטיקער וואָרטקונסט. וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט גאָר אַ סך מאריך זיין, אָבער ס'איז דערוויל גענוג אָנצואווייזן אויף דער דאָ־זיקער דערשיינונג.

די שרייבערס, וואָס האָבן געקראָגן פּרעמיעס אין די לעצטע זיבן־אַכט יאָר, פון אַנדרעי זשידן אין 1947 און דעם שוין דערמאָנטן עליאָטן אין 1948, זיינען היינטצייטיקע קינסטלערס פון וואָרט אין גאָר אַ סך פּרטים. זיי זיינען נישט קיין פעטע באַלמעלאָכעס פון דער אַלטער שרייב־שולע, וואָס גיסן אַ סך שרייבערישן שמן־זית און שאַפן ברייטע קאַנוועס פון שילדערונגען, וואָס מען דליבעט אַרויס פון די ענציקלאָפּעדיעס. מיר פאַרגעסן, אַז שענקיעוויטש, למשל, האָט געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע אין 1905, און מיר קומען נאָך ביים היינטיקן טאָג מיט אונדזערע שענקיע־וויטשעס און מיר בעטן פאַר זיי פּרעמיעס. איך דערוועג זיך צו זאָגן, אַז אַפילו טאָמאַס מאַן, וואָס האָט געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע אין 1929, וואָלט זי נישט געווען געקראָגן, ווען ער וואָלט זי געמאָנט פאַר זיינע לעצטע ווערק, אַפילו פאַר זיין מאָנומענטאַלער יוסף־אַרכיטעקטור.

אָבער, ווי געזאָגט, דאָס איז אַן ענין, וואָס מען וואָלט איבער אים געמעגט שרייבן און שרייבן.

האַלדאָר לאַקסנעס איז באַקאַנט ווי אַן אַנטי־אַמעריקאַנער. אין 1930 האָט ער פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט אין אַמעריקע, אָבער ער האָט געהאַט אַ סך צרות און מען האָט אים אַפילו געוואָלט דעפּאָרטירן. ער איז אַוועק־געפאָרן מיטן פרייען ווילן, און פון דעמאָלסט אָן געבליבן אַ שונא פון אַמעריקע. ער איז אויך אַ קאָמוניסטישער סימפּאַטיקער, כאָטש ער אַליין לייקנט זיין קאָמוניזם. אין מאָסקווע אָבער האָט מען יאָ אָנערקענט זיינע פאַרדינסטן און אים מכבד געווען מיט דער סטאַלין־פּרעמיע.

לאַקסנעס איז געווען אַ שרייבעריש וואונדערקינד. ווען ער איז בלויז אַלט געווען 17 יאָר איז ער שוין געווען אַ מחבר פון אַ בוך, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם. ער איז אַ ביסל פאַרדעכטיק, ווייל ער לאָזט זיך צו־לייכט באַקערן. ער איז שוין באַקערט געוואָרן צום קאַטאָליציזם און אָנגעשריבן אַ פרום קאַטוילִיש בוך און אַ צייט געווען אַ מאָנאַך; מיט יאָרן שפּעטער איז ער באַקערט געוואָרן צום קאָמוניזם און ער האָט געשריבן פּונקט אַזעלכע פרומע עסייען וועגן זיין פרישער באַקערטקייט. ער איז אַ סאָציאַ־לער סאַטיריקער און אין זיין היימלאַנד ווערט ער הויך געשעצט. מען זאָגט יאַקבי, אַז ער האָט נאָך פאַר אַ יאָרן געזאָלט קריגן די נאָבעל־פּרעמיע, אָבער אונדזער ערנסט העמינגוועי האָט זי ביי אים אויסגעכאַפּט.

די גאַנצע מעשה מיט די נאָבעל־פּרעמיעס רופט בכלל אַרויס פאַר־גלייכן מיט אונדזערע אייגענע קלענערע פּרעמיעס אויף יידיש און העברע־איש. אויף אַ גרעסערן מאָסשטאַב ווערן אויפגעשפּילט אַרום דער נאָבעל־פּרעמיע די זעלביקע ליידנשאַפטן, ווי אַרום אונדזערע אייגענע ליטעראַ־רישע פּרייזן. שרייבערס זיינען מענטשן און האָבן אַפּעטיטן, און ווען ס׳קומט צו אַ ביסעלע כבוד, טוט מען „אייניקעס”. דאָס איז דאָך נאָך אַלעמען די קינאה, וואָס דאַרף מערן חכמה, אָבער אַרום די פּרעמיעס ווערן צעשפּילט אַ סך מענטשלעכע נאַרישקייטן.

וועגן דער נאָבעל־פּרעמיע האָב איך שוין אַ מאָל געזאָגט, אַז אויב זיי האָבן פון 1901 אָן, ווען מען האָט אָנגעהויבן טיילן פּרעמיעס, נישט געזען טאָלסטאָיען אָדער אונדזערע אייגענע קלאַסיקערס — מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, ביאַליק, איז דאָס גאָלד פון דער גילדענער ליטעראַ־רישער קרוין, וואָס די נאָבעל־פּרעמיע שטעלט מיט זיך פאָר, נישט קיין אַכצן און אַפילו נישט קיין פערצן קאַראַט. אָבער די 36 טויזנט דאָלער

זיינען גאַנץ שווער געלד, און ס׳איז אַ פיינער ״האָנאָראַר״ פאַר ליטעראַרי־שער אַרבעט.

כ׳קען אַ צוויי־דריי יידישע שרייבערס, וואָס וואַלטן זיך ממש מחיה געווען מיט אַזאַ סומע, און זיי וואָלטן עס טאַקע כשר פאַרדינט, נישט ווייניקער ווי דער איסלאַנדישער שרייבער לאַקסנעס.

(טאָג־מ״זש, אָקט׳ 30, 1955 ; נאָוו׳ 7, 1958)

## ווען די „יונגע״ זיינען יונג געווען

דער נאָמען „די יונגע״ פאַר דער יונגער גרופּע פּאָעטן און דער־ציילערס, וואָס האָט געמאַכט די ערשטע ליטעראַרישע רעוואָלוציע אין דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, איז געווען אַזאַ מזלדיקער, אַז דער צונאָמען איז פאַרבליבן ווי אַ באַצייכענונג פאַר יעדן איינעם פון דער גרופּע, אַפילו ווען דער שטורעם איז געווען אַריבער און די רעוואָלוציע איז געווען אַ געוואונענע. די „יונגע״ זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשטערט דעם איינגעשטעלטן שלום פון דער אַמעריקאַנער יידישער לי־טעראַטור. עלטערע יידישע שרייבערס האָבן מער געשריבן ווי אָרומגערעדט — שרייבן. די „יונגע״ זיינען געווען די ערשטע, וואָס זיינען געקומען מיט פאָדערונגען צו זיך און צו דער איינגעפונדעוועטער ליטעראַטור.

ווער ס׳האָט דער גרופּע יונגוואַרג אַ נאָמען געגעבן „יונגע״ איז נישט באַקאַנט. ווען זיי זיינען דערשינען און געמאַכט פּלאַץ פאַר זיך מיט ליטעראַרישע עלנבויגנס, זיינען נאָך די עלטערע שרייבערס נישט געווען אַלט. די עלטערע שרייבערס האָבן — יעדער איינער — געשריבן פאַר זיך, אָבער די יונגע שטורעמערס זיינען געקומען מיט געמיינשאַפטלעכע אינ־טערעסן און דאָס האָט אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט ביי די עלטערע שרייבערס. די „יונגע״ האָבן אין אָנהייב געהאָלפן איינער דעם אַנדערן זיך אַנטוויקלען — מיט וואַרעמער חברשאַפט.

די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע איז זייער אַ מאָגערע און אַ צעוואָרפענע, און עס איז דערפאַר אַנגעלייגט יעדער צוגאָב, וואָס גיט אונדז אַ באַגריף וועגן דעם אָנהייב פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער אַ געצייכנטע פאָרטרעטן־גאַלעריי פון יידישע שרייבערס עקסיסטירט כמעט נישט. די צוקונפטיקע דורות וועלן האָבן אַ סך שוועריקייטן אויסצוגעפינען פּרטים וועגן די ערשטע גרינדערס און באַגרינדערס פון דער היגער פּאָעזיע און פּראָזע. דערפאַר איז אַ געווינס אפילו אַ קליינע בראָשור, וואָס איז נאָר וואָס דערשינען וועגן די ערשטע טריט פון די יונגע. דער דיכטער און דערציילער יצחק בלום איז שוין געווען אַ שרייבער מיט אַ שטיקל נאָמען, ווען די „יונגע" האָבן ערשט גענומען שטעלן טריט און זיך פאַרמאָסטן פאַר דעם קאַמף קעגן דער דעמאָלסט איינגעפונדעוועטער יידישער ליטעראַטור. יצחק בלום איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ זעכציק יאָר צוריק. ער האָט געוואָלט קאָמבינירן שרייבערייַ מיט אַרבעט אין אַ שאָפּ. אָבער ווי נאָר מען האָט אויסגעפונען, אַז דער „מיסטער אייזיק", ווי מען האָט אים גערופן, איז אַ שטיקל „שרייבער", האָט עס אַרויסגערופן פאַרדאַכט ביי די אַרבעטערס און ביים באַלעבאָס, אַז אַזאַ איינער מוז זיין „אַן אַנאַרכיסט, אָדער ציציליסט" און ער וועט נאָך, חלילה, איינפירן „יוניע". האָט מען אים אַזוי לאַנג אַרויסגעוואָרפן פון די שעפער, וואו ער האָט געקראָגן אַרבעט, אַז אים איז נימאס געוואָרן דער פּראָלעטאַרישער נע־ונד מיט דעם שרעקצייכן פון אַ שרייבער און איז אַליין געוואָרן אַ שטיקל „באָס" פון אַ געשעפטל אין די בראָנקס, וואָס איז נאָך דעמאָלסט געווען דער נישט באַזעצטער טייל פון ניו־יאָרק. בלום האָט גערייניקט און געפּרעסט מענערשע אַנצוגן און געשריבן דערציילונגען פאַרן „פאָרווערטס" און לידער פאַר דער „פרייע אַרבעטער שטימע". אַט דאָס געשעפטל איז גיך געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון די „יונגע", וואָס האָבן זיך דעמאָלסט אויך קאָנצענטרירט אין די בראָנקס.

יצחק בלום באַשרייבט זיין פריינדשאַפט מיט די „יונגע", נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן זייער ליטעראַרישע רעוואָלוציע. צו אים אין „סטאָר־קע" פלעגן די יונגע אַריינקומען און ביי אים זיינען אויסגעבריט געוואָרן די ערשטע ליטעראַרישע פּלענער.

יצחק בלום דערציילט עס אין אַ העפטל פון אַ 32 זייטן, וואָס ער רופט: „אין מיין ליטעראַרישער אַכסניה", וויל זיין „סטאָרקע" איז גיך געוואָרן די אַכסניה פאַר די „יונגע". יצחק בלום איז שוין אויך, לויטן

באַגריף פון די „יונגע", געווען אַ פאַרעלטערטער שרייבער, כאָטש ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן אין די ערשטע צוואַנציקער, אָבער אים האָבן די „יונגע" טאָלערירט, כאָטש זיי האָבן אייגנטלעך אידעאיש געשטורעמט אויך זיין נאָך נישט צו־זיכערע פּאָזיציע. צווישן אים און זיי האָט זיך איינגעשטעלט אַ געוויסע נייטראַליטעט. יצחק בלום האָט געשפּירט אין יעדן איינעם פון זיי אַ כוח, וואָס האָט זיך אין אַנטוויקלען, און זיין „אַכסניה" איז געווען אָפן פאַר זיי.

יצחק בלום אַנטפּלעקט נישט קיין געוואַלדיקע נייעסן וועגן דער גרופּע. ער ווייזט אונדז אויך נישט די גייסטיקע טריט פון דער גרופּע און אין וואָס איז באַשטאַנען די רעוואָלוציע. אין די ראַמען פון אַ קליינער בראָשור איז אים אַפילו געווען אוממעגלעך צו געבן אויספירלעכע כאַראַקטער־שילדערונגען פון די יונגע אַנהייבערס, אָבער זיינע דערמאָנונגען זיינען אַ געווינס פאַר דעם שלעכטן זיכרון פון אונדזער ליטעראַטור, וואָס ווייסט נישט וואָס צו געדענקען און וואָס ס'איז כדאַי צו געדענקען. יצחק בלום דערנענטערט זיך שוין אָט־אָט צו אַכציק. אים פעלן, דאַכט זיך, בלויז אַ דריי יאָר, און ער אַליין האָט שוין מסתמא געגוג פאַרגעסן, דאַרף מען אים דאַנקען פאַר דעם ביסל, וואָס ער האָט פאַרצייכנט אין זיינע הויט־און־ביין זיכרונות פון יענע צייטן. יצחק בלום זאָגט אַליין אויף זיך, אַז „די געפילן און איבערלעבונגען זיינען געווען שטאַרקער" פון זיין טאַלאַנט. בלום מיינט דערמיט זיין אייגענעם אַנהייב. אָבער פאַר אַ גרינט־לעכער ביאָגראַפישער געשיכטע פון די „יונגע" פאָדערט זיך אויך אַ סך מער, ווי יצחק בלום האָט געקאָנט געבן.

בראָנקס האָט זיך דעמאָלסט גערעכנט פאַר אַזאַ ווייטער ניו־יאָרקער „פּראָווינץ", אַז יצחק בלום האָט געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן צו זיין נאָמען איבער זיינע דערציילונגען די ווייטע „מדינה". ער פלעגט זיך אונטערשרייבן „יצחק בלום, בראָנקס". דאָס האָט גלייך געבראַכט די „יונגע" צו אים אין געשעפט, ווייל זיי האָבן גיך אויסגעפונען, אַז צווישן זיי וואוינט אַן „אַנערקענטער" און „געדרוקטער" שרייבער.

אָפּאַטאָשו איז געווען אַן אַריינגייער אין בלומס אַכסניה. ער איז נאָך נישט נתגלה געוואָרן און ער איז בכלל געווען דער שפּעטסטער זיך צו אַנטפּלעקן פאַר דער חברה ווי אַ שרייבער. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער און אומגעריכטער שטריך. אָפּאַטאָשו, וואָס האָט נאָך דעמאָלסט געהייסן יוסף אָפּאַטאָווסקי, איז זיכער נישט געווען קיין שעמעוודיקער, אָבער ער האָט געהאַט דעם כוח זיך צו רייפן ביחידות. ער האָט שווער און ביטער

געאַרבעט. אין דער פרי האָט ער צעטראָגן צייטונגען, נאָך מיטאָג איז ער געווען אַ לערער אין אַ תלמוד תורה און אין אָונט האָט ער שטודירט אויף אינזשינער. ס'איז קלאָר, אַז אין בילדונג און אין יידיש וויסן איז ער געשטאַנען העכער פון דער גרופּע, אַחוץ פון איינעם — י. י. שוואַרץ, וואָס איז אויך געווען אַ תלמוד תורה־לערער. אָבער אָפּאַטאָווסקין האָט פּאַרט געצויגן צו דער גרופּע, אַפילו ווען ער האָט נאָך קיינעם נישט אויסגעזאָגט, אַז ער שרייבט אונטער און אַז ער איז אַ קאַנדידאַט אויף פולער מיטגלידערשאַפט פון דער גרופּע.

יצחק בלום שילדערט אים אַזוי: „אַ דינער, מיט אַ האַלב־איינגעבויגענער פּלייצע, אַ פּנים פון דער שווערער משא פון די צייטונגען; אַ שמאָל, איינגעצויגן פּנים, אויפן קאָפּ אַ היימיש, פּלאַטשיק וועליסאָפּעדן־היטעלע, פון פאָרנט האַלב אַריבערגעלאָזן איבערן דאַשיק".

אין יצחק בלומס „אין מיין ליטעראַרישער אכסניה" קריגן מיר אַ גוט געצייכנטן פּאָרטרעט פון דעם פּאָעט אַברהם משה דילאָן, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין לעבן „ווי אַ נישט־געדרוקט ליד". ער איז געווען דער פריינד פון אַלע „יונגע", אָבער אין תוך איז ער געווען אַ טראַגישער מענטש, מיט אַ שטאַרקער ליבע פאַר פּאָעזיע, מאַלעריי און מוזיק, וואָס ער האָט נישט געקאָנט צו־גוט אויסדריקן. מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַ גלייכבאַרעכטיקטן מיטגליד, אָבער „ער איז געבליבן שטענדיק... אַן איבעריקער, אַ זוכנדיקער".

טרעפלעכע אָבער איבערפלעכלעכע שילעדרונגען אין דער קליינער בראָשור לייענען מיר אויך פון משה יונה כאַימאָוויטשן, דעם „אַריסטאָקראַט" פון דער גרופּע, „די קליידער, וואָס ער האָט געטראָגן, האָבן אויף אים געמוזט פּאַסן. זיינע הויזן האָבן שטענדיק געמוזט זיין אויסגעפּרעסט מיטן ריכטיקן, שאַרפן קנייטש אין דעם פראָנט".

דער פאַרגעסענער דיכטער יואל סלאָנים, נישט קיין מיטגליד פון דער גרופּע, איז אויך געווען אַן אַריינגייער אין בלומס „אכסניה". סלאָנים איז שוין געווען אַ צעהאַלבטער, אַ גוטער צייטונגסמאַן און אַ וועכנטלעכער פּאָעט אין זיין צייטונג. ער איז געווען דער אַמעריקאַנער, וואָס „האָט געזוכט אַריינצוברענגען דעם אַמעריקאַנער מאָטיוו, דעם אַמעריקאַנער ריטעם און קלאַנג פון דער ריזיקער בויקראַפט, דעם גרויסן שעפערישן כוח פון אַמעריקע". פון סלאָנימען איז נישט געבליבן קיין איין בוך לידער און זיינע יורשים האָבן זיך קיין מאָל נישט געזאָרגט, אַז דעם טאַטנס נאָמען זאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

מיט גרויס פאַרערונג שרייבט יצחק בלום וועגן מ. ל. האַלפּערן, וואָס האָט זיך אַ צייט געלערנט פּרעסן הויזן ביי בלומען און געהאַלטן אין איין פאַרברענען זיין מלאכה. מ. ל. האַלפּערן האָט דעמאָלסט געהונ־גערט און נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

— אַזוי שמאָל האַלט עס מיט אייך? — האָט אים בלום געפרעגט.

— ערגער ווי איר קענט זיך פאַרשטעלן.

משה לייב האַלפּערן איז געבליבן בלומס „באַרדער".

„איך פלעג הנאה האָבן צו שטיין פון ווייטן און זען ווי משה לייב האַלפּערן זיצט איינגעגראָבן מיט די אויגן אין פּאַפּיר און זיין לייבנקאָפּ וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ, שרייבט און מעקט און שטיל פאַר זיך ברומט ער אונטער עפּעס אַזאַ מאָדנעם ניגון, אַ ניגון, וואָס זינגט זיך אַרויס פון זיך אַליין, פון דער טיפקייט פון שעפערישן געמיט... די דריי חדשים, וואָס משה לייב האַלפּערן איז מיט מיר געווען, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז אַלץ אַרום מיר און אין מיר איז עפּעס גייסטיק רייכער געוואָרן. ס'האָט זיך געשפּירט אַ יום־טובדיקע שטימונג, מיט יום־טובדיקן געזאַנג. ביי דער אַרבעט האָט זיך מיר אָפט מאָל געדאַכט, אַז דער הייי־סער פּרעסאייזן זינגט".

מיט ליבשאַפט באַשרייבט יצחק בלום דעם „דאַמענהעלד" פון די יונגע, דעם יונגן י. י. שוואַרץ. „איך גיי ביי שוואַרצס זייט און נעם פון אים די אויגן נישט אַראָפּ. איך באַוואונדער זיין אויסזען, זיין הויכע שלאַנקע געשטאַלט, זיין מוט און ספּראַווען זיך מיט מיידלעך, און מערק־ווירדיק, איך פיל נישט קיין קינאה צו שוואַרצן פאַר זיין אויסנעמען ביי זיי. פאַרקערט, איך פאַרגין עס אים פון גאַנצן האַרצן, ווייל ס'איז שוואַרץ, שוואַרץ דאָס גרויסע קינד, וואָס איז שטיפעריש און לעבנסלוסטיק".

אין יצחק בלומס „אכסניה" זיינען אריינגעקומען זישא לאַנדוי, דוד איגנאַטאָוו און אַפילו אַזאַ פרעמדער פאַרשוין ווי קאָנראַד בערקאָוויץ, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי קאָנראַד בערקאָוויסי.

מסתמא זיינען פאַראַן עפּיזאָדן אין יצחק בלומס מעמואַרן, וואָס דאַרפן קאָרעגירט ווערן. קנאַפּע זעכציק יאָר זיכרונות מוזן ליידן פון צייטאָפּמעק. יצחק בלום, למשל, האַלט אין איין רופן דעם באַרימטן פּאָעט ה. רויזנ־בלאַט — ראָזענבלאַט. מאַני לייב „דער פּרינץ" פון די „יונגע", ווערט בלויז דערמאָנט, אָבער נישט געשילדערט.

אויב מען זוכט נישט אין יצחק בלומס „אַכסניה״, וואָס איז דאָרטן נישטאָ, קאָן מען דאָרטש געפינען אַ צאָל גאַנץ אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן פון יענער צייט, ווען די „יונגע״ זיינען אויף אַן אמת יונג געווען.

(טאָג־מ״זש, דעצ׳ 6, 1964)

# אַ שנעללויף איבער דער יידישער פּאָעזיע

.1

די באַשיידענע יידישע זינגערס, וואָס האָבן פאַרפאַסט די אַזוי גערופענע יידישע פאָלקסלידער, האָבן נאָך נישט געזאָרגט פאַר אומ־שטאַרבלעכקייט. ערגעץ וואו אין אַלקער איז אַ יידיש ליד געבוירן געוואָרן און גיך געוואָרן דאָס אייגנטום פון פאָלק. די מאַמע ביים וויגל, דער שוסטער ביי דער נאָל, דאָס פאַרבענקטע מיידל ביים פענצטער — אַלע האָבן געזונגען דאָס ליד און מיט דער באַוואוסטער אומדאַנקבאַרקייט פון פאָלק, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן, ווער עס האָט דאָס ליד פאַר־פאַסט. עס האָט קיינעם נישט געקימערט, ווייל נאָך אַלעמען, איז דאָך דער מחבר פון יידישן פאָלקסליד געווען אַ פאַרזיגלט בוך. ער האָט באַר געזונגען וועגן אַלגעמיינע זאַכן: וועגן ליבע, וועגן אַוועקוואַרפן אַ יונג מיידל, וועגן „סאָלדאַטשינע״, וועגן יידישע יום־טובים. דער מענטש, דער יחיד, האָט געפילט זיין אומוויכטיקייט, האָט געפילט, אַז ער איז נישט מער ווי אַ קינד פון זיין פאָלק, אַ געראָטן קינד, מעג זיין, וואָס קאָן פּאַסיק אויסדריקן די נשמה פון פאָלק, אָבער דאָך אַ בטל בשישימדיקער יחיד.

דעם געדאַנק פון אייגענער אומוויכטיקייט אין פאַרגלייך מיטן כלל טרעפן מיר אויך אין השכלה־פּעריאָד... דער דיכטער אין השכלה־פּעריאָד קוקט אויף זיך ווי אויף אַ מענטש מיט אַ הייליקער מיסיע, אַ מענטש, וואָס מוז זיין אָדער אַ מוכיח, וואָס „מוז״ אָנווייזן די איבלען אין אונדזער לעבן, אַראָפּרייסן טייל אַלטע „פאַרשימלטע״ יידישע מנהגים,

„אויסמענטשלען" דעם ייד, אויפהייבן אים צום סטאַטוס פון נישט־ייד. דער ייד, וואָס האָט געשריבן לידער מיט די אויבן־דערמאָנטע טענדענצן, האָט מיסתמא געהאַט אַ ווייב, געהאַט זיין אייגן קליין לעבן מיט די קליינבירגערלעכע פּאַסירונגען, אָבער וואָס איז ער אַליין געווען אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער אַרבעט פאַרן כּלל? דערפאַר איז דער השכּלה־דיכטער געווען אַן ערנסטער, פּאַרוואַלקנטער מענטש. נישט נאָר דאָס ליד אָדער דאָס וואָרט איז אים זייער וויכטיק, נאָר אַפילו דער טראָפּן טינט, וואָס געבירט דאָס ליד (יל"ג אין „טיפּת דיו"). אַ מאָל האָט זיך אויך דעם השכּלה־דיכטער פאַרגלוסט אַ שטיף צו טאָן, האָט ער אַפילו געזונגען וועגן אַזאַ זאַך ווי ליבע. האָט ער אַזוי פּאַרטלית־קטנט די „אהבה בת השמים", ווי עס פּאַסט פאַר אַ דיכטער אַ בעל מטופּל מיט אַ ווייב און אַ האַלב טוץ קינדערלעך. אָבער ווער איז דער דיכטער אַליין, דער אַפּלאַכער פון אונדזערע מינהגים, דער מחבר פון „קוצו של יוד"? ווער איז ער? אַט ווער:

צום ביכל האָט שוין דער השכּלה־דיכטער געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן זיין בילד, פון וועלכן מיר זיינען געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט אָדער געטראָגן אַ יאַרמולקע אָדער געגאַנגען „בגילוי ראש". אָדער געטראָגן אַ קורצע באָרד, אַ לאַנגע באָרד, צי אין גאַנצן געווען אַ גלוח. און איז ער געשטאָרבן, האָט זיך געפונען אַ פריינד, וואָס האָט אונדז מזכּה געווען מיט זיין ביאָגראַפיע, מיט אַ קורצער אָדער אַ לאַנגער, מיט דעם סכום פון „געבוירן, געלעבט און געשטאָרבן". דאָס איז געווען אונדזער גאַנצע באַקאַנטשאַפט מיט דעם דיכטער פון השכּלה־פּעריאָד.

.2

די יידישע טרובאַדורן, די בראָדער זינגערס, וואָס האָבן פאַרשפּרייט דאָס יידישע פאָלקסליד, האָבן גאַנץ אָפט פאַרפאַסט זייערע אייגענע לידער, אָבער זיי האָבן עס געהאַלטן פאַר אַזוי אומוויכטיק צו דערציילן, אַז קיינער פון די צוהערערס, וואָס האָבן הנאה געהאַט הויפטזאַכלעך פון דעם יידישן קרעכץ, האָבן נישט געוואוסט, אַז דאָס האָבן זיי די ערע צו הערן די לידער פון די מיילער פון די דיכטערס אַליין.

אויף דער אכסניה האָבן די בראָדער „לעביונגען, אַקטיאָרשטשיקעס און הוליאַקעס" פאַרפאַסט זייערע לידער, געלעבט זייער פריי קבצניש לעבן, געהונגערט וואָכן און צייטנווייז זיך גוט אָנגעשיכורט. אָבער ווער

דאַרף עס וויסן, אַז סיי־ווי האָט דאָס פאָלק געקוקט אויף זיי פון אויבן אַראָפּ און געגאַנגען זיי הערן נאָר צוליב דעם, וואָס אָט די „באַסיאַקעס״ זיינען געבענטשט געווען מיט אַ גוטער כלי — אַ האַלדז צום זינגען. און ווען אַברהם גאָלדפאַדען פרואווט שוין כלומרשט צו זינגען וועגן זיך אַליין:

יעדער האָט געהערט מן־הסתם
און אפשר געזען מיט די אויגן,
ווי דער ווינט טרייבט אַ שיף אויפן ים,
ווי זי פליט פייל אויסן בויגן.
אָבער גיכער פון אים פליען געשווינד
מיינע יונגע יאָרן אַוועק...

פאַראַלגעמיינערט עס אַזוי, אַז זיין אייגענע ספּעציעל־פּאַרפאַסטע מעלאָדיע און די ווערטער דערציילן אונדז אַלעמען אַן אַלגעמיינעם אמת, אַז פון יונג ווערט מען אַלט, און אָט, אָט דאַרף מען זיך שוין גרייטן אין וועג אַריין. אָבער ווער איז דער אינטעליגענטנער „קאַזיאָנער ראַבינער״, דער אידעאַליסט, דער טרוימער? ער אַליין — ווער איז? ווי זעט אויס די צעפּיצלטקייט פון זיין אייגענער נשמה, זיין הייבן און פאַלן, זיינע מאָמענטן פון ייאוש און פון עקזאַלטאַציע? ווער איז דער באַגאַבטער בדחן אליקום צונזער און דער נאָך מער באַגאַבטער וועלוועלע זבאַרזשער? עס איז פשוט פאַרדריסלעך, וואָס די מענטשן האָבן נישט צוגעגעבן קיין וויכטי־קייט זיך אַליין, נאָר געקוקט אויף זיך ווי אויף מיסיאָנערן, וואָס זיינען מער נישט ווי בלינדע אינסטרומענטן, דינערס פון פאָלק, זיינע טרייסטערס און וועקערס. זיי מוזן זינגען וועגן „רחל מבכה על בניה״, וועגן „שיבת ציון״, און ווען מען וויל עפּעס וויסן וועגן די מחברים אַליין, מוז מען עס לערנען פון טרוקענע ביאָגראַפן, ווייל זיי זיינען אַלע געוואָרן קליינע שרייפּעלעך פון אַן עפּאָכע, טרוקענע ליטעראַטור־געשיכטע און נישט קיין לעבעדיקע מענטשן.

מיט רייזענען געווינט די יידישע ליטעראַטור דאָס, וואָס דער דיכטער ווערט שוין קלערער פאַר אונדז. עס איז אמת, אַז ווען רייזען דערציילט וועגן זיך, פילט זיך נאָך אויך די יידישע מאָסע; זיין פּיין איז נאָך אַזוי אַלגעמיין, אַז עס איז דער פּיין פון דעם דורכשניטמענטש. אָבער מיר קריגן דאָך שוין אַ ביסל פון דעם דיכטערס אייגנאַרטיקן, קלוגן בליק אויפן לעבן, כאָטש דער דיכטער ווי אַ גאַנצער מענטש איז נאָך אויך פאַר־הילט אין זיבן שלייערס. רייזען פילט אויך באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט דעם דראַנג צו ווערן באַקאַנט צווישן עולם. ער פאָרט פון לאַנד צו לאַנד,

פון שטאָט צו שטאָט און זאָגט: „יאָ, איך בין דאָס דער דיכטער פון 'מאי קאָ משמע לן', איך האָב געשריבן: 'הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן', און דאָס פאָלק קריגט צום ערשטן מאָל דרך־ארץ פאַר זיין דיכטער: אָט דאָס איז רייזען, אָט דאָס איז אונדזער דיכטער. און ווייל מען זאָגט עס אין גאַליציע, אַמעריקע, רוסלאַנד און פוילן, ווערט דאָס געשריי אַ הויכער, אַ שטאַרקער: אָט דאָס איז אונדזער דיכטער.

דער יונגער דוד איינהאָרן איז שוין מער אַמביציעז. ער פילט שוין, אַז ער איז אויך וויכטיק און ער פּרובירט אונדז דערציילן וועגן זיך אַליין. „פּאַרשטייט" ער אָבער, אַז כדי צו זיין אַ יידישער דיכטער, כדי מיט עפּעס זיך אונטערשיידן פון די רוסישע ליריקערס, מיט וועלכע אַלע לידער זיינע זיינען אָנגעהויכט, מוז ער ווינקען צום פּרוכת, צום חזן און זינגען צו די יידישע טעכטער. עס קריגט זיך דאָס פּאַרדריסלעכע בילד פון אַ מענטש, וועמענס פּנים מען האָט שוין אַ ביסל יאָ געקענט זען, ווערט עס אָבער פאַרוואָלקנט מיט דער אידעע־פיקס פון נאַציאָנאַלע מאָטיוון און פון יידישע קליידלעך אויף סלאַווישער ליריק. דאָך איז פאַר אונדז וויכ־טיק, אַז איינהאָרן איז דער ערשטער, וואָס שטויסט זיך אָן, אַז ער פּער־זענלעך איז אויך וויכטיק און אַז זיין עגאָ האָט פּונקט אַזאַ ווערט, ווי די מיסיע פון זיין זינגען, בעמלעך: בייצוטראָגן אַלע יאָר אַ בוך צום אוצר פון דער יידישער פּאָעזיע.

אַ בוך, אַ געבונדן בוך, ווערט ליטעראַטור, צו דעם שטרעבן איינהאָרן און די, וואָס זינגען מיט אים אין אייראָפּע. נישט מענטשן — נאָר ביכער. נישט דערציילן אויפריכטיק וועגן זיך, נאָר „אויסצאַצקען ליטעראַטור" מיט נעמען פון דער מיטאָלאָגיע און מיט אַלע ליטעראַרישע שאַר־ירקות.

.3

אין דער גרויקייט פון ניו־יאָרקער קעסלגרוב, אין דעם שאָטנדיקן שימער פון איסט־בראָדוויי און אין דעם חצופיש־קינסטלערישן נאַכטליכט פון בראָדוויי, דאָ, וואו יעדער איינער מוז פאַר זיך „מאַכן אַ לעבן", אָפּגעריסן פון אַ סביבה, וואָס זאָל קוקן מיט דרך־ארץ אויף יעדן ווייס־הענטיקן אַלימפּיאָנער; דאָ, וואו דער דיכטער גייט אומבאַמערקט פון אַלעמען ווי אַ שאָטן דורך די ניו־יאָרקער גאַסן, ווערט צוזאַמען מיט יעדן צעקוועטשט אין סאָבווייען און אין עלעוויייטערס, קומט צוזאַמען מיט יעדן ביי נאַכט אַהיים אַן אויסגעשמירטער — אָט אין דעם קעסלגרוב האָבן עטלעכע יונגעלייט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז אין דער דערלייזונג

פון כלל ליגט נישט זייער דערלייזונג, אַז זי ווי יחידים טרינקען זיך נאָך אַלץ אין גאַל פון זייער אייגענעם פּיין. יעדער פון זיי האָט דערזען, אַז

אײנזאַם בין איך
אײנזאַם איז מײן לעבן
אײביק... (ה. לייוויק)

נו, איז וואָס, אַז ס'פּאַרט דער מענטש, אַז ס'פליט דער מענטש, אַז ס'וועלן זיגן די אָדער יענע זעלבערס, „נאָר וואָס וועט זיין מיט מיר?" און דער יונגערמאַן, אָפּגעריסן פון היימישע, אין דעם רויך פון אַ שטאָט, וואָס האָט זיך מיט זיין בלוט נאָך נישט פאַרמישט, דערפילט פּלוצעם זיין אייגענעם פּערזענלעכן אומגליק און קומט צום אויספיר, אַז

איך
בין
אַ פאַרלאָרענער אויף אייביק... (זישא לאַנדוי)

און ווייל ס'האָבן עס אינסטינקטיוו דערפילט עטלעכע יונגעלייט, האָט עס געהייסן אַ גרופּע. און ווייל די עלטערע זיינען נישט געוואוינט געווען צו אַ טאָן פון זינגען וועגן זיך אַליין, האָבן זיי די גרופּע אָנגערופן „יונגע", וואָרעם אַזוי און נאָר אַזוי האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם גיין אַרום זיך אַליין. יונגע און געצנוג. זיי וועלן עלטער ווערן, וועלן זיי ווערן קליגער.

אין גרויקייט פון דער גרויסער שטאָט, אין בלייענע וואָכנטעג און אין וואָכעדיקע יום־טובים, האָבן די יונגע דערזען דעם אמת. נישט ליטעראַרישע דעליקאַטעסן און שיינע ליגנס איז דער וועג, נאָר מיאוסע אמתן. זיי, די יונגע, האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי זיינען וויכטיקער פון כלל, אַפילו וויכטיקער פון קונסט.

די יונגע האָבן די ערשטע דערפילט דעם דראַנג נישט צו וועלן זיין מענטשן, וואָס שרייבן ליטעראַטור, נאָר מענטשן. אָט דאָ איז מיין ביכל לידער, דאָס בין איך מיט אַלע מיינע מעלות און חסרונות. אָבער אין אָט דעם פּרט זיינען זיי נאָך אַלעמען נישט אַ סך ווייטער געגאַנגען פון די אַלטע.

און די וועלט איז מער ראַפינירט און איילט זיך נישט צו געבן, ווי אין די משכילישע צייטן, דאָס בילד פון מחבר, דערציילט אייך דער יונגער אין אָנהייב פון ביכל אין זיין ערשט ליד:

איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר
און גרינע אויגן. (מאַני לייב)

אַזוי פאַרטאָן זײַנען די „יונגע״ געוואָרן אין זייער אייגענעם ווינקל, אַז טייל פון זיי האָבן פאַרגעסן, אַז ווען אַט דער איכל ווערט שוין יאָ אַרויסגעבראַכט אין בוך, ווערט ער ערשט אינטערעסאַנט. געבן זיך איז אפשר דער וועג, אָבער „במה דברים אמורים״? אַז דער „זיך״ איז אַן אינטערעסאַנטער, נישט קיין פערזאָן, נאָר אַ פּערזענלעכקייט. הערט:

איך — איך — איך —
אַזוי קלאַפּ איך אויס
מיט דעם קלאַנג פון מיין טראָט —
דאָס ליד פון מיין איך.
און שווער איז מיין טראָט
אויף דער שטיינערנער ערד,
און רוישיק דאָס ליד
פון דער שטיינערנער שטאָט,
און אין דעם גערויש כסדר זיך הערט
דער קלאַנג פון מיין טראָט:
איך — איך — איך — (ל. מילער)

דער דיכטער וויל אויסזינגען דאָס ליד פון זיין איך און עס באַקומט זיך דאָס בילד פון אַ קינדעריש פּיסל, וואָס קלאַפּט קאַפּריזיק אויף דעם שטאָטאָספאַלט אין מיטן פון גרויסשטאָטישן טומל.

ווי אַנדערש קלינגען די איך־לידער ביי אַ וואָלט וויטמאַן! איז דער דורכשניט „יונגער״ גרעסער פון דעם דורכשניט — אינטעליגענטן לעזער? דאַרף דען דער לייענער קוקן אויפן יונגן דיכטער פון אונטן אַרויף? דאַרף דען דער לעזער זיך דערהויבן צום „יונגן״ דיכטער?

נאָך אַלץ פאַרטאָן מיט זיך, האָט דער יונגער פאַרגעסן אַרבעטן אויף זיך אַליין, פאַרטיפן זיך אין זיך אַליין. יאָ, ווערן אַ מענטש — נישט קיין ליטעראַטור, אָבער אַן אינטערעסאַנטער מענטש! מיט זייער קליינע אויסנאַמען זיינען די יונגע קיין אינטערעסאַנטע מענטשן נישט געוואָרן, זיי זיינען געבליבן נאָר מענטשן אַלטעגלעכע, דורשניטמענטשן.

אַזוי אומפעאיק צו שאַצן און אָפּטיילן איז דער יונגער געוועז אין זיין גרויען לעבן, אַז ער האָט אונדז דערלאַנגט דאָס גרויסטע פון גרויען:

צוויי הייסע גלעזער טיי מיט מילך האָב איך מיר אויסגעטרונקען,
אַ ריי פיר צוויבאַק אויפגעגעסן,
דערנאָך בין איך אַ לאַנגע צייט ביים טיש געזעסן.

(פון ליד „דינסטאָג״, זישא לאַנדוי)

מען ווערט אויס גייסטיקע מפונקים. טעמעס, וואָס וואָלטן פון ראַ־פינירטע דיכטערס איגנאָרירט געוואָרן, ווייל זיי זיינען פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, ווערן באַזונגען אין יאַגד נאָך גרויקייט און וואָכעדיקייט. אַלץ קאָן טאָקע דינען ווי אַ טעמע פאַר פּאָעזיע, אָבער אָט דער ברייטער מאַקסים האָט זיך אויך זיינע גרענעצן. עס הענגט פיל אָפּ אָן דעם „וואו" און „ווי אַזוי".

אין יאַגד נאָך גרויען זיך־געבן, הייבט מען אָן פּשוט זינגען טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען. מען הייבט זיך אָן באַשרייבן:

איך שטיי ביים פענצטער נאַקעט,
איך ווייס ניט, וואָס מיר איז,
איך קיל אין שויב דעם שטערן
און ס'ציטערן מיר די פיס.

(פון „די גאַס איז שוואַך באַלויכטן", ר. אייזלאַנד)

מען פירט, אַזוי צו זאָגן, אַ טאָגבוך אין פערזן.

אַרום דעם קאָפּ די הענט פאַרלייגט,
און דריי מאָל צו דעם באַלקן אויסגעשפּיגן.

(פון ליד „דינסטאָג", זישא לאַנדוי)

.4

דער אינהאַלט ווערט אַ שמאָלער, דער אינהאַלט ווערט אַ גרויער, אָן אַ ברעקל פּאַנטאַזיע, טרוקענע, פּיצעלעך אַלטעגלעכקייטן. אָן שיינקייט, אָן וואַרעמקייט.

עס איז שוין לאַנג צייט געווען אָנצוטייטן, אַז די אָן צווייפל גרויסע מעלות און אינאָוואַציעס פון די „יונגע" און זייער איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער יידישער פּאָעזיע זיינען שוין איצט, נאָך דער קורצער צייט פון וואָסערע צען יאָר, נישט מער, ווי מאַטעריאַל פאַר דעם ליטעַ־ראַטור־היסטאָריקער. אָבער אין תוך גענומען, פּילט זיך, אַז די „יונגע" זיינען שוין רעזיגנירטע, אָפּגעדאַנקטע. אַ שאַרף וואָרט, אָבער עס איז דער אמת, דער אמתער אמת.

און נישט נאָר אין אינהאַלט, נאָר אין דער פאָרעם ווערט דער גאַנצער אויפטו פון די „יונגע" אַלץ מער אַ חסרון. פון דער האַרטער טשאַלנט־שפּראַך (פּרוגס אויסדרוק), פון אַ צעבראָכענער כלי האָבן די יונגע אָן צווייפל באַשאַפן אַ כמעט פּערפעקטן אינסטרומענט, וואָס איז ביייגיק גענוג, עלאַסטיש גענוג פאַר ניואַנסן און האַלבטענער. די שפּראַך איז

פאַרפּיינערט, געשניצט און פּאָלירט. אָבער אויך דאָ, פּונקט ווי אין אינהאַלט, האָט מען זיך פאַרפּלאָנטערט. מאַני לייב האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער פּאָעטישער שפּראַך. מאַני לייב האָט דערגרייכט אַ זעלטענע דינקייט און פיינקייט. מאַני לייבס שפּראַך איז שוין בכוח אַרויס־צוברענגען אַ פּאָעטישן ציטער. אָבער גראָד אין דעם ליגט מאַני לייבס גרעסטער חסרון. זיין שלייפן פון שפּראַך האָט אים דערפירט, אַזוי צו זאָגן, צו איבער־ראַפינירטקייט. מאַני לייבס שפּראַך איז נישט קיין לע־בעדיקע. זיינע לידער ווערן אַלץ מער בוכמאַסיק מאַטעריאַל פאַר פאַר־חלומטע קורסיסטקעס. דאָך, אויב אין מאַני לייבס שפּראַך דערקענט זיך נאָך דער דינער, מיר פערזענלעך ליבער מאַני לייב, איז אָבער דער איינפלוס פון זיין שפּראַך אַ צעשטערנדיקער. דער שפּראַכלעכער מאַני־לייביזם ביי די קליינע אומבאַהאָלפענע נאָכמאַכערס האָט געבוירן אַ שפּראַך אָן לעבן, אָן דעם מינדסטן אָטעם פון אַ גערעדט וואָרט. מיט דער אויסנאָם פון צוויי: לייוויק מיט זיין פשטות און האַלפּערן מיט זיין וואולגאַריטעט, לעבעדיקייט און באַוועגלעכקייט, איז די שפּראַך ביי אַלע אַנדערע יונגע אַ קאַלירלאָזע און אַ טויטע, כאָטש אַזוי פיל מענטשן האָבן געשריבן וועגן די גרויסע פאַרדינסטן פון די יונגע אין געבן אונדז אַ פיינערן שפּראַך־אינסטרומענט.

און אויב די „יונגע״ האָבן אַ ביסל פאַרוואָרפן דאָס אַנטופּיקע גראַמען פון דער צווייטער און פערטער שורה און געהאָלפן אַריינברענגען אַ בייע פאָרעם אין דער יידישער פּאָעזיע, מערקט זיך אָבער ביי קיינעם נישט קיין אינדיווידועלער ריטעם, אַ ריטעם, וואָס זאָל זיין ענג צוזאַמענגע־קניפּט מיט דעם אינהאַלט פון דעם ליד. די מערסטע לידער זיינען גע־בדחנטע שטימונגען אָדער געגראַמטע געדאַנקעלעך.

איך זיץ אַזוי די פינגער פון די הענט פאַרבראָכן,\
און די אויגן מיינע אומעטיקע, שטומע,\
דוכט זיך, רעדן צו די פינגער: אוי איר דומע\
פינגער, וואָס איר זענט!

אַז כ׳גיי און גיי און הער זיך איינעס,\
ווי טרוימענדיק פאַרבענקט עס טענהט אַזױ־ת

(פון ל. מילערס לידער)

איך ציטיר די צוויי ציטאַטן נישט צוליב דעם אינהאַלט, נאָר ווייל זיי זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש. אין די פיר שורות פון „איך זיץ״, און

אַזוי ווייטער, גיט אונדז דער דיכטער אין ווערטער אַ געוויסע שטימונג, אָבער דער ריטעם קאָן זיך גאַנץ גוט צופּאַסן פאַר אַן אַנדער שטימונג. דער גראַם „אוי איר דומע״ מיט „שטומע״ און די פּערטע שורה, וואָס האָט אַזאַ לאַגישן זאַץ ווי „פינגער, וואָס איר זענט״, ווי אויך „איינעט״ מיט „טיינעט״, באַרעכטיקט דעם אויסדרוק „געבדחנטע שטימונגען״. ביי קיין „יונגן״ איז דער ריטעם נישט קיין אינדיווידועלער. לידער ווערן געשריבן אָן האַרמאָניע צווישן פאָרעם און אינהאַלט.

.5

פאַרשלאָסן אין אייגענעם קליינעם וועלטל, דרייען זיך די „יונגע״ אַרום זיך אין קורץ־שורהדיקע שטימונגלעך, און וואָלט זיך מיט זיי פאַרענדיקט דער סך־הכל, וואָלט דער סך־הכל געווען אַן אמת טרויערי־קער און אָן האָפענונג.

די „יונגע״ האָבן געפּרעדיקט אינהאַלטלאָזיקייט און פּאָעזיע פון הוילע שטימונגען און דערמיט געגעבן די מעגלעכקייט דעם גרויסטן און נישטיקסטן צו געפינען אָרט אין דער יידישער דיכטונג. זאָל דאָ באַטאָנט ווערן, אַז די ערשטע פינף־זעקס „יונגע״ זיינען געווען באמת אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג פאַר דער יידישער פּאָעזיע. ווען צום אָרקעסטער זיינען אָבער צוגעקומען די יעניקע, וואָס האָבן זיך אויסגע־לערנט די גלאַטקייט און די אויסערלעכקייט פון מאַכן אַ ליד און מיט פרייד זיך אונטערגעשריבן אונטערן דעוויז פון אינהאַלטלאָזיקייט און אָנגעהויבן גראַמען שטימונגלעך, — האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן גרילצן מיט פּוסטקייט און גאָרנישטיקייט. עס איז געוואָרן אַ תוהו־ובוהו, אַ כאַאָס. אויב דער אינהאַלט דאַרף זיין אַ נול, נאָר אַ שטימונגל, שיין און גלאַטיק אָנגעשריבן, וואָס פאַר אַ קונץ איז דאָס? דער רעצעפּט איז אַ גרינגער און אַ גאַנצע כנופיה מיטזינגערס האָבן זיך צעגאָרגלט אין כאָר.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וואָס וויניקער אַ ליד האָט געזאָגט עפּעס, אַלץ העכערע פּאָעזיע איז עס געוואָרן, און איז אַ ליד אין גאַנצן געווען פּוסט, האָט מען עס געקרוינט מיטן נאָמען „אוממיטלבאַר״ און ס'האָט געהייסן גאָר די העכסטע פּאָעזיע. וואָרעם אַז פלוני־בן־פלוני האָט אָנגעשריבן אַ לידל און אַלע האָבן געוואוסט, אַז פלוני־בן־פלוני איז נישט שווה־בשווה מיט אַן אַנדער שפּראַך אַחוץ יידיש, און אַ מאָל מיט יידיש

אויך נישט, האָט דאָס אויך געהייסן פּאָעזיע. און טאָמער האָט איינער געקענט אַן אַנדער שפּראַך און געליינט אַ ביכל און אויך געשריבן אַ ליד, האָט מען שוין געקוקט מיט פאַרדאַכט, מען האָט מורא געהאַט און געקרוינט עס מיטן פאַראַכטלעכן נאָמען — „געדאַנקען־פּאָעזיע".

פאַר אַ געדאַנק האָט מען ממש געציטערט. אַחוץ אַן אינהאַלט האָט, בכן, אַ פּאָעט באַדאַרפט זיין אַן געדאַנקען, און פאַר אַ צייט לאַנג האָט טאַקע געקעניגט געדאַנקענלאָזיקייט און אינהאַלטלאָזיקייט אין דער יידי־שער פּאָעזיע.

ביז עס איז געקומען די נייע גרופּע יידישע דיכטערס, וואָס האָט געעפנט אַ נײַ בלעטל פאַר דעם יידישן ליד.

.6

איינגעשפּאַרטע זיינען די אינטראָספּעקטיוויסטן געקומען און נישט געוואָלט טרעטן די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, נישט געוואָלט זיך אויסלערנען דעם זייער לייכטן רעצעפּט, נאָר אָנגעהויבן געבן עפּעס נייעס.

זיך געבן — אָבער פריער מוז דער זיך זיין אַן אינטערעסאַנטער, און איז „דער זיך" אַן אינטערעסאַנטער, איז זיין פּאָעטישע אָנשויאונג אַן אינטערעסאַנטע. איז עס נײַ, איז עס פריש, איז עס נישט געצוונגען ווי אַנדערע, מוזן די פאָרמען ווערן רייך, מוז דער ריטעם ווערן אַן אינדיווידועלער.

יאָ, איך בין אַלץ, אָבער איז דער איך אַ צאַרט־פילנדיקער, אַ פּאָ־עטישער, איז ער דאָך אויך נישט מער ווי אַ קליינער טייל פון קאָסמאָס, אַן אייגנאַרטיקער טייל, שפּיגלט ער די גאַנצע אויסערלעכע וועלט אין זיך אין זיין אייגענעם „זיך".

און וואָס ליגט דער הויפּטפאַרדינסט פון דער נייער גרופּע דיכטערס? אָט אין וואָס: די „יונגע" זיינען געקומען ספּאָנטאַן און כמעט ווי גאָטס פויגל פּלוצעם אָנגעהויבן זינגען. קיין מאָל נישט פּרעטענדירט צו שאַפן שולעס און דאָך, מעג עס קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, האָבן זיי באַשאַפן די ענגסטע און דיסציפּלינירטסטע שולע, וואָס איז ווען עס איז געווען אין וועלכער נישט איז געשיכטע פון אַ ליטעראַטור. נאָך עטלעכע יאָר פון זינגען קאָן מען כמעט אָװעקלייגן פעסטע כללים, וואָס זיינען געווען בינדנדיק פאַר יעדן פון די „יונגע", און כאָטש נאָך עטלעכע יאָר פון זינגען איז די „יונגע" געלונגען אַרויסשיילן אַ פּאָר פאַרשידענע מענטשן,

פילט זיך אָבער אין דער גאַנצער דיכטונג פון די „יונגע" אַ מין אייניקן זיך אויף געוויסע כללים, נישט קאָנספּיראַטיוו, נאָר אינסטינקטיוו.

איך אַליין וואָלט געוואָלט האָבן די זכיה צו באַטרעטן יענעם גאָל־דענעם פּאַלאַץ, וואו אַלע מיינע ריין־מענטשלעכע חושים ווערן געטייט, אַטראָפירט און פאַרוואַנדלט אין הוילער רוחניות, און אַזוי רוחניותדיק זיך צעזינגען. פאַרמאָגט אָבער אונדזער לעבן קרומע סטעזשקעס, נישט נאָר גלייך־ברוקירטע טראָטואַרן, און ווען עס רוט שוין אַ מאָל די שכינה אויף אַ מענטש, פאַרגעסט ער אָבער נישט, אַז ער האָט הענט און פיס און פון דער צונג רייסט זיך אַ מענטשלעך וואָרט.

פון וואַנעט האָט זיך גענומען די גראַדליניקייט, די פולשטענדיקע רואיקייט, די כמעט באַזעטיקטע פאַרגעסנקייט אין שטימונגען, די הוילע פּאָעזיע ביי די יונגע? פון וואַנעט האָט זייער זעקסטער חוש וויברירט צום רויש פון אַ גרינעם בלאַט און אַלע פינף מענטשלעכע חושים זיינען געוועזן טויב־שטום צו קאַנאַנען־שיסערייען?

ווייל דער נישט־געשריבענער געזעץ פון די יונגע האָט באַשאַפן אַ מערקווערדיקן דואַליזם, אַ מין צירק־פאַרזעעניש, אַ האַלב פיש — האַלב מענטש, אין פשוטן לעבן אַן אַרבעטער אָדער אַ קאַפּיטאַליסט, אַ באַוויי־טער אָדער נישט, אַ ייד אָדער אַ גוי: אין פּאָעטישן לעבן נאָר שטימונג — און היט זיך דו, מענטש, טאָמער וועסט נאָך אַרויסרעדן אַ געדאַנק. און דערפאַר טוט צו מאָל אַ ווינטל נישט קיין רויש, ווען דו געפינסט זיך אין קיניגרייך פון די יונגע, אַלץ איז שטיל און פּאָעטיש. אָבער וואָלט נישט געלוינט צו רעווידירן דעם באַגריף פון אמתער פּאָעטישקייט?

אמת, מען קאָן אפשר פאַרטייטשן פאַר וואָס די יונגע האָבן זיך אונטערגעטונקט אין טייך פון פאַרגעסנקייט, מיד זיינען זיי געוועזן פון פרוגס באַלעמער־מוסרן, פון ראָזענפעלדס שופר־בלאָזן, פון איינהאָרנס קוויטשיק־מיידלערישן סאָפּראַנאָ, אָבער וואו זיינען זיי אַליין, זאָל זיין ווי מענטשן ראַפּינירטערע, ווי מענטשן פון אַ נייעם דור?

דער הויפּטפאַרדינסט פון דער נייער גרופּע יידישע דיכטערס באַשטייט אין דעם, וואָס קומענדיק לכתחילה אַרויס מיט אַ פאַרלאַנג צו שאַפן אַ שולע, שאַפן זיי די פרייסטע מעגלעכקייטן פאַר דעם אמתן דיכטער. אַ שולע אָן כללים, וואו יעדער איינער קאָן פריי זיך צוהערן צו זיך און מאַכן דעם קוואַל פאַר גייסטיקער יניקה די גאַנצע וועלט. צוזאַמען מיטן

פּאָעטישן האַרץ הייבט אויך אָן צו פונקציאָנירן דער פּאָעטישער געדאַנק און גיסט אַריין לעבעדיק לעבן אין דעם יידישן ליד.

.7

סעלימאַ, סעלימאַ,
גלוטיקע ליפּן פון בליענדן רויט,
גלוטיקע ברוסט־שנעבעלעך פון מאַניענדן רויט.
זיי פלאַטערן, פליסטערן, דופּטן מיט רויט
און צוויבערן אויס פּורפּורנע, פּאַמסענע גנפּלען,
און צינדן דעם מאַרך אָן מיט רויט.
פון זיי שפּינען זיך, שפּינען זיך
רויט־ראָזע וואָלן,
צונטערנע שאַלן,
וואָס פליען — און ציען
אַריין אין אַ ווירבלענדן רויטן געדריי.

(סעלימאַ — לעיעלעס)

בלויער שיין פון סאַפּירן, טרוימען מיינע פון יוגנט!
זיי פאַרפירן, פאַרפירן און איך היט זיך ניט פון זיי.
בלייכער שימער פון טורקוזן —
מיר מוזן, מוזן בייגן אונדזער קאָפּ פאַר זיי.
זייער בלויקייט בייט זיך
פון יעדן קאַפּריז פון הימל,
און יעדער קאַפּריז פון הימל
איז אַ ציטער אין אונדזער האַרץ.
אַזאַ ביסטו, יאָלאַנדאַ,
יונגי־בליצן יאָלאַנדאַ.

(יאָלאַנדאַ — לעיעלעס)

אָט די צוויי לידער פון א. לעיעלעס זיינען נישט קיין לידער וועגן צוויי מיידלעך. אויך זיינען זיי נישט דווקא קיין באַשרייבונגען פון קאָלירן: רויט און בלוי. דאָ דריקט לעיעלעס בלויז אויס צוויי פון זיינע זעלישע שטרעבונגען, פון זיינע פאַרלאַנגען, פון זיינע ווייען דורך פאַרבן, דורך אַריינקוקן אין זיך, און דורכן דערזען אָט די אויסגעוויטיקטע פיינען אין פאַרבן־געשטאַלטן. דער עיקר אָבער איז דאָ: די אינדיווידואַליטעט פון ריטעם, די גאַנץ פאַרשידענע מוזיק פוןביידע סטראָפן, אַ מוזיק, וואָס גיט אין איין פאַל די רעפלעקסיע פון רויט, אין אַ צווייטן פון — בלוי. ביידע לידער זיינען פריי־פערזיקע, אָבער אין דער אמתן, — ווי עכטע פרייע פערזן דאַרפן זיין — זיינען זיי געבונדענער ווי די געבונדנסטע. ווייל זיי

אַנטהאַלטן אַ געשלאָסענעם, אָפּגעזונדערטן, אין זיך גופא פאַרענדיקטן ריטעם. אַ פולע פאַרענדיקטע, אינדיווידועלע גאַמע.

דאָס איז איינע פון די זאַכן, וואָס דער אינטראָספּעקטיוויזם ברענגט און מאַכט מעגלעך.

איך בין אַ שטאָפּעט
פון אַן אַלטן בייזן פּרינץ,
וואָס גאַלאָפּירט אויף אַ שאָסיי
פון פאַרסמטע עספּאַראַנצן,
און ברענג זיך אַליין
די בשורה פון מיין אונטערגאַנג.

(דו גענץ — בערנאַרד לואיס)

דאָ באַווייַנט אויך דער דיכטער זיין אומגליק, זיין בישטיקייט, זיין אומבאַהאָלפנקייט. אָבער דאָס באַוויינען איז עפּעס גרעסער, עפּעס באַדייטנדיקער, ווי די באַקאַנטע קלאָגעניש־שטימונגלעך פון די פאַרגייערס. אויב נישט צוליב קיין אַנדער זאַך איז צוליב די ברייטערע, פאַרבנרייכע בילדער, וואָס אָט די שורות פאַרמאָגן; צוליב דעם גרעסערן פאַרנעם פון האָריזאָנט, וואָס זיי אַנטפּלעקן. עס מוז זיין אַ וויכטיקערע פּערזענלעכקייט, אויב זי רעדט וועגן דעם אייגענעם אומגליק אין אַזוינע פולע ווערטער, אויב זי מאָלט די אייגענע נישטיקייט מיט אַזאַ ברייטצוגיקן פּינדזל.

אָדער נעמט אַזאַ „קלאָגליד" פון אַן אינטראָספּעקטיוויסט:

קינדער פון גרויסן אומגליק,
ציען מיר ווי די שמעטערלינגען
אין די טונקעלע וועגן
צום פייער פון אונדזער גליק,
וויפל פון אונדז קערן זיך אום צוריק?
ווי די פאַרברענטע שמעטערלינגען
ליגן מיר ביי די טויערן פון אונדזער גליק.

איז דאָ ווידער עפּעס מער ווי סתם קלאָגעניש, ווי באַוויינען דאָס אייגענע איכל. איז דאָ אַ ברייטערער פאַרנעם, אַ מין קאָסמישער טרויער. אויב איר ווילט איז דאָ אויך פאַראַן אַ טיפער געדאַנק, וואָס געבירט אַ גאַנצע משפחה געדאַנקעלעך ביי יעדן איינעם, וואָס טראַכט זיך אַריין אין דעם געלייענטן.

די זעלבע שטימונג, דאָס זינגען וועגן דער אייגענער אומרו, האָט ביי לעיעלעסן באַשאַפן דאָס ליד „ביי דעם גאַנגעס", וואו עס זעט זיך ווידער אַ ברייטערער שוואונג, אַ גרעסערער פאַרנעם, אַן אַרומנעמען

מיט דעם געדאַנק אַ גרעסערע און ברייטערע וועלט, ווי דער באַגרענעצטער צירקל פון דעם אייגענעם קליינעם „איך".

און פּאָעזירט דער אינטראָספּעקטיוויסט אַפילו וועגן אַזאַ אַלטער, אייביקער, שוין טאַקע צוגעגעסענער זאַך ווי דער סעקס, איז עס אויך אַנדערש. עפּעס טאַקע אינזיכטיקער, פּאַרטיפטער, פינצטערער, מיס־טעריעזער:

איך ווייס אַן אומבאַקאַנטע שרעק האָט דיר שוין וואָס געזאָגט,
די שרעק איז ווי אַ קאַלטע כוואַליע אין דיין האַרץ געקומען,
פּונקט ווי צו מיר;
נאָר דו באַהאַלטסט די בושה, די צעברענטע אויף דיין פּנים,
דערשטיקסט דעם פלאַנטער, וואָס דרייט זיך איצט ביי דיר אין לייב
און זעסט ניט, ווי נאָך מערער דו פאַרפּלאָנטערסט זיך
אין שלאַנגגענדיקער אומרו, שרעק און ברענענדיקע הענט.
איצט פאַלט דיין קאָפּ אַן אָנגעצונדענער. אַ שריפהדיקער, אַוועק ווי טויט;
די הענט צעוואָרפן זיך אויףביידע זייטן, שטילע, דערשראָקענע.
אַליין, אַ גליטשיקע, אַ לייכטע, אַ פעדער־גרינגע,
הייבסטו זיך אויף און שוועבסט, און שוועבסט, און שוועבסט.
און איך נאָך דיר, נאָך דיר, ווייט אַוועק נאָך דיר
מיט דער שווערקייט פון מיין קאָפּ, הענט, פיס,
מיט דער שווערקייט פון מיין לעבן, פון מיינע יאָרן,
פון מיינע טעג,
נאָך דיר, נאָך דיר, נאָך דיר. (אל. גוריה)

דער אייגענער „איך" דאַרף זיך נישט דווקא באַשרענקען אויף זיך אַליין. דער אייגענער איך איז אויך אַ טייל פון דער וועלט, פון דעם, וואָס טוט זיך אַרום אים. ער איז אין אַלע דערשיינונגען, וואָס פליסן אָדער שטורעמען אין זיין קרייז — וואָס איז ברייט ווי די גאַנצע וועלט. ער איז אויך אין דער מלחמה נישט ווי אַן אָבסערוואַטאָר, נאָר טאַקע ווי אַ בלאָז פון דעם שטורעם גופא, ווי אַן אָטאָם אין דער וועלט־צע־שטערונג.

אַלפרעד בערזשע! דערלייז די וועלט!
געדענק, דו האָסט געשריען — וויוו לאַ פראַנס!
ווי אַ לייב האָסטו געקעמפט,
און אַ צעריסענער ביסטו געפאַלן טויט.
דיין בלוט, וואָס האָט וועררון באַשפּריצט,
שרייט צו דיר:
אַלפרעד בערזשע,
דערלייז די וועלט! (נ. מינקאָוו)

די אינטראָספּעקטיוויסטן ווייסן גאָרנישט פון קיין גרענעץ צווישן זיך און דער וועלט; צווישן געפיל און געדאַנק; ווייסן נישט פון קיין טאַבו אויף נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן. אומעטום זיינען זיי. אין אַלץ זיינען זיי — זיי. אַלץ דערשיינט פאַר זיי דורך זיי.

קאָן סטאָדאָלסקי דעריבער רעדן וועגן דער גויאישער וועלט, וואָס ברענגט אים שפּורן פון מאָרד; קאָן מינקאָוו זינגען וועגן דעם ווייסן פוילישן אָדלער, וואָס צאַפּלט זיך אויף דער שאַרף פון זיין האַס; קאָן ראובן לודוויג פאָדערן ביי יעזוסן, אַז ער זאָל זיך דערוויין; קאָן לעיעלעס אַרומכאַפּן אין זיין „ווייס און גאָלד" די גאַנצע יידישע היסטאָריע און אין פּנים פון דעם גאַנצן בלוטיקן יידישן קנויל דאָך געפינען טרייסט און אַן ענטפער.*

און אויב אָט די אַלע זאַכן וואָלטן געווען דאָס איינציקע, וואָס די אינטראָספּעקטיוויסטן האָבן געגעבן, וואָלט דאָס שוין געווען באַרעכטי־קונג גענוג פאַר זייער קומען.

דאָס איז דאָך אָבער בלויז דער אָנפאַנג.

8.

עפּעס נייעס ווערט געזונגען. אַ ניי לעבן ווערט אַריינגעגאָסן אין דער יידישער פּאָעזיע און פאַרשלעפּט מיט זיך אויף דעם דערוויל־איינציקן וועג אַ סך פון די יונגע. אַזוי עפּידעמיש איז עס אין כאַראַקטער, אַזוי אָנשטעקנדיק.

אפשר איז דאָס נאָך נישט דער וועג?

אין מאָמענטן פון ייאוש פילט זיך, אַז פּאָעזיע אַפילו אין אירע נייעסטע פאָרמען, כאָטש דער העכסטער שטאַפּל פון קונסט, איז נאָך אויך צו שוואַך צו געבן אויסדרוק צו די כאַאָטיש־בלוטיקע צייטן, אָבער אין גאַנצן איגנאָרירן אונדזער צייט — ווער איז עס אַזוי בכוח? ווער איז עס אַזוי אייזן־האַרציק?

אין ליכטיקערע מינוטן, ווען עס ווילט זיך פאַרט הערן אַ פּאָעטיש וואָרט — זיינען מיר מיד, איבערמיד פון די אַלטע פּוסטע געפילעכלעך,

* הערה פון „אינזיך"־רעדאַקציע: נאַטירלעך, קאָן מען אויך ביי גלאַטשטיינען גופא געפינען באַווייזן אי פון אינדיווידועלן ריטם, אי פון מער פּערזענלעכקייט, אי פון פונאַנדערפּעפּנען דעם אייגענעם ענגערן קרייז פאַר דעם סאָציאַלן. מען דאַרף בלויז לעזן „סעזאַמע", „1919", „פּאַרצוקט", „אַ אַמבאַסאַדאָרע".

אַז עפּעס נייס איז דערפרייענדיק און דערקוויקנדיק — און אפשר איז דאָס דער וועג!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז מיר געלונגען אַנצואוואַרפן אין דעם אַרטיקל אַלץ, וואָס כ׳האָב געוואָלט. אַ ריזיק־גרויסע אַרבעט פאַר איין אַרטיקל, אַ שנעללויף איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע. פערזאָנ־לאַזיקייט אין יידישן פּאָלקסליד. פערזאָנלאָזיקייט ביים דיכטער אין השכלה־פּעריאָד. דער דיכטער ווערט שוין אַ ביסל נענטער מיט רייזינען. דאָס שטרעבן צו געבן זיך פון די „יונגע״ אין אַמעריקע. ווערט אָבער די פּאָעזיע פאַרפלאַכט און פאַראינהאַלטלאָזט. דאָס קומען פון די אינטראָספּעקטי־וויסטן, וואָס מאַכט די ברייטע וועלט פאַר טעמע, נאָר אָפּגעשפּיגלט אין דעם דיכטער.

דאָס איז די גאַנצע זאַך אין קורצן.

פאַר מיליאָנען יאָרן מן הסתם פּרובירט די בריאה אַראָפּרייסן דאָס שוואַרצע ליילעך פון דער מיסטעריע פון זיין. פאַר אַ פינצטער רעטעניש שטייט דער מענטש און קריצט מיט די ציין, אָדער ער בייגט מאַכטלאָז דעם קאָפּ מיט רעזיגנאַציע און הכנעה. אַ מאָל האָט אַ בליץ געטאָן אַ נביאיש וואָרט, וואָס האָט גערעדט וועגן דער צוקונפט, וועגן דער פאַרגאַנ־גענהייט, באַלויכטן די קעגנוואַרט. היינט האָט זיך נבואה אָפּגעטאָן פון אונדז, בלייבט אונדז דער פּאָעט. אפשר וועט דער פּאָעטישער געדאַנק וועגן נישט דערגרונטעוועון דעם סוד פון אונדזער זיין. אין אונדזער צייט פון אַזוי פיל מיליאָנען געשאָכטענע, אַזוי פיל נשמות אָן אַ תיקון בלאָנ־קענדיקע, ווען וויסנשאַפט איז געפּלעפט — דעמאָלט בלייבט פאַר דעם פּאָעט בלויז זיין פּאָעזיע, בלויז זיין קונסט ווי אַ לאָמטערן אין די פינצטערע קאָרידאָרן פון לעבן־לאַבירינט. ער מוז זיך צו זיך אַליין ווענדן, אויב ער וויל פון דעם לעבן אַרויסרייסן עפּעס אַן ענטפער, אַ באַשייד, אַ טרייסט.

די אינטראָספּעקטיוויסטן זוכן אַזאַ וועג. זיי גלייבן, אַז זיי זיינען אויף דער שוועל פון דעם וועג.

אפשר איז דאָס דער וועג...

(אין זיך, יאַנ׳ פעב׳ 1920)

# „אינזיך"

די צייט איז איצט אַ העכסט אומגינסטיקע פאַר דעם „אין זיך"־געזינדל. כמעט אַלע פּראַקטישע דיכטערס פון דאָ־הי און מעבר לים האָבן זיך צעגאָרגלט אויף רעוואָלוציאָנערע, משיחישע און פּאָגראָם־טעמעס און זיך דערמיט איינגעקויפט חן און ליבשאַפט אין די אויגן פון די ניו־יאָרקער האַלצהעקערס און וואַסער־שעפּערס פון דער פּראָלע־טאַרישער דיקטאַטור. אַלע די, וואָס האָבן נישט דעם רעוואָלוציאָנערן פונק, ווערן אָדער דערמוטיקט אים זיך איינצושאַפן אָדער ווערן אין גאַנצן געשטעלט אונטער דער ווערדע פון יעדער ליבקן „לאָקאַל נייניק" און ווערן פאַרשריגן דורך די פלינקע פּליכעס פון דעם יידישן געלינקטן ניו־יאָרק ווי קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. דער פּסעוודאָ־ליטעראַרישער טשע־קאָ פון דער זעקסזייטיקער „פרייהייט" הייבט ביז די הימלען די אַלע אוקראַאינער פאַרבאָוושאָווערטע יונגעלייט און פּסלט אַלע אַנדערע מיט דעם כוח פון דער גרויסער פרייהייטלעכער דריי־אייניקייט, וואָס חוץ ליבע צום פּראָ־לעטאַריאַט ליידט זי נאָך פון ליבע צו ליטעראַטור.

און מיט דער דאָזיקער קאָנסטעלאַציע וועט דעם נייעם „אין זיך" נישט איינפאַלן צו קעמפן. נישט דערפאַר, וואָס אירע לייט זיינען עס נישט ווערט, וואָס דאָס וואָלט געקאָנט זיין אַ סיבה פאַר זיך אַליין, נאָר דער נייער „אין זיך" דאַרף, לויט מיין מיינונג, אין גאַנצן נישט קעמפן. נישט נאָר דאַרף דער נייער „אין זיך" נישט קעמפן מיט קיינעם, נאָר קיינעם דאַרף נישט איינפאַלן קעמפן מיט דעם „אין זיך" — אַזוי רעספּעקטאַבל דאַרף זיין דער איצטיקער אַרויסטריט.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז דערמיט ווערט די רעטראָספּעקטאַבי־ליטעט פון דעם אַמאָליקן „אין זיך" געשטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן. אין דעם איצטיקן „אין זיך" דאַרף בלויז פעלן די איבערגעאיילטקייט, די היציקייט פון דעם „אין זיכס" קינדער־יאָרן. ס'דאַרף אַריינגעטאָן ווערן אַנשטאָט דעם טאָן פון קאַמף דער טאָן פון פולשטענדיקן איגנאָרירן. איך וואָלט געוואָלט, אַז דער נייער „אין זיך" זאָל זיין אַריסטאָקראַטישער ווי דער ערשטער. אויב זיי, די מענטשן, וואָס האַלטן אויך צופעליק אַ פעדער אין האַנט, האָבן פאַרכאַפּט די ברייטע עוועניוס — אונטערוועלט־גאַסן; אויב זיי האָבן פאַרכאַפּט די פאַרנעמע בולוואַרן—זאָלן זיי פאַר אונדז ווערן שנאָרער־קוואַרטאַלן, זאָלן מיר זיך ענגן דורך די קליינע, שמאָלע

געסלעך, אַבי זיך נישט אַנשטויסן אַרבל אָן אַרבל, אַקסל אָן אַקסל, מיט די לייט פון דער „עפנטלעכער מיינונג".

זאָל אויך אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז נישט נאָר שרייבן מיר נישט פאַר אַ ברייטן קרייז לייענערס, נאָר אַפילו נישט פאַר די ווייניקע. די מינאָריטעט איז פונקט אַזוי אומגערעכט, ווי די מאַיאָריטעט. אַלע זיינען מיר אומגערעכט ביז דעם לעצטן טאָג פון אונדזער גרעסטער דערפאַרונג אין לעבן — ביז דעם טאָג פון אונדזער טויט. זאָלן מיר זיך אויסהיטן פון קריגן אַפילו אַ קליין הייפעלע פון יחידי־סגולהדיקע פאַרערעס, וואָס זיינען פונקט אַזוי געפערלעך ווי די ברייטע מאַסן. די מינאָריטעט פאַרשרייט אונדז אויך פאַר דיכטערס פון כעס און פאַר גראַציעזע ציניקערס. ווילנדיק נישט־ווילנדיק טוען מיר אָן די מאַנטלען און מיר ווערן דיכטערס פון בלויען אומעט, דיכטערס פון בלאָנדן לאַנגווייל. ווילנ־דיק נישט־ווילנדיק סערווירן מיר זיי שוין כעס און גראַציעזן ציניזם ביזן סוף פון אונדזערע טעג. ווילנדיק נישט־ווילנדיק פאַרנאַכלעסיקן מיר זיך און מיר נידערן אַראָפּ צו דער דאָזיקער מינאָריטעט. ווי קליין זי זאָל נישט זיין און ווי הייפלדיק זי זאָל נישט זיין, זאָל ביי אונדז דאָס אַראָפּ־נידערן צו דער דאָזיקער מינאָריטעט באַטראַכט ווערן פונקט אַזאַ דער־נידערונג, ווי דאָס אַראָפּנידערן צו דער מאַסע.

קיינעם נישט דערלאָזן צו אונדזער קדשי־קדשימדיקער אינטימיטעט. פאַרברענען אַלע בריקן, וואָס פירן פון זיי צו אונדז. פאַרקלאַפּן טיר און טויער צו די אַלע מעקלערס, וואָס ווילן אונדז צונויפמעקלערן מיט זיי. אויף דעם העכסטן און שטאַרקסטן פעלדז דאַרף געבויט ווערן אונדזער בית־מקדש. אונדזערע פענצטערס טויב־שטום צום פרעכן אויג פון נייגיר. די קאָנוואולסיוו־אימפּעטיקע צייט וועט אויך צו אונדז דערגיין, אָבער אָן דער צאַפּלדיקער ביליקער באַלדיקייט. די וויגעשרייען און די זיגטריאומפן זאָלן זיך צו אונדז הערטראָגן ווי ווייטע עכאָס, און מיר, מיט דעם געדולד פון אונדזערע טויזנט־יעריקע ווענט, מיט דער דער־פאַרונג פון חלב־פאַרגאָסענע, פאַרגעלטע בלעטער, וועלן דאָס אַלץ לאַנג־זאַם און זיכער פערלען אין זיך און אויסשווייגן עס דורך אונדזערע שעהען.

און נישט נאָר פון זיי דאַרפן מיר זיך דערווייטערן, נאָר מיט דיקע ווענט זיך אויך אָפּזונדערן איינער פונעם אַנדערן. ווייל צו פיל זיכערקייט איז דאָ אין זיין צוזאַמען. וואָס איז נוגע מיר, איז יעדער פון אונדז אַליין אַ לעזער. אַ לעזער מיט אַלע דעספּאָטישע נייגונגען פון אַ לעזער, וואָס וויל מיך אָדער שלעפּן אַרויף אָדער אַראָפּ צו זיך — ביידע זאַכן שעדלעך

פאַר מיר, אויב איך וויל זיין זיך. לאָמיר וואוינען אָפּגעזונדערט איינער פונעם אַנדערן, יעדער מיט זיין צווייפל. מיר דאַרפן נישט די וואַרעמקייט, וואָס מיר גיבן איינער דעם אַנדערן און צוזאַמען לעבן, ווייל צוזאַמען מיט דער וואַרעמקייט גיבן מיר איינער דעם אַנדערן דעם סם פון דער־מונטערונג, וואָס איז דער היפּוך פון צווייפל, וואָס איז דער מקור פון פלאַכקייט.

לאָמיר בלויז איינשטימען: דער „אין זיך" דאַרף ווערן אַן אָרט פאַר דעם שיינעם, רייפן, געלייטערטן, געשליפענעם יידישן וואָרט.

כ׳זאָג וואָרט בכיוון, ווייל מיר שרייבן נישט קיין לידער, מיר זיינען נישט קיין פּאָעטן: מיר האָבן אַלע ליב דאָס, וואָס ווערט באַטיטלט מיטן נאָמען פּאָעזיע, און אין די וויבערשערע מינוטן פון אונדזער לעבן פילן מיר כמעט אַ גויטוועגדיקייט צו לייענען פּאָעזיע. אָבער מיר אַליין זיינען אָדער מער אָדער אפשר וויניקער פון פּאָעטן. איינס איז זיכער: מיר זיינען אַנדערש. מיר זיינען דערפאַר נישט פאַרמישפּחהט צו קיינעם פון די פּאָעטן, וואָס גיבן אונדז צייטנווייז פאַרגעניגן מיט זייערע לידער. אָט־אָ־דאָ הערט אויף אונדזער קאַמף פאַר די טראַגנען. מיר גיבן עס זיי אָפּ. מיר זעצן צוריק אַרויף די קרוינען אויף זייערע קעפּ, וואָס מיר האָבן אַזוי שטיפעריש אַראָפּגעוואָרפן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

מיר זיינען אָבער אויך נישט פאַרמישפּחהט איינער צום אַנדערן. מיר דאַרפן נישט דעם אָגלען איינער אָן אַנדערן. מיר דאַרפן זיך פּלוצים דערפילן אָפּגעריסן און אָפּגעפּיצלט פון אַלץ און פון יעדן. מיר דאַרפן זיך דערפילן שרעקלעך איינזאַם.

מיר דאַרפן געדענקען:

יעדערער פאַר זיך, מיט זיך, אין דעם נייעם „אין זיך".

**
*

פריער ראַטעווען זיך און דערנאָך די ליטעראַטור. אי זיך, אי די ליטעראַטור ראַטעווען פון דעם רויען, פון דעם פלאַכן, פון דעם טריוויאַלן. און דערפאַר קלאַמערן מיר זיך אָן דער אַלטער פאָן — „אינזיך" צום דריטן מאָל איז ווידער אַ היסטאָרישער מוז.

עס איז אפשר איבעריק צו דעפינירן „אינזיך". פאַר די אַלע יאָרן האָט מען עס פּרובירט טאָן פאַר אונדז. אונדזערע פּירושים זיינען פאַר־שריגן געוואָרן און יעדער איינער איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ בר־סמכא אויף עפּעס, וואָס איז ערשט ממש פון אונדז אַליין אויסגעבריט געוואָרן,

און אויך דאָס מאָל וועט מען אונדז אַריבערהילכן מיט געשרייען. עס וועלן זיך פּלוצעם באַווייזן אויטאָריטעטן, וואָס וועלן אַרויסווייזן אַזאַ קלאָרע באַקאַנטשאַפט מיט דעם ענין, ווי זיי וואָלטן שוין געווען אינזי־כיסטן פון דריטן דור.

דאָס שענסטע, פאַרביקסטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור איז געווען „אינזיך". „אינזיך" איז געקומען דעמאָלסט, ווען אַלץ איז שוין געוואָרן פאַרזומפּיקט, ווען די יונגע העלדן, וואָס האָבן דעראָבערט פּאַפּירענע פעסטונגען, זיינען געשלאָפן אויף זייערע פּורים־שווערדלעך און גאַלאַנט געזיפּצלט אין לידער. „אינזיך" האָט שוין דע־מאָלט געטראָגן אין זיך סימנים פון האָס פאַר קאָקעטישער גלאַט־ליטע־ראַטור און איכיסטישע אויסשוויצונגען, ווען דאָס אייגענע געמיטל ווערט אַ העלפאַנט מיט דער הילף פון לירישע פאַרגרעסער־גלעזער.

דו — אַ טייל פון דער וועלט, האָבן מיר געטענהט. נישט צו פאַרלירן אויף אַ רגע נישט זיך און נישט די וועלט, פון וואָס מען איז אַ טייל. איצט טרומייטערט מען דאָס אין אַלע גאַסן און מען פּלאַטערט דערביי מיט רויטע פענער און מען שרייט, אַז דאָס איז פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, און פויפסט־אַלגין אַנטדעקט, אַז ער איז קעגן ליריק און ער שרייט עס אויס פּאַלצעטיש און מאַכט זיך נישט וויסן, אַז פון דעם ליריק־אַלקערל זיינען מיר געווען די ערשטע זיך אַרויסצוקלייבן און אַז אויג, קאָפּ און האַרץ פאַר דעם אַרום איז אַ בפירושער דין אין דעם אינזיך שולחן־ערוך, דף אַזוי און אַזוי.

ווייל שוין דעמאָלסט האָבן מיר דערפילט, אַז דאָס נייע ליד מוז פאַר־פלאַנצט ווערן אויף קאָנקרעטן באָדן און מיר האָבן דערפאַר אָנגעפּיינט די פאַררונדלטע אויגן־גלאָצעניש. מיר האָבן דערפילט, אַז דאָס פּראָזעוואַטע לעבן מוז האָבן אַן אָרט אין דעם ליד און מוז האָבן אַ באַשטימט אָרט סיי אין אינהאַלט און סיי אין פאָרעם. מיר האָבן איינגעזען, אַז דער קאָ־קעטישער געגעניץ מיט דעם איבערשלאַג פון דינע לירישע פינגערס קאָן בלויז פאַראינטערעסירן די כל־ערליי ניגערס, וואָס לעכצן נאָך עד היום נאָך דער „אַלטער גוטער ליריק".

און ווען ראַוויטש־מייזל עט קאָמפּאַני נעמען זיך צום האַרצן, נעבעך, וואָס עס ווערן געשריבן אַזוי פיל לידער און אַזוי ווייניק דערלייזערישער שטאָף, דערשטאַמלען זיי זיך אייגנטלעך צו עפּעס, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג מיט זיי איינגעשטימט. זיי פאַרגעסן, אַז די ערשטע שינאה צום לידל האָבן מיר פאַרוואָרצלט, פאַרפלאַנצנדיק דערביי די ערשטע ליבע צום

נייעם ברייטברוסטיקן שאַל, צום ערשטן געצאַמטן מאַנאַלאָג אין לעבעדיקע ווערטער.

מיר האָבן די ערשטע אַנגעטאָן די אַרבעטהויזן און אויסגעריסן דאָס ווילדגעוויקס פון פּיעשטשעריי און פישטשעריי פון די מיידלשע געזאַנגען. אויף דעם באַבלעטערטן בוים פון די אַלטע מעגלעכקייטן האָט שוין דעמאָלסט געפּלאַטערט דאָס צווייגעלע, וואָס רופט זיך איצט פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. ווער האָט זיך דאָס געקאָנט רעכטן, אַז אָט דאָס פּיצעלע וועט באַאַרבעט ווערן און באַאַרבעט ווערן עד נודנאָטע ווי אַ טעמע. געאָנט האָבן מיר פּראָלעטאַרישקייט ווי אַ שטאַנדפּונקט, ווי אַ ברייטוועלטיקייט, אָבער געוואָרן איז דאָס אַ טעמעלע ביי יעדער פאַרמאַ־זאַליעטן מאַרך, אַ „ובא לציון גואל"־עליקסיר. יעדעס ליד מוז זיך פאַר־ענדיקן כאָטש מיט אַן אַנטייט וועגן רוסלאַנדס פלאַמיקן נעכטן און פון דער וועלטס רויטן מאָרגן, כדי צוצוטרעפן דעם טערפּקן גומען פון דעם הורא־שרייער פאַר דעם אַמאַליקן איינהאָרן און בכלל פאַר אַלץ, וואָס האָט זיך געמאַכט און פאַר אַלץ, וואָס וועט זיך נאָך טאָן מאַכן.

מיר האָבן נישט טעאָרעטיזירט בלויז, מיר האָבן באַוויזן מיט לעבע־דיקע מוסטערן. און אויב די מוסטערן זיינען נישט אַלע מאָל געווען דאָס, וואָס מיר האָבן געוואָלט ברענגען, זיינען זיי אָבער געווען דורכגעפּלאַמט מיט דעם ווילן צו ברענגען דאָס, וואָס מיר ווילן ברענגען — און דאָס וואָס איז על־פּי טעאָריע געווען אַבסטראַקט און פּלוצעם געוואָרן אַ לעבע־דיקע פאַרשטענדלעכקייט. „אינזיך" איז געוואָרן מאָס, „אינזיך" איז געוואָרן סטאַנדאַרד. די אומבאַרמהאַרציקע שניטערס האָבן אָפּגעשניטן דאָס פּלאַכע. מיר האָבן געדופן דאָס נייע, און די באַנאַליטעט האָט געשוויגן, ווען „אינזיך" האָט גערעדט.

דאָס אמתע נייע יידישע ליד אין אַלע פּאַזן, פאָרמען און אויס־שטראַלונגען איז אַ פּראָדוקט פון „אינזיך". „אינזיך" איז נישט אויף דער פּאָליצע פון געשיכטע, נאָר לעבט און אָטעמט אין יעדער אמתן דיכטער און אין יעדער אמת ליד. און דאָ האַנדלט זיך נישט אין כבוד פאַר די „טאַטעס" פון „אינזיך" — די צייט האָט דאָ גורם געווען און יעדער פּאָעט איז געווען אָנגעגרייט דערפאַר.

אָבער אין די לעצטע עטלעכע יאָר איז ווידער אָנגעפאַלן אַ צעטומ־לעניש. מען האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו מאַני־לייבלען. מען האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַלטער גוטער לידיק. די באַנאַל־זינגערס האָבן ווידער אָנגעהויבן צו גראַמען. מען האָט פאַרגעסן, אַז עס איז נישטאָ

קיין צוריק און אַז מידע פּיס מוזן אָפּפאַלן און נישט צוריק שלעפּן די שוואַכע טרעטערס. פון איין זייט אַ כאַפּטע „זענגער" וואָס „לייסטן זייער בעסטעס" — ערלעכע יונגען, נעבעך, וואָס קענען טאַקע מער ניט ווי זיי גיבן. און פון דער אַנדערער זייט ענטפערן אַנדערע חברות מיט דעם קלאַפּן פון צעבראָכענע בלעכענע כלים.

דאָס יידישע וואָרט דאַרף ווידער באַנייט ווערן. אַ נייע פּאַליטור דאַרף דאָס יידישע ליד. דער גרעבסטער באַטול דאַרף ווידער אַ מאָל אָנהייבן געשטעפּט צו ווערן מיט אידעלע פינגערס. „אינזיך" קומט דערמאָנען אַן זאַכן, וואָס זיינען שוין אַ מוז און קומט דערביי זיך אַליין אויך רעאַריענטירן.

אונדזער רוף צו אַלעמען, וועמען עס איז דערעסן געוואָרן דער זומפּ אין דער יידישער פּראָזע, פּאָעזיע און פּובליציסטיק; וועמען עס איז איבערדריסיק דער ווערסאַלער שלום פון אַלע טאַלאַנטלאָזיקייטן; דער שווייגקאָנטראַקט, די האַרמאָניע פון קאַצן־יאָמער, דער דרוק אויף דער קריטיק און די קריטיק אַליין, מ׳שטייגס געזאָגט, פון רעכטס און פון לינקס און פון צפון און דרום. אונדזער רוף צו אַלעמען, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט געוואָלגערט אין דער פרעמד און געהאַלפן אויפבלאָזן פרעמדע פייערלעך; צו די, וואָס האָבן פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן בעת די ברייטע ברוסטן האָבן זיך אַליין באַהאַנגען מיט מעדאַלן, ווען פלייצע־קלאַפּעניש איז געוואָרן מעטאָד.

און זאָלן מיר אויך רופן אונדזערע אייגענע ברידער — „בלוט פון אונדזער בלוט און פלייש פון אונדזער פלייש" — ווען זיי אַליין האָבן שוין אַ סך מאָל דערקלערט, אַז זיי זיינען העט־ווייט אַוועק פון אונדז. אונדזער רוף וועט זיך צו זיי נישט דערטראָגן, ווייל אַ טיפער אָפּגרונט טיילט אונדז אָפּ פון אונדזערע אייגענע.

מיר שרייבן נאָך אַלץ יידיש און זיי שרייבן שוין יאַדיש. אָדער זיי טוען אָן אַ פאַרשמאָלצענעם לייבסערדאַק און מען זוכט „דש נייאי" פאַרשימלטע וואָרט, אָדער מען ווערט דערטרונקען אין אָבסקורע קאָנ־גלאָמעראַטן, רחמנא לצלן. דער היפּשער מהלך צווישן אָט די צווי פּאָליוסן, דאָס דערגרייכטע, דאָס רייפע, קרישטאָלענע, זאַפטיקע, פרוכט־באַרע יידישע וואָרט — דש האָט זיך צו אונדזערע ברידער נישט צוגע־קלעפּט.

יידיש און יאַדיש זיינען צוויי פאַרשידענע קאָנטינענטן, צוויי פאַרשי־דענע וועלט־אַנשויאונגען. אָבער מיר קענען דערגרונטעווען דעם „צערע־

בראָלן" אינהאַלט פון די יאַדישיאַנער. מיר זיינען דאָך אַלע אַרקאַדיאַנער לאַנדסלייט, וויסן מיר אַזוי אויסגעצייכנט, אַז עס איז נישט מרעיש־עולמדיק, מיר פאַרשטייען זיך אויף דער ערודיציע פון עילויים מיט געקרויזלטע פּאהלעך. מיר מיינען באָך אַלץ, אַז ערודיציע הייסט אָנגעזאַמלט האָב און גוטס דורך אַ לעבן לאַנג ביז אין טיפן עלטער און נישט פאַרזוכעכץ פון נאָך נישט אויפגעשניטענע ביכלעך. אַרקאַדיאַנער אַליין, פאַרשטייען מיר פון וועלכע שטאָפן אַט די אַלע זאַכן זיינען געוועבט און מיר שמייכלען אונטער, ווען אונדזערע אָבסקורע ערודיצן און ערודאַצן באַהענגען זיך איינער דעם אַנדערן מיט מענדעלע־מענדאַליען.

די יידישע פּאָעזיע איז נישט קיין אַנעמישע בתולה. נישט בלויז אַן אַרבעטער און ערד־אַקערער. זיכער נישט קיין באַלעבאַטישער טרילער און נישט קיין אַבסורדן פון טויטע פאַרקלויסטערטע הושענות. די יידישע פּאָעזיע איז אַ לעבעדיק, קלוג באַשעפעניש, אַן אויסגעיאָלדעוועט וועזן, וואָס איז שוין אַפילו מיד פון דעם יאָט ווי אַ סימבאָל פון נייקייט. די נייע יידישע פּאָעזיע מוז אָוועקטרייבן די פליגן — די טשיקאַווע קריטיקערס פון אַלע אידעאָלאָגיעס. עס מוז זיך פון אויף דאָס ניי אָנפאַנגען וועבן אַ ניי ליד אויף צו להכעיס די סטאַטיסטיקערס פון אונדזער אונטערגאַנג.

און דערפאַר און אפשר נישט דערפאַר „אינזיך".

אויב נישט דערפאַר, איז פאַר עפּעס אַנדערש. פאַר דעם, וואָס וועט נאָך געזאָגט ווערן. פאַר דעם, וואָס וועט פאַר זיך אַליין קלאָר ווערן, פאַר די לידער פון היינט און פון איבער אַ יאָר און פון צען יאָר שפּעטער. און פאַר דעם ווילן, קלאָרן ווילן צו באַנייען און דערפרישן דאָס יידישע וואָרט נישט בלויז דורך עקספּערימענטן, נאָר דורך דויערהאַפטיקייטן, וואָס זאָלן בלייבן נישט נאָר „שאַצקאַמער־אוצרות, נאָר קוואַליקע ענערגיע אין יידישן קינסטלערישן לעבן".

***

„אינזיך" נומער איינס פון דריטן גאַנג איז אויפגענומען געוואָרן אַן אָוואַציעס. אַ קליינער זשורנאַל, אַ זעכצנזייטיקער, קען נישט האָבן קיין איינפלוס אויף דעם יידישן גײַסטלעכן לעבן. און דאָס איז אַ שאָד. דער יצר־הרע איז גרויס און געוועלטיקן ווילט זיך. פאַר וואָס קומט די גאַנצע ממשלה מלך עפשטיינען?

גיבן מיר זיך אַליין אָפּ אַ גרוס, כדי נישט אַנצופּאַנגען ליידן פון דעם גדלות־קאָמפּלעקס. די סאַלוטירונגען זיינען געווען נישט קיין גוואַל־טיקע. חיימאָוויטש האָט גאַלאַנט באַגריסט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע" און באַגריסנדיק גאַלאַנט געגענעצט. ניגער האָט געדברט סימ־באַליש וועגן זשורנאַלן, וואָס קעצלען זיך. (אָט דער היטער פון דער ליטע־ראַרישער ראַגאַטקע, אַז ער דערזעט אַ נייעם זשורנאַל, ווערט אים אומעטיק. ער וואָלט געוואָלט, אַז די ליטעראַטור זאָל איינשרומפּן. ווייל, כּידוע, איז ער דאָך דער איינציקער, וואָס טראָגט די לאַסט, און ווער האָט דאָס אַזוי פיל צייט, כּוח און אָפּשאַץ־פעאיקייט פאַר אַ ליטעראַטור, וואָס ציט אויס די יונגע ביינער?)

דער „אויפקום" האָט נישט פאַרשוויגן. אַדרבא, ער האָט פאַרצייכנט אין פּעטיט, אַז עס איז יאָ דערשינען אַזאַ זשורנאַל ווי דער „אינזיך" און דערביי געוואונטשן ווינטשעוואַניעס און געגעבן זיך אַ קניפּ אין דער באַק, אַז די פּאַרב זאָל שטיין. צאָלן מיר די „אויפקום"־כּאַווירים אָפּ מיט פּראָצענט און מיר פאַרצייכענען אין ברעוויר, אַז דער „אויפקום" גייט נאָך אַרויס און ווינפּערן איז גוט, כאָטש ער עלטערט זיך פון יאָר צו יאָר.

געכעסט האָט זיך נאָר דער באַגענטער ה. לייוויק. מיר זיינען אָבער נישט שולדיק. מיר האָבן בפירוש אים אויך געמיינט, ווען מיר האָבן גערופן אַלע, וואָס האָבן „געהאָלפן אויפבלאָזן פרעמדע פייערלעך". לייוויק ווייסט בעסער פון אַלעמען, אַז „אינזיך" האָט דערווייל געזאָלט באַטייטן אַ ווינקל, מיט „פרייער ראַטעווען זיך און דערנאָך די ליטעראַטור" פאַנגט זיך אָן די ערשטע געדרוקטע שורה פון דעם באַנייטן „אינזיך". האָבן מיר דען, חלילה, עמיצן שוין אונטערגעוואָרפן דעם באַגריף פון בייס? מיר האָבן עס איבערגעלאָזט פאַר אונדזערע נאָענטע, אַז זיי זאָלן דאָס אַנטדעקן ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. אָבער עס איז אונדז אָסור איינגעפאַלן, אַז שוין ביי דער ערשטער־בעסטער געלעגנהייט וועט מען אונדז אָט דעם באַגריף פאַרוואַרפן.

און צוריק געשמועסט, האָט דען לייוויק דערוואַרט, אַז מיר זאָלן אין דעם זעכצנזייטיקן זשורנאַל אָפּדרוקן אַ דראַמע, וואָס זאָל אויסרייסן דאָס שלעכטס פון דער וועלט מיט דעם וואָרצל? מיר האָבן בדעה דאָס צו טאָן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, אָבער דערווייל האָבן מיר אָפּגעדרוקט לידער און אויף אַ טייל פון די לידער האָט לייוויק געלייגט דעם פּיע־טשאַט, אַז זיי זיינען אויסגעצייכנט און זיינען לידער פון פיינעם טרויער.

פרעגט זיך אַ קשיה: אויב מען קען זיך אַליין ממשיך זיין דורך שרייבן אויסגעצייכנטע לידער און אויב מען דרוקט אָפּ די לידער פון פיינעם טרויער ביי זיך אין דער היים, ווייט פון דער קאַמף־אַרענע, וואו דער היפּשסטער טייל פון קאַמף ווערט פאַרשווענדט אויף צו קריגן די אמתע קאָמוניסטישע עפּאָלעטן, — אויב מען קען נאָך טאָן און מען טוט טאָקע אַזעלכע זאַכן, איז דאָס אַליין דען נישט אַ נייס? דער „אינזיך״־קייזער־שניט אין דער יידישער ליטעראַטור איז נאָך אַזאַ נייס, אַז מען זאָל נישט גלייך באַדאַרפן אַ קאַזשעלעק, כדי צו באַצייכענען, אַז דער פאַרהאַנג רוקט זיך אַרויף פאַר דעם נייעם שפּיל.

אַ סך ערנסטער פאַרשטייען מיר ליטעראַטור ווי דאָס אפילו, וואָס אונדזערע נאָענטע האָבן אָנגעהאַנגען. ניין, מיר זיינען נישט די קונצנמאַ־כערס און פאָקוסניקעס, וואָס אַפילו אונדזערע גוטע פריינד וואָלטן געוואָלט און מיר קענען נישט לשם „שאָו״ קיינעם אַמוזירן מיט נייע „טריקס״. סיידן, לייוויק מיינט עס ערנסט מיט דעם גביאישן אויסגעשריי, אַז מען דאַרף האָבן מעשים. ווי ער זאָל דאָס נישט מיינען — מעשים אין די גרע־נעצן פון וואָרט אָדער דאָס וואָרט ווי אַ שטער און צעשטערער פון עולמות — איז דאָס אַלץ אַזאַ פריקרער פאַרוואורף פאַר אייגענע מענטשן, וואָס ווייסן אויך ווי אַזוי עברי ווערט געצויגן ביים עק, כדי צו האַלטן פּאַסאַן, אַז מער ווי „באַ״ אָדער „וועל״ אָדער „בע־מע״ קאָן דערויף נישט ענטפערן.

אַ גוט ליד? איר הייליקע מוזעס, ווער פון אונדז ליידט עס פון אַזאַ גערעטעניש אין גוטע לידער, אַז ער זאָל קענען, אַרונטערשאָקלענדיק אַש פון ציגאַרעטל, פלינק און נערוועז אַ זאָג טאָן: גוטע לידער זיינען קיין נייעס נישט? אַ באַשיידענער בליק אויף צוריק (און אַ בליק אויף פאָרויס?) וואָלט אפשר געווען דער בעסטער קעגנגיפט צו אַזאַ שנעלן און כלאחר־ידיקן זאָג.

לייוויקס כעס איז געווען אין דער אמתן אַ צאָרן קעגן זיך אַליין, קעגן דער אייגענער ראָלע אויף דעם פינקלדיקן „ליטעראַרישן פּיידזש״. אָבער לייוויק האָט שוין באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז אַ קאַמף קעגן וויצן איז אַרויסגעוואָרפן. לייוויקן האָט שוין געמעגט נישט אָנשטיין אַריינצוגיין אין אַ וועטלויף. ער האָט באַדאַרפט וויסן, אַז אַ וויצלער וועט שטענדיק קריגן קפיצת־הדרך מיט דעם כוח פון אַ וויץ. פאַרשטייען מיר גוט, אַז דער כעס איז געווען קעגן דעם ווילן, וואָס האָט נאָך נישט קיין כוח

צו ווערן; קעגן דעם, וואָס מען קען נאָך נישט איבערברעכן און זאָגן: צום טייוול מיט אַ פינפיעריקן קאָשמאַר. האָבן מיר צייט צו וואַרטן און מיר זיינען מוחל אַ נאָענטן מענטשן זיין איבערגעאיילטקייט.

יאָ! און דער „וועקער" (אין נאָמען פון טאָלעראַנץ מוז מען דאָס אויך אַ מאָל דערמאָנען) האָט אויך דערזען דעם „אינזיך". ער האָט זיך אַרויפּ־געוואָרפן אויף לעיעלעסעס אַרטיקל און געזוכט פּשט. אַן אומאָנגענעמע איבערראַשונג! לעיעלעס האָט זיך זיכער נישט געריכט, אַז פון דעם פליגל זאָל מען פּלוצים אַפּלאָדירן. נישקשה, דער „וועקער" און גענאָסע גאָלדין (אַ שיינעם דאַנק, פּאַניע גאָלדין, וואָס איר האָט דורך אייער פּסעוודאָנים אונדז איינגעשפּאָרט די טירחה צו דערמאָנען אייער ווירדיקן נאָמען) האָבן אונדז זיכער געמעגט פאַרגינען די גראָבע לידער פון הייזלערס פען, און אויב דאָס אַנשטענדיקע און ציכטיקע קעמפערל — „דער וועקער" — פילט זיך דווקא געטראָפן, אַנטשולדיקן מיר זיך און פאַרנייגן זיך דריי מאָל.

זיינען די רייד, אייגנטלעך, צו רייד געקומען קעגן דעם, וואָס זעכצן זייטן זיינען נישט גענוג צו האָבן איינפּלוס. איך האָב אַליין געזען ווי אַן אינטעליגענטער לעזער האָט דעם זשורנאַל אויסגעלייענט אין צוואַנציק מינוט און ער איז געבליבן זיצן מיט אַ נישט־געשטילטן דורשט נאָך אַ דראַמע, נאָך אַ לענגערער דערציילונג און נאָך אַן עסיי פון ב. לאַפּין.

אָבער דעם קאָלאָסאַלן אַפּעטיט פון אַזאַ לעזער איז שווער צו באַ־פרידיקן. דער זשורנאַל וועט דערווייל ביז סעפּטעמבער אַרויסגיין אין זעכצן זייטן.

(אין זיך, יולי 1922; מערץ, אַפּריל 1928)

# יידישע און „דזשואישדיקע" ביכער

...אַ מאָל האָבן מיר גענוצט דאָס וואָרט יידיש פאַר דעם יידישן לשון, און מיט דער הסכמה פון די „ליבעראַלע" העברעערס האָבן מיר אויך אויסגעברייטערט דעם באַגריף אויף העברעאיש. מיר האָבן זייער אָפט געזאָגט, אַז די צוויי יידישע לשונות פון אונדזער צייט זיינען העברעאיש און יידיש. אָבער אַפילו די עקסטרעמסטע העברעערס האָבן נישט געקאָנט פּראָטעסטירן, ווען מען האָט גענומען אין האַנט אַריין אַ העברעאיש בוך און עס מיט צערטלעכקייט אָנגערופן אַ יידיש בוך, אַפילו ווען די ביכער זיינען געווען איבערזעצונגען און געשריבן פון נישט־יידן.

ווער שמועסט, אַז די מחברים זיינען געווען יידן, איז אוודאי נישט געווען קיין שום ספק, אַז דאָס בוך איז אַ יידיש בוך, אויב דער אינהאַלט איז, חלילה, נישט געווען קעגן יידישן פאָלק. אַפילו אַ יידיש בוך קעגן דער איינהייט פון יידישן פאָלק, אָדער קעגן יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק, אויב ס'איז נאָר געהאַלטן געוואָרן אין די ראַמען פון יידישע אידעאָלאָגישע קאַמפן, איז אויך גערעכנט געוואָרן פאַר אַ יידיש בוך. ערשט אין די שאַרפע קאָמוניסטישע פּאָלעמיקעס קעגן אַלץ, וואָס איז יידן הייליק און טייער, האָט מען געפּרואווט אויפהייבן די פראַגע, צי זיינען יידישע אותיות אַליין גענוג צו מאַכן פון אַ בוך — אַ יידיש בוך. אָבער בדרך כלל איז גענוג צו נעמען אַ בוך אין דער האַנט אַריין און דערזען די יידישע אותיות, אַז מען זאָל נישט פרעגן קיין קשיות, צי דאָס איז אַ יידיש בוך.

ס'איז געווען אַ טייערער איינפאַל און אַן אינספּירירטע נאַציאָנאַלע עקשנות נישט אויפצוגעבן די יידישע אותיות, וואָס זיינען געוואָרן דער זיגל פון אונדזער אַחדות. די פאַרשידענע לאַטייניזירערס פון יידישן אַלף בית, אויף העברעאיש ווי אויף יידיש, האָבן קיין מאָל נישט געקראָגן קיין גרויסע אָנהענגערשאַפט און זייערע „רעפאָרמען" זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דער צייכן פון אונדזער ממשותדיקער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט איז פאַרבליבן דער יידישער אַלף־בית, ווי אַ מינימום פון יידישער „אַלפאַבעטישקייט", דאָס הייסט פון רעכענען זיך פאַר ייד, וואָס קאָן זיך כאָטש דורכשמועסן מיט די צייכנס פון זיינע יידישע אותיות.

די שפּאַנישע יידן האָבן זיך אין זייער לאַדינאָ געהאַלטן ביי די יידישע אותיות ווי אַ גוט אויסגעפּרואווט מיטל קעגן אויסמישונג און אָפּפרעמדונג. ס'איז דערפאַר קלאָר, אַז די יידישע אותיות האָבן ממילא געמאַכט אַ

בוך פאַר אַ יידיש בוך, אויב ס׳האָט נישט אַנטהאַלטן קיין נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע לעסטערונג און מען האָט עס נישט גלייך אַוועקגעוואָרפן ווי אַ שטיק מוקצה.

ווען ס׳איז געקומען צו יידישע ביכער און זשורנאַלן אין פרעמדע לשונות, איז מען אַ צייט לאַנג אַנגעקומען צו דער קאָמבינאַציע פון צוויי ווערטער, מען האָט גערעדט וועגן ענגליש־יידיש, פראַנצייזיש־יידיש, שפּאַניש־יידיש, מען האָט מיט אַ בינדשטריך געוויזן וועגן וואָס פאַר אַ יידיש ס׳רעדט זיך, ווייל ס׳איז נאָך געווען פרעמדלעך צו אָנערקענען, אַז אויף פרעמדע לשונות קאָנען געשאַפן ווערן יידישע ווערק. די דייטשישע יידן האָבן געשאַפן אַ סך יידישקייט־ווערק, וואָס מען האָט גערופן יודאַאיקאַ, אָבער דער אַקצענט איז געווען מער אויף דעם תוכן פון יידישקייט, ווי אויף דער פולער אַנערקענונג, אַז דייטש איז אַ פולבאַרעכטיקט יידיש לשון.

ביסלעכווייז האָט מען מיט דער הילף פון ענגלישן לשון גענומען אויסברייטערן דעם טערמין — „דזשואיש" און געדעקט דערמיט אונדזער גאַנצע פילשפּראַכיקייט. איך אַליין געדענק נאָך, ווען אַזעלכע אויסדרוקן ווי „דזשואיש בוק", „דזשואיש לענגווידזש" — האָבן געמיינט בלויז אַ יידיש בוך אָדער דאָס יידישע לשון. מיט אַ מאָל האָבן די ענגליש־יידישע שרייבערס צוגעשאַרט צו זיך דעם „דזשואיש" ביז זיי האָבן אים שוין באַלד אין גאַנצן צוגענומען פאַר זיך.

. . . מיר, יידיש־שרייבערס, זיינען אַ מאָל געווען די ברייטע מחותנים און מיר זיינען געווען דאָס אייבערשטע פון שטייסל און מיט „דזשואיש ליטרעטשור" האָט מען געמיינט בלויז אונדז. היינט, אַז מען איז גנעדיק צו אונדז, וואַרפט מען אונדז אויך צו אַ ביסל אין דעם ניי־אויסגעברייטערטן באַגריף פון „דזשואיש ליטרעטשור", וואָס מען גיט אונדז אַ באַזונדער אַלקערל — יידיש.

זיינען מיר שוין, הייסט עס, די שטיפקינדער פון „דזשואיש". ס׳איז גענוג אַ קוק צו געבן אויף דעם דריישפּראַכיקן יאָרבוך, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן לכבוד דעם אַזוי־גערופענעם יידישן בוך, כדי צו זען, ווי מען האַלט שוין מיט אונדז אין די דזשואישדיקע קרייזן. אָדער ס׳איז כדאי צו נעמען אַ שטיקל צענזוס פון די ביכער־יאַרידן, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן היי־יאָר אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און סינאַגאָגעס, וויפל יידישע און נישט „דזשואישדיקע" ביכער זיי האָבן אויסגעשטעלט צום פאַרקויף. איך אַליין ווייס פון עטלעכע אַזעלכע „דזשואיש" בוכיאַרידן,

וואו מען האָט נישט געזען קיין אין יידיש אָדער העברעאיש בוך. פריער האָט מען אונדז איינגערעדט, אַז דזשואיש מיינט אונדז אויך, איצט האַלט מען שוין דערביי, אַז נאָר אַ „דזשואיש" בוך איז אַן אמת יידיש בוך.

אָבער דער גילגול פון וואָרט „דזשואיש", וואָס שליסט אויס אַ יידיש בוך, אָדער וואָס טוט אַ טובה אַ יידיש בוך און גיט עס אַ קאַפּיטשקע אַלקערדיקע אָנערקענונג און טיילט עס אויס ווי אַ ניי־מאָדנעם באַגריף פון יידיש, וואָס שטייט שוין באַלד מחוץ פון דער ברייטער דזשואישדיקער ציוויליזאַציע, האָט נאָך אַלץ נישט געהאָלפן אַריינברענגען קלאָרקייט אין דער פראַגע, וואָס איז אַזוינס אַ יידיש בוך.

מיט וויפל זיגלען און וויפל שלעסער אַ בוך מיט יידישע אותיות זאָל נישט זיין פאַרשלאָסן פאַר די אַראַנזשירערס פון די „דזשואישדיקע" יאַרידן לכבוד דעם יידישן בוך, איז דאָס פון זיך פאַרשטענדלעכסטע יידישע בוך — אַ בוך מיט יידישע אותיות. מען קאָן עס נישט אַוועקפשטלען מיט קיין שום טענות.

מען מעג עס רופן יידיש, אָבער ס'איז „דזשואיש", אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט. זעט איר אַן ענגליש בוך — פאַר באַקוועמלעכקייט רעד איך איצטער בלויז וועגן די ביכער, וואָס מען האָט אַ מאָל גערופן ענגליש־יידישע ביכער — איז זיכער נישט קיין יידיש בוך, אַפילו ווען עס שטייט אין אַ יידישן ביכערמאַרק, און ס'איז אָפט אַ גרויסער ספק, צי ס'איז טאַקע באמת אַ „דזשואיש" בוך.

ביי מיר האָט איר געפועלט, אַז יידן, וואָס שרייבן ענגלישע ביכער, און די ביכער זייערע זיינען גוטע ביכער, אַז זיי געהערן צום שטראָם פון דער ענגלישער אָדער אַמעריקאַנער ליטעראַטור און מען דאַרף זיי נישט אויסמעקן פון דער רשימה פון יידישע ביכער אויף אַנדערע שפּראַכן.

ביי מיר איז, למשל, אַזאַ שרייבער ווי טשאַרלס אַנגאָף, אַ גוטער און טייערער ייד און אַ גוטער שרייבער, אָבער טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז אַ טאַלאַנטפולער שרייבער, באַטראַכט איך אים קודם כל פאַר אַן ענגלישן שרייבער, וואָס איז אַ מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. אַזאַ שרייבער ווי אַנגאָף וועט אָבער נישט האָבן קיין שום שוועריקייטן באַטראַכט צו ווערן פאַר אַ שרייבער פון „דזשואיש", ווייל סיי אינהאַלטלעך, סיי עמאָציאָנעל איז אַנגאָף אַ יידישער שרייבער אין ברייטסטן זין פון וואָרט. מיט אַנדערע ווערטער, אויב ס'איז פאַראַן אַזאַ שרייבער ווי אַנגאָף און זיין גלייכן, קאָן מען ביי אים נישט אַוועקנעמען דאָס רעכט, אַז זיינע

ביכער געהערן צום גרויסן קעניגרייך פון יידישע ביכער אויף אַלערליי שפּראַכן.

אָבער וואָס וועלן מיר טאָן מיט אַזאַ שרייבער ווי פיליפּ ראָט, אַ ייד, וואָס שרייבט ענגלישע ביכער און באַטראַכט זיך אַליין נישט ווי אַ יידישער שרייבער, כאָטש ער באַשרייבט יידישע אַמעריקאַנער טיפּן און ער מאַכט זיי אויסצודרייען? איז זיין בוך אַ „דזשואיש" בוך, שוין דערפאַר אַליין, ווייל דער מחבר איז אַ ייד און ווייל ער שרייבט וועגן יידן? אויב אַזוי, מיט וואָס, למשל, איז גאָגאָלס „טאַראַס בולבאַ", וואו אַ „זשיד" שפּילט אַ גאַנץ וויכטיקע ראָלע, נישט קיין יידיש בוך?... גאָגאָל לאַכט אויס דעם יידישן העלד, וואָס מאַכט מאָדנע האַוואַיעס, אַפילו ווען אוקראַאינער פּאָגראָמשטשיקעס וואַרפן אים אין וואַסער אַריין, ער דריי־געט קאַמיש מיט די פיס, ער זעט אויס אַזוי קאַמיש, ווי טורגעניעווס ייד, ווען מען הענגט אים. טורגעניעוו באַשרייבט אַ ייד, וואָס האַנדלט מיט זיין אייגענער טאָכטער. טורגעניעוו וואָלט זיך געשוואוירן, אַז ער האָט טאַקע געקענט אַזאַ ייד און טשאַרלס דיקענס וואָלט זיך געשוואוירן — און האָט זיך טאַקע געשוואוירן, — אַז ער האָט געקענט אַ ייד ווי פייגין, אַ גנב, אַ לערער פון קליינע גנבים און אַ „פּאַסער", אַן אָפּנעמער פון געגנבעטער סחורה. מיט וואָס זיינען טורגעניעוו, גאָגאָל, דיקענס און דער שעקספּיר פון שיילאָקן נישט קיין יידישע שרייבערס?

דערפאַר איז טאַקע ביטער מיט ביכער פון יידישן אינהאַלט, געשריבן פון יידישע אַליין־האַסערס. זאָל מען זיין אַזוי ברייטהאַרציק, אַז מען זאָל אויך זייערע ביכער, וואָס זיינען אַנטי־יידיש, באַטראַכטן פאַר דזשואיש? עפּעס לייגט זיך עס נישט אויפן שכל.

דערפאַר איז מען נאָך אַלץ געפּלעפט, ווען מען קומט דעפינירן וואָס אַזוינס איז אַן אמת יידיש בוך, אויב עס איז נישט קיין יידיש אָדער אַ העברעאיש בוך. די צרה איז, וואָס די יידישע און העברעאישע ביכער ווערן פּאַקטיש אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן פון חשבון און די ספּקדיקע יידישע ביכער ווערן ברייט צעשטעלט אויף די פּאָליצעס ביי יידישע ביכער־יאַרידן. דער טראָפּ דאַרף טאַקע פאַלן אויפן בוך. ס'מוז קודם כל זיין אַ גוט בוך, אָבער נאָך דעם ווי מיר ווייסן, אַז ס'איז אַ גוט בוך, דאַרף מען ערשט זען, צי עס קומט פון אַ ריינעם יידישן קוואַל, אָדער פון אַ קוואַל, וואָס דער יידישער מחבר לאָזט פאַראומרייניקט און אַריינגע־שפּיגן אין אים.

(טאָג־מ״זש, דעצ׳ 1, 1963)

# יידישע ליטעראַטור אין לאַטיין־אַמעריקע

...אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער וואוינען אַרום דריי פערטל מיליאָן יידן. וואָס ווייסן מיר און וואָס ווילן מיר וויסן פון יענע יידן? ווי אַזוי לעבן זיי, וואָס טוען זיי, אויף ווי ווייט געזיכערט איז זייער צו־קונפט און די גאָלדענע גליקן, וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן אין די נייע לענדער? ווי פעסט זיינען יעקבס געצעלטן אין די אַלע לענדער? מיר זיינען געווען נישט נאָר איבערראַשט, נאָר אַפילו געפּלעפט, ווען פון קובאַ, וואו ס'האָבן געלעבט אַרום צען טויזנט יידן, זיינען איצטער, מיט דעם גרויסן איבערבייט, אַנטלאָפן איבער צוויי טויזנט יידן. אין מיאַמי, וואו ס'זיינען שוין פאַראַן טויזנטער קובאַנער פּליטים, וואָלגערן זיך שוין אויך געגוג יידן אָן היימען און אָן פּערספּעקטיוון. פאַר וואָס זיינע יידן אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר, אַז קיין אַנטיסעמיטיזם איז אין קובאַ נישטאָ און קיין אַנטי־יידישע אומרוען זיינען, צום גליק, דאָרט נישט פאָרגעקומען?

דער תּירוץ איז, מיר ווייסן טאַקע נישט אַקוראַט פאַר וואָס. מיר זיינען בלויז איצטער באַקאַנט מיט די פאַקטן, אָבער נישט מיט די סיבות. אפשר ווען מיר וואָלטן זיך געווען נענטער באַקענען מיט דעם מצב פון די דאָר־טיקע יידן, וואָלטן מיר נישט געווען אַזוי געפּלעפט און דערשטוינט.

מיר ווייסן, למשל, אַז דער אַרגענטינער יישוב ציילט איבער 400 טויזנט יידן און אַז אין בוענאָס אײַרעס גופא וואוינען איבער 300 טויזנט יידן.

...דער יישוב אין אַרגענטינע איז שוין הונדערט יאָר אַלט און ער האָט אַ סך דורכגעמאַכט. נישטאָ, דאַכט זיך, קיין בעסערער און געזינ־טערער צוגאַנג צו אַ ווייט לאַנד, ווי צו באַקענען זיך מיט זיין ליטעראַ־טור. די יידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע און איר פּרעסע זיינען שוין אויך לאַנג איינגעפונדעוועט. אַ גרויסער טייל פון דער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער שוועל פון אונדזער יאָרהונדערט, האָט אָפּ־געשפּיגלט און שפּיגלט נאָך איצטער אָפּ דאָס לעבן אויף יענער פאַר־קערטער זייט וועלט, וואו ס'איז הייס, ווען אונדז איז קאַלט און פאַרקערט. אָבער מיר קענען נישט צו־גוט די דאָזיקע ליטעראַטור. אונדזערע גרויסע צענטערן האָבן זיך באַצויגן מיט גאווה צו דער יידישער ליטעראַטור אין דרום־אַמעריקע, זיך געגדולט אַנטקעגן איר, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין קריגן אַ בעסערן און נענטערן צוגאַנג צום לעבן פון די באַרימטע

יידן, דורך דעם פּענצטערל פון יעדער יידישן שרייבער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין יענע מקומות, עקשנותדיק געצויגן ווייטער דעם פאַדעם פון יידישן שאַפן און געשטאַלטיקט דעם ייד ביי די ניי־געשאַפענע אומ־שטענדן, אַ סך באַוואוסטזיניקער און ענערגישער ווי מיר האָבן עס געטאָן אין צפון־אַמעריקע.

אין אַן אַרטיקל, פאַרעפנטלעכט אין פעברואַר־נומער „פאָלק און וועלט", פון יידישן וועלטקאָנגרעס, וויקלט אויף פאַר אונדז יעקב באָטאָשאַנסקי אַ פּאַנאָראַמע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע, פון אירע ערשטע בעלי־חלומות, מיט פופציק און זעכציק יאָר צוריק, ביזן היינטיקן טאָג. באָטאָשאַנסקי שטייט שוין ביים רודער פון דער אַרגענטינער ליטעראַטור און פרעסע באַלד פערציק יאָר, און ער, ווי איר אַנגעזעענער תושב, ווייסט אַ סך צו דערציילן וועגן אירע ערשטע נאַאיווע טריט, אַפילו פון אַ לאָקאַלן יידישן פאָלקלאָר, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין די קאָלאָניעס; פון איר דראַנג זיך אַרויסצורייסן פון אַן אייגענעם פּראָווינציאַליזם, צו שאַפן אַן אַרגענטינער יידישע ליטעראַטור, וואָס זאָל זיין אַ שפּיגל פון דאָרטיקן לעבן.

וויפל דערפון קענען מיר? הייסט עס, אַז אונדזער אייגענע יידישע לאַטיין־אַמעריקע האָבן מיר ביטער פאַרנאַכלעסיקט און דערביי האָבן מיר אַ סך פאַרלוירן, ווייל די ווייטע נסיעה אין יענע לענדער האָט אונדז די דאָרטיקע יידישע ליטעראַטור געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַ באַלערנדיקן קפיצת־הדרך. נישטאָ פּאַקטיש קיין איין לאַנד אין דרום־אַמעריקע, וואו יידן האָבן נישט געשריבן און האָבן זיך נישט באַשריבן. אויב זיי זיינען נישט אַלע געוואָרן קיין באַטייטיקע שרייבערס, זיינען אָבער אומעטום געווען יידן מיט אַ פען אין האַנט. אין אַזעלכע יישובים ווי אַרגענטינע, מאָנטעווידעאָ, טשילע, בראַזיל, זיינען פאַראַן גוטע יידישע פּאָעטן און בעלעטריסטן און דערפאַרענע זשורנאַליסטן. פאַראַן אַפילו שרייבנדיקע יידן אין קאָלומביע, ווענעזועלאַ, אָפּגערעדט פון מעקסיקע און קובאַ, וואו די יידישע ליטעראַטור האָט גאַנץ פיינע אינדזלען.

ס'איז אַ פיינע הקדמה, אָבער איך האָב עס אַלץ געשריבן ווי אַ טענה צו זיך אַליין. פאַר מיר ליגט איצטער אַ בוך דערציילונגען פון קנאַפע 350 זייטן, אַרויסגעגעבן אין אַרגענטינע. דער מחבר פון דעם נאָר וואָס דערשינענעם בוך הייסט — חיים גאָלדזאַק. ווען כ'האָב גענומען לייענען די דערציילונגען, האָב איך זיך געמאַכט איין פאַרוואורף נאָכן אַנדערן, וואָס אַפילו דער נאָמען איז אויך מיר געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט.

דער תירוץ, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ זעלטענעם טיפּ יידישן שרייבער, וואָס איז קיין מאָל נישט אַרויס פון די גרענעצן פון אַרגענ־טינע און נישט פאַרעפנטלעכט זיינע דערציילונגען אין ניו־יאָרקער יידישע זשורנאַלן, מעג זיך זיין אַ תירוץ פאַר אַ לייענער, אָבער נישט פאַר אַ יידישן שרייבער. בפרט, ווען חיים גאָלדזאַק איז אַ בעלעטריסט, וואָס פאַרמאָגט אַ סך גוטע שרייבערישע מעלות, און דער עיקר, וואָס ער האָט געזוכט אָפּצושפּיגלען דאָס נייע לאַנד, וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק.

דער לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור האָט דעם אַר־גענטינער יידישן שרייבער דווקא יאָ אָפּגעזוכט. דאָרטן געפינען מיר, אַז חיים גאָלדזאַק איז געבוירן געוואָרן אין אָסטראָווצע, פּוילן, מיט 51 יאָר צוריק; אַז אין 1930 איז ער געקומען קיין אַרגענטינע, אַז ער האָט זיין ערשטע דערציילונג פאַרעפנטלעכט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק. זיין בוך דערציילונגען, וואָס הייסט „אַלע ווילן לעבן", איז זיין ערשט און איינציק בוך.

חיים גאָלדזאַק איז אַ שניידער. פון זיינע דערציילונגען איז קלאָר, אַז ער האָט אַ סך געאַרבעט אויף זיך. ער פאַרמאָגט שרייבערישע אינטעלי־גענץ, ער ווייסט ווען צו שטעלן אַ פּינטל. זיין דיאַלאָג איז אַ גאַנץ גוטער און זיינע טעמעס זיינען פאַרשיידנאַרטיקע און אינטערעסאַנטע.

דאָס בוך באַשטייט פון דריי סעריעס, אָבער דער גרעסטער טייל איז אָפּגעגעבן צו „אַרגענטינער לאַנדשאַפטן". די אַנדערע צוויי אָפּטיי־לונגען זיינען „אין שיין פון דורות" און „פאַר אַ בעסער לעבן", וואָס דער־ציילן אויך פון אַרגענטינער לעבן, פון ראַנגלען זיך מיטן גורל און מיט שווערער אַרבעט.

לעבן זאָל דער טעם פון אָסטראָווצע און פון אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. זייער מחיהדיק יידיש לשון האָט געהאַט אַ כוח. איז אויב מען האָט עס נאָר גוט געדענקט, אַז מען האָט עס געלאָזט שפּילן אין זיכרון, איז מען שוין דערמיט אַליין געווען אַ שטיקל קינסטלער. דאָס אָסטראָווצער לשון איז דאָס שענסטע, וואָס חיים גאָלדזאַק האָט מיטגע־בראַכט. פון זיינע דערציילונגען, פון די באַשרייבונגען וועגן אַרגענטינער שוויצשעפּער איז קלאָר, אַז ער האָט קיין האַניק נישט געלעקט. אָבער בייגעשטאַנען איז אים דאָס יידישע לשון, וואָס האָט אים אויפגעהאַלטן און אים געגעבן דעם אויסוועג פון אויסטענהן זיך מיט זיך אַליין, שרייבנ־דיק יידישע דערציילונגען אין דער ווייטער פאַרוואָגלטער פרעמד.

פאַראַן אין בוך אַ קליינע דערציילונג — „אויס קלאַפּער". קלאַפּער איז דאָס זעלבע ווי ביי אונדז אַ פּעדלער. אין דער קליינער דערציילונג געפינען מיר דעם שליסל פאַר וואָס טייל יידן האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און אַנדערע האָבן דאָס „קלאַפּן" נישט געקאָנט סובל זיין. דער שאָפּ איז שוין פאַר אַזעלכע מענטשן געווען חשיבות אין פאַרגלייך מיט דעם וואָגלער, וואָס ריכט אָפּ גלות. דער העלד פון דער דערציילונג שליידערט אַוועק זיין וואַליזקע, וואָס בלייבט ליגן „ווי אַן אויסגעצויגענער פּגר", און ער ווערט אויס „קלאַפּער".

ווער ווייס וואָס און ווער ס'איז שלימזל, צי דער, וואָס קאָן זיין דער „קלאַפּער" און זיך אויסקלאַפּן אַ בעסערע צוקונפט, צי דער, וואָס וועט אויף אַ רגע אַפילו נישט קאָנען שלום מאַכן מיט קלאַפּן אין די טירן, אַפילו ווען מען זאָל אים צוזאָגן גאָלדענע גליקן.

פאַר מיר איז די מעשה געווען סימבאָליש פאַר דער אימיגראַציע אין יעדן פרעמדן יישוב און פאַר דעם שיידוועג פון חברים און פריינד, וואָס האָבן זיך פאַרנומען אויף באַזונדערע וועגן.

חיים גאָלדזאַק האָט אָבער געהאַט אויף וואָס זיך אָנצולענען — אַסטראַווצער לשון. מען טאָר אַזאַ לשון נישט צעפּטרן, מען מוז עפּעס טאָן דערמיט. ס'איז אַ ירושה.

אַ צווייטע דערציילונג, וואָס איז אויך סימבאָליש, איז „ס'וועט נישט זיין פאַרלוירן". דודל בדחן איז אַ שניידער, אָבער זיין אמתע נשמה־פּראָפעסיע איז בדחנות. ביי אַ חתונה איז דער שניידער־בדחן דער מלך, און רייך און אָרעם בעטן זיך ביי אים, אַז ער זאָל וויזן וואָס ער קען. דודל איז דער שטאָטפּאָעט, און כאָטש ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז פון „יישר כוח אַליין קאָן מען קיין שטוב נישט דערנערן", איז ער גליקלעך ווען ער הערט, אַז זיין זון און זיין טאָכטער „האָבן געירשנט פון זיין יידישער נגינה". זיין געזאַנג האָט ער איבערגעגעבן אין די בלוטן פון זיינע קינדער, וואָס וועלן עס צעטראָגן איבער דער וועלט. ס'וועט גאָרנישט גיין פאַר־לוירן".

חיים גאָלדזאַק קאָן פאַנגען אַ שטימונג און זי אַוועקשטעלן ווי אַ נישט־פאַרענטפערטן פרעגצייכן. זיין קורצע דערציילונג „דער מענטשלע־בער גורל" איז אַזאַ נישט באַשיידטע פראַגע. דאָס איינציקע קינד איז געשטאָרבן, דאָס פאַרפאַלק בלייבט אַליין. ס'לעבן זינגט „יאוש איז אַ חטא. קעגן טויט איז דער שטאַרקסטער שכל אומזין, הוילער אומזין".

שוין אין זיין ערשטער דערציילונג שלאָגט אָן חיים גאָלדזאַק אַ היינט־

ציטיקן טאָן. אין זיין „טאַטנס געוויין" שטעלט זיך דער אַרויפגעאַרבעטער דאָן מאָוריסיאָ קעגן זיין עלטסטן זון, וואָס פאָרט קיין מדינת ישראל. אויך דאָן מאָוריסיאָ האָט אַ מאָל אַזוי פאַרלאָזט זיין טאַטן און דער טאַטע האָט אים נאָכגעשריגן מיט וויטאָג „זאָלסט זיין אַ ייד". דעם זון זיינעם קאָן ער אָזאַ שפּרוך נישט נאָכשרייען. דער זון האָט אים עפּעס וואָס צו לערנען, ווען דער טאַטע פרעגט אים וואָס פאַר אַ גליקן ער פאָרט דאָרט זוכן.

„ווער רעדט פון גליקן! קיינער פאָרט נישט קיין ארץ זוכן גליקן. קיין ארץ פאָרט מען אַרבעטן... איר אַלע רעדט דאָך דאָס זעלבע אין אייערע „סאָסיעדאַדן", אַז מען דאַרף העלפן בויען די מדינה, אַז מען דאַרף ברענגען די קרבנות, געבן געלט, שיקן די קינדער. נו, פאָרן מיר. טאָ וואָס טויג ווידער נישט?"

ווען דער זון האַלט שוין ביים אָוועקפאָרן צוזאַמען מיט אַ גרופּע יינג־לעך און מיידלעך, וואָס זינגען העברעאישע לידער, דערמאָנט זיך דאָס מאָוריסיאָ אין זיין טאַטן:

„מיט דער שווערקייט פון אַ שטשאָפּע האָלץ איז דאָן מאָוריסיאָ אַרויפ־געפאַלן אויף זיין זון. ער איז אַ ווייל געבליבן ווי צעתמט. ס'האָט זיך אים אין דער רגע געדאַכט, אַז נישט ער שטייט עס אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אָן זיין אַקסל, נאָר דער טאַטע זיינער העשעט עס אין אים אַריין פיבערדיקע רייד, געזאַלצענע פון טרערן:

„זאָלסט זיין אַ ייד. געדענק וואָס כ'זאָג דיר אָן, אַ ייד, אַ ייד".

מיר איז נאָך נישט אויסגעקומען צו לייענען אַ דערציילונג אויף דער טעמע ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער דער געראַנגל צווישן טאַטן און זון איז אַ סך אַקטועלער אין דרום־אַמעריקע ווי ביי אונדז. חיים גאָלדזאַץ איז אַ דערציילער, וואָס מען מעג אים אַרויסנעמען פון דעם אַלפאַ־בעטישן געטומל אין לעקסיקאָן און געדענקען זיין נאָמען און זיין ביישטראָג צו דער יידישער ליטעראַטור אין לאַטיין־אַמעריקע.

(טאָג־מאָרגן־זשורנאַל, מערץ 5, 1961)

# דער גילגול פון אַ לידל

אַקוראַט ווען מ׳האָט אויפגעהערט זינגען דאָס אַ מאָל פּאָפּולערע לידל „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין״, מיט דעם לעבעדיקן צוזינג „שיכור איז אַ גוי״, געדענק איך נישט, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איך בין געווען ביי דער היסטאָרישער ליאַמע, ווען מ׳האָט דערלאַנגט דעם ערשטן טויטקלאַפּ דעם לידל, וואָס מ׳האָט געזונגען אין אַלע ווייבקעלעס און וואָס איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי אַלע יידישע באַנקעטן. האַלב־און־גאַנץ פאַרשנאַפּ־סטע יידן פלעגן אַרויפלייגן די משקה־תאווה אויף דעם גוי און זיך אַליין באַזינגען, זיצנדיק אין רומענישע קעלערס, ווי יידן, וואָס ווייכן פון שענקל און גייען אין בית מדרש אַריין.

דאָס דאָזיקע לידל איז געווען באמת אינטערנאַציאָנאַל־יידיש, ווייל ס׳האָבן עס געזונגען גאַליציאַנער יידן, רומענישע יידן, פּוילישע יידן, אונ־גאַרישע יידן, געבראָטענע ליטוואַקעס און הייזעריקע גראַמאַפאָן־פּלאַטעס. ס׳איז אויך געווען אַן אינטער־פּאָליטיש לידל, ווייל ס׳האָבן עס געזונגען ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן און מזרחיסטן. ס׳האָט זיך אויך נישט געפּאָדערט קיין ספּעציעלע סעודה, וואָס זאָל אַרויסרופן דעם פאַרגלייך צווישן שענקל־גוי און בית־מדרש־ייד. מ׳האָט עס גזונגען מיט — געפילטע פיש, קאַרנאַצלעך, גראַשיצע, אָדער גלאָט ביים מאַכן אַ געזעלשאַפטלעכן „לחיים״ און פאַרבייסן מיט הערינג און וואָס־נישט־איז.

הכלל, ס׳איז אַ מאָל געווען אַ שטאַרק פּאָפּולער לידל, אָבער מיט אַ מאָל איז עס פאַרשוואונדן און אַראָפּ פון דער סצענע — און מיר דאַכט זיך, אַז קאָמוניסטן האָבן עס אַוועקגעהרגעט; אויב נישט אַוועקגעהרגעט, האָבן זיי עס דערלאַנגט דעם ערשטן ריכטיקן קלאַפּ, און איך קאָן זיך באַרימען — אויב מען מעג זיך מיט אַזאַ „היסטאָרישער״ געשעעניש באַרימען — אַז איך בין געווען דערביי.

ויהי, ס׳איז נאָך געווען אין יענע צייטן, ווען ס׳איז נאָך באַלעבאַטישע שרייבערס, ביי געוויסע געלעגנהייטן, אויסגעקומען צו זיצן מיט קאָמוניס־טישע שרייבערס ביי איין טיש. אַ מאָל, אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, האָט מען, באַקעמפנדיק דעם קאָמוניזם, נאָך אָנגעהאַלטן ציווילע באַקאַנט־שאַפטן מיט פירנדיקע יידישע קאָמוניסטישע שרייבערס.

געדענקט זיך מיר, אַז מ׳האָט אַ מאָל געפּראַוועט אַ שטיקל שימחהלע אין אַ רומענישן קעלער לכבוד אַלגינען. אַרום טיש זיינען געזעסן שכנא עפּשטיין, קלמן מרמר, מלך עפּשטיין, משה כץ און אַנדערע באַקאַנטע נעמען

פון קאָמוניסטישן לאַגער. איך בין געזעסן ביי אַן אַנדער טיש, צוליב אַן אַנדער געלעגנהייט. ווען דער אייבנאָן־ערנגאַסט, אַלגין, האָט מיך דערזען, האָט ער מיך גענומען רופן צום קאָמוניסטישן טיש. דעמאָלט האָט נאָך אַפילו נישט עקסיסטירט דער באַגריף פּאַראייניקטער פראָנט, האָב איך זיך געלאָזט אייבבעטן און זיך אַנגעשלאָסן אין דעם היימישן באַנקעטל לכבוד אַלגינען, וואָס האָט תמיד אַנגעהאַלטן ליטעראַרישן קאָנטאַקט מיט די „קאַפּיטאַליסטישע״ פּאָעטן און ער האָט אַפילו געשריבן וועגן זיי אַן שינאה און אָן גאַל.

כטוב לב הקאָמוניסטן ביין, נאָך דעם ווי מ׳האָט אריינגעגאָסן עטלעכע פיינע פלעשער וויין און געהאַלטן אַ האַלבן טוץ באַנקעט־רעדעס, איז געשען דאָס אומפאַרמיידלעכע. ס׳איז שוין געווען אַקוראַט צייט פאַר דעם קליי־מאַקס פון אַזעלכע שימחות, און עמעצער, כ׳געדענק שוין נישט ווער, דאַכט זיך שכנא עפשטיין, האָט אָנגעהויבן זינגען מיט אַן אונטערגעשיכורט קול דאָס באַרימטע לידל „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין״.

פלוצעם האָט זיך דערהערט אַ זעץ אין טיש, אַז אַלע אויסגעליידיקטע גלעזער האָבן אַ טאַנץ געטאָן. דאָס האָט אַלגין, וואָס איז נישט געווען קיין גרויסער טרינקער און איז פאַרבליבן דער איינציקער ניכטערער מענטש אין דער גאַנצער מסיבה, דערלאַנגט דעם באַפעלערישן זעץ אין טיש, אַז דער „גוי פון שענקל״ איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, נישט טויט נישט לעבעדיק.

— פע, חברים, הערט אויף זינגען דאָס פאַסקודנע שאָוויניסטישע לידל, הערט אויף חוזק צו מאַכן פון גויים. פע, שענקל, בית־מדרש! וואָלט איר געוואָלט, אַז חבר לעגין זאָל הערן אַזאַ יידיש לידל ביי אַ קאָמוניסטי־שער פייערונג?

דער דאָזיקער אויסרוף, וואָס איז פאַקטיש געווען אַ מיניאַטור־רעדע, און וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן מיט דעם דעמאָלסט גוט־באַקאַנטן אַלגינשן אָראַטאָרישן ברען, האָט געווירקט מאַמענטאַל. די עטלעכע זינגערס, וואָס האָבן שוין געהאַלטן ביים אויסזינגען דעם לויב פון ניכטערן ייד, וואָס נעמט נישט קיין טראָפּן בראָנפן, ווייל דאַוונען אָדער לערנען מוז ער, ווייל ער איז, ווייל ער איז אַ ייד — האָבן אויפגעהערט זינגען. מ׳האָט געקאָנט זען, אַז אַלגין האָט דאָס באַרימטע פאָלקסליד אָוועקגעהרגעט, נישט מיט קיין דעקרעט, נאָר מיט דער קלענסטער רעדע, וואָס ער האָט גע־האַלטן אין זיין גאַנצער קאַריערע.

אַפילו איך בין דעמאָלסט אַ ביסל איבערצייגט געוואָרן, אַז דאָס געזענגל האָט שוין אָפּגעדינט, ווייל די יידישע פּנימער פון די זינגערס, און דער עיקר פון די אַנדערע זייטיקע געסט אין קעלער, וואָס האָבן געהאַט אונטערגעכאַפּט דאָס געזענגל און זיך דערשראָקן פון אַלגינס זעץ אין טיש — אַז די אַלע, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט דעם גאַנצן חטא פון שיכרות אויפן גוי, זיינען געווען שטאַרק צעפּלאָמט, ווייל זיי האָבן גאַנץ פיין געהאַט אַריינגעטרונקען. וואָס ווילן זיי טאָקע האָבן פון דעם גוי, האָב איך געזאָגט צו זיך, און וואָס זינגען זיי אַזאַ לידל, דווקא ווען זיי אַליין האָבן זיך גאַנץ נאָענט צעקושט מיטן פלעשל? אַלגין איז דאָך בפירוש גערעכט, האָב איך דעמאָלט געזאָגט אויפן קול — כ׳געדענק שוין נישט, אַ ניכטערער, אָדער אַליין אויך אונטערן גלעזל.

דאָס ליד איז פאַרשוואונדן. אפשר איז עס געשען ביסלעכווייז, אָבער פון קאָמוניסטישע שימחות האָט מען עס גרינטלעך גערייניקט, און שפּעטער האָט „שיכור איז אַ גוי״ אויך פאַרלאָזט די באַלעבאַטישע טישן.

מיט אַ מאָל איז דאָס באַרימטע פאָלקסלידל פלוצעם עולה לגדולה געוואָרן און איז דערשינען אין אַ גרויסן ענגלישן זשורנאַל, ווי אַ באַווייז, אַז יידן זיינען נישט קיין אַלקאָהאָליקערס. „שיכור איז אַ גוי״ איז פאַרעפּנטלעכט געוואָרן אין אַ געטרייער ענגלישער איבערזעצונג, אַפילו מיט דעם רעפריין: „אָ דלי דזשענטייל איז עי דראָנקערד, עי דראָנקערד הי איז, דרינק הי מאַסט, ביקאָז הי איז אַ דזשענטייל״ (אָ, שיכור איז אַ גוי, שיכור איז ער, טרינקען מוז ער, ווייל ער איז אַ גוי...). ווי אַן עדות אין דער שטודיע וועגן אַלקאָהאָליזם, האָט דאָס באַרימטע קעלערליד באַדאַרפט וויזן אונדזער גערירשנטן ווידערווילן צו שיכרות. דער וויסנשאַפטסמאַן, וואָס האָט דורכגעפירט די שטודיע, האָט דערקלערט, אַז ווען ס׳קומט צו דער חולאת פון אַלקאָהאָליזם, ציילן זיך יידן כמעט אין גאַנצן נישט. די פּראָפּאָרציע פון יידישע אַלקאָהאָליקערס איז אַזאַ קליינע, אַז זי רעכנט זיך נישט. פון דעם וויסנשאַפטמאַנס סטאַטיסטיק איז אויסגעקומען, אַז יידן האַלטן זיך נישט צוריק פון טרינקען, אָבער זייער בלוט פאַרדייעט עס בעסער און שאַפט נישט דאָס קרענקלעכע ציעניש און נאָגעניש נאָכן פלעשל משקה. יידן, האָט דער פאָרשער געזאָגט, קאָנצענטרירן זיך מער אויף אכילה, ווי אויף טרינקען. די דאָזיקע שטודיע איז געמאַכט געוואָרן מיט צען יאָר צוריק.

נעמענדיק יענעם וויסנשאַפטמאַן פאַר אַן עדות, קומט אויס, אַז דאָס

באַרימטע פּאָלקסלידל איז נישט קיין שאָוויניזם, נאָר דער ביטערער אמת וועגן דעם ביטערן גויאישקן טראָפּן. די קאָמוניסטן האָבן געאַסרט אַ ליד, וואָס איז גאָר רעאַליסטישע סטאַטיסטיק. ווען אַ ייד האָט אַפילו געזונגען „שיכור איז אַ גוי״ אין אַ ווינקעלער, האָט עס אים פאַרט דערמאָנט, אַז צו־וויט טאָר ער נישט פאַרקריכן, ווייל ס׳מוז אָפּגעהיט ווערן דער חילוק צווישן טרינקען און שיכורן.

בין איך נישט אַזוי שטאַרק איבערצייגט, אַז יידן האָבן נישט גע־זשליאָקעט אין די ווינקעלערס און אַז דאָס באַרימטע לידל האָט טאַקע געדינט ווי אַ סייג (סיאָג) צו שיכרות. אַלקאָהאָליזם איז נאָך אַלץ אַ סוד און ס׳קען געמאָלט זיין, אַז יידן האָבן פשוט שפּעטער זיך גענומען צו שיכורן ווי גוים און די יידישע ירושה־בלוטן זייבען נאָך נישט פאַרגאָסן מיט אַלקאָהאָל־נאָגעניש.

איך בין אָבער יאָ זיכער, אַז אין מיטל־עלטער, ווען גוים וואָלטן דערטאַפּט אַזאַ לידל ווי „שיכור איז אַ גוי״, וואָלט עס אויסגעגאַנגען צו... יידישע קעפּ. דער גוי וואָלט געוויזן וואָס ער קען, ווען ער צעיוכעט זיך. היינט וועט אפשר דאָס לידל דינען ווי אַ קוראַציע פאַר גויאישע אַלקאָהאָ־ליקערס, ווען זיי וועלן דערזען וואָס פאַר אַ פּנים אומקאָנטראָלירט טרינקען האָט געהאַט אין דעם יידישן פּאָלקסלידל.

דער אַ מאָל באַקאַנטער זמר האָט זיך אָפּגעזוכט און שטייט איצטער אין אין ערנסטע פּראָפעסאָרישע שטודיעס און ווערט געדרוקט אין מיליאָניק־צירקולירטע זשורנאַלן.

ציטן בייטן זיך.

(טאָג־מ״זש, מערץ 21, 1968 ; יאַנ׳ 11, 1970)

# בוך וועגן שרייבערס און קינסטלערס

די טורקאָוו־משפּחה איז איינע פון די זעלטנסטע אין דער וועלט, ס'וועט זיין שווער צו געפינען נאָך אַזאַ משפּחה אַפילו ביי די אומות העולם, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פיר ברידער, און אַלע פיר זיינען געוואָרן באַוואוסטע שרייבערס און מחברים פון ווערק. אָבער נאָך מער רבותא איז דער פאַקט, וואָס דריי פון די ברידער זיינען בינעמענטשן. בלויז איינער פון זיי, מאַרק טורקאָוו, אַ גוטער פובליציסט און וויכטיקער געזעלשאַפט־לעכער טוער, האָט אויסגעמיטן די בינע, די אַנדערע דריי — זיגמונט, יאָנאַס און יצחק זיינען אַלע געווען פאַרבונדן מיטן טעאַטער און צוויי פון זיי זיינען נאָך פאַרבליבן אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדער אופן ביי דער בינע ביזן היינטיקן טאָג.

יצחק האָט פאַרטאָפּלט זיין נאָמען מיט אַ צוגאָב פון — גרודבערג צו זיין משפּחה־נאָמען. ער שרייבט זיך אונטער גרודבערג־טורקאָוו. אָבער אַלע וויסן, אַז ער איז דער יינגסטער פון דער באַרימטער משפּחה, וואָס האָט תמיד גערודערט אַ וועלט. ווען מען זאָל דערציילן די ביאָגראַפיעס פון די דאָזיקע פיר ברידער, זייער אַקטיוויטעט, זייער נע־ונד, די צרות, וואָס זיי האָבן אַריינגעכאַפּט, זייערע אינטימע איבערלעבענישן — יעדער איינער באַזונדער — דעם נחת פון זייער קולטור־טעטיקייט ביי פאַרשידענע גע־לעגנהייטן, אַפילו ביי די אומגלייבלעכסטע אומשטענדן, וואָלט עס אַליין געקענט ווערן אַ ווערק אין שיינע עטלעכע בענד און וואָלט מיט זיך פאַר־געשטעלט אַן אינטערעסאַנטע לעבעדיקע יידישע זיכרונות־ביבליאָטעק. יאָנאַס טורקאָוו האָט טאַקע ביישטייערט צו דער חורבן־ליטעראַטור עט־לעכע וויכטיקע ביכער מיט אומדירעקטע ביאָגראַפישע איינצלהייטן פון זיין לעבן און דורכלעבן דעם קאָשמאַר פון דער וואַרשעווער געטאָ.

יצחק גרודבערג־טורקאָוו האָט די היטלער־יאָרן דורכגעגרוילט אין סאָוועט־רוסלאַנד און מיט אַ פינף יאָר צוריק האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך מיט דערציילונגען און סקיצן, וואָס ער האָט גערופן — „פנימער און מאַסקעס". דאָס בוך איז געווען דאָס 150סטע אין דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום". דער רעדאַקטאָר פון דער סעריע, וואָס האַלט שוין איצטער ביים נומער 175, איז יצחקס ברודער — מאַרק טורקאָוו, וואָס האָט זיך באַזעצט אין בוענאָס־איירעס. אין דעם דאָזיקן בוך האָט יצחק טורקאָוו אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ באַטייטיק־בעלעטריסטישן טאַלאַנט מיט זיינע שיל־דערונגען פון מענטשן און געשעענישן.

אין זעלביקן פאַרלאַג איז אָקאָרשט דערשינען יצחק טורקאָוו־גרוד־בערגס זיבעטע בוך, אונטערן נאָמען „אויף מיין וועג". דאָס זיינען, ווי דער מחבר רופט עס, „דערמאָנונגען און אָפּשאַצונגען פון שרייבער און קינסטלער". מיט דעם אָפּגעצייכנטן טיטל „קינסטלער" מיינט דער מחבר אַרומצונעמען אַקטיאָרן און מאָלערס, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויף זיין וועג. דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט אַ קורצער מאָנאָגראַפיע פון דער „מאַמע" אסתר־רחל קאַמינסקאַ און שליסט זיך מיט אַ פּאָרטרעט פון דעם שטורמישן אַקטיאָר אַברהם מאָרעווסקי, טעאַטער־רעזשיסער און שרייבער, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן אין וואַרשע. אין צווישן די צוויי פּאָרטרעטן זיינען פאַראַן געצייכנטע פענפּאָרטרעטן פון באַקאַנטע און ווייניקער באַקאַנטע אַקטיאָרן, שרייבערס און מאָלערס. די מייסטע זיינען פּאָרטרעטן פון אַקטיאָרן — ס׳ציט פאָרט יצחק טורקאָוון צו בינעמענטשן. מיט זיי איז ער געווען פאַרבונדן יאָרן, אינטימער ווי מיט שרייבערס, כאָטש דער יינגסטער פון די טורקאָוו־ברידער האָט אָנגעהויבן זיין שרייבער־קאַריערע מיט פולע פערציק יאָר צוריק, אָבער אפילו זיין ערשטע שרייבערישע יניקה איז געווען יידיש טעאַטער און זיינע זיילן.

יצחק טורקאָוו האָט זיך באַזעצט אין מדינת ישראל און האָט זיך דערוואָרבן אַ פרישע רעפּוטאַציע פון אַ פיינעם עסייאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער. ער פאַרמאָגט אַלע מעלות פון אַ גוטן, אָן־פניותדיקן ליטעראַטור־אָפּשאַצער און ער רינגלט אַרום מיט אַ סך כבוד די יידיש־שעפערס אין מדינת ישראל.

סיי דער בליציקער סטיל פון זיינע קורצע קריטיק־עסייען, סיי דער בעלעטריסטישער אָטעם פון זיינע דערציילונגען זיינען נישט שטאַרק קענטיק אין זיין נייעם בוך. די דריי צענדליק דערמאָנונגען געהערן גיכער צום געביט פון זשורנאַליסטיק, אָבער אַלע פּאָרטרעטן פון אַקטיאָרן און שרייבערס זיינען לעבעדיק געצייכנט. יצחק טורקאָוון העלפן שטאַרק אַרויס זיינע שרייבערישע דערפאַרונגען און ווען ער קומט צו אַקטיאָרן, קריגט ער נאָך דעם צוגאָב פון זיין רעכער טעאַטער־קענטעניש.

ער שרייבט נישט קיין קריטיק. ער קומט אַ סך נענטער צו יעדן איינעם, וואָס האָט געשפּילט יידיש טעאַטער ווי דער דורכשניטלעכער קריטיקער. די אַלע אַקטיאָרן, וואָס ער באַשרייבט, זיינען שוין אויפן עולם האמת און די מייסטע פון זיי האָבן אַריינגעכאַפּט די צרות, וואָס דער גורל האָט באַשערט יידישע קינסטלערס דורך די אומגליקיאָרן פון צווייטן פערטל פון אונדזער יאָרהונדערט. טייל האָבן דורכגעלעבט, אַנדערע זיינען

אומגעקומען. די פּאָרטרעטן זײַנען דערפֿאַר געצייכנט אויפֿן הינטערגרונט פֿון אַ פֿאַרשוואונדענער און פֿאַרטיליקטער עפּאָכע. דערפֿאַר איז נישט שייך קיין טעאַטער־קריטיק און אַפֿילו נישט קיין שאַרפֿע פּערזאָנען־קריטיק. יצחק טורקאָוו פֿאַרמאָגט דאָס לשון אַוועקצושטעלן אַ שפּילנדיקן יעדן אַקטיאָר, וועמען ער האָט גוט געקענט, אויף דער בינע, מיט יעדערנס זשעסט און מיט יענעמס באַזונדערע פֿעאיקייטן. אים פֿעלט נישט דאָס לשון פֿאַר אַזעלכע כאַראַקטעריסטיקעס. ס׳איז גאָר אַן אַנדער געביט פֿון קריטיק, ס׳איז דער סטיל פֿון אַן אינעווייניקסטן טעאַטער־קענער.

דערבײַ דאַרף מען נישט פֿאַרגעסן, אַז יצחק טורקאָוו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיט דעם פֿאַרגיין פֿון זײַן רײַכער טעאַטער־גאַלעריע, זײַנען אויך פֿאַרשוואונדן יידיש לעבן, יידישע קולטור, יידיש לשון און יידישע מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן אויף די בענקלעך און געווען דורכגענומען מיט דער פֿייערלעכקייט און דעם יום־טוב פֿון יידישן טעאַטער.

ס׳איז דערפֿאַר אין אַ געוויסן פּרט אויך די טרויעריקע פֿאַרצייכענונג פֿון אַן עפּאָכע, און, צוזאַמענגענומען, זײַנען די אַלע פּאָרטרעטן אויך יידישע קולטור־געשיכטע, און אין דעם זין ווערן זיי טאַקע געצייכנט. ס׳איז פֿאַראַן אַרום די כאַראַקטעריסטיקעס פֿון די פֿאַרשוואונדענע טעאַטער־מענטשן די לופֿט פֿון אַ טרויעריקן געשיכטלעכן סך־הכל.

יצחק טורקאָוו־גרודבערג הייבט אָן זײַער ריכטיק מיט דער מאַמען פֿון יידישן טעאַטער אין פּוילן — אסתּר רחל קאַמינסקאַ. זי איז זײַן ערשטע און וויכטיקסטע טעאַטער־ליבע. ער האָט אַ סך געשריבן וועגן איר און ער האָט אַפֿילו אַרויסגעגעבן אַ מאָנאָגראַפֿיע, אַ גאַנץ בוך פֿון קנאַפּע 300 זײַטן. ס׳איז נייטיק געווען פֿאַר זײַנע געשטאַלטן אין זײַן נײַסטן בוך „אויף מײַן וועג״ אָנצוהייבן מיט איר אויפֿגאַנג און מיט איר גרויסער השפּעה אויפֿן יידישן קינסטלערישן טעאַטער אין פּוילן. געקומען איז זי קיין וואַרשע אין דעם מינדסטן קולטור־באַגאַזש, אָבער זי איז אויסגעוואַקסן נישט נאָר צו אַ קינסטלערישער פּערזענלעכקייט, נאָר צום קינסטלערישן געוויסן פֿון יידישן טעאַטער אין פּוילן.

יצחק טורקאָוו זאָגט וועגן איר זייער ריכטיק, אַז — „זעלטן ווען טרעפֿן מיר אַ יידישן אַקטיאָר אין יענע יאָרן, וועלכער זאָל זײַן ווי אַ זון — נישט נאָר שײַנען, נייערט אויך אָנוואַרעמען מיט די שטראַלן דעם אַרום, אויסוואַרעמען דעם טעאַטער־באָדן, ברענגענדיק דערמיט צום אויפֿקום פֿון נײַע געוויקסן, אַקטיאָרן, קינסטלערס, וואָס זאָלן — צו דער נישט צוויי־פֿלהאַפּטיקער ווירקונג פֿון זייער טאַלאַנט, פֿון זייער קונסט — אויך געזעל־

שאַפּטלעך ווירקן דירעקט, אויב נישט אין אַ ברייטערן פאַרנעם, איז כאָטש אין די גרענעצן פון דער טעאַטער־וועלט. געציילטע זיינען געווען אַזעלכע נעמען אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אויף גאָר דער וועלט. אַזאַ נאָמען איז געווען אסתר רחל קאַמינסקאַ״.

אסתר רחל קאַמינסקאַ איז געווען אַ פענאָמענאַל געשטאַלט. ס׳איז געווען אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי די פשוטע, געזונטע „פאָלקסמויד״, וואָס איז געקומען פון אַ קליין שטעטל אין גראָדנער גובערניע קיין וואַרשע, וואו זי האָט געאַרבעט אין אַלערליי פאַבריקן, איז מיט אַ מאָל געוואָרן דאָס צענטראַלע ליכט פון יידישן קינסטלערישן טעאַטער. ווייל אסתר רחל האָט אויך אָפּגעהיט די ווערדע פון יידישן טעאַטער און געקעמפט קעגן וואולגאַריטעט און פאַרשונדונג.

שליסן שליסט זיך, ווי געזאָגט, דאָס בוך „אויף מיין וועג״ מיט דעם פּאָרטרעט פון אַברהם מאָרעווסקי, וואָס איז געקומען צום יידישן טעאַטער מיט אינטעליגענץ און בילדונג, און ער אויך האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן יידישן טעאַטער. מאָרעווסקי איז געשטאָרבן מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק אין וואַרשע אין עלטער פון 78 יאָר, און מיט אים האָט זיך אויך געשלאָסן אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער יידישער טעאַטער־געשיכטע. מאָרעווסקי איז געקומען פון דער רוסישער טעאַטער־וועלט מיט נישט קיין גרויסן טאַלאַנט, אָבער מיט אַ סך וויסן און קולטור און אַפילו צעשויבערטע שרייבערישע פעאיקייטן, וואָס זיינען לעצטנס געקומען צום ביין־מאָס־אויסדרוק אין זיינע עגאָצענטרישע זיכרונות.

אין זיין לעצט־דערשינענעם באַנד פון די זיכרונות זיינען פאַראַן עטלעכע אינטערעסאַנטע קאַפּיטלעך וועגן דעם צוזאַמענטרעף פון מאָרעוור־סקיס טעאַטער־קולטור מיט מאָריס שוואַרצעס „דירעקטן״ צוגאַנג, ווען מאָרעווסקי האָט געמאַכט פּרואוון צו שפּילן טעאַטער מיט מאָריס שוואַרצן דורך די אַנדערטהאַלבן יאָר, וואָס אַברהם מאָרעווסקי האָט פאַרבראַכט אין אַמעריקע. לויט אַלע, וואָס האָבן מאָרעווסקין גוט געקענט, איז ער געווען אַ שווערער מענטש מיט אַלערליי קאַפּריזן, אָבער יצחק טורקאָור־גרודבערג באַהאַנדלט אים מיט וואַרעמקייט און גרויס אָנערקענונג.

וואַרעמקייט איז די „טינט״, וואָס אין איר זיינען איינגעטונקען די אַלע שילדערונגען. יצחק טורקאָוו פאַרמאָגט אַ סך וויטאַגדיקע נאָסטאַלגיע פאַר יענע יאָרן, ווען דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן איז געווען אַ לעבע־דיקע טעאַטער־וועלט. מיט אָט דער נאָסטאַלגיע זיינען געצייכנט די פּאָר־טרעטן פון די אַקטיאָרן און בינעמענטשן. צווישן די צווייי מויערן —

אסתר רחל קאַמינסקאַ און אַברהם מאָרעווסקי — קומען פּאָרטרעטן פון דעם רעזשיסער דוד הערמאַן, רודאָלף זאַסלאַווסקי, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, אייזיק סאַמבערג, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, בנימין זוסקין, וו. גאַדיק און אַנדערע אַקטיאָרן און געשטאַלטן. צווישן די גרעסטע אין בוך זיינען די פּאָרטרעטן פון די פריער־דערמאָנטע אסתר רחל קאַמינסקאַ און אַברהם מאָרעווסקי. ביי יעדן איינעם געפינט יצחק טורקאָוו־גרודבערג דאָס פּינטעלע אינדיווידואַליטעט און וועגן יעדן איינעם דערציילט דער מחבר אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וואָס מאַכן אַפילו די פרעמדע און וייטע טעאַטער־געשטאַלטן היימיש און אינטערעסאַנט.

אין בוך זיינען אויך פאַראַן זיבן פּאָרטרעטן פון באַקאַנטע יידישע שרייבערס. יצחק טורקאָוו־גרודבערג איז יונג געוואָרן אַ יידישער שרייבער און ער איז געווען גאָר היימיש אין ביידע וועלטן, טעאַטער און שרייבעריי. אַזאַ היימישקייט און קרובהשאַפט איז סיי־ווי געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן פּוילן. ביי אונדז זיינען זיי געווען באַזונדערע וועלטן, אַחוץ פאַר די שרייבערס, וואָס זיינען געוואָרן טעאַטער־קריטיקערס אָדער דראַמאַטורגן. אָבער אויך זיי זיינען צו נאָענט נישט געוואָרן מיט דער טעאַטער־וועלט. אין דער ניו־יאָרקער קינסטלער־קאַפע „ראַיאַל" זיינען געווען צוויי באַזונדערע „פליגלען" פאַר אַקטיאָרן און שרייבערס און זייער זעלטן איז צווישן ביידע געווען אַ נאָענטשאַפט.

אָבער יצחק טורקאָוו איז געווען באַפריינדט מיט יידישע שרייבערס און זיינע פּאָרטרעטן פון זיי זיינען געצייכנט פון דער נאָענט. מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז צווישן זיינע פּאָרטרעטירטע שרייבערס זיינען אויך דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָענטע שייכות צום טעאַטער, ווי משה בראָדערזאָן, אלתר קאַציזנע און מרדכי געבירטיק, וועמעס האַרציקע פאָלקסלידער זיינען אויך נישט געווען וויט פון טעאַטער, ווייל זיי זיינען געוואָרן מאַטעריאַל פאַר קאָנצערטן און קליינקונסט. יצחק טורקאָוו רופט אים מיט רעכט „יידישער פאָלקס־טרובאַדור" און „נביא פון יידישן ווידער־שטאַנד קעגן היטלעריזם".

דער טראַגישסטער פּאָרטרעט פון דער שרייבער־משפחה איז פון משה גראָסמאַן, וואָס איז געשטאָרבן כלומרשט מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין מדינת ישראל, אָבער אין דער אמתן איז ער געווען סטאַלינס קרבן. יצחק טורקאָוו דערציילט, ווי מען האָט מיט גראָסמאַנען געהאַט צו זינגען און צו זאָגן דורך זיינע „גאָלדענע" נע־ונד־יאָרן אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אגב, אין דעם פּאָרטרעט קומט אַרויס בולט דאָס איידעלע געשטאַלט פון

דעם נסתר, וואָס האָט תמיד אַרויסגעוויזן מוט, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין ראַטעווען אַ יידישן שרייבער. „פאַר וואָס זענט איר באַלד נישט געקומען צו מיר? דאָס זיינען דאָך מענטשעלעך, וואָס ציטערן פאַר זייער אייגענער פעל. און איך בין אַן אַלטער ייד. איך האָב שוין פאַר גאָרנישט קיין מורא״.

משה גראָסמאַן איז אויך געשטאָרבן אַ קדוש. אויפן טויטנבעט האָט ער רעדאַקטירט זיין לעצטן נומער „היימיש״, דעם זשורנאַל, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין מדינת ישראל. ער האָט שוין נישט געקענט רעדן, אָבער ער איז געווען אַרומגעלייגט „מיט בערג פּאַפּירן, קאָרעקטורן, כתב־ידן, נאָטיצן, אויסשניטן״. אין דעם נומער „היימיש״ האָט שוין יצחק טורקאָוו געהאָט אַ נעקראָלאָג וועגן זיין נע־ונד־חבר אין דער רוסישער מיטל־אַזיע.

די עטלעכע צענדליק פּאָרטרעטן אין בוך „אויף מיין וועג״ רעפלעק־טירן צוזאַמען — די ליכטיקע האָפענונגען פון אַ דור אין דעם פינצטערן פאַרגיין.

דער סוף פון משה קולבאַקן, וואָס איז אין 1928 געפאָרן מיט די שענסטע האָפענונגען קיין רוסלאַנד, ווייל ער האָט געגלייבט, אַז „אַנדערש קאָן נישט טאָן אַ יידישער שעפערישער מענטש״, איז געווען די פאַראָנונג פון אַ גרויסן אומקום. זיין טראַגעדיע, זאָגט אונדז יצחק טורקאָוו־גרודבערג, „איז געווען די טראַגעדיע פון אונדזער דור״. די דאָזיקע טראַגעדיע פון דור קומט צום אויסדרוק אין די מייסטע געשטאַלטן, וואָס יצחק טורקאָוו־גרודבערג צייכנט און פאַרצייכנט אין זיין בוך „אויף מיין וועג״.

(טאָג־מ״זש, פעב׳ 14, 1965)

# רעפלעקסיעס

## אונדזער ליטעראַטור גוידערט זיך

עס איז נאַטירלעך, אַז ווען אַ ליטעראַטור ווערט עלטער, פאַנגט זי זיך אָן צו גוידערן. עס איז נאַטירלעך, אַז אַ ליטעראַטור איבער פערציק זאָל מיד ווערן פון לידער און קומען פאָדערן שאַרפערע סטימולאַנטן. עס איז נאַטירלעך, אַז עלטערע מענטשן זאָלן פאַרלירן דעם כוח פון צימצום, קאָנצענטראַציע, דעם כוח פון קענען אַלץ באַרעדן אין איין איינציקער שורה.

עס איז נאַטירלעך, אַז מוסקולן זאָלן ווערן לויז און לויזער. עס איז נאַטירלעך, אַז עלטערע מענטשן זאָלן ווערן באַרעדעוודיקער. נאַטירלעך, אַז עלטערע מענטשן זאָלן אין גאַנצן פאַרלירן דעם טעם פון אַ ליד און דערפילן די שרעק, אַז אָט־אָט קומט מען צום סוף פון וועג און מען האָט נאָך נישט גענוג אַריינגעזאָגט. הייבט מען דעמאָלסט אָן כאַפּן אויף שנעל און מען וואַרפט מיט דראַמען, נאָוועלן און גרויסע פּאָעמען — נאַטירלעך, אַלץ נאַטירלעך.

אָבער דאָס האַרץ וויינט אויף דער דאַליע פון ליד. די ליטעראַרישע פאַבריק אַרבעט. די בייזע אויפזעערס לויפן אַרום און פאָדערן גרויסע ווערק אין נאָמען פון דער עלטערער ליטעראַטור, און עס ווערן געשאַפן שיינע, וויכטיקע און ווערטפולע זאַכן — בראַוואָ! בראַוויסימאָ!

אָבער לאָמיר נישט צעמישן די שופלאָדן. אַ ליטעראַטור ווערט רייכער דערפון — מסכים! אָבער עס טוט ווי דאָס האַרץ אויף דעם שופלעדל, וואו עס ליגן די לידער. נאָך אַלעמען איז דאָך לידער־שרייבן אונדזער פאַך. זאָלן די ליטעראַטור־מאַשינען שטעפּן. זאָל די ליטעראַטור זיך שמאַלציקן פון גרויסקייט.

ווער איז נאָך יונג גענוג צו שרייבן לידער?

## אַן אָדע צו דער קריטיק

קייטלען שורה מיט שורה און וואָרט מיט וואָרט איז אַ פאַרגעניגן און אַ היילקער אויפגאַב פאַר זיך אַליין. די דרשה איז וויכטיקער פון דעם פסוק, וואָס האָט געגעבן דעם אָנשטויס צו דער דרשה. איך האָב אייביק געהאַלטן, אַז אָפּגעזען פון דעם אינהאַלט אין זאַכן (אינהאַלט איז שפּיל. אינטעלעקטועלע אַקראָבאַטיק. אינהאַלטלעך וועל איך שלום מאַכן

אַפילו מיט מיינע ביטערסטע קעגנערס און זיך אַרומנעמען דאָרטן, וואו עס קרייציקן זיך די שאַרפסטע עקסטרעמען), דאַרף זיך אין יעדער זאַך פילן דער היילקער פאַרגעניגן פון שרייבן יידיש. איך האָב געמיינט, אַז דאָס גיין צווישן די בייטן פון דער יונגער יידישער ליטעראַטור דאַרף זיין אַ פייערלעכע צערעמאָניע.

ווי קאָן מען אָבער רעדן וועגן יידישן וואָרט און יידישער ליטעראַטור, ווען מען דאַרף פשוט גוזר תענית זיין, ווען מען דאַרף קריעה רייסן און קברים מעסטן, אַז מען גיט אַ טראַכט וועגן דער קריטיק, וואָס האַלט די וואָגשאָל. אַ היילקער צונזער, שאָמער, עוזר בלאָשטיין און נאָבעלער, אמת נאָבעלער עדעלשטאַדט. מיר בעטן מחילה, מיר האָבן געמיינט, אַז די יידישע ליטעראַטור איז שוין רייף אייך צו קאָנאָניזירן, אָבער די יידישע קריטיק פּלאָנטערט זיך נאָך אונטער אייערע פיס און איז נאָך מיקראָסקאָפּישער ווי אייערע ערלעכע ביישטראָגן צום יידישן וואָרט.

אַ סך מאָל האָב איך געטראַכט, אַז מען דאַרף שוין צו רו לאָזן די מידע רעפּוטאַציע פון אַ מענטשן, וואָס לעבט מיט דעם פּנים צום בית־עולם, וואָס שרייבט אַ זאַמדיקן אומפערזענלעכן יידיש, וואָס איז אויסגעריסן און אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון אַ פּאַרטייוועלדל און איז געפאַלן מיט דער נאָז אויף דער יידישער ליטעראַטור. פאַר וואָס, האָב איך געטראַכט, זאָל איך צונעמען ביי דער ליבער „פּראָווענץ" אַן איקאָנע? אָבער די יידישע ליטעראַטור פון די לעצטע פופצן־צוואָנציק יאָר — וואָס האָט זי צו טאָן מיט דעם כבד־פּה, מיט דעם אומקינסטלערישן, געשמאַקלאָזן ש. ניגער?

איך האָב געמיינט, אַז ער האָט געכאַפּט אַ לאַנגן דרימל אויף די שמות פון די „ראַפּשיצער" און אַנדערע „אייזיק־מאיר־דיקיזמען". אָבער שטוינט און הערט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן דעם 18טן מערץ אין זיינע נאָטיצן פון אַ לעזער, וואָס זיינען שטענדיק אָנגעפּיקעוועט מיט מליצהוואַטע ברעקלעך און שטיקלעך, מיט פלאַכקייטן, וואָס האָבן זיך נאָך קיין איין מאָל נישט געשטאַלט כאָטש אין איין קיילעכדיקן אַפאָריזם, וואָס זאָל טראָגן אויף זיך דעם חותם פון כה אמר ניגער.

וואַרף איך זיך צו דיר געטריי,
הער דיין אָטעם צו;
איז דיין קריזיס ניט פאַרביי,
פיבער איך, ווי דו.

פֿאַלט ניט אָפּ דיין וואונדן־בראַנד,
קיין קאַשמאַר — נאָך גיס,
שטיק איך זיך מיט דיר ביינאַנד,
טרוים דיין היצנטרוים מיס.

אויסגעמאַטערט אין מיין האַרץ,
אויסגעבענקט נאָך דיר,
אומעט אין דער פֿרעמד אין שוואַרץ,
קעלט און קאַלט אָן שיעור...

אָט דאָס ליד ליעסינס איז ביי ניגערן נישט בלויז „קלאָר באַטראַכטע און טיף דורכגעפֿילטע פּאָעזיע", נייערט עס איז אויך „אַ מענטשלעכער דאָקומענט, נאָך צענדליקער יאָרן זיין דאָ אין לאַנד לעבט נאָך אַלץ דער דיכטער דעם לעבן פֿון זיין אַלטער היים, זיין יוגנטהיים, רוסלאַנד. ער טרינקט שיכור דעם געווס פֿון איר קראַנקן שיין".

ווען וויל דאָס ניגער פֿאַרקויפֿן? אָט די הילפֿלאָזע בדחנות, אָט די שוואַכע דילעטאַנטישע האַרטע „עיברי", אָט די גרויזאַמע רעמיניס־צענצן פֿון אונדזער נאָך נישט פֿאַרגאַנגענעם עבר, אָט די שווידערלעכע פּערזן־פּלעכטעריי — איז דאָס טאַקע אַלץ, וואָס ניגער מבינט וועגן דעם?

וואָס איז דאָס, שאַנטאַזש אָדער טאַמעוואַטע ערלעכקייט?

גוט וואָלט געווען, אַז דאָס זאָל זיין שאַנטאַזש. עס וואָלט אונדז אָפּגע־שיקט אין דעם ראַיאָן פֿון מענטשלעכע שוואַכקייטן. (לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז ניגער האָט גלייך אָנגעפּאַנגען מיט אַ לענגערער עסיי וועגן א. ליעסינען אין „דאָס נייע לעבן" און מיט 198 ליעסין־דערמאָנונגען פֿון די 200 מאָל, וואָס שרייבערס זיינען בכלל דערמאָנט געוואָרן אין די נאָטיצן „לעזער און שרייבער".) עס וואָלט געווען אויף דער קאָנסעקווענץ פֿון אַ מצבה־קריצער. טרויעריקע געדאַנקען וואָלטן בלויז אַ ביסל געשטערט דעם פּייזאַזש און מחשבותן וועגן דעם, וואָס וואָלט געווען, ווען שאַפּירא, דער אַרויסגעבער פֿון „טאָג", וואָלט אויך געשריבן לידער.

גוט, זאָג איך נאָך אַ מאָל, אַז דאָס וואָלט כאָטש געווען שאַנטאַזש. עס איז אָבער, האָב איך מורא, ערלעכקייט. הייליקע אומשולד פֿון אַ... קריטיקער, וואָס פּלאַפּלט... די הילפֿלאָזע, קאַלירלאָזע און גאַסיקע ווערטער וועגן „קלאָר באַטראַכטע און טיף דורכגעפֿילטע פּאָעזיע".

(אינזיך, אַפּריל 1928)

# אַן אויסגעטראַכטע דאַמע

אַן אויסגעטראַכטע דאַמע האָט מיך אָנגעטראָפן און צווישן איין געלעגנהייט און דער צווייטער האָט זי געפונען אַ געלעגנהייטל מיר איינצוגעבן עטלעכע פּילן.

— איר ווייסט, אַז איר שרייבט וואונדערלעכע פּראָזע אין דעם „אינזיך״. איר שרייבט גלענצנדיקע פּראָזע אין דעם „אינזיך״ — און דאָ האָט זי אָנגעשטעלט אויף מיר אירע מוטערלעכע בלויע אויגן פאַר דעם פיינלעכן פינאַל — פּראָזע שרייבט איר וואונדערבאַר.

פון וואַנען האָט זיך די אידעלע דאַמע פּלוצעם גענומען? ערשט איצט־דאָ איז זי דאָך געווען אין אַמסטערדאַם, אין לעמבעריק, אין מאָס־קווע, אין בערלין, אין וואַרשע, ווילנע און אין אַלע אַנדערע אונדזערע פּראָווינצן. אירע וואַנדערפיס האָבן זי שוין ווידער צוריק געבראַכט צו די ברעגן פון אונדזער ניו יאָרקישער פּראָווינץ און גראָד בעת איך האָב איר דערלאַנגט דעם שליסל פון שטאָט האָט זי מיר צוגעשפּיליעט צום לאַץ די קאָמפּלימענטן־בלום פאַר מיין פּראָזע.

די דאָזיקע אידעלע, אויסגעטראַכטע דאַמע איז נישט קיין הויכע. וואָלט זי געווען הויך, וואָלט זי זיכער געטראָגן אַ שווערד. וואָלט זי געווען פון מיטעלן וואוקס, וואָלט אַ קינזאַשל געווען איר וואָפן. אַזוי אָבער ווי זי איז, מוז זי זיך אַרומטראָגן מיט אַ נעגל־פּיילכל. איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב מורא פאַר אָט דעם באַהאַלטענעם שטיקל געווער, וואָס די מיטל־עלטערלעכע (בלויז אין שענסטן זין פון וואָרט) דאַמע האַלט גרייט פאַר יעדער פרייער מינוט, ווען זי קריגט אַ געלעגנהייט צו פייניקן מאַן, פרוי אָדער קינד. זי האָט הנאה אַריינצושטעכן אָט דאָס פּיילעכל, ווען דער קרבן פאַרקוקט זיך, מיט אַזאַ זיסקייט, אַז דער געליטענער אַליין מוז מאַכן אַ זיס פּנים.

ווען איך האָב געקראָגן דעם אידעלן אָנצוהער, אַז פּראָזע שרייב איך גראָד וואונדערבאַרע, האָב איך זיך ווי אַ שמעטערלינג קוים אָפּגעריסן פון דעם פּיילכל און געשמייכלט אַ זיסן שמייכל. גנעדיקע האַרינטע! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ ווערט אויף אַ צאַרטן אופן באַטאָנט דער פאַקט, אַז מיט פּאָעזיע איז ביי מיר נישט אַזוי פריילעך, אָבער איך האָב אַריינגעשמייכלט אין די גרויסע אומשולדיקע בלויע אויגן, וואָס האָבן זיך געקוויקט פון די פאַר טראָפּנס בלוט ביי מיר אונטערן פּאַנצער.

און די פיין־פאַרטראַכטע דאַמע געהערט צום צעך, וואָס האָט פרום

איבערגעציילט די פינף־זעקס נעמען און אַרום די אויסדערוויילטע און געזאַלבטע געמאַכט אַ הייליקן עיגול און דערביי געזאָגט: מיר זיינען די פּאָעטן. אַרויס און אַרום דעם עיגול באַוועגן זיך די פּראָזעוואַטע מענטשן...

זומער. אין די סעדער ווערן צייטיק די פּרוכטן, אָבער די פּאָעטן פון הייליקן קרייז פאַרנעפּלען זיך אַליין מיט לירישע שפּענצערס, כדי נישט צו פאַרקילן די פּאָעטישע לונגען. פון איינדרוק ביז אויסדרוק איז דער וועג אַ שווערער און עס וואַלגערן זיך שפּיציקע שטיינדלעך. די באָרוועסע קינדער פון דער לירישער ברודערשאַפט האָבן מורא, טוליען זיי זיך איינער צום אַנדערן און הילן זיך מיט וואַטאָווע פראַגע־צייכנס אין בלויע סימבאָלן.

אויף יענער וועלט וועלן די ליבע פּאָעזיע־שרייבערס קומען מיט דעם אמתן גאָלדשטויב. דער מלאך הדומה וועט נישט דאַרפן פרעגן מה שמך? פון די טויטע אויגן וועט אַרויסשטראַלן ליריק און בעגיביי וועלן זיי שוין זיצן לעבן שעלין.

אָבער ביי אונדז וועלן די כרובים און שרפים מוזן האַרעווען. זיי וועלן דאַרפן סאָרטירן אונדזער פאַרמעג און זען, זאַנפטע דאַמע, אויב מיר האָבן גענוג פּאָעזיע, כדי צו קענען אַריין אין דעם ספּעציעלן היכל. איך האָב שטאַרק מורא, אַז מיר וועלן זיך מוזן אַריבערכאַפּן אין דער האַמער־„אָטדעלעניע". דער בלינדער דיכטער וועט אונדז, האָף איך, אויפ־נעמען מיט ברייטע אָרעמס און דער פליכעוואַטער סטראַמפּאָרדער באָרד, וואָס האָט מיט סאָלדאַטסקע קללות געכאַפּט פייגעלעך, וועט אונדז טרייסטן.

איידעלע, צאַרטע, מיטל־עלטערלעכע, גאַלאַנטע דאַמע. וועט דאָס מוזן זיין אונדזער טרייסט, וואָס מיר וועלן זיך דאָרט, אין „הימלרייך", אויסמיידן און זיך נישט זען אַ יאָר מיט אַן אייביקייט.

## אַן אויסגעטראַכטער העגר

דער ייִד, וועגן וועמען איך טו איצט שרייבן, איז שוין נישט קיין דאַמע, נאָר אַן אַלטע באָביצע. דער „איינזיך" האָט זייער אַ קליינע צאָל לעזערס. טראַכט זיך ניגער: כ׳מע! וועמען אַרט עס, כ׳בעט איך, וואָס זיי טענהן דאָרט.

אָבער פאַר די 80 טויזנט לעזערס פאַרשרייבט מען פונדעסטוועגן אין די אומדרוקבאַרע, האַמעטנע, גייטסלאָזע נאָטיצן, אַז בכן „די שריי־

בערס, וואָס פאַראייניקן זיך אין גרופּעס און שאַפן שולן, דערמאָנען מיך אָן אַ ווערטל פון ר' אייזיל חריף".

לאָמיר, ליבער לעזער, נעמען אַ שמעק טאַבאַק און הערן וואָס ר' אייזיל האָט צו זאָגן:

עס איז זיך אַ מאָל פּאַרלאָפן, הערט איר, אַז מען איז צו ר' אייזיל סלאָנימער געקומען בעטן, אַז „ער זאָל זיך משתתף זיין אין עפּעס אַ 'קובץ' ( אַ מין זאַמלבוך)". האָט ר' אייזיל אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: גרויסע טענצערס טאַנצן אַליין. די, וואָס קאָנען נישט טאַנצן, נעמען זיך צונויף אין אַ קאַראַהאָד און האָפּקען.

אָט די קלוגע רייד האָט ניגער באַדאַרפט באַרגן ביי ליפּסאָנען און ר' אייזיל סלאָנימער. אַליין האָט ער נישט געקענט פאַלן אויף אַזאַ מין שטיק טיפזיניקייט. אָט אַזוי, הייסט עס, איז ניגער אַנטלאָפן עטלעכע תחום־שבת און דאָרט אויסגעשטעלט אַ פייג, ווייל וואָס מער און וואָס נאָך דאַרף ער און קען ער ענטפערן אַחוץ וואַרפן מיט שטעכלקעס פון אַ מייל אַוועק?

ווייל די עטלעכע און צוואַנציק פּרוכטלאָזע יאָר, וואָס ניגער האָט באַוואָסערט דעם ווייגאָרטן, האָבן אים דערבראַכט צו אַזאַ מין האַרץ־קוויקעניש:

„מיר ווייסן, אַז מיר זיינען נישט בכוח צו בויען פּאַלאַצן, אָבער די כאַלופּעס אויסקאַלכן, די פענצטערס אויספּוצן, אַז דער הימל דורך זיי זאָל נישט אַזוי גלאַטיק און גרוי אויסזען, דעם שמוץ אַרויסוואַרפן, די וואַנצן אויסראָטן — דאָס קענען מיר יאָ."

אָט די ערב־פּסח אידיליע שילדערט פאַר אונדז דער געשטאָרבענער אַלטער בעל־תפילה דוד איינהאָרן אין „די עפּאָכע". נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער זיינען די פאָדערונגען. מיר ווייסן, אַז מיר זיינען נישט בכוח צו בויען פּאַלאַצן, זאָגט איינהאָרן, אָבער וואַנצן אויסראָטן, — דאָס יאָ.

ווערט אונדזער ניגער מלא שימחה. עפּעס האָט ער דערהערט אין די ווערטער עטלעכע טויב־שטומע און בלינדע אַנצוהערענישן, וואָס גיבן אַ געלעגנהייט פאַר קליינשטעטלדיקער סימבאָליקע און ער איז כורת־ברית מיט איינהאָרנען און ער רופט אָט דעם ערב־פּסח „דזשאָב" אין דער ליטעראַטור „קלאָרע און קרעפטיקע שורות".

אָט אַזוי און אָט אַזוי שאַפט זיך ביי אונדז אַן אמת יידישע קונסט. וואו, ביי וועלכע טאָטערן, וואָלט מען אַזוי געעפנט אַ בלעטל פון אַ נייעם זשור־

נאָל און וואָס פאַר אַ מאַראַן וואָלט זיך אָוועקגעשטעלט אַפּלאָדירן? און ווען איך האָב אַזעלכע זאַכן באַצייכנט מיט דעם טיטל גראַפאָמאַנישע קריטיק, האָבן געציטערט אַלע פעסטונגען. וואָס פאַר אַ פּאָסיקערן נאָמען געפינט מען אין ווערטערבוך פאַר דער גרויער הילפלאָזיקייט, וואָס דאָמינירט אונדזער גאַנצע אומבאַהאָלפנקייט? ווער ווייסט פון איין פּרוכט־באַר וואָרט, וואָס ניגער האָט כאָטש אין די לעצטע פיר וואָכן געזאָגט צו דער אַוידיענץ זיינער סיי „דורך מונד" און סיי אין שריפט?

נישט אין ניגערן האַנדלט זיך עס. מען מוז אויסלייזן דעם דור אונדזערן. די יידישע ליטעראַטור איז אַ טייל פון דער וועלט־ליטעראַטור. אין 1940 וועט מען לאַכן אין די פויסטן, וואָס ש. ניגער איז געווען דער איבערפּוסק אין אַ ליטעראַטור. זאָלן זיי כאָטש אין אַ קליינעם זעכצנזייטיקן זשורנאַל געפינען אַ פאַרצייכעניש, אַז ניגערס פּירוש איבער ליטעראַטור — קריטיק — איז געווען „עמעסער" מענעדעלע־סטיל פון „כאַלופּעס קאָלכן און וואַנצן טרייבן".

עס וועט גאַרנישט העלפן. ניגער וועט זיך מוזן פאַראייניקן מיט אַריה פּאָזי פון שיקאַגאָ און מיט פאַראייניקטע כוחות וועלן זיי דאַרפן אויפבויען די יידישע ליטעראַטור און אָנפאַנגען פון מעשה־בראשית. דאָרט אין שיקאַגאָ איז מען נאַאיווער, פרומער, דרך־ארצדיקער. אין ניו־יאָרק אָבער וועלן מיר באַשרייבן און באַקאָלכן אַלע וועגט, אַז שין ניגער מוז זיך צוריקציען פון דעם, מיט וואָס ער האָט נישט קיין שייכות...

(אינזיך, מיי 1928)

# שרייבער און שכל

אַ שרייבער איז געגליכן צו אַ מענטש. אַ מענטש דאַרף האָבן שכל און אַ שרייבער דאַרף נעבעך אויך האָבן שכל. אָבער אַ מענטש אָן שכל קען נאָך זיין אַ שטיקל מענטש, אַ שרייבער אָן שכל זאָל אין גאַנצן נישט געבוירן ווערן.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַ שרייבער טאָר דער שכל נישט פּאָרויסלויפן און טומלען מיט פּויקן און טאַצן, ער טאָר נישט אַריבערסטאַרטשען איבערן שרייבן. דער לייענער דאַרף פילן, אַז עס רעדט צו אים אַ מענטש מיט שכל, אָבער נישט קיין שכל אָן אַ מענטש.

בכלל איז נישט גוט, אויב ביי אַ שרייבער ווערט אָנזעעוודיק אַ באַזונדערער שטריך אָדער אַ באַזונדערע מעלה. אַזאַ באַזונדערע מעלה הייבט אָן צו שפּילן די ראָלע פון אַ חן־גריבעלע און ענדיקט זיך מיט דעם, וואָס עס ווערט דעם שרייבערס אַ הויקער.

שרייבעריי, וואָלט איך געזאָגט, איז אַ כעמישער פּראָצעס און נישט קיין פיזישער. די באַזונדערע באַשטאַנדטיילן פון דעם שרייבערס מעלות דאַרפן זיך אויפלייזן אין ווערק און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נייעם פּראָדוקט. ערשט ווען מען אַנאַליזירט עס שאַרף, קאָן מען דערקע־נען דעם שרייבערס מעלות. נאָר אַלע באַזונדערע מעלות דאַרפן גוט האַרמאָניזירט ווערן.

אַ באַזונדערע מעלה, וואָס סטאַרטשעט כסדר אַרויס ביי אַ שרייבער, איז אַ שטיק גאווה־פּרישטשיק. אַט בין איך זיך אַ חכם, אָדער אַט בין איך זיך אַ וואָרטשאַפער, אָדער איך בין זיך אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, אָדער גאָר אַ וואַזשנער געלערנטער. ניין, די אַלע מעלות טאָרן נישט זיין אָנזע־עוודיק ווי צויטן, ווייל זיי שלעפּן זיך נאָך ווי גרויסהאַלטערישע צייכנס פון גייסטיקער אָרעמקייט.

און אויף אַזאַ שטייגער מוז אַ שרייבער אויך פאַרמאָגן שכל. עס מוז אומבאַדינגט זיין איבעוויייניק אין ווערק און נישט איבער דעם ווערק.

אָבער זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן אויפֿן אָרט, אַז אָן דעם קאָן זיך אַ שרייבער נישט באַגיין, עס איז דאָס זאַלץ, וואָס גיט דעם שרייבער טעם און אַ ריח; עס איז, אויב איר ווילט, גאָר דער סאַמע וויכטיקסטער וויטאַמין פֿון שרייבעריי. אַ שרייבער אָן שכל קאָן אַ מאָל ווערן געפּערלעך. דער רבונו של עולם האָט אים באַשאָנקען מיט פֿייער, אָבער ער ווייסט נישט ווי זיך צו באַגיין מיט דעם — פֿאַרברענט ער זיך און אַנדערע.

(מ״זש, מערץ 29, 1942)

# אליהו בחורס בבא־בוך

דער גרעסטער אויפטו פון שמואל ראָזשאַנסקי, וואָס האָט מיט אַ צייט צוריק אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „מוסטערווערק פון דער יידישער ליטע־ראַטור״, איז וואָס ער האָט נאָך נישט אויפגעגעבן. ער איז אַן עקשן אַ ייד — שמואל ראָזשאַנסקי — און זיין עקשנות איז צום גוטן. ווען ער האָט פאָרטראַכט דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן זיינע מוסטערווערק, האָט מען נישט פאָרויסגעזען קיין גרויסן דערפאָלג, ווייל מען האָט געגלייבט, אַז לאַנג וועט עס נישט דויערן און דער אַמביציעזער פּלאַן וועט פון זיך אַליין צעפאַלן. איצטער האַלט עס שוין ביים צענטן בוך. און די זאַמלונגען, וואָס זיינען ביז איצטער אַרויסגעגעבן געוואָרן, זיינען סאָלידע, אַזעלכע, וואָס ס׳איז זיי גוט און נוצלעך צו האָבן אין אַן איינגעשטעלטער ביבליאָטעק.

שמואל ראָזשאַנסקי איז אַ קאָלירפולער יידישער פובליציסט מיט אַ סך טעמפּעראַמענט. ער איז דערצו אויך אַ קריטיקער און עסייאיסט און אַ גרויסער קענער, פאָרשער און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור...

די „מוסטערן־סעריע״ איז ביי שמואל ראָזשאַנסקין צושטאַנדגעקומען אַ דאַנק דעם „יוסף ליפשיץ פאָנד״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ביים קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע. דער פּלאַן גופא איז אַן אינטערעסאַנטער. ער איז געבויט אויף דעם געדאַנק, אַז ביבליאָטעקן גאַנצע זיינען שוין נייטיק פאַר אַ גרינטלעכער קענטעניש פון דער יידישער ליטעראַטור, און אַז ס׳ווערט שווערער און שווערער דער צוגאַנג צו די קוואַלן און צו די געזאַמלטע ווערק פון די זיידעס און פאָטערס פון יידישן קינסטלערישן שאַפן. דערביי קומט נאָך אַריין דער פאַקט, וואָס ס׳איז שווער צו קריגן די געזאַמלטע ביכער פון די ראשונים; דערצו נאָך מעג מען נעמען אין באַטראַכט די מענטשלעכע נאַטור, וואָס פאַרלירט דאָס געדולד און איז נישט גענייגט זיך אַוועקצוזעצן און איבערלייענען, לאָמיר זאָגן, די גע־זאַמלטע ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים אָדער פון דוד פינסקי. מען מעג אויך אין זינען האָבן דעם סטודענט פון יידיש, וואָס וויל קריגן אַ האַנט־בוך, אַ מין „אָמניבוס״, אַ קיצורדיקן צוגאַנג צו אַ קלאַסיקער, אַן אַלטן אָדער אַפילו אַ פאַרעלטערטן יידישן שרייבער.

שמואל ראָזשאַנסקי, ווי דער פאָטער פון דעם פּלאַן צו געבן אַזעלכע אָפּקלייבן פון אַ מחבר, וואָס מען דאַרף אים שוין גוט ליב האָבן, אַז מען זאָל זיך נעמען די מי אים אין גאַנצן איבערצולייענען, האָט מצליח געווען.

ביז איצטער זיינען שוין דערשינען, ווי געזאָגט, אַ צענדליק ביכער, קלאַ־סיקערס אין איין באַנד, מיט אויטאָריטעטע שטודיע־הקדמות פון צוזאַמענ־שטעלער־אָפּקלייבער, וואָס גיט געוויינלעך אין אַ צוויי צענדליק זייטלעך ביאָגראַפישן און ביאָ־ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל. ס׳ווערן אויך צום סוף פון אַזאַ ווערק געגעבן קלענערע אָדער גרעסערע אָפּהאַנדלונגען פון שריי־בערס, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם אויסגעקליבענעם מחבר. דער אָפּקליב איז געוויינלעך אַ קאָמפּעטענטער. דער לייענער האָט פאַר זיך אין דער מוסטער־ביבליאָטעק גוטע מוסטערן פון דעם אויסדערוויילטן מחבר, וואָס איז ווערט ווייטער שטודירט צו ווערן.

ס׳ווערן שוין אַפילו אָנאָנסירט פיר נייע ביכער פאַר דעם אָפּקליב, צווישן זיי אַזעלכע נייטיקע ביכער, ווי אויסגעקליבענע שריפטן פון מאָריס ראָזענפעלד, צו זיין הונדערטסטן געבוירן־טאָג, אָדער אַ באַנד פון דעם ליקווידירטן סאָוועטישן יידישן שרייבער דוד האָפשטיין. דאָס בוך, וואָס ליגט איצטער פאַר מיר, איז דאָס אַכטע אין דער סעריע און איז, לויט מיין מיינונג, אפשר דאָס פאַסיקסטע פאַר אַזאַ ביבליאָטעק. אויב דאָס וואָרט קולטור האָט נאָך אַ ריינעם און נוצלעכן מיין, נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן דעם באַגריף גוט אויסגעוואָלגערט אין בלוט און אין קייט, איז אַזאַ ווערק ווי אליהו בחורס בבא־בוך אַ קולטור־אויפטו. ס׳איז שווער צו זאָגן, ווער ס׳זיינען די פאָטערס, זיידעס, פעטער און עלטער־פעטערס פון דער יידישער ליטעראַטור, אָבער איין זאַך איז זיכער, אַז אליהו בחור איז געווען דער עלטער־עלטער־זיידע פון יידישן ליד. ס׳איז, למשל, אָנגענומען, אַז י. ל. פּרץ איז דער פאָטער פון דער מאָדערנער יידישער פּראָזע און שלמה עטינגער דער פאָטער פון דעם מאָדערנעם יידישן ליד, ווי מיר קענען עס ביים היינטיקן טאָג. איז טאַקע שלמה עטינגער געווען דער ערשטער אין דער מוסטער־ביבליאָטעק. מאַרק וואַרשאַווסקי, דער פאָטער פון אונדזער געזונט און עכט פאָלקסליד, איז געווען דער צווייטער אין אָפּקליב. אָבער אליהו בחור איז לכל־הדעות געווען דער ערשטער יידישער דיכטער, וואָס האָט געבויגן דאָס יידישע לשון אין געמאָסטענע פערזן און גראַמען, ווען דאָס יידישע לשון איז נאָך געלעגן אין די וויקעלעך. ער האָט זיין אַמביציע צו ווייזן וואָס מ׳קאָן אויפטאָן אין יידיש דערגרייכט דורך איבערזינגען אַ גרויסע איטאַליענישע עפּישע פּאָעמע, וואָס איז געווען באַרימט ביים סוף פון פופצנטן יאָרהונדערט. די פּאָעמע פון אַ ריטער, זיינע אַוואַנטורעס, מלחמות און וואַנדלונגען האָט געהייסן „בעוויס פון האַמפּטאָן״ אָדער בעוויס פון אַנטונאַ. אליהו בחור האָט די דאָזיקע העלדן־

פּאָעמע, וואָס האָלט נישט ווייניקער פון 650 סטאַנצן, איבערגעגאָסן אויף אַלט־יידיש אין יאָר 1507.

אליהו בחורס ביאָגראַפיע איז אַליין אַ גרויסע פּאָעמע און עס וואָרט אויף זיינס אַן אור־אור־אייניקל, אַז ער זאָל דעם עלטער־עלטער־זיידן אויסזינגען אין אַ גרויס פּאָעטיש ווערק. אליהו בחור, אָדער ווי ער איז געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען אליהו לעוויטאַ, איז אַליין געווען אַ גרויסער גייסטיקער העלד, וואָס האָט טריאומפירט איבער זיין שווער לעבן, איבער דעם געצוואונגענעם נע־ונד זיינעם. ער איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד, לעבן נירענבערג, אָבער ער איז נישט איין מאָל געווען גע־צוואונגען צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן און לויפן פון די דייטשע היט־לערס פון יענער צייט, וואָס האָבן געטריבן און געיאָגט די יידן, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן שוין אין דייטשלאַנד געקראָגן אַ שטיקל מקום־מנוחה.

דער סוף איז געווען, אַז אליהו בחור האָט אַנגעשפּאַרט אַזש אין איטאַליע, וואו ער האָט זיך אומגעוואָלגערט אין אַ סך שטעט, ביז ער האָט זיך באַזעצט אין ווענעציע. אָבער נישט געקוקט אויף זיין שווער לעבן, האָט אליהו בחור אַריינגעלעבט ביזן הויכן עלטער פון אַכציק יאָר. אין 1949 איז געוואָרן פּונקט פיר הונדערט יאָר ווי ער איז געשטאָרבן און זיין קבר געפינט זיך עד־היום אין ווענעציע.

אָט די דאַטע דאַרף מען נישט נעמען גרינג, אַן אַ פאַרגלייך. שעקספּיר איז געבוירן געוואָרן מיט פופציק יאָר שפּעטער. דאָס מיינט, אַז אונדזער ייחוס פון דער יידישער ליטעראַטור איז אַ גאַנץ בכבודיקער.

מיט אליהו בחור־לעוויטאַ און מיט זיין בבא־בוך, וואָס איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי יידן, אַז ס'איז דערפון אַרויסגעקומען די אינטערעסאַנטע פאַרגרייזונג — אַ באָבע־מעשה, דהיינו, אַן אומגלייבלעכע מעשה, — האָבן זיך פאַרנומען יודא א. יאָפע, ד״ר יעקב שאַצקי און נ. ב. מינקאָוו. מיר האָט אליהו בחור אויך געגעבן אַ גוטן אויסרייד צו האַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער יידישער ליטעראַטור, ווען איך בין געווען אַ דעלעגאַט אין 1949 ביים אינטערנאַציאָנאַלן „פּען־קאָנגרעס״, וואָס איז דעמאָלט אָפּגע־האַלטן געוואָרן אין ווענעציע. טעכנישע פאָרמאַליטעטן זיינען געווען קעגן דעם, אַז מען זאָל מיך דערלויבן צו האַלטן אַ רעפעראַט, נישט לאָזנדיק וויסן אין פאָרויס די צוגרייטערס פון דער פּראָגראַם און צוזאַמענפאָר. אָבער ווען איך האָב אויפמערקזאַם געמאַכט די אָרגאַנזשירערס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן שרייבער־צוזאַמענפאָר, אַז דער עלטער־זיידע פון יידיש

איז געשטאָרבן פּונקט מיט פיר הונדערט יאָר צוריק און אַז זיין קבר געפינט זיך אין ווענעציע, האָבן זיך טיר־און־טויער געעפנט פאַר מיר און איך האָב געלייענט אַ רעפּעראַט, לייגנדיק אַזויערנאָך אַ סימבאָלישן קראַנץ אויף דעם קבר פון אַ ייד, וואָס האָט אַפילו אין זיין אומשטערבלעכקייט־צושטאַנד קיין מאָל נישט געחלומט, אַז אַ ייד פון לובלין וועט אַ מאָל אין ווענעציע רעדן וועגן אַ יידן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם דייטשן שטעטל איפּשהיים.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער שטריך אין אליהו בחורס ביאָגראַפיע איז געוועזן דער פאַקט, וואָס ער איז געווען אַ גרויסער העברעאישער פאָרשער. ער איז געווען פון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער, וואָס האָט אויף אַ ווויסנשאַפטלעכן אופן זיך פאַרנומען מיט העברעאישן דקדוק. העברע־איש האָט אין יענער צייט געהאַט אַ גרויסע צוציאונג פאַר קריסטלעכע געלערנטע און אליהו בחור איז געווען אַ העברעאישער לערער פון אַ סך קריסטלעכע אַריסטאָקראַטן און געלערנטע. ער האָט אַפילו געוואוינט גאַנצע דרייצן יאָר אין הויז פון דעם ווענעציאַנער געלערנטן עדזשידיאָ דע וויטערבאָ, וואָס איז שפּעטער געוואָרן קאַרדינאַל פון רוים. ביי אים אין פּאַלאַץ האָט אליהו בחור זיך אויפגעהאַלטן גאַנצע דרייצן יאָר און אין דעם קריסטלעכן פּאַלאַץ האָט אליהו בחור אָפּגעהיט גוט און פרום יידישקייט.

איז עס טאַקע ערשט דאָס אמתע וואונדער, וואָס דער באַרימטער העב־רעאישער גראַמאַטיקער איז געוואָרן אַ יידישער מחבר פון יידישע סאַטי־רישע לידער, וואָס צו זיי האָט ער אַליין געשאַפן מעלאָדיעס און זיי געזונגען איבער די הייזער. אָבער די אמתע אַמביציע פאַר יידיש האָט ער אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט איבערגעזונגען די ריזיקע עפּישע פּאָעמע. אין דער פּאָעמע האָט ער זיך געשאַפן אַן אמתן עיר־מקלט פאַר יידיש און פאַר אַלע בריהשקייטן, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן מיטן יידישן לשון.

דער יידיש פון אליהו בחורס פּאָעמע איז אין שייכות מיט אונדזער היינטצייטיקן יידיש, ווי דעם פּאָעט טשאָסערס ענגליש איז צום היינטיקן ליטעראַרישן ענגליש. אַזאַ יידיש דאַרף מען שוין איבערזעצן און שמואל ראָזשאַנסקי האָט פאַר דעם אויפטו אויסגעקליבן דעם באַקאַנטן פּאָעט משה קנאַפּהיס, אַליין אַ פּליט, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם היטלער־גיהנום, דורך זיין נע־ונד אין רוסלאַנד. ער האָט זיך באַזעצט אין בוענאָס־איירעס, וואו ער האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע אינטערעסאַנטע ביכער,

פאָעזיע און פּראָזע, און וואו ער רעדאַקטירט אַן אילוסטרירטן זשורנאַל. קאַפּאַהייס איז אַן אויסגעצייכנטער פּערזן־מייסטער. ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם אַלט־יידישן טעקסט פון יודא א. יאָפע און ער האָט געטאָן אַ גרויסע אַרבעט. כ׳בין זיכער, אַז מען קאָן געפינען עטלעכע טענות קעגן די האַלבע גראַמען, למשל, אָדער קעגן די ספּעציפישע סלאַוויזמען, וואָס אליהו בחור האָט זיכער נישט אין זיין אָריגינאַל. אָבער ווען מען לייענט די דרייצן גרויסע קאַפּיטלען, הערט מען אויף זיך טשעפּען צו דער איבער־זעצונג, ווייל מען ווערט נתפעל פון דעם אויפטו.

ס׳איז נישט שייך איבערצוגעבן וואָס עס טוט זיך אַלץ אָפּ אין אליהו בחורס איבערגעזאַנג פון איטאַליענישן עפּאָס. אליהו בחור האָט דאָס ווערק גוט פאַריידישט, ער האָט אַריינגעפירט אַ ברית, אַ יידישע חתונה, יידישע גלייכווערטלעך, טרערן־צאַפּנדיקע פערזן, סאַטירישע באַמערקונגען און אַפילו ריזיקאַלישע אויסדרוקן, וואָס היינט וואָלטן זיי נישט געזאָגט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט. געווען דעמאָלט אַנדערע צייטן, אַנדערע מאַניערן און אַנדערע זיטן.

אָט איז אַ מוסטער פון אַן איבערגעזעצטן פערז —

איצט לאָמיר לאָזן שטיין די סוויטע,
באַטראַכטן בבא׳ס גאַנצע גלידער,
און זען וואָס ס׳טוט זיך ביי די ריטער
אין סאַנסימאָן־שלאָס אין דער נידער.
ס׳איז ס׳לעצטע ברויט דאָרט שוין צעשניטן
און ס׳גרייפט דער הונגער אָן זיי ביטער.
זיי רייטן צו די פאָרשטעט אויבן,
און ברענען, פאַנגען, כאַפּן, רויבן.

דעם ראָמאַן אין פערזן הייבט אָן אליהו בחור מיט אַזאַ התנצלות —

איך, אליהו לוי, דער שרייבער,
צו דינסט אַלע יידישע ווייבער,
קום איצט מיט מיין וואָרט דעם באַדאַכטן,
עס לוינט זיך דערויף צו פאַרטראַכטן.

אין זיין אַריינפיר זאָגט אליהו בחור, אַז פיל האָט ער „צוגעטראַכט" און מער נאָך געגעבן „אייגנס".

**אליהו בחור האָט געוואָלט פאַרשאַפן הנאה פאַר „גרויס און קליין" מיט זיין בבא־בוך —**

זאָל גאָט מיך שטאַרקן און מיר געבן
באַנייטע כוחות, כ'זאָל באַווייזן
דאָס ווערק פאַרענדיקן, דערלעבן
צו זען עס פאַרטיק, ריין, אָן גרייזן.

**דער „אָן גרייזן" איז אינטערעסאַנט דערפאַר, ווייל אליהו בחור איז אויך געווען אַ קאָרעקטאָר פון אַלטע טעקסטן און ער האָט שטאַרק מקפיד געווען אויף גרייזן.**

**דאָס ווערק ענדיקט זיך פרום מיט די ווערטער —**

פון צער און פיין דערלייזן זאָל
אונדז גאָט און גנאָד אַ סך אונדז געבן
צו קאָנען זוכה זיין אַ מאָל
משיחס צייטן צו דערלעבן,
אין ירושלים צי אין טאָל
אונדז פירן, צי — אַ דאָרף דערנעבן.
דאָס בית מקדש בויען וועלן,
וכן יהי רצון, אמן סלה.

(טאָג־מ"זש, יוני 24, 1962)

# מענדעלע אויף ענגליש

אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, זיינען לעצטנס דערשינען צווי באַזונ־דערע ענגלישע איבערזעצונגען פון מענדעלע מוכר ספרימס „פישקע דער קרומער״, איינע אין לאָנדאָן און איינע ביי אונדז אין אַמעריקע. אין אַ גרויסן לאָנדאָנער זשורנאַל האָב איך געלייענט אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם ווערק פון באַרימטן קלאַסיקער „מ״ר ספרים״. איצטער זיינען שוין פּאָפּולער געוואָרן אין ענגליש אונדזערע צוויי קלאַסיקערס: מ״ר עליכם און מ״ר ספרים. אין אַמעריקע איז „פישקע דער קרומער״ דערשינען אין „טאָמאַס יאָסעלאָף״־פאַרלאַג, אין דער איבערזעצונג פון אַהרן געלעס.

„פישקע דער קרומער״ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט אַ 90 יאָר צוריק, און ס׳איז אַ מעשה פון אַ שנאָררערישער אונטערוועלט, פון פּראָ־פעסיאָנעלע בעטלערס, וואָס לעבן אַ פאַרברעכער־לעבן פון וואַגאַבונדן, פּאַראַזיטן און אוממענטשן. מענדעלע מוכר ספרים האָט אויף זיין בייזן סאַטירישן אופן געזאָגט, אַז זיין ווערק איז כלומרשט סימבאָליש פאַר „כל ישראל איין קבצן און אַז ס׳איז אַ משל אויף דער גרויסער „יידישער טאָרבע״. דאָס איז געווען אומבאַרעכטיקטע סאַטירע אויפן חשבון פון דער ציכטיקער און באַלעבאַטישער יידישער אָרעמקייט, וואָס האָט געלעבט אַ ריין יידיש משפחה־לעבן ,דווקא אַנגעטאָן דאָס ברודיקע, סימבאָלישע היטל פון דעם מיאוסן שנאָרער — „פישקע דער קרומער״, אין דער אָפּשפּיגלונג פון זיין גאַנצער ווילדער הקדש־חברה.

מענדעלע האָט דאָס ווערק געווידמעט דעם רוסיש־יידישן אינטעלי־גענט מנשה מרגליות, און אין דער ווידמונג האָט ער געזאָגט, אַז מנשה מרגליות, וואָס איז געווען אַ שטיקל היסטאָריקער, האַנדלט „מיט ברילּיאַנטן און דימענטן פון דער יידישער היסטאָריע״, בעת ער, מענדעלע מוכר ספרים, האַנדלט, ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, מיט „שמאַטעס און פוילער סחורה״ און די „אַלטע טאָרבע״ הענגט אים תמיד „ווי אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז״.

פאַר וואָס אָט די פוילע סחורה זאָל ווערן אַ משל כנגד אַ טאָרבעדיקער כנסת ישראל, קאָן בלויז פאַרשטאַנען ווערן, ווען מען באַגרייפט, אַז אין יענע צייטן האָט יידיש פאָלקסלעבן נישט געהאַט קיין אמתן שופט, וואָס זאָל מאָנען און פאָדערן העכערע אחריות, אַפילו פון אַ סאַטיריקער און פון אַזאַ גרויסן קינסטלער, ווי מענדעלע איז געווען.

שרייב איך דאָ נישט קיין קריטיק, אָבער מיר איז אַ וואונדער, וואָס

דווקא דאָס ווערק האָט, ניינציק יאָר נאָך זיין דערשיינען, זוכה געווען צו צוויי ענגלישע איבערזעצונגען, וואָס זאָלן פאַרשטעלן דעם ענגלישן לייענער דאָס גאַנצע, מישטיינס גערזאָגט, „יידיש" לעבן, ווי אַ שפּיגל פון אַמאָליקן „געטאָ־לעבן", ווי די קריסטלעכע וועלט און ווי אונדזערע אייגענע געבילדעטע יונגעלייט רופן אָן דאָס יידישע שטעטל־לעבן, מיט זיין קדושה און דערהויבונג, איבער דער גאַנצער אַרומיקער וועלט פון ווילדע פאַרפאָלגערס און פּייניקערס. די קריסטלעכע פּויערים, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט צעיובעט און געמאַכט פּאָגראָמען און פּאָגראָמעלעך אויף יידן, האָבן גיכער געלעבט אין אַ געטאָ פון טעמפּער רישעות, איידער די שטעטל־יידן, מיט דער גייסטיקער רחבות, וואָס זיי האָבן באַשאַפן אין די ענגסטע שטעט און דערפער, פאַר זיך, זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

אָבער דער אויסדרוק „געטאָ" האָט זיך אַזוי איינגעבירגערט, אַז אַפילו די אַמאָליקע ניו־יאָרקער איסט סייד, מיט איר גרויסער יידישער פּרעסע, אידעאַליסטישער יידישער ליטעראַטור, יידישע יוניאָנס, יידיש טעאַטער, שפּרודלדיק יידיש קולטור־לעבן, איז אויך אָנגערופן געוואָרן אַ געטאָ, און יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן נאָר געעפנט אַן ענגליש מויל, האָבן שוין אויך גערופן די איסט־סייד אַ געטאָ און דאָס יידישע לשון אַ געטאָשפּראַך.

ווייזט אויס, אַז אין „פישקע דער קרומער" און אין ענלעכע ווערק, וואָס נעמען אויס ביי ענגלישע פאַרלעגערס, געפינען די אַלע קריסטן און דערוויטערטע יידן די באַרעכטיקונג פאַר זייער אָפּשאַץ פון אַמאָליקן יידישן לעבן, ווי עס וואָלט געווען אַן ענגע און שמוציקע געטאָ, וואָס האָט בלויז געשווירבלט און געגריבלט מיט פאַרברעכערישע אונטערוועלט־שלעפּערס און גלאַט מיאוסע פאַרשוינען. אַוודאי פאַרמאָגט יעדע ליטעראַטור אַזעלכע ביכער פון וואַגאַבונדישער אַרעמקייט, אָבער זיי ווערן פאַרטרונקען אין אַ גרויסער ליטעראַטור פון שיינקייט, גלייביקייט און דערהויבנקייט. ווען מען פירט אָבער אַרויס פאַר דער וועלט אונדזערע פישקעס, באַקומט זיך אַ צעקרימט בילד פון יידישן לעבן. דער איינציקער שיינער און גרויסער אויסנאַם איז שלום עליכם, וואָס האָט נישט אָפּגעלאַכט פון יידישן לעבן, נאָר ער האָט עס דערהויבן צו דער מדרגה פון ביטחון־טורעם, מיט דער אומאויסשעפּלעכער פרייד פון הומאָר, און נישט מיט ביטערקייט פון אַ פונאויבנאַראָפּיק־אויסלאַכעריש געלעכטער.

פונקט ווי די אַמאָליקע השכלה האָט דווקא געוואָלט ווייזן דער וועלט

פישקען און זיין גאַנצע הקדש־לופט ווי אַ סימבאָל פון יידיש לעבן, אַזוי ציט דאָס ווערק אויך היינטיקע ענגלישע פאַרלעגערס צו דער דאָזיקער האַרצלאָזער סאַטירע. אַפילו ש. ניגער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן און דערקלערט, אַז אין דער דאָזיקער מאַסן־פאַרזאַמלונג פון פאַרברעכערישע אונטערוועלט־לייט, מעסערהעלדן, פערד־גנבים, סאַדיסטן, פייניקערס, פאַראַזיטן, אויסנוצערס, האַלעדריגעס און מיזאַנטראָפּן איז פאַראַן — „אַ שטאַרקע אַנצוהערעניש אויף דער סאַטירישער שילדערונג פון יידישן לעבן־שטייגער". אַוודאי האָט מענדעלע מיט זיינע „כל כתבי" דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַ גרויסן שילדערער פון יידישן לעבן־שטייגער, אָבער גראָד „פישקע" איז אַ זייטיקע און שלעכטע שילדערונג פון אַ געמויזעכץ, וואָס איז נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר יידן. די רעה, וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ ווערק אין אַן איבערזעצונג, איז, וואָס מען גלייבט דעם מחבר אויפן וואָרט, אַז עס איז סימבאָליש פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

...„פישקע דער קרומער" איז בכלל זייער טאַנדעטנע צוזאַמענגעשטעלט. אַלץ וואָס איז דאָרט דאָ פון דעם , וואָס איז אַ מאָל געווען, איז שוין לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן, און אַלץ וואָס איז דאָרט פאַרבליבן, מיט קליינע אויסנאַמען, איז אומאינטערעסאַנט און לאַנגווייליק און חלילה נישט סימבאָליש פאַרן יידישן פאָלק, נישט היינט, נישט מיט נייַנציק יאָר צוריק און נישט מיט פינף הונדערט יאָר צוריק.

מענדעלע איז צוגעגאַנגען צום יידישן לעבן מיט דער נאָז, און נישט מיטן האַרץ. אַ קריטיקער פון די אַכציקער יאָרן האָט דעמאָלט געשריבן, אַז „פישקע איז אייגנטלעך אַן אַלטע חכמה פון ר' מענדעלען, וואָס ער האָט זי צעפּירט אין וואַסער, אָבער נישט אין קיין פריש וואַסער, וואָס גיסט זיך ביים שרייבער פון האַרצן, נאָר אין דעם וואַסער, וואָס שטייט שוין ביי אים אַ יאָר פופצן פאַרשלאָסן אין דעם פאַרשטיינערטן האַרץ, און וואָס גיט זיך אַנצוהערן אויף יעדן שריט אין דעם ספר, נישט מיט קיין גאַנץ גוטן ריח".

נחומטשע לעקיש, ווערט דערציילט אין „פישקע דער קרומער", האָט „פאַר אַ גאַנצער עדה שיינע יידן צוגעדעקט דעם קאָפּ פון יענער מויד, וואָס איר קאָפּ איז פון קינדווייז אַן באַדעקט, איך בעט אייך מחילה, מיט אַ קרוין און אויף וועלכער עס גייט אין דער שטאָט אַרום אַ קלאַנג, אַז זי איז אַן אַנדרוגינוס". די „קרוין" דאַרף זיין אַן איידעלע אַנצוהערעניש אויף — שחין און דאָס איז ווייט פון הומאָר, ווי „פישקע" איז ווייט פון אַ קונסטווערק.

מענדעלעס משכּילישע נאָז הערט נישט אויף צו שנאָפּן זיין „סימבאָ־ליש" יידיש לעבן און ער גיט זיך אַזאַ וואוילן זאָג, וואָס דאַרף אויך, אפּנים, זיין הומאָר:

„עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער ריח, וואָס אין אונדזער געמויערטער באָד. היינט זייערע מקווהס איז גאָר אַ געלעכטער. אונדזער מקווה־וואַסער פּילט מען, עס האָט עפּעס אַן אַנדער טעם, אַן אַנדער קאָליר און איז עפּעס געדיכטער ווי אַנדערע וואַסערן, מען פּילט באַלד, ס'איז יידישלעך"...

מיט דרייצן יאָר צוריק האָב איך געשריבן, אַז „פישקע" „איז דאָס ערשטע טויטע צוויגל וואָס פאַלט אַרונטער פון דעם גרויסאַרטיקן בוים — כל כּתבי מנדלי מוכר ספרים". ש. ניגער האָט מיט מיר פאַרפירט אַ פּאָלעמיק און געפאָדערט צו באַטראַכטן פישקען אין ראָם פון זיין דור. אַוודאי מוז מען זען אַ ווערק אין שפּיגל פון דור, אָבער פאַר אונדזער צייט איז דאָס ווערק זיכער אַ באַליידיקונג. דער העברעאישער קריטיקער א. קריב איז אויך אונטערגעקומען שפּעטער מיט זיין געזונטער מענדעלע־רעוויזיע. אָבער גראָד דאָס טויטע צוויגל האָט זוכה געווען, אַז ענגלישע פאַרלעגערס זאָלן עס אויפהייבן און עס אונטערטראָגן, מיט דעם גאַנצן ריח ניחוח, דעם נישט־יידישן לייענער.

כ'בין דאַנקבאַר דעם פּאָעט מ. נאָקס, וואָס האָט מיר צוגעשיקט אַן אויסשניט פון דער „דזשואיש ניוס" פון 21סטן אָקטאָבער. דאָס ענגליש־יידישע וואָכנבלאַט דערשיינט אין נוּאַרק, ניו דזשוירזי, און קומט אַריין אין 25 טויזנט יידישע היימען. דאָרט איז פאַרעפנטלעכט אַ רעצענזיע איבער דער ענגלישער איבערזעצונג פון „פישקע דער קרומער" און דער שרייבער מאָריס ראָטמאַן „רעקאָמענדירט" דאָס ווערק „ווי אַ שפּיגל פון לעבן אין תחום המושב, אַ פאַרלוירענער לעבן־שטייגער, אַ קולטור פון אַ פאָלק, וואָס איז נישט לאַנג אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשן".

„פישקע" זאָל עס זיין דער שפּיגל פון אונדזער לעבן־שטייגער, און פישקע רעפּרעזענטירט דאָס פאָלק, וואָס די דייטשן האָבן אומגעבראַכט. זאָל אונדז דער רבונו של עולם שומר ומציל זיין פון אַזעלכע „יידישע" ווערק און פון אַזעלכע רעצענזענטן, וואָס ווילן עס אונדז דווקא אַנהענגען, ווי אַ שפּיגל פון יידישן „לעבן".

אָבער ס'איז אינטערעסאַנט צו זען, ווער עס רעקאָמענדירט אַזאַ ווערק דעם ענגלישן לייענער. דער שרייבער איז זיך מודה, אַז ער האָט אָנגעהויבן לייענען „פישקע דער קרומער" נישט מיט קיין אָנגענעמען געפיל. ער האָט פּשוט מורא געהאַט איינצושטעלן און לייענען די איבערזעצונג נישט

חלילה צוליבן אינהאַלט, נאָר ווייל ער האָט אַ קרענקלעכע שנאה צו יידיש.

לאָמיר בעסער הערן, וואָס דער רעצענזענט אַליין זאָגט, גלייך אין זיין אַרויספאָר, וועגן יידיש און וואָס אַ פּאָפּולערע יידיש־ענגלישע צייטונג פאַרגינט זיך צו דרוקן — נישט ערגעץ אין די הרי־חושך, נאָר אין אַ שטאָט, וואו עס וואוינען אַרום הונדערט טויזנט יידן און וואָס איז אַ קאַצנשפּרונג פון ניו־יאָרק:

„איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב גענומען לייענען 'פּישקע דער קרומער' נישט מיט קיין גוט געפיל. ס'איז אָריגינעל געשריבן געוואָרן אין יידיש און יידיש איז אַ שטאַרבנדיק לשון. עס איז אין גאַנצן אָן אַן אָפיציעלער גראַמאַטיק און זייער שטאַרק דורכגעשפּרענקלט מיט מיאוסע גאַרגלטענער און פאַלט אַריין אין אַכצנדיקע אינטאָנאַציעס"...

דער יידיש־עקספּערט קנעלט ווייטער מיט די נואַרקער לייענערס פון דער „דזשואיש ניוס", אַז — „די יידישע ליטעראַטור געפינט זיך אין אַ שאַרפן ירידה־צושטאַנד; די יידישע פּרעסע גוססט און מען רעכנט זיך נישט אין מדינת ישראל מיט יידיש. בלויז די פרומאַקעס האַלטן נאָך פון יידיש, אָבער זיי זיינען אַ קליין הייפעלע. די צאַבּרעס באַטראַכטן יידיש פאַר אַ גלות־לשון און זיי שליידערן עס צוריק, מיט ווידערווילן, ווי אַ באַליידיקונג".

האָבן מיר אַ בילד פון אַ יידן, וואָס רעקאָמענדירט „פּישקען" ווי אַ שפּיגל פון אַמאַליקן יידישן לעבן ערשט נאָך דעם ווי ער „באַזינגט" דאָס יידישע לשון און ער ברענגט אַפילו אַ ראיה פון מדינת ישראל, כדי צו וויזן פאַר וואָס מען דאַרף אויסמיידן נעמען אַ בוך, וואָס איז איבערגעזעצט פון אַזאַ לשון, וואָס גרילצט אין די אויערן מיט כאָרכלדיקע קלאַנגטענער...

די נואַרקער „דזשואיש ניוס" איז מחויב זיך צו אַנטשולדיקן פאַר אירע אייגענע לייענערס פאַר פאַרעפנטלעכן אַזעלכע גראָבע באַליידיקונגען אויפן חשבון פון יידיש.

# אונדזער עלטער־פעטער שמ״ר

ווען שלום עליכם האָט אין 1888 פאַרעפנטלעכט זיין שטרענגן מישפט איבער שמ״רן, האָט ער זיכער געמיינט, אַז ער האָט אים אין גאַנצן אָפּגעווישט, אָבער עס איז פאַראַן אַ גערעכטערער שופט — די צייט. ווען נישט אָט דער שופט וואָלטן זיך די שרייבערס איינס דאָס אַנדערע אויפֿגעפרעסן לעבעדיקערהייט. אָבער די גערעכטע צייט נעמט דעם ווילדן ליטעראַרישן הזשונגל און פאַרוואַנדלט אים אין אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואו יעדער איינער קריגט זיין ביסל אַנערקענונג.

אַ הומאָריסט איז בטבע אַן איבערטרייבער, אָבער ער איז אַ גוזמאַניק אויף שפּאַס. אַן אויסטראַכטער פון ראָמאַנען איז אַן איבערטרייבער אין פולן ערנסט און דערפאַר קאָנען די צוויי נישט לעבן בשלום. ביי שמ״רן זיינען ישיבה־בחורים און קליינשטעטלדיקע מלמדים גאַנץ ערנסט געוואָרן פאַרדייטשמערטע באַראָנען, ביי שלום עליכמען איז אַ ייד, וואָס פירט מילכיקס, געוואָרן אַ פילאָסאָף אויף שפּאַס.

זאָלן מיר די צוויי בלוטיקע ליטעראַרישע שונאים מוחל זיין, וואָס איך פיר דורך אַ פאַרגלייך צווישן זיי. זיי זיינען שוין ביידע אויפן עולם האמת און זיי האָבן שוין מסתמא לאַנג שלום געמאַכט איבער גרויסע פאַרציעס אומשטאַרבלעכקייט.

אינטערעסאַנט איז, וואָס דער אַמעריקאַנער „שלום עליכם״, מאַרק טוועין, האָט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין די ניינציקער, אויך דורכגעפירט אַ מישפט איבער דעם אַמעריקאַנער „שמ״ר״ — פענימאָר קופּער. דער מישפט איז געווען פונקט אַזאַ פאַרניכטנדיקער און האָט געהאַט דעם זעלבן צוועק — „אויסצורייכערן״ דעם אויסטראַכטער פון ווילדע סיטואַציעס און צוזאַמענגעפּלאָנטערטע געשעענישן.

מאַרק טווענס מישפט איבער קופּערן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אונטער דעם נאָמען „פענימאָר קופּערס ליטעראַרישע עבירות״. ער רעכנט אויס גאַנצע 8 עבירות קעגן ליטעראַרישע געזעצן, וואָס פענימאָר קופּער איז באַגאַנגען, און ער ווישט אים אָפּ ווי אַ ווילד צוזאַמענפּלאָנטערער פון אומגלייבלעכע סיטואַציעס.

שלום עליכם רעכנט אויס אין דעם מישפט צען עבירות, וואָס שמ״ר איז באַגאַנגען. ער ווייזט אויך אָן, אַז זיינע מענטשן זיינען קיין מענטשן נישט און זיינע העלדן זיינען נישט קיין העלדן.

רעזולטאַט: מאַרק טוועין און פענימאָר קופּער פאַרנעמען ביידע

בכבודיקע פּלעצער אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. **שלום עליכם פאַרנעמט אַן אויבנאָן־שטול אין דער יידישער ליטעראַטור** און דאָס יידישע ליטעראַרישע געוויסן פייערט דעם 35סטן יאָרצייט פון שמ״רן.

די יידישע ליטעראַטור איז שולדיק שמ״רן אַ גרויסן חוב. ער האָט געשאַפן אַ יידישן לייענער, אָבער נאָך מער ווי דאָס — ער האָט אויך געשאַפן אַ יידישע לייענערין. דאָס איז גאָר אַ גרויסער אויפטו. די יידישע ליטעראַטור פון זיין צייט איז געווען אַ מאַנסבילשע, אָבער שמ״ר האָט אויך געריכט צו דער יידישער פרוי. ווען די יידישע שרייבערס פון דער אַנטוויקלטער ליטעראַטור אונדזערער האָבן דערקלערט בליצקריג קעגן שמ״רן, האָבן זיי שוין געהאַט אַ פאַרטיק־צוגעגרייטע יידישע לייענער־שאַפט, וואָס האָט געוואַרט אויף דעם אויסגאַנג פון דער ליטעראַרישער מילחמה. שלום עליכמס קאַמף קעגן שמ״רן איז נישט געווען אַזוי קעגן שמ״רן, ווי פאַר דעם לייענער, וואָס שמ״ר האָט פאַר זיך אויפגעהאָדעוועט. אָבער שלום עליכם האָט נישט איינגעזען, אַז עס איז גאָרנישט נייטיק אַרויסצוטרעטן מיט קאַנאָנען קעגן דעם דרדקי־חדר פון אונדזער ליטע־ראַטור.

אַפילו ווי אַ ליטעראַרישער קוריאָז וואָלט שמ״ר געקראָגן זיין פּלאַץ אין יעדער ליטעראַטור. שמ״ר האָט אויסגעטראַכט אַרום 205 ראָמאַנען און דערציילונגען אין יידיש, נישט ווייניקער פון 50 פּיעסן. ער האָט אויך געשריבן אַרום 15 ראָמאַנען אין העברעאיש און ער האָט נאָך דערצו פאַרפאַסט אַ ריזיקע צאָל העברעאישע לידער.

אַזאַ וואָרט־פּראָדוקציע — מיליאָנען ווערטער — קאָן נישט אַוועק־געמאַכט ווערן מיט דער האַנט. ער האָט נאָך געפונען צייט צו רעדאַקטירן זשורנאַלן און וואָכנבלעטער, פאַר וועלכע ער האָט געבדחנט וויציקע גראַ־מען. ער האָט געשריבן עטלעכע ראָמאַנען מיט אַ מאָל און „געפירט״ באַזונדערע וועלטן מיט באַזונדערע העלדן, נישט פאַרפּלאָנטערנדיק זיך אין חשבון. עס איז זיכער, אַז אַזאַ פענאָמענאַלער ליטעראַרישער פאַבריקאַנט, וואָס האָט געשאַפן „בעסט סעלערס״ פאַר זיין צייט, קאָן נישט אין גאַנצן אַרויסגעוואָרפן ווערן פון ליטעראַטור־פּאַלאַץ. פאַרקערט, אין אַ גרויסער ליטעראַטור וואָלט אַזאַ אינטערעסאַנטע פיגור געוועקט נייגער און אַרויסגערופן אַ ריי מאָנאָגראַפיעס און ביאָגראַפיעס, וואָס וואָלטן געגעבן אַ געטרײַ בילד פון שמ״רס לייכטגלייביקן דור, וואָס האָט געשלונגען זיינע ראָמאַנען.

בפרט, ווען שמ״ר איז געווען אַ סך מער ווי אַ ליטעראַרישער בייז־וואונדער. ער איז געווען אַ גוט־וואונדער. אַ מענטש, וואָס האָט קיין מאָל נישט איבערגעטריבן זיין ווערט, וואָס האָט באַטראַכט זיין שרייבן ווי אַ מיסיע. בלויז ווען ער האָט צוריקגעשלאָגן זיינע קריטיקערס, איז ער געוואָרן אַ ביסל אַנגעבלאָזן־גרויס ביי זיך אַליין, פאַר זעלבשוץ. אָבער אין דער געוויינלעכער טאָג־טעגלעכער ליטעראַרישער פּראָדוקציע האָט ער זיך באַטראַכט ווי דער צושטעלער פון אויסגעטראַכטע מעשות מיט אַ מאָראַל.

שמ״ר איז נישט געווען קיין ליטעראַרישער ריזיקאַנט. ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט איינשטעלן. ער האָט אָפּגעשאַצט אַקוראַט פאַר וועמען ער שרייבט, און ער האָט זייער גענוי געוואוסט ווי אַזוי צו האַלטן דעם לייענער געשפּאַנט.

קודם כל איז ליטעראַטור פאַר אים געווען אונטערהאַלטונגס־שטאָף. (ווי עס וועט אַוודאי אויך זיין אין יאָר 3040). ער האָט געזען אַ וועלט פון גוטס און שלעכטס און ער האָט זי באַאַרבעט אויף כל־ערליי אופנים. ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער טראַכט בכיוון אויס נישט געשטויגענע העלדן, כדי צו פאַרזיסן ביטערע פּילן, וואָס ער וויל, אַז זיינע לייענערס זאָלן שלינגען. ווייל אויך ער האָט, אויף זיין נאַאיוון אופן, געפירט אַ משכילישן קאַמף קעגן רעליגיעזער היפּאָקריטסטווע, קעגן שלעכטע מאַניערן, קעגן געטאָאיזם. ער האָט אַרויסגעפירט די לייענערס פון שטעטל־דיקן אומעט און זיי אַריינגעפירט אין פּאַלאַצן פון פּרינצן און גראַפן, וואו מען רעדט הויך־געפלויגענע און הויך־געשטויגענע עברי, וואו מען גיט דער איידעלער דאַמע אַפּ „דאַמען־עהרע״ און וואו מען רעדט אַ קאַפּיטשקע דייטש, פאַר שיינקייט ווענן.

שמ״ר איז געווען צו פּראָדוקטיוו, אַז ער זאָל טאַקע קאָנען זען אמתע מענטשן. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט פאַר אַזעלכע זאַכן. ער איז באמת געווען, ווי איך האָב פריער געזאָגט, אַן אויסטראַכטער. אָבער ער האָט עס נישט געטאָן מיט טויטן ערנסט, ווי שלום עליכם האָט געמיינט. אויך ער, שמ״ר, האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקן הומאָר, ווייל ער האָט גאַנץ אָפט אַריינגעלאָזט דעם לייענער צו זיך אין דער שרייב־לאַבאָראַטאָריע און אים געוויזן, ווי ער דיריגירט אָדער פירט ביי דער נאָז זיינע העלדן. ער האָט זיך געוויצלט איבער זיי און איבער זיין אייגענער אַרבעט. ער האָט זיך דערלויבט פּראָפּאַגירן זיין ווערק אין סאַמע היץ פון דער אַרבעט, ווען ער האָט אַרויפגעטריבן דעם טערמאָמעטער פון ליבע און ליידנשאַפט

ביי זיינע לייענערס צו די העכסטע הייכן. ער האָט איבערגעריסן די שטימונג מיט עטלעכע באַמערקונגען פון אַ דערציילערישן קאָנפראַנסע, וואָס שמועסט זיך דורך מיט זיינע לייענערס איבער די קעפּ פון זיינע העלדן.

ער האָט זיינע לייענערס אַריינגעלאָזט צו זיך אין דער גאָרדעראָבע, וואו ער האָט גרימירט זיינע העלדן און זיי געוויזן, אַז זיי זיינען ליאַלקעס. אָבער זיינע צוטרוילעכע לייענערס און לייענערינס האָבן אין דעם אויך געזען אַ וואונדערלעכע פאַנטאַסטיק.

„איך האָב מיך פשוט פאַרזאַראַזעט פון היינטיקע מאָדישע שריפט־שטעלער״, שטעלט ער פּלוצעם אָפּ זיינעם אַ ראָמאַן אויף זייט 70 און ער הייבט אָן טענהן צום לייענער: „דער טייוול זאָל זיי וויסן וואָס פאַר איין פינסטערע מאָדע זיי האָבן אַרויסגעבראַכט אין דער בעלעטריסטישער וועלט. איידער זיי גייען צו צו דער געשיכטע הייבן זיי אָן פאַרצושטעלן נאַטור־בילדער מיט זייטיקע זאַכן, אַז מיא פאַרלירט אַזש דעם קאָפּ לעזענדיק די איבריגע זאַכין אונ מיא הייבט אָן צו געגעצין אָדער צו דרעמלען. גזלנים, פייגערן זאָלט איר! צוא די לעזער ווייסין ניט, אַז די זאַננע שטראַהלט פּרעכטיג, און דער מאָנד מיט די שטערין גלענצען, וואָס איהר רעדט דריי שעה פון דעם ווי די זאַננע שיינט און דער מאָנד שי־מערט? ווייסין זייא דען ניט אַז זאָמער זיינען די וועלדער מיט פעלדער גרין אונ די פייגעלאַך זינגען, וואָס איר מאַכט פון דעם אַ גאַנצין ווענין אונ פאַרנעמט האַלבע קאַפּיטלאַך מיט דיא פאַרשטעלונגען? נוא איז שוין אַ וואונדער וואָס ביי מיר חאַפּט זיך אויך אַרויס אַזעלכע פאַרשטעלונגען? איך בין דאָך אויך ניט מעהר ווי אַ זינדיגער מחבר. זאָל איך זיין קליגער פון דער גאַנצער וועלט?״

דאָס איז אַ זייטיקע סצענישע באַמערקונג פון דעם זשאַרגאָנישן מחבר, בעת ער ציט די שטריקלעך פון זיינע העלדן. ער איז אָבער אַזוי זיכער מיט זיינע לייענערס, אַז ער ווייסט זיי וועלן נישט פאַרלירן דעם פאָדעם, פאַר־קערט, זיי וועלן אַ ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם און לייענען ווייטער.

מאַרק טוועין וואַרפט פאַר דעם אַמעריקאַנער „שמ״ר״, וואָס זיינע איב־דיאַנער גייען לייכט איבער פון גאַסיקייט צו שעקספּיר־עברי. שמ״ר האָט אויך נישט אָנערקענט לשון ווי אַ צוים. ביי אים איז שפּראַך געווען אַ לויזע עטנאָלאָגישע באַדינגונג. אַזוי שנעל ווי אַ העלד איז אַרויס פון שטעטל, האָט ער גלייך גענומען רעדן לייטיש, און לייטיש האָט געמיינט טייטשיש. אין דעם פּרט האָט שמ״ר אַ סך, אַ סך אייניקלעך, וואָס פאַר־

כּלינגען זיך אַזוי דערציילנדיק די מעשה, אַז זיי פּעדעמען אַזוי שנעל, ביז זיי הערן אויף צו זען, אַז זיי נוצן גראַטעסקן פּאַדעם.

ווען נישט די שפּראַכלעכע פֿאַרשווענדערישקייט אויף דער לינקער זייט, ווען נישט דאָס רעדן „עלעגאַנט" מיט איין קול פֿאַר אַלע העלדן, וואָלט מען נאָך היינט געקאָנט לייענען שמ"רס אַ ראָמאַן.

צום 35סטן יאָרצייט פֿון נחום מאיר שייקעוויטש, וויל איך זאָגן דאָס, וואָס איך האָב שוין געזאָגט מיט צען יאָר צוריק, צו זיין 25סטן יאָרצייט, אין אַ ליד, אַז אונדזער ליטעראַטור האָט אומזיסט זיך געגווידערט קעגן אים. קיין ליטעראַרישן קבורת חמור איז אים נישט געקומען פֿאַר זיין ערלעכער פּראָדוקציע. ער האָט געהערט צו אונדזער ווייגאַרטן ביי זיין לעבן און זיכער געהערט ער צו אונדזער ידישן ווייגאַרטן נאָך זיין טויט. עס איז זיך אָסור דאָ מיט אים וואָס צו שעמען.

שמ"ר האָט איבערגעלאָזט אין אונדזערע הענט אַ לייענער. מיר האָבן דעם לייענער ביי אים מיט געוואַלט אַרויסגעריסן, אָבער וואָס האָבן מיר, די ייִנגערע, מיט אים געטאָן? וואו איז ער, דער אויסגעוואַקסענער לייענער, וואָס זאָל וואַרטן אויף אונדזער וואָרט מיט אַזאַ הונגער און דאָרשט, מיט אַזאַ פֿייער? ווי אַזוי האָט זיך דער לייענער ביי אונדז אַרויסגעגליטשט פֿון די הענט?

ווער ווייסט, ווי אַזוי דאָס איז געשען. אָבער זיכער איז, אַז נישט דער לייענער און נישט דער שרייבער האָבן אַ רעכט זיך צו בלאָזן אַנטקעגן שמ"רן. אויב מענדעלע איז אונדזערס אַן עלטער־זיידע, איז שמ"ר געווען אונדזערס אַן עלטער־פֿעטער, מיט אַ טאַלאַנט צו דערציילן און דערציילן. מיט אים איז קיין מאָל נישט געווען אומעטיק צו פֿאַרברענגען. ער, אַז ער איז געקומען צו גאַסט, האָט ער ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען מיט דעם משרת און מיט דער דינסט. ער האָט פֿאַרמאָגט דעם שליסל צו זייער וואונדערלעכער פֿריילעכקייט און ער האָט געוואוסט אַקוראַט, ווי אַזוי ביי זיי אַרויסצוקריגן אַ כּשרע טרער.

ער האָט זיך נישט געריסן אין דער סאַליע, וואו מען איז געזעסן און געשפּילט שאַך און גערעדט וועלט־פּאָליטיק. אָבער איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט, האָבן זיך די שאַך־שפּילערס פֿון דער סאַליע אַריינגע־גנבעט אין קיך אַריין און געהערט דעם עלטער־פֿעטער, שמ"רן, פֿאַנטאַ־זירן, ביז עס האָט אַריינגעבלויט דער פֿאַרטאָג.

(מאָרגען זשורנאַל, נאָוועמבער 24, 1940)

# 30 יאָר נאָכן טויט פון מאָריס ראָזענפעלד

וואָס איז געשען מיט מאָריס ראָזענפעלדס אומשטאַרבלעכקייט? עפּעס „אַנטוויקלט" זי זיך צו לאַנגזאַם און זי האָט דעם מזל פון דעם פּאָעט אַליין, ווען ער האָט נאָך געלעבט. אַ מאָל האָט זיין שטערן געלויכטן און זיין מזל האָט געשפּילט, און אַ מאָל האָט ער אַרומגעשפּאַנט ווי אַ דערצאַרנטער לייב און געבריליט, אָבער קיינער האָט אים נישט באַמערקט.

זיין ערשט ליד האָט מאָריס ראָזענפעלד פאַרעפנטלעכט מיט 67 יאָר צוריק. דאָס איז געווען אַן אומגעראָטן ליד וועגן דעם יאָר 1886. אין דעם ליד זעט מען נאָך נישט קיין שפּור פון דעם פּאָעט, וואָס איז בלויז מיט צוועלף יאָר שפּעטער געשטאַנען אין האַרוואַרד אוניווערסיטעט און מיט גרויס כבוד פאַרגעלייענט זיינע לידער, נאָך דעם ווי פּראָפעסאָר לעאָ ווינער פון האַרוואַרד האָט איבערגעזעצט זיינע לידער אויף ענגליש און זיי פאַרעפנטלעכט אין אַ באַזונדערן באַנד, אונטערן נאָמען „סאָנגס אָוו דהי געטאָ". גלייך נאָך דעם האָט אויפגעשיינט מאָריס ראָזענפעלדס שטערן. אויך אַנדערע באַרימטע אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן, ווי שיקאַגאָ, ראַדקליף, וועלסלי האָבן געזוכט צו האָבן דעם כבוד, אַז דער יידישער פּאָעט פון דער איסט סייד זאָל פאַר זייערע סטודענטן און פּראָפעסאָרן לייענען זיינע לידער.

זיין נאָמען איז געוואַקסן, זיינע לידער זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ צענדליק שפּראַכן, אַפילו אויף יאַפּאַנעזיש. ער האָט געמאַכט אַ טור איבער פאַרשידענע שטעט אין איירָאָפּע און ער איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן ווי אַ קעניג. דאָס איז געווען גלייך נאָך דעם ווי ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער גרויסער פּאָעט איז בלינד געוואָרן. יידן אין איירָאָפּע זיינען געווען צופרידן צו זען מיט די אייגענע אויגן דעם זעענדיקן פּאָעט פון „מיין ייִנגעלע", „גלות-מאַרש", „די וואַנדער-שיף" און אַנדערע לידער, וואָס האָבן אים באַרימט געמאַכט בכל תפוצות ישראל.

קיין יידישער פּאָעט, און מיר דאַכט אַז קיין פּאָעט אַפילו ביי די אומות העולם, האָט נישט געקראָגן אַזוי פיל כבוד ווי מאָריס ראָזענפעלד. אַנומלט האָט אונדז אין אַמעריקע באַזוכט דער נאָבעל-געפּרייזטער פּאָעט ט. ס. עליאָט, וואָס וואוינט אין לאָנדאָן, זיינען בלויז עטלעכע הונדערט מענטשן געקומען אים זען און הערן. די צייטונגען האָבן אים געשאָנקען קנאַפּ אויפמערקזאַמקייט. דער גרויסער איירישער פּאָעט יעיטס, אויך אַ נאָבעל-פּרייז געווינער, האָט אין זיינע גליקלעכסטע יאָרן קיין מאָל נישט

געקראָגן אַזוי פיל כבוד ווי מאָריס ראָזענפעלד האָט געקראָגן דורך זיין טריאומפטור. מען האָט אים אויפגענומען מיט פרייד ווי דער קעניג פון יידישן ליד.

מאָריס ראָזענפעלדס ערשט בוך לידער „די גלאָקע", וואָס איז דער־שינען אין 1890, האָט נאָך געגעבן אַ שוואַכן אָנזאָג, אַז ס'קומט אַ וויכ־טיקער פּאָעט. ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער געקראָגן זיין אָנרעג, אַ דאַנק דער ניי־געגרינדעטער „אַרבייטער צייטונג", וואו ער איז סטי־מולירט געוואָרן צו שרייבן זיינע באַרימטע אַרבעטער־לידער, וואָס האָבן אים גלייך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען. אין דער צייטונג, וואו ער איז גלייך געווען דער געקרוינטער און אָפיציעלער פּאָעט, האָט ער דער וועלט געגעבן דעם ריטם פון די מאַשינען אין סוועטשאָפּ, זייער רוישן און הוזשען, וואָס האָט דעם אַרבעטער פאַרוואַנדלט אין אַ מאַשין. אָבער שוין דאָס קרעפטיקע אָנווייזן אַליין אויף דער לאַגע פון דעם צייט־באַרויבטן און לעבן־באַגזלטן אַרבעטער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג און געוועקט דעם יידישן אַרבעטער צום קאַמף.

מאָריס ראָזענפעלד האָט געהאַט אַ חוש נישט נאָר פאַר דעם ליד אַליין, פאַר דער פּערפעקטער אויסאַרבעטונג, נאָר אויך פאַר דער דראַמאַ־טישער טעמע, וואָס האָט גלייך פאַרכאַפּט און געצוואונגען זיך צו פאַר־טראַכטן. זיין ליד „מיין ייִנגעלע" איז אַ דראַמע אין געציילטע שורות. די פיר שורות — „די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס און לאָזט מיך שפּעט צוריק; אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב! אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק!" זיינען געווען ווערט מער ווי הונדערטער אַרטיקלען, וואָס האָבן באַוויינט דעם גורל פון אַרבעטער. די לעצטע שורות פון דעם ליד — „ווען דו ערוואַכסט אַ מאָל, מיין קינד, געפינסטו מיך ניט מער" — האָבן אָפּגעג־קלונגען איבער דער גאַנצער יידישער אַמעריקע מיט אַ ביטערן פּראָ־טעסט.

אָט דער דראַמאַטישער חוש איז מאָריס ראָזענפעלדן אָפּט בייגעשטאַנען, אַפילו ווען זיין ליד איז געווען שלעכט געשריבן. די טעמע איז געווײנלעך געווען אָן אויפטרייסלענדיקע. זיינע סאַטירעס, וואָס זיינען אייגנטלעך געווען געגראַמטע פעליעטאָנען, האָט מען געשלונגען און מ'האָט הנאה געהאַט פון מאָריס ראָזענפעלדס שאַרפן אַריינזאָג, פון זיין ברויזנדיקן און ריטמיש־קריצנדיקן טעמפּעראַמענט.

שניידער בין איך און וועל שניידן
אימער מער און מער.

ווי דעם, וואָס וועט מוזן ליידן
פון מיין שאַרפער שער.

די שער זיינע איז געווען שאַרף און ווען דער „לאַטוטיס" האָט זיך גענומען צו דער פען, האָט ער געהאַט אַ כוח. אָבער די שאַרפקייט זיינע און די פאַרביטערונג, וואָס זיינען אים פאַרבליבן ביז צום סוף פון זיינע טעג, זיינען וואָס אַ יאָר געוואָרן נאַקעטער און אַן דיכטערישער דעקונג. ער האָט פרי אַנגעוואוירן דעם באַלאַנס און די פּראָפּאָרציע. ער האָט זיך אַריבערגעשריגן און איז געוואָרן ווי אַ הייזעריקער חזן.

ער איז געשטאָרבן, ווען ער איז אַלט געווען בלויז 61 יאָר, אָבער דער אמת איז, אַז ווי אַ דיכטער איז ער שוין געווען טויט גוטע פופצן יאָר איידער ער איז געשטאָרבן. מ'קאָן זאָגן, אַז זיין גאַנצע דיכטערישע קאַריערע האָט קוים געדויערט אַ צוואַנציק יאָר; דער גלאַנצפּעריאָד — אַ צען יאָר. דאָס האָט אים געמאַכט נאָך פאַרביטערטער. ער האָט פאַרזוכט דעם גרעסטן טריאומף, אָבער ער האָט אויך געטרונקען דעם ביטערסטן כוס פון אַנטוישונג, איינזאַמקייט און עלנט.

מאָריס ראָזענפעלדס אומגליק איז געווען זיין עגאָצענטריזם. ווען ער האָט געקראָגן כבוד, האָט ער עס צוגענומען ווי אַ פּערזענלעכע אָנער־קענונג און נישט ווי כבוד פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט באַשיינט. דערפאַר, ווען ער איז געוואָרן אומשעפעריש, האָט ער געוואָלט מיטשלעפּן מיט זיך די גאַנצע ליטעראַטור. ער האָט כסדר אַרומ־געטראָגן מיט זיך אַן אַלטע אַנטאָלאָגיע פון ענגלישע לידער און זיך באַרימט, אַז זיינס אַ ליד איז אַריינגענומען געוואָרן צווישן די גרויסע וועלטפּאָעטן. דערפאַר האָט ער געעצהט אַלע יונגע יידישע פּאָעטן צו אַנטלויפן וואָס גיכער פון יידיש.

ער האָט זיך נישט געקאָנט טרייסטן מיט דער גאַנצער יידישער לע־בעדיקער ליטעראַטור. ער האָט נישט אָנערקענט און נישט דערקענט קיין גרויסע יידישע דיכטערס פון זיין דור. ער האָט בכיוון פאַרדרייט זייערע נעמען, דערמאָנענדיק זיי פאַרבייגייענדיק אין אַ שמועס, כדי אַרויסצו־ווייזן זיין ביטול.

קיינער איז נישט קיין אינדזל פאַר זיך, האָט געזאָגט אַ גרויסער ענגלישער פּאָעט, און אַ שרייבער איז אַוודאי נישט קיין אינדזל פאַר זיך, אַ יידישער שרייבער אַוודאי און אַוודאי נישט. ס'זיינען דאָ יחידים שרייבערס, ס'איז אָבער אויך דאָ די גאַנצע ליטעראַטור. ווער ס'וואָרצלט זיך אויס און רייסט זיך אָפּ פון זיין ליטעראַטור און האָט נישט מיט איר קיין

לעבעדיקע מגע־משא, טוט זיך אַליין אָן עוולה און פֿאַרביטערט זיך דאָס לעבן. אַ ליטעראַטור איז אַ וואונדערלעכע אַכסניה פֿאַר דעם שרייבער, אין פֿרייד און אין לייד. ווען מען הערט אויף אַליין שרייבן, שרייבט נאָך אַלץ די ליטעראַטור, מיט וועלכער דער שרייבער איז מחויב אָנצוהאַלטן אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט. און דאָס מיינט מיט יעדן שרייבער, וואָס איז ווערט צו זיין אַ חבר אין דער ליטעראַטור.

דער פֿאַראייניאַמטער מאָריס ראָזענפֿעלד וואָלט אין די יאָרן פֿון שעפֿעריש אומגערעטעניש נישט געווען אַזוי אומגליקלעך, ווען ער וואָלט אָנערקענט, אַז אַרום אים לעבט און שאַפֿט אַ יידישע ליטעראַטור, וואָס שעצט און שאַצט און היט אָפּ זיינע בעסטע און שענסטע זאַכן לדור דורות, און אַז ער איז אַ גרויסער ליכטיקער שטערן אויף דעם יידישן ליטעראַרישן הימל. ער וואָלט נישט געווען אַזוי עלנט אין די לעצטע יאָרן זיינע, ווען די מוזע זיינע איז פֿאַרגאַלט און פֿאַרביטערט געוואָרן, ווען ער וואָלט זיך געטרייסט מיט דער גאַנצער ליטעראַטור.

געווען נאָך אַ צרה מיט מאָריס ראָזענפֿעלדן. מען האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, ווען ער איז געווען אין זיין גלאַנצפּעריאָד, און דאָס האָט אים שטאַרק פֿאַרשאַדט. מען האָט אים אויפֿגעהויבן זייער הויך און מען האָט נישט געזאָגט דעם גאַנצן אמת. די קלענערע צאָל גוטע און גרויסע לידער זיינע איז אָפּט פֿאַרטונקלט געוואָרן דורך אַ גרעסערער צאָל שלעכטע און ווערטלאָזע לידער. ווען מען וואָלט עס אים געווען אָפּן אָנגע־וויזן, וואָלט ער אין זיך אַליין אַנטוויקלט אַ שטאַרקערע קריטיק לגבי זיך. ער איז דערגאַנגען צו אַ מדרגה, וואָס ער האָט מער נישט געקאָנט אונטער־שיידן צווישן גוטס און שלעכטס.

אָבער ערגער פֿון אַלץ איז געווען, וואָס דער גרויסער נאַציאָנאַלער און פּראָלעטאַרישער פּאָעט איז געווען אַזוי שטאַרק פֿאַרליבט אין יעדער שורה זיינער, אַז אים איז נישט אָנגעשטאַנען זיך צו לערנען פֿון אַנדערע. ער האָט נישט אָנערקענט קיין כלל־ליטעראַטור, נאָר די עטלעכע שוואַכע פּאָעטן און עפּיגאָנען פֿון זיין דור, וואָס האָבן אים נאָכגעזונגען. די גרויסע — רייזען, יהואש, ליעסין — האָט ער נישט אָנערקענט. כ'וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן ווי רייזען פֿלעגט שטיין פֿאַר אים ווי אַ קליין פֿאַרשולדיקט יינגל און וואַרטן הכנעהדיק אויף אַ גוט וואָרט פֿאַר זיינס אַ ליד, אָבער דאָס גוטע וואָרט איז נישט געקומען. ראָזענפֿעלד איז געווען קאַרג אויף גוטע ווערטער.

מען וואָלט באַדאַרפֿט איצט, צו מאָריס ראָזענפֿעלדס דרייסיקסטן

יאָרצייט, אַרויסגעבן אין איין באַנד די געקליבענע ירושה זיינע, די לידער, וואָס האָבן אַ גרויסן קינסטלערישן ווערט, און די סאַטירעס און פעליע־טאָנען זיינע, אין ליד און אין פּראָזע, וואָס האָבן אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט. מען דאַרף אַרויסראַטעווען דעם גרויסן דיכטער פון זיין אייגענער דערטרונקענקייט אין אַ פאַרפלייצעניש פון שוואַכע און ווערטלאָזע זאַכן. אַן אָפּגעקליבענער באַנד וואָלט ערשט געוויזן מאָריס ראָזענפעלדן דעם דיכטער, וואָס האָט מיט זיין ליד פאַרמאָגט דעם שליסל צו הונדערטער טויזנטער יידן; וואָס זיינע טרויעריקע באַציאונגען צו זיינע לידער זיינען געווען די גרעסטע טרייסט —

אונדזער נאָמען — אַ געפּאַר,
אונדזער יחוס נאָר אַ צער,
אונדזער גאונות נאָר אַ חטא,
אונדזער פיינקייט — אַ געשפּעט.

(טאָג־מ״זש. אויגוסט 2, 1953)

# יהואָש

דאָס צינגל פון דער שטומער וואָגשאָל ציטערט. די לעבעדיקע שטייען און וועגן די פונטן און די לויטן מיט גרויס אָפּגעהיטקייט. דער סך־הכל איז אונטערגעצויגן. די רעכן־מייסטערס חשבונען. די עקספּערטן באַטאַפּן דעם בייטראַג, דעם זאַקרויב, וואָס די עלנטע מאַמע־ליטעראַטור אונדזערע האָט אַרויסגעצאַפּט פון זיינע עטלעכע און פופציק יאָר. דער בייטראַג איז אָבער ווי אַ לעבעדיק פישל, וואָס צאַפּלט זיך און לאָזט זיך ניט, אַז די וואָג זאָל קומען צו אַן אָפּשטעל.

יאָרן האָט ער געמייסטערט און געמייסטערעוועט, עקספּערימענטירט מיט אייגענע פעאיקייטן, מיט אייגענע מעגלעכקייטן. די פעאיקייטן האָבן זיך געשטרעקט מיט פיינער עלאַסטיציטעט. האָב ניט קיין מורא, צי ווייטער, שטרעק. מיר וועלן ניט פּלאַצן. אָבער דעם כוח פון זיינע אייגענע מעג־

לעבקייטן האָט ער אויסגעפונען ערשט אין די לעצטע זיבן־אַכט יאָר. ביז דאַן האָט ער זיך געשראָקן פאַר זיך אַליין, געהאַט אָפּשיי פאַר די אַנטפּלע־קונגען פון אייגענער גרויסקייט און געבליבן שטיין עטלעכע טריט ווייט מיט אַראָפּגעצויגענע שיך אויף הייליקער ערד.

ער האָט אָנגעפאַנגען, ווען זאַכן זיינען געווען אין סאַמע אָנפאַנג. ווערטער זיינען נאָך געלעגן אָנגעהויפט און געקרענקט פון ווילדפליישׁ און געווען פאַרוואַקסן מיט ווילדוואוקס. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווערטער זיינען זיין געציייג. ער האָט גענומען רייניקן און שלייפן. ער איז געוואָרן דער וואָרט־ספּעציאַליסט, גאַנץ אָפּט אַפילו ביז דער קורצזיכטיקייט פון יעדן ספּעציאַליסט, וואָס שטעלט אָן דעם שפּאַקטיוו בלויז אויף דעם, וואָס ליגט אונטער דעם פאַרגרעסער־גלאָז.

דער עקספּערט האָט גאַנץ אָפּט פאַרגעסן, אַז די מידע, שטילע שטרעקע, וואָס ליגט צווישן צוויי שוואַכע ווערטער, איז אָפּט מאָל מער איינדרוקספול ווי איין שטאַרק אָפּגעפּוצט און אויסגעפּראַנטעוועט וואָרט. ער איז אָבער געקומען דאַן, ווען זאַכן זיינען געווען געהילט ביי אונדז מיט בראשיתדיקן וואונדער און בלויז ווילן האָט אַרומגעשוועבט אין דעם תוהו־ובוהו.

דער אָנפאַנג האָט געפאָדערט קרבנות, קום און באַשאַף. מאַך אונדז שוין מיט לייטן גלייך. זע, ווי ביי אַלעמען איז דאָ שפע און ביי אונדז אַ וויסטעניי. דו אַליין ווער אַ גאַנצע ליטעראַטור אין עטלעכע יאָר צייט, ווער ווייס, ווער עס וועט קומען נאָך דיר. די יידישע מורא און אומזיכער־קייט האָבן זיך געוואָלט פאַרפונדעווען אין דענקמעלער פון ליטעראַרישע מוסטערן.

אין דער ערשטער תקופה איז ער דערפאַר געווען מער ליטעראַטור־פאַרזאָרגער ווי דיכטער. מען דאַרף שאַפן נייע ווערטער. מען דאַרף אויס־גראָבן אַלטע. מען דאַרף איבערזינגען אַלע פאָרמען. מען דאַרף מאַכן אַ ליטעראַטור. מען דאַרף אַליין טראָגן דאָס וואַסער און האַקן דאָס האָלץ. ביז אַפילו דער גראָטעסקערײ פון שרייבן פאַבלען און איבערזעצן „הייאַוואַטהאַ“. אויף דעם פייער פון ליטעראַטור־פאַרזאָרגעריי האָט מען פאַרברענט גאַנץ אָפּט זיך אַליין, פאַרשרומפן דעם אייגענעם ווילן און אָפּגעלייגט אייגנס אויף שפּעטער, ביז עס וועט ווערן אַ ביסל רחבותדיקער און מען וועט זיך קענען אָפּרוען.

אַוודאי דאַרף מען דערמאָנען קראַנקייט, אָבער ניט ווי אַן אַפּאָלאָגיע. דער קינסטלער אַליין וואָלט אונדז די אַפּאָלאָגיע צוריקגעוואָרפן אין פּנים אַריין מיט דעם שטאָלץ פון זיין אַריסטאָקראַטישער באַנעמונג. פאַרקערט,

אין די פינצטערע תהומות פון אייגענער פאַרצערונג איז געלעגן ערגעץ דער פיבער זיינער — צו שפּינען, ווי דער קיין מאָל ניט איינגעשטילטער פיבער אין זיינע אויגן פון לעצטע גענאַגנען ערב אונטערגאַנג.

ערב איז געשטאַנען צוקאָפּנס, געקרעכצט און געהוסט און געשראָקן, און דאָ דאַרף מען אַליין אויפבויען דעם בבל־טורעם אין דער קאָנקורענץ פון דער שוין אַנטשטאַנענער צעטומלעניש פון אַזוי פיל בבל־לשונות מיט אַזעלכע וואונדערלעכע ליטעראַטורן.

אַ טיף רעליגיעזע נשמה, האָט ער געצויגן יניקה פון די למנצחס אין תהילים און פון דעם קנויל פון איוב. איבער אונדזערע קעפּ דאָס רעטעניש און אונטער אונדזערע פיס די באַרואיקנדיקע גראָזן און בלומען און אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט און גרינט און וועבט אַ נאַכט מיט אַ טאָג און זינגט אַ לויב צו דעם, וואָס לעבט אייביק, צום אייביקן לעבן.

און ליב האָט ער געהאַט ווי קיינער ביי אונדז די גראָזן אונטער זיינע פיס און די ווינטלעך און דעם שטילן טומל פון דעם וועלק און בלי. געקעמפט האָט ער מיט איבערמענטשלעכער גבורה מיט אַ צווייטער נאַטור, וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ שיכט שטויב צו לאָזן ווערטער ווערן די הערעלדן פאַר געדאַנקען און גלייך נאָכצושיקן די געדאַנקען ווי אַ פאַר־טיידיקונגס־אַרמיי. אָבער מערערע מאָל האָט זיך דורכגעריסן אַ מיטרייסנ־דיק געזאַנג, אַ למנצח מזמור, וואָס וועט פאַרבלייבן און אייביק פאַררעכנט ווערן אויף דעם נאָמען יהואָש.

ער האָט אפשר ניט געקענט און אפשר ניט געוואָלט פאַראייִנצלען זיינע געפילן, אָפּשטעלן זיך אויף פאַרשטענדלעכע קאָנפליקטן. די טאָג־טעגלעכקייט האָט ער בלויז געוואָלט פאַרשטיין דורך אוניווערסאַליזירונג. אונטער די מאַסקעס פון אַנדערשקייט האָט ער דערזען, ווי ענלעך עס זיינען היינטע אויף מאָרגנס און אויף אייערנעכטנס. פּופּצן ערדישע שלייערן האָט ער פון זיך אַרונטערגעוואָרפן ביז ער איז געקומען אין דעם אָרט, וואָס ער האָט גערופן דאָס לאַנד פון זיין געזאַנג.

אַז די יאָרן האָבן געטונקלט אויף זיין פּיין, איינגערונצלט, אַלטיידיש אַמסטערדאַמער פּנים, האָט ער ענדלעך געפונען די יונגע פאָרעם, געפונען זיין אייגענע גרויסקייט, דערזען דעם תהילימדיקן פרייען פערז. ערשט דאָרט האָט ער דערזען זיין פול פּנים. און געזונגען לידער, וואָס ציטערן איצט ביי מיר אין זכרון — ווען אַפילו זייערע ווערטער זיינען ביי מיר אָפּגע־מעקט — מיט אַזאַ אייביק זיך־אַרויפצווינגענדיקער מוזיק, אַז אַ פרייד ווייַנט אין מיר פון דעם גרויסן זיג פון מענטש איבער טויט.

צוגעגעבן, אַז דורך פאַרשיידענע אַלייען קומט מען אַריין אין דער איביקייט. צוגעגעבן, אַז די תנ״ך־איבערזעצונג איז געווען אַ נייטיקייט. צוגעגעבן, אַז עס איז אַ גרויסע דערגרייכונג און אַז קאַפּיטלען אין דער איבערזעצונג רירן ביז טרערן. צוגעגעבן דאָס אַלץ, איז אָבער ביי מיר קלאָר, אַז ער האָט זיך אַליין באַגנבעט מיט דער דאָזיקער אַרבעט. קלאָר, אַז ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דעם תנ״ך, אַז ער האָט באַשלאָסן זיך אַליין צו פאַרניכטן ווי אַ לויב צו דער גרויסער אַרבעט און אין דער גרויסער אַרבעט. ער האָט דערגרייכט אַזאַ רחבות, ווען די גרענעץ צווישן אייגענעם ברייטן שליאַך און ברייטקייט פון תנ״ך איז אָפּגעווישט געוואָרן, האָט ערביידע גרענעצן צוזאַמענגעבראַכט. צוגעגעבן דאָס אַלץ — קומט אָבער ביי מיר פאַרט אויס זיין גרויסע אַרבעט ווי אַ צויט (אַ וואָרט, וואָס ער האָט שטאַרק ליב געהאַט) פון זיין ליטעראַטור־פאַרזאָרגעריי און עס איז אפשר יאָ אַ שאָד און אפשר ניט, וואָס ער האָט די צייט ניט פאַרווענדט אויף אינטראָספּעקציע.

פאַראַן דיכטערס מיט וועלכע יאָרהונדערטער מוזן ספּאַזמירן. פאַראַן דיכטערס, וואָס קומען מאָנען ביי יעדער דור. דער דור ווערט געצוואונגען צו מישפּטן, אָנצונעמען אָדער אָפּוואַרפן. אָבער סיי אין דעם אָננעמען און סיי אין דעם אָפּוואַרף ליגט דעם דיכטערס באַטייט. יהואָש וועט אויך באַאומרואיקן יעדן דור. יעדער דור וועט מוזן געבן זיין אייגענע תשובה. עס וועט זיין אָדער יאָ יהואָש אָדער ניט יהואָש, אָבער אַלע מאָל יהואָש.

(דער אויפקום)

# אַ שטריך צו אַברהם רייזען

עס זיינען שוין אונדז באַשערט ליטעראַרישע סענסאַציעס. ערשט האָט מען געטומלט וועגן דער ענציקלאָפּעדיע, וואָס האָט געזינדיקט מיט ניט־דערמאָנען געוויסע מענטשן און איצט טומלט מען זיך וועגן אברהם רייזענס יערלעכן ליטעראַרישן רעוויו, וואָס דערמאָנט שוין אַ ביסל צו פיל מענטשן און דערלאַנגט יעדן איינעם אַ געהויבענעם „יעמוד".

דער יערלעכער רעוויו איז געדרוקט אין דעם זאַמלבוך „די פעדער", וואָס דערשיינט אונטער דער רעדאַקציע פון אהרן קאַרלין. דאָס זאַמלבוך מאַכט דאָס מאָל זייער אַ גוטן איינדרוק. פאַראַן דאָרט זאַכן, וואָס זיינען באמת ווערט געלייענט צו ווערן. אַן אויסגעצייכנטע פּאָעמע פון לוי גאָלד־בערג, געראָטענע סאָנעטן פון פּ. פּערלמוטער, אַ פיינע עסיי פון משה וויטיעס, אַ גוט אַרטיקל פון ד"ר גלאַבוס, אַ געלונגענע דערציילונג פון נח גאָלדבערג און אַנדערע זאַכן, וואָס גיבן דעם זאַמלבוך וויכטיקייט.

אָבער אברהם רייזענס קריטיקן פאַרוואַנדלען דאָס זאַמלבוך אין אַ טרויעריקן וויץ. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי אונדזער ליטעראַטור וואָלט שוין געהאַלטן ביי אונטערגיין און רייזען וואָלט געמאַכט אַ גראַטעסקן באַנקעט פאַר אַלעמען אַן אויסנאַם און זיי אויסגעטיילט קרוינען ערב אונטערגאַנג.

אויב אַ ליטעראַטור דערהייבט געציילטע זאַכן צו דער מדרגה פון חשיבות, שלעפּט רייזען אַרונטער די גאַנצע חשיבות אין אָפּגרונט פון „אַלע זיינען געניאַל". מען לאַכט, מען וויצלט זיך איבער רייזענס קריטיקן, אָבער איך האַלט, אַז פון אַזאַ שריפטשטעלער ווי רייזען מוז מען פאָדערן פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די אַלע, וואָס גלייבן נאָך אין דער צוקונפט פון דער יידישער ליטעראַטור, מוזן און דאַרפן פּראָטעסטירן יעדער מאָל, ווען אברהם רייזען כאַפּט אונדזער ליטעראַטור און טוט איר אַן אַ מיצל פון אַ בלאַזן.

אַז עס זיינען פאַראַן רשעים פון שלעכטס ווייסן אַלע, אָבער עס זיינען אויך פאַראַן רשעים פון גוטסקייט. רייזען איז אַזאַ רשע פון גוטסקייט. ער וויל אונדזער ליטעראַטור דערגיין די יאָרן מיט אַן איבערגעטריבענער גוטסקייט צו אַלע, וואָס האַלטן אַ פען.

איך האָב גרויס דרך־ארץ פאַר רייזענען דעם אייגנאַרטיקן קינסטלער, אָבער איך האַלט ניט פון דער אַלגעמיינער און איבערפלעכלעכער מיינונג, אַז רייזען איז אַזאַ בעל־רחמנות און אַזאַ מאַגנאַט פון גוטסקייט. רייזען איז

אַ „פּאָליטישן״ פון גוטסקייט. זיין גוטסקייט איז אויסגערעכנט, אַז עס זאָל עמעצן אויספאַלן באַקאַם. ער טיילט טיטלען און ער האָט אַן אויסרעכענונג דערביי. און זיין אויסרעכענונג איז בפירוש געפערלעך פאַר אונדזער ליטע־ראַטור און מען מוז עס איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנרופן מיט דעם ריכטיקן נאָמען.

אברהם רייזען מאַכט זיך אַ יערלעכן בורלעסק און אַ מין פּורים־שפּיל פון אונדזער גאַנצן האָב־און־גוטס. ער נעמט אַלע ביכער, אַלע לידער, אַלע אַרטיקלען, אַלע בראָשורן, אַלע דערציילונגען און ער באַגראָבט זיי אונטער אַ מבול פון לויבגעזאַנגען, אַז מען זאָל בפירוש ניט אַרויסזען די עטלעכע אמת־ווערטפולע זאַכן.

ער איז דער גרויסער אויסגלייכער, ער וויל אַלעמען דערהרגענען מיט לויבעריי, כדי די וויכטיקע זאַכן זאָלן ניט ציען צו פיל אויפמערקזאַמקייט. עס גייט רייזענען פּשוט אין לעבן, אַז מען זאָל ניט אַרויסזען די צען אָדער פופצן גוטע שרייבערס, דערהרגעט ער זיי מיט סקילה. ער שליידערט אויף זיי אַרויף אַזוי פיל געניאַלע טאַלאַנטן, אַז מען זעט קיינעם ניט.

אַנומלט איז אַ יידישער שרייבער, וואָס איז באַרימט ביי די גויים, געזעסן אין ליטעראַרישן קאַפע און דעקלאַרירט, אַז יידן האָבן שוין געשאַפן דאָס וויכטיקסטע און דאָס גרעסטע, וואָס זיי האָבן געקענט פּראָדוצירן און איצט וואָלט מען זיך באַדאַרפט אָפּשטעלן. דאָס וויכטיקסטע און דאָס גרעסטע איז ער, פאַרשטייט זיך. עס טוט אים וויי, וואָס נאָך דעם „אני ואפסי עוד״ טוט מען נאָך עפּעס און מען מאַכט זיך נאַריש.

רייזען האָט אַן אַנדער מעטאָד. פון איין זייט שטייט רייזען מיט אַלע עפּאָלעטן און אַלע מעדאַלן פון אַ קלאַסיקער און פון דער אַנדערער זייט וויל ער, אַז עס זאָלן שטיין הונדערטער באַמענלאַזע און ליליפּוטישע געניאַליטעטלעך, כדי קיין איין יידישער שרייבער זאָל ניט פאַרטונקלען זיין נאָמען.

דאָס איז רישעות פון גוטסקייט. איך האָב עס אים געזאָגט פּערזענלעך, נאָך זיין פריערדיקן בורלעסק איבער אונדזער ליטעראַטור און איך זאָג עס אים איצט עפנטלעך, אַז קיינער מאַכט אַזוי ניט חוזק פון אונדזער ליטע־ראַטור ווי ער. קיינער רופט אין מיר ניט אַרויס אַזאַ טרויער פון ערב־אונטערגאַנג, ווי רייזען מיט זיין אויסגערעכנטער גוטסקייט. זיינע הסכמות און זיינע הכשרים זיינען שעדלעך פאַר דעם גאַנג פון דער ליטעראַטור.

ער האָט מיט גרויס מי זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ גרויסן קינסטלער, אָבער די לעצטע יאָרן צעפּטרט ער זיין מי אויף צו פאַרלאַכן

די גאַנצע ליטעראַטור, כדי עס זאָל פאַרבלייבן איין רבי מיט הונדערטער דרדקי־תלמידים, וואָס האָבן וואוילע קעפּלעך. און אַלע האָבן ביי אים וואוילע, טייערע און געניאַלע קעפּלעך, אָבער אַלע קומען אַרויס פון באַד אַזוי פאַרסאַזשעט, אַז עס איז זיי ממש ניט צו דערקענען.

און דאָס וויל דער גרויסער „בעל־רחמנות". ער וויל, אַז דער לייענער זאָל צווישן רייזענס „באָסע קאָמאַנדע" קיינעם ניט דערקענען, קיינעם ניט אַרויסזען און קיינעם ניט אויסטיילן.

(מ"זש, מיי 16, 1942)

# שלום אַש און זיינע קריסטלעכע ביכער

דער רעדאַקטאָר פון „קריסטשען העראַלד", פרענק ס. מיעד, האָט זיך אַליין מטריח געווען און געהאַט אַ „האַרץ צו האַרץ"־שמועס מיט שלום אַשן. געוויינלעך, שיקט אַ רעדאַקטאָר זיינעם אַ מיטאַרבעטער אויף אַן אינטערוויו. אָבער אין דעם פאַל האָט דער רעדאַקטאָר פון קריסטלעכן זשורנאַל אַליין זיך גענומען די מיצווה און זיך דורכגערעדט מיט שלום אַשן, כדי צוצוגעבן וויכטיקייט און פייערלעכקייט צום גאַנצן שמועס. מיר מוזן דערפאַר אָננעמען, אַז אין דעם „הייליקן" שמועס האָט שלום אַש אויסגעגאָסן זיין גאַנץ האַרץ און געזאָגט דאָס, וואָס ס'איז אים געלעגן אויף דער צונג, און וואָס ער האָט ביז איצט נישט אַרויסגעזאָגט — אפשר נישט געוואָגט אַרויסצוזאָגן.

דער רעדאַקטאָר פון „קריסטשען העראַלד" נוצט דירעקטע ציטאַטן מיט „גענדזן־פיסלעך", דאָס הייסט, ער גיט אַבסאָלוט איבער אַשס רייד. איך ווייס נישט און קאָן נישט וויסן, ווי אַזוי דער שמועס מיט אַשן איז פאָרגעקומען. אַש רעדט זייער שלעכט ענגליש. אין דעם שמועס דערמאָנט אַש מילטאָנען. איך בין גרייט זיך צו לאָזן קנסנען, ווער ווייס מיט וויפל, אויב אַש וועט באַוויזן דורכצוקריכן אַ בלעטל מילטאָנס און זיך אַליין איבערצייגן, אַז ער פאַרשטייט דעם פשוטן טייטש פון די ווערטער.

שטעל איך זיך פאָר, אַז דער אינטערוויו, מיט די דירעקטע ציטאַטן,

איז צוגעשטעלט געוואָרן אַשן נאָך דעם שמועס, און ער האָט געניי דורכ־געשטודירט, צוזאַמען מיט זיין סעקרעטאַר, אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט אויף זיין שלעכטן ענגליש. אַש האָט זיכער געוואָלט זיין פּאַרזיכטיק מיט זיין נייעם, פּלאַמיקן אַני מאמין, וואָס ער האָט געגעבן דעם רעדאַקטאָר פון קריסטלעך־טעאָלאָגישן זשורנאַל.

אין אַנדערע ווערטער, ער האָט דעם אינטערוויו אַליין שפּעטער אַרומ־געפּוצט, און טאָמער האָט מען באַדאַרפט אַריינשטעקן אַ מילטאָן־ראָזשינקע, האָט מען עס אויך אַריינגעשטעקט. אָבער ס'איז קלאָר, אַז הינטער די דירעקטע ציטאַטן פון אַשן ליגט אַ פּאַרזיכטיק־צוגעגרייטע און באַטראַכטע דערקלערונג, פאַר וועלכער אַש מוז געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך.

מוז איך גלייך באַטאָנען, אַז ס'איז נישט פאַר מיינע אָרעמע כוחות צו זאָגן אַלץ, וואָס מען וואָלט געקאָנט און באַדאַרפט זאָגן, נאָך דעם ווי מען לייענט איבער דעם אינטערוויו. נישט פאַר מיינע כוחות דערפאַר, ווייל איך בין פּשוט געבליבן זיצן אַ פּריטשמעלעטער, און עפּעס ענלעך צו אַ חלשות־געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווען איך האָב באַגלייט אַשן אויף זיין לעצטן (לאָמיר האָפן!) עטאַפּ.

אַש איז פאַררעכנט פאַר אַ וויכטיקן יידישן קינסטלער. ער האָט אונדז אָנגעוואָרפן אַ פּערציק יידישע ביכער און איצט דערציילט ער, אַז זיינע אַלע ווערק זיינען געווען נישט מער ווי אַ זוכן פּאַולוסן און אַ קלעטערן צו יעזוסן, אַ דערהייבן זיך צו אים, שטאַפּל נאָך שטאַפּל. נאָך אין זיין פריסטער קינדהייט, אין „שטעטל", האָט אַש געחלומט פון יעזוסן, אָבער אין דער יידישער סביבה האָט ער מורא געהאַט צו דערמאָנען זיין נאָמען.

ווען אַש איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן יידן געמיינט, אַז אַש פאָרט זען די מערת המכפּלה, רחלס קבר אָדער גאָר דעם נייעם לעבעדיקן ייד, וואָס בויט זיין היינט און זיין מאָרגן. אָבער ניין, אַש אַליין דערציילט, אַז קיין ארץ־ישראל איז ער גאָר געפאָרן זוכן די פוסטריט פון יעזוסן. גאַנץ ארץ־ישראל איז פול מיט די שפּורן פון יעזוסן, זאָגט אַש אין זיין שמועס מיט דעם רעדאַקטאָר פון „קריסטשען העראַלד".

אַשס יידישע קריטיקערס און ריינוואַשערס האָבן געוואָלט האָבן, אַז דער „נאַזאַרינ" איז אייגנטלעך אַן אַרויסוואָוקס פון אַשס „תהילים־ייד".

קומט אַש און זאָגט פּאַקטיש, אַז דער „תהילים־ייד" איז גאָר זיין צוגרייטונג צום „נאַזאַרינ" און צום „אַפּאָסטל". אַזוי קומט עס אויס, ווייל אַש דערציילט, אַז זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך געגרייט פאַר דער הייליקער אַרבעט צו שרייבן וועגן יעזוסן. אין אַנדערע ווערטער, אין די אַלע 40

יידישע ביכער זיינען שוין דאָ אַשס באַהאַלטענע יעזוס־געדאַנקען. און איצט, אַז ער האָט אַרויפגעשטאַפּלט צו זיין העכסטער מדרגה, דערקלערט אַש פייערלעך, האָט ער שוין מער נישט וואָס צו שרייבן.

און ווען איר וואָלט נאָך אַלץ געשריבן — וועגן וואָס וואָלט איר גע־שריבן? — רייצט זיך מיט אים דער אינטערוויוער.

„אינסטענטלי הי קרייד" — זאָגט פרענק מיעד — „איד רייט אָוו דזשיזוס ענד אָוו פּאָול."

ווען איך האָב באַגלייט אַשן, אַרויס פון מיין תהום און צו דער גרענעץ פון זיין אינטערוויו, האָב איך אַ פאַרחלשטער געטראַכט, אַז מען וואָלט אים באַדאַרפט לאָזן צו רו. זאָל ער גיין און קלעטערן, און וואָס מער מען וועט אים צערייצן, אַלץ מער וועט ער זיך און אונדז טאָן שאָדן. אַזאַ געפיל האָט באמת געציטערט אין מיר און מיך געשראָקן. אָט דער מענטש האָט שוין באַלד זיך אַליין אויפגעפרעסן, און איצט איז ער גרייט, מיט אַ צערייצט פייערל אין די אויגן, צו שפּאַנען ווייטער. און באַהיט זאָל מען ווערן ווי ווייט ער קאָן דערגיין!

אַזוי לאַנג ווי אַש איז נאָך נישט געווען זיכער מיט זיין דערפאָלג, אַזוי לאַנג ווי אַש איז נאָך געווען אין אונדזער תחום, האָט ער זיך נאָך געזוכט צו פאַרענטפערן. זיין לאַנגע דערקלערונג, וואָס ער האָט אַ מאָל געשריבן אין „פאָרווערטס", גלייך נאָך דעם ווי דער „נאַזאַרין" איז דערשינען, איז נאָך אַ פּרוּאוו צו פאַרענטפערן זיך פאַר יידן. אין זיין לעצטן אינטער־וויו פאַרענטפערט ער זיך פּאַקטיש פאַר די גוים, וואָס ער איז ביז איצט נישט געקומען צו יעזוסן. איך האָב געשטרויכלט, זאָגט ער, אָבער איצט ווייסט ער, „אַז יעזוס איז די גרעסטע פערזענלעכקייט פון אַלע צייטן, פון דער גאַנצער געשיכטע, סיי ווי אַ זון פון גאָט און סיי ווי אַ זון פון מענטש."

ווי איר זעט, איז עס אַ ווייטער מהלך פון זיינע ערשטע דערקלערונגען. איך געדענק, ווי ער איז ערשט, מיט עטלעכע יאָר צוריק, געשטאַנען אין רעדאַקציע פון „מאָרגען זשורנאַל" און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט, אַז מיט די אַלע אָנפאַלן אויף אים, וועט מען אים, חלילה, שטויסן צו שמד.

נו, ס'איז נישט אַזוי וויכטיק אַשס פערזענלעכער שמד. וויכטיקער איז דאָס, וואָס אַשס 40 יידישע ביכער האָבן זיך געשמדט. דאָס איז פאַר אונדז פיל געפערלעכער. אין זיין אינטערוויו גיט ער אָנצוהערן, אַז מען אַטאַקירט אים. אָט די אַטאַקעס האָבן אים געגעבן דעם שטויס און ווייטער־דיקע אַטאַקעס וועלן אים שטויסן נאָך ווייטער.

און מיר זיינען איצט אין אַ שלעכטער לאַגע. אַש, דער וועלט־באַרימ־טער, וואָס האָט געשריבן ביכער וועגן יעזוסן פֿאַר אַ „קריסטלעך פֿאָלק״, ווי ס׳זאָגט דער רעדאַקטאָר פֿון „קריסטשען העראַלד״, אָט דער אַש זיצט איצט אויפֿן שפּיץ פֿון זיין נאָמען־צעקלונגענקייט. ער איז איצט דער פּאָפּולערסטער ייד ביי דער „קריסטלעכער אַמעריקע״ און ער איז איצט פּאַקטיש אונטער איר שוץ.

ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פֿון אונדזער תחום און איז אַריבער צו זיי, וואו מיר קאָנען זיך שוין מער מיט אים נישט אויסטענהן אַפֿילו ווי נאָענטע מענטשן. צווישן אים און אונדז קלינגען קלויסטערגלעקער, און אַש איז דאָרט, וואו ער האָט שוין מער ווי איין מאָל אַריינגעזעצט די היס־טערישע העלדינס פֿון זיינע מעלאָדראַמעס. איך קאָן זיך נישט דערמאָנען, אָבער שוואַרץ האָט אַ מאָל אויפֿגעפֿירט אַשס אַ פֿריקרע געשיכטע מיט אַ יידיש מיידל, אַ גלח, אַ שייגעץ, אַ קלויסטער, און אַ יידישע מאַמע, וואָס דרייט זיך אַרום קלויסטער טאָג און נאַכט און ברעכט די הענט. שוואַרץ שפּילט געוויינלעך פֿאַר איינגעלאַדענע קריסטלעכע געסט, און מיר האָבן דעמאָלסט נישט פֿאַרשטאַנען, אויף וואָס אַש האָט באַדאַרפֿט האָבן די שמד־מעלאָדראַמע, מיט דעם רב אַנטקעגן גלח און יידישע מאַמע אַנטקעגן קלויסטער.

איך דערמאָן זיך, אַז אַשס יידישע מאַמע איז ערשט נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן. איך דערמאָן זיך, אַז אַש ליידט זיין גאַנץ לעבן פֿון אַ שמד־מעלאָדראַמע. איך דערמאָן זיך אויך אין די מעלאָדראַמאַטישע קוילן, וואָס מען שיסט אויס אויף דעם „תהילים־ייד״ און ס׳נעמט אים אַלץ קיין קויל נישט. איך האַלט, אַז אַש האָט זיך געראַטעוועט פֿון אונ־דזערע קוילן. ער איז איצט גוט אַרומגעפּאַנצערט און אַרומגעשיצט — די צייט, דאָס אָרט, זיין פּאָזיציע, זיין פֿרומע מינע, אַז ער ברענגט אונדז אַ הייליקע בשורה און מיר זיינען אַלץ פֿאַרעקשנט. אַ קריסט וועט דאָס קיין מאָל נישט פֿאַרשטיין. אַש ווייסט דאָס און ער שפּילט אויסגעצייכנט אויף דער דאָזיקער סטרונע.

אפֿשר דערפֿאַר און בלויז דערפֿאַר האָבן אַשס קריטיקערס געזוכט מיט אַלע כוחות צו האַלטן די דיסקוסיע אַרום אַשן אין די ראַמען פֿון ליטעראַטור. זיי האָבן מורא געהאַט אויפֿצובלאָזן אַ פֿייער אַרום קלויסטער. אָבער אַש אַליין איז געלאָפֿן פֿאָרויס פֿון זיינע קריטיקערס און געשריבן, אַז ער ברענגט די גרויסע בשורה פֿון „דערלייזער״.

...אָבער אין די צייטן, ווען אַש איז נאָך געגאַנגען צווישן אונדז

און אַדרעסירט זיינע פאַרענטפערונגען צו אונדז און נישט צו די קריסטן, האָב איך אים געוואָלט פרעגן, וואָס איז זיין שטעלונג צו שמד.

ער, וואָס האָט אַזוי בפרהסיא אויפגענומען יעזוסן אין דער קונסט, זוי קאָן ער זיין קעגן זיין אייגענעם „לאָגישן" שריט — שמד? לאָמיר זאָגן, ער אַליין וועט עס נישט טאָן, אָבער וואָס פאַר אַ טענות קאָן ער האָבן קעגן אימיצן, וואָס וועט מאַכן אויספירן פון דעם, אַז יעזוס איז געווען די גרעסטע פערזענלעכקייט פון אַלע צייטן און ער וועט אַריינשפרינגען אין די טויפוואַסערן? קאָן אַש, זיין שטויסער און אַנרעגער, האָבן טענות צו אים?

אין וואָס ליגט נאָך אַשס יידישע אָנהאַלטעוודיקייט? איצט, ווען אונדזער פאָלק קעמפט אַ קאַמף מיט זיין גרעסטן שונא, ווען אונדזער וויטאָג איז גרויס און אונדזער בראָך נאָך גרעסער, ווען געפאַרן לויערן אויף אונדז פון אַלע זייטן.

אַ יאָר פאַר דער איצטיקער מלחמה האָט אַ שוועדישער גלח אָנגעשריבן אַ בוך „ליטל דזשו ווהאָט נאָו", און געקומען צום אויספיר, אַז יידן האָבן נאָך אַ גלענצנדיקע געלעגנהייט זיך אויסצושמדן. פונדעסטוועגן האָט דער פילאָסאָף בערגסאָן אונדז נישט געוואָלט אָנטאָן חרפות־בושות און ער האָט זיך נישט געוואָלט שמדן, כאָטש ער איז זיין גאַנץ לעבן געשטאַנען ערב־שמד. דאָס איז ביי אים געווען אַ מין אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט זיינע ברידער.

אין וואָס דריקט זיך אויס אַשס „סאָלידאַריטעט מיט זיינע ברידער", ווען ער שיקט דעם „ליטל דזשו", איך מיין בוכשטעבלעך קליינע, יידישע, שלעכט־דערצויגענע קינדער, גלייך צו דער „גרעסטער פערזענלעכקייט פון אַלע צייטן"?

וואו ליגט אַשס פעסטע גרענעץ? לאָמיר שוין זאָגן, אַז ער, אַש, איז אַזוי קינסטלעריש־ראַפינירט און אַזוי טעאָלאָגיש־פילאָסאָפיש אויסגעאיידלט, אַז ער האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אייגן וועגטל און דאָס וועגטל וואַרפט ער נאָך נישט אום.

אָבער וואָס פאַר אַ באַוואָרעניש האָט ער פאַר זיינע יונגע יידישע לייענערס, וואָס פאַר אַ „יידישקייט" לאָזט ער זיי איבער, נאָך דעם ווי ער דערפירט זיי צו „גאָטס זון"?

זיין קריסטלעכער אינטערוויוער וואונדערט זיך טאַקע, פאַר וואָס אַש האָט נישט געשריבן וועגן משהן אָדער אַברהמען, אָבער שלום אַש

שרייט, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט העלפֿן — ער האָט געמוזט שרייבן וועגן יעזוסן.

„זייט איך האָב אים באַגעגנט (דאָס וואָרט ׳הים׳ איז פֿאַרגעטלעכט מיט גרויסע בוכשטאַבן), האָט ער געפֿאַנגען מיין געדאַנק און מיין האַרץ" — זאָגט אַש.

און אויב ער האַלט שוין אַזוי ווייט, וואָס וועט נאָך זאָגן זיינס אַ יונגער, אומדערפֿאַרענער יידישער לייענער, וואָס האָט נישט אַשס יידישע צוגריי־טונג און האָט אַפֿילו נישט פֿון וואָס אַוועקצוגיין?

אין אַשס מיסיאָנערישער דערציילונג „יעזוס אין דער געטאָ", וואָס איז געווען געדרוקט אין דער „פֿרייהייט", טוט ער אָן יעזוסן קליידער פֿון אַ דערהרגעטן רב און אין רבס קליידער גיט יעזוס צייכנס מיט די פֿינגערס. מיינט עס קלאָר און דייטלעך, אַז ער צלמט דעם עולם. וואָס פֿאַר אַ יידישן צייכן גיט אַש אַליין צו זיינע אַמאָליקע יידישע לייענערס אָדער צו זיינע איצטיקע לייענערס פֿון זיינע צוויי קריסטלעכע ווערק?

דאָס וואָלט איך אַשן געפֿרעגט, ווען ער וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי ווייט פֿון אונדז און ווען ער וואָלט זיך נישט אַזוי אַרומגערינגלט מיט קריסטלעכע באַשיצערס.

דער אינטערוויו מיט אים אין „קריסטשען העראַלד" איז אַ צייכן, אַז ער איז אַוועק גאָר ווייט פֿון אונדז. ווי ווייט — אַש וועט עס אַליין אַ מאָל אויסזאָגן. אַזעלכע מענטשן ווי אַש שטייען נישט אויף איין אָרט. הייבן זיי אָן אַוועקגיין, גייען זיי און גייען און קלינגען אין אַלע גלעקער, אַז זיי גייען אַוועק פֿון אָרעמען פֿאָלק ישראל, וואָס איז איצט, נעבעך, נישט קיין גרויסער „סוקסעס" צווישן די פֿעלקער.

און אַש מוז האָבן דערפֿאָלג, אַש איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ „סוקסעספֿולע" מעלאָדראַמע.

(מאָרגען־זשורנאַל, פֿעברואַר 6, 1944)

***

... פֿאַראַן צוויי־ערליי מוסרניקעס. פֿאַראַן מוסרניקעס, וואָס זיינען בטבע גוטע מענטשן, זיי זיינען אַליין אויפֿן דרך הישר און דער דרך הישר געפֿעלט זיי אַזוי שטאַרק, אַז זיי וואָלטן געוואָלט אויך אַנדערע אַרויפֿפֿירן אויפֿן גלייכן וועג, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, כדי אויך זיי זאָל גוט זיין אויף דער וועלט.

פֿאַראַן אָבער אויך בייזע מוסרניקעס, וואָס אַליין זיינען זיי שלעכטע מענטשן, רשעים, נעמען זיי זיך צום פֿייערדיקן מוסר, ווייל דאָס גיט זיי

די בעסטע געלעגנהייט אויסצולאָדן דאָס ביסל שלעכטס, וואָס זיי פאַר־מאָגן. זיי גייט בכלל נישט אין באַקערן מענטשן. זיי ווייסן נאָך אַליין נישט וואו דער דרך־הישר געפינט זיך, נאָר מוסר איז פאַר זיי סטיל פאַר רישעות. זיי שטראָפן די מענטשהייט אַזוי פייערדיק, אַז מען קריגט דעם איינדרוק, אַז זיי ווילן מאַכן אַ פייער און אונטערצינדן די גאַנצע וועלט.

כ׳בין נאָך נישט אין גאַנצן זיכער, צו וועלכן טיפּ מוסרניק דוד איינהאָרן געהערט. כ׳וויס בלויז, אַז זיין שרייבן ווערט זעלטן אויפגעלויכטן דורך אַ שמייכל. נאָך עפּעס — ווען ער צעמוסרט זיך, פאַלן פייערדיקע קוילן אויף אַלעמען. ער ראַטעוועט קיינעם נישט, אַחוץ, פאַרשטייט זיך, דוד איינהאָרנען, וואָס נאָך דעם ווי ער אָרגאַניזירט און פירט דורך אַן אַלגעמיינע מאַסן־הריגה, ווישט ער אָפּ די אידעלע הענט און גייט זיך ווייטער זיין וועג, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון אַ באַנקעט.

צביון ווידער איז, פאַרקערט, די טאָלעראַנץ אַליין. אַז ער מוסרט, מוסרט ער מיט איינזעעניש און אין זיין טאָלעראַנץ פאַרקריכט ער אָפט אין די טונקעלע היילן, כדי אויסצוזוכן עמעצן אָדער עפּעס, וואָס מ׳זאָל קאָנען טאָלערירן. און וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ טאָלעראַנטער ווערט ער. זיין איינציקע אומטאָלעראַנץ לאָזט ער אויס צו די מענטשן, וואָס קאָנען נישט זיין אַזוי מזלדיק און סאַכאַרין־טאָלעראַנטיש ווי ער.

קאָן דער מוסרניק איינהאָרן נישט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן זיך־דאָס־האַרץ־נישט־אָפּעסנדיקן טאָלעראַנטניק צביון און ער ווערט נאָך מער געררייצט. ער האַלט אין איין שיסן אויף אים מיט פיילן, כדי אים איבער־צופירן די שטימונג און אים אויסלעשן דעם לינקן פוס פון זיין רעכטער טאָלעראַנץ. האָט ער עס געטאָן אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ס׳איז אים גרינטלעך געלונגען. ביי צביונען האָבן געפּלאַצט אַלע קנעפּלעך פון זיין פאַנצערדיקער טאָלעראַנץ און ער איז אַרויס במחילה אַן די טאָלעראַנץ־פלודערן און דערלאַנגט דעם מוסרניק איינהאָרן די ריכטיקע פאַרציע.

הכלל, ס׳איז צוריק געוואָרן פריילעך אויף דער יידישער גאַס, ווי אין יענע גוטע אַלטע צייטן, פון די קאָהן־מילער־ראָזענפעלד־יאַנאָווסקי־יאַצקאָן צייטן, און דער פאַרשלאָפענער פרידן צווישן יידישע שרייבערס איז קאַליע געוואָרן און ס׳האָבן גענומען פליען אַטאָמישע באָמבעס. צע־פלאַקערט האָט זיך די מלחמה — כ׳האָב שיר נישט געזאָגט הייליקע מלחמה — איבער שלום אַשס יובילעאום. ווי אַלע ווייסן שוין איז ער אַלט געוואָרן 70 יאָר. שלום אַש איז נישט קיין צו גרויסער נאַר און ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס יידנטום איז אים נישט שולדיק קיין יובילעאומס,

נאָך דעם ווי ער האָט באַשאַנקען זיין פאָלק מיט זיינע דריי קריסטלעכע ביכער.

...דאָס האָט ער אַליין אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען. אָבער ביי אונדז אויף דער יידישער גאַס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס ווילן דווקא מאַכן אַ טומל, הלמאַי מען פייערט נישט אַשס יובילעאום. אַנשטאָט מאַכן דעם טומל, וואָלט פאַר זיי געווען אַ סך גלייכער צו דינגען אַ גרויסן זאַל, פאַראַווען אַ ריזיקן באַנקעט און האַלטן כפול שמונהדיקע רעדעס פאַר דעם ייד שלום אַש, וואָס האָט דערזען דאָס קריסטלעכע ליכט.

...אַ יובל פאַר אַ שרייבער דאַרף באַטש לפנים זיין אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט. כ׳גלייב קוים, צי דאָס יידישע פאָלק איז איצט שולדיק אַשן ליבשאַפט. כ׳פאַרשטיי באמת נישט, ווי אַזוי מען קאָן צווינגען יידן ליב צו האָבן שלום אַשן, דעם שרייבער פון די דריי יעזוס-ווערק.

בלייבט דער אַש פון פאַר דער יעזוס-עפּאָכע, אָבער יענער אַש איז דאָך גאַנץ גרינטלעך געיובלט געוואָרן. מ׳קאָן דאָך איצט נישט נאָך אַ מאָל איבערפייערן דעם 70־יאָריקן אַשס זעכציק־יאָריקן יובל. די לעצטע צען אומגעיובלטע יאָרן זיינען דאָך פאַר דעם יידישן יעזוס־שרייבער יאָרן פון גרויס שפע און רייכטום און — אַ מענטש קאָן דאָך נישט האָבן אי יידישן כבוד, אי גויאישן, ווען ער פאַרשאַפט זיין פאָלק אומכבוד.

האָט זיך דער טאַלעראַנטער צביון פאַרכליביעט, וואָס אין פּאַריז איז אין אַ בונדיסטישער צייטונג געווען געדרוקט אַ וואַרעמע באַגריסונג צו שלום אַשס נישט־געפייערטן יובילעאום, און ס׳איז אויך דאָרט, אין פּאַריז, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אַ קאַפּעטשקע געפייערט אַשס יובילײ.

איז אַרויסגעקומען איינהאָרן און דערלאַנגט צביונען אַ גאַב און פאַר איין וועגס, אויף זיין מוסרדיקן שטייגער, געזידלט אַלע בונדיסטן אַן שום אויסנאַם און אַריינגעפּלאַנטערט די נעמען פון די צוויי מאַר־טירערס אַלטער און ערליך, וואָס די סאָוועטישע מאַכט האָט אומגע־בראַכט.

איז צביון אַרויס פון די כלים און אויסגעקראַצט טאָלעראַנטע באַ־ווייזן, וואָס זיינען קיין ראיות נישט, און געזוכט צו כשרן אַשן. ער האָט נעמלעך באַוויזן, אַז אויך די העברעאישע שרייבערס האָבן געשריבן וועגן יעזוסן. ער האָט אָבער פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז ס׳גייט קודם־כל אין דעם, וואָס אַש האָט אָנגעשריבן קריסטלעך קריסטלעכע ווערק, וואָס זייער ווייניק הײנטצייטיקע קריסטן וואָלטן זיך דערוואַגט צו שרייבן. און טאָמער איז

דאָס ווייניק, האָט ער זיך אידענטיפיצירט מיט דעם גייסט פון זיינע אייגענע ווערק. אין דעם גייט עס און נישט גלאַט אין ווערק פון יעזוסן.

זאָל נאָך דערביי געזאָגט ווערן, אַז דער תמיד קאָרעקטער און טאָלע־ראַנטער צביון איז, אין היץ פון זיין פּאָלעמיק, באַגאַנגען אַ שווידערלעכע עוולה קעגן די יידישע שרייבערס, וואָס האָבן באַקעמפט אַשס יעזוס־ווערק, דערקלערנדיק, אַז די מאָטיוון פון קאַמף זיינען נישט מער און נישט ווייני־קער ווי קינאה צו שלום אַשן, צו זיין גרויסן נאָמען און אפשר אויך צו זיין גרויס פאַרמעגן.

דאָס איז זייער אַן אומעטישע באַשולדיקונג און אַ קליין־מענטשלעכע מאָס פאַר דער ווייטאָגדיקער פּאָלעמיק, וואָס אַשס קריסטלעכע טרילאָגיע האָט אַרויסגערופן. צביון האָט עס נישט געטאָרט זאָגן, ווייל ס׳איז שקר וכזב, און איך בין באמת איבערראַשט, וואָס צביון האָט זיך דערלויבט צו באַנוצן מיט דעם דאָזיקן גראָבן און אומפּאַסיקן אַרגומענט.

די אַנטי־אַש־פּאָלעמיק איז פאַר מיר זייער אַ דערפרייענדיקע דער־שיינונג, דערפאַר ווייל איך האַלט בפירוש, אַז אַפילו די סאַמע טאָלע־ראַנטסטע יידן מוזן זיך איבערלאָזן אַ קליינעם נדר פון אומטאָלעראַנץ, וואָס דעם נדר טאָרן זיי אויך נישט דורכברעכן. די שענסטע און פריי־סטע טאָלעראַנטניקעס פון אַלע צייטן זיינען געווען ליכטיקע און אויפ־ריכטיקע פערזענלעכקייטן בלויז דערפאַר, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין **הפקר־טאָלעראַנץ און ווייל זיי האָבן געהאַט אויך קלאָרע מיינונגען, פאַר** וועלכע זיי האָבן זיך אויך איינגעשטעלט ביז — אומטאָלעראַנץ.

מ׳קען נישט און מ׳טאָר נישט אַלץ אַראָפּשליינגען. די פרייסטע יידן דאַרפן אָפּהיטן אַ שטיקל פונדאַמענטאַל און מינימום יידישקייט, וואָס מען טאָר אויף דעם נישט עובר זיין. אונדזער קאַמף קעגן אַשן איז באַזירט אויף דעם ביסל גלויבן אין אַן אַלגעמיין יידישקייט, וואָס איז אונדזער אַלעמענס ירושה. נעמט דאָס אויך אַוועק און וואָס בלייבט? פאַר מיר איז אַ פיל גרעסערע איבערראַשונג די טאָלעראַנץ פון אַ סך אַשס פריינד, ווי די יידישע איינגעוואָרצלטע און ירושהדיקע אומטאָלע־ראַנץ פון זיינע קעגנערס. ס׳איז אַ גרויסע איבערראַשונג צו זען, ווי יידישע שרייבערס קאָנען ביי זיך פועלן איינצוּוואַרפן אויך דעם פאַרצוי־מונגס־פאַרקאַן אין נאָמען פון טאָלעראַנץ.

דערפאַר איז צביון געווען קלייניגייסטיק, ווען ער האָט די גאַנצע פּאָלעמיק קעגן אַשס קריסטלעכע ווערק געוואָלט פאַרשאַכערן און דער־נידעריקן צו דער מאָס פון קינאה. צו זאָגן, אַז דער גאַנצער גייסטיקער

ניוואָ פון דעם קאַמף אַרום אַשן איז נישט־פּאַרגינערייִ, מיינט פּשוט צו מאַכן אַן אַנטיסעמיטישע דערקלערונג. בלויז אַנטיסעמיטן וואָלטן געקענט אַזוי אויסטייטשן אַ נאַציאָנאַלן קאַמף פון יידן קעגן באַוואוסטזיניקער טומאה־ליטעראַטור. און יעדע באַוואוסטזיניקע טומאה־ליטעראַטור איז סיי ווי נישט מער ווי שונד. פאַר וואָס זאָל שוין צביון נישט זאָגן, אַז די יידן זיינען בכלל קעגן קריסטנטום אויך מחמת קינאה, ווייל קריסטנטום איז אַ גאַנץ גוט געשעפט?

...איך וויל זיך נישט קריגן מיט צביונען — מהיכא תיתי. מיך פאַרדריסט בפירוש זיין נישט אָפּעסן זיך ס'האַרץ, ווען ער רעדט פון דעם „איינעם פון אונדז", וואָס האָט אָנגעהויבן „זינגען שירה פאַר דעם אותו האיש"...

מיר קומט אויס, אַז דער ענין אַש־אותו האיש דאַרף יאָ פאַרדריסן, אַפילו ווען מ'זאָל עס בעמען פון אַ ריין ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט. וואָס דאַרף, אייגנטלעך, פאַרדריסן אין ליטעראַטור? מער פון אַלץ — פאַלשקייט. פרעגט זיך אַ קשיא, צי איז טאַקע פאַראַן אַ גרעסערע קינסט־לערישע פאַלשקייט, ווי די דערשיינונג, אַז אַ ייד פון קוטנע זאָל שרייבן פון אותו האיש און פון דער „הייליקער מוטער" מיט אַזאַ קלויסטערדיקן ברען, מיט אַזאַ טריפנדיקן און טריפהדיקן ווייערעך, ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן זיך געוויקט אין אַ קירך?...

איך פאַרשטיי נישט ווי מ'קען פאַרבלייבן רואיק, ווען מען טראַכט וועגן דעם אַנשטעלערישן, קאַריערסטישן צוגאַנג פון אַן אַמאָליקן שטעטל־שרייבער צו אַ טעמע, וואָס אַ ייד קען קיין מאָל נישט פּסיכיש באַהאַנדלען אַזוי, ווי אַש באַהאַנדלט זי, פאַרגוואַלטיקנדיק אין זיך דעם אינסטינקטיוון יידישן פּראָטעסט פון יאַרהונדערטער.

אַט דער שרייבערישער מאַזאָכיזם ביי אַ ייד מוז אַרויסרופן צאָרן. איך רעד דאָ נישט וועגן דער מיסיאָנערישער שעדלעכקייט פון אַשס טרילאָגישער דרייאייניקייט. איך רעד דאָ בלויז וועגן דעם שקר, וועגן דער חלבנער „שיינשרייבערייִ", וואָס אַש האָט פאַרשווענדט אויף אַ טעמע, וואָס האָט פון אים, ווי פון אַ היינטיקן ייד, געפאָדערט אַ גאַנץ אַנדערן צוגאַנג, כ'מיין טאַקע ביידע — היינטיקע יידישקייט און היינטיקע וועלט־לעכקייט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...דער וואולגאַרער אויסדרוק פון „גיין צו די גוים" איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי גוט אָנגעמאָסטן אויף אַ שרייבער, ווי אויף שלום אַשן.

„געווען אַ צייט, ווען די גוים זיינען שוין אָט־אָט געקומען צו אַשן. זיינע „דריי שטעט" און זיין „תהילים־ייד" האָבן געצוואונגען אויך די גוים צו קומען נענטער צו אים און הערן וואָס ער האָט צו זאָגן. און וואָלט ער געווען געגאַנגען אויף דעם יידיש־מענטשלעכן וועג, וואָלט ער פאַרבליבן אַ שטאָלצער יידישער קינסטלער, וואָס האָט אויך געוואונען די קריסטלעכע וועלט, נישט אַרויסגייענדיק פון דעם אייגענעם הייליקן נאַציאָנאַלן גדר.

וואָס האָט אָבער אַש געטאָן? אין זיין אומגעדולד צו באַזיגן די קריסטלעכע וועלט, איז ער אויף דעם סאַמע וואולגאַרסטן אופן „געגאַנגען צו די גוים" דורך פאַרקויפן זיי זייער אייגענע סחורה.

אַזוי וויט גיין צו די גוים איז נאָך קיינער ביי אונדז נישט געגאַנגען. ווען מען געווינט די באַוואונדערונג פון דער קריסטלעכער וועלט פאַר אידישע טעמעס, איז עס אַ יידישער זיג, אָבער ווען מען קריכט צו זיי מיט באַוואונדערונג און חניפה פאַר זייערע טעמעס, איז עס זייער זיג און נישט אונדזערער. זיי טענהן טאַקע, אַז אויך אַש האָט ענדלעך דערזען דאָס ליכט פון נייעם טעסטאַמענט. מיר אָבער קאָנען זיך אין דעם ליכט נישט וואַרעמען.

ס'איז געווען אַ גראָבער און פרימיטיווער איינפאַל צו קיצלען די קריסטן מיט נאָך אַ בוך וועגן יעזוסעס לערע. אַז אַ ייד שרייבט צוויי לויבביכער וועגן קריסטוסן, איז עס טאַקע אַ קריסטלעכע סענסאַציע, אָבער אַ גאַנץ טרויעריקע יידישע געשעעניש. אַש איז געוואָרן אַלט און קינסטלעריש־פויל און ער האָט קאַפּיטולירט מיט אַ צו לייכטער און גאַנגבאַרער טעמע. ווען ער וואָלט נאָך פאַרמאָגט דעם כוח פון אַ פאַר־טיפטער יידישער פערזענלעכקייט, וואָלט ער נישט באַדאַרפט מקריב זיין אַזוי פיל אייגנס אויפן מזבח פון פרעמדער פּאָפּולאַריטעט. ער וואָלט געווען געקלעטערט דעם לייטער פון יידיש־קינסטלערישער אַנטוויקלונג אַלץ העכער און העכער, ווען ער וואָלט נאָך געהאַט כוחות צו קלעטערן. אָבער אין מיטן קלעטערן איז ער געשטרויכלט געוואָרן מיט דעם „נאַזאַ־רין" און דעם „אַפּאָסטאָל".

קריסטלעכע טעמעס ווי אַ לייכטער וועג צו דער קריסטלעכער וועלט איז צו לייכטער שונד. אַש, ווי דער צוזאַמענברעכער און איבערבעטער פון די צוויי רעליגיעס, איז דער העלד פון אַ פלאַכער מעלאָדראַמע. עפּעס אַ טעאַטראַלער „קידוש השם" אויף דער לינקער זייט און אַש שפּילט די ראָלע פון אַ הייליק שרייבערל — אַ רמז אויף זיין הייליק שניידערל.



שלום אַש׳ס בוך אונטערן נאָמען „וואָס איך גלייב״ ווּאָלט אויף יידיש מיסתמא געהייסן „מיין גלויבן״ אָדער „מיין אַני מאמין״, אָדער אפשר גאָר „אין וואָס איך גלייב״. עס איז אַ צעצויגענער עסיי אויף איבער צוויי הונדערט זייטן, וואָס איז אויסגעצאַצקעט ווי אַ בוך, אָבער אין דער אמתן איז עס נישט קיין בוך, נאָר אַ ביגטל חקירהדיקע דרשות.

...עס איז אָבער בפירוש גוט, וואָס שלום אַש האָט אָנגעשריבן דעם „אַני מאמין״ זיינעם נאָך זיין „נאַזאַרין״, ווייל ווען מען רעדט וועגן דעם איצטיקן בוך זיינעם, מוז מען נישט פאַרטשעפּען אַש׳ס טאַלאַנט. מען קאָן גלאַט רעדן וועגן נודנע אַרטיקלען, וואָס דער קינסטלער אַש האָט אָנגעשריבן, אויף צו להכעיס די אַלע בייזע צינגער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין צערייצן אַשן מיט די זידלערייען, אַז ער איז אַן עם־הארץ. אַש איז זייער און זייער ווייט פון עם־הארצות, אַזוי ווייט ווי זיין בוך איז פון וויסנשאַפט אָדער געלערנטקייט.

ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערלאַנגען אַ טויטקלאַפּ די אַלע, וואָס זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן. האָט ער דערפאַר אין זיין לעצט בוך אַריינגעפּאַקט מעטאַפיזיק, פיזיק, כעמיע, אַסטראָנאָמיע, קאָסמאָגאָניע, איינשטייניזם, ביבל־קענטעניש און אַפילו שדכנות — יאָ, שדכנות צווישן די טעסטאַ־מענטן. ער רעדט דאָרט וועגן אַ חופּה, וואָס אונטער איר איז דאָס קריסטנ־טום געשטאַנען צוזאַמען מיטן יידנטום, און רעדט יעדער פון די צוויי רעליגיעס אַ שידוך.

מילא, עס איז אַרויסגעקומען גאָר אַ שלעכט בוך, אַן אומנייטיק בוך, און אַ קאָמיש בוך פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז ער האָט אַן אַנדער מיסיע ווי צו שרייבן ביכער. די גויים האָבן דאָס בוך זייער שלעכט אויפגענומען, אָדער אין גאַנצן נישט אויפגענומען. פאַר די יידן, אחוץ אפשר פאַר רעפאָרם־ראַביים, איז דאָס בוך אַוודאי אַ קנאַפּע מציאה. זיין „נאַזאַרין״ זאָל דאָ, אַגב, באַמערקט ווערן איז אויך דער יעזוס פון דעם רעפאָרם־ראַביי, אָבער בשום אופן נישט דער קריסטלעכער און נישט דער יידישער באַגריף. עס איז אַ יעזוס אויפן שיידוועג צווישן יידישקייט און קריסטלעכקייט.

דאָס בוך פאַרמאָגט אַלע שבע חכמות, אָבער אין אַזאַ האַלב־רויען צושטאַנד, אַז עס שמעקט פון דעם מיט ערדשטיקייט, אַקוראַט ווי אַש וואָלט די אַלע טיפע זאַכן ערשט אויסגעפונען. עס קומט אַשן זיכער נישט קיין סקילה פאַר זיין ניי ווערק, ווייל מיט דעם ווערק האָט ער זיך אַליין אָפּ־

געטאָן אויף טערקיש — עס איז טיף־לאַנגווייליק אָדער לאַנגווייליק־טיף.

ווענן די סיבות פאַר וואָס אַש האָט זיך גענומען מטפּל זיין מיט דער טעמע, וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן אַ גרויסע פּסיכאָלאָגישע אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל אָנווייזן געניי פאַר וואָס אַש און דווקא אַש איז דערגאַנגען צו דעם. עס איז אידיאָטסטווע צו זאָגן, אַז אַשס „תהילים־ייד" האָט אים געפירט צו יעזוסן. ביי אַ ייד, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם „תהילים־ייד", דאַרף זיך ממש די האַנט נישט לייגן אויף אָנצושרייבן אַ יעזוס־ווערק. פון „תהילים־ייד" ביז „נאַזאַרין" ליגט אַ גאַנצער יידישער אָפּגרונט פון שרעק און מורא פאַר קלויסטערגלאָקן.

אָט דאָס איז פאַר מיר דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע. ווי אַזוי איז אַש אַריבערגעשפּרונגען דעם אָפּגרונט פון יידישן פּחד פאַר קריסטנטום, ווי אַזוי האָט ער אַזוי לייכט געקאָנט בייקומען דעם ווידערגעפיל פון אבות אבותינו צו אַזאַ מין ענין?

אַש איז אַ קינסטלער. איך האָב נישט אַזאַ אָרגאַסטישן פאַרגעניגן פון זיינע ווערק ווי, לאָמיר זאָגן, יואל ענטין, אָבער ער איז זיכער אַ גרויסער טאַלאַנט. דערפאַר וואָלט געווען אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, ווי אַזוי און פאַר וואָס זיין טאַלאַנט האָט אים דערפירט צו דער סענסאַציאָנעלער טעמע.

זאָל עס זיין, אַז אַשס וועלט־קינסטלעריי האָט אים געגעבן די אילוזיע, אַז ער מוז צושטעלן ספּעציעלע ביכער פאַר זיין נישט־יידישער קליענטעל, אָדער פאַרקערט, ער האָט באַשלאָסן, אַז זיינע באַזאַרינערייען וועלן אים געבן אַ צוטריט צו נאָך אַ גרעסערער קליענטעל?

(מאָרגען־זשורנאַל, אַפּריל 20, 1941)

# אַ. גלאַנץ־לעיעלעס

דאָס בוך לידער פון אַ. לעיעלעס, וואָס איז דערשינען מיט אַ צוויי יאָר צוריק, הייסט „ביים פוס פון באַרג״, אויפן נאָמען פון אַ ליד וועגן משה רבנו, וואָס שטייט „ביים באַרגס פוס, אין תפילה פאַרזונקען״. אָבער מיט דעם בוך איז אַ. לעיעלעס אַרויף אויפן סאַמע באַרגשפּיץ פון דער יידישער פּאָעזיע און געוואָרפן אַ שיין אויף דער רייכער דיכטערישער דערגרייכונג פון זיין גרויס פאַרמעגן, אויף דעם, וואָס מען קאָן אַנדערש נישט אָנרופן ווי אייגנס, אייגן האָב־און־גוטס. אַלץ טראָגט דעם חותם פון אַ יחידישער פּאָעטישער פּערזענלעכקייט, נישט קיין נאָכזינגער, נאָר אַ באַזונדער־זינגער, וואָס אויפן באַרגשפּיץ פון דער יידישער פּאָעזיע איז ער אויך אַרויף דורך אַן אייגענעם שווערן געקלעטער.

מיט דעם דאָזיקן בוך ווערט קלאָר אַ. לעיעלעסעס גאַנג אין דער יידישער פּאָעזיע פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל קומען נענטער צום וואונדער פון יידישן ליד. לעיעלעסעס ערשט בוך לידער איז דערשינען אין 1918, ס'הייסט מיט 41 יאָר צוריק, און אין דעם דאָזיקן מהלך פון פיר יאָר־צענדליקער איז די יידישע פּאָעזיע געוואָרן, ביבליש גערעדט, אַ גרויס וואונדער, און לעיעלעס איז במשך פון דער צייט געווען איינער פון די געציילטע פּאָעטן, וואָס האָט פון יידישן ליד געהאָלפן אַרויסשלאָגן דעם ליכטיקן וואונדער. ווייל פון סאַמע אָנהייב איז ער צוגעקומען צום יידישן וואָרט ווי אַ באַוואונדערער, מיט דער טיפער אָנונג, אַז אין יידישן לשון זיינען איינגעגראָבן אַזעלכע טייערע אוצרות, וואָס מיט זיי קאָן מען איינ־נעמען די וועלט.

ער האָט צעשטראַלט, צעזונגען און צעשפּילט דאָס יידישע דיכטערישע וואָרט און אין דעם אַריינגעטאָן אַלע מיינען און אַלע טייטשן פון אַ יידישן קינסטלער פון אונדזער היינטיקער צייט. דורך זיינע לידער האָט, מיט יעדער יאָר, גערעדט דער מענטש־ייד און קינסטלעריש פאַרצייכנט דעם צאַפּל און וויטאָג פון אונדזער מאוימדיקער צייט. אַלע זיינע לידער זיינען אַ מאָנאָלאָג פון אַ יידישן מענטשן, די רייפע רייד פון אַ ייד, וואָס האָט אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע פּליִיצעס צו יעטווידן קלאַפּ און שלאָג, מיט וואָס די צייט האָט אים מכבד געווען, סיי אין פּערזענלעכן לעבן, סיי אין כלל־לעבן.

שרייב איך די דאָזיקע שורות און אויפן שרייבטיש ביי מיר ליגן אַ. לעיעלעסעס ביכער לידער, די צוויי דראַמאַטישע פּאָעמעס „שלמה מולכו״

און „אָשר לעמלען" און דאָס גייסטע בוך „וועלט און וואָרט", שוין נישט פון א. לעיעלעסן אַליין, נאָר פון זיין נאָענטסטן גייסטיקן קרוב, א. גלאַנץ.

דאָס בוך עסייען איז שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער ברייטער שותפות פון א. גלאַנץ-לעיעלעס, מיט דער רחבות און געדאַנקלעכקייט פון דעם באַרימטן יידישן פובליציסט, וואָס שטייט שוין ביים אייבנאָן פון דער יידישער עפנטלעכקייט אַ האַלבן יאָרהונדערט און פירט אויך יידיש-פובליציסטיש זיין חשבון מיט דער וועלט.

די ביכער ליגן אויפן טיש, ווייל ס'איז איצטער ביי מיר יום-טוב. מיין חבר איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר. און ס'איז מיר נישט אַזאַ וואונדער, וואָס א. גלאַנץ-לעיעלעס איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר, נאָר וואָס אונדזער חברשאַפט איז שוין אַזוי טיף אַריין אין די יאָרן, און וואָס איך אַליין האָב שוין אָפגעשפּאַרט אַ נאָענטן ברודער-פּאָעט, וואָס איז אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר.

און אָט ערשט איז עס דאָך געווען, ערשט-אָ, מיט פערציק יאָר צוריק, ווען נחום ברוך מינקאָוו, אונדזביידן צו לענגערע יאָר, האָט מיך געבראַכט צו לעיעלעסן. גלאַנץ-לעיעלעס איז שוין דעמאָלט געווען אַ באַקאַנטער יידישער פובליציסט און נישט נאָר אַ שוין-געדרוקטער פּאָעט, נאָר אַ פּאָעט מיט אַ בוך לידער, אַ פּאָעט, וואָס האָט שוין געהאַט אויף זיינע פּלייצעס אַ גאַנצן קאַמף און איז געווען אַרומגערינגלט פון מער שונאים ווי פריינד. מינקאָוו האָט ערשט געהאַט אַ צוויי-דריי געדרוקטע לידער אויף זיין פּאָעטישער קאָנטע. אָבער איך האָב בלויז געהאַט אין מאַנוסקריפּט עטלעכע לידער, וואָס זיינען מער נישט געווען ווי אַנווייזונגען. מיך האָט ספּעציעל איבערראַשט און דערוואָרעמט, וואָס לעיעלעס האָט מיך אַזוי מקרב געווען, אין דעם שענסטן און בוכשטעבלעכסטן זין פון וואָרט. ער האָט זיך דערנענטערט צו מיר און מיך גלייך אויפגענומען ווי אַ גלייכן. פון וואַנען און פאַר וואָס ער האָט מיר געגעבן אַזוי פיל קרעדיט, ווייס איך נישט. מינקאָוו האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ רייכע באַקאַנטשאַפט צווישן יידישע פּאָעטן און מ'האָט שוין געהאַלטן אַן אויג אויף אים, אָבער איך בין דאָך געווען אַ געבראַכטער פון דער פרעמד.

לעיעלעס האָט מיט אונדז ביידן גלייך געשלאָסן אַ בונד און אונדז נישט נאָר אַריינגענומען ווי גלייכע אין פּאָעטישן געשעפט, נאָר אין זיין גאַנצער אויפפירונג איז נישט געווען קיין שמץ פון פראַוועון גדלות, אָדער אַפילו פון אַן עלטערן ברודער, וואָס פּאָדערט שוין אַ קאַפּיטשקע דרך-ארץ. ער האָט מיין קליינעם ביטראָג צום קינסטלערישן שותפות פון דריי

חברים — גלייכבאַרעכטיקט, און אַזוי־אַרום איז געבוירן געוואָרן דער „אינזיך", די שטורמישע פּאָעטישע באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. מיר דריי, א. לעיעלעס־גלאַנץ, נ. ב. מינקאָוו און איך, האָבן טעג, לאַנגע נעכט, וואָכן און חדשים געטענהט, קלאָר געמאַכט פאַר זיך, וואָס מיר ווילן, וואָס מיר וועלן קומען מאָנען, וואָס מיר ווילן מתקן זיין און, יאָ, וואָס מיר ווילן באַזייטיקן, ווי אַ שטער צום קינסטלערישן יידישן וואָרט.

דאָס איז געווען מיט פערציק יאָר צוריק. א. גלאַנץ־לעיעלעס איז דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַנטשיק פון דרייסיק יאָר, און איך אין די גאָר ערשטע טריט פון די צוואַנציקער, און מינקאָוו אַ ביסל עלטער.

ווען איך וואַרף אַ בליק צוריק אויף דער דאָזיקער יוגנטצייט פון דריי חברים, ווערט מיר וואַרעם אויפן האַרצן. מיר דאַכט זיך, אַז ווי זיי זיינען פאַרלאָפן, זיינען זיי אויך דאָ, אין זין פון באַשטענדיקייט, פון אַ וויכטיקן קנין, ווייל די דאָזיקע חברשאַפט איז געווען צוזאַמענגעחברט מיט ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, דורך אַלערליי אַנטוויקלונגען און עטאַפּן — פריידיק אין דעראָבערונג און אַנטפּלעקונג און אָנגעטרויערט מיט די גרויליאָרן פון יידישן וועטער, וואָס האָט געוואָלקנט די הימלען, פאַר־שלאָקסט די גאַנצע וועלט מיט טרערן און בלוט און אומבאַצייכנטע שטיקער קברים־ערד.

שרייב איך דאָ נישט מיינע זיכרונות, אָבער די זיכרונות פון די פערציק יאָר בלעטער איך פאָרט דורך אין א. לעיעלעס ביכער, סיי אין זיינע לידער, סיי אין זיינע עסייען. ס'רעדט אַ ייד, וואָס האָט רעאַגירט און אויפגעציטערט יעדעס מאָל, ווען דאָס יידישע לעבן האָט אים גע־צוואונגען אויפשטיין און רעדן. אין יעדער אמת יידיש ליד איז פאַראַן נביאישער פּאַטאָס. יידישע וואָרטשאַפערס זיינען געבענטשט און געשלאָגן מיט דער ירושה. דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט אין זיינע שענסטע, פריוואַטסטע און לירישסטע קעמערלעך, איז כלליש־פּראָפעטיש. ס'פאַלט אויף אונדז אַלעמען דער שטויב פון דער וועלט, ווי אַברהם רייזען האָט געזונגען.

אָבער אויפהערן וואונדערן זיך וועל איך נישט אויפהערן אַזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבן אויף דער צוזאַמענדיקער און גלייכבאַרעכטיקטער פּאָ־עטישער חברשאַפט פון דריי, וואָס זיינען געזעסן ביי איין טיש. ס'איז נישט געווען קיין טיש מיט אַ רבישן איבנאָן, נאָר אַ קינסטלערישער טיש, וואו אַלע האָבן גלייך גערעדט, געזאָגט און פּלאַנירט. אָט די נישט־רבישקייט איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָנהייב פון דער „אין זיך"־

באַוועגונג. מיט מיינע דריי מאַנוסקריפּט־לידער דירעקט פון אַ פרעמדער וועלט, פון אַ יורידישן פאַקולטעט, בין איך אַריין מיט ביידע פיס אין דער נייער פּאָעטישער שותפות, און דער עלטערער חבר א. גלאַנץ־לעיעלעס און מיר ביידע, די יינגערע, האָבן גערעדט תוך־זאַכן, וועגן וואונדער פון יידישן וואָרט און וועגן די וואונדערס, וואָס דאַרפן ערשט אַנטפּלעקט ווערן.

די נישט־רבישקייט פון דעם עלטערן שוין באַקאַנטן פּאָעט און פּובליציסט האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער אויספורעמונג פון דער נייער פּאָעטישער ריכטונג. זי איז נישט פאַרפרומט און פאַרחלבט געוואָרן, נאָר זי האָט אַנגעהאַלטן אַ באַלאַנס, צווישן דער ממילאדיקער שליחות פון יידישן קינסטלער און דער גרויסער התחייבות צום וואָרט אַליין, אַז אַלץ זאָל האָבן דעקונג און אַז דאָס וואָרט זאָל נישט זיין קיין ליידיק אויסגעשטעלט וועקסל.

שרייב איך דאָ, צום זיבעציקסטן געבוירן־טאָג פון מיין טייערן נאָענטן חבר, נישט קיין קריטיק און נישט קיין אָפּשאַצונג — נאָר איך מיש די ביכער און כמעט אויף יעדער זייטל טרעף איך שורות, וואָס זיינען מיר אַזוי נאָענט, ווי נאָענט געוואָרן ס'איז מיר דער מענטש אַליין דורך די פיר צענדליק יאָר, ווי נאָענט ער איז מיר געווען פון סאַמע אָנהייב אָן, ווען ער האָט מיר געגעבן די האַנט און מיך אויפגענומען און אָנגענומען.

כ'זע די גרויסע אויפטוען פון דעם ברודער־פּאָעט און כ'דערמאָן זיך, ווי אַלץ וואָס ער האָט דורך דער צייט באַוויזן צו זאָגן, איז שוין געלעגן אין די וויקעלעך דעמאָלט, ווען ער האָט געשמועסט מיט אונדז, אין די סוף חדשים פון יאָר 1919. אַז איך וואַרף אַ בליק צוריק אויף די יאָרן, האָב איך די הנאה, אַז די חברישע שמועסן זיינען געווען קינסטלערישע, דורך און דורך יידישע און טיף־אויפריכטיקע, מיט אַ ווילן צו באַדינען דאָס יידישע וואָרט.

אויפן שפּיץ באַרג שטייט דער גרויסער פּאָעט און פּובליציסט א. גלאַנץ־לעיעלעס. ער איז אַרויף און ער איז נישט מיד פון קלעטער, ער האָט נאָך וואָס צו זאָגן. דאָס יידישע פּאָעטישע וואָרט, וואָס ער האָט אַזוי געטריי באַדינט, איז אים שולדיק אַ סך דאַנק. ער האָט נישט נאָר באַזונגען די וויכטיקע, אפשר די מוראדיק־פריידיק־וויכטיקסטע, יאָרן אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, נאָר ער האָט פון יידישן דיכטערישן לשון אַרויסגעקראַגן די באַלאַנסירטע מעגלעכקייט צו רעדן און זאָגן און

צו לאָזן הערן זיין קול — אַ באַזונדער, אויסגעטיילט קול, פון אַ גרויסער יידישער פּערזענלעכקייט.

...אַ. לעיעלעסעס לידער־בוך „ביים פוס פון באַרג" ענדיקט זיך מיט אַזעלכע שורות —

איך האָב דעם וועג אַליין געווילט, איך וויס געגנוי אַצינד,
איך בין אויף אים געגאַנגען אימפּעטיק, געשווינד,
ווי ס'וואָלט דער גורל מיט אַ בייטש אויף אים געטריבן.

בין איך אַן עדות, אַן עדות פון נישט ווייניקער פון פערציק יאָר, אויף דער באַוואוסטזיניקער אַליין־געווילטקייט פון אַ. לעיעלעסעס דיכטערישן וועג. דער וועג זיינער, דער געווילטער, איז געווען אַ מזל־ברכה פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, מאַרץ 6, 1959)

## דאָס געשטאַלט פון פּאַביוס לינד

זייט עס איז דערשינען „שלמה מולכו", לעיעלעסעס גרויסע דראַמאַטישע פּאָעמע פון יידישער שיקזאַלקייט, זענען פאַרלאָפן צען יאָר. איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געהאַט דאָס געפיל, אַז עס זאָל אַ פּאָעט אַזוי געלינגען צו פאַנגען דעם אַראָמאַט פון אַ יאָרצענדליק, ווי עס האָט זיך איינגעגעבן לעיעלעסן. זיין נאָר וואָס דערשינען בוך „פּאַביוס לינד" איז אַ פּאָעטישער רעקאָרד פון צען יאָר. איך לייען דאָס בוך און איך געפין זיך אין דער פּעריפעריע פון דערמאָנונגען.

פאַראַן אַזעלכע לידער, וואָס מען קען זיי אָנשרייבן טוצנווייז, נישט ווייל זיי זענען אַזוי שלעכט, נאָר ווייל זיי זענען אַ פּראָדוקט פון אַ געעפנטן פּאָעטישן צאַפּן. אין אַזעלכע לידער שפּילט צייט גאָר קיין ראָלע נישט. זיי זיינען, וואָלט איך געזאָגט, לידער אין רוים, אָבער נישט אין צייט. ווען איך רעד וועגן צייט, מיין איך נישט אַזעלכע לידער, וואָס טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון דעם יאָר אָדער חודש אין וועלכן זיי זענען געשריבן געוואָרן. איך האָב אין זינען אַ פיל קאָמפּליצירטערע דיכטערישע דערגרייכונג, וועלכע איז נאָענט צום געפיל, וואָס באַהערשטביים לייע־

נען אַ גוטע נאָוועלע. נישטאָ אין דער נאָוועלע קיין ספּעציעלער טראָפּ אויף וועטער אָדער נאַטור־באַשרייבונגען, נאָר עס ראָלט זיך פונאַנדער אַ לעבן, עס קומען פּאָר קאַליזיעס, עס געשעען אַראָפּן און אַרויפן, און ווען מען ענדיקט אַזאַ בוך, האָט מען דאָס געפיל, אַז עס האָט געשנייט, געדעגנט, געבליצט און געדונערט, עס האָט אַ סך מאָל געשיינט די זון און ס'האָט זיך געוואָלקנט און די נאַכט איז געווען צו גאַסט ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל און עס זענען אַוועק יאָרן. די העלדן פון בוך האָבן גע־קראָגן טיפע קאַרבן, מענטשן האָבן זיך געעלטערט און דער לייענער אַליין איז אויך געוואָרן עלטער, טראָגנדיק אַ גרויסע לאַסט אויף די פּלייצעס.

וואָס איז דאָס אַזוינס? עס איז דאָס געפיל פון צייט, וואָס די קאַ־פּיטלען פון בוך האָבן אויף אַ מערקווירדיקן אופן סוגערירט, נישט אין דעם פּרוסטישן זין פון אַ מאַרבידער צייט־באַוואוסטזיניקייט, נאָר אין דעם נאַטירלעכן גאַנג פון קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל; דעם ריטעם פון דער־ציילן איז געגעבן געוואָרן אַ כח צו פאַנגען אין אַ דימינוטיוו די מאָס פאַר מינוטן, שעהען, מעת־לעתן, יאָרן. ווי אַזוי דאָס ווערט „געמאַכט" אין דער נאָוועלע איז אַ סוד, ווי אַזוי דאָס קען דערגרייכט ווערן אין לידער איז נאָך אַ גרעסערער סוד.

מיט א. לעיעלעסעס בוך לידער איז צוגעקומען אַ בוך, וואָס פון דער ערשטער זייט ביז דער לעצטער געשעט עפּעס און עס באַקומט זיך דער איינדרוק נישט נאָר פון אַ זאַמלונג לידער, נאָר פון אַ גרויסן מענטשלעכן דאָקומענט, פון גילגולים, ווייטאָקן, וואַנדלונגען, דערהויבונגען און דער־גרייכונגען, איבער דעם שטח פון אַן אָפּגעלאָפן שטיק לעבן אין טער־מינען פון דער קריכערקע צייט —

ווי די צייט — אַ קאַצנשפּרונג, און ווי זי ציט זיך לאַנג,

(פעברואַר 24).

אי דעם קאַצנשפּרונג און אי „ווי זי ציט זיך לאַנג" פילט מען, ווען מען לייענט ליד נאָך ליד אין „פּאַביוס לינד". מען פילט ווי אַ פאַרגליווערט שטיק רינט אויס און ס'ווערט לייַדיק די האַנט און מען ווערט טרויעריקער מיט יעדער ליד.

די אַלע וואָס זענען אין פּאַך און ווייסן, אַז לידער ווערן געשריבן באַ־זונדער און דערנאָך נעמט מען און מען בינדט זיי צוזאַמען, מען זוכט אַ פאַרקניפּונג, מען טיילט זיי אין סעריעס און מען שטעלט צוזאַמען דאָס בוך — די אַלע וואָוילוויסערס וועלן מיסתמא אונטערשמייכלען. אָבער עס איז אַ געזעץ, אַז דווקא די צופעליקייט פון די באַזונדער־אָנגעשריבענע

לידער קריגט אַן אייגענע נייע מאָס אין אַ בוך. די לידער שטעלן זיך אויס אַקוראַט, ווי זיי וואָלטן זיך לכתחילה געפּאַסט פאַר אַזאַ געביידע. גליק־לעך איז דער, וואָס ווען דאָס בוך איז פאַרטיק, הערט מען ווי די שורות אָטעמען און יעדער אָטעם איז אַ רגע. עס פּלייצט, עס שטראָמט אַן אָפּ־שטעל. אָבער פון וועלכן ווינקל דו זאָלסט נישט באַשליסן צו כאַפּן אַ קוק אויף דער כסדרדיקער באַוועגונג און ווי לאַנג דו זאָלסט נישט קוקן דערויף, וועסטו אַלץ פילן, אַז דו בייסט זיך איין מיט די אויגן אין אַ שטיק צייט.

אַז לעיעלעס האָט באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק געזוכט צו פּאַרפיקסירן צייט, קען מען זען דערפון, וואָס ער האָט דירעקט געשריבן אַ פּאָעטיש טאָגבוך. פון אַ געוויסן יאַנואַר 27 ביז אַ געוויסן פעברואַר 28 האָט לעיעלעס געוואָלט לעבן אונטער דעם צייכן פון דעם אַוועקגעגאַנגע־נעם טאָג; ער האָט געוואָלט לעבן נאָענט צום טאָג און אים רעקאָרדירן. אָבער נישט נאָר דאָס טאָגבוך — דאָס גאַנצע בוך איז נאָענט צום טאָג און צו נאַכט און צו מיטנאַכט און צו שלאָפלאָזע שעהען און צום גאַנצן קנויל, וואָס ווערט צו נישט אונטער די הענט. דו לייענסט — ערשט דו האָסט מיטגעלעבט און אָפּגעלעבט צען יאָר.

און ווייל „פּאָביוס לינד״ איז אַ בוך פון צייט אין דעם אויטענטיש־סטן זין פון וואָרט, איז עס ממילא אויך געוואָרן אַ בוך פון אונדזער צייט, נישט דורך באַוואוסזיניק געשריבענע צייטלידער, נאָר דורך אַ סענ־סיטיוויטעט, וואָס האָט געפאַנגען אַלץ, וואָס האָט פאַרבייגעפלאַטערט פון 1927 ביז 1937. אין דעם בוך זענען פאַרגליווערט געוואָרן אויף שטענדיק צען יאָר אין לעבן פון אַ העכסט־קולטורעלן, אומרואיקן, זוכנדיקן, ראַ־פינירטן ייד. פאַר מיר זענען לעיעלעסעס צען יאָר אויך — און הויפּט־זאַכלעך — צען יידישע יאָר. לעיעלעסעס בוך איז אַ נאַציאָנאַל בוך אין דעם שענסטן זין.

איך האָב פריער דערמאָנט „שלמה מולכו״, ווייל פאַר לעיעלעסן האָט „שלמה מולכו״ געעפנט נייע גרויסע מעגלעכקייטן. ער האָט דערהערט דעם מענטשלעכן גערייד און ער האָט געוואויגן דעם קלאַנג פון וואָרט מיט דער מאָס פון צייט. פאַר לעיעלעסן איז זיין אייגענע דראַמע געווען אַ דראַמאַטישע איבערלעבונג. ער האָט געשאַפן מענטשן און זיך איינגע־הערט, ווי מענטש מיט מענטש רעדט און ווי עס רעדט פאַקטיש מענטש צו זיך אַליין. לעיעלעס האָט דערזען, אַז נישט נאָר זענען אַלע העלדן דראַמאַטיש גערעכט, נאָר אַז אַלע העלדן זענען אין גרונט גענומען איין

העלד, וואָס מאָנאָלאָגירט דורך אַלע דיאַלאָגן, וואָס פרעגט זיך און פרעגט זיך אָפּ און ענטפערט זיך אַליין. אָט איז ער, דער איינער העלד, דער רשע, אָט איז ער דער צדיק, אָט דער צווייפלער און אָט דער גלייבער. ער איז דערגאַנגען צום געדאַנק פון אָפּרוקן זיך עטלעכע טריט פון זיך אַליין און שאַפן דאָס מערקווירדיקע פּאָעטישע געשטאַלט פון פּאַביוס לינד.

פּאַביוס לינד איז נישט אַ פּאָעטישער „נאָם דע פּלוס", אַ באַקוועמע באַהעלטעניש פאַר דעם, וואָס שטייט הינטער דעם נאָמען, עס איז אַן אייגנאַרטיק קאָמפּליצירט געשטאַלט פון אַ מענטש, וואָס טראָגט אויף זיך די פּעטליע פון אונדזער דור. פּאַביוס לינד איז נישט נאָר לעיעלעס, עס איז אַן אָביעקטיווע סוביעקטיוויזירונג פון אַ מענטשן לויט אַלע כללים פון דעם געשאַפענעם העלד אין יעדער קונסטווערק. פּאַביוס לינד איז אי לעיעלעס און אי אויך „דער העלד פון אונדזער צייט", וואָס האָט די טאָפּלטע אויפגאַבע צו זיין לעיעלעס־געטריי און אויך צו לעבן אַן אייגן לעבן אין די פּסיכאָלאָגישע גרענעצן פון אויסגעחלומטער אומרעאַליטעט, כדי ער זאָל קענען ווערן די פיקציע, וואָס איז מאָנומענטאַל. דערפאַר איז פּאַביוס לינד אויך איך און דו און ער, דערפאַר איז מיט דעם אויסגע־טראַכטן לינד פאַרגליווערט געוואָרן אַ קאָלעקטיווע רעאַליטעט.

אומגעפער מיט אַזאַ צווישנגעשטאַלט האָט זיך באַנוצט ש. י. אַבראַ־מאָוויטש, באַשאַפנדיק אַ מענדעלע מוכר ספרים, וואָס איז אַליין געוואָרן אַ סימבאָל פון אונדזער שריפטשטעלערישקייט און ביכלדיקייט אויף דער קליאַטשע. פּאַביוס לינד איז אויף ס׳ניי אַ געשטאַלט פון אַ יידישן שרייבער, און פּאַביוס לינד ווייזט טאַקע געטרוי, וויפל וואַסערן עס זענען אָפּ־געלאָפן אין יידישן לעבן און אין יידישן טראַכטן פון מענדעלען ביז דעם היינטיקן טאָג. מענדעלע מוכר ספרים איז געווען אַ סך מער אָפּגערוקט פון זיין צייט ווי ס׳איז, און מוז זיין, פּאַביוס לינד פון זיין צייט. שטעלט זיך פאַר וויפל וועגטלעך מענדעלע האָט באַדאַרפט האָבן: פריער די יידן מיט די טלית־קטנס אין טונעיאַדעווקער בלאָטעס, דעם צוקוקער מענ־דעלע (דער יידישער פאַרשרפּרייטער פון „ליכט") און איבער דעם אַלץ דער פריקרע־גרויסהאַלטערישער און קרומער־אויסלאַכערישער שמייכל פון משכיל מענדעלע, וואָס האָט געפירט אַן אייגענעם שטאַט און אַן אייגן לעבן. פּאַביוס לינד איז אַ דירעקט געשטאַלט. עס איז דער יידישער פּאָעט פון אונדזער צייט, וואָס איז אַזוי אַריינגעלעבט אין לעבן, אַז ער איז נישט שולדיק קיין אַפּאָלאָגיעס פאַר זיין ספּעציפישער יידישער עקסיסטענץ. ווען דער צוקונפטיקער שאַצער פון דער יידישער ליטעראַטור וועט זיך אָנ־

שטויסן אויף פּאַביוס לינד, וועט ער מוזן דורך־אַרץ קריגן פאַר דעם יידישן פּאָעט.

פּאַביוס לינד איז אַ דראַמאַטישער העלד, וואָס לעבט צען יאָר מיט אַלץ, וואָס עס איז באַשערט אַ יידן צו לעבן, ער טראַכט צען יאָר אַלץ, וואָס עס איז באַשערט אַ סובטילן יידן צו טראַכטן. דורך דער צייט האָט זיך פּאַביוס לינד צעפּאַלמעסט און צעפּאָסעוועט צענדליקער מאָל, דורך דער צייט איז ער געפאַלן און געשטיגן און זיך דערדעדט דורך טונקלסטן צווייפל און חושך צום יידישן אויסוועג —

נאָר... ס׳ווינקט אויך שמייכל אין דעם סומנעם פּלאָנטער,
און — מיט אַ פּייף — ווערט וואונדער פון דער וואונד.
(צו דיר — צו מיר).

דאָס איז דאָס פאַר לעצטע ליד אין בוך. דאָס סאַמע לעצטע ליד איז פּאַביוס לינדס גלייביקע וויזיע פון אייביקן מאָנומענט. און פּאַביוס לינד איז אַ מענטש, וואָס „פּיל לעבנס פּירט ער

איינס קלאָר, ווי ס׳איז אַ ווייטיק, ווי אַ צאָל.
ווי ס׳איז דער שטעג, דער גראָדער, אויסגעווירעטער
צום מתים־שטיבל, טורמע צי שפּיטאָל.
(מערצאָווע ווינטן, צו דיר — צו מיר).

בירגער פּאַביוס לינד, ווי יעדער קאָמפּליצירטער מענטש, איז קודם־כל עלעמענטאַר אין פונדאַמענט, אָבער אַחוץ דעם שטעג, דעם גראָדן אויסגעווירעטן, ווייסט פּאַביוס לינד פון נאָך לעבנס —

און נאָך אַ לעבן דאָ — צווייטס, דריטס און מערער.
עס פּליסט אין אים אוןווירבלט ערגעץ טיף.
און גראָד איז דאָס — פאַרשטעלט פון זעער, הערער —
(מערצאָווע ווינטן, צו דיר — צו מיר).

און גראָד וואָס איז פאַרשטעלט פון זעער און הערער וויל דווקא פּאַביוס לינד דערגרונטעווען אין זיך. ער וויל זיך דערקלייבן צו דער דאָזיקער פילגעלעבטקייט און פילגעשטאַלטיקייט. און פונקט ווי פּאַביוס לינד גיט געטריי אין אַ סך פון זיינע לידער דאָס ערשטע, דאָס פונדאַמענטאַל־בירגערלעכע, דאָס קלאָרע ווי ווייטיק, זוכט ער אויך צו געבן די „אַנדערע, די פאַרשטעלטע פון זעער און הערער״.

און דאָ קומט די אַנטדעקונג פון „שלמה מולכו". לעיעלעס זוכט צו געבן די פילגעשטאַלטיקייט דורך דראַמאַטישע שטימען, דורך דיאַלאָגן. מיט וועמען? מיט זיך אַליין. די אידייאישע קאָנפליקטן, קאָנטראַסטן, ווייטיק, פרייד און רייפע רעזיגנאַציע זענען נישט מער ווי מאַניפעסטאַציעס און די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס לאָזט לעיעלעס אָפּט אויסטענהן זיך איינע מיט די אַנדערע.

נישט אומזיסט פאַלט פּאַביוס לינד אָפּט אַריין אין דיאַלאָג־פאָרעם: פון פּאַביוס לינד צו פּאַביוס לינד אין „געשפּרעך" צווישן יונגן מיט דעם מייסטער, און דעם דירעקטן דיאַלאָג פון „אַ האַלבע שעה", און די טענער צווישן הענקער מיט דעם וועכטער אין „אַמעריקע 1927", אין דעם גראַנד־יעזן צוזאַמענשטויס צווישן דער אַלמנה מיט „ער" — דאָס זענען אַלץ מיט־לען אויף אַרויסצוברענגען דאָס געשטאַלט פּאַביוס לינד אין זיין פילפאַכ־קייט און פילפאַרביקייט. „די אַלמנה און ער", אפשר די דראַמאַטישסטע פּאָעמע אין דער יידישער פּאָעזיע, איז אויך אַ צוזאַמענשטויס אין פּאַביוס לינדס רייכן געדאַנקען־געבוי. די דיאַלאָג־באַצייכענונגען פון ער און זי זענען מאַניפעסטאַציעס. ווער ווייסט דען ווער עס איז מער רשע: דער גרויסער ער מיט די זיכערע אַלץ־טרעטנדיקע שטיוול, אָדער זי, די שוואַ־כע און כמעט צעטראָטענע, וואָס שווייגט אין איר אונטערטעניקייט?

אַזוי טראַכט פּאַביוס לינד, ווען ער וויל זוכן אַ דראַמאַטישע שייכות צווישן דעם טרעטער און דעם צעטראָטענעם, ווען ער וויל זוכן די גערעכ־טיקייט און געפינט זי אין רחמנות. אַ רחמנות אויף דעם שומר, דעם הענ־קער, אויף דעם טרעטער, דעם צעטראָטענעם, אויף פּאַביוס לינד איינס און פּאַביוס לינד צוויי, פון „צו דיר — צו מיר".

פּאַביוס לינד איז אַ יידישער דיכטער, וואָס האָט דאָס אומגליק צו קו־מען אַנאָ דאָמיני 1927 — 1937 מיט זיין באַגאַזש פון גרויסוועלטלעכקייט צו דער יידישער וועלט, וואָס נערט זיך נאָך אַלץ מיט דעם פאָלקסליד אין זיינע אַלע וואַריאַציעס און אַלע צוגעפּראָוועטע איבערזינגעניש. די קריטיק זוכט אָדער נייע וואַריאַנטן פאַר דעם פאָלקסליד אָדער נאָר מאַזאָ־כיסטישע זיך־שמייסערייען. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז פּאַביוס לינד איז — צו באַנוצן זיך מיט אַ וואולגאַרן ליטעראַרישן אויסדרוק — אַ נישט געזאַלבטער דיכטער. און דאָך איז דאָ וויניק ביטערקייט אין פּאַביוס לינדס ליד. ווער ווייסט וויפל ביטערקייט עס האָט פאַרשלונגען לעיעלעס אַליין, ביז ער האָט אויסגעמייסטערט דאָס געשטאַלט פּאַביוס לינד. אָבער פּאַביוס לינד אין זיין אייגענער פאַרפּלאָנטערטער פילגעשטאַלטיקייט איז

אַזאַ אָפּשאַצער און מעסטער פון דעם ביסל צוגעטיילטע גוטס און שלעכטס, אַז דאָס דאָמינירנדיקסטע אין זיין כאַראַקטער איז רחמנות —

און אויב איך סם זיך נישט מיט פיינטשאַפט,
איז נאָר ווייל מיטלייד ביי דער פאָלע ציט.

(מיינע לידער).

און ערגעץ אַנדערש —

אָרעמער, אָרעמער רשע.

(צו אַ קאָלעגע אַ רשע).

פאָביוס לינד איז זיך מודה אין אַ זינד, אין „אַ זינד פון געדאַנק", אַפילו בעת עס פליט אים דורך אַ שלעכטער געדאַנק וועגן אַ שונא.

דאַרף נישט געדאַנק זיין נאָך שטאַרקער ווי האַנט,
און די רו פון האַרץ — נאָך פעסטער ווי אַ שבועה?
(פאָביוס לינד איז זיך מודה אין אַ זינד).

פאָביוס לינד, וואָס שפּילט אויס, פון 1927 ביז 1937, אַלע זיינע נערוון אין געיעג נאָך זיין אייגענער פילגעשטאַלטיקייט, — אין באַציאונג צו דעם אנדרוגנוס מאַנספּרוי, אין דעם אָנקוק פון קראַנקן לייב, פון טויט, פון דעם אָפּ־און־אויף פון סעזאָנען — האָט געזען די אכזריותדיקע האַנט פון דער צייט, וואָס פּאַרטיליקט, וואָס מאַכט פלאַץ דורך אָפּראַמען און אַוועקשאַרן ברוטאַל אַלץ, וואָס בלייבט הינטערשטעליק און ער האָט דערפילט אַ גרויס רחמנות צו זיינע אַלע פיזיאָגנאָמיעס.

ערגעץ אַנדערש האָב איך שוין דערמאָנט, אַז אין אונדזער צייט איז מיטליערקייט — ווי אַ סטאַנציע, ווי אַ לאַנגער באַרגאַרויף, הייבט אָן לאַנגזאַם פירן באַרגאַראָפּ, ווי אַן אָפּרו צווישן יוגנט און עלטער — אין גאַנצן פאַרשוואונדן ווי אַ פּעריאָד אין מענטשלעכן לעבן. פּאָעזיע איז אוודאי אין געפאַר צו זיין אָדער גאָר יוגנטלעך אָדער ווערן פריקרע־יוגנטלעך אויף דער עלטער. אין גאָר ווייניק לידער פילט מען די געמייסטערטע מיטל־יעריקייט פון דעם פּאָעט, וואָס רעמיניסצירט נישט מיט טרערן פון ליבע און וואָס וויינט נישט אין שרעק פאַר דער עלטער, נאָר וואָס לעבט מיטל־יעריק מיט אַלע גלאָריעס און אַנטוישונגען פון מיטליערקייט.

די מיטליערקייט איז פאָביוס לינדן נישט באַפאַלן. ער האָט זיך גע־גרייט פאַר איר און אַפילו געפונען די פּאַסיקע פאָרעם זי אויפצונעמען, ווען

זי איז צו אים געקומען — אַ פּאָרעם, וואָס האָט אין זיך דעם שאַרף פון האַרבסטיקע בלעטער.

פּאַביוס לינד איז אָפנהאַרציק אין זיין מיטליעריקייט און ער געשטאַל־טיקט זיך אין דער דאָזיקער מיטליעריקייט מיט אַ זעלטענעם הומאָר —

און אַז וועלכעלעך טרויער
שלאָגן אין די ברעגן פון דעם שמייכל —
זעט עס דאָך קיינער נישט.

(פּאַביוס לינד רייט אויפן ווינט).

פּאַביוס לינד שמייכלט בלויז, ווען ער דערזעט די יונגע פּיראַטן, די

אַלערליי יונגע מאַנספּערשוינען
אומגלויבלעך יינגערע פון אים.

(פּאַביוס לינד רייט אויפן ווינט).

שמייכלענדיק גיט ער אונדז פונדעסטוועגן די „וועלכעלעך טרויער" אין זיין „מיט־זומער" מיט דעם אַראָמאַט פון טערפּקער האַרבסטיקייט (לייען: מיטליעריקייט):

צינד מיר די פייערן פון האַרבסט
מיט מוטיקן ווייסן: דו שטאַרבסט.
ברענג דאָס לעצטע יונגע בלוט
אַ קרבן דעם פאַרביקן האַרבסט.
נישט קלאָגן: נאָך אַליין נישט באַרוט —
אויפגיין העל מיט לויטערן מוט,
ווי אַ צעצונדענע זעטיקע גאַרב
אין מיטן פעלד — מיט ווייסיקן מוט.

פּאַביוס לינד האָט געפונען כימעט פולשטענדיקע באַפרידיקונג אין דער־גיין צום סוד פון דער רייפער שורה און צו דער מוזיק פון שטאָלצן טרויער.

פּאַביוס לינד איז וואולקאַניש אין זיין אינטערעס צו אַלץ, וואָס שפריצט מיט אַקטיוויטעט, אָבער נאָך דעם, ווען אַלע נעמען שניידן די פרוכטן פון דער דאָזיקער טעטיקייט, ווערט ער באַלוינט מיט אַ קראַנץ איינזאַמקייט. אַזוי איז און דאַרף זיין: די מאַכערס און די טוערס קריגן קרוינען פון פאָלקספריינד און ער —

איך האָב ברייט מיינע טירן געעפנט —
מיין שוועל האָט געליידיקט, מיין שוועל האָט געטרויערט,
און איך האָב זיך אויף מחנות געריכט,
ס'איז אַלץ פאַרשריבן אין מיינע דאָרשטיקע לידער.
(מיט־זומער).

אין זיין גאַנצן צאַפּלדיקן מיטלעבן מיט אַלעמען און מיט זיינע אייגענע צענדליקער געשטאַלטן, וואוינט ער שטענדיק, וואו עס איז דאָ —

אַ סך נאַכט און אַ סך אַליינקייט.
(שוואַרצע מירמלען — צו דיר צו מיר).

נישט איין מאָל קאַטעוועט ער זיך אַליין, זוכנדיק אַ באַשייד פאַר דעם, וואָס אים איז באַשערט צו טרינקען סם פון אַנטוישונג אין מענטשן. ער זוכט אין זיך די סיבה פון זיין אַליינקייט. ער וואַרפט זיך פאַר די שפּיציקע רייד פון „הייסגעבאָדענע פרויען" אין זיין קלאַן, ער זעט קלאָר ווי די וויזאַוויס ווערן שיטערער —

עס האָבן מיר חברים
דעם גאַנג באַצוויט, באַדריט,
חברים ווערן גרים
און ס'שיידן זיך די טריט.
היינט ווייס איך: קיין געמיינזאַם,
אומזיסט באַערט, געזוכט.
היינט קלאָרע פרייד פון איינזאַם,
ווי זון אויף ריינער פרוכט.
(פעברואַר 8).

קיין געמיינזאַם! פּאַביוס לינדן איז צוגעטיילט געוואָרן די „קלאָרע פרייד פון איינזאַם" און די שאַטנס פון זיין אייגענער פּילגעשטאַלטיקייט. ער בענקט נאָך דעם פאַרשטענדיקן טרויער פון מענערשער חברשאַפט, נאָך דעם שטילן באַוואוסטזיין פון קלוגע טריט, וואָס גייען צוזאַמען מיט דיר באַרג אַראָפּ, נאָך שמועסן וועגן דער גאַנצער קרעציקער מאַפּע אונ־דזערער, ביז דעם לעצטן געזעגענען; ווען עס גייען אויס ווערטער און איינער איז פאַראורטיילט צו שטיין געבויגן איבער דעם אַנדערן און זיך שפּיגלען אין דעם מעסערדיקן שוואַרץ פון ארון.

...מיט וויפל טעג איינזאַמקייט
דאַרף איך צאָלן פאַר אַ רגע צוויי־דריי־פּירזאַמקייט.
ווי אָפט טראַכט איך, אַז איך האָב נאָך צו ווינציק
געזופּט דעם לויג פון לעבן, דעם ווײַן פון ווייטיק
צו פאַרדינען די הייליקע גאָב —
כאַווערשאַפט.

(אפשר).

דער קלוגער מיטליעריקער יידישער פּאָעט בענקט גלייביק נאָך דעם גאָב — חברשאַפט.

אין דער דאָזיקער איינזאַמקייט הערט מען קלאָר, ווי עס רינט די צייט דורך די פינגערס. אין דער קלאָרער און געבענטשטער איינזאַמקייט וויל פּאַביוס לינד מער נישט קיין „ערזאַץ". דער „גיב און נעם" ווערט ביי אים פּאַראַפראַזירט אויף אַ האַרטער שאָלעכץ —

איך נאַר זיך נישט מיט קיינעמס ליבע
און איך אַליין — קיין סאַרווער פון געפיל.

(מיינע לידער).

פּאַביוס לינד איז צו שטאָלץ צו רעגענען אויף האַרטע מענטשן מיט האַניקדיקע סענטימענטן.

דורך טעג פון איינזאַמקייט האָט פּאַביוס לינד געשאַפן אַ מערקווערדיק געפעס. קיין געדאַנק איז נישט צו קאָמפּליצירט פאַר דער פאָרעם. ער שפּילט זיך מיט האַרטער פּראָזע און מאַכט פון איר די סובטילסטע פּאָעזיע און ער נעמט „הימלישע פּאָעזיע" און ער פאַרהאַרטעוועט זי בכיוון, פאַרפּראָזעוועט זי, ווייל ער וויל נישט זיין גלאַט „קיין סאַרווער פון געפיל".

געקומען איז די וויזיע פּאַביוס לינד דורך אַן אַנטפּלעקונג פון „נאָענטסטן שפּיגל" —

איך האָב דערזען — נישט אַ באַקאַנט געזיכט.
איך האָב נישט ווילנדיק געמורמלט: ער.
פון קאַלט געשליפענעם, פון גלאַטן שיכט
האָט אַ געדאַנק געוואַכט ווי דייטיק, קווער.
אַ טאַטע האָט דעראָנט זיין קינדס באַגער
און אים פאַרטרויט זיין קלוגן סוד פון ליכט.

ער. ער איך האָב געפּאָרשט דעם שפּיגל לאַנג
און זיך צעלאַכט פון זיך, כ׳בין דול, ס׳איז קלאָר.
(יאַנואַר 29).

און אַז ער האָט דערזען דעם אַנדערן, דעם אומבאַקאַנטן־באַקאַנטן, האָבן זיך ערשט גענומען מיניען געשטאַלטן און לעבנס. עס איז אויסגעוואַקסן די דאָמינירנדיקע און פאַרביקע געשטאַלט פאַביוס לינד. אין דער קאַליי־דאָסקאָפּישקייט האָבן זיך אָבער קיין מאָל נישט פאַרלוירן די צוויי אור־שפּרונג־פינטעלעך — טאַטע און מאַמע.

ביי מיין ערשטן אָפּפאָר האָט ער קלוג גערעדט פון פרייער בחירה,
מיך דערמאָנט איך זאָל אַ ייד זיין, זיך דערמאָנט אַן יאָרן־לויף.
(מיין טאַטע).

מיין מאַמעס בלאַנדקייט האָט געלויכטן אין מיין קינדיש קיניגרייך
מיט וואָרעם־דינער אומרו פון דעם לאַנדס נערוועזע טעכטער.
(מיין מאַמע).

דער נאָמען פאַביוס לינד מיט דעם אויסערלעך־פרעמדן קלאַנג איז סימבאָליש פאַר דעם סכום פון אַלע פרעמדקייטן, וואָס דער מאָדערנער דיכטער האָט אַריינגעזאַפּט, כדי צו באַרייכערן דאָס מקורדיק־יידישע, דאָס געירשנטע. דער קלאַנג פאַביוס לינד איז ענג פאַרבונדן מיט דער נייער פאָרעם און באַנייטן אינהאַלט און איז פונקט אַזאַ עטאַפּ, ווי עס זענען די יידישלעכע נעמען: מענדעלע, שלום עליכם, יצחק לייבוש, אברהם און משה לייב. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דווקא פאַביוס לינד זינגט איינע פון די רירנדיקסטע נאַציאָנאַלע לידער אין זיין „ליד צום יידישן פאָלק״ —

דענצמאָל ליב איך דיך, דו פאָלק פון גרינטלעך דורכגעאַרבעטער הויט,
מיט אַ ליבשאַפט, וואָס אַ זון האָט נישט געפילט נאָך צו אַ טאַטע.
דו, דאָס רעטעניש, דו אויסטראַכטער פון ענטפערס שיינע, זאַטע,
דו פאַרלייקענער פון צווייטן גרויסן רעטעניש — דעם טויט.

און ער דערשטאַפּלט זיך צו אַ „שפוך חמתך״־ליד —

הערט צו מיין זאָג, איר פעלקער פון דער ערד,
קומט, לאָמיר זיך אַ קוק טאָן אין די אויגן.
צי ווען אַנומלט איז אַרויס פון בויגן
אַ פייל און אונדז פאַרוואונדט — האָט איר געהערט?
(פעברואַר 22).

אָבער אויך אין דעם צאָרנליד דערגייט פּאַביוס לינד צו רחמנות —

איך וויל נישט שעלטן אייך. כ׳קוק צו מיט טרויער,
ווי איר פאַרגרייט פון אונדזערטוועגן מאָרד.

(פעברואַר 22).

פּאַביוס לינד רעסטאַווירט זיין מיליע. ער מאָלט זיין „אונדזער געסל״ מיט אַ ראָזענפעלדישער פעדער, אָבער מיט מער טרויער און ווייניקער לאַטוטיס־כעס. ער זוכט זיין ווינקל צווישן די יידישע דיכטערס און ער דערזעט ווי

פון מינסק ביז וואַרשע, פון ניו־יאָרק ביז באַלטע,
עס דאַכט זיך גאָר — אַ משוגעים־הויז.
נאָר נישט געאיילט, עס איז די אַלטע, אַלטע
בעל־חלום־, לערנער־ און מאַרטירער־קלויז.

ער מאָלט זיין שטאָם מיט אַ בענקשאַפט נאָך דעם טאַטן, וואָס „איז אַוועק אין אומגעשטילטער נאָך נישט אויסגעלעבטער עלטער״. פּאַביוס לינד באַקענט אונדז מיט דער היים־געבאָרענער פּויליש־יידישער מאַמע און מיט דעם טראַגיזם און וואָו־די־אויגן־טראָגן פון אַ יידישער מישפּחה —

אַ יידישע מישפּחה — זאָמען לויזע אויף דעם ווינט צעזייט.
(מיין מאַמע).

פּאַביוס לינד גיט דאָס אַלץ ווי אַ שליסל צו זיין גאַנצער פאַרביקער אומרואיקייט און צום טראַגישן אָפּשפּיגל פון אַלץ, וואָס ער האָט אָנגע־זאַמלט אין וויסן און אין פאַרשטיין — נישט ווי צויטן, נאָר ווי וואָרצלען. לעיעלעס בויט דאָס געשטאַלט פּאַביוס לינד מיט אַ מערקווערדיקער דראַ־מאַטישער אַלזייטיקייט און דורך דעם גאַנצן פּלאָנטער פון אומרואיקע, כמעט קאַטאַסטראָפאַלע צען יאָר גיט ער אונדז דאָס לעצטע, דאָס גע־שטאַלט אויף דעם סאַמע דנאָ, דעם פּאַביוס לינד, וואָס זוכט די רו אין דער פּערפעקציע פון סטאַטיק, אין דער שטילער מיטאָגדיקייט, אין דער זאַטער זוניקייט און אין „עקסטאַז פון פאַרנאַכטיקער זון״. ער זוכט די פאַרגלי־ווערטע רו אין זיין „עטיוד״, „חברשאַפט״, „אַנטעלאָפּן״, אין מוסטערן פון קילער שיינקייט, און ער דערגייט אין זיין ליד „פעברואַר 12״ צו דער אינטימיטעט פון טויט. פאַר מיר איז „פעברואַר 12״ צווישן די געקליבנסטע צען לידער אין דער יידישער פּאָעזיע. דאָס ליד מוז ציטירט ווערן אין גאַנצן:

זילבערנע בלענדן אַרום און אַרום
פליסטערן אין אויער פאַרטאַיעטע שטילקייטן.
איך לויש צו דעם לשון אָן ווערטער:
פאַר דיר און נאָך דיר מיליאָסן,
אַרום דיר לאַנגען און פלוינען מיט מענטשן,
ווי לאַנקעס מיט לעמער צעלייגטע,
נאָר דו ביסט אַליין.

מיט קילער מילך פליסן פון הימל
די העלע געלאַסענע שליאַכן
פון מיין פאַרזיגלטן גורל:
דאָס איז קלאָרקייט פון נאַכטלאַנד,
דער טאָל פון דעם טויט דעם ליבן
מיט זיינע בלויע, לעצטע לעגענדעס.

די לבנה, אַ פולע, אַן אָפענע
און מיר פאַרשטייען זיך קלוג,
פאַרשטייען זיך צערטלעך
אין רייפער, באַלאָדענער שעה.

אַלע פאַביוס ליגדס געשטאַלטן בענקען נאָך דו, אָן שרעק, נאָך דער קאַלטער אויסגעשטרעקטער האַנט פון באַגריס אין „טאָל פון טויט דעם ליבן".

א. לעיעלעס דאַרף נאָך אָפּגעשאַצט ווערן ווי דער איינציקאַרטיקער פאַרעם־מייסטער, ער דאַרף באַזונדערס פאַרבונדן ווערן מיט אַ סך לידער זיינע, וואָס זענען אומדערוואַרטע איבערראַשונגען אין דער יידישער פאָעזיע. א. לעיעלעס דאַרף אויך האָבן דעם קריטיקער, וואָס זאָל פשוט טייטלען, ווייזן אויף ווערטער, שורות, אויף געבוי, אויף ווענד, אויף מיין. איך האָב זיך געמוזט באַנוגענען אין מיין אָפּשאַצונג צו ווייזן, ווי א. לעיעלעס האָט דראַמאַטיש אויפגעבויט אַ געשטאַלט פון אַ טראַגישן יידישן דיכטער און אים פאַרקניפּט מיט צען יאָר.

פאַביוס ליגד האָט שוין לאַנג שלום געמאַכט מיט דער טויב־שטומער רעצענזענטישער איצטיקייט און ער האָט טיף באַנומען איר גאַנצע האָפּטלאָזיקייט. דאָס יידישע ליטעראַרישע געסל פאַרמאָגט ווייניק סטימולן פאַר פאַביוס ליגדס ליד. ער דאַרף עס אָבער נישט, ער ווייסט, אַז

וי לאַנג אַ צונג וועט בלוטיקן מיט וואָרט אויף ערד,
וועט צווישן טויט און לעבן יידיש זיין געהערט,

וועט מאָנען לאַנג אַזוי די אויסטערלישע ווידוי
פון מיינע אַנדערשדיקע, אומרואיקע לידער.

(אויך איך).

וועט מאָנען לאַנג די אויסטערלישע ווידוי.
אייביק.

(אינזיך, אַפּריל 1937)

# לידער פון לעיעלעסן

נאָך דעם סאָנעטן־רינג „הערבסט" האָט א. לעיעלעס נישט געטאָרט אָנשרייבן זיינע סאָבוויילידער און זיינע „עפּעמערא". נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען שלעכט. די פּערטע סאָבווייליד געפעלט מיר זייער. די לעצטע טייל פון „עפּעמערא" געפעלט מיר אויך, אָבער דאָך האָבן זיי נישט געטאָרט אָנגעשריבן ווערן אָדער (אפשר) אָפּגעדרוקט ווערן, ווייל דער סאָנעטן־רינג „הערבסט" איז אַ מין „קליינער טעסטאַמענט" צום „גרעסערן טעסטאַמענט" — די לידער געזאַמלט אין „יונג־האַרבסט". נאָך קלערער: קיין געלונגענע פאַרקירצונג, קיין בעסערן תמצית פון א. לעיעלעס לידער האָט קיינער נישט געקאָנט געבן ווי א. לעיעלעס אַליין מיט זיין „הערבסט". דעריבער, ווען אַ מענטש זאַמלט אַלע זיינע לידער און סינאָפּטיזירט זיך יאָ אַזוי גרויסאַרטיק, טאָר ער נישט שפּעטער נעמען אַ בלאַנדזשענדיקן טאָן פון זיין אייגענעם בוך לידער און עס נאָך אַ מאָל וואַריאירן הן אין אינהאַלט, הן אין פאָרעם. דאָס פּנים דאַרף זיין געוועגדט פאַר זיך און נישט הינטער זיך. בלעטערן זיינע אייגענע לידער וועל איך שוין. פאַר אים בלויז דער עגבערדיקער: „וואָס ווייטער" ?

## א.

אויף די קרומע וועגן פון האַרץ און די תהומות פון זעל ברענט קאַלייַדאָסקאָפּיש דאָס דולהויז פון אַלע קאַלירן. ברענט דאָרט סעלימאַ „מיט רויטער און פלאַמענדיקער ווייכקייט", ברענט דאָרט וויאָלאַ „איינגעהילט אין

לילאַ־שימער״, ברענט דאָרט „יוני־בליצן־יאַלאַנדאַ״, עלאַדעאַ מיט „דעם זון אין אָראַנזש־גאָלד״, ברענט דאָרט קאַראַהילד „אין שלייערן פון קרעפּ גע־הילט״. פלאַמען רויט, פלאַמען געל. איז דאָרט שוואַרץ? ניין, העל. העל — אַ צוזאַמענגעטאַנץ פון אַלע קאָלירן. אָדער אפשר זייַנען עס גאָר ניט קיין קאָלירן, נאָר „צעשמאָלצענער, אין שרעק צעגאַנגענער, וואַנזין״, וואָס ברענט אַזוי פיל קאָלירנדיק? וואַנזין, ווייל טאָג נאָך טאָג, טאָג נאָך טאָג איז ער פּאַראורטיילט צו שפּירן דעם גערוך פון אייגענעם פוילן, וואַנזין, ווייל ער וויל אים זען פּנים אל פּנים. וואַנזין און אוממאַכט, ווייל ס׳ווערן מיד די הענט קלאַפּנדיק אין די ווענט פון צעל, ווייל ס׳קלאַפּן זיך אָן די פינגערס אין „דרייסיק ווענט״. „ווינקלען און שפּיצן. ווינקלען און שפּיצן״. ס׳ברענט וואַנזין אין אוממאַכט.

דער פלאַקער פון שיגעון דערגרייכט זיין העכסטן שפּיץ און שרומפּט איין אין פייערלעך, פייערלעך אין פלעמלעך, פלעמלעך אין קליינע פונקען, וואָס ווערן צוגעדעקט אונטער אַש, גרייט זיך ווייטער צו ברענען ביי דער מינדסטער געלעגנהייט. אָבער איצט הערשט דער האַלב־קלאָרער צושטאַנד פון אוממאַכט. אַליין זיך פאַרבונדן דאָס מויל. אַליין זיך געבונדן די הענט אויף אַהינטער. זיך אַליין באַפוילן: טו נישט וואָס דו האָסט געוואָלט טאָן, רעד נישט וואָס דו האָסט געוואָלט רעדן. אויף די כוואַליעס פון אוממאַכט וויגט זיך דער קראַנקער זין. און שטיל בענקט דער קראַנקער קאָפּ נאָך דעם נישט־דערגרייכלעכן. אַרום אים אַ צירקל פון הייליקער אומ־מאַכט, אפשר טראַנס; שטייגן אויף „זכרונות, בילדער, זעאונגען, פיגורן פון עפּעס גאָר אַן אַנדערשדיקער וועלט״.

**קינדעריאָרן, שוליאָרן, שול־געביידע. שילערס.** שטימען ווי „ניס אָן אַ פלאַכן טעלער״. אַליין אַזאַ בלאָנדער, פרישער, העלער, מיט אַזאַ העלן, בלאָנדן געלעכטער. צעריסן — קאָלטער שכל: ניו־יאָרק. אַליין אין צימער. ס׳איז בלויז דער „גרילנדער זינג־זאַנג פון ראַדיאַטאָר״.

אין די אָרעמס פון הייליקער אוממאַכט. די קוילן פון שיגעון צוגע־דעקט מיט אַש. אין קאָפּ אַ באַרואיקנדיק בלוי פייערל שפּינט ווייטער: „אַ ווייסער אינדישער טעמפּל. יונגע מיידלעך... זייַנען מקריב זייער מייד־לישקייט. איך בין דער פּריסטער אינעם טעמפּל פון פּרוטבאַרקייט... מאַג־נאָליאַ־ביימער שפּרייטן זייער ווייסע שמעקנדיקע בליאונג. איך, געטריבן פון זונשיין און די פּלאַצנדע קנאָספּן, לויף אין וואַלד און זוך... איך פאַנג זי״. צערונען. קאַלטער שכל: קעלנער, סענדוויטש, טומבאַנק, רעסטאָראַ־

טאָרס טאָכטער. נישטאָ קיין רו. „אין די טאָלן פון אייביקער אומרו, זינד און נישטיקייט". „גרוי און קאַלט. אין די אויערן איין שלוכץ. מאַנאַטאַן, מאַנאַטאַן."

שיגעון איז כאַטש פאַרביק. שיגעון איז וויזיאָנעריש. שיגעון איז קלע־טערן אויף אַ צוויי־שאַרפיקער שווערד. אָבער צווישן שיגעון און שי־געון באַהעפטן זיך די טעג און נעכט מיט גרויען לאַנגווייל און ס'גע־שעט דער נודנער אינהאַלטסלאָזער געפעכט מיט דעם „גרויען שלאַנגענ־קאָפּ". דער אַראָפּ און אַרויף אין די וואַסערן פון שיגעון פאַרשלינגט וואָכן, חדשים און וואַשט זיי אַוועק ווי רגעס. בלויז דער קאַלטער מענטש־לעכער, בוכהאַלטערישער ציפער פאַררעכנט טרוקן די יאָרן. „ערגעץ וואו אין אַ בוך זיינען מיינע יאָרן פאַרשריבן, און זיכער איז עס, אַז איך בין איצט עלטער, ווי מיט פופצן יאָר צוריק". דער געפעכט מיט לאַנגווייל ברענגט צו די אויערן דעם דורכרויש פון יעדער פאַרגייענדי־קער רגע. יעדע פאַרגייענדיקע מינוט זשומעט אַריין אין אויער איר שפּאָטישן „אַדיע". אַלע שעהען שלייכן זיך צונויף און „שטעלן זיך אויס אין צווייען" און גרינזען מיט די „ברייטמויליקע מאַסקן". יעדע טרייסט פון דער „בעסטער" שעה ווערט איבערגעדעקט מיט דיקע שוואַרצע וואָלן פון דער „ערגסטער".

— פינף צימערן
איך איינער אין זיי.

דער מאָדערנער דערוואַקסענער מענטש ווערט אַ קינד און קריגט אין זיינע צימערן „מאָדנע מורא".

די מורא דערוועגט, דערשטיקט, מאַכט אונטערטעניק, פאַרשטיינערט, דערלייזט אין דער פאַרשטיינערונג. אַלע מוראס ווערן פאַרגעצט און פאַרשטיינערט. ער אַליין, דער אייבערגעץ אויף אַ טראָן פון זיינע ליבלינג קאָלירן — אַ שטיין. ער, דער אונטערטעניקער, האָט אַלץ פאַראונטער־טעניקט; ער, דער אייבערגעץ, דערשטיקט זיינע אונטערטאַנען און בלייבט אַליין אין דעם „שלאָס פון קאַלטע, בלישטשענדיקע כריזאָפּראַזן". אַליין אין די פינף צימערן — אַ שטיין.

נירוואַנאַ.

ב.

דער פּיין פון הינט אין פרייד פון פּאָרן. דער יאָמער פון קעץ איינע נאָך דער אַנדערער אויף די שטאָטדעכער דורך דער נאַכט. דער נאַקע־טער אדם יאָגט זיך אַ ווילדער נאָך זיין „פּרעהיסטאָרישן זיווג" און ווייס עס קאָסטן בלוט, וועט עס קאָסטן. עס מוז געשען. ער האָט פאַר־נומען דאָס געבעט פון זיין פאַרלאָרענער העלפט. צוויי העלפטן יאָמערן נאָך גאַנצקייט. די האַנט בלאָנדזשעט אום און שאַפט געשטאַלט נאָך גע־שטאַלט, שיינקייטס־באַגריף נאָך שיינקייטס־באַגריף. אַלע מאָדעלן און מוסטערן זיינען צעבראָכן. די קעפּ פון די געטער אָפּגעהאַקט. שפּינט ער אַליין שיינקייט נאָך שיינקייט, קלעפּט ער אַליין ביוסט נאָך ביוסט. ביסטו מיין גאָט? ביסטו מיין גאַנצקייט? ביסטו מיין בענקשאַפט? די האַנט בלאָנדזשעט אום און שאַפט, אָבער די אויגן וויינען: דאָ נישט דערשפּיצט, דאָרט נישט דערגאַנצט. דער געיעג איז אָור, רוי, רויט, מוסקוליעז און שטאַרק. דער פאַנג: ראַפינירט, איידל, באַגרענעצט, שפּינ־וועבסדיק. אונדזערע אויגן וויינען, אונדזער אומגליק. אונדזער בענקשאַפט. אונדזערע צערונענע ווילנס. די האַנט בלאָנדזשעט און קלעפּט מאָדעל נאָך מאָדעל. די האַנט בלאָנדזשעט, קלעפּט און צעברעכט מאָדעל נאָך מאָדעל. שיינקייט, וואָס ווערט געבאָרן דורך פּיין. פּיינלעכע שיינקייט.

ווער איז דער „פּרעהיסטאָרישער זיווג"? איז עס גרין, געל, וויאָלעט, רויט, שוואַרץ, אָדער די וואַקכאַנאַליע פון אַלע? ווער קאָן וויסן? אַ מאָל זיגט עלאַדעאַ, און אַ מאָל — קאַראַהילד, און אַ מאָל שטרעקן אַלע אויס די הענט און „קריצן אויס אין דער רויטקייט פון האַרץ בלייכע, קאַבאַ־ליסטישע צייכנס" און מען פאַלט בלויז אַריין אין הינערפלעט פון זייער בלייכקייט.

ער און זיין שיינקייט זיינען אָפּגעשפּאָלטן, אָפּגעזונדערט. אין די וועלדער טראָגט זיך דער ווילדער געבריל פון דעם נאַקעטן אדם, וואָס יאָגט זיך נאָך זיין העלפט. דער געבריל פון פּיין אין זוכן, דער פּיין פון נישט געפונענעם געפינס. דורך דער נאַכט יאָמערט דאָס בענקען פון קעצל. אַפילו די בלעטער „שושקען זיך, האַרן, נאַרן, וואַרטן אין אַ צאַרטן און פאַרשמאַכטן פיבער". די רויטע געאָרגינעס „פלאַמען מיט בלוטיקער בענקשאַפט", און די אילוזיע איז „פּיינלעך שיין". שיין און פּיינלעך. נישט דערגרייכטע בענקשאַפט נעמט דורך מיט אַ נאָך „קיין מאָל נישט גע־פילטער פיעטעט". הערט זיך דאָס שטילע פליסטערן פון תפילות אין דער

שטילער איינזאַמקייט פון קלויסטערצעל, וואָס ווערט אָפּגעהאַקט פון צייט צו צייט מיט דעם געוויין נאָך ז י י ן בעאַטריטשע.

די שטאַפּלען פון פּיעטעט זיינען אַ סך. און ווען דער מאָגערער, אויס־געצערטער אַסקעטישער גוף קלעטערט, דערגרייכט ער מיט עקשנות די העכסטע הייך. אויבן צערינט זיך: איך און ער, ער און זי, זי און שיינ־קייט און גאָט. ער איז גאָט. ער איז „מאַן־ווייב־גאָט". אָבער איינזאַם שפּינען זיך די טעג. די וויסטע אינהאַלטלאָזע אַרבעט פון בויען וועלטן און מאַכן וויסט. דאָרט אויף דער סאַמע הייך איז טרויעריק. „אַ גאָט אָן ברידער געטער". שיינקייט איז צערונען, און ס'בלייבט ער — דער אַלמעכטיקסטער, דער איינזאַמער, דער טרויעריקער, דער אַלייניקער. ס'בלייבט פּיין.

און אויבן אויף דער העכסטער הייך — דער ענדציל פון אַלע גיל־גולים, די לעצטע שטיג פון די ווינדלטרעפּ — מורא, שיגעון, לאַנגווייל, גאָט־זוכעניש, שיינקייט־זוכעניש, נירוואַנאַ — זיצט ער אַליין און ברומט צו זיך: „איך גיי אונטער". אַלע ליכטער און אַלע פאַרבן „בלענדן און פינטלען", אָבער ער איז שוין מיד פון די ליכטער און פאַרבן. „עס נענט דער טאָג פון אַלע טעג". אַליין וועט ער גיין אויפן טונקעלן וועג. ער — „מאַן־ווייב־גאָט".

די ענד אפילו פון פּיין.

ג.

די קורצע נערוועזע שורה, אַנשטאָט די מעדיטאַטיוו־לאַנגע, איז כאַ־ראַקטעריסטיש לעיעלעסעס. דאָס פיבערדיקע וועלן זאָגן, דאָס שנעלע וועלן דערגרייכן. שנעלער, גיכער צום ציל. ערגעץ וואו, גאָט ווייס וואו, איז די מעטע. ער מוז שנעלער ווי אַלע דערלויפן, אַלעמען פאַרלויפן, זיין ערשט. ער הייבט אָן לויפן מיט דער בעסטער צידה לדרך און פאַרלירט אָפּט שטיק נאָך שטיק לויפנדיק און קומט אָן אַ פאַרסאַפּעטער, אַ פאַר־שוויצטער און אָפּט מאָל אַ צעשויבערטער. די „איך־זיך" רעגאַליאַ — אינטראָספּעקטיוויזם, קאַליידאָסקאָפּישקייט און כאַאָס — זיינען ביי א. לע־יעלעס נישט נאָר בלויז ווערטער, ער איז דער א י י נ צ י ק ע ר פון „איך־זיך", ביי וועמען דאָס זיינען ממש די רויטע בלוט־קערפּערלעך. אַלע אַנ־דערע פון „איך זיך" האָבן זיכער עלעמענטן פון דעם. אַ. לעיעלעס איז

פאַקטיש דער איינציקער פּולבלוטיקער אינטראָספּעקטיוויסט, זאָל דער סוד צום דערשיינען פון זיין בוך לידער אָפּן אַרויסגעזאָגט ווערן. לעיעלע־סעס טעמפּעראַמענט האָט געמוזט געבערן דעם כאַאָס מיט דער קאַליי־דאָסקאָפּישקייט, אָבער כאַאָס אין די הענט פון אַזאַ טעמפּעראַמענט ווי לע־יעלעסעס ווערט אָפּט אַ שאַפונג־פּראָצעס אָן פּרוכט.

דער אונטערשייד פון אַלע פּאָעטישע שולן אויף איין זייט און דעם דאַדאַאיזם אויף דער צווייטער זייט איז ניט נאָר וואָס אַלע פּאָעטישע ריכטונגען זיינען קאָנסטרוקטיוו און דער דאַדאַאיזם איז דעסטרוקטיוו, נאָר נאָך עפּעס, און דאָס האָט מען פאַרפעלט אונטערצושטרייכן. יעדע פּאָעטישע קאָנצעפּציע איז אַ כאַאָטישע, דער אונטערשייד איז בלויז: די רעזולטאַטן פון פּאָעזיע זיינען אפשר פּלאָנפולער כאַאָס און דאַדאַאיזם איז פּלאָנלאָזער אָדער כאַאָטישער כאַאָס, ווי לע־בערלעך דאָס זאָל נישט קלינגען. אַלע לעיעלעסעס לידער זיינען (מיט דער אויסנאַם דווקא פון דעם געפּלאָנטן סאָנעט „ווינקלען״) פּלאָנפולער כאַאָס, ד״ה כימעט מיט דעם קאָנווענציאָנעלן אַריינפיר, אינהאַלט און סוף פון יעדער ליד. הייסט עס, אַז דאָ טאָר שוין דער כאַאָס נישט באַנוצט ווערן ווי דער קעגנזאַץ פון קאָנצענטרירטקייט, ווייל דער כאַאָס איז דאָ אַן אינטעגראַלע טייל פון דעם ליד און ווערט אָנגעפירט און אַרויסגעהאָלפן פון „שכל הישר״, ווי ס׳באַווייזט דער אַריינפיר, אינהאַלט און אויספיר. דער כאַאָס טאָר דעריבער נישט עובר זיין אויף דעם אַלט־פּאָעטישן כלל פון קאָנצענטרירטקייט, פּשוט, ווייל לויזקייט און קאָנצענטראַציע זיינען נישט מעגלעך אויף איין און דעם זעלבן אָרט אין דער זעלבער צייט.

כ׳ווייס, אַז דער קאַמף קעגן קאָנצענטרירטקייט איז געווען איינער פון די הויפּט יסודות פון „אין זיך״. אָבער איך האָב עס שוין נישט איין מאָל רעוווידירט און מען מוז זיך וועגן דעם אויסטענהן, ווייל דער רע־זולטאַט פון פּלאָנפולן כאַאָס מיט לויזקייט איז אָפּט אַ לעכערלעך־קינדי־שער פּרואוו אויף עפּעס, וואָס איז נישט הערויאיש גענוג צו צעשטערן און צו קינדיש־הילפלאָז צו בויען. דער איינדרוק איז פּראָזע. דורכטאָנצנ־דיקע גראַמען מאַכן עס נאָך ערגער. די קורצע שורות ווערן שוין מער נישט די רעזולטאַטן פון טעמפּעראַמענט, נאָר דער סטאַקאַטאָ ווערט אַ הילפלאָזער און אַ קורץ־אָטעמדיקער. די מאָדערנע יידישע פּאָעזיע האָט עפּעס געוואונען און באַלד עפּעס פאַרלאָרן אין דער זעלבער צייט. מאָדער־ניזם איז געוואָרן אַ סינאָנים פון פרייהייט. מען פאַרזעט, אַז נייע

פרייהייטן מוזן אויך מיט זיך ברענגען גייע צוימען. ס'זיינען שוין איצט קענטיק צוויי הערשנדיקע פּראַקציעס אין דער איצטיקער יידישער מאָדערנער פּאָעזיע: „קאָנסערוואַטיווער מאָ־דערניזם" (מיין דעפיניציע: נייער אינהאַלט און נייע צוימען) און אולטראַ־מאָדערניזם (כ'האָב נישט קיין דעפיניציע דערפאַר, אָבער כ'פאַרגין זיי דעם נאָמען).

די אינזיכיסטן זיינען געווען די ערשטע און די געוואַגטסטע צעברע־כערס, אָבער פאַרכאַפּנדיק טראַנשיי נאָך טראַנשיי, האָט מען אויך אויפ־געבויט אין דער זעלבער צייט אַ קאָמפּליצירטן בנין מיט אַ לאַבירינט פון חדרים. גיי, בלאָנדזשע וואו דו ווילסט, ווער פאַרפאַלן, קום אַרויס, פאַרבלייב. אָבער אַ בנין און אויף אַ געוויסן שטח און נישט שטחלאָזיקייט, ווייל שטחלאָזיקייט מיינט פאַרעמלאָזיקייט און פאַרעמלאָזיקייט מעג זיך זיין די פּאָעזיע פון דער צוקונפט, אָבער מיך אינטערעסירט עס נישט. די „קאָנסערוואַטיווע מאָדערניסטן", ד"ה, אינזיכיסטן, זינדיקן אויך אַ מאָל און ס'פאַרדרייט זיך זיי דער קאָפּ פון צו פיל „פרייהייט". עס זינדיקט אויך אַ מאָל א. לעיעלעס.

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָב איך זיך פאַרנומען הויפּטזאַכלעך מיט דעם אינעווייניקסטן געוועב פון א. לעיעלעסעס פּאָעטישע אַרבעטן. איצט רעד איך ווי אַ קאָלעגע צו אַ קאָלעגע וועגן דעם אויסערלעכן גע־בוי פון לידער. מען קאָן עס, נאַטירלעך, אָפּפטרן מיט דעם, וואָס א. לע־יעלעס איז אפשר מאָדערנער פון מיר, אָבער כ'גלייב קוים, צי א. לע־יעלעס אַליין וועט זיך וועלן באַפּאַנצערן מיט דעם. ס'שאַדט נישט זיך אַדורכשמועסן אַ מאָל וועגן דעם „ווי אַזוי מען מאַכט עס", ספּעציעל, ווען דאָס גוטע אויסגערעכנטע „מאַכן" איז, גאָט צו דאַנקען ביי אונדז ווייניקסטנס ניט קיין זידלוואָרט. פערזענלעך דאַרפן מיך אייגנטלעך נישט אינטערעסירן לעיעלעסעס דורכפאַלן, פּונקט ווי אים דאַרפן נישט אינטע־רעסירן מיינע. לעיעלעסעס פּאָעטישע פיזיאָנאָמיע, ווי איך האָב זי אָנ־געצייכנט אין די ערשטע צוויי קאַפּיטלען, זאָגט עדות, אַז זיינע דורכפאַלן זיינען דורכויס זיינע און זיינע שטרויכלונגען זיינען אייגן, אָבער אונדזערס אַ וויכטיקער קאָלעגע האָט געמאַכט זיינע לידער. ווער איז דער „אין זיך"? דער „אין זיך" איז נישט קיין אַבסטראַקציע. אַ גרויס שטיק „אין זיך" מיינט אין פּשוטע ווערטער א. לעיעלעס. דערפאַר ווען איך רעד וועגן א. לעיעלעס, רעד איך איצט וועגן „אין זיך", און פאַרקערט.

אַ מוסטער פון פּראַכטפולן און דיסציפּלינירטן פרייען פערז איז דאָס ליד „די צייט".

עפּעס זונדערבאַרעס, וואונדערבאַרעס
פריידיקט זיך אין דעם שטיקל ערד,
וואָס נערט מיין פיקוס־בוים.
אַ פייערלעכער סאַקראַמענט
הייליקט זיך צווישן די ווענט פון דעם טאָפּ,
וואו עס וואַקסט מיין פיקוס־בוים,
און ברענט אין די אויפגייענדע קנאָספּן.

...ביינאַכט, ווען איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף,
הער איך אַ מאָדנע פליסטערן
צווישן די פליישיקע בלעטער פון מיין פיקוס.
זיי רעדן,
שושקען זיך,
האַרן, גאַרן, וואַרטן
אין אַ צאַרטן און פאַרשמאַכטן פיבער.

ווי גלוסטיק ענטפערט אָפּ
מיין ברודער אין דעם רויטן טאָפּ
אויף דעם רוף פון דער צייט!

אַ שטיק פאַרפרוירענע שיינקייט. די דורכלויפנדיקע גראַמען שטילע, איינגעהאַלטענע, נישט וואולגאַרע (אין מילדן זין פון וואָרט), די שורות קאָמפּאַקטע, צעמענטירטע. נאָך אַ מוסטער איז דאָס ליד „איינער", מיט דער עלעגישקייט פון ריטעם און דעם שטילן שוואַרצן שאַרכן פון די שורות.

צימערן.
זיינען עס מער נישט קיין צימערן.
אַ לאַנגער, גראָער לאַבירינט.
שאָטנט אַ שאָטן און פאַרשווינדט,
ווייזט אַ געשטאַלט זיך און צערינט.
טרויערט אין ווינקל מיין בעסטע שעה,
לויערט אין אַן אַנדערן מיין ערגסטע.
שלייכן זיך צונויף אַלע מיינע שעהען,
גרינזען מיט די ברייט־מויליקע מאָסקן

און שטעלן זיך אויס אין צווייען —
אין לאַנגע, לאַנגע רייען.
קריך איך צווישן די גראָע שערענגעס
און פרעג: ווער איז דאָ געווען מיט מיר
און ווער אַט דאָ?
קריכן אַריין מיר אין פּנים די שעהען,
פֿאַרפֿאַלט וואו אין גראָען פון מאַסקן־געלעכטער מיין האַרץ —
גראָ,
גראָ,
שוואַרץ.

אַ מוסטער פון „פרייען", אומדיסציפּלינירטן פרייען פערז איז דאָס ליד „גאַטס האַרץ". די שורות טאַנצן לויזע, צווישן שורה און שורה געגעצט אַ פוסטקייט. גאַנצע פּאַראַגראַפן גייען אַוועק אָן איין בילד.

און פאַרסמט מיך,
און מאַכט מיך קראַנק,
מיט דער קראַנקייט
אאַז"וו

די גראַמען גרילצן אַדורך מיט אַ ביליקן סוויסטש: ראַקעטן, קאַרסעטן, מאַנזשעטן, ציגאַרעטן, רעדער, בעדער, פעדער, לעדער.

אומדיסציפּלינירטער פרייער פערז ווערט אַ געשוועסטער־קינד צו מאַדאַם מעלאָדעקלאַמאַציע, ווייל אין דעם „פּראָצעס" פון דיסציפּלינלאָזי־קייט מוזן אינעווייניקסטע פּאָעטישע בילדער און פיגורן אַרויסשווימען אויפן אייבערפלאַך און ווערן צו אַנרירלעך. די קאָמפּליצירטע מוזיק פון פרייען פערז ווערט נאָך מער פּרימיטיוו ווי דאָס פּרימיטיוווסטע ריטמישע „לידל". דערפאַר דער גלייכער באַרג אַראָפּ צו מעלאָדעקלאַמאַציע.

אַ מוסטער פון מעלאָדעקלאַמאַציע:

קומט, בעטער, צו מיר.
מיר וועלן גיין צום טייך,
צום גרויסן הייליקן טייך,
וואו עס שפּיגלט זיך דאָס גאָלד,
דאָס זון־ און אָראַנזש־גאָלד
פון עלאָדעאָן.

מיר װעלן שטײן בײם טײַך,
װאו עס איז צעגאָסן דאָס גאָלד,
צעפּלאָסן דאָס העלע גאָלד
פון עלאָדעאָן.
און מיר װעלן װאַרפן אין טײַך
דאָס גאַנצע צירונג אונדזערס:
אַמעטיסטן פון געקאָנט;
רובינען פון געדאַרפט;
טאָפּאַזן פון געזאָלט, געזאָלט, געזאָלט.

מיר װעלן זיך דאָן שטעלן אויף די קני
און געבן זיך די הענט,
און זינגען שטיל און לאַנג,
און זינגען לאַנג און באַנג,
דאָס דאָזיקע געזאַנג:

גלעקלעך פון גאָלד,
קלאַנגען פון זון־אָראַנזש־גאָלד;
אַ מעשׂה װאָס האָט געזאָלט,
אַ מעשׂה װאָס האָט געזאָלט זײַן
און נישט געװען.

(פון „עלאָדעאָ״).

**און דאָס פירט מיך צו לעיעלעסעס נאַציאָנאַלע לידער.**

**ד.**

**אין דעם גאַנצן פּלאַן פון מײַן עסײ האָב איך דערװײל נישט באַרירט די אַזוי־גערופענע נאַציאָנאַלע לידער פון א. לעיעלעס. כ׳האָב זײ געלאָזט אויף לעצט, װײל זײ קאָמבינירן אַלע חסרונות פון א. לעיעלעס מיט אַלע זײנע בעסטע מעלות. א. לעיעלעס איז אײנער פון די געצײלטע, װאָס װײסן דעם כּישוף פון פרײען פערז און װײסן דעם סוד פון זײַן אינעװײ־ניקסטער מוזיק. אָבער א. לעיעלעס „מיסברויכט אים אויך און ברענגט אים אַ קרבן אויפן מיזבח פון דער לויזערער פרײהײט, דער מאָדאַם „אול־טראַ־מאָדערניזם״.**

**ס׳איז נישט געװען און האָט נישט געדאַרפט זײן קײן שום אינעװײ־**

ניקסטער דראַנג ביי א. לעיעלעס אָנצושרייבן די אַזוי־גערופענע נאַציאָנאַלע לידער זיינע. זיין איין ליד „טאָאָס“ איז פאַר מיר, דעם פּאָעט, וויכטיקער, ווי אַלע זיינע נאַציאָנאַלע לידער צוזאַמענגענומען. ווען אַ פּאָעט זאָגט ער גייט אונטער איז עס אינקלוזיוו געווג פאַר געזעלשאַפטן, נאַציעס און ראַסן. זיינע נאַציאָנאַלע לידער זיינען צייטפּייגעלעך, אַן אַבאַרציע, מס און צינז צו אונדזערע געקרוינטע נאַציאָנאַלע זינגערס, וואָס האָבן זיך גענומען באַגראַמען אונדזער בראָך און מאַכן שנעלן געברויך פון אונדזער אומגליק. מיט נאַציאָנאַלן אומגליק איז, חלילה, נישטאָ צו שטאָלצירן. אומגליק איז דער קעגנזאַץ פון גליק. פעלקער זיינען ווי מענטשן, אָדער געזונט אָדער קראַנק. קראַנקייט איז אַן אומגליק און נישט שיין, און הויך זיך צו גאַרגלען ווען דעם איז נישטאָ פאַר וואָס, סיידן שטאָף פאַר די, וואָס זיינען ממונה איבער אונדזער קוואַנטיטאַטיווקייט, די וואָס ציילן די זייטלעך פון אונדזער ליטעראַטור און שפּרעכן אונדז אָפּ אַ גוט־אויג און טאַנצן אונטער: קיין עין־הרע ווי מיר וואַקסן...

ח.

דער ברייטער שליאַך פון דער נאַציאָנאַלער טעמע; ס'אַראַ רחבות דאָרט איז! ווי פריי מען קאָן עס אַ שפּאַציר טאָן מיט „דעם וואָלף“, „די שטאָל“, „די נאַכט“ און די לעבערלעכע דילעטאַנטערייען פון „זרחי“. מען האָט באַשפּיגן דעם אייגענעם פרינץ־אַלבערט און אָנגעטאָן שמוציקע אַר־בעטער־קליידער. שוידערלעכקייט, מיינע וואַרשעווער קאָלעגן, איז דער קורס. וואויל! אַראָפּ מיט דעם פרינץ אַלבערט! אַרבעטער־קליידער זיינען איצט אין מאָדע, מיינע יידישע באַלשעוויסטישע פּאָעטן. אָבער ווי העלפט מיר גאָט כאָטש אַ פּאָר שיינע עטלעכע תחום־שבת פון אייך.

א. לעיעלעס איז אויך צוגעשטאַנען צום כאָר אונטערן דרוק פון דער צייט און אונטער דער פאָדערונג פון יענע, וואָס האָבן געשריען: וואו איז דער וויגעשריי פון דער צייט, מיטן אַקצענט אויף לעצטע געשעענישן, אויף סאַמע לעצטע, צאַפּלדיקע. א. לעיעלעס האָט ווייניקער געזינדיקט פון אַלעמען פשוט דערפאַר, ווייל ער קען שענער, ווייסט בעסער, פילט עלעגאַנטער, איז אַ וויכטיקערער פּאָעט ווי די אַנדערע. אָבער אַ זינד איז עס פאָרט. ווייל דער געלער וואַנזין איז צו מיר מער ווי קיאַ־הו־הע! צו לעיעלעסן אויך מער ווי דאָס. ווי שענער איז דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער אומגליק אַרויסגעזאָגט אין די פאָר איינפאַכע ווערטער: איך גיי אונטער. ער, דער „עולם קטן“, גייט אונטער! ווי שענער, ווי

געצוימטער, ווי אַריסטאָקראַטישער איז דער שלוכץ אין די סאָנעטן לעיע־לעסעס, ווי טיפער „אַ גאָט אָן ברידער געטער", ווי פאַרפרוירענער און רעזיגנאַטאָרישער אין „ווינקלען". די נאַציאָנאַלע לידער, וואָס פאַרנעמען כימעט אַ העלפט פון לעיעלעסעס בוך, זיינען זיינע לענגסטע, אָבער נישט זיינע גרעסטע לידער. זיי זיינען אין דער ווילדער קיאַ־הו־הע! אין כאַר פון די, וואָס האָבן זיך געווידמעט דער נאָבעלער אַרבעט פון באַשרייבן אונדזער „נאַציאָנאַלן אומגליק".

וואָס פלאָנטערן די אַלע נאַציאָנאַלע לידער אויף? וואָס פאַרפלאָנטערן זיי?

ווען דער געשמאַק פון די איצטיקע ליבהאָבערס פון מעלאָדעקלאַמאַציע וועט שטייגן, וועלן די אַלע נאַציאָנאַלע לידער קאָנען ווערן „פאָלקס־אייגנטום", אָבער שטייגן וועט דער געשמאַק זייערער מוזן צוליב דער פערפעקטער אַרבעט, וואָס איז פאַרשווענדט געוואָרן:

שווער און שווערער,
קיינמאָל נישט קלערער
קיינמאָל נישט מערער,
— מערער
שכל, זין.
ענג און ענגער.
וואָס נאָך לענגער?
אַלעמאָל שטרענגער,
שטרענגער
דער גזר־דין.

פון דער „מעשה פון די הונדערט"

און צוליב די פראַכטפולע אימאַזשן:

דער געלער וואַנזין שפּאַנט,
און צעשלאָנגט זיך אין אַ בויד־טאַנץ מיט דער אויפגעבליצטער קלאָרקייט,
וואָס האָט זיך פּלוצים צעלאַכט
מיט אַ קריידיקן לאַך.

פון „ליד פון געלן וואַנזין"

דעם מדברס גזר איז: איין און איין.
דער מדבר אָטעמט: ע־כ־אָ־ד...

פון „ווייס און גאָלד״

אין דעם האַרץ פון דעם מענטש נעסט זיך אַ פונק,
גייט עס אויף מיט שאַרלעך־פלאַמען,
ווערט עס אַ שריפה, וואָס ברענט און פאַרברענט, צינדט און פאַרלענדט.
לעשט די שריפה מיט אַן אַנדער פייער,
אַ ווייסן.
יהוה האָט עס פאַר אייך באַשטימט.
פאַרלענדט די רויטקייט מיט די שטראַמען, וואָס זיינען געלייטערט ווי
דער טאַנץ פון וואַסערפאַל.

פון „ווייס און גאָלד״

דאָס וואָלט איך געוואָלט אַרויסראַטעווען.
אידייען? שטיינער זיינען אויך גערוויכטיק, אָבער נישט זייער וויכטיק (פאַר מיר בכל־אופן נישט).
די שטילע, סוגעסטירנדיקע, פאַרבנרייכע, בילדלעכע, עלעגישע שורה איז מיינע און נישט די אָנגעבלאָזענע, הוילע, לויזע, פאַרבלאָזע און זאַמדיקע, ווי

טרוים פון טרוימען,
מענטשלעכסטער טרוים,
געטלעכסטער טרוים.
דערלייזער בלוט.

„ווייס און גאָלד״

אָדער:

צו שפעט.
צו שפעט.
לאָזט מיך אָפּ,
לייזט מיך אויס
גאַאַאַרנישטאַ.

„די מעשה פון די הונדערט״

לאָרענס דאַנבאַר האָט באַזונגען דעם טיפּן, שוואַרצן אומגליק פון זיין ראַסע אין קליינע, שיינע, רירנדיקע לידער, און ביי אונדז צעשמירט מען אונדזער אומגליק מיט שרעקצייכנס און אויסרוף־צייכנס.

א. לעיעלעס האָט די דאָזיקע לאַרבערן נישט באַדאַרפט. זאָלן עס פאַרברויכן געזונטערהייט די יעניקע, וואָס דאַרפן זיי און אָטעמען דערמיט, וואָס שטומצונגיקע גלאָקן פון דעם אָרעמען לייענער קלינגען נאָך אַנאַנד לעקישעוואַטע זייערע נעמען. אָבער א. לעיעלעס האָט זיך אָן די דאָזיקע באַציאַנאַלע אימאָרטעלן געקאָנט באַגיין. ווייל די לידער זיינע אויף די זייטיקע אַלייען אַרום דער „חיובהדיקער" באַציאַנאַלער טעמע זיינען גענוג טרויעריק, טיף מוזיקאַליש און ווייגען סיי ווי מיט זייער אייגנטלעכן יידישן געוויין.

(אין זיך, יאַנ׳ 1923)

## אַשר לעמלען

א. לעיעלעסעס אַשר לעמלען, אַ דראַמע אין אַכט בילדער, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין „האַמער", איז דערשינען אין בוכפאָרעם אין ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

אשר לעמלען איז אין דער פּראָבלעמאַטיק אַ המשך פון דעם דער־לייזער־מאָטיוו אין שלמה מולכו. שלמה מולכו, דער פּרינצלעכער משיח, ברעכט צוזאַמען צוליב דעם, וואָס די צייט איז אפשר נאָך נישט ראוי פאַר וועלט־פאַרבריידערונג. כאָטש אין זיך פאַרמאָגט מולכו גענוג וויזיע, וואָס קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין ממשות. אַשר לעמלען, דער פּראָסטער בעל־חלומות, פאַלט דורך צוליב דעם, וואָס עס סטייען אים נישט אינעווייניק־סטע כוחות, ווען ער זעט ווי משיחיזם ווערט פאַרוואַנדלט אין רעוואָלוציע, וואָס שפּאַנט אַריבער זיין אויסגעמאַגערטן גוף. מולכוס טראַגעדיע איז אפשר פּונקט אַזוי קאַרלס ווי מולכוס. און לעמלענס דורכפאַל איז, וואָס משיחיזם איז ביי אים אַ רוחניותדיקע זעאונג, וואָס קאַרטשעט זיך אין גאַנצן איין, ווען זי זעט דיווירקלעכקייט, ווי מענטשן לויפן ראַטעווען די אייגענע פעל.

שלמה מולכו איז געשריבן אין פרייען פערז און אַשר לעמלען אין פּראָזע. מולכו איז מער לעיעלעסעס אַ ווערק ווי אַשר לעמלען. אַשר לעמ־לען איז, לויט מיין מיינונג, לעיעלעסעס אָביעקטיווסט ווערק, וואו ער האָט מייסטעריש געאַרבעט מיט אַלע אַטריבוטן פון דער דראַמע. מיר אַליין איז אויך נענטער מולכו ווי לעמלען. לעיעלעס איז פאַר מיר הויפּטזאַכלעך דער פּאָעט, וואָס מאַכט גוואַלטריסן אין דעם יידישן פּאָעטישן וואָרט, און מיר איז נישט צום האַרצן, וואָס אין פּראָזע האָט ער אָנגענומען דעם לייכטן וועג. פון די כימעט טאָג־טעגלעכע לאַנגע שמועסן מיט לעיעלעסן ווייס איך,

ווי ערנסט ער אַליין איז איינס מיט דעם אינהאַלט פון זיינע גרעסערע אַר־בעטן. איך ווייס עס פון די פּראָבלעמען, וואָס אינטערעסירן אים. איך רעד אָבער דאָ הויפּטזאַכלעך פון פּאָרעם. גראָד בין איך איצט פּאַראינטערע־סירט אין פּראָזע, וואָס רייסט זיך אויך צו נייע וועגן און רייניקט דעם קויט פון וואָרט און באַגריף. לעיעלעסעס פּראָזעווערק שטייט אָפּ פון זיין פּאָעטישער אַרבעט דערמיט, וואָס עס איז צו אַקצעפּטירלעך אין אויסדרוק־אופן. ווען מען זאָל מיר שטעלן די קלאָץ־קשיה, ווי אַזוי לעמלען וואָלט באַדאַרפט געשריבן ווערן, וואָלט איך זיכער געווען אין פאַרלעגנהייט. אָבער איך מוז מודה זיין, אַז מיר איז שווערלעך צו לייענען די בלויז גוטע און כשרע עברי פון די דיאַלאָגן, מעגן זיי זיין ווי געטריי צו יעדער באַ־זונדערן כאַראַקטער.

עס קאָן זיין, אַז לויט אַלע כללים פון דיאַלאָג ריידן דורך אַלע אַכט בילדער פון אשר לעמלען לעבעדיקע מענטשן, וואָס אַנטוויקלען פאַר אונ־דזערע אויגן דראַמע, אָבער איך וואָלט געוואָלט, אַז די ווערטער אַליין זאָלן זיין אומרואיקער און ציטערדיקער.

עס זיינען אפשר פאַראַן צוויי שטאַנדפּונקטן: די יידישע ליטעראַטור און איר המשכדיקייט. מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, אַש, רייזען, בערגלסאָן, אָפּאַטאָשו. פון דעם שטאַנדפּונקט איז זיכער אַ פרייד, וואָס אונדזער לי־טעראַטור איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ ווערק, וואָס קאָן גאַנץ גוט אַוועק־געשטעלט ווערן אויף דער פּאָליצע אין יענער ליניע. עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ שטאַנדפּונקט: אַז די יידישע ליטעראַטור איז אַ טייל פון דער וועלט־ליטעראַטור און פּיבערט אויך מיט איר אומצופרידנקייט. קעגן דער יוסט־קייט פון וואַסערמאַן, פויכטוואַנגער, פּראַנס, מאַן, איז אויפגעשטאַנען דזשאָיס, וואָס וויל דערפירן דערצו, אַז לייענען ליטעראַטור זאָל שיער נישט ווערן אַזאַ קונסט ווי שרייבן. ווען מען טראַכט פון יידיש, ווי אַ רינג אין יענער גרויסער וועלטקייט, איז אשר לעמלען, לויט דער פאָרעם, צו דורכזיכטיק.

מיט לעיעלעסעס אייגענער פּאַרטיפונג, מיט זיין פּראָדוקטיוויטעט, מיט אשר לעמלען, ווי מיין חברס אַ ניי ווערק, פריי איך זיך. איך וואָלט אָבער געוואָלט, אַז לעיעלעס זאָל אויך אַריבערטראָגן אין דער פּראָזע זיין אומרו פון אויסדרוק אין דער פּאָעזיע. אשר לעמלען, האָב איך מורא, קאָן צו שנעל קריגן אַ ברייטע אוידיענץ, און איך האַלט עס נאָך אַלץ פאַר אַ געפאַר און אַ פּרובירשטיין אין קונסט.

(אינזיך, אַפּריל 1929)

# ה. רויזענבלאַט 70 יאָר

אויב מיט פּאָעזיע מיינט מען נאָך אַלץ די וועלט פון יחיד, איז אַ פּאָעט, נעבעך, איצט אויף גרויסע צרות. די צייט האָט פּשוט קיין צייט נישט פאַר אים. דער פּאָעט אַליין פילט זיך ווי אַן איבעריקער און באין ברירה כאַפּט ער זיך אויף אַרויף אויף דער קאַרהעל פון דער צייט און ער פאָרט מיט. אָבער זיבעציק יאָר לעבן פון אַ פּאָעט איז אַליין אַ שטיק אַנזעעוודיקע צייט און מ'מעג זיך, אַפילו אין אונדזערע היסטאָרישע טעג, אָפּשטעלן דערויף און פאַרצייכענען.

בפרט ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַזאַ פּאָעט ווי ה. רויזענבלאַט, וואָס האָט דער יידישער פּאָעזיע געשענקט פולע קוישן מיט בענטשונג, אין דעם קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט, זינט ער האָט אָנגעהויבן צו שניצן זיין ליד. אין 1900 איז ה. רויזענבלאַט געקומען מיט זיין ליד און מ'האָט גלייך דערזען אַ באַזונדער פּנים אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אירע ריזן. פאַר דעם יונגן דיכטער אַליין איז עס געווען אי אַ שווערער, אי אַ לייכטער אויפגאַב. שווער דערפאַר, ווייל מ'האָט באַדאַרפט פאַרמאָגן גאָר אַ סך גבורה, אַז מען זאָל זיך אַנזען אין אַ פּעריאָד, וואָס איז געווען אַ געמיש פון אידעאַליזם און ציניזם. געווען דעמאָלט אַ באָדן פאַר דעם לערער, וואָרטשרייער און הומאָריסטישן פערזן־פלעכטער. ווען רויזענבלאַט איז געקומען, איז שוין דער אייבנאָן געווען כמעט אין גאַנצן פאַרנומען, אָבער דער יונגערמאַנטשיק האָט געגעבן אַ קלוגן שמייכל און באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך ווי עס איז און וואו עס איז אַריינקוועטשן אויף דעם ענגן אייבנאָן — מ'וועט שוין מוזן מאַכן פּלאַץ פאַר אים.

און ווי שווער ס'איז רויזענבלאַטן אָנגעקומען, איז אים פּלוצעם קלאָר געוואָרן, אַז ס'איז פונדעסטוועגן אַ לייכטער עסק. ער מוז עפּעס ברענגען אַזוינס דער יידישער פּאָעזיע, וואָס נאָר ער אַליין איז בכוח צו ברענגען. און אויב בלויז ער אַליין קאָן עס טאָן, איז עס שוין לחלוטין נישט אַזוי שווער. ער האָט גיך באַשלאָסן, אַז דיכטעריש איז ער דער יונגער אַמע־ריקאַנער אין דער יידישער פּאָעזיע, עפּעס אַזוינס, וואָס נישט ראָזענפעלד, נישט ליעסין און אַפילו נישט דער פריער יהואָש זיינען געווען. סלאָגנס האָט עס יאָ געפּראוווט, אָבער סלאָגימען איז געלונגען בלויז צו געבן דעם אייבנאויפיקן אימפּעט פון דעם נייעם לאַנד.

רויזענבלאַט איז געקומען אַהער אַ דרייצן־יאָריקער בחור און ער

האָט גלייך דערשמעקט די נייע לופט און ער האָט זיך גענומען אויך איינהערן אין דער נייער מוזיק פון לאַנד.

ס'לוינט זיך אַ מאָל צו פאַרגלייכן רויזענבלאַטס לידער מיט לידער פון עלטערע יידישע פּאָעטן און אַפילו מיט שפּעטערדיקע לידער פון די „יונגע", וואָס זיינען אויך ווי די עלטערע פּאָעטן געקומען מיט אַ פּאַר־טיקער מוזיק, וואָס האָט געזונגען אין זייער געמיט.

בדרך כלל גערעדט, איז דאָס געווען די עלעמענטישע מוזיק פון פּושקינען און די קלוגע ראָמאַנטישע מוזיק פון היינען. אָט די מוזיקאַ־לישקייט, וואָס איז, לאָמיר אָנכאַפּן צווי מוזיקאַלישע ביישפּילן, אויסגעדריקט אין טשייקאָווסקיס „אַנדאַנטע קאַנטאַבילע" און אין שובערטס געזאַנג־לידער, האָט געזונגען אין די עלטערע יידישע פּאָעטן און אַפילו אין די יונגע, וואָס האָבן פון איין זייט אַ ביסל ראַפינירט און צוגעווירצט די מוזיק מיט דער רוסיש־אייראָפּעאישער מעלאַנכאָליע פון בריוסאָווין און פון דער אַנדערער זייט מיט דער וואַגנערישער אָפּערעטישקייט פון לי־ליענקראָנען.

רויזענבלאַטס לידער אַפילו פון זיין ערשטן פּעריאָד זענען זיך שוין אָן מיט זייער איינהערן זיך אין דער נייער מוזיק פון אונדזער לאַנד. כ'מוז דאָ אָפן צוגעבן, אַז איך אַליין בין גיכער אַ באַוואונדערער פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער מוזיק און ליד און פון די גרויסאַרטיקע אַמעריקאַנער צוגאָבן, וואָס האָבן דאָס ליד אויף אַן אמת מיט געוואָלט אַוועקגעפירט פון ניינצנטן יאָרהונדערט, פון דער מוזיקאַלישער פּעלערינע, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, און פון דעם צעכוואַליעטן שניפּס.

דער יונגער דיכטער רויזענבלאַט האָט זיך זייער גיך אָריענטירט און ער האָט באַלד דערפילט, אַז ער איז פּאָעטיש דער אַמעריקאַנער יידישער יונגערמאַן מיט דעם טראָפּ אויף זיין אַמעריקאַנישקייט, פּונקט ווי אויף זיין יידישקייט. זיין מוזיק איז גלייך געווען די מוזיק פון אַ נייער קלימאַטישקייט און פון זיין ערשטער זאַמלונג „לידער", וואָס איז דערשינען אין 1910, ביז זיין לעצטן בוך לידער „אין שאָטן פון מיין בוים", צו זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, איז ער פאַרבליבן דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעט.

פאַראַן אין רויזענבלאַטס לידער אַן אַמעריקאַנער גופיקע גייסטיקייט. אָן גוף ווערט די גייסטיקייט — גייסטערדיקייט און ס'האָט צו טאָן מיט אַזאַ שטאָף, וואָס איז נישט צוגענגלעך צו אונדזערע חושים. אין רויזענ־בלאַטס לידער איז אַלע מאָל געווען דער וואונדערלעכער באַלאַנס צווישן

גוף און גייסט. ס׳האָט צווישן זיי בײדע געהערשט גאָר אַ פײנע קאָאָר־דינאַציע. און פּונקט ווי ער איז, קיין עין הרע, אין לעבן אַ רירעוודיקער און ציטעריקער, אַזוי זײנען זײנע לידער קינסטלעריש ציכטיק און רי־רעוודיק.

די, וואָס פאַרשטייען זיך אויף דעם אינעווייניקסטן מעכאַניזם פון אַ ליד און וואָס ווייסן נאָך דערצו ווי שווער עס קומט אָן צוזאַמענצו־שרויפן די אַלע גילדערנע שרייפלעך, מוזן באַוואונדערן ווי פײן און עלעגאַנט דאָס ווערט געטאָן דורך אונדזער זיבעציק־יאָריקן יובילאַר. זײנע געניטע פּאַטעטישע פינגערס לאָזן נישט דורך קיין איין דעטאַל. אינ־האַלט, מוזיק, וואָרט, שאַטנס פון ווערטער, פּערזענלעכער ריטם — אַלץ ווערט געהאַלטן אונטער דער שטרענגסטער קינסטלערישער קאָנטראָל. קיין איין גילדן שרייפל ווערט נישט לויז אַריינגעשרויפט אין ליד. מ׳מוז פאַרמאָגן פײנע, אײזערנע הענט און אַ ליכטיקן מוח, אַז מ׳זאָל צו זיבעציק יאָר קאָנען אַזוי קאָאָרדינירן אַלע גײסטיקע חושים. קאָן מען זיך פאַר־שטעלן אַ בעסערן ביישפּיל פאַר אונדזערע פופציק־ און זעכציק־יאָריקע צוציקעס, ווי ס׳איז ה. רויזענבלאַט, דער גרייז־גרויער „דיען" פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע?

כ׳וויל זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט אַן אַנאַליז פון ה. רויזענבלאַטס אינהאַלט, וואָס איז אין עצם די צוזאַמענגעקנאָטענע קינדהייט און יוגנט־לעכקייט, וואָס זײנען ביי אים אַלע מאָל אויף אַזאַ מייסטערישן אופן אַריינגעבענקט געוואָרן אין זײן רייף ליד. דערפאַר האָט ער שטענדיק דעם פאַרוואונדערטן און אייביק־פרישן בליק פון קינד, וואָס זעט וואונדער אַפילו אין דעם בלי פון דעם אַלטן בוים און וואָס הערט זיך איין ממש מיט קינדישער נייגעריקייט, ווי

די זון פאַרגייט, די שטערן גליען,
דורכן גאָרטן ווייסע ווינטן ציען.
דער זיידע מישט זײן אַלטן סידור
און תהילימט מיינע קליינע לידער.

תהילימט איז אַ טייערער, פאַרבענקטער ווערב. רויזענבלאַט האָט אין זײן אַמעריקאַניש־יידישן ליד אַלע מאָל אַנגעהאַלטן די בענקשאַפט נאָך דער תהילימדיקייט פון זיידן. אָבער, ווי געזאָגט, ס׳איז דאָ נישט ס׳פּלאַץ מאריך צו זײן און זיך אָפּשטעלן אויף דעם קוואַליקן אינהאַלט פון רוי־זענבלאַטס ליד. כ׳וועל גיכער דערציילן וועגן אַ פערטל יאָרהונדערט

פאַרלוירענער פּעטערשאַפט, וואָס איז מיר פערזענלעך צערונען געוואָרן דאָ, אין אַמעריקע.

אַז כ׳בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך שוין אָנגעטראָפן אַ בייזן עלטער־פעטער — מאָריס ראָזענפעלד. ער איז שוין געווען בייז אויף אַלעמען און ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ פאַרפעצט ביכל אין בוזעם־קעשענע פון זיין מאַנטל. דאָס איז געווען אַן ענגלישע אַנטאָ־לאָגיע, וואָס האָט אים מזכה געווען מיט אַריינבעמען אַן איינציק ליד זיינס. דאָס איבערגעזעצטע ליד איז פאַר ראָזענפעלדן געוואָרן זיין טרייסט אויף דער איינזאַמער עלטער. ער האָט די אַנטאָלאָגיע געשלעפּט פון דער קעשענע און דעקלאַמירט זיין פאַריתומט, פאַרענגלישט ליד.

אין אַמעריקע איז שוין אויך געווען מיין טאַטע — אַברהם רייזען, אָבער ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט הונדערטער געזעצלעכע און האַלב־געזעצלעכע קינדער, אַז ס׳האָט מיר גענומען שיינע עטלעכע יאָר, ביז כ׳האָב זיך געקאָנט דערשלאָגן צו אים און אים רופן „טאַטע!" כ׳ווייס נאָך עד היום נישט, צי ער האָט געהערט מיין רוף, אַזוי פיל דיכטערישע פרעסערס האָט ער געהאַט אויף קעסט.

געווען אויך אַ סך קוזינען, וואָס האָבן מיך אָנגעקוקט מיט צעפּלאָמטע און רוגזהדיקע אויגן, ווי כ׳וואָלט זיך פאַרנומען כאַפּן אַ חלק פון זייער דיכטערישער ירושה. יעדער מאָל, ווען כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן מיט זייערע בליקן, איז אין מיר פאַרגליווערט געוואָרן מיין גאַנצער טאַלאַנט און כ׳האָב באַשלאָסן, אַז ס׳איז טאַקע קיין עין הרע אַ רייכע אָבער אַ בייזע משפחה, און מ׳וועט שוין מוזן ברוגזערהייט זען וואָס מען קאָן דאָ אויפטאָן.

כ׳האָב אָבער אין אַמעריקע אויך פאַרמאָגט אַן אַמעריקאַנער פעטער, ה. רויזענבלאַט. כ׳ווייס נישט וועמענס שולד עס איז, וואָס כ׳האָב ביים אָנקומען אַהער פאַרלוירן דעם אַדרעס צו אים און כ׳בין ערשט דערגאַנגען צו אים אַרום 1935.

ס׳איז מיר באמת וואַרעם געוואָרן, ווען כ׳האָב אים דערקענט דיכטע־ריש. כ׳האָב אין זיינע לידער דערפילט אַ בענקעניש נאָך מיר און אין מיינע לידער האָב איך געבענקט נאָך זיין רייפער, גוטמוטיקער, געזעצטער, קינסטלערישער אָרדענונג.

ווען כ׳האָב אים אמת דערקענט, האָב איך ערשט דערפילט, אַז מיר האָבן ביידע די גאַנצע צייט פון אָפּפרעמדונג געבענקט איינער נאָכן אַנדערן, איך האָב דעם פעטער ליב געקראָגן און כ׳האָב בלויז באַדויערט די פאַר־לוירענע יאָרן פון פעטערשאַפט... (טאָג־מאָרגען זשורנאַל, מיי 23, 1970)

# מ. נאַדיר

אין יידישע צייטונגען און זשורנאַלן זיינען לעצטנס פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ סך אַרטיקלען וועגן דעם אומפּאַרגלייכלעכן משה נאַדיר — סקאַרבאָווע הספּדים, אמת־זאַגערישע אָפּשאַצונגען און גרילצנדיקע איבער־טרייבונגען. פון די אַלע אַרטיקלען איז ווערט אויסגעטיילט צו ווערן דער פאַרטיפטער פּסיכאָ־אַנאַליטישער פּרואוו פון מ. בלעכמאַן, אין לעצטן נומער „אידישער קעמפער".

מ. בלעכמאַן האָט אַ מאָל צוזאַמען מיט נאַדירן געטריי געדינט דעם קאָמוניסטישן אידעאַל. בלעכמאַן איז פריער אַנטלאָפן און עס איז אים לייכט געווען צו באַטראַכטן, מיט אַ געוויסער קילקייט, משה נאַדירן, וואָס האָט זיך נאָך געקלאַמערט אַ פאַרלוירענער אין זיין אייגענער פאַרלוירנ־קייט. בלעכמאַנס עסיי איז אַ דאָקומענט, וואָס דאַרף געלייענט און איבער־געלייענט ווערן. די מאָראַל פון דעם אַנאַליטישן אַרטיקל איז, אַז נישט נאָר טאָר אַ קינסטלער נישט פאַרקויפן זיין נשמה צום טייוול — דאָס איז אָפּגערעדט — נאָר ער טאָר אויך נישט אין גאַנצן פאַרקויפן זיין נשמה צו אַן אידעאַל. נאַדירס דערפאַרונגען מיט דעם קאָמוניזם, מיט וועלכן ער האָט זיך אַרומגעוויקלט ווי מיט תכלת, מעגן דינען ווי אַ וואָרענונג און טאַלאַנטירטע מענטשן מעגן עפּעס לערנען דערפון. עס איז נאַטירלעך פאַר איציק פעפער צו זינגען סאָוועטיש און סטאַליניסטיש. עס איז זיין דיכטע־רישער אמת, ווייל ער איז אַ פּראָדוקט פון אַזאַ אָרדענונג, וואָס האָט אים געבאָרן. אָבער פאַר אַ היגן, ניו־יאָרקער דיכטער, צו ווערן אַ באַזינגער און באַליבער פון אָקוראַט אַלץ, וואָס ווערט באַזונגען און באַליבט טויזנ־טער מייל ווייט, איז אַ צו גרויסע קינסטלערישע אָנשטרענגונג און מען קען דערפון געניזוקט ווערן.

משה נאַדיר איז געווען באַקאַנט ווי אַ הומאָריסט, אָבער זיין הומאָר וועט נישט בלייבן — בלייבן וועט זיין ערנסט. זיין הומאָר איז געווען אַ צו הומאָריסטישער, בעסער געזאָגט, אַ צו בורלעסקישער. גאָגאָלס, שלום־עליכמס, מאָליערס באַזונדערע הומאָרן זיינען געווען ערנסטע, זייער צייל איז געווען אַן ערנסטער. ביי זיי איז דער הומאָר געווען אַ פאָרעם פאַר זייער ערנסט. ביי נאַדירן איז דער הומאָר גאָרנישט אויסן געווען, אָדער אויסן געווען זייער ווייניק. און דערפאַר וועט פאַרבלייבן זיין ערנסטע בענקשאַפט, אָדער פאַרבענקטקייט, וואָס איז געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון זיינע בעסערע זאַכן.

סיי ווי באַטייט משה נאַדיר אַ הויכע קולטור־מדרגה אין דער אַנט־וויקלונג פון יידישן אימפּעטיקן וואָרט. ער איז געווען פון שענסטן און ראַפינירטסטן, וואָס די יידישע צייטונג האָט פּראָדוצירט. נאַדיר האָט זיך ניט געפילט היימיש אין יידישן זשורנאַל, ווייל זיין אימפּולסיווקייט האָט איבערגעשריגן דעם זשורנאַל.

פאַר דער צוריקגעצויגנקייט, צוריקגעהאַלטנקייט און פאַרטראַכטקייט פון יידישן זשורנאַל איז ער געווען צו הילכיק און צו באַלדיק. ער האָט געמוזט אַלץ זאָגן באַלד און שויין. ער איז געווען שויניק און שוימיק. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיין אימפּעט איז פאַרגליווערט און אָפּגעקילט געוואָרן אין דעם זשורנאַל.

אַ זשורנאַל מיינט אויך אַנסאַמבל און צוזאַמענשפּיל, און נאַדיר איז געווען פאַר זיך אַליין אַן אייגענער אָרקעסטער. איר האָט שטענדיק געהאַט דעם איינדרוק, אַז ווען אַ דיכטער אָדער פּראָזע־קינסטלער האָט עפּעס געגעבן פאַר אַ זשורנאַל, איז די זאַך געווען אַ פאַרענדיקטע און אַרומגע־צאַמטע. אָבער פון נאַדירס אַ זאַך אין אַ זשורנאַל האָט איר געקראָגן דעם איינדרוק, אַז ווען מען לאָזט אים נאָר, וואָלט ער אָוועקגעשריבן, פאַרויס־געשריבן, אַריבערגעשריבן און איבערגעשריבן מיט זיינע אייגנקייטן אַלע אַנדערע באַטייליקטע. ער איז אַליין געווען אַ זשורנאַל, מיט פּאָליטישע, טעגלעכע מיינונגען, באַטראַכטונגען, איינפאַלערישע זאָגעכצן, לייכטע און שווערערע זאַכן, לידער און אַפילו באַמבאַסטישע און פּאַטאָסדיקע עדי־טאָריעלס.

ער האָט אַלע מאָל געשריבן ווי פון מיטן, און דערגאַנגען איז ער צו אַ מין „פאַרזעצונג פאָלגט״, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז מ׳האָט אים געלייענט נעכטן און מען וועט אים אויך לייענען מאָרגן. ער, דער שענסטער פאָרמען־זוכער, איז געווען פאָרעמלאָז, ווייל ער האָט זיך געריכיקט, גע־קנוילט און געקרייזלט.

ער איז געווען זשורנאַל אין דעם פראַנצייזישן בוכשטעבלעכן זין — טאָג־טעגלעכקייט. דערפאַר איז ער געווען אינטים פאַרבונדן מיט דער יידישער צייטונג און דערפאַר איז ער געווען איר גראַציעזסטער אויסדרוק. ער איז געווען דער ערשטער קאָלומניסט ביי יידן, נאָך איידער גויים האָבן געחלומט וועגן דעם. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך טרייבקראַפט צו לויפן אַלע טאָג אויף דעם יידישן מאַרק און אויסשטעלן זיך, צוזאַמען מיט זיינע קינסטלערישע סחורות.

דערפאַר האָט ער אויך צוגעלאָזט דעם קונה צו נאָענט צו זיין שרייב־

לאַבאָראַטאָריע. ער האָט זיי געגעבן נאָר־וואָס־אויסגעצאַפּלטע חלומות, ערשט־אויסגעפּיקטע געדאַנקען, ווערטער מיט טוי אויף זיי — נישט קיין רווישטאָף, נאָר רווישאָף, אַ וואָרט נאָר וואָס געשאַפן און גלייך איינגערעמט אין אַ ראַמל.

משה נאַדירס ווערטער האָט מען נישט געקענט רעדן, נאָר מען האָט פון זיי שטאַרק הנאה געהאַט. און דערפאַר האָט ער געקראָגן אַן אינטימען לייענער־קרייז, וואָס איז צוגעקומען נאָענט צו אים, נאָענט און נעענטער, ביז מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און זיך געדרענגט אַרום אים.

און משה נאַדיר האָט געפּלאַטערט אין מיטן פון זיינע באַוואונדערערס ווי אַ וואונדערלעכער מאַגיקער. ער האָט געצויגן האָזן פון ברייטן הוט און זיי פאַרוואַנדלט אין זומער־פייגעלעך.



איך מוז מודה זיין, אַז מיר איז ניט צום האַרצן אַזאַ לאַבאָראַטאָריע, מיט אַן אָפענער טיר צו דער גאַס, וואָס לאָזט אַריין צו פיל נייגעריקע. מיר איז קיין מאָל נישט געפעלן דער נאַדיריסט, וואָס איז אַליין אַרומגע־גאַנגען מיט אַ געהויבענעם ברוסטקאַסטן, ווייל ער איז געשטאַנען לעבן נאַדירן און אים געזען ביי דער אַרבעט. איר האָט אַ מאָל געזען נאָך אַ קאָנצערט, ווי די מעלאָמאַנען גיבן זיך אַ לאָז נעענטער צו דער עסטראַדע, צו קענען קוקן דעם ווירטואָז אין די פינגער, בעת ער שפּילט זיינע „אַנקאָרס". אַזעלכע נאַדיראָמאַנען האָט נאַדיר פאַרמאָגט אין די טויזנטער. אָבער ער האָט פאַרמאָגט צענדליקער, אפשר הונדערטער שטילע באַוואונ־דערערס, וואָס האָבן נישט געקענט אַריבערשרייען דעם טומל פון די אַפּלאָדירערס און זיי האָבן דערפאַר נישט געקענט באַאיינפלוסן זייער שרייבער. אַ שרייבער דאַרף אויך קענען באַאיינפלוסט ווערן פון זיינע בעסערע לייענערס. איך האָב שוין אַ מאָל געזאָגט, אַז איך ווינטש זיך בלויז אַזעלכע לייענערס, וואָס איך זאָל קענען הנאה האָבן צו פאַרברענגען מיט זיי אין אַן אינטימען שמועס, אין מיין אייגן הויז.

פאַראַן הונגעריקע לייענערס, וואָס טראָגן אין זיך אַרום אַ וואונדער־לעכן הונגער און וואויל צו דעם שרייבער, וואָס טרעפט צו אַזעלכע לייענערס. משה נאַדירס טויזנטער לייענערס האָבן אין זיך געטראָגן אַ זעטיקייט און נאַדיר האָט זיי אַ סך מאָל נאָך איבערגעזעטיקט. נאַדיר אַליין איז געווען אַ טרויעריקער מענטש. אָבער ער איז געווען דער טרויע־ריק־מאַכער פון פריילעכע מענטשן. קיין טרויעריקע מענטשן האָט ער

נישט טרויעריקער געמאַכט. משה נאַדיר איז אַ סך מאָל איבערגעפירט געוואָרן פון זיין אייגענעם לייענער.

משה נאַדירס פערזענלעכקייט רייצט אַזוי שטאַרק ווי זיינע ווערק. ער, צוזאַמען מיט זיינע ווערק, איז גאַנץ, איז איינס. וועגן דעם אימפּעטיקן, אימפּולסיוון, שעמערירנדיקן און בליציקן מענטש וועלן אַ מאָל געשריבן ווערן גאָר אַ סך מאָנאָגראַפיעס. ווייל נישט געקוקט אַפילו אויף זיין אָפענער שרייב־לאַבאָראַטאָריע, איז ער, אין תוך, פאַרבליבן אַ טראַגיש־פאַרהוילענער מענטש — פאַרהוילן אַפילו פאַר זיך אַליין. ער האָט זיך אַליין נישט געקענט — ער האָט זיך אָדער איבערגעשאַצט, צייטנווייז אונטערגעשאַצט, אָבער קיין מאָל נישט אָפּגעשאַצט. ער האָט נישט געוואוסט ווען ער וועט מאָרגן בענטשן אָדער שעלטן, אָדער וואָס ער וועט מאָרגן בענטשן אָדער שעלטן. ער האָט סענטימענטאַל געבענקט נאָך אַ קינסטלערישן לבוש פאַר דעם איך אין זיך. און לעצטנס מיט דער טראַגעדיע פון היטלעריזם, איז זיין פּען געוואָרן פול מיט באַטייטונג און יידישן מיין.

דער בענקענדיקער אָפּלאַכער און אָפּוויינער, דער פילפאַרביקער סקעפּטיקער, האָפער און וואַרטער, דאָס נאַראַיעווער מאַמעס קינד, וואָס האָט געוויינט לאַכנדיק אין דער גרויסער שטאָט, דער ראַפינירטער וואולגאַריזאַטאָר, דער טומלער פון שטילקייטן, דער נאַקעט־אָנגעטאָענער מיט שרייַיקע שניפּסן, וועט וועקן דעם נייגער פון קומענדיקע קריטיקערס, וואָס וועלן זוכן צו פאַרשטיין די דעקאָראַציע, וואָס האָט באַצירט די יידישע וואָרטקונסט דורך דער גרעסערער העלפט פון זיינע 40 יאָר קינסטלערישער מי, זוכן און בלאָנדזשען.

(מ״זש, יולי 25, 1943)

# אָסיפּ דימאָוו

אָסיפּ דימאָווס קאָמעדיעס און דראַמעס האָבן אַ מאָל באַשיינט די יידישע בינעס מיט זייער חן און שפּילעוודיקייט. זיין דיאַלאָג האָט געפינקלט און איבערגעלויכטן די לעמפּלעך און תמיד געהאַט די לעבעדיקע פאַר־בינדונג מיט דעם עולם. דער פיינער טעאַטער־חוש האָט דימאָוון געדינט אַפילו אין זיינע לייכטערע פּיעסן, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקע גראַציעזקייט.

דימאָוו געהערט צו דעם גלאַנצפּעריאָד פון יידישן טעאַטער. ער איז געווען איינער פון זיינע שענסטע ריטערס, וואָס האָבן געוואוסט ווי עס צו ראַטעווען. ער האָט אים נישט געגעבן קיין שווערע רפואות, נאָר ער האָט דאָס יידישע טעאַטער געראַטעוועט האָמעאָפּאַטיש, אַזוי צו זאָגן. ס׳איז אַ שווער וואָרט, אָבער ס׳מיינט, אַז די רפואה דאַרף באַשטיין פון קליינע דאָזעס, וואָס זאָלן היילן די קראַנקייט מיט אירע אייגענע סימפּטאָ־מען. ער איז געווען אַ טעאַטראַל, וואָס האָט זיך נישט אָנגעזעצט אויפן טעאַטער מיט שווערוואָגיקן טאַלאַנט, נאָר ער האָט קיין מאָל נישט פאַר־געסן, אַפילו אין זיין געראַנגל מיט פּראָבלעמען, אַז דער עיקר אין טעאַ־טער איז דער שפּיל; אַז די בינע לייזט ניט קיין פּראָבלעמען, נאָר זי שפּילט זיי אויס, און אַז אַ שפּיל האָט אייגענע געזעצן און גרענעצן.

ווען אָסיפּ דימאָוו איז געקומען צו דער יידישער בינע, איז מיט אים צוגעקומען אַ גרויסער כוח, ווייל ער איז געווען באַשאָנקען מיט איינגע־בוירענע סצענישע פעאיקייטן. ער האָט נישט געשריבן קיין בוכדראַמעס, נאָר דירעקט פאַר דער בינע. זיינע פּיעסן האָבן זיך גענייטיקט אין שפּיל און צוזאַמענשפּיל, ווייל זיי זיינען געווען אויפגעפּאַסט שפּילעוודיק. אַפילו זיינע טרויעריקע דראַמעס, די סאַמע פרישסטע, ווי „שמע ישראל״ אָדער „דער אייביקער וואַנדערער״, האָבן אויך פאַרמאָגט שפּיל און זיינען געווען סצעניש־עפעקטיוו, ווייל דימאָוו האָט זיי באַלד געשריבן מיט זיין איינגע־בוירענעם געפיל פאַר דער בינע.

די געשיכטע פון יידישן טעאַטער וועט דערפאַר ווידמען מער ווי איין קאַפּיטל צו אָסיפּ דימאָוון, ווייל גלייך פון אָנהייב, אַזוי גיך ווי דאָס יידישע טעאַטער האָט אים דערנענטערט, איז ער צוגעפאַלן מיט אַ זעלטענעם ברען און געגומען שרייבן פאַרן יידישן טעאַטער ווי אַן אינעוויניקסטער, ווי איינער, וואָס קען גוט זיינע פּראָבלעמען.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז געבראַכט דימאָוון צו דער יידישער בינע האָט באַריס טאָמאַשעפסקי. טאָמאַשעפסקי האָט אויך פאַרמאָגט אין זיך אַ סך שפּיל. ער איז געווען — טעאַטער און געשפּילט 24 שעה אַ מעת־לעת, אַפילו אין פּריוואַטן לעבן. ווען ער האָט גאָרניט געהאַט וואָס צו שפּילן, האָט ער געשפּילט זיך מיט אָדער אָן דערפאָלג. אָבער ער איז תמיד געווען טעאַטראַליש בגילופינדיק.

טאָמאַשעפסקי האָט גיך דערשפּירט אין דימאָוון אַ גרויסן און געזונטן טעאַטער־כוח, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות פון דראַמאַטורג און האָט געוואוסט ווי צו מישן קאָמעדיע מיט דראַמע, פּאַטאָס מיט געלעכטער, פאַנטאַזיע מיט רעאַליזם, און וואָס האָט אַזוי גוט געקענט די בינע, אַז אַפילו ווען ער האָט געגעבן אַ פלי, איז ער ניט געפלויגן אַריבער די ברעטלעך.

דימאָוו איז אַ ביאַליסטאָקער און אַ שטאָלצער לאַנדסמאַן, ניט ווייני־קער שטאָלץ, ווי די ביאַליסטאָקער זיינען מיט זייער בן־עיר. יוסף פּערל־מאַן, וואָס איז יונג אַוועק פון זיין שטאָט און יונג געוואָרן אַ נאָמען אין דער רוסישער ליטעראַטור, מיט זיינע סימבאָלישע דערציילונגען, און וועמענס שטערן האָט פריי אויפגעשיינט אויף דער רוסישער בינע, מיט זיין דראַמע „גאָלאָס קראָווי" (דאָס קול פון בלוט) אין 1906, איז נאָך אַלע זיינע וועלט־וואַנדערונגען סימבאָליש צוריקגעקומען — קיין ביאַליסטאָק. דער אמתער גרויסער קינסטלער פאַרלאָזט קיין מאָל נישט זיין „לאַנדס־מאַנשאַפט", זיינע וואָרצלען, וואָס פון זיי ציט ער זיין יניקה אַ לעבן לאַנג.

...דער קינסטלער־דראַמאַטורג און דערציילער אָסיפּ דימאָוו האָט געצונדן כישוף־לעמפּלעך אויף דער יידישער בינע און האָט אַריינגעשריבן אַ גרויס קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער סצענע, ווי דער „רודאָלף שילדקראַוט טעאַטער", און האָט מיט זיין „בראָנקס עקספּרעס" און „ברויט" געהאָלפן בויען דאָס בעסערע יידישע טעאַטער, נאָך וועלכן מיר אַלע בענקען.

(טאָג־מ"זש, יוני 5, 1958)

# אַ וואָרט צו מלך ראַוויטש

פאַראַן ביי אידן אַ דיכטער מלך ראַוויטש, איז ער 24 שעה אַ טאָג אַ דיכטער — איז דאָס אַ ביסל צו פיל. צו טראָגן די שווערע קרוין פון דיכטונג אַ גאַנצן מעת לעת איז אַ שווערע לאַסט.

די קרוין פון דיכטונג איז גאָרנישט קיין אַנגענעמע, גאַנץ אָפט איז עס אַ נאַרן־מיצל, וואָס גיט דעם טראָגער די ספּעציפישע פּריווילעגיע אַריינצוזאָגן דער וועלט מיט אַן אימפּראָוויזירטער פייערלעכקייט.

אָבער שלאָפן אין דער מיצל־קרוין איז אַוודאי נישט גאָר באַקוועם, מען מעג אויסטאָן די לירישע יאַרמלקע און, אַנטקעגן נאַכט, אַריינקוקן אין שפּיגל און זיך זען אין דער פאַרגענגלעכקייט און נישט אין דער כסדר־דיקער אייביקייט. ראַוויטש געדענקט כסדר, אַז ער איז דער דיכטער און ער דעקלאַרירט כסדר ווי אַ דיכטער צו ברידער־דיכטער, און דאָס גיט אים דאָס געפיל, אַז מיט יעדער וואָרט שרייט ער זיך אַריין דורך אַ מעגאַפאָן אין דער אייביקייט, וואָס איז, ליבער ראַוויטש, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי ביליג־ביליאָנען שטיקער איצטיקייט, צוזאַמענגעקלעפּטע מיט ניכטערן שפּייעכץ.

שטעלט זיך פאָר, ווען אַ דאַמסקער שניידער וואָלט טאָג און נאַכט געפּאָכעט מיט זיין יוניאָן־קאַרטל און געהאַלטן אין איין אַדרעסירן די וועלט ווי ברידער פון שער און נאָדל. מען דאַרף זיך טאַקע אַרונטערנעמען אַ מוסר פון אַ שניידער. אַ שניידער פאַרגעסט אויך אַ מאָל אין זיין שניי־דעריי און ער לייגט זיך אַוועק שלאָפן. אַ דיכטער מעג אויך אַ מאָל פאַרגעסן אין זיין דיכטעריי און ער מעג קוקן אויף דער וועלט מיט ווייניקער פייערלעכקייט און מיט מער מענטשלעכקייט. ער מעג קוקן אויף אונדזער טרויעריק וועלטל דורך ברילן פון טאָג־טעגלעכקייט און נישט מיט טעלע־סקאָפּן פון אייביקייט. אַ היינטצייטיקער דיכטער וואָלט געמעגט דערפילן די טראַגעדיע פון דער אייביקייט, וואָס האָט זיך געשפּינט ביי אים, כדי צו וויסן, ווי נאַריש איז די קאָמעדיע פון דער אייביקייט, וואָס וועט זיך שפּינען נאָך אים, אויב מען וועט זי, די אייביקייט, נעמען הורטאָווע און מען וועט פאַרגעסן צו בלעטערן די איינצלנע „ניעסטשאַסנע" טעג פון דעם טאָג־טעגלעכן קאַלענדאַר.

צו רייד געקומען איז עס צוליב דעם וואָס מיין נאָענטער פריינד ראַוויטש האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקעלע, וואָס הייסט „די אייביקע פּראָבלעם וועגן דיכטונג און אייביקייט" און וואָס איז כולו תכלית, נייערט עס האָט

אַ גאַנץ גראָבע פּאַדשעווקע. ראַוויטש, וואָס קאָן גוט שרייבן „נאַקעטע״ אָדער פּראָזאַאישע לידער, לאָזט אויס זיין גאַנצע פּאָעטיזאַציע צו דער פּראָזע זיינער, אָבער גאַנץ אָפּט פאַרזעט ער, אַז פון זיינע לירישע אַרטיקלען שטעקן אַרויס צוויטן. זיין געפּילפּולע דיכט־באַוואוסטזיניקייט גיט אים אַ קירכלעכן טאָן. ער רעדט מיט אָרגל־באַגלייטונג, אָבער אַז מען דרייט אַריין דעם אָרגל כאַפּט מען, אַז ער וויל אונדז אַ מאָל פאַרקויפן אַ פּאָ־עטישן רעטעך.

און אַזאַ רעטעך וויל אונדז ראַוויטש טאַקע פאַרקויפן אין זיין לעצטן אויפרוף צו די יידישע ברידער־דיכטערס. ער טרעט אויף אין דער ראָלע פון אַ רודף־שלום און ער ווייזט אָן, אַז די דיכטערס פון רעכטן פליגל האָבן אַריבערגעכאַפּט די מאָס אין זייער קאַמף קעגן די דיכטערס פון לינקן פליגל, ווייל זיי האָבן גענומען זאַכן, זאָגט ער, מיט דער מאָס פון היינט און נישט מיט דער מאָס פון אייביקייט. דער רודף־שלום איז אויף דעם סאַמע העכסטן טורעם פון „אומפּאַרטייאישקייט״, ווען ער דערלאַנגט אויך אַ שטיקל פאַרציע די לינקע דיכטערס פאַר זייער באַציאונג צו רעכטע דיכטערס.

הינטער דער דאָזיקער „פּאָעטישער״ אייביקייט־לעקציע באַהאַלט זיך אַ גאַנץ געפערלעך שטיקל פּראָזע, ספּעציעל ווען ראַוויטש אַרבעט זיך אַרויף אויף אַן אַפּאָטעאָז, אַז דיכטערס דאַרפן גאַנץ אָפּט שווייגן און רעדן וועגן „פייגעלעך אין דער לופטן״.

עס האַנדלט זיך וועגן דעם: היטלער האָט דערקלערט מלחמה סאָוועט־רוסלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד שלאָגט זיך מיט מסירת־נפש. דאָס אָבער־קענען מיר מיט אַ ציטער פון האָפענונג, אַז די היטלער־חיה וועט טאַקע אין גיכן איינגעמען אַ מיתה משונה.

אָבער די קאַמפן, וואָס זענען געפירט געוואָרן צווישן רעכטס און לינקס אין די לעצטע צען־צוועלף יאָר, זיינען נישט געווען קאַמפן צווישן דיכטערס, נאָר אַ מענטשלעכער קאַמף פאַר אמת, פאַר דער ווירדע פון וואָרט, פאַר דער חשיבות פון דעם איינצלנעם מענטש. מען קאָן דעם ערלעכן קאַמף נישט פאַררעדן די ציינער מיט קיין פּאָעטיזאַציע. עס זיינען שוין בפירוש דאָ אַזעלכע אמתן, וואָס זיינען אמת היינט, ווייל זיי זיינען אמת געווען נעכטן און די אייביקייט וועט זיי אוודאי נישט קאַליע מאַכן. אָט די אמתן האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דעם היינטיקן קאַמף פון דער רויטער אַרמיי. דער קאַמף טאָר קיינעם נישט פאַררעדן און טאָר נישט פאַרטושן פּרינציפּן, וואָס זיינען געווען און וועלן פאַרבלייבן הייליק.

ראַוויטש, אין זיין ראָלע פון אַ שלום־מאַכער, זאָגט אומגעפער אויף די מענטשן פון רעכטס, וואָס האָבן פאַרדאַמט די מאָסקווער פּראָצעסן און די מאַסן־צעשיסונגען, דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך, די וואולגאַריזאַציע פון וואָרט, די אכזריות צו יעדער אָפּאָזיציע — דעם באַקוועמען און עלאַס־טישן אמת, וואָס האָט כסדר געליגנערט, אַז זיי אַלע האָבן געפירט קאַמפן, וואָס האָבן פאַרזען די אייביקייט. אין נאָמען פון וואָס פאַר אַ פינף־צען סענטיקער אייביקייט רעדט ראַוויטש, ווען ער הייסט אונדז חרטה האָבן אויף דעם גערעכטן קאַמף, אין וועלכן מיר האָבן, לויט זיין מיינונג, זיך נישט געטאָרט באַטייליקן, ווייל מיר האָבן נאָר געדאַרפט רעדן וועגן „פּיי־געלעך אין דער לופטן״?

אויב עס איז שוין יאָ באַשערט שלום, וועט ער נישט קומען דורך דער באַקוועמער פאָרמולע, אַז דו ביסט אַ פאַרך און ער איז אַ פאַרך — נעמט זיך אַרום און צעקושט זיך.

מען מעג זיך אַרויפכאַפּן אויפן וואָגן פון דער רויטער אַרמיי, אָבער מען דאַרף נישט אויפגעבן דעם אמת און זיך אַרויפכאַפּן אויפן וואָגן פון אַ באַקוועמען שלום און אָפּלייגן דעם קאַמף פאַרן אמת פאַר דער אייביקייט.

מיר זיינען די אייביקייט. ווען מיר פּראָטעסטירן און שרייען איצט אויס קעגן קאָלוזשעס בלוט, שמידן מיר די אייביקייט. מלך ראַוויטש וויל זיך אַרויסדרייען פון איצטיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין נאָמען פון אַ פאַפירענער אייביקייט.

ליבער חבר ראַוויטש, הער אויף צו זיין אַזאַ כראָנישער דיכטער, ווייל די דיכטונג איז גאַנץ אָפט דאָס צעלאָפּאַן־הייטל איבערן אמת. לאָז איבער די אייביקייט צו דיינע קינדס־קינדער, וואָס וועלן עס דערלעבן און עסן גאַנצע שטיקער שור־הבור. היינט און דווקא היינט זאָג דעם גאַנצן אמת, כדי דיינע קינדס־קינדער זאָלן קלאָר וויסן דעם אונטערשייד צווישן אמת און ליגן. טייל איין דעם טאָג אַזוי: אַרבעט אַכט שעה, אויב דו מוזט, ביי דיכטונג, אַכט שעה זיי אַ פּראָסטער מענטש און אַכט שעה רו אויס די מידע ביינער און ציטער נישט פאַר דעם מויל פון דער אייביקייט. און ווּעסטו אַזוי לעבן, וועט זיין אַז וואויל צו דיר אויף דער זייט פון דער אייביקייט און אַז וואויל צו דיר אויף יענער זייט פון דער אייביקייט...

# אליעזר אַלקוויט־בלום

...די ירושה, וואָס ב. אַלקוויט־אליעזר בלום האָט איבערגעלאָזט, סיי אין לידער, סיי אין דערציילונגען, גיט אונדז די פולע רעכט אים צו געדענקען מיט זיין טאָפּל־נאָמען. ווי ב. אַלקוויט האָט ער געשריבן פּרעכטיקע לידער, דינע, שיין־שורהדיקע; יעדע שורה האָט אַ בליץ געטאָן מיט פרישער בילדלעכקייט און די בילדער זיינען געווען פון אַן אייגענער געזעענקייט, וואָס האָבן אויך פאַרמאָגט דעם כוח איבערצוגעבן, אַז זיי שטאַמען פון אייגענער שפּירונג. זיי זיינען נישט געווען בלויז פּאָעטישע אויגבילדער, נאָר נשמה־בילדער פון אַן אייגענער טיף.

די אויסערגעוויינלעכע דינקייט זיינע איז פאַר אים אַליין געווען אַ זעלטענע קאָמפּענסאַציע, אין פּסיכאָלאָגישן זין. ער האָט געשטאַמט פון דער שרעקלעכסטער אָרעמשאַפט אין פּוילן. טאַטע־מאַמע זיינען אים יונג אַוועקגעשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט אַ קיילעכדיקן יתום. דאָס כעלמער ייִנגל איז גליך אָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער לער צו אַ שניידער אין לובלין און דאָרט האָט דער יתום אַריינגעכאַפּט אַלע צרות, וואָס לערן־ייִנגלעך פון זיין צייט האָבן פאַרזוכט. אַזאַ ייִנגל איז גיכער געווען אַ לאַנגע צייט אויף דער לער ביי דער שניידערקע, איידער ביים שניידער. ער איז געוואָרן איר קנעכט־אייגנטום. זי האָט זיך מיט אים געשאָפּט, אויף איר חסד איז ער געווען אָפּהענגיק מיטן ביסן ברויט. ער האָט געמוזט דורכגיין דעם ריכטיקן קורס, איידער מען האָט דאָס לערן־ייִנגל צוגעלאָזט צום טיש און אים אָנגעהויבן „מאַכן פאַר אַ לייט״, פאַר אַן אמתן בעל־מלאכה.

ב. אַלקוויט האָט קיין מאָל נישט געוואָלט רעדן וועגן יענע יאָרן, וועגן דעם „קורס״, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, ביז ער האָט עס אַרויסגעשריבן פון זיך אין זיינע דערציילונגען.

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז פאַראַן נאָך עמעצער אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס האָט אָפּגעשפּאָרט אַזאַ ביאָגראַפיע ווי ב. אַלקוויט. כ׳רעד דאָ נישט פון די שווערע לערנ־יאָרן, שפּעטער געזעלן־יאָרן אין וואַרשע און נאָך שפּעטער די שאַפּיאָרן אין ניו־יאָרק.

אַוודאי איז ער דערמיט אַליין נישט קיין בן־יחיד אין אונדזער ליטעראַטור. אָבער ב. אַלקוויט, וואָס האָט אפשר קיין מאָל נישט „גראַדויִרט״ פון אַ דרדקי־חדר, איז אין תוך געוואָרן איינער פון די אינטעליגענטסטע און ראַפינירטסטע יידישע שרייבערס; פון זיך אַליין איז ער געוואָרן אַ

געבילדעטער און באַוואוסטזיניקער ייד, מיט אַ סך יידיש און וועלטלעך וויסן. זיין דורשט נאָך וויסן איז געווען אין לשער. ער האָט ליב געהאַט מוזיק, מאָלעריי, געווען שטאַרק באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט זיך גוט אויסגעלערנט ענגליש און קיין צוימען זיינען ניט געווען פאַר זיין אַליין־בילדונג.

ער האָט פאַרמאָגט אויסערגעוויינלעך שאַרפע אויפנעם־פעאיקייטן און פשוטע קלוגשאַפט, נישט בלויז שכל הישר. פאַרקערט, זיין שכל הישר איז גאַנץ אָפט אויסגעקרימט געוואָרן דורך דעם זאַלץ פון ביטערקייט, וואָס די שווערע יאָרן האָבן אים איבערגעלאָזט אויפן געמיט, אָבער קלוגשאַפט האָט ער געהאַט, חכמה צו באַנעמען און אויפנעמען. ער איז געווען טרעפ־לעך מיט זיינע באַמערקונגען וועגן מענטשן, ביכער און וועלט־געשעענישן.

מיט די איינגעבוירענע גרויסע פעאיקייטן איז ער פון שניידערשאָפּ געוואָרן אַ יידישער לערער, און נאָך אַ קורצער לערער־קאַריערע איז ער געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער צייטונגמאַן, איינער פון די בעסטע, וואָס האָט ממש געדוכנט איבער יעדער זאַץ און דאָך נישט פאַרלוירן די מעלות פון דעם גוטן צייטונג־פּראָפעסיאָנאַל. ער איז אַ צייט לאַנג געווען דער „מאָרגען־זשורנאַל”־רעפּאָרטער פאַר די סענסאַציאָנעלע מישפּטים. אַפילו דער גרויסער אַדוואָקאַט, איצט באַרימטער ריכטער סעמיועל לייבאָוויץ, פלעגט גאַנץ אָפט אָרויפקלעטערן די שווערע טרעפּ פון דער „מאָרגען־זשורנאַל”־רעדאַקציע און דאַנקען דעם שרייבער ב. אַלקוויט פאַר דעם אופן, ווי פאַרשטענדיק ער האָט „געדעקט” און לעבעדיק געמאַכט אַ פּראָצעס.

אָבער נאָך פריער, איידער ער איז געוואָרן אַ צייטונגמאַן, איז ער שוין געווען דער אינזיכיסטישער פּאָעט. זיין בוך לידער „וועגן צוויי און אַנדערע” איז דערשינען אין 1930, אָבער געקומען מיט לידער צו דער גרופּע „אינזיך” איז ער אין 1920. ער האָט אונדז, געקומענע פון אוניווער־סיטעט, גלייך געוואונען מיט זיינס אַ פּראָלעטאַריש ליד. אונדז האָט זיך שוין דעמאָלט געוואָלט האָבן אַן אמתן פּראָלעטאַריער אין דער משפּחה, כדי צוצוגעבן קאָליר צו דער אינזיכיסטישער גרופּע. יעקב סטאָדאָלסקי איז געווען אַ שטובן־מאָליער, אָבער מיר האָבן דעם הויז־אַרבעטער נישט געהאַלטן פאַר אַ פּראָלעטאַריער. ב. אַלקוויט איז געווען אַ שניידער און ער האָט טאַקע געאַרבעט אין שאַפּ ביי אַ מאַשין. דאָס האָט אים, צוזאַמען מיט זיין פּראָלעטאַריש ליד, גלייך געגעבן אַן אַריינטריט אין דער גרופּע,

וואָס איז שוין געווען עטלעכע חדשים גוט אָרגאַניזירט און אירע קאַנאַנען האָבן שוין געשטורעמט ליטעראַרישע רעפּוטאַציעס און פעסטונגען.

אָבער אַז ער האָט אונדז אַריינגענאַרט מיט זיין פּראָלעטאַריש ליד, האָט ב. אַלקוויט, דער פּראָלעטאַריער, אונדז גענומען דערלאַנגען די איבּזיכיסטישע לידער. ער האָט זיך באַוויזן מיט זיין גאַנצער וואָרט־ראַפינירטקייט, מיט זיין געהער צו דער מוזיקאַלישקייט פון יידישע זאַצן, אָנגעלאָדן מיט מיין און בילד.

אַזוי איז ער געווען — דער שאַפּ־אַרבעטער האָט די זיכרונות זיינע פון דערנידעריקטע און באַליידיקטע יאָרן קוים אָנגעטייט מיט עטלעכע שורות, וואָס האָבן זיך אַריינגעזונגען און זיינען אַרומגעשוואומען אין ליד ווי גאָלדענע פישלעך, ווי זיי וואָלטן אויך געווען אַ טייל פון דער פּאָעזיע, וואָס דאָס לעבן האָט אים באַשערט.

און ווען ער איז איבערגעגאַנגען צו דערציילונגען, האָט ער אַלעמען איבערראַשט מיט זיין נייעם נוסח פון אַן אָריגינעלן שטאָטשרייבער. דאָרט, אין זיינע דערציילונגען, האָט ער געהאַט מער רחבות פאַר זיינע פריע און שפּעטערדיקע איינדרוקן — פאַר כעלם, לובלין, וואַרשע און ניו־יאָרק. אין זיינע דערציילונגען האָט ער ווי אַ קרעפּטיקער בעלעטריסט אַריינגעקנאָטן זיין שאַרפקייט, זיין פּאָעטישקייט, זיין וואָרט־אָפּגעהיטקייט און וואָרט־באַנייאונג און זיין גרויסצוגיקן וועלטלעכן בליק פון אַ ייד אין ניו־יאָרק. ווען ס׳איז דערשינען זיין בוך דערציילונגען „אויפן וועג צום פּרץ־סקווער״, מיט אַ זעקס יאָר צוריק, איז שוין אַלקוויט געווען שווער קראַנק, אָבער אין זיינע דערציילונגען, וואָס האָבן אַרויסגערופן פאַרשפּעטיקטע באַוואונדערונג און לויב, איז נישטאָ קיין שפּור פון זיינע קראַנקע שעהן. פאַרקערט, ס׳איז אין זיי דאָ אַ סך פרייד, הומאָר און די מוזיק פון דער־גרייכטקייט, פון שלום מאַכן מיט זיך.

...אייגנטלעך איז אַלקוויט שוין אין „מאָרגען־זשורנאַל״ גלייך אָנגעקומען ווי אַ בעלעטריסט. ער האָט יעדע וואָך, אָדער אַלע צוויי וואָכן, צוגעשטעלט אַ דערציילונג. ער האָט שווער געהאָרעוועט אויף זיינער אַ דערציילונג, ער איז בכלל געווען אַ שווערער אַרבעטער, וואָס האָט פונדעסטוועגן געקאָנט אָפּווישן דעם שוויס פון אַלץ, וואָס ער האָט פאַרטיק געמאַכט. אין זיין שווערער קראַנקייט האָט ער די דאָזיקע ערשטע דערציילונגען זיינע אויסגענוצט ווי מאַטיוון, ווי באַקעטע טעמעס, זיי געגעבן אַ נייעם לבוש און זיי כסדר געהאַלטן אין איין איבערקינסטלען.

...איך האָב אים געקענט עטלעכע און פערציק יאָר. ער איז געווען מיין נאָענטער פריינד און איך האָב גוט געוואוסט, ווי שווער ס'איז אים טאָג־טעגלעך אָנגעקומען שלום צו מאַכן מיט די פאַרביטערטע און פאַר־קרענקטע טעג און זיי באַזייטיקן מיט קינסטלערישער עבודה ביי דער שרייבמאַשין.

(טאָג־מ״זש, פעברואַר 9, 1964)

# הערמאַן גאָלד

ווען מיר, אַ קליינע גרופּע יידישע שרייבערס, זיינען געווען ביי דער לוויה פון דעם איינגאַרטיקן פּאָעט הערמאַן גאָלד, האָט עמעצער באַמערקט, אַז איצטער, ווען ס'זיינען שוין אַוועק אַברהם רייזען און הערמאַן גאָלד, ווערט אמת טרויעריק אויפן הארצן. רייזען איז געווען דאָס ברויט־מיט־פּוטער פון דער יידישער ליטעראַטור, דאָס פּשוטע ברויט, וואָס איז געווען גוט פאַר אונדזערע טאַטעס און איז אויך געווען געשמאַק און נערעוודיק פאַר אונדז. הערמאַן גאָלד איז געווען דער קאָמפּאָט אָדער דער קוכן, מיט וועלכן די לעבעדיקע יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט פאַרענ־דיקט אַ גוט ליטעראַריש מאָלצייט. אַפילו די שרייבערס, וואָס זיינען זעלטן געקומען אין דער ליטעראַרישער קאַפע, האָבן געוואוסט, אַז ער זיצט דאָרט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין און אַז מיט אים איז גוט צו פאַרברענגען ביי אַ טישל און הערן זיינע שאַרפע גלייכווערטלעך, וואָס האָבן פון אים אַרויסגעבליצט אָן אָנשטרענגונג.

ס'איז סימבאָליש, אַז הערמאַן גאָלד איז געשטאָרבן חדשים נאָך דעם, ווי די ליטעראַרישע קאַפע אויף סעקאָנד עוועניו, דער „ראָיאַל", וואָס האָט עקסיסטירט באַלד אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט זיך געשלאָסן. ווי אַ יתום האָט הערמאַן גאָלד אַרומגעבלאָנקעט אויף די גאַסן און מער נישט געהאַט פאַר זיך די לעבעדיקע בינע, אויף וועלכער ער האָט געשפּילט כמעט אַ גאַנץ לעבן. האָט ער געטראָפן אַ קאָלעגע שרייבער, האָט ער אים אויף

דער גאַס צוגעוואָרפן אַ גלייכוואָרטל, אָבער ס'האָט נישט געהאַט דעם טעם, וואָס מען האָט געפילט אין דעם, ווען מען איז געזעסן ביים קאַפע־טישל, וואו ס'זיינען אַ מאָל געזעסן די באַרימטסטע יידישע שרייבערס און אַקטיאָרן.

אַ סך פון די דאָזיקע באַרימטקייטן ליגן שוין אויפן בית עולם, אַנדערע זיינען געוואָרן צו אַלט, אַז זיי זאָלן פאַרברענגען לאַנגע שעהען אין קאַפע. הערמאַן גאָלד איז געווען פון די לעצטע באַהעמען, וואָס האָט אונטער־געשפּאַרט די קינסטלער־קאַפע, אַז זי זאָל נישט פאַלן, נישט אַזוי מיט אַ רייכן מאָלצייט, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט באַשטעלט — העכסטנס האָט ער זיך פאַרגונען אַ גלאָז קאַווע מיט מילך און מיט „הויט" — נאָר מיט זיין אייגנאַרטיקן אויסזען און מיט זיין הילוך, וואָס האָט צוגעצויגן מאָסן נייגעריקע מענטשן. זיין קינסטלעריש־צעשויבערטע באָרד, זיינע צעפּאָטל־טע האָר, זיין נישט־מאָדישע קליידונג און זיינע שלאָגפאַרטיקע ווערטלעך זיינען געווען די דעקאָראַציע פון דער קאַפע.

זיין אמתער נאָמען איז געווען הלל גורני. קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין 1905, און נאָך ווי אַ יונגער בחור האָט ער גלייך פאַראינ־טערעסירט מיט זיין שרייבן. ער האָט אויך געקראָגן סמיכה פון דעם קריטיקער בעל מחשבות, וועלכער האָט נישט נאָר ליב געהאַט ברויט מיט פּוטער אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך געזוכט געווירציקייטן. אַזוי האָט בעל מחשבות פרי געגעבן הסכמה דעם אייגנאַרטיקן פּאָעט אַ. לוצקי.

הלל גורני האָט געביטן זיין נאָמען אויף הערמאַן גאָלד. פאַר וואָס ער האָט גענומען אַזאַ אייגנאַרטיקן און יום־טובדיקן ייִדישן נאָמען און אים פאַרוואָכעדיקט, איז נישט באַקאַנט. ער איז אָבער אין גאַנצן אידענ־טיפיצירט געוואָרן מיט זיין נייעם נאָמען, אונטער וועלכן ער האָט געשריבן אַ סך טשיקאַווע און לעבעדיקע קינדער־מעשיות און מאָדערניסטישע לידער, ווען דער מאָדערניזם איז נאָך געווען יונג אויף דער יידישער גאַס.

ער האָט אַרויסגעגעבן זעקס ביכער. אָבער ער אַליין איז געווען דער שאַרפסטער קאָנקורענט פון זיין אייגענער ליטעראַטור. דער לעבעדיקער הערמאַן גאָלד איז געווען אַ בוך אין נאַכט־אויס־נאַכט־איין המשכים אין קאַפע. טויזנטער און איין נעכט צווישן שרייבערס, וועמען ער האָט פריילעך געמאַכט מיט זיינע וויצן און שפּריצן, מיט וועלכע ער האָט ממש גע־שפּרודלט.

אַ סך האָבן געזאָגט, אַז די פריילעכקייט איז געווען נישט מער ווי אַ מאַסקע אויף אַ זייער טרויעריקן מענטשן. עס קאָן זיין, אָבער מיט די

יאָרן איז די מאַסקע געוואָרן — ער. ער האָט זי געשפּילט געטריי און אויסגעהאַלטן. שווער געווען אים צו כאַפּן אין אַן ערנסטער שטימונג. ער האָט פאַר יעדער טרויעריקער געשעעניש געהאַט אַ טרייסטנדיק גלייכווערטל. ער האָט מוראַדיק, אפשר מיטן טראָפּ אויף מוראַדיק, פיינט געהאַט לוויות.

ווען מען האָט אים ערשט לעצטנס געפרעגט פאַר וואָס ער איז נישט געגאַנגען אויף דער לוויה פון זיין באַליבטסטן שרייבער, אַברהם רייזען, האָט ער געענטפערט: „אויב ער האָט מיך געקאַנט אַזוי ביטער אָפּטאָן און שטאַרבן, וויל איך מיט אים גאָרנישט האָבן צו טאָן.״

אין קאַפע איז ער לאַנגע יאָרן געזעסן מיט אַ צווייטער חשובער „באָרד״, ד״ר ביומאַן, אַ טשיקאַווער ייד, וואָס איז שוין אויך אויפן עולם האמת. ד״ר ביומאַן האָט דערציילט וואונדיירים פון „יאָרע״ 1880, דעקלאַמירט פון האַמערן אין אָריגינאַל. ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אַ קליין „האַמערל״ אין בוזעם־קעשענע — און געלויבט די מוזיקאַלישע גרויסקייט פון וואַגנערן.

אַ לאַנגע צייט האָבן די צוויי בערד באַשיינט די קאַפע און הערמאַן גאָלד האָט באַטאָנט, אַז דער חילוק צווישן זייערע בערד איז, וואָס ד״ר ביומאַן איז די „באָרד״ אָוו העלט, און זיין אייגענע איז די „באָרד״ אָוו עדיוקיישאַן.

גאָלד איז געווען אַ מאָדערנער הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ווען מען זאָל זאַמלען זיינע גלייכווערטלעך און דערציילן זיינע שפּיצלעך, וואָלטן זיי געווען וויציקער און טרעפלעכער און, דער עיקר, היינטיקער ווי הערשעלעס. מיר אַליין האָט ער אַ מאָל אָפּגעטאָן אַ גאַנץ פיין שפּיצל.

אַ ייד פון אַלאַבאַמאַ, אַ יידישער לייענער, איז אַ מאָל געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער געוואָלט זען יידישע שרייבערס אין קאַפע. דער ייד האָט אָבער אַריינגעטראָפן אין קאַפע פאַר נאַכט צו, ווען דער איינציקער שרייבער איז געווען הערמאַן גאָלד, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל און געשריבן מיט זיין בלייפעדער אויף אַלט, געקלעקט און געמעקט פּאַפּיר. דער בלייפעדער איז שוין געווען נישט מער ווי אַ שפּיץ, ער פלעגט קיין מאָל נישט אָוועקוואַרפן קיין בלייפעדער ביז צום לעצטן „טראָפּן״: אַזוי לאַנג ווי ס׳האָט זיך נאָך געלאָזט שניצן, האָט ער דאָס בלייפעדערל גענוצט פאַר זיינע אָריגינעלע שרייבערייען.

הכלל, מען האָט דעם ייד פון אַלאַבאַמאַ אָנגעוויזן אויף הערמאַן גאָלדן,

אַז ער איז אַ יידישער שרייבער. גאָלד איז גלייך געוואָרן מיט דעם ייד פאַן־בראַט, אים אָנגעהויבן צו „דוצן״:

— העי, גראָבער קאָפּ, באַשטעל אַ קאַווע מיט לאַטקעס און אויך קעזקוכן.

דער ייד האָט געפאָלגט און באַשטעלט, אָבער הערמאַן גאָלד האָט געכאַפּט לאַטקעס פון דעם יידס טעלער. זיינע אייגענע לאַטקעס האָט ער איינגעוויקלט אין אַ פּאַפּירענער סערוועטקע און אַריינגעלייגט אין קעשענע, אויף שפּעטער. הערמאַן גאָלד האָט געוואָרפן מיט חכמות, וואָס זיינען פאַר דעם ייד פון אַלאַבאַמאַ געווען אַ ביסל פרעמדלעך און האַרט צו צעקייען. ער איז פשוט נישט געווען געוואוינט צו גאָלדס שאַרפן קנעפּל־שבעקנעפּל סטיל. דעם לאַטקע־מעצענאַט פון אַלאַבאַמאַ איז געוואָרן אַ ביסל אומבאַקוועם און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, האָט ער געוואָלט וויסן מיט וועמען ער האָט געהאַט דעם כבוד.

— מיט יעקב גלאַטשטיינען — האָט אים הערמאַן גאָלד געענטפערט.

ווען איך האָב ביי אים געמאָנט דין וחשבון פאַר דעם דאָזיקן שפּיצל, וואָס אַ קעלנער האָט מיר איבערדערציילט, האָט הערמאַן גאָלד, חלילה, נישט געלייקנט. ער האָט זיך בלויז אַזוי פאַרענטפערט:

— פאַר וואָס זאָל אַ ייד אין אַלאַבאַמאַ מיינען, אַז איך, הערמאַן גאָלד, בין אַ פּרא־אָדם, זאָל ער מיינען, אַז דו ביסט אַ פּרא־אָדם.

כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווי הערמאַן גאָלד האָט מיט מיר שפּעט ביי נאַכט אַ מאָל געכאַפּט אַ שפּאַציר. אויפן וועג האָט ער גענומען אויפן קול חוזק מאַכן פון אַ שיכור. דער שיכור איז געווען אַ זעקס־פוסיקער ריז. הגם ער האָט קוים געקאָנט שטיין אויף די פיס, איז ער, מלא רציחה, צוגעלאָפן צו גאָלדן און אים גלייך געוואָלט דורס זיין.

— יו וואַנאַ פאַיט? — האָט ער געפרעגט גאָלדן און געהאַט גרייט די אָנגעשטעלטע און גוט־געצילטע פויסטן.

הערמאַן האָט זיך נישט פאַרלוירן און גלייכגילטיק און טרוקן גע־ענטפערט: „נאַט טודעי!״

דער שיכור האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ מענטש האָט אַ רעכט גראָד הייַנט נישט צו זיין אויפגעלייגט פאַר אַ פאַיט. ער איז אַוועק אַ צופרידענער און באַרואיקטער פון דער ענטפער.

הערמאַן גאָלד האָט געצויגן חיונה פון אָנגעזאַמלטע אַלטע ביכער און בראָשורן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט איינע פון די רייכסטע קאָלעקציעס פון „אַמעריקאַנאַ״ אין גאַנץ אַמעריקע. די הונדערטער טויזנ־

טער בראַשורן, פּאַמפלעטן און ביכער האָט ער געהאַלטן ביי זיך אין הויז, אין קעלער, אין די שטובן, אויפן בוידעם. אַפּט מאָל האָט ער צוזאַמענגע־שטעלט גרויסע קאַטאַלאָגן פון זיינע אַנטיקן און יקר־המציאותן. פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען אין אַמעריקע האָט מען זיך געווענדט צו גאָלדן און געפירט מיט אים שאלות־תשובות וועגן זיין רייכער קאָלעקציע. האָט אַ פּראָפעסאָר געוואָלט האָבן די געשיכטע פון, לאָמיר זאָגן, אַ שטאָט אין אָרעגאָן, אָדער אַ זעלטן בוך וועגן דזשאָרדזש וואַשינגטאָנען, אפשר נאָך מיט וואַשינגטאָנס אייגענער אונטערשריפט, האָט מען אים געקאָנט קריגן ביי הערמאַן גאָלדן, וואָס האָט אין אַמאָליקע צייטן געמאַכט שיין געלט פון זיין פאַרזיכטיק־אָנגעקליבענער זאַמלונג.

מ'האָט אים כמעט טאָג־טעגלעך געזען ביי „אָוקשאַנס", אַלע הענדלערס פון ביכער־אַנטיקן האָבן אים גוט געקענט, אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָרן האָבן זיך מיט שואל עצה געווען וועגן זעלטענע ביכער אין דער געשיכטע פון אַמעריקע.

אָבער וואָס ער האָט נישט געטאָן ביי טאָג, ביי נאַכט איז ער געזעסן אין קאַפע און פריילעכער געמאַכט אונדזער אַלעמענס טרויער. לעצטנס, מיט דעם צושלוס פון דער ליטעראַרישער קאַפע, איז אים אַליין געוואָרן טרויעריקער. ער האָט געמוזט פאַרברענגען גאַנצע נעכט מיט זיינע צען קעץ, מיט וועלכע ער האָט בוכשטעבלעך געטיילט יעדן ביסן פון די זעלביקע טעלערס. ווען ס'איז אים געוואָרן גוט אומעטיק אויפן האַרצן, האָט ער אַרונטערגעוואָרפן זיין לעבעדיקע און פריילעכע מאַסקע און געשטאָרבן — צו 65 יאָר.

הערמאַן גאָלד איז געווען דער פריילעכסטער און גוטמוטיקסטער ייִדי־שער שרייבער, וואָס האָט אין אַלץ אַרום אים געזען אַ גלייכווערטל, אַ קלוגן זאָג, אַ וואָרטשפּיל. ער האָט אויסטערליש געלעבט און אומגעריכט גע־שטאָרבן. ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז ער וועט אָפּטאָן אַזאַ שפּיצל און שטאַרבן, אַפילו אָן זייַנס אַ לעצטן וויץ; און זיינע וויצן האָבן געווײנלעך פאַרמאָגט סטיל און אַן אייגנאַרטיקייט, ווי זיי וואָלטן אַלע געטראָגן זיין חתימה.

ס'וואָלט געווען אַן אמתער חסד של אמת אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן הערמאַן גאָלדן, וואָס זאָל אַריינגעמען אַן אָפּקלייב פון זיינע אָריגינעלע שאַפונגען, עטלעכע אָפּהאַנדלונגען און זיכרונות וועגן אים און אַ זאַמלונג פון זיינע אויפן־אָרט־געשאַפענע אַמוזאַנטע וויצלעך און שפּיצלעך.

הערמאַן גאָלד האָט אָנגעהויבן שרייבן באַלד ווי ער איז געקומען

קיין אַמעריקע, פון זיין היימשטאָט בריסק, אין 1905. אין 1907 איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן זיין ערשטע דערציילונג אין זשורנאַל „צוקונפט”, אין 1919 איז דערשינען זיין ערשט בוך מיט מעשהלעך „אין וואַלד”. ער האָט באַזונגען זיין היימשטאָט בריסק אין אַ פּאָעמע פון פיר און צוואַנציק געזאַנגען און אַרויסגעגעבן עטלעכע אַנדערע ביכער, מיט פילאָסאָפיש־קריטישע עסייען, וואָס האָבן געצויגן אַ סך אויפמערקזאַמקייט. זיינע קינ־דער־מעשיות האָבן פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן און אַפילו דערוואַקסענע האָבן זיי געלייענט מיט פאַרגעניגן.

נאָך זיין טויט האָט ד״ר אַברהם צוקער און איך זיך פאַראינטערסירט מיט דעם גורל פון דער קאַלאָסאַלער זאַמלונג, אָבער ס׳איז אונדז קיין מאָל נישט געלונגען אויסצוגעפינען וואָס עס איז געוואָרן מיט איר.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, מיי 24, 1953 ; יוני 1, 1962)

# מיכל ליכט

...ס׳האָט געלעבט אַ יידישער דיכטער מיכל ליכט, וואָס האָט זיך אויסגעקליבן דעם וועג פון איינזאַמקייט און פון אַליינקייט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע באַנייערס פון יידישן ליד און פון יידישן וואָרט. ער האָט אין זיין שרייבן אַ סך מחדש געווען, אָבער ער איז אַליין צו שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון די חידושים, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן.

ליטעראַטור ווי יעדע קונסט האָט ליב, אַז מען זאָל עפּעס געפינען זוכנדיק. זאָל זיין אַ קליינינקייט, אַ שערבעלע, אַ טשיקאַווע מטבע אַן אָפּגע־ריבענע, אָבער געפינען מוז מען און אויב מען געפינט נישט, דאַרף מען זיך פונדעסטוועגן אָפּשטעלן און זיך פרעגן, וואָס אַזויגס זוכט מען אייגנטלעך.

די הפסקה אין מיטן זוכן, אַפילו ווען מ׳קומט מיט ליידיקע הענט, איז אויך אינטערעסאַנט, ווייל מען גיט זיך אָפּ אַ שטיקל דין־וחשבון און מען פרעגט זיך : ווי לאַנג איז דער שיעור צו זוכן ?

ביי יידן איז אַזאַ חשבון־הנפש אַוודאי וויכטיק. מיר זיינען מאַי־קאַ־

משמע־לן־מענטשן. אַז מען גיט אונדז אַ טיפן רמז, קענען מיר זיך נישט צו לאַנג אַרומטראָגן מיט אַ סוד. מיר פרעגן וואָס איז דער מיין דערפון, וואָס לאָזט ער אונדז הערן?

מיכל ליכט איז געקומען ווי אַן איבערראַשער און ווי אַ גרויסער וועלער, און וועלנדיק האָט ער אויך, אין סאַמע אָנהייב, געוויזן, אַז ער איז טאַקע אַ קענער אויך. ער האָט גוט געקענט די ענגלישע און די אַמעריקאַנער פּאָעזיע. אים איז געגאַנגען אין אַריינברענגען אין דער יידישער ליטעראַטור די נייקייטן, וואָס ענגלישע און דער עיקר טאַקע אַמעריקאַנער פּאָעטן האָבן אויפגעדעקט; זייערע פּינקלדיקע וואונדערס, זייער צוגאַנג צו לשון, צו ריטעם, זייער נישט־אויסבראַקירן קיין איין טעמע, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַלץ איז אַן ענין פאַר פּאָעזיע.

מיכל ליכט האָט געוואָלט ווייזן און, ווי געזאָגט, אין סאַמע אָנהייב האָט ער טאַקע געוויזן, אַז דאָס יידישע לשון איז אויך מסוגל פאַר אַלע דערשטוינענדיקע באַנייאונגען און זי קען שטאָלץ מיטשפּאַנען מיט דער וועלט־פּאָעזיע, אויף איר פּראָצעסיע צו גרעסערע דעראָבערונגען און זיגן. אַגב, האָט מיכל ליכט טאַקע אַרויסגעגעבן מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק אַ בוך לידער אונטערן נאָמען „פּראָצעסיעס".

דער פּאָעט מיכל ליכט האָט גוט געקענט זיין אוקראַאינער פאָלקס־יידיש. ער האָט עס שטאַרק ליב געהאַט, פּונקט ווי ער האָט פיינט געהאַט דאָס אויסגעבלייכטע פּאָעטישע לשון, וואָס איז געווען ווייט פון פאָלק, פון זיין פּיקחות און זיינע דאגות. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ גרויסן חיסרון. ער האָט זיין פאָלקסיידיש ניט באַוויזן גוט דורכצומישן און דורכצוקנעטן מיט זיין רמזימדיקן אינהאַלט, אַזוי אַז דער מאָדערניזם פון אַזאַ אַמערי־קאַנער פּאָעט, לאָמיר זאָגן, ווי קאָמינגס, האָט זיך נישט גוט געהיימישט מיט זיין זיידע־באָבע־לשון.

דערצו האָט ער געזוכט און געזוכט און אַריינגעצויגן געוואָרן אין זיין אייגענעם זוכן. ס'האָט אים נישט געאַרט, וואָס ער הערט אויף צו געפינען. ער האָט אויך דעם עולם נישט פאַרבעטן אויף זיינע זוך־עקספּעדיציעס און ער איז געגאַנגען אַליין.

דערביי איז ער זייער יונג גאָר שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן. ער האָט דערזען דעם מלאך־המות פאַר די אויגן, ווען ער איז נאָך געווען אַ שיינער, בליענדיקער יונגערמאַן, וואָס איז געווען פאַרליבט אין לעבן. די אויג־אויף־

אויג־באַגעגעניש מיט דעם מלאך־המוות האָט אים אַזוי אויפגעטרייסלט, אַז ער האָט זיך אין גאַנצן צוריקגעצויגן פון לעבן.

מיכל ליכט האָט געמיינט, אַז אַזויערנאָך וועט ער דעם מלאך־המוות אַריבערקליגן. אויב מ׳וועט אים, דעם פּאָעט, נישט זען אין לעבן און צווישן מענטשן, וועט דער שליח פון טויט פאַרגעסן אין אים.

איז טאַקע געשען אַזוי. מיכל ליכט האָט געהיט און געמאָסטן יעדער טריט זיינעם. ער האָט געלעבט מיט קליינע טיילעפּעלעך דאָזעס לעבן און ער האָט טאַקע באַוויזן אויסצומיידן דעם פינצטערן פאַרשוין — אַן אַכצן יאָר, ביזן עלטער פון זעכציק יאָר.

...אַ מאָל איז מיכל ליכט כאָטש געווען באַרימט פאַר זיין אומפּאָפּולאַריטעט און פאַר אויסמיידן די וועגן פון פּאָפּולאַריטעט. זיין אומפאַרשטענדלעכקייט איז געווען אַ שם־דבר. האָט מען געוואָלט אָפּלאַכן פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע, האָט מען געבראַכט ביישפּילן פון זיינע לידער. פאַר לייכטע אָפּלאַכערס און אָפּשפּעטערס איז אין ליכטס לידער געווען אַ סך מאַטעריאַל. דער דיכטער איז זיך געגאַנגען זיין באַזונדערן וועג און ס׳האָט אים נישט געאַרט, וואָס מען נוצט אים ווי אַ שטעקן איבערן קאָפּ פון דעם נייעם יידישן ליד.

דורך די יאָרן פון זיין שלאָפקייט און אָפּזונדערונג פון לעבן האָט ער זייער ווייניק געשריבן. די אָפּשפּעטערס האָבן אין אים פאַרגעסן. די פּאָפּולאַריטעט פון דעם אומפּאָפּולערסטן פּאָעט איז אויך פאַרגעסן געוואָרן, און ווען דער מלאך־המוות האָט אים אַ באַפעלערישן רוף געטאָן, איז ער געווען דער פאַרגעסנסטער יידישער לידער־שרייבער...

(טאָג־מ״זש, יוני 21, 1953)

# י. קיסין

דער יידישער פּאָעט י. קיסין איז ביים לעבן אַנטלאָפן פון כבוד און פון דעם ביסל אָנערקענונג, וואָס די יידישע גאַס קאָן געבן. למען האמת מוז מען זאָגן, אַז דער כבוד איז אים נישט צו שטאַרק נאָכגעלאָפן און אַז קיסין האָט נישט באַדאַרפט דורכמאַכן קיין שטאַרקן קאַמף און ביישטיין גרויסע נסיונות. ער איז אָבער נישט געווען נייגעריק זיך אַריינצולאָזן אין גרויסע געיעגן נאָך כבוד.

יעדער שרייבער קאָן, אויב ער וויל נאָר, אַ קיצל טאָן דעם כבוד און ביי אים אַרויסרייסן אַ קאַפּיטשקע אויפמערקזאַמקייט. אָבער קיסינען איז די גאַנצע געשיכטע נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט זייער וויניק געשריבן, פופצן יאָר צוריק האָט ער געקאָנט מזכה זיין די וועלט מיט אַ געבונדענעם בוך פון זיינע צעזייט־און־צעשפּרייטע לידער. ער האָט עס אָבער קיין מאָל נישט געוואָלט טאָן.

עס איז שווער צו זאָגן פאַר וואָס אַ פּאָעט זאַמלט נישט זיינע לידער. יואל סלאָנים, איינער פון אונדזערע פּראָדוקטיווסטע פּאָעטן, וואָס האָט נישט געלעבט אין אָפּזונדערונג, נאָר ער האָט דווקא געזוכט און געמאָנט אָנערקענונג, האָט קיין מאָל נישט אַרויסגעגעבן קיין איין זאַמלונג פון זיינע לידער. א. ליעסין, וואָס איז אויך נישט געווען קיין גרויסער עניו און האָט זיך נישט אומגעקערט מיטן רוקן צום נאָכיאָגנדיקן כבוד, האָט נישט אַרויסגעגעבן זיינע געזאַמלטע לידער. ווען ער האָט זיך שוין יאָ גענומען דערצו, האָט ער פאַרשפּעטיקט און די דריי לידערביכער זיינע זיינען דערשינען נאָך זיין טויט.

עס איז זייער נאַטירלעך פאַר אַ דיכטער צו וועלן זיך זען אַ „געבונדענעם" אין אַ ביכערשאַנק מיט אַנדערע ביכער. אויב ער טוט דאָס אומנאַטירלעכע און גיט נישט אַרויס זיינע ביכער, איז עס אָפט מאָל דערפאַר, וואָס אים גלוסט זיך נישט אַריינצושטעקן די האַנט אין קעשענע און פינאַנצירן זיין אייגענע אומשטאַרבלעכקייט־אונטערנעמונג. עס האָט אַ פּנים, ווי מען וואָלט באַצאָלן די אייגענע לוויה־הוצאות. די הונדערטער נישט־פאַרקויפטע ביכער ליגן ווי מתים און אַז מען שפּיגלט זיך אין זייערע גאָלד־געליישטע רוקנס, זעט מען ערשט, אַז מען קאָן זיין טויט אין אַ פיינער דע־לוקס־אויסגאַבע פון עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן.

אַ מאָל קומט דאָס נישט אַרויסגעבן אַ בוך פון אַ טיפער אינעוויי־ניקסטער עניוות. אַ מאָל קומט עס גאָר פון פּחד צו קומען מיט אַ בוך

אין מאַרק אַריין און עס לאָזן אויף הפקר. באַלד וועט מען זיך צוזאַמענלויפן פון אַלע זייטן און עס אַרומשמעקן. דער מחבר פילט, אַז ער האָט נישט קיין כוח דערפאַר און ער האָט נישט קיין שטעקן צו ווערן זיך קעגן די אַרומשמעקערס. ער באַשליסט בעסער צו זיצן און ציטערן איינער אַליין איבער זיין פאַרמעגן אין שופלאַד. אַ מאָל גיט אַ מחבר נישט אַרויס קיין בוך פון גרויס גדלות. ער איז אַ גדול ביי זיך, אַז עס שטייט אים נישט אָן צו זיין אַ קליינער שרייבער און ער ווייסט, אַז זיינע לידער וועלן אויספּלוידערן דעם סוד פאַר דער גאַס, אַז זיין טאַלאַנט איז נישט מיט אַלעמען.

עס זיינען פאַראַן גרונטאַוונע סיבות פאַר וואָס עס טרעפט אַ מאָל, אַז אַ דיכטער גיט נישט אַרויס זיינע ביכער, אָבער ביי קיסינען האָט עס גיכער געשטאַמט פון אַן איינגעבוירענער שעמעוודיקייט. ער איז געווען אַ מבין אויף יענעם, אָבער געשאַדט האָט אים זייער שטאַרק, וואָס ער איז אויך געווען אַ מבין אויף זיך.

זיין מבינות אויף אַנדערע האָט אים נישט געשטערט צו זיין ברייט־האַרציק. ער האָט זיינע אייגענע חברים געגעבן אָנערקענונג מיט אַ ברייטער האַנט, אָבער אַז עס איז געקומען צו זיך, איז ער געוואָרן קאַרג און נישט־פאַרגינעריש, און עס קאָן זיין, אַז זיין גרויס וויסן און זיין היימישקייט אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבן אים געמאַכט פאַר אַ שטאָלצן מענטשן. פון זיך האָט ער געפאָדערט דאָס טעלערל פון הימל און אַז ער האָט נישט געקאָנט צאָלן זיינע אייגענע וועקסלען, האָט ער געשוויגן.

ביים לעבן האָט ער כמעט נישט געהערט קיין וואָרט וועגן זיך, אָבער אין די דרייסיק טעג נאָך זיין טויט האָבן חברים זיך געכאַפּט, אַז עס פעלט זיי דער שטילער מענטש און זיי האָבן אים גענומען זוכן און שאַצן.

זיין שענסטער ביישטייער צו דער יידישער ליטעראַטור וועט פאַר־בלייבן זיין אַנטאָלאָגיע „לידער פון דער מלחמה" וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעגעבן אין 1943. די צוזאַמענשטעלונג פון דער אַנטאָלאָגיע, די אָפּטיילונגען, ווי „די מלחמה גייט", „דער שונא ביי די טויערן", „גיס אויס דיין צאָרן", „דאָס ליד פון האַס", „העלדן און קדושים" און אַנדערע קאַפּיטלען גיבן אונדז דעם געשריי פון דעם דיכטער י. קיסין — דעם געשריי, וואָס ער האָט אַ גאַנץ לעבן אין זיך אונטער־געדריקט. די אַנטאָלאָגיע איז אַ וויכטיק בוך און די איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, צוזאַמען מיט די לידער פון יידישע דיכטערס, שאַפן אַן אייגנאַרטיק ווערק, וואָס פאַרמאָגט אַ נביאישן אימפּעט. די

הונדערטער לידער זיינען אַ ברויזנדיקער פּראָטעסט קעגן מלחמה און זיי שטעלן מיט זיך פאַר אַ מאָנומענט אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין 1943 האָט עס געקלונגען געוואַגט אַרויסצוגעבן אַזאַ אַנטאָלאָגיע און צו שרייבן אַזעלכע אינספּירירטע און גלייביקע ווערטער, ווי קיסין האָט געשריבן אין זיין אַריינפיר צום וויכטיקן בוך:

„עס וועט אויך זיין אַ לאַנגער און קאָמפּליצירטער קאַמף צו געווינען דעם פרידן און צו געווינען און באַפעסטיקן די פרייהייט, זיכערקייט און גערעכטיקייט צווישן מענטשן. דאָס גיט דעם בלוטיקן אומזין פון דער איצטיקער וועלט־שחיטה אַ טיפן היסטאָרישן זין. מיר שטייען אין קאַמף מיט געזעץ פון אורוואַלד, אין אַ גאַטס מלחמה מיט דער מאַכט פון שטן, אין אַ געראַנגל מיט אַ גלויבן פון „בלוט״, פון חושך און טויט. מיר גלייבן אין דעם זיג פון לעבן.״

די גאַנצע אַנטאָלאָגיע אָטעמט מיט דעם גלויבן אין דעם זיג פון לעבן, און אויף אַזוי פיל איז דער שטילער, זייטיקער און אפשר אויך באַזייטיקטער קיסין געקומען מיט זיין נחמו את עמי, אין דער פינצטער־סטער צייט אונדזערער. ער איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און געטאָן וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ווער עס בלעטערט די אַנטאָלאָגיע, זעט וואָס פאַר אַ שווערע אַרבעט דער צוזאַמענשטעלער האָט געהאַט. ער איז אַליין געווען דער אויסקלייבער און אָפט אויך דער איבערזעצער. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גאַר פיינעם חוש אין דעם אָקלייב פון זיין מאַטעריאַל. זיין מבינות האָט אים דאָ שטאַרק געהאָלפן. אין דער צוזאַמענשטעלונג פון דער אַנטאָלאָגיע האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז קיסין איז גאָרנישט געווען אַזאַ ליריש נעבעכל, נאָר ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ טיפן און געזונטן סאָציאַלן חוש.

די אַנטאָלאָגיע ענדיקט זיך מיט דער אַמעריקאַנער הימנע, אין דער איבערזעצונג פון ב. לאַפּין:

מיר גערעכטע, מיר וועלן די זיגער אַרויס.
ווייל דער גלויבן אין גאָט גייט אונדז שטענדיק פאָרויס!
שטערן־שטרייפיקע פאָן זאָל זיין זיגרייך צעשפּרייט.
איבער היימען פון פרייע און בראַווע צעווייט.

מיט דער דאָזיקער אַנטאָלאָגיע האָט זיך דער עניוותדיקער י. קיסין געשטעלט אַ מאָנומענט אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַ סך מער ווי אַ בוך פון מיטלמעסיקע לידער.

(מאָרגען זשורנאַל, יולי 28, 1950)

# דער פּאָעט י. ל. קאַלושינער

י. ל. קאַלושינער האָט זיך אָנגעהויבן באַוויזן מיט זיינע לידער מיט אַ 45 יאָר צוריק, און אין אהרן קאַרלינס זשורנאַל „די פעדער", אין 1918־1919, איז ער געווען איינער פון די אויפגייענדיקע שטערן. דעמאָלט האָט קאַלושינער געשריבן ברייט־אָטעמדיקע לידער און זיך פאַרמאָסטן אויף האַרטע שטאָטישע טעמעס. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך רייד און מיט יעדער ליד האָט ער אַוועקגערעדט הונדערטער ווערטער מיט אַן אימפּעט, וואָס האָט קלאָר געמאַכט, אַז דאָס איז אויף דערווייל און אַז ער וועט מאָרגן־איבערמאָרגן ווידער קומען, ווייל ער האָט נאָך אַ סך וואָס צו רעדן. דעם יונגן דיכטער האָט דעמאָלט ניט געאַרט, וואָס ער האָט נאָך נישט געפונען וואָס צו זאָגן. ער האָט דערווייל געשפּרודלט מיט רייד און תמיד אַוועק אָן אַ פּאָעטישן זיי־געזונט, ווי אַלע לידער זיינע וואָלטן געווען אַ „פאָרזעצונג־פאָלגט" פון אַ צעצויגן פּאָעטיש ווערק, וואָס זוכט זיך צו דעררעדן צו עפּעס.

מיט אַ מאָל איז אין קאַלושינערן פאָרגעקומען אַ שטאַרקע ענדערונג. ער האָט גענומען ווערן קאַרג אויף רייד, ווי ער וואָלט זיך פּלוצעם דערזען — אַן אויסגערעדטער. ער האָט זיך גענומען איינהערן אין זיינע ווערטער און ער האָט זיי גענומען צוזאַמענשטעלן מער אָפּגעהיט. ער האָט זיי קוים באַרירט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אויף זיי אָנצוטרעטן אָדער זיך צו שטאַרק אָנלענען. ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון רייד און זיך גענומען צו דער איינגעשפּאָרטער שורה. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן קורצע, גע־פּרעסטע לידער און אַ גרויסע צאָל סאָנעטן.

דאָס צווייטע בוך לידער זיינס, וואָס איז דערשינען אין 1932, גאַנצע צען יאָר נאָך זיין ערשט בוך, איז שוין באַשטאַנען פון לויטער סאָנעטן. דאָס נייסטע בוך זיינס איז זיין פערט בוך לידער און עס הייסט — „אין ליכט פון איין דור", אָבער ס'איז אין דער זאַמלונג לידער פאַראַן זייער ווייניק פון דור און מער פון דעם דיכטערס דערבלאָנדזשעניש צום געזאַנג פון קוים באַרירטע ווערטער, צום געפלאַטער פון רייד, וואָס זייער חן באַשטייט אין דעם, וואָס מ'הערט זיי קוים, אָבער אין זייער שטילקייט איז פאַראַן אַן אמת לירישע געפיל, וואָס דערגייט צום לייענער. אין משך פון יאָרן איז י. ל. קאַלושינערן געלונגען צו געפינען זיין אייגענע שטילע סטעזשקע, וואו ער קאָן מאַנאָלאָגירן, מיט אַ געצאַמטן ווערטער־אָפּקלייב,

וואָס ער צעשטעלט, צעזאָגט און צעזינגט, אַז עס פּאַסט אַקוראַט צו דעם, וואָס ער וויל אַראָפּרעדן.

אין דעם נייעם בוך האָט י. ל. קאַלושינער אַריינגענומען אויך עטלעכע לידער פון זיין אָנהייב, ווען ער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט צוגעכאַפּט צום ליד. דעמאָלט האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף שיקאַגאָ און באַרעדט די שטאָט אין בעסטן סאַנדבורג־סטיל —

שיקאַגאָ.
דו זאַמלער פון תבואה, פון שפּייז, פון מזרח און דרום;
דיין מסחר שלאָגט אָפּ איבער שטאָטן פון לאַנד.
אָבער —
דו שטייסט ווי איינגעשניטן פון רעלסן און באַנען,
צעזעגט פון לאַקאָמאָטיוון, וואָס טרייבן די שטילקייט אַוועק.

דאָס זיינען געווען קאַלושינערס לידער־יאָרן, ווען ער האָט נאָך נישט געהאַט איינגעפּירט ביי זיך אַן עקאָנאָמיע פון רייד. דעמאָלט האָט ער זיך אויך גענומען צו אַזאַ שטאָטישער טעמע ווי „אין קינאָ”. דער קינאָ איז נאָך דעמאָלט (אין 1918) געווען שטום, אָבער קאַלושינער האָט אים אויך באַוואָרפן מיט רייד.

אין ניו יאָרק,
אין אַ קינעמאָטאָגראַף,
האָב איך היינט געזען דאָרט אויפן ווייסן לייוונט
אַ שטאָט.
מיין היימשטאָט פון אַ מאָל,
וואו מיין פוס האָט לאַנג שוין ניט געטראָטן.

דאָס ליד האַלט גאַנצע פּערצן זייטן אין בוך, און ווען מען לייענט אַזאַ באַרעדעוודיק ליד, וואונדערט מען זיך נאָך מער, ווי אַזוי ס'איז קאַלושינערן געלונגען איינצושטעלן דעם דאָזיקן געטומל פון ווערטער און זיך נעמען צו זיך, און אַרויסהערן זיין אייגן דין קול, וואָס דאַרף בלויז געציילטע ווערטער, כדי צו דערציילן און איבערדערציילן דאָס, וואָס איז אים אָנגעצייכנט געוואָרן צו זאָגן.

די פּערצן־שורהדיקע לידער קאַלושינערס, די, וואָס ער רופט סאָנעטן און וואָס זיינען גאַנץ אָפט מער סאָנעטיש אין געמיט, ווי אין דער פּערז־

טעכניק, זיינען שטאַרק צוגעפּאַסט צו דעם דערוואָרבענעם געצאַם פון זיינע רייד, אַרום דעם קליינעם פאַרטרוי, וואָס ער האָט איבערצוגעבן — פון זיך.

אין פרעמד האָב איך אין עלנט זיך מיין היים געמאַכט,
געבויט די וועלט מיט יעדן נייעם אינדערפרי,
וואָס האָט באַוועגט אין האַרץ בטחון אין מיין מי,
איך זאָל ניט גיין פאַרזאַמט מיט שאָטנס פון דער נאַכט.

די שורות זיינען פון סאָנעט „צושטייער״, אויף זייט זיבן. די פערטע שורה איז אַ תהילימדיקע און נאָך איידער מען באַנעמט וואָס די שורה מיינט, דערשפּירט מען, אַז זי קומט פון אַן אייגענעם פאַרטונקלטן קנויל, וואָס בליצט אויף מיט אָריגינעלע שורות —

און ווי אַ בוים, וואָס שיילט אין זון זיך אָפּ פון שניי.

קאַלושינער האָט ליב איבערצוחזרן זיינע אייגענע שורות אין אַ סך פאַרשיידענע לידער, נישט ווייל ער איז פאַרליבט אין אייגענעם וואָרט, נאָר ווייל ער וויל נאָך בעסער און אַנדערשדיקער אויסדריקן, וואָס ער האָט אַרויסגעגראָבן פון זיך. אויף זייט 43 אין סאָנעט „אויף דער ערד״ זאָגט ער נאָך אַ מאָל —

און ווי אַ בוים, וואָס שיילט זיך אָפּ פון פראָסט און וואַרט אויף בלי.

דאָס איז כמעט דאָס זעלביקע, אָבער אַנדערש איבערגעזאָגט, ווייל דער דיכטער וואַרפט זיך שוין אַזוי ניט מיט ווערטער און ווייל פאַר דעם קליי־נעם קרייז פון זיינע דורכלעבענישן וואָלטן די רייד זיינע פון די אָנהייב־לידער פאַרטומלט דאָס שטילע און אייגענע, וואָס קאַלושינער וויל איבער־געבן. ער קומט אַלץ צוריק צו זיין פאַראייגנטער שטילקייט.

קאַלושינער איז אַרויסגעפאַלן פון יידישן פּאָעטישן „דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס״. ער האָט אָנגעהויבן רעדן אין זיינע לידער אַזוי שטיל, אַז חברים־פּאָעטן האָבן געמיינט, אַז ער וויל שוין ניט מען זאָל אים אויסהערן. ער איז אַרויסגעפאַלן פון אַלע פּאָעטישע צענזוסן און ציילונגען. ער האָט אָבער שאַרף געשפּירט די באַזייטיקונג, הגם ער האָט קיינעם נישט באַשולדיקט. ער האָט בלויז געזוכט צו פאַרוואַנדלען דאָס דאָזיקע געפיל אין שטילע און נאָך שטילערע שורות:

וואו כ׳האָב געפילט ניט איין מאָל זיך אין וועג פאַרשעמט;
די טיר פון יום־טוב זאָל פאַר מיר נאָר זיין פאַרמאַכט.

אין אַן אַנדער סאָנעט, „פון אַנהייב אָן", קומט ער ווידער צוריק צום זעלביקן מאָטיוו:

דער מאָרגן זאָל ניט מער פאַרלעשן אין מיין בליק דאָס ליכט;
עס זאָל אין וועג פאַרלוירן גיין אין קלאַנג ווי אויף אַ מאַרק.

קאַלושינער האָט אַ סך לידער, וואָס וואָלטן געקאָנט גערופן ווערן אומפאַרשטענדלעכע לידער, ווען זיי וואָלטן נישט געווען אייגנאַרטיק אומפאַרשטענדלעך. די שורות פון זיינע לידער גייען זייער אָפט אויך אין פאַרשיידענע ריכטונגען, ווי ער וואָלט זיין ליד אויפגעפּאַסט שורותוויז. אָבער ס'איז פאַראַן אין די לידער פאַראַן אַ גאַנצקייט, און די גאַנצקייט איז דער עלעגישער טאָן פון אַ מענטש, וואָס זוכט אין זיין זייטיקייט אַ צייכן, אַז ער שיילט זיך אַרויס, אָדער ער שיילט זיך אָפּ פון דעם געטומל, כאָטש מיט אַ געדענקלעך וואָרט; און אים געלינגט אַ סך מאָל צו זאָגן דאָס געדענקלעכע וואָרט.

קאַלושינערס פאַרטרויעריקט ליד געדענקט גוט, אַז ווען ער איז געווען אַ קינד, איז ער געווען אַ גאַנצע וועלט, נישט פאַר זיך אַליין, נאָר איינגעדרעמט אין טאַטנס בליק —

איך בין אַמאָל געווען אַ וועלט אויך פאַר מיין טאַטנס בליק.

אָבער דער טומל פון גאַס האָט אויף דעם דיכטער אַנגעוואָרפן אַן איינשרומפּנדיקע שרעק, אַז ער זאָל זיך פאַרקלענערן, ער זאָל פאַרנעמען וואָס ווייניקער אָרט, וואָס ווייניקער זיין — מענטשן און חברים־דיכטערס אין וועג. בלויז אין זעלטענע מינוטן האָט זיך אים איינגעגעבן צו זען ווי ער ווערט געפירט „פון „נידער אַרויף צו דער הויך" —

און ניט געזען כ'האָב מער מיין שאָטן שאָרן זיך מיט שרעק.

דער אָנשרעק, וואָס איז געפאַלן אויף דעם פּאָעט, האָט אים פאַראייניזאַמט. פאַראַן אַ ראַלניקשער טאָן אין זיינע לידער, אָבער יוסף ראַלניק האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זיינע באַזייטיקערס, אמתע און געדאַכטע, ער האָט אָנגעשאַרפט זיינע לידער און מיט חכמה און ביטול געקוקט אויף דעם יאַריד. קאַלושינער רעכנט זיך נישט אָפּ מיט קיינעם, ער פאַרצייכנט בלויז און ער זוכט דאָס שטילסטע וואָרט אויסצוזינגען זיין האָפענונג, אַז גראָד דאָס קוים־הערעוודיקע וואָרט וועט פאָרט אַ מאָל דערהערט ווערן.

און עס גייט דער טאָג פון הינטער בערג אַרויס
און שיילט דעם ווינטער שוין אַראָפּ פון פעלדז און שטיין.
וועט אויך די פרייד פון אויפבוי אין מיין האַרץ אַריין.

כ׳האָב אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט שיילט, וואָס קאַלושינער האָט אַזוי ליב איבערצוחזרן. אָבער אומעטום „שיילט" דאָס וואָרט אָפּ — אַ ניי געזעען בילד.

קאַלושינערס שורות האָבן צוויי גרויסע מעלות. אין זייער וואָרט־פּאַרקאַרגטקייט קלינגען זיי כמעט ווי נאָטן צו געזאַנגען. די ווערטער פלאַטערן און דער לייענער פלאַטערט זיי אַדורך, און נאָכן לייענען דער־שפּירט ער ערשט, אַז זיי האָבן גערעדט צו אים מיט אַ באַזונדערער פאַרשטענדלעכקייט און מוזיק פון אַ דיכטערישער שלימות, וואָס האָט זיך פרום געפונען אין באַשיידענעם וואָרט. די צווייטע מעלה פון קאַלושינערס לידער באַשטייט אין דעם, וואָס זיינע שורות פאַרמאָגן אַ ביבלישן אָטעם, כאָטש ער סטיליזירט נישט זיינע לידער אויפן ביבלישן שטייגער.

און פונקט ווי נעכטן, ווער איך נאָך פאַרשעמט פון זון־באַריר,
געטריבן צו פאַרזאַמען איבער בערג אַלץ מער מיין וועג.
איך זאָל נאָר קלעטערן מיט שווערן לאַסט אין בלי פון טעג
און טראַכטן פון דעם טאָג,
וואָס איז אַוועק מיט קעלט פון מיר,
נאָך מיין צושטייער צו דעם אויפבוי פון דער נייער צייט,
און לאָזן שטיין מיך ווי אַ פרעמדער ביי דער טיר פון פרייד.

מ׳קאָן אַזעלכע שורות זאָגן און אין דער זאָגעוודיקייט דערשפּירן, אַז דער דיכטער האָט נישט דערלאָזט, אַז שטייענדיק ווי אַ פרעמדער ביי דער טיר פון פרייד, זאָל ער וואָרפן ביטערע ווערטער אויפן חשבון פון די אַלע, וואָס האָבן פאַר אים די טיר נישט געעפנט. דער דיכטער פאַרוואַלקנט נישט זיינע לידער מיט פאַרוואורף, ער פאַרצייכנט בלויז די זייטלעך פון אַ רעזיגנירט טאָגבוך.

און ווי אַ פור, וואָס גייט אין נעץ מיט לאַסט געלאָדן,
אַזוי גיי איך און לאָז אַ שפּור ניט פון מיין גאַנג,
און טראָג, ווי נעכטן, נאָך אַ טאָג בלויז אין געדאַנק.

מ׳קאָן אין י. ל. קאַלושינערס ניי בוך לידער „אין ליכט פון מיין דור" געפינען אַ סך לידער, וואָס פאַרמאָגן די מעלות פון אַן איינגעשוויגענער מוזיקאַלישקייט, אַ שטילן מאָנאָלאָג פון אַ באַזייטיקטן פּאָעט, וואָס האָט נישט דערלאָזט, אַז די בענקשאַפט נאָך חברשאַפט זאָל פאַרזשאַווערן זיין ליד. ער האָט געפונען זיין אייגענעם וועג און זיך דערגרונטעוועט צו דער

מוזיק פון געציילטע ווערטער און טייל מאָל אַפילו צו אַ גלייביקן, אַז די שטילע און ערלעכע רייד מוזן דערהערט ווערן —

און ווי עס גייט אַ קעמל אין דער וויסט, מיט מיילן שטויב אין וועג,
און ציט נאָך זיך אַ קאַראַוואַן, באַלאָדן מיט געוויכט צום ברעג,
גיי איך דורך גאַסן, שלעפנדיק
מיט זיך מײַן לעבן־באַרג אַרויף.

(טאָג־מז״ש, יוני 26, 1960)

# בוך לידער פון אַברהם זאַק

דער פּאָעט, בעלעטריסט און זיכרונות־שרייבער אברהם זאַק האָט אַרויסגעגעבן אַ נײַ בוך לידער, וואָס ער האָט אָנגערופן „פון הייסן אַש". דאָס איז שוין זײַן נײַנט אָדער צענט בוך לידער, וואָס ער האָט צוגעשטעלט צו זײַן פּריוואַטער ביבליאָטעק פון אייגענע ביכער, וואָס האַלט שוין בײַ 25 ווערק; צווישן זיי די אויסגעצייכנטע מעמואַרן־ביכער פון זײַן וואָגל־און־וואַנדער דורך די קאַשמאַריקע היטלער־יאָרן. אברהם זאַק איז נישט נאָר אַ פײַנער איבערדערציילער פון געשעענישן, נאָר ער ווייסט ווי זיי אַוועקצושטעלן אין פּערספּעקטיוו און זײַן אי דער כראָניקער, אי דער אויסטײַטשער.

זאַק איז געווען לייב נײַדוסעס נאָענטער דיכטער־חבר. ווען מען דער־מאָנט זיך, אַז נײַדוס, דער ערשטער וויכטיקער ווערסיפיקאַטאָר אין דער יידישער פּאָעזיע און דער איבערפּלאַנצער פון אייראָפּעאישן לירישן געמיט אויף יידיש, איז געשטאָרבן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווערט מען איבערראַשט פון זאַקס לעבעדיקן טראָט אין יידישן ליד, מיט יעדער נײַער לידער־זאַמלונג וואָס ער פאַרעפנטלעכט. וואָס מען זאָל נישט זאָגן קעגן אברהם זאַקס לידער־שפע, מוז מען פונדעסטוועגן צוגעבן, אַז זײַנע לידער זײַנען נישט פאַרצײַטיקט געוואָרן, נאָר זיי בעמען, גראָד פאַרקערט, פּאָע־טישע שטעלונג צו די געשעענישן פון אונדזער צײַט. נײַע ביכער לידער

זײַנען בײַם הײַנטיקן טאָג געבליבן נישט מער װי אַן אינטערעסאַנט בלעטל אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פּאָעזיע. ניידוס האָט טראַגיש נאָכגע־טאָן זײַנע באַליבטע ליריקערס, שעלין, קיטסן, לערמאָנטאָװן און איז אויך אװעק אין דער פאַרשניטענער עלטער פון 28 יאָר. װאָס ער װאָלט געמאַכט פון זײַן כסדרדיקן טראָפּ אויף אײַנװיגנדיקן געזאַנג, איז נישט מער װי אַ ספּעקולאַציע. ס'איז אָבער אפשר מעגלעך צו זען אין לעבעדיקן גאַנג פון ניידוסעס נאָענטן חבר אברהם זאַק, אַז ניידוס װאָלט מיט דער צײַט אויך געגומען לייגן מער װאָג אויף דער אינהאַלטלעכקייט פון ליד; אויף איר אָנגעהעריקייט צום לעבן און אָפּט מאָל מיט טרוקענע האַרטע טאָג־געשעענישן; װי מיר זעען עס אין דעם װײַטן גאַנג פון אברהם זאַקס ליד, אין פאַרגלײַך מיט זײַנע אײגענע ערשטע לידער „אַקאָרדן”, װאָס זײַנען דערשינען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אין יאָר, װען לייב ניידוס איז געשטאָרבן.

די לידער „פון הייסן אַש” זײַנען אײַנגעטײלט אין פינף סעריעס. די לעצטע סעריע באַשטייט פון איבערזעצונגען, אָדער װי דער פּאָעט רופט עס — „איבערדיכטונגען”. דאָס בוך עפנט זיך מיט חורבן־לידער „אויפן װעג פון קדושים”, װאו מיר געפינען אַ צאָל פון די װאַרעמסטע לידער פון דעם שטייגער: כ'זאָג װאַרעמסטע, װײַל דאָס כאַראַקטעריזירט אפשר צום בעסטן אברהם זאַקס פּאָעזיע. מיט פינף יאָר צוריק האָט זאַק אַרויס־געגעבן זײַן לידער־זאַמלונג אונטערן נאָמען „אין אָנהייב פון אַ פרילינג” און אויך דאָרט, װי אין אַלע זײַנע פריערדיקע לידער, דערשפירט מען דעם דיכטערס אינעװייניקסטע װאַרעמקייט. ס'איז אפשר נישט קיין אָפּשאַ־צערישע קריטעריע פאַר לידער דורך שאַפן פאַר זיי אַ באַזונדערע קאַטע־גאָריע — װאַרעמקייט, אָבער איך חזר איבער, אַז דאָס איז, לויט מײַן מיינונג, דער בעסטער צוגאַנג צו אברהם זאַקס ליד.

די דאָזיקע פּאָעטישע װאַרעמקייט פאַרמאָגט אײַנגעבױטע מעלות און חסרונות. די װאַרעמקייט פון זאַקס קדושים־לידער, בפרט װען זיי זײַנען אַזעלכע װײַטיקדיקע בלעטער פון זײַן אײגענעם באַזונדערן חורבן, צענעמט און מען פרעגט נישט קיין קשיות.

דאָרטן אויפן װעג פון מחנות קדושים האָבן זיך באַגעגנט
מײַן גרויע מאַמע מיט מײַן „קדיש” — מיט מײַן זון.
זיי האָבן זיך געטוליעט אין דעם לעצטן װעג צוזאַמען,
געטריבן אונטער אַ פאַרשעמטער טריבער זון.

װעמען װעט, אין דעם מאָמענט פון דורכגעציטערטן אינהאַלט פון

אַזעלכע פיר שורות, איינפאַלן צו פרעגן, פאַר וואָס דער דיכטער האָט געגראַמט זון מיט זון. אַפילו ווען ס'פאַלט אייך אַזאַ קשיה, פאַרענטפערט מען זי אַליין, אַז אַדרבה, די הימלישע זון מיט דעם אומגעקומענעם זון זיינע דווקא גוטע צווילינג־ווערטער. ווען מען לייענט אַזאַ ליד ווי „אין די פלאַמען", געווידמעט דעם פּאָעטס בן־יחיד, ווערט מען דורכגעווייקט מיט אַזעלכע שורות:

ביסט אויפגעגאַנגען אין די קרעמאַטאָריע־פלאַמען
מיט נאָך נישט־אויסגעלעבטער קינדיש יונגער פרייד;
מיט גלידער צאַרטע, אויסגעפּיעסטשעטע דורך אַ מאַמען —
אויך זי האָט דיך אין יענעם פלאַמען־וועג באַגלייט.

מען אַנאַליזירט נישט אין אַזעלכע שורות באַזונדערע ווערטער, מען פרעגט נישט אָפּ באַזונדערע אויסדרוקן און בילדער, מ'ווערט אַוועק־געטראָגן מיט דעם פלאַמענוועג, וואו אונדזערע באָבעס, מאַמעס און אייניקלעך האָבן געשפּאַנט צוזאַמען אין די הונדערטער טויזנטער.

די איינגעבויטע חסרונות זיינען די פעלערן, וואָס דער פּאָעט באַגייט, געטריבן פון דער אייגענער איבערגעלעבטקייט. די וואַרעמקייט פון ליד גיט זיך איבער דעמאָלט, ווען דעם פּאָעט געלינגט צו פאָרן אינעווייניקסטע מוזיקאַלישקייט מיט די ווערטער. כ'וואָלט געזאָגט, אַז דער עיקר האַלט אָן דער וואַרעמער טאָן אין אַזעלכע לידער, וואו דער פידל־בויגן איז אויס־געצויגן, ווען די שורה איז אַ ברייטערע. אין אַזאַ ליד „איך זע זיי אַלע" ווירקט די קורצע זינג־זאַנג שורה, ווי אַן אָפּקילער פון דעם פּאָעטס וואַרעמקייט —

אין עלנט מיינעם כ'זע זיי אַלע,
די פריינד וואָס אין זכרון;
אין גאַזאָויוונס, אין מאַסנגריבער
כ'האָב זיי אַלע פאַרלאָרן.

אָט די קורץ־שורהדיקע זינגענדיקייט טוט אַן עוולה דעם פּאָעט, ווייל זי פאַרשטעלט און פאַרקלינגט דאָס אינעווייניקסטע געמיט פון די ווערטער.

מיט דער דאָזיקער קריטעריע פון וואַרעמקייט איז גוט אויפצונעמען אברהם זאַקס לידער, נישט נאָר אין זיין חורבן־סעריע „אויפן וועג פון קדושים", נאָר אַפילו אין זיינע לירישע לידער, בעת ער זינגט אויס די שיינקייט פון נייעם לאַנד, וואו אים איז באַשערט געווען צו געפינען רו.

אברהם זאַק האָט ליב באַקומען זײַן נײַע הײם, נישט אין די ענגע ראָמען פון פּרנסה, פון געזעלשאַפטלעכן פאַרקער און פון הימל איבער די עטלעכע הין־און־קריק געשפּאַנטע גאַסן. זאַק האָט גוטע חושים און אין זײַן סעריע „דער בלויער ערגעץ" צעזינגט ער זיך מיט זײַן גאַנצער וואַרעמקייט וועגן די געבענטשטע ערטער אויף דער מאַפּע פון פּאָעטס צעזייטער און צע־שפּרייטער ביאָגראַפיע.

איך ווייס נישט וויפל פרילינגס ליכטיקע מיר זײַנען נאָך פאַרבליבן
אין סודותפולן לעבנסבוך אין מײַנעם אויף דער ערד.
איך ווייס נישט וויפל שעהן פריידיקע מיר זײַנען נאָך פאַרשריבן
און וויפל זײַן און וויפל חלום איז מיר נאָך באַשערט.
דעריבער כּפל איך די אַלע מײַנע בלויע פרילינגס פריידן,
די שײַנקייט, פּורפּור כּישופן פון יעדן זון־פאַרגאַנג.
איך שפּרייט די אָרעמס אויס צו דער ערד און הימל — ס׳גלוסט
זיך קיין מאָל שיידן,
מחשבות וועגן האַרבסט און טויט פאַרטויב איך אין געזאַנג.

דער פּאָעט קאָן אָבער נישט תמיד פאַרזינגען און פאַרטויבן מחשבות. אין זײַן דריטער סעריע „אויף דעמערוועגן" זײַנען פאַראַן אַ סך מעדיטאַטיווע לידער. דער פּאָעט זעט „ראַנטשאָס אויף די וועגן", אָבער ער קאָן נישט אונטערדריקן די מחשבות —

און ס׳וואַקסט אַזוי די אָרעמשאַפט אין אומענדלעכע פּאַמפּאַס,
און ס׳וואַקסט אַזוי דער צאָרן־פּלאַס אין רויען מענטש פון נויט.
עס איז ווי אַ צו להכעיס־שפּיל: פּאַלאַצן אין שפע —
און ראַנטשאָס דאָ און דאָרט, צעשפּרייט, וואו ס׳פאַלט דאָס
ביסן ברויט.

אין דער סעריע „יידישע אַקאָרדן" געפינט מען אימפּרעסיע־לידער פון דעם פּאָעטס באַזוך אין מדינת ישראל. גוטע, זעטיקע שורות זײַנען פאַראַן אין אַ צאָל פון די דאָזיקע פּאָעטישע אײַנדרוקן, ווי אין זײַנע „ישראל־מאָטיוון":

די גרויע ווײַטאָקן אוראַלטע,
וואָס טויט שוין דורות לאַנג געווען אַ גרעזל און אַ פלאַנץ,
מחיה־מאַניעדיק צעגרינסטו ערד און ס׳וואַקסן אויס ישובים,
און קינדערלעך צעשפּילן זיך, צעזינגען זיך אין קראַנץ.

**קאָנטראַסטיק קומט דער פּאָעט צוריק, אין דער זעלביקער סעריע, צום מאָטיוו פון יידיש־פּאָעטישער אייביקייט און ער פרעגט ביי זיך, צי ער וועט „בלייבן לעבן אין די ביכער". ער קאָן נישט פאַרהוילן טרויעריקע מחשבות און ער מוסרט אין זיינע לידער —**

ס'האָט אונדזער לשון, אונדזער ליד אַזוי פיל שונאים,
צעווישן ברידער אייגענע די מחנות פיינד.

**אָבער ער זינגט וועגן די פאַרשעמטע אותיות —**

פאַרשעמטע אותיות מרובעות
פאַרטריבן פונעם יידיש הויז.
פון ביכער־פּאַליצעס אין זאַלן
קיין צורת־אות קוקט נישט אַרויס.

**און ער פאַרזינגט זיך אַ מאָל די דאגות מיט אַ טריאומף־אויסגעשריי —**

אָ, ניין! אָ, ניין! מיר זיינען נישט די לעצטע זינגער
אויף אונדזער יידיש־יידישן פּאַרנאָס.
עס וועלן מאַמעס נאָך פאַרוויגן קינדער
מיט לידער אונדזערע אין אונדזער גאָס.

**פאַראַן אין אברהם זאַקס נייעם בוך לידער אַ צאָל גרינג־אויף־דער־וואָג, וואָס דער פּאָעט האָט געמעגט אויסלאָזן. און דעם קלימאַקס פון „פּראָזאַאישקייט" געפינען מיר גראָד אין אַ ליד, וואָס דאַרף אַרויסשטעלן טענות קעגן מאָדערניזם. גראָד אַזאַ ליד האָט באַדאַרפט געשריבן ווערן מיט גרויס אָפּהיט און מיט אַן אינעווייניקסטער מוזיקאַלישקייט. דאָס ליד שלאָגט צוריק דעם קעמפער פאַר מאָס, ריטעם און צאַם, מיט פרוגישער אַלטפרענקישקייט:**

עס פרעגט מיך דער און יענער
פאַר וואָס איך שרייב מיט גראַם;
פאַר וואָס ביי מיר דער פערז איז
מיט ריטעם און מיט צאַם.
ביי דעם און יענעם דיכטער די פערזן זיינען פריי;
דאָ שורות קורצע, דאָ לאַנגע —
מען זאָגט, אַז דאָס איז — — —
נאָר מיך... די אַלטע צום בעסטן מיר געפעלט:

אַ ליד קאָן ליד ניט הייסן
ווען די מוזיק אים פעלט.

**אַזאַ פראָנטאַלער אָנגריף אויף מאָדערניזם באַווייזט, ווי שלעכט אַ סך פּאָעטן פאַרשטייען וואָס עס מיינט מוזיק פון וואָרט.**

אַ ליד איז דאָך סימפאָניע,
אַ ליד איז דאָך געזאַנג,
נו, מוז עס האָבן ריטעם,
נו, מוז עס האָבן קלאַנג.

**די צוויי „נו'ס" זיינען ניט קיין חנעוודיקער צוגאָב צו דער טענצל־דיקער „מוזיק" פון ליד, וואָס איז מחויב צו זיין אַ „סימפאָניע", אַ „געזאַנג" —ביידע אין איינעם. דער פּאָעט האָט געמעגט איבערלאָזן די פאַרטיידיקונג פון זיין ליד צו בעסערע אַדוואָקאַטן, ווי ער אַליין איז, צו די, וואָס דער־שפּירן אין אַ צאָל לידער זיינע דעם דיכטערס אינעווייניקסטע וואַרעמקייט, דורך דער „אַלטער מאָדע" און שלעכטן אויסטייטש פון וואָרטמוזיק, וואָס פאַרפירט אַ מאָל דעם פּאָעט אברהם זאַק און, ווי ער דריקט זיך אויס, אַנדערע „דיכטער אַזש אַ שאָק".**

(טאָג־מ״זש, נאָוועמבער 5, 1967)

# אַברהם לעווס חלוצים־לידער

ס׳טרעפט נישט אָפט, אַז לידער פון אַ פּאָעט, געזאַמלט אין אַ בוך, זאָלן זיך לייענען אַזוי צוזאַמענדיק, ווי די לידער פון דעם יידישן פּאָעט אברהם לעוו אין זיין נייעם בוך „ביימער אין ווינט״. מען האָט ביז איצטער אַזוי קלאָר נישט דערזען דאָס פּנים פון דעם פויער־פּאָעט, ווי אברהם לעוו רופט זיך; און כאָטש זיין איינגעאַקערטע ליבשאַפט צו דער ארץ־ישראל־ערד האָט תמיד אַרויסגעקוקט פון זיינע באַזונדערע לידער, זינגען־אויס אַלע לידער אין זיין נייעם בוך אַ געשוואוירענעם לויב צו אַלע פּרימאָרגנס פון דעם פּאָעטס פערטל־יאָרהונדערט פון קיבוצישן לעבן.

ס׳איז אַ מין פּאָעטישער קאַלענדאַר פון אַ פאַרפויערטער יידישער פאַרעקשנטקייט צו בלייבן מיטן יידישן וואָרט אויף יידישער ערד און נישט צו בענקען נאָך שטאָטישע גליקן, אַפילו נישט נאָך פּאָעטיש־באַהעמישע גליקן פון אַ פאַרבראַנפטן „וועלטשמערץ״.

אין זיין קליינעם אַריינפיר צו די לידער זאָגט אונדז אברהם לעוו, אַז אין דער זאַמלונג גייען אַריין בלויז זיינע „קיבוציש־חלוצישע מאָטיוון״, פון די יאָרן 1935 — 1960. די דאָזיקע לידער זיינען געווען צעזייט און צע־שפּרייט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און דער פּאָעט האָט זיי צוזאַמענגערופן פאַר אַן אַסיפה — אין אַ בוך, וואו די לידער פילן זיך שטאַרק היימיש, ווייל זיי דערציילן זיך און דעררעדן זיך צו גאָר אַ סך זעטיקע דערמאָנונגען און זיי באַשטעטיקן די זוניקע געזונטקייט פון יידישן וואָרט און יידישן געזאַנג.

אברהם לעוו איז לויט סטאַנדאַרטן פון יידישע פּאָעטישע מעטריקעס נאָך אַ יונגער מענטש. ער איז נאָר וואָס געוואָרן אַ בן־חמישים, און שוין באַלד דרייסיק יאָר, ווי ער זינגט יידיש צום יידישן לאַנד, אוןביידע האָבן נישט דערלייגט צום עסק. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז דאָס בוך, וואָס איז דער־שינען צו זיין געבוירן־טאָג, איז בפירוש אַ יום־טוב פאַר דעם אויפגעגאַנ־גענעם יידישן וואָרט, וואָס אַזעלכע פאַרעקשנטע יידישע פּאָעטן האָבן פאַר־דוואקעט: דווקא אין ארץ־ישראל, דווקא אויף ערד, דווקא אין קיבוץ און איבער אַלע דווקאס — דאָס ציכטיקע יידישע וואָרט.

כ׳מוז זאָגן, אַז כ׳האָב נאָך אַזוי שטאַרק נישט דערשפּירט דעם זכות פון לעווס לידער און זייערע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער פּאָעזיע און ישראלדיקער ערד, ווי אין די לידער פון בוך „ביימער אין ווינט״. אַזעלכע לידער זיינען טאַוונגען, נישט נאָר לידער, נאָר אַפילו מיצוות. זיי זיינען ווערט

מער, ווי צענדליקער פראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און הונדערטער סקאָרבאָווע רעדעס. זיי רופן נישט, שלעפּן נישט, נאָר זיי זיינען — דאָ, מיט אַן איבער־ציינגנדיקער דאַאיקייט. ס׳איז גוט, וואָס דאָס בוך לידער הייבט זיך אָן מיט שורות, וואָס אברהם לעוו האָט געשריבן מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק:

אַ דאַנק און אַ לויב
פאַרן בלוי פון מיין שויב,
וואָס ליכטיקט און קלאָרט,
פאַרן געבערדלטן גערשט,
פאַרן ליד וואָס דערהערט,
פאַרן וואָרט.

ס׳איז גוט, וואָס דאָס בוך שליסט זיך מיט אַ ליד געשריבן 25 יאָר שפּעטער, אַלץ אין קיבוץ. די אַלטע חלוצים זיינען שוין גרוי, אָבער —

מען שפּאַנט מיט עקשנות געלאָדן,
מען שפּאַנט פונעם פעלד ווי די ריטערס;
אויף פינגער עס קלעפּט נאָך דער באָדן,
אַן אָפּשפּריץ פון זוניקע שפּליטערס.
די נאַכט פאַלט צו האַסטיק, און פלוצים
אַ שאַקאַל האָט זיך ערגעץ צעשריגן,
זיי גרויען די אַלטע חלוצים
פון אָט דער פינפטער עליה.

און אין צווישן, צווישן דעם אָנהייב און סוף, זיינען זיך אַ סך פאַר־לויפעניש פאַרלאָפן און דורך די לידער קאָן מען, ווי פון אַ קאַלענדאַר, רייסן בלעטל נאָך בלעטל און קריגן דעם אַראָמאַט פון די געשעענישן; און אַלץ דורך דער פּאַנאָראַמע פון קיבוץ.

אַפילו די לידער, וואָס ס׳געשעט אין זיי גאָרנישט, זיינען אויך קליינע דראַמעלעך פון טאָג און נאַכט, פון אַ שמעטערלינג, אַ מילב און פון טוי. דער טויט פון שמעטערלינג ווערט אויך אַריינגעוועבט אין דער דראַמע פון אַ פערטל יאָרהונדערט זען און באַוואונדערן.

מיט ליכט איז דער דרויסן באַגאָסן,
מיט ליכט און מיט ראָזעווע פאַרבן —
אַ שמעטערלינג האָלט איצט ביים שטאַרבן.
די פליגעלעך שטייף און פאַרלאָשן,
דאָס גופל — אַ צוק און אַ פיבער
און בייגט אויפן בלימל זיך איבער.

אויף מאָרגן, ווען ער גייט אַרויס צוריק אין פעלד,
עס שמעקט פון אים, ווי פון דעם אור־זיידן,
פון יעקבן, מיט אוהל, מיט געצעלט.

ס׳ווערט יום־טובדיק פון די לידער, ווען מען דערהערט דאָס ביאָגראַפישע קול פון אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס האָט דערפירט זיין יידישע געטריישאַפט און זי פאַרוואָרט מיט מעשימדיקע יאָרן פון לעבן —

געדעקט אַ דאַך, געשטעלט אַ טיר
דורך שוויס און בלוט.
כ׳טאָפּ אָן די ווענט מיינע די פיר,
און זע: ס׳איז גוט!

אַזעלכע שורות זיינען צו פשטותדיק בלויז, ווען מען איז זיי נישט מצרף צום געלעבטן יידישן וואָרט פון פּאָעט, ווען מען דערשפירט נישט דעם פעלדגערוך.

ווען מען דערטעמט אַ סך, ווי פשוט די יידישע רייד גראַמען זיך אַריין אין דער יידישער לופט, ווערט מען ביי זיך אויף ס׳ניי פאַרגליבט אין כוח פון יידישן וואָרט.

דער פּאָעט אברהם לעוו האָט נישט ליב די „רייסענישן און פאַרטייען־שטרייטן". ער האָט פיינט די „לייט פון לופט, מיט טעקעס לעדערנע אונטערן אָרעם, מיט פולע בייכער רייד". אים זיינען אויך פרעמד די „מעקלערס" (ער מיינט די פּראָפּאַגאַנדע־מעקלערס), די „רעדנערס און דברנים". זיינע לידער פאַראמתן אַ סך מער ווי פוסטע רעדעס און אויפרופן.

מ׳קאָן, אַזוי שפּאַצירנדיק דורך די לידער אין בוך, צוזאַמענשטעלן אַ מיניאַטור־ביאָגראַפיע פון אַ פויער־פּאָעט, וועמען ס׳איז פרעמד דער „פוסטער געפּלאַפּל ביי שומיקע גלעזער".

אַ גלי־ווערעמל גליט, ווי אין אַ טונקעלן רעמל.
דער הונט, דער ברוינער,
פאַרשטעקט זיין וועלפישע מאָרדע אין די קני
און דרעמלט.
אַ טאָג פון מי.
אויפן בריקל אויפן שטיינערנעם ביז שפּעט
זיצט דער פויער־פּאָעט
און וועבט זיין ליד.

דער דאָזיקער ערלעכער געוועב איז אין אברהם לעווס בוך דורכויס

איבערצייגנדיק מער ווי אין זיינע אַנדערע לידער, וואו ער איז נישט מיט ביידע פיס אין זיין קיבוצישער לאַנדשאַפט. מען דערמאָנט אים דאָ אין זיינע געזאַמלטע חלוציש־קיבוצישע לידער, און דווקא, ווען מען לייענט זיי און מען זאָגט זיי, אין דעם פאַרענדיקטן אויסהעפט פון אַ פערטל יאָרהונדערט. אָט איז דער זון, וואָס איז שוין אַלט זיבן יאָר.

ס׳איז וואָר?
ער איז דער ערשטער דור,
מיין יינגעלע מיט שוואַרצע האָר
און אויגן בלוי —
באַפליגלט מיט בטחון.
ער ציטערט שוין נישט פאַרן גוי דעם שכן.

דאָס בוך איז אינטערעסאַנט ווי אַ פּאָעטיש מעשה־ביכל פון אַ יידישן יונגנמאַן, וואָס איז אָנגעקומען און געפונען. באַזונדערע לידער זיינען אפשר צו גרוי —

לאַנד,
באַווייז מיר דעם וועג,
פיר, ווי אַ קינד פאַר דער האַנט,
צו ליכטיקע טעג.

דערפאַר אָבער ווען מען לייענט זיי אַלע ווי אַ גאַנצע ביאָגראַפיע, דערשפּירט מען די ערלעכע איבערפלאַנצונג פון יידישע פיס, יידישע הענט און יידיש לשון.

גוט איז קאָנען זען, פאַרשטיין
פונעם זיין דעם זינען;
אויפן שווערן וועג צו גיין,
פאַרלירנדיק — געפינען.

כמעט רייזיניסטישע שורות, אַפילו מיט זיין דערשפּיצן זיך צו אַ תמצית־דיק גלייכווערטל. אָבער די דאָזיקע שורות זיינען געוואַקסן אויף יידישער ערד. דאָס ווערטל ווערט — קיום.

מען הייבט אָן איינזען, אַז נישט נאָר ברענגען אַזעלכע פאַרעקשנטע יידישע פּאָעטן באַנייטע יידישע מאָטיוון, אַפילו אין זייער איבערגעזאָגט־קייט, נאָר זיי האָבן דעם יידישן ליד געבראַכט — ניי לעבן, נייע געדייאונג. ס׳איז געווען אַ גרויסער אויפטו איינצופּאַקן אַלץ מיט אַנאַנדער און אַוועק,

**מיטן ייִדישן ליד, אויף דעם געבענקטן באָדן. הערט נאָר וואו דאָס ייִדישע ווייסע האַנדל־ציגעלע איז דערפאָרן:**

די קוקורוזע איז שוין געל,
און יעדעס בלאַט פאַרמאָגט זיין קלאַנג,
איך שטופּ זיך דורך די שורות זייטיק.
אין צווייטן פעלד
אַ יעדע זאַנג
איז פול און צייטיק.
געבענטשט גייט־אויף דער קאָרן
אויף שטרויעלעך אויף פרומע,
וואָס וויגן זיך אַהין־אַהער.
דורך די אַלע יאָרן
האָב איך באַנומען
די ברכה פון דער ערד.
די ברכה, וואָס די ערד
באַהאַלט אין לייב פאַרנוריקט,
און דורך דיין מי דו קאָנסט געפינען:
אַ געלן מייער,
אַ רויטן בוריק,
אַ ציבעלע אַ גרינע.

**דער פּאָעט גיט זיך אויף אַפּ אַ פּאָעטישן דין־וחשבון —**

אַוודאי בין איך מיד,
און אויסגעמאַטערט איז מיין גאַנג
דאָ צווישן בייטן,
נאָר דורך אַלע יאָר מיין ליד,
מיין ייִדישער געזאַנג
מיך טוט באַגלייטן.

**אַט פאַר דעם קומט אַזאַ פּאָעט, ווי אברהם לעוו, גרויס אַנערקענונג. ווי זאָגט ער עס אונדז —**

אַוועק שוין דינען
פינף און צוואַנציק יאָר
אין געזאַנג און אין עבודה.

**דאָס זיינען טייערע צוויי ווערטער, דווקא אין דער שותפות פון געזאַנג מיט עבודה, ווייל אַפילו דאָס ייִדישע באַגלייטנדיקע געזאַנג איז אויך**

געווען — עבודה. דאָס יידישע וואָרט האָט זיך ביי צייטנס באַוואָרנט, ווען ס'האָט געשיקט אַזעלכע יונגעלייט קיין ארץ־ישראל. איז דאָס אפשר דער תיקון פאַרן יידישן וואָרט, וואָס וועט פון דאָרטן שטאַרקן, פעסטיקן און אפשר גאָר ראַטעווען דעם זעלטענעם אַפּשפּאַר פון גלות — דאָס ליכטיקע יידישע לשון?

דאָס לשון איז געקומען צום טאַפּאָל־בוים, ציפּרעס־בוים, באַנאַנע־בוים און אַלץ איז „אין גאַנצן גרין און כולו־מונטער". דער כולו־מונטער איז חל אויפן דערפרישטן יידישן וואָרט, וואָס האָט אָפּגעזוכט אויף אייגענעם באָדן דעם נאַטירלעכן ברודער, „כולו", די פולע מאָס פון — „כולו־מונטער".

פאַראַן אין בוך טרויעריקע לידער פון מלחמה, קינדער געפאַלענע אויפן שלאַכטפעלד. פאַראַן גאָר אַ טרויעריק ליד פון אַ יונגן פאָטער, וואָס די מלחמה האָט אים צוגענומען די ראיה. ער שפּילט זיך מיטן קינד, דאָס קינד צעברעכט אים די שוואַרצע ברילן —

דער טאַטע זעט נישט, ווי זיין זונעלע האָט בעתן שפּיל
אַ פינגערל צעשטאָכן אָן זיין בריל
און גייט אָפּ מיט בלוט.
די מאַמע וויינט.
דעם טאַטנס פּנים איז פאַרשטיינט.

דאָס ליד איז פון די נייערע לידער, געשריבן אין 1956, דער טרויער איז ניט כולו־טרויער, ווייל ס'ליכטיקן אַנטקעגן די דאָזיקע לידער — די טעג און נעכט אין קיבוץ, די פרייד פון אַרבעט, פון ליבשאַפט און יידשאַפט, און איבער אַלץ דער צונויפזאַמל —

אין מיין קיבוץ, אויפן גרינעם פעלד,
זיך שפּילן קינדערלעך פון גאָר דער וועלט,
אַנטלאָפענע פון גיהנומדיקע היימען,
פון איראַק, מצרים און תימן.
קוק אָן דאָס זונעלע מיט אויגן
שוואַרצע דאָ אַנטקעגן דיר:
דאָס איז דאָך ניסים פון אַלזשיר,
און דער איז גאָר פון פערסיע;
עס גייט אַרום דאָ וועגן אים אַ ווערסיע:
גרענעצן געגנבעט און צופוס געגאַן,
דאָס לאַנד האָט אים צו זיך געצויגן.

ער אַליין דערציילט: געפלויגן אין אַן עראָפּלאַן,
און פייער גליט אין זיינע ברוינע אויגן.

דער וואונדערלעכער טעפּעך ווערט פאַרביקער און דאָס יידישע ליד זינגט פון שלום און לעבן —

ברען אויס מיט אַ פלאַקער
דעם פרעמדן און אייגענעם האַס,
אַז דער, וועלכער בייגט זיך ביים אַקער,
זאָל פילן די זיסקייט פון לאַסט.

(טאָג־מ״זש, יאַנואַר 8, 1961)

# אַברהם סוצקעווער

אויב די יידישע פּאָעזיע קאָן פאַרגעשטעלט ווערן ווי אַ געאָמעטרישע פיגור, אַ פיל־ווינקלדיקע, אַ פּאָליגאָנישע, זיינען פאַראַן געציילטע פּאָעטן, וואָס גיבן דער פיגור איר וויזועל געשטאַלט. אָן זיי איז די יידישע פּאָעזיע נישט גאַנץ, נישט צוגענגלעך צום אויג און נישט צום פאַרשטאַנד. דאָס זיינען אַזעלכע פּאָעטן, וואָס זיינען נייטיק פאַר יעדער גרופּירונג, פאַר יעדער אויסטיילונג און פאַר יעדער דערמאָנונג, פאַר יעדער אויסציילונג פון פאַרמעגן. זיי טאָר מען נישט אויסלאָזן, זיי אַליין זיינען די געציילטע, וואָס מען מוז אויסציילן, כדי זיך גרייסן מיט אונדזער אָפּגעשפּאַרטן גוטס. אַברהם סוצקעווער איז אַזאַ פּאָעט און ער קאָן אין ערגעץ נישט אויס־וואַקסן ווי אַ פלוצעמדיקער גאַסט, ווייל ער איז אומעטום דאָ אין יידישן ליד, אַ תמיד־דערמאָנטער, אַן אויסגערעכנטער, פון די ערשטע אויף דער צונג, פון די סאַמע ערשטע אויפן געדאַנק.

פאַראַן גרויסע פּאָעטן ביי אַלע פעלקער, וואָס זייער ליד טיילט זיך אָפּ פון זיי. ווען מען שמועסט מיט זיי, שמועסט מען מיט מייסטערס פון לידער; אַז מען פאַרברענגט מיט סוצקעווערן, פאַרברענגט מען גלייך און

דירעקט מיט זיינע לידער — מיט דעם אַראָמאַט פון זיין ליד. מיט דעם קלימאַט פון זיין ליד. אים איז נישט אָפּצוטיילן פון זיין ליד. סוצקעווער איז דער שענסטער און בעסטער אויסטייטשער פון זיין ליד, ווייל ער טראָגט עס אין געמיט. זעסט אים, הערסט אים און דו לייענסט אים און פאַרשטייסט אים, ווייל זיין ליד איז נישט קיין פּראָפּעסיע, אַפילו נישט קיין באַזונדערע אינספּיראַציע. אָן שום דעקאָראַטיווע און אויסערלעכע מיטלען, אָן שום אָנגענומענע און איינגעשטודירטע פּאָזעס, אָן באַזונדערן אָנשטרענג, אַליין צו געדענקען און אַנדערע צו דערמאָנען, איז ער במילא דער פּאָעט.

אַ ליד מוז פאַרמאָגן מוזיק און חן, שאַרם, וואָס אין דעם טרויעריקסטן ליד גיט עס אַ שניט פון פרייד, די פרייד פון פולער דערגרייכונג. דאָס איז אַ באַגנדיקייט, וואָס מען שפּירט, ווען מען לייענט אַ פּערפעקט ליד. דאָס ליד שמייכלט זיך אַריין דעם לייענער אין די ביינער און עס גיט אים אַ געפיל פון טיפסטן און דערהויבנסטן הומאָר, ווי טראַגיש דאָס ליד זאָל נישט זיין. דאָס איז דער שמייכל פון אַ קינד, וואָס איז סטימול פון אַ צערט־לעכער ליבלעכקייט, אָן שום דרויסנדיקע געלעכטער־מיטלען. ס׳איז דער הומאָר פון מוזיק.

די קוואַליטעט פון אַזאַ שאַרם פעלט אַוודאי נישט אין אַברהם סוצ־קעווערס לידער. ס׳איז אַ מעלה, וואָס לאָזט זיך נישט דעפינירן און אָנ־כאַפּן; סוצקעווער אַליין איז דער שענסטער און נאַטירלעכסטער מסביר פון דער קוואַליטעט אין זיינע לידער. לייענסט אים און דו נעמסט עס אָן, נישט ווי אַ טייל פון זיין ליד, נאָר ווי דאָס ליד גופא אין דעם גאַנצן צו־זאַמענוועב.

אַברהם סוצקעווער איז דאָס מזלדיקסטע געפינס פון דער יידישער פּאָעזיע. ווען ער איז אויפגעקומען מיט זיין ליד, האָט ער גלייך געבראַכט איבערצייגנדיקע יובגשאַפט. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע דערשיינונג אין אַ פּאָעזיע, וואו מייסטע פּאָעטן האָבן זיך באַמיט צו קומען מיט אַ גע־קנייטשטן יידישן שטערן. סוצקעווער האָט נישט באַדאַרפט קיין קינסטלעכע סימנים פאַר זיין פּאָעטישקייט, ווייל זיין מוזיק, זיין בילדלעכקייט, זיינע גוט־געזיווגטע גראַמען, זיינע אומגעריכטע ווערטער, זיין מוזיקאַלישער הו־מאָר, האָבן געמאַכט די שורות בייגעוודיק און גראַציעז דורך דער שווער־סטער פּאָעטישער גימנאַסטיק. און ביי דעם אַלעם איז ער געווען דאָס נאַטירלעכע קינד פון יידישן לשון, וואָס האָט אים אין דער ריכטיקער

צייט אַרויסבאַקומען פון זיך. אַפילו ווען ער האָט זיך דורכגעזונגען מיט דער פּרעמדסטער פּאָעזיע, איז ער תמיד פאַרבליבן תוכיק־יידיש.

סוצקעווער איז געווען דאָס צייטיקסטע צייטקינד פון דער יידישער פּאָעזיע און איר באַרג־אַרויף. מיר אַלע האָבן זיך געגייטיקט אַקוראַט אין אַזאַ יונגן פּאָעט, וואָס זיין חן זאָל קרעפטיקן דעם ווייטער־־גאַנג פון יידישן ליד. אָט די אַלע מעלות האָבן אים גאָר גיך געוואונען אַן אייבנאַן אין קעניגרייך פון יידישן ליד, נאָך מיט זיין ערשטן זינגענדיקן אַנלויף, מיט זיין באַזונדערן פּייזאַזש. ער איז פּאַקטיש געקומען אָן געוואוינטער יידישער טעמאַטיק, אָבער ער האָט אַפילו דערמיט באַוויזן זייער גוט זיך אַריינצוגראַמען אין דער יידישער פּאָעזיע. ווען אונדזער נישט־דרימלענדיקער און נישט־שלאָפנדיקער קריאת־שמע־גאָט האָט זיך פאַרדרימלט און אונדז צוגעשטעלט דעם שווערסטן אינהאַלט פון אונדזער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ, איז סוצקעווער געוואָרן דער אויסדערווײלטער, וואָס האָט מיט אַלע זיינע באַטירלעכע איינגעבוירענע מעלות אויסגעזונגען דעם פּינקס פון די שווערסטע יאָרן. מיט דעם כוח פון זיינע אייגענע יסורים האָט ער באַגריפן, אַז אים איז באַשערט אַ באַזונדערע שליחות: צו קאָנצענטרירן דאָס מעת־לעתדיקע ליד אין אים אויף באַזונדערע געמאָסטענע געווײנען, אַרומצוזוימען די שקיעה מיט גאָלדיקייט און פרייד פון דערלייזטער דערגרייכונג.

ווייל יעדער ממשותדיקע קינסטלערישע דערגרייכונג פאַרמאָגט דער־לייזונג. זי לייזט אויס אויפן מאָמענט דעם קינסטלער און טראָגט זיך איבער צום געניסער. דאָס איז דער זין פון אָנגעזאַמלטער נאַציאָנאַלער שיינהייט, פון אָנוואוקס פון קולטור, פון ביבליאָטעקן, מוזייען, קאָנצערט־זאַלן און טעאַטער — דאָס איז נאַציאָנאַלע דערלייזונג. דאָס פאַרקנעכטסטע פאָלק ווערט אויסגעלייזט מיט זיינע אוצרות, וואָס רייסן זיך צו דערלייזונג.

...אַז מען שפּאַנט דורך דעם וועג פון סוצקעווערס לידער, פון זיין „סיביר" דורך זיין „פעסטונג" פון פּיין און אימה ביז זיין „גייסטיקער ערד" אין ניסימדיקן לאַנד, געפינט מען די גרעסטע פאַרגײטיקונג און דערלייזונג אין די לידער גופא, וואָס זיינען אונדז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן ווי אַ נאַציאָנאַל פאַרמעגן, אַ לעבעדיק פאַרמעגן. סוצקעווער האָט אָנגעהויבן מיט ביאָגראַפישע לידער, וואָס זיינען געווען די ביאָגראַפיע פון אָטעמען טאָג און זון און פון פאַראינהאַלטלעכן „פּאַנאָראַמעס פון גראַניט" און „עקסטאַזן פון באַריר", פון איינוואָרצלען זיך אין שיינקייט „ווי אַ בוים

אין געבלי״. ער האָט פאַרמאָגט די חושימדיקע אַנגעצויגענע שפּירעוודיקייט פון פּאָעט, וואָס זיין לעבן איז ליד און ליד איז לעבן. דאָס איז זיין נאַטירלעכער צוגאַנג צו אַלע „עקסטאַזן פון באַריר״. ער קומט צו אַלץ דורך בליציק באַרירן דאָס לעבן. סוצקעווער איז אַזאַ אינסטרומענט, וואָס צעציטערט זיך ביי יעדן באַריר מיטן לעבן, ווי טראָפנדיק דאָס ביסל לעבן זאָל נישט זיין. ער שאַפט מוזיק פאַר דער שטילסטער שוויגיקייט, ווייל ס׳איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי — איינגעשוויגט לעבן.

מיט אַלע זיינע איינגעבוירענע מעלות האָט ער אַריינגעלעבט דאָס לעבן, וואָס איז אים באַשערט געווען דורך די גרויליאָרן און עס דורכגעציטערט דורך זיך. ער פאַרמאָגט אַ סייסמאָגראַף פאַר דעם מינדסטן הויך פון געשעענקייט, אַפילו ווען ס׳איז נישט מער ווי אַ דורכפלאַטער אינהאַלטלעך, נאָך נישט באַשיידט און פאַרשטענדלעך.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל איבערגעפלאַנצט ווערן אין יידישן ניסים־לאַנד, ממש פון ערשטן מאָמענט, ווען נס האָט זיך דורכגעסודעט אויפן מלחמה־פעלד און קוים אַנגעהויכט דעם מאָרגן פון געבוירן ווערן, ווי טוי אויף פעלד.

זיין אייגענע ניסימדיקע ביאָגראַפיע האָט אים געפירט צום סיני פון אונדזער נייער געגעבנקייט — אַ תורה פאַר פולער יידישער עקסיסטענץ. איך האָב תמיד געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר שעפערישע ביאָגראַפיעס, וואָס קריצן זיך איין אין לייב און לעבן פון שאַפנדיקן קינסטלער. ס׳איז אים אי גרינגער, אי שווערער מיט אַזאַ שאַפונגליים; אַזעלכע ביאָגראַפיעס ווערן מיט דער צייט מער ווי געטראָפענע און געשעענע מאָמענטן, זיי ווערן צוואַנג און אין רעטראָספּעקט ווי אַן אויסגעבעטענער און אויסגעבעטער וועג פון לעבן.

מיט יאָרן צוריק האָב איך געשריבן אַ ליד וועגן נס־סוצקעווער אין געטאָ, איצטער איז נס־סוצקעווער אין מדינת ישראל, אַ נס פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, וואו ער איז אַן איינגעבירגערטער תושב, אין דער יידישער אימפּעריע, אויף אַלע קאָנטינענטן. סוצקעווער איז ווי אַן אויסשטראַל פון אונדזער גאַנצער ניסימדיקער ליטעראַטור. נס־סוצקעווער, נס־יידיש אין ירושלימער אוניווערסיטעט, דער נס פון אונדזער צעזונגענער אַלשעפערישקייט, אין אונדזערעביידע יידישע לשונות, לעולם ועד.

(אידישער קעמפּער, דעצ׳ 6, 1963)

## ...און סוצקעווער וועגן זיך

כ׳בין תמיד נייגעריק צו לייענען אַ דיכטערס פּראָזע. ס׳איז אַ מין צוגאָב צום פּאָעטס ליד און אַ מאָל אויך אַ שליסל. דערפֿאַר האָב איך מיט גרויס אינטערעס געלייענט סוצקעווערס „טאָגבוך־נאָטיצן" אין נומער 42 פֿון „די גאָלדענע קייט". וואָס קאָן נאָך זיין אינטימער ווי טאָגבוך־באַשרייבונגען?

אין די נאָטיצן מאַכט טאַקע סוצקעווער אַ דירעקטן פּרוּוו אונדז צוצופֿירן צו דער שוועל פֿון זיין ליד־לאַבאָראַטאָריע, כּדי מיר זאָלן כאַפּן אַ בליק דורך דער האַלב־אָפֿענער טיר. פֿאַראַן אין די נאָטיצן אַ סך מליצה, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פֿון נישט־פֿאַרנוצטע לידער־שניצלעך.

...מיט די נאָטיצן וועגן זיינע לידער טוט זיך סוצקעווער אַליין אַ גרויסע עוולה. מען טאָר און מען זאָל אים נישט נעמען ערנסט, ווען ער שרייבט אַזעלכע... נאַאיוויטעטן, אַז „אַ פּאָעט דאַרף זיך לערנען לידער שרייבן בלויז ביים באַשעפֿער", אָדער דער „פּאָעט פֿאַרמעסט זיך עקשנות־דיק מיטן וואָרט פֿונעם אַלמעכטיקן, כּדי איבערצושאַפֿן די באַשאַפֿונג וועדליק זיין, דעם פּאָעטס, אייגענעם חלום."

דאָס איז אַ מין „פּאָעטאָמאַניע", וואָס פּאַסט לחלוטין נישט דעם פּאָעט סוצקעווער, און מען טאָר עס בפֿירוש נישט אָנמעסטן אויף זיינע לידער. מען דאַרף עס נעמען גלאַט ווי... שלעכטע פּראָזע, געשריבן מיט גרויס איבערטרייבונג פֿאַר דער ראָלע פֿון פּאָעט אין אונדזער צייט, וואָס האָט אַנדערע דאגות ווי צו גיין אין אַן אַרביט־פֿאַרמעסט מיטן באַשעפֿער.

סוצקעווער פֿאַרזיכערט אונדז, אַז דער פּאָעט שטעלט זיך אַ „גאַנץ לעבן אייביקייט־פּאַקן.. אויף פּשוט פּאַפּיר, איז אָבער זיין לייב און זיין נשמה אינעווייניק און דאָס פּאַפּיר טוט אים אומענדלעך ווי... די פּאַקן מוזן אָננעמען און אָנשטעקן דעם טאַלאַנטפֿולן לייענער. דעמאָלט ווערט דאָס ליד אימוניזירט"...

דאָס זיינען — אַבסורדע, שלעכטע באַקטעריאָלאָגיע און קייגומי צוזאַמענגעקנוילט אַזוי, אַז מ׳קאָן עס ממש נישט אויסקלאָנטערן. אָפּגעהיטן זאָל סוצקעווער ווערן, אויב ער זאָל מיט אַזאַ פּאַקן־צוגאַנג צו פּאָעזיע שרייבן זיין ליד. פֿאַראַן אין דעם זאַץ אַ ביטערע סכּנה פֿאַרן לייענער, אַז ערשט נאָך דעם ווי דער פּאָעט איז אימוניזירט, ווערט דער לייענער „אָנגעשטעקט" און ער ווערט טויט־קראַנק און געשטופּלט מיט פּאַקן.

„אַ פּאָעט איז דער גרעסטער עקספּלואַטאַטאָר אויף דער וועלט, און דער־פאַר אפשר בונטעווען זיך אָפּט זיינע לידער".

הכלל, ס'איז נישט כדאי צו נעמען די דאָזיקע נאָטיצן פאַר גוט געלט, אַז סוצקעווער וויל אונדז טאַקע צופירן צו דער שוועל פון זיין ליד. ס'איז די פּראָזע פון אַ פּעלערינע־פּאָעט אין הויכן פּיבער.

איין זאַך איז קלאָר, אַז סוצקעווער איז שוין — איבער קריטיק. „איך האָב זיך מער צוגעהערט צום קריטיקער אין הימל, ווי צו זיינע בידנע שליחים אויף דער ערד". איך פאַרשטיי נישט דעם טעאָלאָגיש־קריטישן רמז, אָבער ער פּאַלט צוזאַמען מיט אַן אַרטיקל, וואָס כ'האָב ערגעץ געלייענט, דאַכט זיך אין אַן אַפריקאַניש־יידישער צייטונג, אַז סוצקעווער בייטיקט זיך מער נישט אין קריטיק, אַז סיי די, וואָס לויבן אים, סיי די, וואָס רייסן אים, מאַכן זיך נאַריש, ווייל זיי דערגרייכן נישט צו סוצקעווערס קנאַפּלען. איצטער זעען מיר טאַקע, אַז סוצקעווער האַלט שוין העט־הויך, ער הערט זיך צו צו די מיינונגען פון „קריטיקער אין הימל". סוצקעווער לאָזט פונדעסטוועגן ווימלען אַרום זיך די „בידנע שליחים", אויב זיי זינדיקן, חלילה, נישט אַליין „מיט קורצע שורות", ווייל די קריטיקערס, וואָס שרייבן אַליין קורצע שורות, זאָגט ער, „שטעלן אָפּט אַן זייערע שווערע אָדער לייכטע אַרטילעריע קעגן אַנדערע פּאָעטן מיטן איינציקן ציל (אונטערגעשטראָכן פון מיר): צו פאַרטיידיקן אין הינ־טערלאַנד זייערע אייגענע אינוואַלידער".

אינוואַלידער דאַרף זיין אַ וואָרטשפּיל אויף שלעכטע לידער. סוצקעווער קריכט אַרויס פון האָניקפאַס פון זיין מליצה און ער ווערט ערדיש אין כעס אויף די קריטיקערס מיט קורצע שורות. ער וואַרפט־אָן אַ מורא אויף פּאָעטן־קריטיקערס, אַז זייער עובדה איז בלויז צו לויבן, אָבער נישט „אָנשטעלן אַרטילעריע", ווייל זייער קריטיק שמעקט בלויז מיט פאַרטיי־דיקונג פון אייגענע שלעכטע לידער.

דאָס איז הויכע און טיפע פּסיכאָלאָגיע, הגם ס'איז אויך אַ פּרואוו אָנצושטעקן די פּאָעטן־קריטיקערס מיט פּאָקן, אַז זיי זאָלן פאַרפּאָקט ווערן, איידער זיי עפענען דאָס מויל מיט אַ שאַרף וואָרט אויף אַ געזאַלבטן זון, וואָס הערט זיך צו בלויז צום „קריטיקער אין הימל". דאָס טאָגבוך שווייגט און לאָזט אונדז נישט הערן, וואָס אַזוינס דער קריטיקער אין הימל זאָגט אויף זיין אויסדערוויילטן זון.

(אידישער קעמפּער, מיי 18, 1962)

# וועגן אַריה שמריס פּאָעטישן אויפּטו

מיר איז שוין אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו שרייבן וועגן דעם פּאָעט אַריה שמרי, וואָס וואוינט שוין אין אַ קיבוץ אין מדינת־ישראל זעקס און דרייסיק יאָר. שמרי איז אַליין פאַר זיך אַ געביי פון דער יידישער פּאָעזיע אין דער יידישער מדינה, וואָס מ׳קאָן זיך אויף אים אָנשפּאַרן. ער האָט שוין אַרויסגעגעבן פינף לידער־זאַמלונגען און וועגן די לעצטע דריי ביכער האָב איך געשריבן נישט נאָר ווי אַ זייטיקער אָפּשאַצער, נאָר ווי אַ חברשער באַוואונדערער, ווי כ׳האָב געשריבן וועגן דעם גרויסן בייטראָג בכלל פון עטלעכע יידישע פּאָעטן, וואָס וואוינען אין ישראל און פאַרקניפּן אונדזער יידיש ליד מיט — אייביקייט.

נישט לאַנג צוריק איז דערשינען דאָס נייסטע בוך פון אַריה שמרי — „טריט אין גן־אָדם״, אויפן נאָמען פון דער לעצטער פּאָעמע אין בוך, וואָס וועגן איר האָב איך שוין אויך געשריבן בשעתו, ווען זי איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „די גאָלדענע קייט״. די פּאָעמע איבעררזשט מיט איר פרעכ־טיקן קלאַנג פון פולע זעטיקע שורות, וואָס טייטשן זיך אַריין אין דעם געזאַנג פון אויסערגעוויינלעך־געפּאַרטע ווערטער. די פּאָעמע איז אַ דער־גרייכונג אין דער יידישער פּאָעזיע, ווייל אין איר זעט מען בולט ווי יידיש האָט זיך צעשפּילט אין מדינת־ישראל מיט אַזוי פיל אומגעפּענטעטע מעג־לעכקייטן, ווי דאָס יידישע לשון וואָלט זיך אויך באַפרייט פון אַן אינערלעכער גלותדיקייט, פון שווערן געדאַנק, אַז מען גייט אונטער און — למי אני עמל. אין דעם ליגט דער גרויסער אויפטו פון דער בעסערער יידישער פּאָעזיע אין ישראל, וואָס זי איז נישט באַשווערט מיטן זיפץ פון אונטערגאַנג. בלויז געציילטע יידישע פּאָעטן שרייבן אין די תפוצות, אַזוי ווי זיי וואָלטן גע־שריבן אַן אונטערגאַנג־שרעק פאַר זייער פאָלק און פאַר דער וועלט. די גרויסקייט פון דעם יידישן ליד אין דער יידישער מדינה באַשטייט אין די איינגעזיכערטע טריט פון פרייען יידישן געזאַנג. די שווערע פּראָבלעם פון יידיש אין ישראל עקסיסטירט, פאַרשטייט זיך, אָבער ס׳האָט זייער ווייניק צו טאָן מיט די גרויסע דערגרייכונגען. אַדרבא, ס׳קומט אויס זייער אָפט ווי די בעסערע יידישע פּאָעזיע אין דער מדינה לייזט די פּראָבלעם אויף אַ האַפטיקן אופן און פלאַנצט זיך אַריין אויף נישט אָפּצוטיילן און אָפּצו־שיידן פון אַלץ, וואָס די יידישע מדינה לעבט דורך — מיט זיך, אין דער באַגייטער טאָג־טעגלעכקייט פון יידישן פאָלק.

אַריה שמרי איז איינער פון די גרויסע איבערצייגנדיקע און באַוויזנ־

דיקעביישפּילן פון אַזאַ אַריינפלאַנץ אין דער יידישער מדינה מיט זיין גערזאַנגיק יידיש וואָרט. דאָס נייע בוך „טריט אין גן־עדן" איז אין תוך אַן אויסברייטערונג פון שמריס פּאָעטישע מעגלעכקייטן. וויל איך, אין שייכות מיט דעם ניי־דערשינענעם בוך, מאַכן בלויז עטלעכע באַמערקונגען.

שמרי איז דער פּאָעט־אינטעלעקטואַל אין דער כּללישער יידישער פּאָעזיע. ס׳איז אייגנטלעך אַ באַצייכענונג, וואָס פּאַסט אונדזער גאַנצער היינטצייטיקער פּאָעזיע אין דער וועלט, אויף אַלערליי לשונות. שמרי האָט נישט קיין מורא צו טראַכטן מיט פּאָעטישע מיטלען, ער שרעקט זיך נישט, אַז ער וועט עפּעס מחלל זיין. ער איז אַ ייד, וואָס טראַכט ווי אַ היינט־וועלטישער ייד אָן פּחד, אַז אים וועט „אונטערוועגנס" עפּעס קאַליע ווערן, בעת ער וועט פורעמען זיין ליד פון אַלץ, וואָס אַ היינטצייטיקן ייד באַאומרואיקט און דערפרייט. דאָס נייסטע בוך „טריט אין גן־עדן" האָט דעם פּאָעט געגעבן אַ גאַר גוטע געלעגנהייט אויסצוזינגען זיינע געדאַנקען, וויל אויב מען וויל, איז עס אַ בוך מיט פרישע וועלטאיינדרוקן. שמרי האָט דורכגעמאַכט די דערפאַרונג פון אַ נסיעה אין איראָפּע און אין לאַטיין־אַמעריקע. אין בוך געפינען מיר ים־לידער, לידער פון אַרגענטינע, בראַזיל, פראַנקרייך, האָלאַנד. און די אַלע לידער־איינדרוקן זיינען אַרומגעוויקלט מיט די געדאַנקען פון אַ זעעוודיקן ישראל־ייד.

און ס׳איז נישט וויכטיק דער מוקדם ומאוחר, ווען ער האָט געשריבן די ישראל־לידער, וואָס מיט זיי פאַרענדיקט זיך דאָס בוך, אָבער נאָך דער נסיעה מאַכן שמריס ישראל־לידער דעם איינדרוק פון צוריקקום אַהיים; וויכטיקער פון דעם פיזישן צוריקקום איז די גייסטיקע רו פון שפּירן זיך אין דער היים מיט דעם באַפרייטן יידישן וואָרט. ס׳דאַרף בכלל באַטאָנט ווערן, אַז ווען מען לייענט די יידישע לידער פון פרידמאַנען, סוצקעווערן, יונגמאַנען, שמרין און אַ צאָל אַנדערע, שפּירט מען די פולע מאָס זיכערקייט פון יידישן לשון, מיט זיין געהויבענעם, גלייך־באַרעכטיקטן, באַפרייטן קאָפּ.

דאָס נייע בוך שמריס איז מחמת דער נסיעה פילקלאַנגיק און פיל־געזאַנגיק. דאָס בוך איז דערפאַר אַן איבעריקער באַווייז, וויפל שמרי האָט אויפגעהיט אין זיך פון יידישן לשון און וואָס ער האָט דערמיט אויפגעטאָן און וואו און ווי ער האָט מיטן יידישן וואָרט דערוועגט זיך אַוועקצושפּאַנען. די ליבשאַפט צו יידיש איז אין דעם בוך אומגעהייער. שמרי שפּילט יידיש מייסטעריש, ער אַנטפּלעקט די שענסטע מעגלעכקייטן פאַר דעם יידישן וואָרט אין יידישן גראַם, אין אַ פולער אויסגעזונגענער און דורכגעטראַכטער שורה. שמרי האָט אונדז אין זיינע פריערדיקע ביכער אפשר געגעבן פאַר־

טיפטערע לידער, אָבער אין פּרט פון קלאַנג־געזאַנגיקער דערגרייכונג, איז דאָס אַ בוך, וואָס באַווייזט עס ממש מיט יעדער ליד.

ס׳פעלט נישט שמרין קיין איין פונק מעגלעכקייט איינצוקלאַמערן אַלץ, וואָס ער וויל זאָגן, אין עטלעכע שורות. און אומעטום איז פאַראַן אַן איבערראַש, אַן אומגעריכט אַרויסגעפּערלט וואָרט, נאָר־וואָס געבוירע־נער גראַם. שמרי ווייזט ווי יידיש רעדט זיך, בעת עס זינגט זיך, ווייל דער פּאָעט רעדט צו אונדז און זיין קול ווערט נישט פאַרטרונקען. דער אויסערגעוויינלעכער ווירטואָזישער שפּיל פון יידיש־שפּראַכיקייט אין דעם נייעם בוך האָט צו מאָל בלויז איין חסרון — צופּיליקייט, ווייל אין דעם בוך איז פאַראַן מאַטעריאַל גענוג פאַר פינף ביכער פּרוכטיקע יידיש־דערגרייכונגען.

שמרי נוצט אַזעלכע ווערטער, אַז אין פלוג דאַכט זיך זיי זיינען וואָרצלדיקע יידישע ווערטער, אָבער מיט אַ מאָל כאַפּט מען זיך, אַז זיי זיינען באַנייטע ווערטער, באַנייט אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זיינען אָקאָרשט געוואָרן וואָרצלדיקע, בעת זיי זיינען פונקעגנווייז אַרויסגעפלויגן פון פּאָעטס לאַבאָראַטאָריע. דערפאַר זיינען זיי גראַמען אַזעלכע נייע, ווייל די באַנייטע ווערטער גיבן אַזוי פיל פרישע מאַטעמאַטישע מעגלעכקייטן פאַר נייע־אויסגעפונענע גראַמען און קלאַנגען.

כ׳האָב געלייענט שמריס אַלע לידער אין זיין נייעם בוך „טריט אין גן־עדן״, וואָס האַלט איבער 200 זייטן און יעדער ליד קאָן געלייענט ווערן ווי אַ באַזונדערער שפּראַך־איבערראַש. אומעטום איז פאַראַן עפּעס אַזוינס — וואָס איז פריער נישט געווען, וואָס האָט אָקאָרשט אַרויסגע־טאַנצט פון שמריס ליד און צוריק אַריינגעטאַנצט און זיך באַהאַלטן צווישן די שורות.

דאָס בוך קאָן זיכער געלייענט ווערן אויף אַ סך אופנים, מיט דער פיל־טייטשעוודיקייט פון אַ גאַנץ בוך, מיט זיינע פאַרשידנאַרטיקע סעריעס, אָבער פאַר מיר איז שמריס נייסטע בוך אַ פּאָעטישע עסיי וועגן די מעגלעכקייטן פון יידישן ליד — אילוסטרירט מיט אייגענע לידער.

כ׳וועל דאָס מאָל זיך צוריקהאַלטן פון ציטירן שורות, ווייל זיי דאַרפן גענומען ווערן אין דער צוזאַמענדיקער און גאַנצער טאַנאַליטעט פון דעם פּאָעטישן „עסייען־בוך״ — נאָך אַ באַווייז, נאָך אַן אויפטו, נאָך אַ ביישפּיל, נאָך אַ קנייטש, נאָך אַ חנדל. אַז מען ווערט פאַרטיק מיטן גאַנצן בוך, דערשפּירט מען די אויסערגעוויינלעכע פאַרליבטשאַפט פון דעם קיבוץ־פּאָעט אין יידישן לשון און וואָס אַזוינס ער האָט געטאָן, כדי רייך־

לשונדיק צו פאַרפעסטיקן די זיכערקייט פון אַזאַ שפּראַך אין אַ לאַנד, וואוהין דער גלות האָט פאַרשלעפּט אַזוי פיל פרעמדקייט. דער קלאָרסטער אויפטו פון שמריס נייע לידער איז זיין איבערזייגגען דעם דאָזיקן פרעמדן שפּראַך־געטומל און צוקומען נענטער מיטן אויסגעוואָרטן, אויסגעהאָפּטן יידישן וואָרט צו אַלץ, וואָס איז אייביק אין דער יידישער מדינה, מיט דעם דערקענטן קול פון הונדערטער יאָר גלותדיקער העברעאישקייט, וואָס דאָס יידישע לשון האָט אין זיך פאַראוצרט.

(אידישער קעמפער, סעפּט׳ 10, 1965)

# ריקודה פּאָטאַש

...ריקודה פּאָטאַש האָט שוין ביז איצט אַרויסגעגעבן דריי ביכער לידער. איר ערשט בוך איז דערשינען אין לאָנדאָן, מיט אַ פערטל יאָרהונ־דערט צוריק, אַ צווייט בוך אין לאָנדאָן און אָקאָרשט איז דערשינען איר ניי בוך לידער — „מולד איבער תמנע״ אין ירושלים, וואו די דיכטערין וואוינט.

...ריקודה פּאָטאַש האָט געשריבן אַ צאָל לידער, וואָס זייערע שורות האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטייטשט. די דיכ־טערין ווערט באַפאַלן פון אַ סך בילדער, ווי אין אַ חיזיון, און זי גיט זיך איבער אירע זעאונגען מיט אַ צעציטערטן ריטעם פון וואָרט. און ס׳איז אַ מזל־זאַך — אַ מאָל געלינגט איר צו איבערצייגן דעם לייענער אין דעם, וואָס זי האָט געזען, און פון די זעאונגען קומט אויך אַרויס אַ קאָנקרעטע גאַנצקייט. אָבער אָפטער באַפאַלן זי די בילדער מיט אַזאַ אָנפּלי, אַז זי צעשטאַמלט זיך — מוזיקאַליש. מען זעט, אַז ס׳האָט דער דיכטערין פאַר־כאַפּט דער אָטעם. זי וויל דורכן זען עפּעס זאָגן, אָבער איבער די ווערטער האָט זי שוין קיין שליטה נישט.

געוועזן אַ מאָל אַ צייט, ווען מען האָט גערעדט וועגן שרייבן „אויטאָ־מאַטישע״ לידער. די אַמעריקאַנער דיכטערין גערטרוד שטיין, וואָס האָט זיך

אויסגעוואָרצלט פון אַמעריקע און געבליבן וואוינען אין פּאַריז, פּלעגט אין אירע יונגע יאָרן עקספּערימענטירן מיט אויטאָמאַטישע לידער. זי פּלעגט נעמען אַ בייגעלע פּאַפּיר און שרייבן וואָס ס'איז איר איינגעפאַלן. ס'האָט געזאָלט הייסן, אַז זי שרייבט לידער, ניט געבנדיק דעם מוח קיין געלעגנ־הייט זיך אַריינצומישן און „קאַליע" מאַכן.

אַ סך לידער קומען אַרויס פון ריקודה פּאַטאַשעס לידער־שמידעריי אַזוי הייס און צעשמאָלצן, אַז זיי האָבן נישט קיין געלעגנהייט צו ווערן אַ ווערטער־געצייג, וואָס לידער זיינען מחויב צו זיין, נאָר זיי זיינען צעשמאָל־צענע פּאָעזיע, וואו וואָרט, קלאַנג, אימפּעט, געמיט, בילד, טייטש, אַלץ בלעזלט זיך און קאָכט זיך.

דאָס איז נישט נאָר אַ פּועל־יוצא פון דער דיכטערינס טעמפּעראַמענט, אָדער פון איר עכטער און הייסער ליבשאַפט צום לאַנד און צום ספּעציעלן קלימאַט פון איר העברעאיזירטן יידיש; אין אַ גרויסער מאָס זיינען אַפילו אירע רואיקע לידער היסטעריש. זיי מאַכן דעם איינדרוק פון הייסע אויטאָמאַטיש־געשריבענע פּאָעטישע שורות, וואָס זיינען געבויט אויף דעם מאָמענטאַנעם אומקאָנטראָלירטן אימפּולסיוון איינפאַל.

אין דעם נייעם בוך „מולד איבער תמנע" איז די גרעסטע צאָל לידער פון אַזאַ הייסן שטאָף. אירע טעמעס זיינען אַ מאָל גאַנץ קאָנקרעטע, דער טויט פון איר ברודער, דער טויט פון איר מוטער, די שיינע געזונטע יאָרן פון איר פאָטער, וואָס איז שוין קיין עין־הרע אַ בן־שמונים און וואוינט אויך אין מדינת־ישראל — אָבער דער אינהאַלט פון די לידער דרייט זיך מייסטנס אַרויס פון אירע הענט און ס'ווערן פון אים בילדער־שורות, וואָס פליען מיט אַן אימפּעט. גערטרוד שטיין האָט שטודירט פּסיכאָלאָגיע און אירע „אויטאָמאַטישע" עקספּערימענטן זיינען געוועזן אַ פּרואוו אַרויסצו־ברענגען אַבסטראַקטע שורות ווי אַבסטראַקטע מאָלעריי. אָבער ביי ריקודה פּאָטאַש האָט עס זיכער נישט צו טאָן מיט קיין קאַלטע און אויסגערעכנטע ווויסנשאַפטלעך־פּאָעטישע עקספּערימענטן. פאַרקערט, אירע „אויטאָמאַטישע" שורות זיינען אָנגעגליט מיט דעם ערשטן־בעסטן איינפאַל און מיט דעם ערשטן דערזע און דערהער.

אָבער די לידער אירע האָבן אַ געוויסן קאָליר און אין דעם צוזאַמענ־פלאַטער פון די שורות איז פאַראַן אַ מין ווערטער־פלאָראַ פון ארץ־ישראל. מען זעט, אַז די דיכטערין וויל פאַרט עפּעס דערגרייכן, אַרויסשטאַמלענדיק אויף גיך איר מוזיקאַלישע עברי, זי וויל איבערגיסן אַלטע תנ"כישע געפילן אויף נייע ישראלדיקע מאָטיוון. איז דער ווילן אַליין, אַפילו אַן גרויסע

דערגרייכונגען, דער סימן פון אירע לידער, וואָס לאָזן זיך דערקענען מיט זייער אייגנאַרטיקן פּרעפֿל.

אינטערעסאַנט, אַז די דיכטערין אַליין איז צייטנווייז באַוואוסט ביי זיך, אַז זי איז צו הייס און אימפּעטיק פאַר רייד. זי רעדט פון איר שטומקייט און זי בעט זיך —

גלי מיך אין דיין קופּער,
שטעמפּל מיין ליד
און לאָז אַריין מיך
אין דיין יצירה,
ווי איך האָב דיך אַריינגעלאָזט
אין מיין שטומקייט —
גאָט.
— — — — — — — — — — — —
און קופּער מיך אויס
אין דיר,
תמנע.

זי האָט אין דעם ליד עטלעכע שיינע שורות, ווי — „קנעט מיך אַריין און מיש מיך אויס מיט זייער אוראַלטן קיזל", אָבער זי ווערט נישט קיין קיזלשטיין און נישט פאַרקופּערט, נאָר אירע שורות בלייבן מייסטנס — שמעלץ.

נישטאָ קיין גרויסע פּראָבלעמען אין ריקודה פּאָטאָשעס לידער. כ'זאָג עס נישט לשם חיסרון, אָבער אַ סך לידער אירע זיינען שוין אַ ביסל צו עלעמענטאַר און זיי פאַרלאָזן זיך צו פיל אויף דעם הייסן אָטעם, וואָס מיט אים דעקלאַמירט זי זיי אַרויס פון זיך. אויב מען זאָל זיי קאָנען כאַפּן און דעקלאַמירן ווי די דיכטערין אַליין האָט זיי אויסגעזונגען, וואָלט מען אפשר בעסער געכאַפּט זייער מוזיק.

געלע ערד,
ברוינע ערד,
ערדענע ערד,
מלכות פון וויסטעניש,
מלכות פון וויסטעניש
זיצט אויף אַ גאָרן פון רויטער שקיעה.
דער הימל איז אַזוי נידעריק.

כ׳בין זיך משער, אַז די דיכטערין האָט אין דער איבערחזרונג פון ערד אַריינגעטאָן אַ סך געפיל און זי האָט אויך געזען דעם „גאָרן פון רויטער שקיעה״, אָבער ווען דאָס ליד דאַרף געלייענט ווערן פון אַנדערע, ניט פון דער דיכטערין און ניט מיט דעם אָטעם, ווען ס׳איז נאָר וואָס געשאַפן געוואָרן, ווערט דערפון נישט מער ווי אַ געפּלאַפּל.

אָט איז נאָך אַ מוסטער פון אַזאַ הייסן געפּלאַפּל —

די קופּערנע גראָבן
מיט קופּערנע בויגן
פליען געפלויגן.
אַ זאַמדיקער ווינטער,
מיט זאַמדיקע טיכער,
אַ פּאַטאַ מאָרגאַנאַ
פון געל־רויטע ווינטן.

אָוודאי האָט די דיכטערין עפּעס געזען און אפשר אויך עפּעס געמיינט איבערצוגעבן, מיט איר „פליען־געפלויגן״, נאָר ס׳איז די מוזיק פאַר ניט צוגעפּאַסטע ווערטער, אָדער בעסער געזאָגט, פאַר די ערשטע ווערטער, וואָס זיינען דער דיכטערין געקומען אויף דער צונג.

די גאַנצע ערשטע סעריע איז געווידמעט די קופּער־גראָבנס.

אין תימנער קופּער־גראָבנס —
ס׳שלעפּן קוישן לעצטן קופּער
טויטע פוס־טריט אויסגעשוויצטע, אויסגעבריטע.
שטייט אַ וויג אין מיטן וועג
און וויגט און וויגט
די אַלטע טעג —
נישט דערוויגט קינד און קייט
שטייט די וויג און וויגט און גייט.

אָט האָבן מיר אַ פולע שטימונג, אָבער די שטימונג איז נאָך נישט „אַנגעשטימט״ מיט די ריכטיקע רייד. עפּעס האָט אין דער דיכטערין גע־ברומט אַ ניגון, אָבער ווי נאָר ס׳האָט זיך צעזונגען אין — אַ וויג אין מיטן וועג, איז דערפון געוואָרן אַ זינלאָז קינדערלידל, פון אַ וויג, וואָס אַי זי שטייט, אַי זי וויגט, אַי זי גייט. ס׳איז נישט בלויז דאָס ניט זיין אַפּגעהיט מיט לשון. ווען ריקודה פּאָטאַש דערציילט אונדז

אַז דער שומר
זאָגט אַנאָטעמדיקע תפילהדיקע תפילה

פאַר דער ווסטער תימנע
פאַר איר קופערנער קהילה

האָט איר דאָס „מים־אַחרונים וואַסער" פון דער „תפילהדיקער תפילה" גראָד אַרויפגעפירט אויף אַזאַ שיינעם זאַג ווי — אַ „קופערנע קהילה". אָבער איר אַרט בכלל נישט, וואָס זי לאָזט אויפן וועג פּאַטעטישע שטעכל־קעס און שטעכנדיקע שטיינדלעך, ווייל זי לויפט ערגעץ מיט אימפּעט צו אַ „קופערנער מנורה", אַ „צוווייטע אַשמורה". איר אַרט אויך בשום־אופן נישט, וואָס ביי איר באַקומט זיך אַן „אין סוף פון ענדן", אַבי ס'האָט זיך צוזאַמענגעגראַמט מיט „לענדן" און אַבי ס'זינגט וואָרעם. און אויב זי האָט נישט געטראָפן מיט די ווערטער איז — מה בכך. אַבי מען קאָן זען, אַז דאָס ליד האָט געהאַט אַ דאַברע מייזעלע, וואָס איז אונטערוועגנס צעשמאָלצן געוואָרן.

רוף איך זאַמד,
רוף איך זעמדער,
רוף איך בוים,
רוף איך צווייגן,
רוף איך מאַרגן,
רוף איך אָוונט —
ענטפערט קול
דעם ווידערקול.
קלאַפּט דאָס קול
אין שטיינער:
נישטאָ דאָ קיינער!

אַוודאי הייסט דאָס ליד „ווידערקול אין תימנע", אָבער וויפל מאָל איז דער שיעור צו רוף־רופן אין אַזעלכע אויסגעשטעלטע קורצע שורות? דאָס ליד לויפט נאָך ווייטער אַוועק און רופט נאָך אַלץ —

רוף איך מיך
מיין גוף ווערט ווינט,
צערינט מיין עכאָ און פאַרשווינדט.

ריקודה פּאָטאָש רופט רייד און זי נעמט זיך נישט צום האַרצן, וואָס עס ווערט פון זיי — ווינט, אַבי דער ווינט איז אַ הייסער, אַ כאַמסינישער און אַז ער פאַרמאָגט אין זיך דעם ווינטישן געוואַי, וואָס האָט אין דער דיכטערין געשטורעמט, בעת זי האָט בלינד געזען אירע שורות, איינהערנ־דיק זיך אין זיי, אָבער נישט לייענענדיק די שורות צוזאַמען, ווען זיי וועלן

זיך קומען אויסשטעלן אין אַ ליד. זי פּאָלגט נישט אָפּ דעם אָנזאָג פון איר אייגענעם „תהילים־צווייגל", פון קאַפּיטל ל"ט —

כ׳האָב דיר צוגעזאָגט צו היטן מיין צונג פון אַן איבעריק וואָרט,
וואָס איז נישט אויסגעטראָגן אין מיין אינגעווייד.

ס׳איז נישט אַזוי, וואָס זי טראָגט נישט אויס אירע רייד, נאָר וואָס זי הענגט זיי אָן הענדום־פּענדום, אויף אַ מאָמענטאַנעם פלאַטער, אַ מוזיקאַלישן געשעפּטשע, אַ פּלוצעמדיקע זעעניש.

דערנאָך האָט די לבנה
מיט ווייסע מילך
געוואַשן מיך, געפּאָיעט
ס׳זאָל שטיל ווערן מיין העשען.
כ׳בין איינגעשלאָפן
אויף לבנהס הענט,
ס׳איז געקומען אַ שטערן
אויסגליען מיין טרויער.

דאָס פאָלקסטימלעכע, פאַרסלאָווישטע וואָרט „געפּאָיעט" פּאַסט זיך נישט פאַר דער לבנה, און ס׳לייגט זיך נישט, אַפילו אויפן פּאָעטישן שכל, אַז מען קאָן איינשלאָפן אויף לבנהס הענט, אָדער אַזאַ בילד, ווי אין אַ ווייטערדיק ליד — „סע גייט אַרויס אַ מראה ווערן אַלע גרוי און שאַרע". אָבער ריקודה פּאָטאַש האָט עס נאָר וואָס אַרויסגעטויכט פון אומקאָנטראָלירטע טיפענישן און זי מוז עס זאָגן, אַקוראַט ווי זי האָט עס געזען.

און דאָך ווען מען לייענט די לידער צוזאַמען און מען באַקאַנט זיך מיט אַלע געזאַנגען און אַלע ריטמען פון דער ירושלימער יידישער דיכטערין, אַנטוויקלט מען אַפילו אַ ליבשאַפט פאַר ריקודה פּאָטאַשס חנעוודיקע חסרונות, פאַר דעם אָריענטאַלישן געזאַנג פון אַ יידישער פּאָעטעסע פון ישראל. אין בוך זיינען אויך פאַראַן עטלעכע גוטע און גאַנצע לידער, ווי „מיין מאַמע שרייבט אַ בריוו", „די באַלאַדע פון הינדל־חנהס תפילה", אָדער אַזאַ פרעכטיק ליד, ווי „מיין מאַמעס שיך", וואָס הייבט זיך אָן מיט אַזעלכע ריטעם־מוזיק־רייד —

פון אַלע מאַמעס זאַכן נאָך איר טויט
פאַרבליבן איז איין קאַסטן אַ פאַרמאַכטער
אין טרויעריקן רויט,
און אין קאַסטן אַ פאַרמעג:

אירע שיך
פון אַלע טעג.
זי האָט געהאַט כל־נדרי לאַטשן
אין וועלכע נאָר אַ מלאך גייט
און לאַטשן ווייכע, ווייסע, דינע,
צוגעפּאַסט צום קלייד.

(טאָג־מ״זש, אָקטאָבער 16, 1960)

# י. ח. בילעצקי

ווען מען געדענקט דעם שטאַרק־געניצטן זאָג פון ענגלישן פּאָעט קאָלערידזש, אַז פּראָזע מיינט גוטע ווערטער אין גוטער אָרדענונג און פּאָעזיע — בעסטע ווערטער אין דער בעסטער אָרדענונג, ווערט מען אַ מאָל איבערראַשט ווען מען געפינט אויס, אַז ס'זיינען פאַראַן אַזעלכע פּאָעטן, וואָס קאָנען אויסשטעלן די בעסטע ווערטער אין דער בעסטער אָרדענונג, אָבער זיי ווערן אין גאַנצן הילפלאָז, ווען ס'קומט זיי אויס צו שרייבן די גוטע ווערטער אין אַ גוטער אָרדענונג. פאַראַן אַזעלכע פּאָעטן, וואָס מאַכן אַפילו נישט קיין פּרואוו צו שרייבן פּראָזע, ווייל זיי ווייסן לכתחילה, אַז ס'וועט פאַרשעמען זייער פּאָעזיע. אַנדערע, וואָס שטעלן־איין, רופן טאַקע אַרויס קשיות און פאַרוואונדערונג. סטייטש, ווי קומט צו פּאָעטן אַזאַ שלעכטע פּראָזע־עברי?

אָבער בדרך־כלל קאָן געזאָגט ווערן, אַז אַ גרעסערע צאָל פון די גאָר גוטע פּאָעטן זיינען אויך געווען גוטע פּראָזע־שרייבערס און זייער שאַפן האָט זיך אויסגעגליכט אויף ביידע געביטן. מיט פּראָזע מיין איך נישט דווקא בעלעטריסטיק, נאָר גיכער עסייאיסטיק און קריטיק. קאָלע־רידזש אַליין, וואָס האָט געשאַפן די פריער־דערמאָנטע דעפיניציעס, איז געווען אַ גוטער פּאָעט און אַ גלענצנדיקער עסייאיסט און קריטיקער.

אָבער פּאָעטן־קריטיקערס קאָנען געטיילט ווערן אין פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס. זיי זיינען אַנדערש ווי די פּראָפעסיאָנעלע קריטיקערס, וואָס

זייער עובֿדה איז צו שטיין צווישן שרייבער און לייענער און זיי דערנענ־טערן איינער צום אַנדערן און דערביי דערגרייכן פֿאַר זיך אַ מדרגה פֿון קאָנטיקער שעפֿערישקייט. ס׳רעדט זיך דאָ וועגן די בעסערע קריטיקערס, וואָס לייענען זיך אין זייער אייגענעם זכות.

פּאָעטן־קריטיקערס קאָנען זיין גוואַלטיקע נישט־פֿאַרגינערס. זיי האָבן מורא, אַז לויבנדיק אַ צווייטן שרייבער וועלן זיי פֿאַרלירן אַ פֿעדערל פֿון זייער אייגענעם פּאַוועק. זיי שרייבן דערפֿאַר זייער פּאַרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף אַ גליטש. אַנדערע לעבן כּסדר מיט זיך און זיי זוכן זיך ביי אַנדערע זייער אופֿן שרייבן און זייער שרייבמעטאָד. זיי זוכן אויס ביים צווייטן שרייבער עפּעס, וואָס דערמאָנט זיי אין זיך און זיי לויבן עס, אומדירעקט לויבנדיק זיך. ס׳איז ניט אַזוי קאַרגשאַפֿט ווי שמאָלקייט און כּסדרדיקע קאָנצענטרירטקייט אויף זיך.

ס׳זיינען אָבער אויך פֿאַראַן פּאָעטן־קריטיקערס, וואָס זיינען ברייט־האַרציק און גרויסע פֿאַרגינערס. זיי לערנען ביים חבֿר — לייענענדיק אים, זיי פֿאַרגעסן זיך אַליין אין פּראָצעס פֿון שרייבן וועגן אַ חבֿר־שרייבער, זיי מעסטן אין זייער קריטיק, אָבער זיי פֿאַרמעסטן זיך נישט, זיי האַלטן נישט, אַז אַ ליטעראַטור דאַרף באַשטיין פֿון פּופּציק מאָל איינס, נאָר ס׳ווערט זיי ליכטיק אין די אויגן, ווען זיי זעען פֿאַר זיך אַ ליטעראַטור, וואָס באַשטייט פֿון פּופּציק באַזונדערע און אינדיווידועלע איינסן.

שרייב איך דאָס אַלץ צו דער געלעגנהייט פֿון אַ בוך לידער, וואָס דער פּאָעט י. ח. בילעצקי האָט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן. בילעצקי וואוינט שוין איבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט אין דער יידישער מדינה — אין ארץ־ישׂראל און אין מדינת־ישׂראל... י. ח. בילעצקי איז באַקאַנט ווי איינער פֿון די ענערגישע בריקן־לייגערס צווישן יידיש און העברעאיש. ער האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו באַקענען העברעאישע לייע־נערס מיט דער יידישער ליטעראַטור און ער האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע העברעאישע עסייען־ביכער וועגן יידיש־שרייבערס, פּאָעטן און נאָוועליסטן.

בילעצקי געהערט ווי אַ קריטיקער צו דער צאָל וואַרעמע פֿאַרגינערס. ער בויט־אויף ליטעראַרישע געשטאַלטן און ער איז תּמיד דער אויסזוכער פֿון גוטס און מעלות טובֿות ביי יידישע שרייבערס. פֿונדעסטוועגן זיינען זיינע ליטעראַרישע עסייען ראַיעלע אינפֿאָרמאַציע. די גוטסקייט זיינע פֿאַר־דעקט נישט דעם שרייבער און זיינע ווערק, נאָר ער ברענגט אים אַרויס און שטעלט אים אַוועק אויפֿן ריכטיקן אָרט.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון זיינע קריטישע עסייען איז די פולע אָנערקענונג, אַז ס'איז פאַראַן אַ פיל־פּנימדיקע יידישע ליטעראַטור, אַ פיל־געזאַנגיקע יידישע פּאָעזיע און ער פאַרהוילט נישט פון קיינעם זיין וואַרעמע ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור — אַ ליבשאַפט, וואָס לויפט פאַרויס זיינע קריטישע שאַצונגען און אָפּשאַצונגען.

י. ח. בילעצקי איז אַליין אַ פּאָעט. ער האָט זייער יונג אָנגעהויבן שרייבן לידער. ער פאַרמאָגט אין זיינע לידער אַן אייגענעם טאָן, אַן אייגענעם ריטעם, אַן אייגענע פּאָעטישע פּולסירונג, ווי מ'זעט עס אין זיין נייסטער לידער־זאַמלונג „לידער צום מענטש". אָבער בעת ער שרייבט זיינע קריטישע עסייען, צווינגט ער נישט אַרויף זיינע לידער אויף קיינעם. ער פאַלט נישט אַריין אין די רייד.

י. ח. בילעצקי, האָב איך פריער געזאָגט, האָט אַן אייגענע פּאָעטישע פּולסירונג. אָט די לעבעדיק־גערעדטע מוזיקאַלישקייט דערשפּירט מען, ווען מען זאָגט־מיט אַזעלכע שורות, ווי פון זיין ליד „נאָך איין מאָל דיך זען" —

נאָך איין מאָל דיך זען
אין טלית געהילט,
נאָך איין מאָל דיין ניגון דערהערן,
כ'וועל שוויגן, ווי פליגלען אין אַ חרובן מיל,
שטום וועל איך זיין ווי פאַרלאָשענע שטערן
און בייגן מיין קאָפּ ווי אַ בוים נאָך אַ שטורעם.

נאָך איין מאָל דיך זען
אין טלית געהילט,
נאָך איין מאָל דיך זען
אין דיין צער, און בלינד
אַלע וועלטן אַרום.
ווי אַ קינד וועל איך שטיין און קושן דיך שטום.

קושן דיין שטילקייט, דיין שיין.
ווי אַ וואָרצל אין טיפן
אין דיין וואָרט כ'וועל אַריין.
און קושן דיינע באָרוועסע פיס,
ווי אַ צווייג קושט די וואונדן
נאָך אַ שטורעם.

שוין בילעצקיס ראָלע פון אַ בריקן־לייגער צווישן יידיש און העב־

רעאַיש שטאַמט פון אַ ברייטער פאַרגינערישקייט און אין זיין ניי בוך לידער זעט מען עס ממש אין ליד נאָך ליד. נאָך דעם ווי מען קלייבט נחת פון דעם ריינעם יידיש (פריער האָב איך זיך ווי אַ פּוילישער ייד דערלויבט איבערצושרייבן דעם ליטוויציזם ד י ר זען אויף ד י ך זען), פון די גע־דענקטע און גוט־איינגעדענקטע ווערטער, לייענט מען שורות גאַנצע אין צענדליקער לידער, וואָס אָטעמען מיט געשוואוירענער געטריישאַפט צום יידישן לשון. פון די ערשטע לידער ביז צום לעצטן ליד, וואָס פירט דעם פּאָעט צו אַ וועלט פון „יידיש־זמירות", זעט מען ווי דער פּאָעט, תושב אין ישראל, נוצט זיין יידיש־קאַפּיטאַל אויף אַזאַ אופן, אַז ס׳ברענגט אים אריין גאַר אַ סך ריווחים.

ס׳איז דאָס גרעסטע וואונדער, וואָס יידישע פּאָעטן אין מדינת־ישראל באַוויזן אויפצוטאָן מיט זייער שפּעריש יידיש, וואָס דערוועגט זיך גאָר נאָענט צו העברעאיש, אַפילו צו העברעאישער פּסוקימדיקייט. זייער יידיש ווערט אויף ס׳ניי באַרייכערט און מיידט אויס אַלערליי שטרויכלונגען. פאַרקערט, מיר האָבן פאַר זיך אַ נייעם פּאָעטישן נוסח, וואָס דאַרף ערשט גוט אויסגעפאָרשט ווערן.

י. ח. בילעצקי איז באַוואוסטזיניק איבער דער ראָלע פון פּאָעט אין אונדזער צייט און אין זיינע „לידער צום מענטש" נעמט ער שטעלונג צו צייט און וועלט. ער האָט אַ גרויסע צאָל לידער צום פּאָעט און זיין מיסיע און ער האָט אַ גרויסע צאָל לידער צו — לידער און זייער ראָלע אין לעבן פון פּאָעט פון אונדזער צייט. ער זינגט לידער צו חברים־פּאָעטן מיט דער ברייטהאַרציקייט, וואָס ער דעמאָנסטרירט אין זיינע עסייען וועגן יידישע שרייבערס. איך האָב מיט ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט אויפגע־נומען זיין ליבשאַפט צום יידישן לשון. אין איינס פון די ערשטע לידער אין בוך, אין ליד צו איציק מאַנגער, זינגט דער ישראל־תושב וועגן זיין כסדרדיקן מאַנען פאַר יידיש און זיין שפּעער אַ בכבודיק אָרט —

אין זכות פון דיין סוד און דיין וואָרט
מאָן איך ביי אַלע העברעער
ביים כותל מזרחי אַן אָרט.

אַ ליד, וואָס הייסט „יידיש ליד", גיט צו פאַרשטיין וואָס עס מיינט אַזוינס פאַר י. ח. בילעצקין אַ יידיש ליד אין אונדזער צייט —

יידיש ליד איז אַחריות,
יידיש ליד איז געוויסן,

אַזוי האָט דער דיכטער
געלאָזן צוואווּסן,
בלחש, אין פליסטער,
אין פלאָטער, אין שרייען:
יידיש ליד איז מחשבה,
יידיש ליד איז אַ רעיון.

און אַזוי כסדר אין זיינע לידער וועגן פּרצן, מאַרקישן, קולבאַקן, קומט צום אויסדרוק דעם פּאָעט בילעצקיס ליבשאַפט צו יידיש, וואָס ער געפינט „אין די שורות פון יידישן דיכטער", אַ נאָמען פון אַ ליד, וואָס האָט אַזעלכע שורות —

אַלע שטילע תהילימדיקע נשמות.
זילבערנע פאַרברענטע עטרות.
אַלע קולבאַקס זיידעס פון קאָבילניק,
יידן פראָסטע ווי די שטיקער ערד.
אַלע יונגען, וואָס האָבן פליטן אויף יידישע טייכן
געטריבן און קלעצער געשטופּט צום יידישן היכל
אין וואָרט פון יידישן דיכטער.

„יידיש לשון", „יידיש ליד", „צוריק צו יידיש לשון", אַזעלכע ווערטער וואַרפן זיך דורך אין אומצאָליקע לידער פון בוך „לידער צום מענטש". י. ח. בילעצקי טרעט־אַרויס שאַרף קעגן צעשיידן „דעם דאָ פון חורבנדיקן דאָרט" און אַרויסרייסן „דאָס לשון פון קולבאַקס און שלאָנסקיס וואָרט".

דער פּאָעט בילעצקי איז שטאַרק קאָנצענטרירט אויף זיין מיסיע פון פּאָעט און ער זינגט (אפשר מער ווי ס'האָט באַדאַרפט זיין זיין קוואָטע) לידער וועגן זיינע אייגענע לידער. ס'קאָן זיין, אַז אַזעלכע פּאָעטן פון און פאַרן גאַנצן מעת־לעת זיינען נייטיק אין אונדזער צייט, ווען די פּאָעטישע וואַליוטע איז שטאַרק געפאַלן. י. ח. בילעצקי איז שטאַרק באַוואוסטזיניק, אַז מיט זיין ליד וויל ער דינען און דאַרף דינען דעם מענטש פון היינט. אָבער דאָס געפעס פאַר אַלץ, וואָס ער האַלט, אַז דער פּאָעט איז מחויב צו טאָן, איז ביי י. ח. בילעצקין דאָס אָפּגעציטערטע און טייער געהאַלטענע יידישע לשון.

(טאָג־מ"זש, יולי 23, 1967)

# ישראל עמיאָטס לידער

„איידער דו לעשסט מיך אויס", דער נאָמען פון ישראל עמיאָטס ניי בוך לידער, פאַרזיכערט אונדז דער פּאָעט, איז נישט קיין „דעקלאַראַציע פון פאַרצווייפלונג", ווי אַזאַ נאָמען סוגעסטירט, נאָר פּשוט אַ צופאַל, אויפן נאָמען פון אַ ליד, וואָס איז עמיאָטן נאָענט. אָבער ווען מען גיט אַ נאָמען אַ בוך אויפן נאָמען פון אַן איינציק ליד, איז מען מכוון מער ווי אַרויספירן איין ליד און עס מאַכן פאַרן ווינקלשטיין. דער אמת איז, אַז דאָס ליד „איידער דו לעשסט מיך אויס" אַנטהאַלט אין זיך דעם פּאָעטס אַלע מעלות, וואָס ער האָט אונדז שוין געוויזן אין זיינע פריערדיקע ביכער.

זיין פריערדיק בוך האָט עמיאָט אַ נאָמען געגעבן: „אין ניגון איינגע־הערט". עמיאָט איז מוזיקאַליש און ער פאַרמאָגט די איינהערעוודיקייט פאַר מוזיק. ער איז אַ ליריקער און זיינע לידער זיינען אַלע מיט־זיך־מאָמענטן. ווען דער שר פון פּאָעזיע איז וואויל געניינט צום ליריקער, גיט ער אים אויך יענע ווערטער, וואָס זיינען ניגונדיק אויך פאַר דעם לייענער און זיי לאָזן אים אויך זיך איינהערן: זיי עפענען פאַר דעם לייענער די מעגלעכקייט אויפצונעמען דעם פּאָעטס ליד ווי אַן אייגענע איבערלעבונג — אַפילו ווען די איבערלעבונג איז ניט מער ווי אַ רגע פון בליציקן מיט־שפּיל אין פּאָעטס שטימונג.

ליריק איז איינס פון די שווערסטע וועגן פאַר אַ פּאָעט. ער איז איינער אַליין בעת ער שרייבט און ער איז פונדעסטוועגן מוציא אַ סך מענטשן, וואָס דער צופאַל דאַרף זיי פירן צו זיין ליד. די מעטאָדן, וואָס אַ ליריקער נוצט, זיינען פאַרשיידן. איינער פון די באַקאַנטסטע מעטאָדן איז זיך־פאַרקליינונג אין אַ פאַרגרעסערטער וועלט — פאַרגרעסערט אין זין פון שאַפן גוזמאדיקע בילדער, כדי זיי זאָלן בולט אַרויסברענגען דעם פּאָעטס מוראדיקע קליינקייט. אין דעם ליד „איידער דו לעשסט מיך אויס" בעט דער פּאָעט, אַז פאַר זיין אויסגעלאָשן ווערן זאָל יעדער שטראַל „דערגיין מיר ווי אַ שפּיז", און „דער הימל זאָל אַראָפּלאָזן זיך צו מיין קליינער שוועל". ס'איז נישקשהדיק פון אַ תפילה — דער הימל — צו אַ קליינער שוועל, אָבער דאָס איז יענע גרויסקייט, וואָס דאַרף בולטער אַרויסברענגען קליינקייט, אָדער דעם פּאָעטס אַנזעעוודיקע קליינקייט. אַ קליינטשיקער, שטאָלצער, לירישער איך, וואָס זוכט אַלערליי דעקאָראַציעס פאַר אייגענער אַנזעעוודיקייט און זוכט די מוזיק, וואָס זאָל דעם צופאַל־לייענער שענקען אַ מאָמענט פון איינהערעוודיקער געפיל־נאָענטשאַפט מיטן פּאָעט.

אין דעם אַריינפיר־ליד צום בוך, וואָס איז געוואָרן דער נאָמען פאַר ישראל עמיאָטס נייעסטער לידער־זאַמלונג, געפינען מיר אויך דעם לירישן פּאַראַלעליזם, וואָס ליריקער־פּאָעטן האָבן אַזוי ליב —

פריער דאָס גרויש, דערנאָך דאָס ווערן שטיל,
דאָס מאָדנע, אין דער וועלט, קאַץ און מויז געשפּיל.

און נאָך אַ וואָרט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש ביי דעם ליריקער — נישט אַזוי דאָס וואָרט גופא, ווי די גאַנצע גאַמע פון טייטשן — איז די איבערחזרונג פון וואָרט — חלום. אַלץ איז אַרומגעחלומט; די פולע קלאָרקייט, די אויסגעדריקטע קלאָרקייט איז דער גרעסטער שונא פון ליריקער, נישט אַזוי זיין שונא ווי דער אַרויספאָדערער, דער אַרויסרופער צו אַ פאַרמעסט — לאָמיר אָקאָרשט זען, וויפל בלייבט פון זיין ליד נאָך דעם ווי דו אַנטשלייערסט זיך פון חלום און קומסט אַרויס — אויף דער קלאָר.

דערפאַר איז דער ליריקער אָפּהענגיק אין גנאָד פון שר פון פּאָעזיע, אַז ער זאָל אים געבן יענע פולקערנדיקע ליריק, וואָס זאָל אין דעם „קאַץ־און־מויז־שפּיל" פון חלום און וואָר, פון אומקלאָר און קלאָר, זיין וואָגיק און פול מיט געהאַלטענעם צוזאָג, אַז נאָך דעם ווי מען הערט זיך איין אין ניגון בלייבט נאָך פאַרן לייענער גענוג מיין אין דעם ליד. מאָלט אייך, כ'נוץ נישט דאָס ממשותדיקע וואָרט, וואָס איז אָפט פאַרדבקהט אין דער מוזיק, נאָר זיין מיין, וואָס דערהייבט דאָס לירישע ליד און גיט עס צו אַ דימענסיע. דערמיט וויל איך זאָגן, אַז די מוזיקאַלישקייט פון אַ ליד איז טאַקע אָפט מאָל אַ ווערטפולקייט פאַר זיך, כאָטש אַ קלענערע ווערטפולקייט, ווי ווען דאָס ליד ווערט געבוירן מיט זיין גילדענעם לעפל און עס פינקלט מיט אַלע חנען פון מוזיקאַלישע מיינען.

ישראל עמיאָט זאָגט אונדז מיט זעלטענער עניוות, אַז ער האָט נאָך אַלץ זיין וועג נישט געפונען. ער ווייסט אָבער, שרייבט ער אין נאָכוואָרט, אַז פאַר אַ פּאָעט איז „קיין וועג גיט אַזוי קרום ווי דער אָנגענומענער גלייכער וועג" און „דער וועג צו זיך אַליין איז אפשר דער שווערסטער". כ'מוז זאָגן, אַז מיר איז לכתחילה געוועזן שווער, לייענענדיק ישראל עמיאָטס ניי־געזאַמלטע לידער, צו געפינען דעם נייעם וועג — בעסער געזאָגט, דעם אויסמייד פון אָנגענומענעם גלייכן וועג, נאָך בעסער — דעם רעוואָלט פון פּאָעט קעגן זיין פריערדיקן דרך אין דער פּאָעזיע. אָבער ווען כ'האָב זיך בעסער איינגעהערט אין ניגון פון זיינע לידער, האָב איך אָנגעהויבן צו באַמערקן אַ ווילן צו שאַפן מוזיק פון ווערטער און בילדער, נאָך איידער זיי שטעלן זיך רעכט צוזאַמען. ס'איז אַן אַמביציעזער אופן. דער פּאָעט

פאַלט אַריין אין נעפּלדיקער אומפאַרשטענדלעכקייט. פאַראַן צווייערליי אומ־פאַרשטענדלעכקייטן. איינע איז די אומפאַרשטענדלעכקייט פון שורות אין אַ ליד, וואָס פאַנגען דעם פּאָעט און לאָזן אים בשום־אופן נישט ער זאָל זיך אַרויסראַטעווען. אָבער עס איז פאַראַן אַ צווייטע אומפאַרשטענדלעכקייט, וואָס אי דעם פּאָעט, אי דעם לייענער איז גוט און באַקוועם אין איר, ווייל דאָס ליד פאַרמאָגט, וואָס כ׳האָב פריער אָנגערופן אַ באַגלייטנדיק ליכט פון — מיין. אמת, מ׳קאָן די שורות אפשר נישט איבערדערציילן, אָבער זיי זיינען סיי ווי פאַרשטענדלעך, מיט אַ מאַגיק, וואָס לאָזט זיך נישט גרינג אויפקלערן.

ישראל עמיאָט האָט זיך געלאָזט אויף נייע לאָקנדיקע און לאָקערנדיקע וועגן, בלאָנדזשענדיק נאָכן ניגון און די ווערטער, וואָס שאַפן דעם ניגון. דערפאַר זיינען אין זיין נייעם בוך פאַראַןביידערליי מינים לידער — מוזיק ווי אָן ענין פאַר זיך — ווערטער קומען פון זיך אַליין געשיקט פון צו פיל איינפאַל; און אַזעלכע לידער, וואָס די ווערטער און בילדער זיינען תמיד אונטער דער פולער קאָנטראָל פון פּאָעט. טייל לידער, וואָס איך פאַרשטיי זיי נישט, וועקן אין מיר נישט קיין נייגער, כאָטש כ׳האָב פון זיי אַ מאָמענ־טאַנע הנאה, און טייל אַנדערע לידער פאַרמאָגט זייער פּיקאַנטע אומפאַר־שטענדלעכקייט — טירן און טירלעך און זיי נאַרן אַריין דעם לייענער טיפער און טיפער. ס׳איז נישט נייטיק צו ציטירן שורות און אַפילו לידער, כאָטש מ׳קאָן פון עמיאָטס בוך ברענגען אילוסטראַציעס פון ביידערליי לידער.

כ׳האָב דער עיקר ליב עמיאָטס אומגעריכטע שורות, ווי —

אָון כ׳וואָרט נאָך אַלץ אָפּ דער מאַמען דורכן שויב,
כאָטש מיין אייניקל וואַקסט מיר ביי די קני.

אַ מאָל ווערט עמיאָט פאַרזונקען אין אַ בילדלעך באַקאַנט גלייכווערטל:

ס׳איז שווער, מיר שווער די וואָר, דער חלום
שפּאַלט אַ האָר,
און ווערטער מישן זיך וואָס געווען איז קלאָר
פון אַ וואונדער וואָס אַלץ וועט נעמען זען.

אין די שורות הערשט — אומאָרדענונג פון ווערטער, גראַמאַטיק און טייטש, אָבער דער ליריקער זאָגט אונדז אויס, אַז „די וואָר איז אים שווער״, ווי זי איז שווער יעדן ליריקער, וואָס וויל אין איר אַריינבלאָזן זיין אָטעם און זיין מוזיק. איינס פון די אומפאַרשטענדלעכסטע לידער אין בוך איז

„מדבר אַריזאָנאַ". אָ שורה מיט אַ שורה „איינזיקט" זיך נישט, אָבער אומ־פאַרשטענדלעכקייט רעגט און ווען מיר פאַרענדיקן דאָס ליד —

איז וואָס אַז נישטאָ אַפילו קיין רמז פון דיין קבר,
איך קלייב אויף דיר אַן אבר צו אַן אבר,
פון הר סיני נעמט דאָס יינגעלע דעם אַלטן תורה־עול.

דאַכט זיך אונדז, אַז מיר כאַפּן דעם מיין פון ליד, אַפילו ווען ס'קלעפּט זיך נישט צו „מדבר אַריזאָנאַ".

איך האַלט נישט פון דער עוולה צו פּראָזאַאירן דאָס ליד — און עס צו געבן כוח, אָבער עמיאָט זינדיקט אָפט מיט אַזעלכע פּראָסטקייטן, ווי —

די פּאָר ביימער וואָס האָבן וואָס צו זאָגן,

אָבער דאָס גאַנצע ליד „באַכט צו" איז אַ שיין ליד און ס'ענדיקט זיך מיט עמיאָטס אומגעריכטע שורות —

און אַלע מענטשן זענען מיינע, ס'איז מיין פאַרמעג
איבער נאַכט.

די גייע לידער אין בוך שליסן זיך, אויף זייט 35, מיט דעם ליד „פּאַרויס באַשטימט" און די צווייטע שורה חזרט איבער די רייד פון לירי־קערס אַרסענאַל —

מיין חלום — וואונדער האַלט אין איין אַנטדעקן.

דער פּאָעט האָט בפירוש גלייך געטאָן, וואָס ער האָט אין דעם בוך אונדז נאָך אַ מאָל געגעבן זיין סעריע „סיביר" פון פריערדיקן בוך. די לידער געהערן צו דער העכערער ליריק, וואָס פאַרמאָגט רייד, וואָס זיינען פלייש און בלוט און נישט נאָר מוזיק און וואָס זיינען נישט טריוויאַל מיט מאָמענטאַלע שטימונגען. די סעריע „סיביר" שטאַמט פון אוצר פון מענטש־לעכע יסורים, ווען מענטש דערקענט נישט מענטש, ווען מענטש ווערט וואָרעם און זיין ברודער־מענטש קריגט די מאַכט אים צו צעטרעטן. שוין דאָס אַריינפיר־ליד „אַ תפילה ביינצן דריי און פערציק" עפנט גלייך דעם פּאָעטס האַרץ און דער לייענער הערט זיך איין אין דעם ניגון פון פּאָעטס האַרצשלאָג.

גוטער גאָט, זע, איך בין אָרעם און פאַל איבער זיך אַליין,
און מיין קינד טראָגט שיך דריי מאָל זיין מאָס
און שפּילט מיט קינדער זיך און פאַלט און לויפט צו מיר מיט געוויין,
ווי איך צו דיר מיט אַ פאַרוואָס און אַ פאַרוואָס.

פון דעם ערשטן פערז אָן דורך אַלע 21 לידער איז שוין דער לייענער אַ געפאַנגענער, ווי דער געצוואונגענער הערער פון אַלטן מאַטראָז אין דעם

ליד פון קאָלערידזשעס „עינשענט מאַרינער". דאָ געפינט ער זיך אין זיין קעניגרייך פון דערהויבענער ליריק, אין קעניגרייך פון פשוטע רייד, וואָס ווערן פונדעסטוועגן ניט אָן זייער ערלעכע מוזיק. די 21 לידער זיינען אַ וועג פון אַ מענטש, אַ וועג פון אַ פּאָעט, נישט דער גלייכער וועג, נאָר דער קרומער, וואָס דורך אים האָט מענטש געפירט זיין ברודער־מענטש.

„אַ תפילה פון אַ מענטשן אין שניי" און „תפילה" זיינען פון די לידער אין דער סיבירער סעריע, וואָס שטייען באַזונדער און שניידן זיך איין אין זיכרון. דאָס ליד „אַ תפילה פאַרן שוואַכן" איז פון יענע לידער, וואָס קומען בלויז צום אמתן פּאָעט אין זיינע רוחניותדיקע מאָמענטן.

שוין די ערשטע פיר שורות זיינען איינגעהערט אין ניגון פון אונדזער פאַרשאָלטענעם יאַרהונדערט —

און דעם שוואַכן — אַ, העלף אים, העלף אים, גאָט,
ער זאָל צו אַ מענטש זיין געגליכן,
ס'האָט אים באַשפיגן די וועלט, זאָל ער צו דיר
אויף אַלע פיר כאָטש דערקריכן.

און אָט איז אַ ליד פון אַכט שורות, וואָס דערציילט אונדז — אַ גאַנץ בוך, און מיט ווערטער וואָרע און קלאָרע און ניט פון אַ חלום־וועלט, נאָר פון אַ קאָשמאַר.

כ'וועל טוישן דאָס ברויט אויף אַ קעסטעלע טאַבאַק,
געוואוינט שוין, געוואוינט שוין צו אַ טאָג אָן ברויט.
וואָס זאָל איך טאָן? אין מעבר יבק
זעט זיך נישט פאַר אַזאַ מין טויט.
דערעסן דאָס אייביקע אין ריי גיין, אין ריי גיין,
און ס'איז גאָר אַ ברכה: מיט די פיס צו דער טיר,
אַז כ'האָב שוין פאַרגעסן צי דאַרף איך אויף צווי גיין,
צי גאָר, ווי אַ בהמה, קריכן אויף פיר.

(טאָג־מ"זש, יולי 31, 1966)

# זאַמלונג לידער פון מ. מ. שאַפיר

אין 1940 איז אין מאָנטרעאָל דערשינען אַ בוך לידער אונטערן נאָמען „אַ סטעזשקע". דער פּאָעט מ. מ. שאַפיר איז גלייך באַקאַנט געוואָרן ווי אַ שרייבער, וואָס ווייס ווי זיך צו באַגיין מיט אַ פערז און וואָס צו טאָן מיט עטלעכע שורות, ביז עס זאָל פון זיי ווערן אַ ליד, מיט אַ האַרציקן אָפּקלאַנג פון אַ פאָלקס־ניגון. די יידישע פּאָעזיע אין מאָנטרעאָל איז שוין דעמאָלט געווען רייך מיט פאַרשיידנאַרטיקע פּאָעטן, מיט אויסטיילעוודיקע קלאָרע פּאָעטישע דיקציעס, און פונדעסטוועגן איז מ. מ. שאַפיר גלייך אַריין אין דער פּאָעטישער חברותא מיט זיין פאָלקסטימלעך ליד.

אָבער דער פּאָעט האָט געוואַרט גאַנצע 23 יאָר, ביז ער איז צו אונדז געקומען מיט אַ צווייט בוך לידער, וואָס איז אָקאָרשט אויך דערשינען אין מאָנטרעאָל, וואו מ. מ. שאַפיר איז אַ תושב. דאָס נייע בוך הייסט „איך קום אַהיים", אויפן נאָמען פון דער ערשטער אָפּטיילונג פון בוך, וואָס באַשטייט פון חורבן־לידער. מיר דאַכט זיך, אַז קיין יידישער פּאָעט, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מער ווי איין בוך לידער, האָט אַזוי לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן פון ערשטן ביזן צווייטן בוך. אָט די געדולדיקייט פון אַ פּאָעטישן אויסוואַרטער אָדער אָפּוואַרטער איז ווערט צו פאַרצייכענען. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו הערן פון פּאָעט אַליין, פאַר וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געלאָזט זיין איינציק, אָפּגעציטערט בוך אין איינזאַמקייט. דער עלטערער פּאָעט, מלך ראַוויטש, באַגלייט דאָס נייע בוך מיט „אַ וואָרט פון אַ חבר". ער באַגלייט עס אַרויס צום לייענער, אין אַלטן סטיל פון מחברים, וואָס נעמען דעם שעמעוודיקן חיבור אונטער דער האַנט; אָדער אין נוסח פון הסכמה־געבערס, וואָס גיבן צו מוט אַן אומבאַקאַנטן מחבר און האַלטן אים אונטער מיט וואַרעמע ווערטער. מלך ראַוויטש ענדיקט זיין הקדמה אַזוי:

> „איך נעם אַרויס די האַנט פון אונטערן אָרעם פון דעם דאָזיקן בוך. גיי זיך, בוך, אַוועק דיין איינזאַמען וועג פון אַ יידישער לידער־זאַמלונג. אַ סך, אַ סך פון דיינע לידער וועלן זיך שטאַרק אינטעגרירן אין דעם אוצר פון דער יידישער פּאָעזיע. לכך נוצרת — אָט צוליב דעם ביסטו עס געשאַפן געוואָרן דורך דעם דיכטער מ. מ. שאַפיר".

דער אונטערפירער פון דעם בוך פּאַלט אַריין, ווי מיר זעען, אין טאָן פון אַמאָליקע אונטערשפּאַרערס און סמיכה־געבערס. דאָס איינציקע וואָרט, וואָס איז אַ שטיקל דיסאָנאַנס אין דער קונסט פון סטיליזאַציע, וואָס דער

פּאָעט מלך ראַוויטש האָט אַזוי ליב, איז דער הײנטצײטיקער פּרעמדלינג — אינטעגרירן.

אָבער פון מלך ראַוויטשעס הקדמה ווערן מיר אויך נישט קלוג, פאַר וואָס דער פּאָעט מ. מ. שאַפּיר האָט זיך אָנגעגורט מיט אַזוי פיל געדולד און געלאָזט וואַרטן אויף זײַן צווייט בוך כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט. ראַוויטש, וואָס האַלט פון געבן אַ סך ביאָגראַפישע אינפאָרמאַציע, איז גראָד אין דער הקדמה קאַרג אויפן וואָרט. מיר דערוויסן זיך בלויז, אַז דער מחבר שאַפּיר איז „נאָך אַ גאַנץ יונגער", אַז דער פּאָעט איז אויך „אַזוי שטילערהייט חוץ אַ לערער אויך אַ פאָלקלאָר־קענער, אַ קענער פון לשונות", אַז ער איז „יאָרן לאַנג אַ משורר בפועל ממש אין אַ שול". ס'איז דווקא אַן אָריגינעל חן־גריבעלע אין דער ביאָגראַפיע פון אַ יידישן פּאָעט צו זײַן אַ משורר אין אַ שול. דאָס ווײַזט, אַז אַ מקום קדוש איז אים נישט פרעמד. אָבער דער ביאָגראַפישער מאַטעריאַל פון פּאָעט מ. מ. שאַפּיר איז פאָרט אַ קאַרגער. אויב שוין יאָ דווקא אַ הקדמה פון מלך ראַוויטשן, האָט עס געמעגט זײַן אַ סך אויספירלעכער און פולער. מיר מוזן זיך פון בוך אַליין אָנשטויסן, אַז דער דיכטער קומט פון בעסאַראַביע. פון די נאָכווערטער, וואָס דער מחבר אַליין האָט געשריבן, דערוויסן מיר זיך אויך זײַער ווייניק, אַון דער עיקר ווערן מיר אַלץ נישט געוואויר, ווי קומט עס, וואָס מ. מ. שאַפּיר איז געווען אַזאַ אײַזערנער כובש פון זײַן דיכטערישן „יצר" און אַרויסגעגעבן אַ צווייט בוך לידער נאָכן אָפּוואַרטן 23 יאָר.

אַ שליסל צום אָפּוואַרטן גיבן אונדז אפשר די דריי לידער פון זײַן ערשט בוך, וואָס דער מחבר האָט געפונען פאַר נייטיק אַרײַנצונעמען אין דער איצטיקער לידער־זאַמלונג. ס'איז ווערט צו געבן די ערשטע אַכט שורות פון אַזאַ ליד, וואָס איז דעם דיכטער געווען אַזוי טײַער, אַז ער האָט עס מיטגעפירט אין דעם נײַעם בוך. דאָס ליד רופט זיך „די זון".

די זון טוט אָן די גרעזעלעך
אין ליכטיק ווײַסע מענטעלעך
און פירט די קלענסטע חיהלעך
בײַ די פיצעלעך הענטעלעך.

אַפילו די מינדסטע שטיינדעלעך
און שטויבעלעך און זעמדעלעך —
גלעט זי אויס די הערעלעך
און פוצט זיי אין כלערליי העמדעלעך.

ווידער אַ מאָל קומען מיר צו מלך ראַוויטש, וואָס זאָגט אונדז, אַז משפיע געווען אויף מ. מ. שאַפּירס ליד האָבן „מאַני לייב, מ. ל. האַלפּערן, מאַנגער". איך וואָלט צוגעגעבן — מ. ז. טקאַטש און אַפילו א. לוצקי, אָבער איך וואָלט געגאַנגען נאָך מער צוריק און געזאָגט, אַז די אמתע השפעה אויף שאַפּירס לידער האָבן געהאַט אונדזערע פאָלקסדיכטערס. שאַפּיר איז, ווי מיר האָבן געלייענט, אַ מנגן און ער האָט אַפילו צוגעפּאַסט מעלאָדיעס צו עטלעכע לידער זיינע. דער פאָלקסטאָן איז אים נאָך נאָענט און גיט זיך אים איין צום בעסטן אין אַן אייגענער פּאַראַפראַזירונג. אָבער וואָס דאַרף מען לאַנג ברייען? דער מאָטאָ צו זיין איצטיקן בוך לידער „איך קום אַהיים" באַשטייט פון צוויי שורות — „אוי, ענטפערט מיר, איך בעט אייך זייער, וואָס האָב איך מיך אַזוי צעזונגען?" דאָס זיינען שורות פון דעם מלך פון די יידישע פאָלקסזינגערס מ. וואַרשאַווסקי.

פון דאַנען איז אפשר געדרונגען, פאַר וואָס דער דיכטער מ. מ. שאַפּיר האָט אַזוי לאַנג נישט אַרויסגעגעבן אַ צווייט בוך. די יידישע פּאָעזיע אין לעצטן פערטל יאָרהונדערט איז פשוט נישט געווען אין דער שטימונג אויפצונעמען פאָלקסטימלעכע לידער. דער פּראַקטישער חוש, וואָס איז אפשר דער זעקסטער חוש ביי יעדער מחבר, האָט מ. מ. שאַפּירן דיקטירט, אַז ער זאָל אָפּוואַרטן מיט זיינע לידער און זיי צוריקהאַלטן פון פּאָעטישן יאַריד און פּאָעטישן גערייד. מ. מ. שאַפּיר דער מנגן האָט נישט געוואָלט, אַז די רייד זאָלן פאַרטומלען זיין פּאָעטיש קול. ער קען זיין אייגן קול און ער ווייסט, אַז ער איז נישט קיין איבערשרייער און אַפילו נישט קיין אַריבערזינגער.

לעצטנס איז אָבער אַנטשטאַנען אַ נישט־אונטערגעשריבענער שלום אין דער יידישער פּאָעזיע. דער שלום איז אפשר נישט געזונט פאַר דער פּאָעזיע גופא, אָבער ער איז געזינטער פאַר די פּאָעטן. מ'האָט זיך אויפגעהערט קריגן און מען איז געוואָרן מער צוגעלאָזן איינער צום אַנדערן. אַ חלק אין דעם האָט דער גרויסער חורבן אונדזערער, וואָס האָט גורם געווען אַ גאַנץ נייעם ליטעראַטור־שטראָם, הן אין דער פּאָעזיע, הן אין דער פּראָזע. ניט קיין שטרעמונג, נאָר אַ שטראָם. צענדליקער, ניין, הונדערטער ביכער זיינען געשריבן געוואָרן, וואָס פאַרמאָגן באַזונדערע זכותן און וואָס מוזן געמאָסטן ווערן מיט באַזונדערע מאָסן. אַ סך ביכער קומען צו אונדז מיט דער תקופה פון אומגליק. דער חורבן האָט אויך אָוועקגעריסן פון אונדז טויזנטער אָפּנעמערס פון ביכער און מיטגעבראַכט ייאוש. ס'זיינען אונדז געוואָרן טייער און אָפּגעציטערט יידישע ווערטער, צוזאַמענגעקייטלט

אין אינהאַלט; ווער שמועסט צוזאַמענגעזונגען אין געזאַנג. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דערזען איינע די אַנדערע, מיר זיינען געוואָרן צוגעלאָזענער און מיר האָבן אויפגעהערט צו־שטאַרק מקפּיד זיין אויף דעם, וואָס דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט האָט מיט דער צייט זיך דערוואָרבן. מיר זיינען געוואָרן מידת־הרחמימדיק און אָנשטאָט וואָס מיר זאָלן געדענקען דעם גרויסן שפּרונג פון דער פּאָעזיע אין צייט, האָבן מיר גענומען לייענען אונדזער ליטעראַטור אין אַ חלל פון צייטלאָזיקייט, אויף קיינעמס קלאָגלאַנד.

אָט דאָס האָט ווייניק וואָס צו טאָן מיט דעם אינהאַלט פון מ. מ. שאַפּירס ניי בוך לידער „איך קום אַהיים”, אָבער ס׳איז אַ שטיקל אויפקלערונג, פאַר וואָס דער דיכטער איז גראָד איצטער צוריקגעקומען אַהיים, נישט נאָר צו זיין חרובער היים, בפּועל ממש, טעמאַטיש, נאָר צוריק אַהיים צו זיין פאָלקס־טאָן, וואָס וואָלט דערטרונקען געוואָרן מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק. נאָך מער. אונדז האָט די יידישע צייט אויסגעדולדיקט און אונדז צוריק־געגעבן די הנאה, וואָס מען האָט אַ מאָל געהאַט פון אַזעלכע לידער —

דער וואַלד איז ווי אַ פידל,
דער ווינט איז ווי אַ סמיק,
דער מינדסטער שטויב איז עלנט
און זוכט זיין טראָפּן גליק.

אָט דער פאָלקסטימלעכער טראָפּן גליק הייבט אָן ווערן צוריק אַ יש און מען דערשפּירט אים. אָדער אַזעלכע שורות פון אַ ליד —

ביי מיר אין גאָרטן וואַקסט אַ בוים
מיט עפּל אויף די צווייגן,
ווי מיידל־אָרעמס וויגן מיך
זיין שאָטן און זיין שווייגן.

מ. מ. שאַפּיר איז אַן אויסגעצייכנטער קענער פון יידישן לשון און ער קאָן זיך שיין אַרומשפּילן מיטן יידישן וואָרט. זיינע יידישע רייד פאַרמאָגן אין זיך אַ ליכטיקייט. געוויינלעך וויל ער נישט קיין סך מער ווי ער קאָן. ווייל דאָס ביסל, וואָס ער וויל, מער גיט זיך אים נישט איין. ווען ער איז אַקוראַט וואָס ער איז און ער ווייזט אַקוראַט, וואָס ער דערגרייכט, קאָן מען צו אים נישט האָבן קיין טענות און פּרעטענזיעס. זיין ליד דערפילט אַלץ, וואָס עס זאָגט־צו, פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער.

דאָס בוך האָט זעקס אָפּטיילונגען. די ערשטע אָפּטיילונג באַשטייט, ווי

פריער געזאָגט, פון היים־חורבן לידער. צו די השפעות, וואָס ראַוויטש האָט אויסגערעכנט און וואָס איך האָב צוגעגעבן, מעג מען צורעכענען — ביאַליקן. אין די חורבן־לידער איז פאַראַן דער שטעל פון דער שחיטה־שטאָט און די שורות זיינען „ביבליזירטע״.

כ׳האָב נישט געזען, ווי ס׳האָט ביי אייך געטיליקט די מהומה.
אַ ווייטער ווידערהילך איז צו מיין אויער קוים דערקומען.
אַ ווייטער ווידערשיין האָט מיר פאַרשטאַרקט די אויגן־וויעס
און מיר דעם טרערן־קוואַל פאַרסמט — קיין טרער נישט מער צו ציען.

די חורבן־לידער זיינען קלאָגלידער, וואָס דער קלאָג אין זיי שרייט אַריבער מיט צו פיל לשון. דאָס וואָרט איז אַזוי פול, אַז מען הערט נישט דעם פּאָעטס פּאַרציטערט איינשווייגן. פאַראַן אין זיי דער שוידער פון דאָקומענטאַציע, וואָס מ. מ. שאַפיר האָט געמעגט איבערלאָזן, ווי עס געפינט זיך אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו אונדז. אָבער אַפילו אין דער אָפּטיילונג, ווען דער פּאָעט כאַפּט צוריק זיין אייגענעם טאָן, זינגט ער אַזוי:

צי וועט נאָך קומען צו פליען אַ מאָל
די גאָלדענע פּאַווע אין שטעטל־טאָל —
און זיך שטעלן אין מאַרק אויף אַ פוסטן בוים
און דעם פעכער צעשפּרייטן אין וויסטן רוים?
זי בלאָנקעט ערגעץ אין חלל אום,
מיט פליגל צעפּליקטע, מיד און שטום,
פון שטעטל צו שטעטל, פון תל צו תל,
און געפינט ניט קיין רו, קיין יידישע שוועל.

אין די אָפּטיילונגען „שויתי״ און אין „אַ כמאַרע טרויער״ געפינט מען אַ צאָל לידער, וואָס זיי מסתמא האָט מלך ראַוויטש, ווי ער זאָגט אין זיין הקדמה, געעצהט אַ ביסל מער מצמצם צו זיין, אָבער דער מחבר האָט נישט געוואָלט זיין „קיין אַכזר צו דעם אָדער יענעם ליד״. וועל איך אויך נישט זיין קיין אַכזר און נישט אָנווייזן אויף די לידער, וואָס האַלטן נישט אויס ראַוויטשעס מער „ריגאָראָזן אָפּקלייב״.

אין די לעצטע דריי אָפּטיילונגען, „אַז וואָס איך זינג״, „וואַלד און ווינט״, „אין שטאָט״, געפינט מען אַ צאָל גוטע לידער. מ. מ. שאַפיר האָט

**אַ סך לידער — לידער. אָבער גוט זײַנען זײ, װען זײ זינגען זיך נאַטירלעך און ער קאָקעטירט נישט צו פיל מיט זײַן אַלטמאָדישקייט:**

איך װײס איך בין אַלטמאָדיש,
מיך ציט נישט צו דײַן הײנטװעלטיש,
איך װיל נישט איבערבריהן
אַ װעלט, װאָס מיר געפעלט נישט.

**מ. מ. שאַפיר האָט אין זײַן בוך אַן אױסשטעלונג פון אַ סך פאָרמען, פון פרײַען פערז, פון װײסן פערז, אַסאָנאַנסן און פרײַע מעטערן. אָבער צום איבערצײַגנדיקסטן קלינגט זײַן שטרענג ליד, װאָס שלאָגט אָן אַן אַקאָרד פון אַ פאָלקסליד, אָדער אַ באַלאַדע־טאָן, אָדער װאָס איז געשריבן דירעקט פאַר קינדער װי אַ קינדערליד:**

## מײַן ײנגעלע

לעבן פענצטער, שפּעט פאַר נאַכט,
ליגט מײַן ײנגעלע און טראַכט.
רונד אַרום איז שטיל און קיל,
רוט זיך אָפּ זײַן פּיסק־מיל.
ליגט מײַן ײנגעלע און טראַכט,
און דאָס הערצל פרײט זיך, לאַכט.
די לבנה שײן און פײַן
קוקט אַראָפּ אין שטוב אַרײַן.
קוקט אַראָפּ און שפּרײט און שפּרײט
װײסע ציכלעך װאו זי גײט.
רונד אַרום פאַלט צו די נאַכט
און דאָס קינד אין בלױ פאַרמאַכט,
און דאָס קינד אין בלױ פאַרהילט
און מיט חלום אים פאַרשפּילט.
װינטלעך װינטלען זיך פאַרבײַ,
פעכערן מיט אױנטשפרײַ,
און מײַן ײנגעלע, מײַן שײַן,
חלומט, חלומט, חלומט אײַן.

(טאָג־מ״זש, יוני 23, 1963)

# אליהו רייזמאַן

די ערשטע ביכער־זאַמלונג פון דעם דיכטער אליהו רייזמאַן האָט געהייסן „אַליין מיט זיך". איז דער נאָמען געווען אינטערעסאַנט, ווייל עס האָט געוויזן, אַז מען מעג (אפשר — מען האָט געמעגט!) שרייבן אין פּוילן יחידישע לידער, וואָס זיינען געווען אין חרם אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אָבער קיין בוך איז פון דעם נאָמען און פון די צוזאַמענגענומענע לידער נישט געוואָרן. אַ בוך האָט באַזונדערע געזעצן, און דער איינבינדער, אָדער צוזאַמענקלעפּער, קען בשום־אופן נישט מאַכן קיין בוך פון לידער, דערציילונגען אָדער עסייען, וואָס גיבן נישט קיין גאַנץ געשטאַלט פון אַ שרייבער — הינטער דעם בוך. טאָוולען אַליין קענען נישט שאַפן קיין בוך, וואָס מוז אויך האָבן אַ חוט־השדרה, וואָס זאָל די באַזונדערע זאַכן צוזאַמענהאַלטן.

אָבער געשריבן האָב איך פּאָרט וועגן אליהו רייזמאַנס לידער־זאַמלונג, ווייל ס'איז ביי מיר געווען אַ גרוס פון דעם יידישן פּוילן און אומדירעקט אויך אַ גרוס פון איינעם פון די אָנגעזעענסטע און ערנסטע פאָרשטייערס פון דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן — דוד ספאַרד, אונטער וועמעס רעדאַקציע אליהו רייזמאַנס בוך לידער איז דערשינען. ספאַרד איז אַליין אַ וואַרעמער יידישער פּאָעט, און ס'איז מיר געווען אָנגענעם צו זען, אַז ער האָט גענומען אונטער זיין השגחה דעם וויניקער באַקאַנטן פּאָעט, וואָס האָט זיך געניטיקט אין אַ גוטן רעדאַקטאָר. צום באַדויערן, האָט דער רעדאַקטאָר גופא אויך נישט געקענט צו שטאַרק העלפן דעם ייִנגערן חבר, וואָס איז געווען „אַליין מיט זיך" און האָט אַרויסגעוויזן סימנים פון אָפּגעריסנקייט פון דעם יידישן פּאָעטישן וואָרט, פון די וואונדערשפּרינג, גרויסע דערגרייכונגען און אַנטוויקלונגען.

..

רייזמאַנס בוך לידער איז באַשטאַנען פון חורבן־לידער, נאַטורלידער און ליבעלידער און אין אַלע לידער האָט זיך באַמערקט פּרימיטיוויזאַציע, כמעט אַ באַוואוסטזיניקע פאַרקינדישטקייט. אַנשטאָט די לידער זאָלן אַריבערוואַקסן דעם שרייבער, זיינען זיי געווען קלענער און נידעריקער פון דעם פּאָעט. ס'איז אין זיי נישט געווען קיין דערהויבונג, קיין סימן פון דעם, וואָס מען האָט אַ מאָל גערופן אינספּיראַציע. פון דער „פּראָזע" פון די לידער איז געווען קלאָר, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַן אינטעליגענטן און שפּירעוודיקן יידן, אָבער זיין צוגאַנג צום ליד איז געווען דורך אַ

הינטערטיר, פאַרזיכטיק געעפנט, אַן טומל און מיט הכנעהדיקן פאַרנויג צום ווייניקער פון דורכשניט.

איך וואָלט געוועט דער לעצטער איבערצוחזרן די אַלע חסרונות, וואָס איך האָב געפונען אין אליהו רייזמאַנס געזאַמלטע לידער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן מיט דריי יאָר צוריק, ווען איך וואָלט נישט געקאָנט פאַרצייכענען מיין פריידיקע דערשטוינונג, ווען איך האָב געלייענט זיין אַקאָרשט דערשינענעם בוך לידער, וואָס ווייזט אונדז דאָס פּנים פון אַ פּאָעט, וואָס איז אין די דריי יאָר אַזוי אויפגעוואַקסן, אַז ס׳איז אומגלייבלעך. דאָס נייע בוך לידער איז בפירוש אַ פולגעשטאַלטיק בוך לידער, וואָס האָט נישט די מינדסטע שייכות מיט די אומבאַהאָלפענע און קינדישע טריט, נישט אין לשון, נישט אין בילדלעכקייט, נישט אין געדאַנק און נישט אין אויסגעדריקטן געפיל. ס׳איז קלאָר, אַז דער פּאָעט אליהו רייזמאַן האָט אויף זיך אַ סך און ערנסט געאַרבעט, אָבער פּאַרט איז דער רעזולטאַט אַזאַ פענאָמענאַלער, אַז מען מוז באַוואונדערן אַזאַ פּרוכטיקע זיך־קריטיק, וואָס האָט אין משך פון בלויז דריי יאָר אויסגעגלייכט דעם רוקן פון אַ קליינעם, געבויגענעם פערזון־שרייבער און אים אַרויפגעפירט אויפן גלייכן און שטאָלצן וועג פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָעט, פון וועמען מען מעג אַ סך מאָנען און אַ סך דערוואַרטן.

אליהו רייזמאַנס בוך לידער הייסט „איך האָב זיך אויסגעטרוימט אַ זון". דערשינען איז די זאַמלונג אין דעם פאַרלאַג „יידיש בוך", אין וואַרשע, און אויך דאָס מאָל אונטער דער רעדאַקציע פון דוד ספאַרד. זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז רייזמאַנס לידער זיינען געשריבן אין עלטערן סטיל, אָבער מיט אַ באַנייט און פריש לשון, וואָס האָט לחלוטין געפעלט אין זיין ערשט בוך „אַליין מיט זיך". די פאָרעם איז אויך אַ פאַר־עלטערע, אָבער רייזמאַן דערגרייכט אַ סך אין די ראַמען פון זיינע באַגרענעצונגען. ער איז שוין ווייט נישט פּרימיטיוו, נאָר זיין זאָג איז שטאַרק און פּערזענלעך. זיין טראַט איז אַ זיכערער. עס געלינגט אים אויס־צודריקן די פולע גאַמע פון אַ היינטצייטיקן ייד, מיט קלאָרע שורות, וואָס זייער פּאָעזיע שטייט נישט אָפּ פון דער „פּראָזע" פון ליד. די בילדלעכקייט זיינע איז אויך אַן אָריגינעלע און דער צי פון בויגן איז אַ פולער, אַן צוריקשרעק און צוריקשטרעק.

ווי אַזוי רייזמאַנען איז געלונגען אַזוי איבערצושרייבן זיך אַליין, אָדער אַזוי אַרויסצושרייבן פון זיך דאָס ביז איצט פאַרבאָרגענע ליד, איז אַ מאַטעריאַל פאַר אַ באַזונדער אַרטיקל. דערצו וואָלט איך באַדאַרפט זיין

מער באַקאַנט מיט די פּרטים פון דעם פּאָעטס ביאָגראַפיע. רייזמאַן וואוינט איצטער אין שטשעטשין, פוילן, און ער איז אַפילו ווייט פון דעם קליינעם יידיש־שעפערישן צענטער אין וואַרשע. פון זיינע לידער איז צו זען, אַז דורך די היטלער־יאָרן האָט ער זיין נע־ונד דורכגעמאַכט אין אַזיאַטישן רוסלאַנד. צוריקגעקומען איז ער צום מצבהלאָזן חורבן פון פוילישן יידנ־טום און פון זיין אייגענער פּאַרטיקולערער משפּחה.

די ניינציק זייטן פון דעם נייעם בוך לידער צווינגען בפירוש אַ לייענער, וואָס האָט געלייענט זיינע לידער מיט דריי יאָר צוריק, צו עפענען די אויגן. די פאַרוואַנדלונג איז נישט נאָר אַן אויסערלעכע, טעכ־נישע איבערראַשונג, נאָר אַ פּאַרטיפטע און באַוואוסטזיניקע אָריענטאַציע אין אַ נייער ריכטונג פון פּאָעטישע מעגלעכקייטן. דאָס ווייזט, אַז מען טאָר נישט אָפּפּסקענען און מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק מיט שטרענג־קריטישע דעקלאַראַציעס. ווער קען וויסן, וואָס אַן אמתער פּאָעט קען מיט דער צייט פון זיך אַרויסקריגן? פון דער אַנדערער זייט איז אפשר אליהו רייזמאַנס פאַרוואַנדלונג אַ פועל־יוצא פון שטרענגער קריטיק, וואָס קען יאָ אַ מאָל העלפן דעם אמתן פּאָעט צו דערזען זיך טיפער און אמתדיקער.

ווי געזאָגט, בין איך נישט גענוג באַקאַנט מיט רייזמאַנס ביאָגראַפיע, אַז מיר זאָל קלאָר זיין ווי אַזוי ער האָט אַזוי גיך אָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס טריוויאַלע. כ׳בין זיך משער, אַז אין אָט די עטלעכע יאָר האָט רייזמאַן זיך נענטער באַקאַנט מיט דער יידישער פּאָעזיע, מיט איר גאַנג און קלעטער. אין רייזמאַנס נייע לידער זיינען קאַנטיק אַ סך לטובהדיקע איינפלוסן, אַפילו ווען זיי זיינען געקומען צו אים אומדירעקט. מען זעט שפּורן פון ליעסינען, פון מ. ל. האַלפּערנען און אויערבאַכס עפּישן טאָן, אַפילו מיט זיינע וואָרצלדיקע העברעאישע גראַמען. ווידער אַ מאָל, אַפילו ווען די דאָזיקע השפּעות זיינען נישט געווען קיין דירעקט־איינגעזאַפּטע, האָט אליהו רייזמאַן זיי געכאַפּט פון דער לופט און אַטמאָספער, דורך אַ נענטערער באַקאַנטשאַפט מיט דעם יידישן ליד.

די נאַטור־לידער רייזמאַנס, וואָס זיינען אַ מאָל געווען איבערגעחזרטע מאָטיוון, זיינען אין דעם נייעם בוך פאַרזענלעך געזעענע און אייגן־מאָטיווירטע:

פאַר מיין אויג
עס פלאַטערט אוס דיין שוואַרץ־באַפּינטלטער פיאַלעט,
מיט חנען זיבן,
דו ביסט דאָס ליד,

וואָס דער פרילינג — דער אייביקער פּאָעט,
אויף אַ טעפּעכל פון גרין האָט אָנגעשריבן.

די שורות זיינען פון אַ ליד „צום שמעטערלינג". מיט דעם ליד עפנט אליהו רייזמאַן זיין בוך. דאָס צווייטע ליד טענהט זיך אויס מיט אַ מוראַשקע אויף איר „בערגלדיקער וועלט".

ליד נאָך ליד מאַכט אונדז רייזמאַן ליב די נאַטור אויף אַן אייגענעם משלדיקן אופן, מיט קלוגע נמשלס:

דער הימל און די ערד,
איך טונקל זיך אין מיטן.
עס האָט זיך מיט זיין ווערק
דער שעפער אויסגעמיטן,
און אפשר גאָר, ווער ווייסט,
איז די אייגנשאַפט פון זונען,
אַז דער וואָס זיי באַשאַפט
קען אַליין זיי נישט געפינען.

רייזמאַן קען „אויסבייטן" די נאַטור אויף לידער:

דער הימל באַדעקט מיט בלויען סאַטעט,
דעם שטעכיקן דאָרן מיט בלעטער באַצירט.
אַזוי ביי מיין טיש זיך פאַרזעסן ביז שפּעט,
געשריבן, געמעקט און די צייט נישט געשפּירט.
דער שפּיץ פון אַ יאָדלע אין זשאָווער צעברענט,
אַ שנירעלע שקיעה פון פענצטער עס רינט.
אַזוי האָט מיין שוואַרצע, פאַרמאַטערטע פען
דערטרונקען אַ טאָג אינעם טינטער מיט טינט.

רייזמאַן ליידט נאָך פון הילפלאָזע אינוועסיעס, פון קנייטשן די נאַטירלעכע יידישע זאַץ־אָרדענונג, כדי אָנצויאָגן אַ גראַם, אָבער וועט דאָס אויך מיט דער צייט בייקומען.

די חורבן־מאָטיוון זיינען אין דעם נייעם בוך פולע דערגרייכונגען, אויסגעזונגען מיטן קול פון אייגענעם טרויער. כאָטש רייזמאַן בעט דעם פאַרבאָרגענעם חכם אים צו לערנען „די הייליקע שפּראַך פון שווייגן", פאַרמאָגט ער דעם באַלאַנס צווישןריידן, אַפילו אויסגעשרייען און איינגעשוויגענע שורות:

אַ פּראָסטיקע נאַכט קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.
די וויטן מיט בלענדיקע שנייען באַצויגן.

און איבערן שטעטל עס צינדן זיך אָן
צעציטערטעע שטערן — אָבלשע אויגן.

**אַ שטאַרק ליד איז דער אויסגעשריי קעגן רוצח — „גלייב אים נישט", וואָס ענדיקט זיך מיטן באַפעל:**

גלייב אים נישט —
ר'איז דער זעלבער פאַרבליבן;
ער האָט עס דיין פאָלק אין די גריבער פאַרטריבן.

**דאָס שענסטע ליד אין בוך איז „דייך טביה", וואָס גייט „אויף דעם נאָדלדיק־זאַמדיקן וועג, וואו ר' האָט גאַרנישט געפונען און אַלץ אָנגעוואוירן". ער באַגעגנט זיך אויפן וועג מיט זיינע טעכטער. דאָס איז אונדזער טביה, מיט הונדערט יאָר שפּעטער, און רייזמאַן פאַרענדיקט זיין פּאָעמע:**

אין שאָטנס פאַרהילט זיך די שטילקייט פון וואַלד.
אָט איז ער, דיין טביה, מיט פערדל און וואָגן.
מיט נאָך אַ יאָרהונדערט געוואָרן איז אַלט
די וועלט, וואָס ער האָט אויף זיין אַקסל געטראָגן.

**אַ גוט און זעטיק ליד איז אויך „איצע חודש", אַ פּאָעמע, וואָס דערמאָנט אין דער געשטאַלטן־שילדערונג פון אויערבאַכס בעסאַראַבער פאַרשוינען־גאַלעריע. ביי רייזמאַנען זיינען עס פוילישע יידן — באַלעגאָלעס:**

אַ קוואַקען פון זומפּן, געפלוידער פון בלעטער,
אַ זילבערנעם פאָדעם — עס לעשט זיך אַ שטערן.
אַ לעפישער וואָלקן פון ראַנד אַרויס קלעטערט.
עס סקריפּערט און רעדערט איינטאָניק דער וואָגן.
עס וועקן זיך הענער אין ווינטעלעך קילע,
גייט אויף אַ בעריאָזע אין גרוי, אָפּגעצוואָגן,
מיט טוי אין דער באָרד, ווי אַ צדיק נאָך טבילה.
דאָס בערגל, די ווינטמיל, דאָס הילצערנע בריקל,
פון פּאַשען די צייט איז — די פערד עס דערפילן.
אין דער הייך, אויף אַ סאָסנע, צעגליט זיך אַ צוויקל,
די פעלדער פון נעפּל זיך נעמען אָנטהילן.
אין דער זייט פונעם וועג, מיט דער בורקע צוקאָפּנס,
אין מויל זיינעם פינקלט מאַכאָרקע אַ „פּלעקל",
ביז וואָנען עס מישט זיך צוזאַמען זיין כראָפּען
מיט פאַרשקע פון מאָרדעס אין האָבער אַ זעקל.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט „ביבלישע און מיזרח־מאָטיוון", עכאָס פון דעם פּאָעטס נע־ונד אין רוסלאַנד, דורך די היטלער־יאָרן. דאָס שענסטע ליד איז „אברהם אבינו", אַ טורקמענישער אברהם, וואָס דערפרייט דעם יידישן וואַנדערער מיט אַ שלוק וואַסער. גוט־פאַרטראַכטע און דערהויבענע לידער זיינען „די טויב", „קין און הבל". ביידע זיינען אַלעגאָריעס פון אונדזער צייט און אין רייזמאַנס הענט האָבן זיי נישט אָנגעוואוירן זייער פּאָעטישע חשיבות.

די לידער וועגן דעם „דערלייזער" וואָלט איך מוחל געווען. די פאַר־יידישונג פון קריסטוסן, וואָס שלום אַש האָט אונדז אויך געשמאַקלאָז באַוויליקט אין די גרויליקע טעג און אים אַ געקרייציקטן געבראַכט אין געטאָ, איז שוין אַן אַלטע רעפאָרמיסטישע באַנאַליטעט. איך רעד דאָ נישט פון יעזוסעס יידישן, היסטאָרישן אָדער פסעוודאָ־היסטאָרישן אָפּשטאַם. יידן מעג זיין דערווידער צו שלעפּן יעזוסן אויף די לוויות פון יידישן אומגליק.

רייזמאַנס לידער וועגן קריסטוסן זיינען פאַרשפּעטיקטע מאָטיוון, וואָס זיינען אַ מאָל געווען אין דער מאָדע ביי טייל יידישע פּאָעטן. היינט איז שוין יעזוס געוואָרן אויס מאָדע, אַפילו ביי קריסטלעכע פּאָעטן.

אליהו רייזמאַנס בוך לידער „איך האָב זיך אויסגעטרוימט אַ זון" ווייזט אונדז, מיט אַלע טעכנישע חסרונות, וואָס דער פּאָעט האָט אויפגעטאָן אין אַ קורצער צייט און ווי ווייט ער איז אַוועק פון זיין אומבאַהאָלפענעם אָנהייב. מען דאַרף דערפאַר געדענקען דעם נאָמען — אליהו רייזמאַן, פון וועמען מען קען דערוואַרטן נייע איבערראַשונגען. זיין בוך לידער איז דורכויס ריין פון נאָכגעביקן פּאָליטישן פסולת, און דאָס איז אויך אַ גוטער סימן. כאַראַקטער וואָלגערט זיך נישט אויף דער גאַס. דעם אמתן פּאָעט קומט עס גאָר שטאַרק צו נוץ און עס העלפט אים דערגראָבן זיך צו זיינע שענסטע און בעסטע מעגלעכקייטן.

(טאָג־מ"זש, אויגוסט 11, 1963)

# טאַניע זיסמאַנס לידער

כ'האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי עטלעכע חברים, צי זיי האָבן ווען עס איז געהערט פון אַ דיכטערין — טאַניע זיסמאַן, אָבער קיינער האָט איר נאָמען נישט געהערט, אָפילו נישט יענע חברים, וואָס האָבן אַ צייט געוואוינט אין פּאַריז. אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז אין פּאַריז וואוינט אַזאַ יידישע דיכ־טערין און זי האָט נאָר וואָס אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט דעם שטילן און באַשיידענעם נאָמען „לידער". ס'איז תמיד אַ ניסיון צו לייענען אַ בוך לידער, וואָס ס'לויפט אים נישט פאָרויס די מינדסטע אינפאָרמאַציע און מען מוז זיך אָנשפּאַרן אויף דעם אינהאַלט, מיטשווימען מיט די שורות און זיך ראַטעווען אַליין, אָן שום הילף, וואָס זאָל אונטערזאָגן וואו ס'איז טיף און וואו ס'איז פּליטקע.

ביאָגראַפישע אינפאָרמאַציע אָדער בכלל עטלעכע ווערטער, וואָס זאָלן פאָרשטעלן אַ מחבר, מיט אַ שטיקל פּאַספּאָרט, פון וואַנען און ווען, פאַרהיטן אַ מאָל דעם מבינות־זאָגער פון אַ סך שטרויכלונגען. קריטיק איז דאָך נאָך אַלעמען בבחינת פּעדאַגאָגיק, מען דאַרף וויסן, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ יונגן טאַלאַנט, ווי צו רעדן צו אים, און מען דאַרף קומען מיט אַנדערע מאָסן און פאָדערונגען צו אַן עלטערן און געניטן שרייבער, ווען מען מעג אָנשרעקן און האָפן צום שר פון שרייבעריי, אַז ער וועט זיך נישט דערשרעקן און נישט פאַרלירן די אייגענע חשיבות. יינגערע טאַ־לאַנטן זיינען דאָך אַוודאי צאַרטע באַשעפענישן און ביי אונדז, אין אונדזער שטייענדיקער ליטעראַטור, מעגן זיי זיך דאָך אַוודאי איבערנעמען און פאָדערן דרך־ארץ פאַר דער יוגנט.

אָט איז אין זשורנאַל „צוקונפט" פון היינטיקן חודש דערשינען אַ נייער נאָמען — קלאַראַ פעלדמאַן. די דיכטערין האָט אויפגעבליצט פון ערגעצ־נישט מיט דריי זעלטן רייפע און טעמאַטיש־אינטערעסאַנטע לידער, פיין געפלאָכטענע פערזן, איידעלע גראַמען און, דער עיקר, אַן אָריגינעלער לירישער טאָן, וואָס ווערט ניט צעגאָסן פון רחמנות אויף זיך אַליין. וואו האָט זיך אַזאַ דיכטערין אויסגעבאַהאַלטן די גאַנצע צייט מיט אירע לידער, וואָס האָבן זיכער באַדאַרפט צושטיין צו איר און שאַפן אַ דראַנג צו קומען צו דער עפנטלעכקייט?

מיט אַזעלכע יידישע לידער און מיט אַזאַ געניטשאַפט צו געפינען דאָס ריכטיקע און בייגזאַמע וואָרט, קאָן מען לאַנג נישט פאַרבלייבן אין איזאָלאַציע. אַוודאי זיינען געווען פאַלן פון דיכטערישער שעמעוודיקייט

און אַפּזונדערונג פון מענטשן, אָבער נישט אין אונדזער צייט און נישט ביי אונדזערע באַדינגונגען. דער נייער „נאָמען" קלאַראַ פעלדמאַן האָט אין אַ בריוול צו דער רעדאַקציע דערציילט, אַז זי שרייבט יידישע לידער פון קינדהייט אָן, אַז זי איז געבוירן אין אַמעריקע, זי איז אַ מאַמע פון דריי קינדער און זי איז אין גאַנצן אַלט 29 יאָר. וואוינען וואוינט זי אין אַ קליין שטעטל, אַ 90 מייל פון ניו־יאָרק.

אַזוי שרייבט זי און ס׳בלייבט נאָך אַלץ אַ קשיה, וואו איז זי פאַרט געווען די גאַנצע צייט, אויב זי שרייבט טאַקע יידישע לידער פון קינדווייז אָן? ווער זיינען געווען אירע לערערס, וואָס האָבן איר געגעבן אַזאַ פיינעם צוטריט צו די סודות פון יידישן וואָרט? עפּעס האָב איך נאָך אַלץ אַ פאַרדאַכט, אַז די מיסטעריע מיט דער נייער דיכטערין איז נישט אויפגעקלערט. אַגב, דערמאָנט מיך דער נאָמען קלאַראַ פעלדמאַן אין — קלאַראַ בלום, אַ נאָמען, וואָס מיט אים האָב איך אַ מאָל אָפּגענאַרט ש. יאַנאָווסקין. קלאַראַ איז — קלאַראַ, און ווי ווייט איז בלום פון פעלד? יאַנאָווסקי האָט געדרוקט קלאַראַס לידער אין „די פרייע אַרבעטער שטימע", ביז ער איז געוואויר געוואָרן, אַז הינטער קלאַראַן באַהאַלט זיך אַ יונגער מאַנסביל, וועמעס „פרעמדלעכע" לידער ער האָט אויסגעבראַקירט.

אָבער ווי ס׳זאָל נישט זיין, איז אַ מאָל גאָר אָן אַרויספאָדער צו האָבן פאַר זיך אַ פּאָעטישע רעטעניש. אָן שום לעגיטימאַציעס, רעקאָמענדאַציעס און פּאַפּירן קומט אַ נייער נאָמען און שטעלט זיך פאַר מיט נייער סחורה. טאַניע זיסמאַן, בין איך זיך משער, איז אפשר נישט קיין גאַנץ נייער נאָמען אין פּאַריז. זי איז אָבער „פונק־ניי" פאַר מיר. איך ווייס וועגן איר לחלוטין נישט. איך שטויס זיך אָן, אַז זי איז מיסתמא געווען פאַרבונדן מיט די לינקע עלעמענטן. אויב כ׳האָב יאָ אַ מאָל באַגעגנט איר נאָמען, אָדער אַפילו אירס אַ ליד, האָב איך עס פאַרגעסן, ווייל ס׳האָט אויף מיר נישט געמאַכט קיין איינדרוק. אָבער אַט איז אָנגעקומען אירס אַ גאַנץ בוך לידער און איך שטעל איין און זאָג, אַז זי קאָן די מלאכה פון שרייבן לידער. אָבער מיט איר מלאכה איז ווי אַ מאָל — אַ מאָל געראָט עס, אַ מאָל נישט, אַ מאָל מאַכט זי אַ גוט שטיקל אַרבעט, אַ מאָל פאַרפאַרטאַטשעוועט זי אָפּ אָדער זי פאַלט אַריין אין בדחנות, אָבער אין אירע איינגעגעבענע לידער פאַרמאָגט זי אַ פערזענלעכן טאָן און אַפילו אַ פאַרנעם, וואָס גייט אַריבער דעם שמאָלן קאָקעטישן טאָן פון די דורכשניט פרויען־לידער אין אונדזער פּאָעזיע. כ׳האָב גערעדט פון מלאכה, וואָס איז ביי פּאָעטן נישט מיט דער האַנט אָוועקצומאַכן, אָבער טאַניע זיסמאַן קונציקט

אירע לידער מיט אַלע פליטערלעך און זי פאַרקונציקט אָפּט זיך אַליין, זי טיפּט נישט אַרויס פון זיך דאָס ריכטיקע וואָרט, נאָר דאָס דערבייאיקע אָדער גאָר דאָס אויבנאויפיקע. זי קאָן גוט שדכנען גראַמען און זי האָט אַפילו נישט קיין מורא פאַר כמו־גראַמען, די אַסאָנאַנסן, וואָס רייצן זיך מיטן לייענער און גיבן אים בלויז אַן אָנווייז, אַ רמז אויף אַ גראַם.

כמעט אין יעדער ליד דעררעדט זיך טאַניע זיסמאַן צו אַ גוטער שורה. אירע לידער זיינען בכלל גוטער לייען־מאַטעריאַל, דער עיקר ווען זי טיילט זיך נאַטירלעך מיט אירע איינדרוקן, סיי ווען זי באַזינגט די נאַטור, סיי ווען זי באַזינגט קונסט, אָדער אַפילו ווען זי מאַכט אַ קראַנץ־שורות פון מנחם־מענדלס געשטאַלט. אָבער איר אויסערגעוויינלעכע קענטשאַפט און בריה־שאַפט קומען אַ מאָל געמישט מיט פסולת פון אַן אויפגעכאַפּטער אינטעלי־געַנטישקייט, וואָס שטעלט איר אונטער אַ פּיסל. אין געיעג נאָך אַ גראַם אָדער אַ בילד ווערט זי פּרימיטיוו און פאַרלירט אונטערוועגנס איר גאַנצע אָריגינאַליטעט, וואָס מאַכט אירע בעסערע שורות פאַר זאָגעוודיק אינטע־רעסאַנט, אַפילו ווען דאָס ליד אַליין האַלט נישט אויס דעם אָנשטרענג און צוזאַמענהאַלט פון די שורות.

טאַניע זיסמאַן איז מוזיקאַליש, אָבער אין אָנשטרענג צו שאַפן מוזיק ווערט איר געזאַנג מייסטנס רוי און פּרימיטיוו. כ׳וויל פעסטשטעלן, און איך זאָג די אַלע האַרבע רייד, ווייל איך האַלט, אַז מען מעג קודם אויפ־נעמען טאַניע זיסמאַן ווי אַ צוגעקומענעם כוח און דערפאַר מעג מען מיט איר נאָך דער באַגריסונג רעדן שטרענג און מאַנעריש.

אָט זיינען שורות פון אירע פּייאַזשן, מאָלנדיק די אַלפּן־בערג:

פאַרשלאָפענע זיך דאָרט וויגן
זיך אין טרוימען גרינע נאָדל־צווייגן,
דאָרט וועלדער טויזנטיאָריקע פאַרצויבערט שווייגן,
דאָרט אָדלערס קומען אויף באַזוך,
דער וואָלקן וואָרפט אויף זיי אַ לייכטן כלה־טוך
און ס׳וואָרט דער וואַלד פאַרשוואונדן.
די קייקלדיקע רונדן
פאַרוויקלען זיך אין שווערע קנוילן,
זיי קלעפן זיך צום באַרג צום הוילן
און רינגלען זיך און קריכן צווישן שפּאַלטן,
ווי שלאַנגען פייגל, חיהשע געשטאַלטן.

דערנאָך צעוויקלען זיך און גליטשן זיך אַראָפּ
אויף גלעטשער אייז פון גרוב צו גרוב
און ביז צום אָפּגרונט טיפן,
באַלד הייבן אָן דאָרט טראָפּנדלעך צו טריפן.

**דאָ איז אַלץ אין אָרדענונג: גוט לשון, גוטע בילדלעכקייט, גוטע גראַמען און ס'פעלט בלויז אַ קאָמאַ אָדער אַ פּונקט פאַר אַטעם־פאַרכאַפּ, וואָס איך האָב צוגעשטעלט. אָבער אין גאַנצן בוך איז כּמעט נישטאָ קיין פּונקט אָדער קאָמאַ אויף אַ רפואה. מיט אַ מאָל קאָן טאַניע זיסמאַן פּלוצעם ווערן אָפּגעלאָזן און אַריינפאַלן אין אַ נעץ פון פלאַכע און אָפּגעטראָגענע רייד —**

עס דוכט זיך מיר אַ מאָל
איך לעב צו לאַנג
דאָס לעבן אָבער צו פאַרלאָזן
טוט מיר באַנג.

**טאַניע זיסמאַן קאָן שניצן פּאָרטרעטן און אירע פרויען־געמעלן זיינען איידל אויפגעפּאַסט. מיר געפעלט איר קינדישער פּאָרטרעט פון אַ יאַפּאַ־נערין:**

זי איז טונקל־געל
ווי אַ געלעכל,
ס'איז איר פּנים
ווי אַ שעלעכל.
עס בליט איר מיילעכל
ווי אַ רעזעלע.
ס'קוקט אַרויף צעפּלעטשט
ס'קליינע נעזעלע
צו די שפּעלטעלעך —
אירע אייגעלעך.
זי האָט הענטעלעך
ווי צוויי פייגעלעך.
ס'קלינגט איר קולעכל
ווי אַ גלעקעלע.
זי איז דין און לייכט
ווי אַ טעקעלע.

ס׳קוקט אַרויס פון קלייד
קוים איר פיסעלע;
אין די הויכע האָר
שטעקט אַ שפּיזעלע.

די לידער וועגן חיים סוטין, דעם מאָלער פון שרייענדיקן צער־בעלי־חיים, זיינען פיינע בליציקע קאָמענטאַרן —

די קאַטשקע
מיטן קאָפּ אַראָפּ,
די פיס געבונדן,
ווייזט די קאַטשקע
אירע וואונדן.
איר לייב איז הויל,
איר אָפן מויל
שרייט,
ליידט,
מיט אירע ווייסע פליגל
ווי מיט אַ שטורעם־זיגל
די פאַרשטעלט
די גאַנצע וועלט.

פאַראַן אין איר בוך אויך לידער וועגן מוזיק און אומעטום איז קאַנטיק איר לשונדיקייט, איר אינטעליגענטישע באַרעדעוודיקייט, וואָס אונטערשיידט נישט צווישן באַנאַליטעטן און גוטן שמועס.

אויף ווי ווייט מעג מען געטרויען דער דיכטעריןֹ, אַז זי זאָל גיין איר וועג אומגעפירט? אָט זיינען אַכט שורות, וואָס מאַכן אַן איינדרוק פון אַ פאַרגאַנצט געפיל:

דאָס פענצטער אָפן — איז אַ שפּאַן אין הימל.
די שטילע נאַכט אין קילקייט זיך פאַרוויגט.
דער מילכוועג איז אַ ברויט באַשיט מיט קימל,
וואָס אויף אַ בלויען אויסגענייטן טישטעך ליגט.
אין מיר באַגעגענען זיך אַלע וועלטן,
און פונעם מילכוועג גייט צו מיר דער סוד.
ווער בין איך דאָ ביים הימל דעם פאַרשטעלטן?
איך פרוואו אַריבערגיין דעם גרענעץ פון פאַרבאָט.

**און מיט אַ מאָל פּאַלט דאָס אויג אויף אַ בדחניש ליד וועגן יורי גאַגאַרין, אַנגעפּלוידערטע עברי וועגן פּלאַנעטן, באַלעטן, סאַטורן, שפּורן און קאָסמאָסרוים. דאָס ליד ענדיקט זיך מיט צוויי שורות, וואָס וואַרפֿן אַ חשד אויף אַלע גוטע שורות אין איר בוך —**

נאָר עס לאַכט און לאַכט מערקורי
איי, איז דאָס אַ יורי!

**אַ גוטער גראַם, יורי־מערקורי. יורי איז טאַקע גאַגאַרינס ערשטער נאָמען און ער איז טאַקע, ווי מיר ווייסן, געפֿלויגן אַרום אונדזער ערד, אָבער דאָס ליד איז נישט מער ווי פּוסטע גראַמערייַ.**

**טאַניע זיסמאַן קאָן אָנהייבן אַ ליד מיט אַ פֿאַרנעמיקן צוזאָג —**

געטאָטעמט האָט די נאַכט אין פּלאַמיקן אַקאָרד,
צעעפֿנט ברייט די בלויע אויגן־בליצן.
איך האָב געהערט ווי ס׳הילכט דאָס וואַרגנדיקע וואָרט,
ווי שטיינער שיטן זיך פֿון ברענענדיקע שפּיצן.

**אָבער דאָס זעלביקע ליד ענדיקט זיך מיט אַזאַ באַנאַליזירטן עקסטאַז —**

אָ, קום צו דעם פּלאַנעט,
קום געטלעך־גרויסע ליבע.

**טאַניע זיסמאַנס בעסטע לידער געפֿינט מען אין דער אָפּטיילונג „פֿייזאַזשן״. אין דער שילדערישער סעריע זיינען אָפּילו פֿאַראַן גאַנצע לידער, נישט נאָר דורכגעבליצטע שורות. כ׳וועל דערפֿאַר פֿאַרענדיקן מיט אַזאַ מוסטערליד, וואָס די דיכטערין רופֿט „טראַקאַדעראָ״ —**

אַרום נאָר הויכע פֿענצטער פֿון פּאַלאַצן,
נאָר ביימער, סעדער, פּאַרקן,
נאָר יום־טובדיקע לאָמפּן לייכט געהילטע
אין ווינטערדיקער נעפּל־צירונג.
עס איז פֿאַרשוואונדן ערגעץ אין די וואָלקנס
דער קאָפּ פֿון אייפֿעל־טורעם,
און נאָר זיין דימענטענער גאַרטל פֿינקלט.
אַרום נאָר שלאַנקע פֿאָרמען, ברייטע טרעפּן
און צאַרטע לויכטנדיקע קרעלן,

זיך שיקן שײַנענדיקע בליקן
פֿון סענער בריקן די לאַמטערנעס.

— — — — — — — — — — — — —

די שוועבנדיקע פּראַכט איז מײַנע,
נאָר איך שלעפּ מײַן אינדערוואַכן
אַרויף די לענג פֿון פּאַרק־אַלייען
און כּ׳פּיל ווי קרענקלעך,
ווי נודנע שטעכן זיך אַרײַן
די אַלע שטײַנדעלעך אין מײַנע מידע טריט.

**דאָס איז אַ פֿול ליד, וואָס ווערט נישט געשטערט פֿון נישט־באַפּעס־טיקטער „טרעף־און־פּעל״ אינטעליגענץ. ס׳איז אַ דורכגעלעבט ליד און דער קאָנטראַסט צווישן דער שוועבנדיקער פּראַכט און דעם געשלעפּטן אינ־דערוואַכן גיט אַ טיפֿן שניט. אַזעלכע טיפּע שניטן לויערן שורותווײַז אין טאַניע זיסמאַנס בוך לידער. עס זײַנען אָבער אויך דאָ שנײַדנדיקע קאָנטראַסטן, וואָס גיבן אַן אַנדערן שטײַגער שניט. מען וואונדערט זיך אויף דעם געמיש פֿון געשמאַק און געשמאַקלאָזיקייט און מען מוז אָננעמען, אַז עפּעס איז אין די לידער ניט אויסגעשטאַנען, ניט קולטיווירט געוואָרן. דאָס גוטע מיט דעם שלעכטן זײַנען געקומען פֿון דער לופֿט; אַז די אויגן האָבן זיך אַליין אויסגעבילדט, אָן דער הילף פֿון אַ געדאַנקלעכער דיסציפּלין, אָבער דאָס ליד „טראָקאַדעראָ״ איז אַזוי דורכגענומען מיט פּאַרטיפֿטער שײַנקייט, אַז ס׳גיט אַ רעכט צו דערלאַנגען דער דיכטערין טאַניע זיסמאַן אַ פֿולע פּאַרציע מוסר אויף אַ גרויסן טעלער.**

(טאָג־מ״זש, אָקטאָבער 29, 1961)

# מ. אָליצקי

דער פּאָעט מ. אָליצקי פֿאַרמאָגט אַ סך מעלות און דווקא דערפֿאַר ווייל ער שרייבט אַזוי־גערופֿענע גרינגע לידער, וואָס קאָנען נאָך אַריינפֿאַלן אין גדר פֿון לייכטן פּערז. ער שרייבט אַן פּאָעטישן אַריבערשוים און ער איז שפּאָרעוודיק מיט צוגעטראַכטע בילדער און פֿאַרגלייכן. פּאָעטישע בילדער מוזן אויך אַרויסוואַקסן פֿון אינהאַלט פֿון ליד און אַריינוואַקסן אין געביי פֿון ליד. אַ סך פּאָעטן מאַטערן זיך צו געפֿינען דעם ווי־פֿאַרגלייך אומעטום, צי ס'איז נייטיק אָדער נישט. דער רעזולטאַט איז, אַז די בילדער פּלאָנטערן זיך אונטער די פֿיס פֿון די שורות. אָפֿט מאָל פֿאַרכלינעט זיך דער פּאָעט אַזוי שטאַרק מיט די „ווי־אַזויען", אַז ער „וואַליעט" זיי אַן איינע אויף די אַנדערע, און אַנשטאָט עס זאָל ווערן ליכטיק און קלאָר, ווערן די שורות פֿאַרהויכט פֿון צו פֿיל בילדלעכקייט, וואָס ווישן זיך אויטאָמאַטיש אָפּ; מען רופֿט עס „געמישטע אימאַזשן". אָבער אַפֿילו ווען די פֿאַרגלייכן לייקענען נישט אָפּ איינע די אַנדערע, ווערט אָבער דערפֿון אַזאַ בילדער־געדרענג, אַז מען זעט נישט אַרויס דאָס ליד. גאָר אַ סך פּאָעטן זינדיקן אונטער מיט צו פֿיל פֿאַרגלייכן, ווי זיי וואָלטן געמוזט האָבן גאַראַנטיעס פֿאַר אַלץ וואָס זיי זאָגן, אָדער ווי זיי וואָלטן איבערגעזעצט אַן ערלעכן זאַג אויף אַן אויסגעטראַכט בילד.

מ. אָליצקי פּראָוועט בילדער־עקאָנאָמיע און דערפֿאַר זיינען זיינע לידער קלאָר און דורכזיכטיק. זיינע שורות זיינען גישט שווער אויף דער וואָג און דער פּאָעט דערהייבט זיי געוויינטלעך מיט אַ חנעוודיק־אויסגעדריקטן געדאַנק, וואָס איז אין צימצום אויך פּאָעזיע. דער עיקר ווען עס פֿאַרמאָגט שאַרם, מוזיק און עסענץ פֿון הומאָר, אין דעם איידלסטן זין פֿון וואָרט.

איך בין זיכער, אַז ווען אָליצקי וועט אַרויסגעבן אַ בוך לידער, וועלן די אַלע מעלות זיינע צו קאָנען דורכוואָרעמען פּשטותדיקע שורות מיט אַ פּאָעטישן פֿלאַטער דערשיינען נאָך בולטער. אַ גוטער ביישפּיל פֿאַר זיינע נישט־אַריבערגעפּוצטע פּערזן איז זיין ליד „נאָך יונג", וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין „קעמפֿער" און איז איינגעשלאָסן אין דער היי־יאָריקער „אָפּקלייב"־זאַמלונג פֿון לידער פֿאַר 1962.

עפּעס פֿעלט ביי מיר אין הויז,
עפּעס איז אין הויז ניטאָ.
פֿעלט אַ זיידע אפשר אויס?

פעלט אַ באָבע אַלט און גראָ?
שטויסן ביכער, שווער און גראָב,
אַ מנורה, לייכטער צוויי.
שיינט אַ לויטערע ניט אָפּ
די באַגערטע פרייד פון זיי.
פרייד פון גאָלדיקן פאַרקלער
אויף אַ שטערן ברוין, באַחנט.
פרייד פון זילבער און אַ טרער,
וואָס אַ מאַמע דאַנקבאַר וויינט.
אויכעט בילדער, פאַרביק, גרויס,
פון מיין טעכטערל געקלעפּט —
עפּעס איז נאָך יונג אין הויז,
עפּעס נאָך ניט דורכגעלעבט.

די לעצטע צוויי שורות גיבן אַ הייב אויף דאָס פּשוטע ליד, ווי אויף פליגל, ווייל זיי זיינען אַן אָריגינעלער קאָמענטאַר אויף אַ הויז אַן גע־קייטלטער אַלטשאָפּט. אויב איר ווילט, איז עס אַפילו אַ סאָציאַל ליד און מען קאָן דרינגען דערפון אַ באַטראַכט איבער אונדזער יידיש־אַמעריקאַנער לעבן, אַ לעבן אַן פאַרבונדענער און צוגעבונדענער זיידע־באָבעשאַפט.

ס'איז קלאָר, אַז אַ פּאָעט מיט די דאָזיקע מעלות דאַרף אויך קאָנען שרייבן קינדערלידער. מ. אַליצקי איז אַ יידישער לערער, און היות מיר זיינען זייער אָרעם אין קינדער־ליטעראַטור, איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ גוטער און אַחריותדיקער לערער, וואָס קאָן נאָך דערצו האַלטן אַ פען אין האַנט, אָדער שפּילן אויף אַ שרייבמאַשין, זאָל וועלן שאַפן זיין אייגענעם מאַטעריאַל, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט פון זיין קלאַס. ער קען די קינדער, ער ווייסט וואָס זיי פאָדערן און וואָס מען דאַרף זיי געבן. מ. אַליצקי האָט דערפאַר זייער אָפט פאַרעפנטלעכט קינדערלידער אין פאַר־שיידענע צייטשריפטן און זיי האָבן אויסגענומען ביי לערערס. איצטער האָט דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג זיי אַרויסגעגעבן אין אַ בוך. די געזאַמלטע קינדערלידער הייסן „פריילעכע טעג".

...איך בין שוין לאַנג אַוועק פון די יידישע שולעס און איך בין נישט באַקאַנט מיט דעם שטייגער קינד, וואָס ווערט איצט געשיקט אין דער יידישער שול. איך האָב אויך אַ קנאַפּן באַגריף פון די עלטערן, וואָס שיקן זייערע קינדער לערנען יידיש. דערפאַר בין איך נישט קאָמפּעטענט צו מישפּטן אַזאַ בוך ווי אַ צוגעפּאַסט נוצבוך פאַר לערערס. איך האָב עס

אָבער געלייענט ווי יידישע לידער פאַר קינדער און געוואָלט הנאה האָבן פון זיי ווי פון קינדערלידער. ביי דער גאַנצער אָרעמקייט אונדזערער אין קינדער־ליטעראַטור און קינדער־טעקסטביכער, איז פונדעסטוועגן פאַראַן אַ צאָל שרייבערס, וואָס טויגן זיך אויס אויף דעם געביט. איך וויל דאָ נישט דערמאָנען קיין נעמען, כדי נישט צו ריזיקירן מיט פאַרגעסן נעמען — און דאָס איז ביי אונדז תמיד אַ שווערע טראַגעדיע, ערגער ווי ביי די אומות העולם. פאַרגעסן, חלילה, אַ נאָמען, ווען מען רעכנט אויס נעמען, רופט אַרויס אַן ערד־ציטערניש און אַלטע ליטעראַרישע פריינדשאַפטן ווערן בטל צוליב אַזאַ אומגליק ר״ל. איז וועל איך בלויז זאָגן, אַז מיר האָבן יאָ אַ קליינע צאָל זייער טאַלענטירטע שרייבערס פאַר קינדער און אַפילו אַזעלכע, וואָס קאָנען שרייבן שפּילעוודיקע לידער, וואָס זאָל דעם קינד, וואָס לערנט יידיש, צוציען צום יידישן וואָרט.

אויך אינהאַלטלעך טרעפט מען צו דעם קינדס געמיט און געשמאַק און צו זיינע פאַרשטאַנד־מעגלעכקייטן. אַ יונג קינד נייטיקט זיך נאָך שטאַרקער פון עלטערע קינדער אין אידעאַליזירטע מאַטעריאַלן, אין דעם וואָס מען רופט נאָבעלע געפילן. מיר האָבן צו טאָן מיט איינפלאַנצן מידות, צוזאַמען מיט די ערשטע לייענטריט. דאָס איז אַלץ גערעדט אין אַלגעמיין און נישט אָנגעווענדט ספּעציעל אויף דעם יידישן קינד פון אונדזער צייט, אין דער יידישער שול פון אונדזער צייט. מ. אַליצקי, אַ גוטער יידישער לערער, דאַרף עס וויסן בעסער פון מיר. רעד איך דערפאַר בלויז וועגן די „פריילעכע טעג״ פון מ. אַליצקי, ווי פון אַ בוך געזאַמלטע קינדער־לידער און איך רעגיסטריר מיינע איינדרוקן.

איך האָב אין דעם בוך געפונען לידער, וואָס פאַרמאָגן מ. אַליצקיס מעלות פון אַ גוטן פערזן־אויפטוער און אין טייל אַפילו האָב איך אָפּגע־זוכט די באַוועגלעכקייט זיינע, וואָס איז אַזוי קאַנטיק אין זיינע „דערוואַק־סענע״ לידער. אָבער די מייסטע לידער האָבן צו מיר נישט גערעדט. איך האָב זיך, למשל, גלייך געוונמען, מיט גרויס אינטערעס און אַ סך דער־וואַרטונג צו דער ערשטער אָפּטיילונג — „טעג פון יום־טוב״. יידישע ימים־טובים זיינען ביי אונדז לעצטנס שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן. אַמאָליקע שרייבערס האָבן עס געהאַלטן פאַר זייער חוב צו שרייבן יום־טוב־דערציי־לונגען און יום־טוב־לידער. שלום־עליכם וואָלט געוועזן אַ העלפט פון זיך, ווען ער וואָלט נישט געשריבן זיינע יום־טוב־מעשיות. אברהם רייזען וואָלט אַ סך אָנגעוואוירן, ווען ער וואָלט אונדז נישט געגעבן זיינע יום־טוב־לידער; אַזוי אויך פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, ליעסין.

בכן האָב איך געלייענט די יום־טוב־לידער און בין שטאַרק אַנטוישט געוואָרן. איך האָב דערוואַרט צו ווערן אַ ביסל אָנגעוואַרעמט. אָבער זיי זיינען קאַלטע לידער, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין דערהויבונג, לאָמיר זאָגן קיין יום־טובדיקייט. פאַראַן, למשל, אַ זעקס־זיבן לידער וועגן חנוכה, אָבער ס'איז אַ לאַטקע־ און דריידל־חנוכה, אָן יידישער גבורה און אָן יידישער געשיכטע. מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו קלענערע קינדער וואָלטן אויך הנאה געהאַט פון אַ חנוכה, וואָס איז פאַרבונדן מיט יידישער העלדישקייט און באַפרייאונג פון דעספּאָטיע.

אָט איז אַ ליד, וואָס הייסט „אַנטיוכוס און דאָס יינגל" און איך האָב באמת דערוואַרט אַ ביסל געשפּאַנטע העלדישקייט, אָבער דאָס ליד איז טרוקן ווי באָקסער —

דער קיניג האָט אַ קרוין אויף זיך,
אַ מאַנטל רייך גענייט.
דאָס יינגל טראָגט צווי אַלטע שיך
און אַ צעריסן קלייד.
דער קיניג זיצט אין שטאָלצער ראָד
פון גענעראַלן סאַמע.
דאָס יינגל לעבן זיך בלויז האָט
זיין קליינע גוטע מאַמע.
דער קיניג שרייט און וואַרפט מיט כעס
אַראָפּ אויף דר'ערד דאָס רינגל.
דער קאָפּ פאַרהויבן, קליין און בלאַס,
אַ שטילער שטייט דאָס יינגל.

אויב דער לערער האָט נישט דערציילט קיין יום־טובדיקע מעשיות, גיט אַזאַ ליד גאָרניט צו. אויב ער האָט יאָ דערציילט, איז אַזאַ ליד איבעריק און גיט אַוודאי גאָרניט צו. בכלל רעדוצירט עס אַ שיינע מעשה צו אַ קלייניקייט.

פאַראַן אויך עטלעכע „שטומע" לידער וועגן מדינת ישראל, וואָס דערוואַרעמען אויך זייער קנאַפּ, אַפילו ווען דאָס קינד לייענט, אַז „דאָרט אין לאַנד", אַזוי הייסט דאָס ליד, „איז ניט אַזוי, עס איז דער הימל גרויס און בלוי", בעת ביי אונדז דאָ „פאַלט אַ שניי, עס בלאָזט אַ ווינט, ווינטער איז ביי אונדז אַצינד". אַזעלכע וואונדיירים געשעען אויך אין פלאָרידע.

און אַזוי קאַלט זיינען אויך די פּורים־לידער, די פּסח־לידער. זיי זיינען

נישט פאַרבונדן מיט יידישער געשיכטע, מיט יידישער פרייד און יידישער דערלייזונג. דאַקעגן איז פאַראַן אַ שבת־ליד, וואָס מוז די קינדער אויסזען זייער מאָדנע, פאַרגלייכנדיק עס מיטן שבת אין שטוב. דאָס ליד ענדיקט זיך —

עס איז שטילער ווייסער שבת,
עס איז שטילע ווייסע רו.

אויב מ. אַליצקי האָט פאַר אַמעריקאַנער זונטיק־קינדער געקאָנט שרייבן אַ שבת־ליד, האָט ער דאָך געמעגט שרייבן פייערלעכע לידער פון יידישע ימים־טובים. אינטערעסאַנט, אַז אין די קינדערלידער האָט מ. אַליצקי געזינדיקט מיט צו פיל פשוטקייט און ער האָט מורא געהאַט זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואַרעם יידיש וואָרט. אַגב־אורחא, אין גאַנצן בוך האָב איך דאַכט זיך בלויז איין מאָל געזען דאָס וואָרט — „גאָט". גאָט האָט זיך אָפּגעזוכט אין די לידער פון חומש. חוה שרייט פלוצעם אויס —

גאָט, גאָט, ליבער גאָט,
פאַר וואָס האָסטו פאַרבאָטן
צו עסן פונעם בוים די פרוכט,
וואָס איז אַזוי געראָטן?

אַ קינד, וואָס כאַפּט אַ מאָל אַ קוק אין אַ תנ"כל, זעט, אַז עס האָט זיך נישט געהאַנדלט בלויז אין פאַרבאָטן אַ „געראָטענע פרוכט".

בענק איך נישט נאָך אַן איבערחזרונג פון וואָרט „גאָט", אָבער מיר דאַכט זיך, אַז גאָט האָט געמעגט קריגן אַ ביסל מער „פּובליסיטי" אין די היסטאָרישע און יום־טובדיקע לידער.

צווישן די „לידער פון חומש" געפינט מען יאָ עטלעכע גוטע קינדער־לידער", ווי „יוסף דערציילט זיין ערשטן חלום".

צווישן זיינע עלף ברידער
שטייט ער שלאַנק און שיין אין מיט:
גאַרבן האָבן מיר געבונדן
אין אַ הייסן טאָג פון שניט.
פלוצעם האָבן עלף גאַרבן,
הויך און ברויז, גענומען גיין.
נאָר דער קלענסטער, ווי אַ קיניג,
איז געשטאַנען שטיל און שיין.

און די עלף, פונקט ווי דינערס,
האָבן זיך פאַר אים געבויגן.
יוסף זעט: פון אַלע ווינקלען
קוקן אויף אים בייזע אויגן.

מ׳געפינט אין בוך „פריילעכע טעג״ אויך עטלעכע גוטע קינדערלידער אין די אָפּטיילונגען פון וואָכלידער און שטאָטלידער. אָבער דאָס גאַנצע בוך איז פאַר מיר געווען אַן אַנטוישונג. איך האָב אין די „פריילעכע טעג״ דערוואַרט צו געפינען מ. אַליצקיס מעלות, איבערגעזעצט אויף קינדער־מאַטעריאַל; דערביי האָב איך זיך געריכט, אַז זיין פשטות וועט פאַרמאָגן די אינעווייניקסטע פייערלעכקייט פון זיינע לידער פאַר גרויסע. כ׳וואָלט געזאָגט, אַז די קינדערלידער ליידן פון צו פיל רעזערוואַציעס. הכלל, די „פריילעכע טעג״ האָבן מיך נישט פריילעכער געמאַכט. עס פעלט אין זיי מ. אַליצקיס אָריגינעלע געשיקטקייט. זיי זיינען אַ ביסל צו גרוי און אַלטעגלעך אַפילו אין זייער יום־טובדיקייט.

ווידער אַ מאָל, איך מוז נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכן: עס איז מעגלעך, אַז די לידער פּאַסן זיך אויסגעצייכנט פאַר געוויסע יידישע שולעס, אָבער אויף דעם בין איך קיין מבין נישט.

(טאָג־מ״זש, אַפּריל 14, 1963)

# קלמן הייזלער און זיינע לידער

קלמן הייזלער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, אין עלטער פון 66 יאָר. אין זיין גאַליציאַנער שטעטל קומאַרנע האָט ער פאַרבראַכט פופצן יאָר, אָבער ס׳האָט אים געקלעקט לעבן אויף דערמאָנענדיקער התפעלות אַ גאַנץ לעבן.

דאָס שטעטל איז געוואָרן אַ שם־דבר ניט נאָר אויף יידיש, נאָר אַפילו אין ענגליש איז עס פּאַקטיש אַריין אין דער שפּראַך. דערוויל פאַרטייטשט מען עס נאָך, ווען מען נוצט עס, אָבער ס׳איז שוין באַלד באַזעצט מיט אַלע רעכט פון אַ צוגעקומען וואָרט אין ענגלישן ווערטערבוך. יידיש־ענגלישע שרייבערס צעלייגן דאָס שטעטל אויף טעלערלעך. ענגלישע שלום־עליכם קריטיקערס רירן זיך נישט אָן דעם שטעטל. ענגליש־יידישע ראַציאָלאָגן לאָזן נישט אַרויס דאָס שטעטל פון זייערע שריפטן. הכלל, דאָס שטעטל, דאָס אָרעם געוואָרענע יידישע שטעטל, ווערט באַרעדט און אַרומגערעדט פון אַלע זייטן. אָבער מען האָט נאָך ביז איצטער רעכט נישט אויסגעפּאָרשט פאַר וואָס און ווי אַזוי דאָס שטעטל, וואו מייסטע אויסגעוואַנדערטע יידישע שרייבערס האָבן פאַרבראַכט זייער קינדהייט און אפשר עטלעכע געציילטע יוגנט־יאָרן, איז מיטגעגאַנגען מיט זיי אַ לעבן לאַנג. נאָסטאַלגיע אַליין איז אַ קנאַפּער תירוץ, ס׳רעדט זיך וועגן דעם באַהערשונג־כוח, ווען דער גייסטיקער יניקה, וואָס אונדזערע יידישע פּאָעטן און פּראָזאַאיקערס האָבן געשעפּט פון זייערע יונגע שטעטל־יאָרן, אַפילו ווען זיי האָבן געקעמפט קעגן שטעטל אין זיך.

קלמן הייזלער איז צו פופצן יאָר אַוועק פון זיין גאַליציש שטעטל קומאַרנע קיין פּראַג. דאָרט, אין דער גרויסער בעמישער שטאָט, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער. אין 1921 איז ער געקומען קיין אַמעריקע און דאָ גלייך אַריין אין אַ שניידערשאַפּ. דער טומל אין אַ שאַפּ פון דאַמען־מאַנטלען איז דעמאָלט זיכער געווען גענוג שטאַרק, אַז ס׳זאָל אַרויסטרייבן אַלע שטעטלשע געדאַנקען און דערמאָנונגען, אָבער קלמן הייזלער האָט מיט זיינע ערשטע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין ניו־יאָרק, געהאַלטן אין איין צוריקרופן זיין שטעטל, זיין משפחה און זיינע שטעטלשע געשטאַלטן.

הייזלער האָט געשטאַמט פון אַ שניידערשער משפחה און ווען ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר, האָט מען אים גלייך אָפּגעגעבן צו אַ דאַמסקען שניידער און אים געלערנט די משפחה־מלאכה. הייזלער האָט תמיד גערעדט

וועגן שניידעריי מיט אַ סך ליבשאַפט. ס׳איז ביי אים געווען אַ טייל פון דער סביבה אין זיין היים; עס איז געווען טראַדיציע און ירושה.

...ביי קלמן הייזלערן איז שניידעריי געווען פאַרבונדן מיט היים־טראַדיציע און ער האָט ליב געהאַט די מלאכה און די מענטשן, וואָס האָבן געשניידערט פאַר דער וועלט. ער איז אויך פרי געוואויר געוואָרן, אַז מאָריס ראָזענפעלד איז געווען אַ שניידער. האָט ער שוין אויך צוגעקראָגן אַ גייסטיקן שניידער־פאָטער. אין פראַג האָט ער געלייענט אי היינען, אי מאָריס ראָזענפעלדן, אין אַ דייטשער איבערזעצונג. אָבער מאָריס ראָזענפעלד איז גליך געוואָרן זיין וועגווייזער צו דער יידישער פּאָעזיע.

כאָטש הייזלער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשט ליד אין 1920, אין דער לעמבערגער „אונזער שטימע״, און אַ יאָר שפּעטער איז ער געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער אין אַמעריקע אַ לאַנגע צייט נישט פאַרעפנטלעכט קיין לידער. געשריבן פאַר זיך האָט ער יאָ און געקליבן און געקליבן זיינע לידער, ביז ס׳האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט מאַטעריאַל פאַר אַ גאַנץ בוך. דעמאָלט איז ער מיט זיין לידערהעפט דערשינען ביי מיר אין הויז און עס מיר געבראַכט אויף מבינות.

איז דאָס אפשר די סיבה, וואָס איך שרייב איצטער וועגן דעם פּאָעט קלמן הייזלער, וואָס האָט מיט מיר „כורת ברית געווען״, ווי ער האָט מיר אַריינגעשריבן אין דעם ערשטן „וואַרעמען״ עקזעמפּלאַר, וואָס ער האָט געבראַכט פון איינבינדער. פון דעם דאָזיקן כורת־ברית זיין איז שפּעטער ביי הייזלערן אויסגעוואַקסן קעגן מיר אַ פאַרביטערונג, אַ נאַטירלעכע פאַר־ביטערונג, פאַר וואָס כ׳האָב נישט באַגלייט זיינע שפּעטערדיקע ביכער מיט דער זעלביקער פריינדשאַפט, וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן, ווען ער האָט מיר געבראַכט זיין ערשטן מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען פאַרטיק צום דרוק און וואָס ער האָט אויף מיין עצה אָוועקגעוואָרפן, אַחוץ איין ליד וועגן זיין זיידן, אַט דער זיידע איז געוואָרן דער אָנהייב פון זיין בוך „מענטשן״, וואָס איז פאַקטיש אויפגעבויט געוואָרן אונטער מיין השגחה, ליד נאָך ליד, ביז ס׳איז געוואָרן אַ בוך לידער פון עטלעכע און פערציק זייטן. קלמן הייזלער איז צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל שרייבן די הקדמה צו זיין בוך און איך האָב אים, אָן חשק, געפאָלגט, און אים אויסגעשטעלט אַ וועקסל אויף זיין ווייטערדיקן גאַנג אין דער יידישער פּאָעזיע.

כ׳האָב געהאַט גענוג צו זינגען און צו זאָגן וועגן דעם אויסגעשטעלטן וועקסל. מען האָט מיר מיין פאַררעדע פאַרגעוואָרפן הונדערטער מאָל. יעדער ליד, וואָס קלמן הייזלער האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט, איז איראָניש גע־

לייענט און געטייטשט געוואָרן, מיט די „נאָטן” פון מיין הקדמה צו קלמן הייזלערס ערשט בוך „מענטשן”. די צרה איז, וואָס חברים לייענען געוויבּ־לעך אַריין און אַרויס בחיפּזונדיק — אַלץ וואָס זיי ווילן און ווי זיי ווילן. איך האָב אין מיין הקדמה דערמאָנט, ווי כ׳האָב דעמאָלט, אין 1928, געשריבן „דעם גרויסן און אפשר גרעסטן יידישן קינסטלער שלום־עליכם” און דערקלערט, אַז אין הייזלערס בוך ליגט ערגעץ פאַרוועבט שלום־עליכמס „אַ ייחוס־פּעדעמל”. נישט מער ווי אַ פּעדעמל, אָבער חברים האָבן דערפון געמאַכט אַ גאַנצע שטריק. איך האָב אויך דערמאָנט דעם אַמעריקאַנער פּאָעט עדגאַר מאַסטערס, אָבער כ׳האָב אויך בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז הייזלער פאַרמאָגט נישט דעם צימצום פון מאַסטערסן.

אין דעם איז עס טאַקע געגאַנגען, אין — צימצום. ווען הייזלער האָט געהאַט ווער ס׳זאָל אים צאַמען און אים נישט לאָזן פאַררעדן זיינע לידער, איז אַרויסגעקומען אַ געצאַמט ערשט בוך — „געיעט”, אַן ווילדוואוקס און אַן ווילדפלייש. הייזלער האָט אַזוי ליב געהאַט זיינע מענטשן, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון זיי, מען האָט אים באַדאַרפט מיט גוואַלד אָוועקרייסן פון זיינס אַ וואָרט — אַ קוואָרט. זיינע שפּעטערדיקע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אַן אַ פירנדיקער דיסציפּלין, זיינען געוואָרן צע־שוואומען און צעפלאָסן, ווי בלאַסע פאַרגרעסערטע רעפּראָדוקציעס פון קליינע אינטימע פאָטאָגראַפיעס.

יאָ, כ׳האָב געהאַט צו זינגען און צו זאָגן מיט מיין פאָררעדע, וואָס חברים האָבן מיר כסדר געהאַלטן אין איין פאַרוואַרפן. כ׳האָב סיי ווי באַטראַכט מיין הקדמה און הסכמה ווי אַ חטא און כ׳האָב פאַרזאָגט אַ צענטן צו שרייבן הקדמות צו יענעמס ביכער. געשען איז עס בלויז נאָך איין מאָל, אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט, ווען ז. סעגאַלאָוויטש האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים דערלויבן נוצן מיינע עטלעכע שורות, וואָס כ׳האָב וועגן אים געלייענט ביי זיין ערשטן קבלת־פּנים אין ניו־יאָרק, ווי אַן אַריינפיר צו זיין בוך לידער „איצטער”. אָבער דאָס איז מער נישט געווען קיין געגעבענע הסכמה פון אַן עלטערן דיכטער צו אַ יונגן אָנהייבער.

הייזלער איז געווען יינגער פון מיר בלויז מיט דריי יאָר, אָבער איך בין געווען עלטער פון אים מיט גאַנצע צוויי לידער־ביכער, ווען ער האָט גע־טראָפן צו מיר און צו מיין הדרכה. ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב אים נישט געטאָן קיין טובה, וואָס כ׳האָב אים געהייסן אָוועקוואַרפן זיין ערשט בוך לידער. הייזלער האָט פאַרמאָגט אַ פרימיטיווע נייגונג צו בדחנישקייט און

צו פסעוודאָ־פאָלקסלידער. ווען ער האָט אויסגעשעפּט זיין מענטשן־גאַלעריע, איז ער אין גאַנצן אַוועק צו די געגראַמטע, אומדיסציפּלינירטע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע געזאַנגען, וואָס האָבן אים געגעבן אַ סך אָנערקענונג אין אַרבעטער־קרייזן פון זיין יוניאָן־לאָקאַל, וואו ער איז אין די שפּעטערע יאָרן געווען דער בילדונג־דירעקטאָר.

ער האָט ביי מיר געמאָנט און געהאַט שטאַרק פאַראיבל, וואָס איך, מיט וועמען ער האָט „כורת־ברית געווען", האָב אים פאַרלאָזן און אים געלאָזט אַליין. דער אמת איז, אַז ווען ער וואָלט פון אָנהייב אָן געגאַנגען אַליין, וואָלט ער אפשר געפונען זיין אייגענעם באַטירלעכן וועג, וואוהין זיין נייגונג צום פאָלקסליד האָט אים געצויגן.

פאַר מיר איז זיין ערשט בוך לידער פאַרט זיין גרעסטע דערגרייכונג, כאָטש ער האָט נישט באַצאָלט די וועקסלען, וואָס איך האָב אויף זיין נאָמען אויסגעשטעלט. איצטער ווען איך לייען זיינע ערשטע לידער, צוזאַמען מיט מיין הקדמה, זע איך נאָך אַלץ אין זיינע „מענטשן" אַ ייחוס־פּעדעמל פון שלום־עליכמען און איך צי אויך נישט צוריק מיין דערמאָנען מאַס־טערסעס העלדן „וואָס שלאָפן, שלאָפן אויף דעם בערגל", אין שייכות מיט הייזלערס פּאָרטרעטן־גאַלעריע פון זיינע קומאַרנער געשטאַלטן און ניו־יאָרקער שאַפּפּאָרטרעטן. אין זיינע שפּעטערדיקע ביכער דאַרף מען אויך קאָנען געפינען דאָס שלום־עליכם ייחוס־פּעדעמל, וואָס כ'האָב געזען אין זיין ערשט בוך לידער, אַ פּעדעמל, וואָס האָט זיך אַריינגעגנבעט צו אונדז אַלעמען, ווער ס'האָט זיך נאָר צוגערירט צום יידישן וואָרט און צום קפיצת־הדרך פון יידישן שמועס. כ'וועל פאַרענדיקן מיט הייזלערס אַ ליד, וואָס ווייזט זיין ליבשאַפט פאַר דער משפחה־מלאכה, וואָס ער באַטראַכט פאַר ירושה. ער איז געווען פון די געציילטע, וואָס האָט נישט באַוויינט, נאָר באַזונגען שניידעריי אין דער יידישער פּאָעזיע.

## די טראַדיציע פון וואָלף איציק הענזלס דער דאַמענשניידער

רעדט דאָס ווייב אין שטוב:
ס'זאָל זיך עפענען דאָ אַ גרוב,
וואָלט איך ליבער אַריינגעשפּרונגען,
אַבי ניט פון קיין קינדיש פּאַסאָן־גלעטן צוצוזען
און פון דיינע פּאַרדינסטן נאָך עסן קויפן גיין.

וואָלף זיצט ביי דער אַרבעט ביים סטריגיווע טישל,
איינגעגראָבן דעם קאָפּ, אַ פוס אַוועקגעלייגט איבער אַ פוס,
הייבט עס דאָס יאַקל, נייגט פאַרן אויג, גיט עס אַ גלעט —
צום וויב רעדט ער שטיל, הכנעהדיק און בעט:
וואָס ווילסטו פון מיר? איך קאָן דאָך נישט אַנדערש?!
ס'איז דאָך אַ חתונה־קלייד, אַ צירונג,
וואָס וועט באַשיינען אַ כלה צו דער חופה צו גיין.

שווער איז מיר טאַנדעטן און זיך אַליין צו נאַרן,
כ'וויס שוין אַליין וואָס ס'הייסט אַ פּאַסאָן.
צי האָט דער טאַטע מיינער און דער זיידע העגזל
אויך נישט אַזוי געטראַכט וועגן אַ מלבוש, אַזאַ קלייד?
צי האָט ער נישט געאַרבעט, יעדן שטאָך געציילט, ווען ער
האָט גענייט?

**דאָס ליד אַנטהאַלט קלמן הייזלערס צוזאַגנדיקע מעלות און שפּעטער־דיקע חסרונות, ווען ער האָט פאַרגעסן צו גלעטן דאָס מלבוש און ציילן יעדער שטאָך. אָבער דאָס ערשטע בוך זיינס אַנטהאַלט לידער מיט מער מעלות ווי חסרונות.**

**(טאָג־מ״זש, מערץ 13, 1966)**

# יעקב פּילאָווסקי

יעקב פּילאָווסקי וואוינט שוין 35 יאָר אין טשילע און האָט איצט אַרויסגעגעבן אַ בוך „טריט אויף דער ערד״. ... פון דעם אַריינפיר־וואָרט ווערן מיר געוואָר, אַז פּילאָווסקי האָט „אָנגעהויבן אַלס לערער, אַלס בויער פון קולטור־קרייזן, פון טעאַטער־גרופּן, פון ביבליאָטעקן״. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אויף דער פּלאַטפאָרמע ווי אַ באַגייסטערער פאַר דער חשיבות פון יידישן וואָרט. ער רעדאַקטירט נאָך איצטער די טשילענער יידישע צייטונג, וואָס הייסט טאַקע „דאָס אידישע וואָרט״... אין דער הקדמה און אָפּשאַצונג פון דעם שרייבער ראובן כ״ץ ווערט דערציילט, אַז אַ „צייט לאַנג האָט ער (פּילאָווסקי) געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז דער מיזרח וועט לייזן אַ גרויסן טייל פון די אוניווערסאַלע און יידישע פּראָבלעמען. אָבער ווי באַלד ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די דאָרטיקע וועלט איז אויפגעבויט אויף ברוטאַלן געוואַלט, אויף אומטאָלעראַנץ און רעכטלאָזיקייט, האָט ער, אַ טיף־אַנטוישטער, זיך פון איר אָפּגעקערט״.

ס׳איז קלאָר אין וועמעס לאַגער פּילאָווסקי האָט זיך געפונען און וואָס פאַר אַן „אילוזיעס״ ס׳האָבן אים אַ צייט לאַנג באַגייסטערט, אָבער לעצטנס האָבן אים די אילוזיעס אַ ברען געטאָן דעם מוח און ער איז פון זיי אַוועק...

„טריט אויף דער ערד״ איז פּילאָווסקיס דריט בוך. דאָס ערשטע בוך זיינס, „פון טשילע״, איז דערשינען מיט אַ קנאַפּן פערטל יאָרהונדערט צוריק, און זיין צווייט בוך, „איבער וועגן״, איז שוין אויך דערשינען מיט עלף יאָר צוריק. אין דער אָפּטיילונג „מיניאַטורן״ פון נייעם בוך האָב איך אַפילו געפונען קורצע און בליציקע פאַרצייכענונגען פון די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, וואָס זיינען, ווייזט אויס, נישט אַריין אין די פריערדיקע צוויי ביכער.

... יעקב פּילאָווסקיס ניי בוך איז אַ ווייטערדיקע באַרייכערונג פון דעם יידישן ישוב אין טשילע, אַ שפּאַן פאָרויס פון אייגענער פאַרדינסטפולקייט. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פיר סעריעס. איך האָב זיך בעיקר פאַראינטערעסירט מיט דער ערשטער אָפּטיילונג, „טשילע״, און געפונען דאָרט, וואָס אַן אמת, ווייניקער עקזאָטיק, ווי איך האָב דערוואַרט, אָבער וואָס מער איך האָב געלייענט די קלענערע דערציילונגען, אַלץ מער האָב איך דערשמעקט די פרעמדע קרעפטיקע לופט פון לאַנד. די בעסטע דערציילונג אין בוך איז „לאַ ברוכאַ״, די כישוף־מאַכערין. דער אויסגעמאַטערטער פאַרקויפער פון הייליקע קאַטוילישע בילדער הייבט אָן אַליין אויסזען ווי

דאָס יעזוס־בילד, וואָס ער האָט נאָר־וואָס פאַרקויפט דער עקזאַלטירטער שפּאַניערין.

גראָטעסק איז געשילדערט דער „פאַרשטערטער סדר" אין אַ מושב־זקנים. די אַלטע קאָנקורירן צווישן זיך איבער דער אָפּריכטונג פון סדר. אַ 96־יאָריקער זקן פאַרלירט גאָר די בכורה צו אַ געהויבענעם גאַסט. דער סדר ענדיקט זיך מיט אַן אייגנאַרטיק סקאַנדאַלעכל איבער אַן איי און זאַלצוואַסער. די דערציילונג איז נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר טשילע, אָבער זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ מושב־זקנים. די אַנגעצויגענע אַטמאָספער איז גוט איבערגעגעבן.

אמת כאַראַקטעריסטיש פאַר טשילע איז די דערציילונג „ער איז מער נישט געלאָפן", מיט דעם לויפנדיקן און האָוועדיקן סאַנטיאַגער ייד, וואָס שרייבט אויס אַ כלה אַזש פון דייטשלאַנד. אַ לירישע דערציילונג איז „אירע אויגן האָבן אים פאַרפירט" ביז אויפן בית־עולם, וואו די יונגע פרוי אין שוואַרצן לייגט אַ קראַנץ אויף אַ קבר.

אין „אַנטלאָפן פון אַמעריקע" האָבן מיר שוין אַן אָנוואונק אויף דער פּראָבלעם פון געמישטע חתונות מיט אַ מאָדערנעם אויסגאַנג. די טשילענער קריסטין ווערט פאַרסמט פון דייטשער פּראָפּאַגאַנדע און דער טאַטע „קיד־נעפּט" זיין קינד און ראַטעוועט עס אַוועק קיין מדינת ישראל.

אין דער דערציילונג „אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט" רייסט זיך אַריין חורבן־אייראָפּע און זיינס אַן איינציקער קרבן, וואָס ראַטעוועט זיך קיין טשילע. די שוואַכסטע זאַכן אין בוך זיינען די האַלב־פּובליציסטישע מיניאַטורן, וואָס טייל פון זיי געפינען זיך נישט קיין באַקוועם אָרט אין אַ בוך. „צוויי זיינען זיי געווען" איז אַ קורצער קאָמענטאַר אויף דער אומזיכערקייט פון דער יידישער פּלאַטפאָרמע, אויף די אַלטע מידע קעפּ, וואָס הערן דעם רעדנער און אויף די צוויי איינציקע לעבעדיק־פאַראינטערעסירטע אויסהערערס, וואָס גיבן דעם רעדנער מוט ווייטער צו ריידן.

בדרך־כלל איז פּילאָווסקיס לשון אָפּגעהיט, אָבער עס איז אויך געמישט מיט באַנאַליטעטן און אויסדרוקן, וואָס אַ שרייבער מעג זיך שוין פון זיי באַפרייען. דער רעדנער און לעקטאָר „האָט פאַר וועמען צו ברענגען גאָטס וואָרט"; „אירע ליפּן האָבן צוזאָגעריש געשמייכלט"; „אַ מאָל האָבן די אויך וועמען באַשאָנקען מיט אַ קוש"; „שטורעם און ווירוואַר פון פינף יאָר מלחמה".

די ליבע־דערציילונגען ליידן מער ווי די אַנדערע דערציילונגען פון אָפּגעריבענע שילדערונגען: „ראַזאָווסקי איז גלייך באַהעפט געוואָרן צו

איר״. ווען זשעני לאָזט אַראָפּ די אויגן, „ווערט פאַרדעקט דער גאַנצער קוואַל פון לעבן״.

פון יעקב פּילאָווסקיס בוך טרייסלען זיך נישט די ויילן פון אונדזער ליטעראַטור. ס׳איז אַ זאַמלונג פון קורצע דערציילונגען, וואָס לאָזן זיך לייענען און מען פאַרטשעפּעט זיך בלויז אין אויסדרוקן, וואָס ווייזן, אַז דער מחבר איז נישט צו שטרענג צו זיך, אַז ער לאָזט דעם פּובליציסט צו אָפט באַהערשן זיין מאַטעריאַל. פּובליציסטיק איז אַ געזעצלעכער טייל פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, אָבער מען מוז די פּובליציסטיק גוט אַריינקנעטן. יעקב פּילאָווסקי ליידט אויך פון אַ צוריקגעשטאַנענער בילד־לעכקייט, און הגם ער איז שוין באַלד אַ בן־שישים, מעג ער נאָך אַלץ פאַרזיכטיקער איבערלייענען און זיך קרעפּטיקן מיט דער יידישער קלאַ־סישער ליטעראַטור און ער מעג מיט מער חשק לייענען די נייערע יידישע קינסטלערישע פּראָזע.

(טאָג־מ״זש, מיי 29, 1960)

# איטשע סלוצקי

## אַ טראַגיש־פאַרזעענער פּאָעט

אין 1938 איז אַ 26־יעריקער יידישער יונגערמאַן אָפּגעזעסן עטלעכע חדשים אויף עליס־איילאַנד. ער איז געקומען פון פּוילן צו זיין טאַטן, וואָס האָט שוין מיט יאָרן פריער געוואוינט אין ניו־יאָרק, אָבער מען האָט אים פאַרהאַלטן; קיינער ווייסט נישט עד־היום פאַר וואָס, און מען האָט אים סוף 1938 דעפּאָרטירט צוריק קיין פּוילן. וואָלט מען דעם יונגנמאַן געוועזן באַפרייט פון דעפּאָרטאַציע, וואָלט געראַטעוועט געוואָרן אַ וויכטי־קער יידישער פּאָעט. ער איז אָבער צוריקגעשיקט געוואָרן און אין 1939 איז שוין זיין גורל געווען פאַרחתמעט. מיט פינף יאָר שפּעטער איז ער געפאַלן ווי אַ פּאַרטיזאַן אין די פּאָלעסיער וועלדער.

דאָס איז איינע פון די טראַגישסטע געשעענישן אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, כאָטש דער נאָמען פון דעם יונגן געפאַ־

לענעם פּאָעט איז אין ערגעץ נישט פאַרצייכנט. דאָס פאַרטיפט נאָך מער די טראַגעדיע, אָבער מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די ניט־פאַרשריבענע בלעטער וועלן אַ מאָל פאַרשריבן ווערן מיט דעם נאָמען איטשע סלוצקי. מען וועט אויך זוכן, פאָרשן און זיך מאַטערן איבער דעם רעטעניש, ווי אַזוי אַזאַ יונגער פּאָעט מיט אַזאַ קרעפטיקן און אָריגינעלן פּאָעטישן טאַלאַנט און מיט גרויסע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן האָט געקאָנט פאַרבייגיין אַזוי אומבאַמערקט אין אַזאַ גרויסן ליטעראַרישן צענטער ווי וואַרשע און דורכשלייכן ווי אַ מענטש אָן אַ שאָטן. האָט איטשע סלוצקי נישט געהאַט קיין ליטעראַרישע פריינד? האָט ער זיי נישט געזוכט? איז ער געווען אַזאַ באַהאַלטענער און שעמעוודיקער, אַז ער האָט מורא געהאַט צו קומען מיט זיינע לידער; אָדער איז ער אפשר יאָ געקומען און אָנגע־טראָפן אַ מוראדיקע גלייכגילטיקייט? און דאָס האָט אים אפשר שטאַרק ווײ־געטאָן און אים פאַרוואונדיקט.

ס׳קומט באמת אַ דאַנק דעם נאָוועליסט בנימין עליס, וואָס האָט פאַר־עפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם טראַגיש־אומגעקומענעם פּאָעט און וועגן זיין פאַרשניטענער קאַריערע. ער האָט געבראַכט די מאָגערע ביאָגראַפישע איינצלהייטן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ יזכור־בוך פון דער שטאָט לאַכווע. עליס האָט אָבער אויך געבראַכט עטלעכע לידער פון דעם געפאַלענעם פּאַרטיזאַן און זיי האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס זיך צו באַקענען נענטער מיט איטשע סלוצקיס אָריגינעלן טאַלאַנט.

ווען סלוצקי האָט זיך געזעגנט אויף עליס־איילאַנד, איז ער קוים אַלט געווען 26 יאָר. עליס דערציילט אונדז, אַז זיין פאָטער לעבט נאָך איצטער אין ניו־יאָרק. אָבער פון עליס־איילאַנד האָט זיך איטשע סלוצקי, ווייזט אויס, מיט קיינעם נישט געקענט פאַרבינדן. ווען ער איז צוריק־געשיקט געוואָרן קיין פּוילן, האָט ער דאָרט אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער פון 108 זייטן. דאָס בוך ,וואָס הייסט „אינמיטן", איז אָנגעפּיקעוועט מיט לידער, טיף־פאַרטראַכטע און אָריגינעל אויסגעדריקטע. אַזעלכע לידער שרייבן זיך נישט גרינג אָן, מען מוז זיי פון זיך אויסגראָבן, פון די סאַמע טיפענישן. די זאַמלונג לידער איז דערשינען אין יוני, 1939, עטלעכע חדשים פאַר דער מלחמה, אין אַ פריוואַטער אויסגאַבע.

ווען ער האָט געלעבט עטלעכע חדשים אויף עליס־איילאַנד, האָט שוין איטשע סלוצקי געמוזט ביי זיך זיין קלאָר, אַז ער איז אַ פּאָעט. אין בוך איז אַפילו פאַראַן אַ ליד, געשריבן אויף דעם טרערן־אינדזל, פון פאַרהאַל־

טענע אימיגראַנטן. מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן ווי איינזאַם דער דאָזיקער יונגער מאַן איז געווען, וואָס האָט אַפֿילו נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו לאָזן הערן זיין פאַרצווייפלטן רוף. ס'איז זיכער, אַז מיט אַ ביסל יורי־דישער הילף אָדער מיט אַ פריינדשאַפטלעך־פאַראינטערעסירטער איינוועג־דונג פאַר אים, וואָלט מען אים אפשר געראַטעוועט פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

איטשע סלוצקי האָט זיכער געהאַט מיט זיך זיין העפטל לידער און געהאַפט האָט ער, אַז אין ניו־יאָרק וועט מען אים בעסער הערן און אויפנעמען. מיט דעם העפטל איז אים באַשערט געווען צוריקצופאָרן און זיין בוך „אינמיטן" איז דערשינען עטלעכע חדשים פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה און האָט קוים זוכה געווען צו קליינע נאָטיצן און פאַרצייכענונגען. איטשע סלוצקיס הילפלאָזיקייט, די איינזאַמקייט זיינע, די צוריקגעהאַלטנקייט, די עניוות, אין צוגאָב צו זיין טראַגישן סוף, פון אַ קריגער קעגן די ביטערסטע שונאים פון זיין פאָלק, פאַרוואַנדלען זיין ביאָגראַפיע אין אַ שטאַרקן אַרויספאָדער זיך צו דערגראָבן טיפער צו דעם טיף־רעליגיעזן פאָעט, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל כוח אין זיין ביטערער איינזאַמקייט, אַז זיינע לידער מאַכן קיינעם נישט קיין פאָרוואורף, נאָר זיי זיינען דער עיקר פּאָעטישע שטודיעס פון אַ יידישן וואָרט, יידישן גראַם, יידישן ריטעם און יידישער אויסדרוקקראַפט.

אין דעם בוך מיט וואָסערע זיבעציק לידער איז נישט פאַראַן קיין איין ליד — און איך שטרייך אונטער קיין איין ליד — וואו מען זאָל נישט געפינען עטלעכע אָריגינעלע שורות פון גאָר הויכער פּאָעטישער קוואַליטעט. ס'איז אַ בוך לידער, וואָס בעט זיך ממש, מען זאָל פון אים ציטירן און ציטירן. אין יעדער ליד געפינט מען אַ בליציקע שורה אָדער אַן איבערראַשנדיק וואָרט, אַ פּאָעטיש חנדל אָדער אַן אָריגינעל בילד. איטשע סלוצקי איז נישט געווען קיין ווייכער שטימונגס־ליריקער, נאָר אַן אינטעלעקטועלער און טראַכטנדיקער ייד, יידיש און וועלטלעך געבילדעט. ער איז געווען אַ מלומד — אַ תלמיד פון דער מירער ישיבה און גלייכ־צייטיק היימיש אין די קונסטן. זיינע לידער וועגן מוזיק און טאַנץ — אַגב, די שוואַכערע אין בוך — ווייזן ווי מוזיקאַליש ער איז געווען און ווי ער האָט באַנומען די עסטעטיק פון קלאַנג און באַוועגונג. די אַלע מעלות האָט דער פּאָעט אַרויסגעוויזן, ווען ער איז בלויז אַלט געווען עטלעכע און צוואַנציק יאָר. איטשע סלוצקי האָט געווייכט פון באַנאַליטעט מיט דעם גאַנצן באַוואוסטזיין זיינעם. ס'איז קלאָר, אַז אים איז ניט געווען פרעמד

די וועלט־ליטעראַטור און אַז ער האָט אויך געהאַט אַ צוטריט צו דער נייער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור. אַ גרויסער שאָד, וואָס קיי־נער האָט ניט געהאַט קיין צוטריט צו אים און זיין נאָמען איז געבליבן באַהאַלטן און פאַרהוילן, אַז ער ווערט נישט דערמאָנט אין קיין זאַמלונג, חורבן־אַנטאָלאָגיע אָדער אַפילו מיט אַ ליד אין אַ זשורנאַל פון זיין צייט.

דאָס בוך „אינמיטן" איז איינגעטיילט אין סעריעס. די ערשטע סעריע הייסט „מיט זיך". דער פּאָעט שטעלט זיך פאָר מיטן ערשטן ליד:

איך בין אויף דער שטויביקער וואַנט דער פּאָרטרעט
פון עפּעס אַ מענטש אומבאַקאַנטן מיט אַ שטומען געדאַנק;
און אָפּט מאָל בין איך אָט דער דאַרער סקעלעט
אינעם בוך אַנאַטאָמישן, וואָס שטייט אין מיין שראַנק.

דאָס זיינען די ערשטע פיר שורות פון ליד און מען מעג זיין זיכער, אַז „דאָס בוך אַנאַטאָמישע" איז נישט גלאַט געזאָגט, נאָר איטשע סלוצקי האָט טאַקע שטודירט און געלייענט אַלץ, וואָס איז אים געקומען אין האַנט. אין צווייטן ליד שטעלט ער אונדז פאָר דאָס כאַראַקטעריסטישע פון זיין געזאַנג:

איך זינג ווי די זעג אינעם בוים,
מיט שאַרפע ציין און מיט געברום;
כ'צעשיט דעם שטויב אַיעדן טרוים,
וואָס איז געוואָרן בוימיש פרום.

אָט די שורות שטרייכן אונטער זיין דיכטערישן טעמפּעראַמענט, אַז ער איז נישט קיין ווייכער זינגער, כאָטש אין אַ ליד ווייטער וויל ער „פאַרבליפּט זיין ווי קינד און ווי רינד" — באַטראַכטן יצירה, שטיין פאַר־גאַפט פאַרן מינדסטן צוויט. אָבער אים ציט פאָרט צו פּאָעטישער גע־דאַנקלעכקייט —

און גוט איז מיר, דעם מענטש, דעם בוים,
וואָס קאָן דערקלעטערן צום העכסטן שטאַנג,
וואו ס'נעסטיקט נאָך ווען ס'איז אַ טרוים
אין ווילדער צוויגיקייט פון געראַנגל.

עפּעס פון זיין תשוקה צו באַהעלטעניש איז אויסגעדריקט אין זיין ליד, וואָס ער רופט „פּסיידאָנים" —

איך וועל שלייפן מיין פערד מיטן שאַרף פונעם פראָסט
און זעגן מיין וואָרט מיטן אייזיקן גלאָז;

און ווי די נאַקעטע ערד אַזוי פראָסט
ברענען מיין ליד וועט אין פראָסט.
און ווי אין אייזקעלער דאָס אייז אין דער טונקעלער קעלט,
אַזוי וועל איך מיין וואָרט באַהאַלטן אין קעל,
אַזוי זיין וועט מיין נאָמען פאַרשטעלט
פון זוניקער וועלט.

אין אַזעלכע אָריגינעלע שורות זינגט דער פּאָעט אי פון זיין כוח, אי פון זיין חשק צו פאַרהוילעניש. אַ פּרעכטיק אָריגינעל און קרעפטיק אָנגעשריבן ליד איז — „מיר איז אומעטיק”. דאָס זיינען נישט קיין צעבראָכענע שורות פון אַ זיך־באַוויינטער איינזאַמקייט. ער זינגט אין זיין איינזאַמקייט צום טויטן מענטש —

און פנימער אַ סך זענען ביים מענטש ווען געווען
און פיל הענט.
און אויגן קיין מאָל ניט זעטיק פון זען
און פאַרבלענדט —

דאָס ליד ענדיקט זיך מיט שורות, וואָס מען באַגרייפט זייער גוט און אפשר נאָך בעסער אין אונדזער הייַנטיקער צייט —

מיר איז אומעטיק,
און פון מיין אומעט גיסן זיך בריאיקע רייד
וועגן לעבן און טויט,
ווי מיט טויזנט יאָר צוריק
(באַצויגן נאָר מיט נייע ווערטלעכע הויטן),
ווייל מענטש אויף זיך אַליין בכל דור ודור
און מענטש אויף זיך אַליין בכל יאָר ויאָר
זוכט נייע לעבנס — און אויך נייע טויטן.

באַמערקט דעם מאָדערניסטישן צוגאַנג צו ליד, צו דער ריטמיזירטער פּונקטואַציע אַפילו און צום דערשפּיצטן געדאַנק, וואָס דער פּאָעט שטרייכט אונטער — נייע טויטן.

דער פּאָעט איטשע סלוצקי האָט פאַרשטאַנען דעם ווערט פון אַ פשוט וואָרט און דווקא אין אַ ליבעליד האָט ער געוואוסט, אַז מען מוז זיך גוט פאַרפאַנצערן קעגן סענטימענטאַליטעט און צעקראַכנקייט —

כ׳וואָרט אויף אַ בריוו פון דער ווייט, אויף אַ בריוו פון
דיין איידעלער האַנט,

כאָטש איך ווייס, אַז דער טאָג איז אַוועק און די פּאָסט
איז שוין אויך געווים צו,
ס׳האָט מסתמא פאַרפעלט דיר אַ וואָרט, אַזאַ גוטמוטיק
טרייסט־וואָרט פאַר מיר,
פאַר מיר אין מיין עלנטן טאָג — די פאַרגעסענע שטאָל
ערגעץ וואו.

ס׳איז כדאי צו באַמערקן די פאַרגעבלעכע פּשטות פון וואָרט מכוח אַ שטאַרק דערוואַרטן און נישט אָנגעקומענעם בריוו, אָבער אין זעלביקן ליד, ווען דער פּאָעט וויל מאָלן, ווייסט ער ווי עס צו דערגרייכן מיט אַן אַרי־גינעלער שטאָטישער בילדעלעכקייט —

ס׳האָבן לעמפּלעך צעצונדן די שטאָט און לויפן אום
אין וויטרינעס ווי מייז.

דער פּאָעט איטשע סלוצקי באַוועגט זיך מיט דער זעלביקער געשיקט־קייט אין געצאַמטן ווי אין געמאָסטענעם פערז, אין פרייען פערז ווי אין אומרעגלמעסיקן מעטער —

כ׳בין נישט די ערשטע צייטיקייט אין סנאָפּ פון דיינע יאָרן —
דערפאַר אָבער — איך ווייס — די לעצטע אין דיין שניט —
ביי מיר ביסטו די ערשטע,
די ערשטע אין מיין חלום,
צי אויך די לעצטע שוין — דאָס ווייס איך ניט.

און אַזוי קאָן מען ליד נאָך ליד לייענען און תמיד געפינען עטלעכע שורות נישט נאָר וואָס מ׳קאָן ציטירן, נאָר וואָס מ׳מוז ציטירן, כדי צו ווייזן ווי אָריגינעל דער פּאָעט סלוצקי איז צוגעגאַנגען צו זיך אין זיין ליד —

איך בין אי חורבה, אי פעסטונג
אין אַ שאָטנדיקן הויף.

אַוודאי זינגט דער פּאָעט, ווי געזאָגט, פון זיין איינזאַמקייט, אָבער ער פאַרזינגט עס מיט שטאַרקע שורות און אייגן געזעענע בילדער. אַ מאָל דערשפּירט ער „ווי דער טרויער ווי אַ טייג גייט אויף אין דער ברוסט״. דעמאָלט אָבער ווערן אים דווקא „נמאס אויך די לידער אַלץ די זעלבע פונעם טרויער, ווי די הינעראויגן בלויע אויף מיין ביינערדיקן פוס״, אָט דאָס „דעקאַדענטיש״ בילד מיט דעם איבערראַשנדיקן פאַרגלייך גיט פּלוי־צעם אַ קראַץ, אָבער דער פּאָעט האָט נישט קיין מורא באַוואוסטזיניק אויפצורייסן זיין ליד, ווען דאָס ליד וויל אים דערגיין צום האַרצן און אים

אַרויסשטעלן פאַר דער וועלט ווי אַ זינגענדיקן רחמנות־זוכער. איטשע סלוצקי האָט מער פון אַלץ זיינע „לידער נישט געשריבענע" און ער זינגט צו זייער נאָך־נישט־געבוירן אַ גאַנץ ליד. ער זעט זיי אין זייער איינגע־שלאָפנקייט, ערב־דערוואַכונג —

ווי גוט עס איז דער קערן
אָפצואווינטערן דעם יערנדיקן ווערן
אין רויקייט פונעם תוך פון אייגענעם
אונטער דער ערד;
און ווי נאָך חדשימדיקן שלאָף דער בער —
וואַרטן זיך, דערוואַרטן, אויף דערוואַכונג.

ווער האָט דעמאָלט, אין 1939, געשריבן אַ סך בעסערע לידער, זאָל אויפהייבן די האַנט!

דער פּאָעט איז, ווייזט אויס, געווען אין דאַנציג אין 1936 און פון דאָרט האָט ער געשריבן אַ ליד צו זיין טאַטן אין ברוקלין, צום טאַטנס 63 יאָר. פון דעם חשבון איז קלאָר, אַז סלוצקיס טאַטע, אויב ער לעבט נאָך אין ברוקלין, ווי עליס גיט איבער, דאַרף ער שוין אַלט זיין 91 יאָר. פון ליד איז צו זען, אַז דער טאַטע האָט דורכגעמאַכט אַ טרויעריקן נע־ונד און זיבט צוועלף יאָר געגאַנגען איז ער שוין אין יאָך און געשלעפּט זיך „פון לאַכווע־מיקאַשעוויטש און פון מינסק ביז העט כאַרבין".

כ'וואָלט נאָך באַדאַרפט זיך אָפּשטעלן אויף איטשע סלוצקיס פּאָרויס־שפּירונגען, אין זיינע אַנדערע לידער־סעריעס, אין קרעפּטיקע אָבער טרויע־ריקע לידער פון די חורבֿע יידישע שטעטלעך, זיינע טיף־רעליגיעזע לידער, זיינע פאַראַנונגען פון פאַרטיליקונג און קאָלעקטיוון שוידער, זיינע מאַטע־מאַטיש־געפורעמטע לידער, ווי אַ שטייגער זיין ליד — „אַ תפילה צו שאַבלאָן", וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע שורות —

אַלץ האָסטו גענאָמענט מיט דיין נאָמען,
אַלץ געטרוימט מיט דיינע רוימען
און געצוימט מיט דיינע צוימען;
ווייל אַלץ איז רינגלונג מיט דיין ריגל,
ווייל אַלץ איז זיגלונג מיט דיין זיגל.

כ'וואָלט געוואָלט און בפירוש באַדאַרפט ציטירן נאָך און נאָך פון ליד נאָך ליד, אָבער כ'מוז זיך קאָנצענטרירן פשוט, כדי איבערצולאָזן געננג בייגער פאַר די, וואָס דאַרפן אויסזוכן דאָס בוך לידער, כדי צו דערשפּירן די טראַגעדיע פון אַזאַ נישט־דערהערטן פּאָעט, וואָס איז געשטאַנען ביי

**אונדזערע טויערן, געבעטן מיר זאָלן אים ראַטעווען און קיינער האָט זיין קול נישט דערהערט. וועל איך פאַרענדיקן מיט זיין טרויעריק ביאָגראַפיש ליד — „גרויס שטאָט ניו־יאָרק".**

גרויס שטאָט ניו־יאָרק,
ביי דיינע גיגאַנטישע ברעגן
ליג איך אַ וואַנדערער ווידער
צעבראָכן אַנטקעגן;
און איך זינג און איך זינג מיט אַן אייגענעם גראַם:
„אויפן בוזעם פון ים,
פון לענדער געטריבן, פאַרצערט און פאַרפייניקט,
ליג איך און וואַרט
נאַכט און טאָג, טאָג און נאַכט
אויף דיין 'ביטע אַריין'".
נאָר דו ביסט טויב צו מיין יאָמער־געשריי.
דו שטאָט פון מיליאָנען,
וואָס גייט עס דיך אָן,
וואָס איינער אַ מילבל פאַרגייט
אין זיין ווי
הינטער דיין בונטן בעטאָן.

**געוואָרט טאָג און נאַכט און זיך נישט דערוואָרט און צוריקגעשיקט געוואָרן צום אונטערגאַנג, וואָס האָט געלויערט אויף אים הינטער זיין פּאַלעסיער שטעטל. דאַרף מען כאָטש איצטער, אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער, אַרויסראַטעווען דעם נאָמען פון פּאָעט, איטשע סלוצקי, און אים לעבעדיק אָוועקשטעלן צווישן אונדזערע גרויסע פריצייטיק־פאַרשני־טענע צוזאַגן.**

(טאָג־מ"זש, מערץ 22, 1964)

# אַ טרויעריקער פאַל מיט צוויי באַרימטע שרייבערס

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז אַ מיצווה אָדער אַן עבירה צו דערציילן, וואָס איך וויל דאָ דערציילן, אָבער אימיצער מוז אויף זיך נעמען דעם שכר אָדער דעם עונש פאַר דערציילן די אמתע מעשה, וואָס איז, ווי מען פלעגט אַ מאָל זאָגן „פון לעבן ענטנומען". די מעשה האָט נאָך דערצו די מעלה, וואָס זי איז — אי פון לעבן, אי פון טויט ענטנומען.

ס׳איז נישט קיין פריילעכע געשיכטע, אָבער אַזוי איז עס געשען אין מאָנטרעאָל. אין דער פרי־פאַרשניטענער עלטער פון 57 יאָר איז פלוצים געשטאָרבן דער גרויסער יידישער פּאָעט יעקב יצחק סיגאַל, אָדער ווי ער פלעגט זיך אונטערשרייבן י. י. סיגאַל. ער איז געווען אַ מחבר פון צען ביכער לידער. די לעצטע צוויי ביכער אַליין האַלטן איבער עלף הונדערט זייטן. ער האָט אין זיין לעבן אָנגעשריבן טויזנטער לידער. ער איז געווען אַ גביר־אדיר פון געזאַנג, און ביי דער אומגעהייערער שפע פון שפּרודל־דיקייט זיינער, איז ער נישט געווען נאָכלאָזיק, נאָר אין אַלע לידער זיינע האָט ער געהאַט וואָס צו זאָגן און וואָס צו זינגען.

מען האָט נישט באַדאַרפט וואַרטן אויף סיגאַלן אחרי מותו, כדי אים נאָכצוזאָגן שבחים, ווייל מען האָט נאָך ביי זיין לעבן געוואוסט זיין ווערט. ער איז געווען פול מיט יידישן אינהאַלט און איינער פון די גרעסטע קע־נערס פון אונדזער לשון. אַפילו ווען ס׳טרעפט זיך, אַז זיינע שורות זינגען נישט, זאָגן זיי זיך אַזוי געשמאַק, ווי ער וואָלט געווען אַ טייערער חזן, און מען הערט סיי ווי זיינע ווערטער ווי מוזיק. ער איז נישט געווען פון די טשוויטשערנדיקע לירישע פייגעלעך, אָדער פון די פּאָעטישע קיעלעך, וואָס ליגן אויפן גראָז, ווי כ׳האָב שוין אַ מאָל געזאָגט, און זיי מעלה־גראַמען. נאָר זיינע רייד זיינען געווען געקניפּט און געבונדן מיט אונדזער גרויסער טראַדיציע. ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן, אַז ער שרייבט יידיש־לשון־קודשדיקע לידער. און אַזוי איז טאַקע געווען דאָס לשון פון זיינע לידער — דאָס ייִדיש פון דורות, וואָס האָט מתקן געווען אַ דיאַלעקט און אים געהייליקט, גרויס געמאַכט און פאַרוואַנדלט אין אַ פילאָלאָגישן וואונדער, וואָס האָט קיין גלייכן נישט צווישן לשונות. אין אָט דעם טראַדיציאָנעלן און נאַציאָנאַלן יידישקייט־יידיש האָט ער געשריבן אויף דעם לשון, וואָס מ׳קען נישט אָוועקוואַרפן, וויפל מען זאָל זיך נישט באַמיען און וויפל באַווייזן מיר זאָלן נישט צושטעלן, אַז ס׳גייט אונטער.

אויף דעם, וואָלט איך געזאָגט, תרי״גישן יידיש האָט סיגאַל געשריבן

שיינע לידער און ער איז געווען באַרימט ביים לעבן. אין מאָנטרעאָל, קאַ־נאַדע, איז ער אַוודאי געווען אַ קרוין און מען האָט אים גוט געקענט און געשטאָלצירט מיט אים. דערצו האָט ער נאָך געשריבן הונדערטער, ניין, טויזנטער עסייען און ער איז בכלל געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דעם קאַנאַדער „אָדלער”, די טעגלעכע יידישע צייטונג פון מאָנטרעאָל. אין דער צייטונג האָט סיגאַל געדרוקט קינדערלידער, ליטעראַרישע אָפּהאַנ־דלונגען און ריין־פּובליציסטישע אַרטיקלען.

הכלל, מען האָט אים גוט געקענט. זיין נאָמען איז געווען באַרימט אומעטום, ובפרט אין זיין אייגענער שטאָט, וואו מ׳קען ממש נישט קומען צו זיך פון דעם גוואַלדריס און פון דער שווערער און פיינלעכער אבידה.

דאָס אַלץ איז געווען בלויז די הקדמה צו דער מעשה, וואָס ווערט איצט בסוד סודות דערציילט צווישן אייגענע מענטשן אין מאָנטרעאָל און וואָס איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. אַלע וויסן עס שוין און ס׳איז, האַלט איך, אַ מיצווה עס מפרסם צו זיין. און טאָמער, ווי געזאָגט, איז עס אַ שטיקל עבירה, איז עס אַ מיצווה צו באַגיין די עבירה.

געציילטע טעג פאַר סיגאַלס טויט האָט אין מאָנטרעאָל באַדאַרפט פאַרקומען אַ יאָרצייט־פאַרזאַמלונג נאָך חיים גרינבערגן. דער דאָזיקער יאָרצייט איז נישט געפּראַוועט געוואָרן און — אָט פאַר וואָס. דער אָוונט איז געווען גאַנץ גוט אַנאָנסירט, דער הויפּטרעדנער י. י. סיגאַל איז גע־קומען גרייט אָפּצושאַצן דעם טיפן עסייאיסט און ציוניסטישן פירער, נאָר ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קליינע מניעה.

דער רעדנער, דער באַרימטער יידישער דיכטער, איז, ווי דער שטייגער איז, געקומען אַ קאַפּיטשקע שפּעטער, כדי צו זיין זיכער, אַז דער גרויסער עולם האָט זיך שוין פאַרזאַמלט און ס׳הערשט שוין די געשפּאַנטקייט פון דערוואַרטונג. יידישע פאַרזאַמלונגען הייבן זיך אָן אַ סך שפּעטער ווי אַנאָנסירט. דער עולם קלייבט זיך ביסלעכווייז.

ווען דער ליכטיקער פּאָעט איז אַריין אין זאַל, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער עולם, דער שפּעטער עולם, איז באַשטאַנען פון גאַנצע דריי (3) מאָנטרעאָלער יידן. סיגאַל האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן קאָפּ און זיינע גלייכווערטלעך זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל. אָבער ס׳איז אים געווען מאַטעמאַטיש שווער אויסצורעכענען וויפל פון די דריי יידן ס׳זיינען געקומען צוליב אים און וויפל ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זכות פון חיים גרינבערגן. ער האָט פּשוט נישט געהאַט דאָס האַרץ צו מאַכן פון די דריי געקומענע יידן אַ תשבורותדיקן חשבון און נעבעך צעבראָכן

אַ יידן אויף צוויי העלפטן. ס׳איז אים שוין געווען אַ סך לייכטער אויס־צורעכענען וויפל יידן ס׳זיינען נישט געקומען צוליב אים און צוליב דעם גרויסן נאָמען, וואָס האָט באַדאַרפט אָפּגעשאַצט ווערן. אָבער פון גרויס שיברת הלב איז דער דיכטער פּשוט אַנטלאָפן פון זאַל, וואו דער יאָרצייט האָט באַדאַרפט געפּראַוועט ווערן, און פון די דריי צדיקים גמורים, די געקומענע און וואַרטנדיקע יידן.

אָבער אַ יידישער פּאָעט איז פאָרט נישט מער ווי אַ יידישער גזלן. אַפילו אַז ער אַנטלויפט, אַנטלויפט ער אויך מיט „יאַנדעס", מיט איינזע־עניש. ער איז נישט שפּורלאָז פאַרשוואונדן. ער האָט איבערגעלאָזט אַן אַדרעס און אַ טעלעפאָן און געבעטן מען זאָל מיט אים שטיין אין פאַר־בינדונג, אים מודיע זיין, וויפל יידן ס׳זיינען שוין צוגעקומען. אויב ס׳וועלן זיך צונויפזאַמלען עטלעכע מנינים, וועט ער דאָך צוריקקומען; ווייל אויסבאַהאַלטן זיך פון דעם שרעקלעכן עלנט האָט ער ערגעץ נאָענט, כדי ער זאָל גלייך קענען קומען צוריק, ווען דער קול־המון וועט אים אַ שטאַרקן רוף טאָן.

ער האָט גענומען קריגן טעלעפאָנישע באַריכטן אָדער בולעטינען. ס׳האָט זיך שוין באַוויזן נאָך אַ ייד! ס׳איז אַריין נאָך איינער! די טיר האָט זיך געעפנט — נאָך אַ ייד!

און אַזוי איז י. י. סיגאַל געזעסן אין זיין באַהעלטעניש, געקראָגן די באַריכטן און געשניטן די פּרוכטן פון זיין גרויסער באַרימטקייט. יעדער שניט פון די פּרוכטן איז געווען אַ טיפער שניט. יעדער צוגעקומענער ייד האָט נאָך בולטער אַרויסגעבראַכט, וויפל נישט געקומענע יידן ס׳האָבן זיך חוצפּהדיק צעזעצט און צעלייגט אויף די ליידיקע בענקלעך, כדי צו שרייען דעמאָנסטראַטיוו, אַז זיי זיינען נישט געקומען.

ס׳איז געווען אַן אמתער האַרצווייטיק און דער סענסיטיווער פּאָעט האָט גענומען ליידן, נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר דעם כבוד פון דעם גרויסן ציוניסטישן מנהיג און טיפזיניקן שריפטשטעלער חיים גרינבערג. ס׳איז געווען אַ פּועלי־ציוניסטישע אונטערנעמונג — פאַר וואָס זשע זיינען אַזוי פיל חברים נישט געקומען פּראַוון בציבור אַ יאָרצייט נאָך אַ גרויסן יידן?

און דאָ זיינען געפלויגן בולעטינען פון דעם זאַל. נאָך אַ ייד האָט זיך באַוויזן! נאָך איינער איז דערשינען! ס׳איז שוין געווען אַרום צען אַ זייגער, ווען מ׳האָט בשום אופן נאָך אַלץ נישט דערשלעפּט צו אַ מנין. מ׳האָט זיך געאַמפּערט און נישט געוואוסט אַקוראַט, צי ס׳זיינען געווען אַכט אָדער ניין

יידן. דער ביינטער איז געווען אַ שרייבער, און מען האָט נישט באַשלאָסן, צי איז ער עולם אָדער נישט. דערפאַר איז די „פאָלקס־ציילונג" נישט געווען קיין ראַיעלע. שטרענגע סטאַטיסטיקערס האָבן געזאָגט, אַז געקומען זיינען אַכט יידן... און אַ שרייבער. אַנדערע, נישט קיין מחמירים, האָבן באַין ברירה אָפּגעציילט ניין יידן, און שוין אַפילו מצרף געווען דעם שרייבער אויך צום פיל־קעפּיקן עולם. אָבער וויפל מ'האָט נישט געציילט און ווי מען האָט די ציילונג נישט דורכגעפירט און מאַנעווורירט, איז דער רעזולטאַט געווען אַ טרויעריקער — צו דער יאָרצייט־פאַרזאַמלונג נאָך חיים גרינבערגן, וואו דער באַרימטער פּאָעט י. י. סיגאַל האָט באַדאַרפט האַלטן אַ רעפעראַט, איז אַפילו נישט געקומען קיין מנין יידן. דער דיכטער איז אויך נישט געקומען און געבליבן אין זיין צעוויטיקטער באַהעלטעניש.

אַט זיינען נאָך עטלעכע פאַקטן: י. י. סיגאַלס עסיי איבער חיים גרינבערגן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך סיגאַלס טויט, אין דעם ספּעציעלן חיים גרינבערג־נומער, וואָס דער „אידישער קעמפער" האָט אַרויסגעגעבן. י. י. סיגאַל האָט פאַרט באַוויזן צו האַלטן זיין רעפעראַט וועגן חיים גרינבערגן פאַר טויזנטער יידן. סיגאַל איז פּלוצים געשטאָרבן עטלעכע טעג נאָך דעם נישט־געפּראַוועטן יאָרצייט. צו זיין לוויה זיינען געקומען צווי טויזנט יידן. אַלע נישט־געקומענע יידן זיינען געקומען. צו די שלושים סיגאַלס, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער גרויסער אוידיטאָריע פון דער פּרעכטיקער יידישער ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל, זיינען אויך געקומען איבער פינף הונדערט יידן, וואָס האָבן באַווינט דעם פריצייטיקן טויט פון דעם גרויסן פּאָעט.

האָט די מעשה מסתמא אויך אַ מוסר השכל, אָבער איך האָב שוין קיין כוח נישט אַרויסצוציען און אַרויסשלאָגן די מאָראַל פון דער טרויעריקער געשעעניש.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, אַפּריל 14, 1954)

# מיניאַטורן

## חיים זשיטלאָווסקי

די יידישע וועלט רודערט נאָך מיט דער סטאַליניזירונג פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. ד״ר זשיטלאָווסקי איז אַ דענקער, וואָס האָט זיך דערדענקט צו סטאַלינען און איך האַלט, אַז עס דאַרף אין יידישן לעבן זיין גענוג טאָלעראַנץ פאַר אַזאַ מין דערשיינונג.

די צרה איז בלויז, וואָס דער געערטער דענקער האָט נישט גענוג טאָלעראַנץ פאַר די אַלע, וואָס זיינען נאָך געשלאָגן מיט בלינדעניש און געפינען זיך נאָך אויסער די רייען פון סטאַליניזם. ד״ר חיים זשיטלאָווסקי פאַרמאָגט אַ לאַנגן שטעקן און ער שטופּט מיט געוואַלד אַלע יידישע נישט־סטאַליניסטן אין לאַגער פון היטלעריזם, און פון דעם היטלעריסטישן לאַגער טרייבט מען זיי ווידער אַרויס ווי נישט־אַריערס. איז די נישט־סטאַליניסטישע יידישע שרייבערס שלעכט, ווייל ד״ר זשיטלאָווסקי האָט פאָרמולירט דאָס יידישע לעבן, אַז ס׳זיינען פאַראַן בלויז צוויי ברירות, אָדער היטלער אָדער סטאַלין — קיין דריטע ברירה האָט ער אונדז נישט געגעבן.

זשיטלאָווסקיס חסידים האָבן געמאַכט אַ ויצעקו, אַז מען דאַרף זיין טאָלעראַנט צו אַזאַ מיינונג. זשיטלאָווסקי האָט אַ טרוקענעם, הומאָרלאָזן און טעמפּעראַמענטלאָזן סטיל. ווען ער זאָגט, אַז יידישע שרייבערס זיינען היטלעריסטן, אויב זיי זיינען נישט קיין סטאַליניסטן, הייסט עס גערעדנקט; ווען מען וויל פון זיך אָפּשטויסן אַזאַ בילבול, הייסט עס געזידלט.

דער אמת איז, אַז געערעכט זיינען אַ ביסל זשיטלאָווסקיס חסידים. ווען מען זאָל קאָנען קריגן אַ לאָגיקאָגראַמע פון זשיטלאָווסקיס אַרט שרייבן, וואָלטן נישט געשלאָגן קיין עלעקטרישע כוואַליעס. אַלץ גייט גלייך, ס׳הייבט זיך נישט און עס פאַלט נישט, ס׳איז נישט ווייס און נישט שוואַרץ, נישט טאָג און נישט נאַכט, נישט היינט און נישט נעכטן. אַלע בילדלעכע און וואַרעמע ווערטער זיינען באַזייטיקט, איבער זאַמדיקע און שטייניקע שטרעקעס קלעטערן האַרטע ווערטער, וואָס צעקאַליעטשען זיך אַפילו נישט די פיס, ווייל די האַרטע ווערטער האָבן פאַרהאַרטעוועטע פיאַטעס אַזעלכע און ס׳אַרט זיי שוין גאָרנישט. ווען מען שטעלט אויס אַ צענדליק אַזעלכע זאַצן אין אַזאַ טעמפּעראַטורלאָזער אַטמאָספער, מוז מען געבן דעם

איינדרוק פון געדענקט. אויב מען ענטפערט אַפּ אויף אַזעלכע געדאַנקען מיט אַ ביסל לעבן און פייער, קלינגט עס שוין ווי געזידלט.

סטאַלינס בלוט־רייניקונגען, אַחוץ דעם שוידער און סקרוך איבערן לייב, גיבן זיי נאָך דעם איינדרוק פון הומאַרלאָזיקייט. אַ מענטש שיסט אויס די גאַנצע רעוואָלוציע און אַפּעלירט צו דער וועלט מען זאָל פאַר־טיידיקן דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָטערלאַנד. עס איז געווען גאַנץ נאַטיר־לעך, אַז זשיטלאָווסקיס הומאַרלאָזיקייט זאָל זיך דערקייקלען צו סטאַ־לינס. זשיטלאָווסקיס סטיל איז, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אַ גרויזאַמער. עס איז דערפאַר געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל זוכן אַ קרובה־שאַפט מיט דעם גרויזאַמסטן ערזאַץ פאַר רעוואָלוציע.

בנוגע דעם געשריי, וואָס מען האָט אויפגעהויבן, אַז מען דאַרף פאַר ד״ר זשיטלאָווסקין האָבן דרך ארץ, וואָלט איך אים אוודאי נישט געזשאַ־לעוועט דאָס אַרטיקל. די צרה איז בלויז, וואָס איך בין געקומען אויף דער איסט סייד היפּש נאָך דער לעקטשור־פּעריאָדע. יאַנאָווסקי און זשיט־לאָווסקי האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט זייער אויסבילדונג פון די מאַסן. די קאָמוניסטישע „פרייהייט״ האָט יאָרן לאַנג געהאַלטן אין איין זידלען ד״ר זשיטלאָווסקין, ווי איינעם פון די לעצטע. די זידלערייען זיינען געווען אַזוי פאַכמעניש, אַז זיי האָבן ענדלעך געבראַכן ד״ר זשיטלאָווסקיס פּאַסיוון ווידערשטאַנד. איצט איז ער שוין פולשטענדיק און הונדערט פּראָצענטיק אַ זייעריקער. איצט זידלען זיי שוין נישט, נאָר זיי דרוקן אַפּ זיינע אַרטיקלען אין ספּעציעלע בראָשורן. גיי, קלייב זיך פונאַנדער, ווען ד״ר זשיטלאָווסקי איז געווען באַרעכטיקט צו דרך ארץ, אין די צייטן ווען די „פרייהייט״ האָט אים געזידלט, אָדער ווען זי האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן קאַפּיטאַל פון זיין וואָרט?

(טאָג־מ״זש, אָקט׳ 30, 1958)

# אפרים אויערבאַך

...אפרים אויערבאַך שרייבט שוין 43 יאָר יידישע לידער, און דער אַנטוויקלונגס־וועג זיינער איז שטענדיק געווען אַ פּרוכטבאַרער און אַ באַרג־אַרויפיקער. ער איז קיין מאָל נישט צוריקגעפאַלן אין זיין קלעטער, האָט קיין מאָל נישט פאַרשוועכט דעם תוכן פון זיין ליד און תמיד געזוכט אַ פיינע כלי פאַר דעם וויין פון זיין געזאַנג.

ער איז אַ גרויסער פערזמייסטער. אים זיינען נאָענט באַקאַנט די קנייטשן און חנען פון אונדזער לשון, ער קען אַלע זיינע גראַם־מעגלעכקייטן און ער קען זיך פאַרביק אַ שפּיל טאָן מיט דעם יידישן וואָרט. אים קומט נישט אָן שווער צו בויען אַ פערז, אַז ס'זאָל אין אים גאָרנישט פאַרלוירן גיין בשעת ער זינגט. פאַראַן זינגערס, וואָס מען הערט, אַז זיי האָבן אַ שיין קול, אָבער מען הערט נישט קיין וואָרט וואָס זיי זינגען. זייער דיקציע ווערט פאַרטרונקען אין געזאַנג. אויערבאַכס געזאַנג פאַרמאָגט אויך פּירוש המלות. מען הערט וואָס ער רעדט און וואָס ער וויל אונדז זאָגן.

דעם פּאָעט אויערבאַכס קלעטער באַרג־אַרויף איז אים אָנגעקומען זייער שווער דווקא דערפאַר, וואָס ער קען אַזוי לייכט שרייבן לידער. עס איז אים אָנגעקומען שווער צו פאַרטרייבן פון זיך די לייכטקייט און צו געבן וואָגיקן אינהאַלט, וואָס זאָל לעבן אין געזאַנגיקן שלום מיט זיין וואָרט. זיין פערז־בוי, וואָס איז דאָס זעלבע ווי זאַצבוי אין פּראָזע, איז קיין מאָל נישט צעדרייט געוואָרן, ווייל דער מייסטער־זינגער אין אים האָט באַהערשט דעם אינהאַלט אין גלייכער מאָס מיט זיין קול.

און זיין אינהאַלט איז אויך געווען אַ נזירותדיק שטרענגער. ער האָט אָנגעקניפּט אַ נאָענטשאַפט מיט ארץ־ישראל אין 1913, געהאַקט שטיינער, באַאַרבעט די ערד און אויסגעגראָבן פאַר זיך דעם ביבלישן אַראָמאַט, וואָס איז אים אויף תמיד אַריין אין די ביינער.

זיין ערשט בוך לידער, וואָס איז דערשינען מיט קנאַפּע פינף יאָר צוריק, האָט געהייסן „קאַראַוואַנען" און איז געווען אָנגעלאָגלט מיט ארץ־ישראל־מאָטיוון. פון דעמאָלט אָן האָט אויערבאַך איינגענומען פאַר זיך עטלעכע שפּאַן יידישע ערד און געלעבט אויף איר און מיט איר.

אויערבאַך האָט פאַר זיך אויסגעקליבן דעם שווערן וועג צו זיין אַ נאַציאָנאַלער פּאָעט און צו אַקערן אין דער טיף, מיט אַלע זיינע נאַציאָנאַלע מאָטיוון. ער האָט כסדר געהערט דעם עכאָ פון סידור און פון תנ"ך, דעם געמורמל פון שולדאַוונערס, דעם ניגון פון ישיבה־לערנערס, געהערט ווי

די פרומע פשטות פון די קיין־מאָל־נישט־פאַרגעסענע ווערטער גראַמט זיך אויסגעצייכנט מיט ייִדיש. ער האָט דערפאַר געבויט גאַנצע געצעלטן־לידער פאַר די הייליקע ווערטער, וואָס האָבן ביי אים, אויף אַן איבערצייגנדיקן אופן, געוואונען דעם קאַמף פאַר אונדזערע ביידע לשונות.

דער וועג פון אַ נאַציאָנאַלן פּאָעט, פון אויערבאַכס פאַרנעם, איז שווער דערמיט, וואָס מ׳קען זיך איינאַקערן און זיך איינאַנקערן אין ליד אַזוי, אַז עס זאָל ווערן ענג און דלד־אַמותדיק. אָבער אויערבאַכס נאַציאָנאַלע געזאַנגען און מאָטיוון פאַרמאָגן אַ ברייטערע פאַרשטענדלעכקייט און זיי האָבן נישט נאָר אַ תנ״כישן טעם, נאָר אויך אַ ביבלישן — איך מיין דאָ, פאַרשטייט זיך, דעם אוניווערסאַלן טייטש, וואָס קען זיך לייכט איבערזעצן און פאַרטייטשן פאַר דער וועלט דאָס געזאַנג פון אַ ייִדישן פּאָעט.

אפרים אויערבאַך איז כסדר געוואַקסן. ער האָט געלערנט פון אַנדערע און אויך פון זיך אַליין. ער האָט פּובליציסטיש דערזען דאָס ייִדישע לעבן, מיט אַלע זיינע פּראָבלעמען. ער האָט געזען די שטרויכלשטיינער אויפן וועג פון אַ שיינער, רייכער און פרוכטבאַרער ייִדישקייט און ער האָט ניט איין מאָל אויסגעשריען, געמאָנט און געשטראָפט.

אָט די פּובליציסטישע מאַנערישקייט האָט אויך באַרייכערט זיין ליד און עס פאַרמילגרוימט מיט אַחריותדיקן אינהאַלט און עס שווערער און קערנדיקער געמאַכט. דאָס געזאַנג פון ליד איז נישט געווען דער עיקר, אָבער אויך נישט דער טפל. דער פערזמייסטער האָט נישט אָפּגעטראָטן דעם וועג דעם זאָגער און דער זאָגער האָט קיין מאָל נישט פאַרשטויסן דעם מייסטער. ער האָט אים געהאַלטן אין צאַם, אַז ער זאָל נישט געבן קיין פאַרפיומירטע שיינקייט און אַז ער זאָל אין ליד פריער פון אַלץ זיין אַ ייִד, אַ מענטש, נאָך איידער ער איז דער דיכטער.

דערפאַר איז אויערבאַך, ביים היינטיקן טאָג, איינער פון אונדזערע וויכטיקסטע פּאָעטן. איך האָב שוין, דאַכט זיך, אַ מאָל דעפינירט די וויכטיקייט פון אַ פּאָעט. ס׳מיינט פשוט, אַז אויב מיר וועלן אַנגעמען דעם מנין פאַר אַ מאָס אין אויסצייילן צען אויסדערוויילטע ייִדישע פּאָעטן פון אונדזער צייט, וועט אין מנין נישט טאָרן פעלן — אפרים אויערבאַך...

(טאָג־מ״זש, אָקטאָבער 22, 1952)

# ב. עפּעלבוים

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ד״ר מוקדוני אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער גלייכגילטיקייט צום שריפטשטעלער ב. עפּעלבוים. קאָלעגע מוקדוני איז נאָך קיין מאָל אַזוי גערעכט נישט געווען. ב. עפּעלבוים איז נישט נאָר פאַרשוויגן געוואָרן, נאָר ער איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ געדיכטן וואָלקנזייל. די אַפּשאַצונגען וועגן זיינע ווערק זיינען שטענדיק געווען שטאַמלעריש־אומזיכערע. עס איז קיין מאָל נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער סוד, אַז ב. עפּעלבוים איז פון די געציילטע פּראָזע־קינסטלערס, וואָס מיר פאַרמאָגן.

ד״ר מוקדוני רעדט וועגן עפּעלבוימס פופציק־יאָריקן יובל. איך וויל האָפן, אַז מיין פריינד עפּעלבוים וועט אויף מיר נישט האָבן קיין פאַראיבל, ווען איך וועל אויפדעקן דעם סוד, אַז דער יובל האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע דריי יאָר. דאָס איז אַ באַווייז פון עפּעלבוימס „רייסן זיך״ אין די אויגן. איצט, ווען ער איז אַלט 53 יאָר, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז מען האָט נישט געפייערט זיין פופציק־יאָריקן יובילייִ.

און וואָלט מען זיין יובל געפייערט אין צייט, וואָלט עס זיך גראָד צוזאַמענגעפאַלן מיט נאָך אַ וויכטיקער דאַטע אין דער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון דעם אָריגינעלן נאָוועליסט. ווייל מיט דריי יאָר צוריק איז געוואָרן פּונקט 25 יאָר זינט ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע דער־ציילונג.

עפּעלבוים האָט זיך שפּעט אָנגעהויבן צו דרוקן, אָבער ער האָט גלייך אָנגעהויבן צו שטעלן זיכערע טריט. די אַלע שטאַמלענישן און שטרויכ־לונגען האָט ער געפּראָוועט בשתיקה. ווען ער איז געקומען, איז ער גע־קומען מיט לשון און מיט אייגענעם לשון.

ב. עפּעלבוים איז געקומען צו דער יידישער ליטעראַטור מיט אַ נייגונג צו ברייטע לייוונטן און צו שאַרפע קאָנטראַסטן. זיינע קאָנטראַסטן העלפן אים אין זיין אויפגאַבע ווי אַ קינסטלערישער אָפּשאַצער. ער איז דער באַלעבאָס איבער זיינע העלדן און זייערע לעבנס. ער זאָגט זיי וואו זיי זאָלן זיך אַוועקזעצן, כדי דער לייענער זאָל דערזען די קינסטלערישע אָרדענונג און כאַפּן דעם שכל פון זאַכן און געשעענישן.

דאָס לעבן קאָן זיך אַ מאָל פאַרגינען דעם לוקסוס צו לויפן אָן אָרדענונג, אָבער אַ קינסטלער, וואָס שילדערט לעבן, מוז באַווייזן דעם שכל הינטער די געשעענישן.

עפּעלבוים פאַרמאָגט די פעאיקייט צו מאָלן שאַרפע און וואַכעדיקע געשעענישן אויף אַ לירישן הינטערגרונט. ער האָט וואַכע חושים, אָבער זיי דערגרייכן קלאָרקייט און סענסיטיווקייט דורך אַ פיינעם האַלב־דרימל. ביי אים איז ערד ערד און הימל הימל, אָבער צווישן ביידע שטייט אַ לייטער און ווער עס קאָן און ווער עס דאַרף קלעטערט.

ער איז אַן אייגנאַרטיקער זעער און אָריגינעלער דערציילער. ער איז זיכער איינער פון די געציילטע יידישע בעעלטריסטן, וואָס ציילן זיך.

(מאָרגען זשורנאַל, דעצעמבער 22, 1940)

# י. ש. פרענאָוויץ

דער טויט האָט זיך נישט געגראַמט מיט דעם דיכטער און זשורנאַליסט י. ש. פרענאָוויץ. ער איז אַלע מאָל געווען אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער און אַ שטיפערישער. עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דער טויט האָלט שוין אַן אויג אויף אים, ווייל ער „אַרבעט" איצט ביים שליסן דאָס קאַפיטל יידישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע פון די אַכציקער יאָרן.

וואָס מאַכט איר עפּעס? איך אַליין ווער שענער און יינגער פון טאָג צו טאָג — איז געווען די באַגריסונג, וואָס מען האָט אַלע מאָל געהערט פון אים.

פרענאָוויץ איז געקומען קיין אַמעריקע צוויי יאָר נאָך ראַזענפעלדן. אים האָט געפעלט ראַזענפעלדס ביטערקייט און ראַזענפעלדס טאַלאַנט. ער האָט געהערט צו דער זעלבער שולע פון אַ ביסל כלל, אַ ביסל איך, אַ ביסל אַרבעטער־מאַסן און אַ ביסל פאָלק ישראל. ווען עס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן זיין רוח־הקודש פון שרייבן, איז ער נישט אַרומגעגאַנגען מיט קללות און מיט עמערס סם. ער איז געווען פאַרליבט אין זיינע אייניקלעך, און אויף יינגערע שרייבערס האָט ער אויך געקוקט מיט די אויגן פון אַ גוטן זיידן.

זיין ביאָגראַפיע האָט זיך אָנגעהויבן פונקט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק אין אַמעריקע מיט שווערער פיזישער אַרבעט, און די דאָזיקע פּראָלעטאַרישע פשטות איז ביי אים פאַרבליבן אויף זיין גאַנץ לעבן.

אין מ. באַסינס אַנטאָלאָגיע איז י. ש. פרענאָוויץ פאַרטראָטן מיט איין ליד, וואָס איז דעם דיכטערס אָדע צום טויט. ביים אָפענעם קבר פון דיכטער איז פּאַסיק צו ברענגען דעם ערשטן פערז:

איך בין דער קעניג פון דער ערד,
איך האַלט אַנטבלויזט מיין בלאַנקע שווערד.
און וואו איך גיי, און וואו איך קום,
דאָרט מאַך איך אַלץ שטיל און שטום.

דעם פיש אין ים, אין וואַלד דעם בוים,
דעם פויגל אין דעם העכסטן רוים,
דעם פייגלינג ווי דעם מענטשן־העלד,
און אויך דעם וואָרעם, טיף אין דר׳ערד,
דערגרייך איך מיט מיין בלאַנקער שווערד!

(מאָרגען זשורנאַל, דעצעמבער 18, 1938)

# ס. פּאַלמע

**ס. פּאַלמע, דער יידישער דיכטער, וואָס איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן אין עלטער פון עטלעכע און זעכציק יאָר, איז געווען אַ סימבאָל פון דער איינזאַמקייט, אין וועלכער עס קומט אויס צו לעבן אַ יידישן שרייבער אין אַ מידבר פון מענטשן און לעבן. אַזאַ מידבר איז נאָך ערגער ווי אַן אמתע וויסטעניש. אַרום און אַרום טומלט מיט לעבן און פרייד, מיט אַ גרויסער ליטעראַטור, מיט אַ סך זשורנאַלן און צייטונגען, וואו יעדער באַזונדערער שרייבער געפינט זיין אָרט, אָבער דאָס אייגענע יידישע לעבן אַרום אים האָט אויפגעהערט צו געבן דעם יידישן שרייבער דאָס ביסל באַגייסטערונג, וואָס ער דאַרף האָבן.**

**לאָנדאָן איז אַ מאָל געווען די האָפענונג פון דער יידישער, העברע־אישער און ענגליש־יידישער ליטעראַטור. דאָרט אָהין זיינען געקומען מאָריס ראָזענפעלד און מאָריס ווינטשעווסקי, דאָרט האָט געלעבט איזראַעל זאַנג־**

וויל, דאָרט האָט אויך געחלומט זיינע ערשטע חלומות י. ח. ברענער. ווייטשעפּל, די לאָנדאָנער איסט־סייד, איז געווען פול מיט אימיגראַנטיש־יידישן אימפּעט און דאָס יידישע געמיט האָט געלויכטן דורך אַלע דריי שפּראַכן — העברעאיש, יידיש און ענגליש.

אָבער אין מיטן פון דער איינזאַמקייט איז עטלעכע יידישע שרייבערס פּאַרט געלונגען צו שאַפן אַ קליין, לעבעדיק אינדזעלע, אויף וועלכן מען מאַכט שבת פאַר זיך. דער דיכטער שטענצעל גיט אַרויס אַ זשורנאַל „לשון און לעבן". נישט לאַנג צוריק האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון דער־ציילונגען און לידער אַרום ווייטשעפּל, נישט פון אַ מאָל, נאָר פון שאַפונגען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין משך פון די לעצטע צוויי־דריי יאָר. די זאַמלונג הייסט „ווייטשעפּל לעבט", און מיר האָט עס געקלונגען ווי די באַטייליקטע יידישע עקשנים וואָלטן אויסגערופן — אייך, צו להכעיס, קאַלטע, דערוויטערטע יידן, לעבט ווייטשעפּל! אין דער זאַמלונג זיינען געווען אַ סך אינטערעסאַנטע לידער און דערציילונגען, וואָס האָבן באמת אויפגעלעבט די לאָנדאָנער איסט־סייד, מיטן כוח פון שעפערישער איינ־געשפּאַרטקייט. פון די מודעות אין דעם לאָנדאָנער וואָכנבלאַט, וואָס דער־שיינט איצט אויפן אָרט פון דער אונטערגעגאַנגענער צייטונג „די צייט", און אויך אין דעם זשורנאַל „לשון און לעבן", קאָן מען זען, אַז דאָס יידישע אינדזעלע איז אַקטיוו שבתים און ימים־טובים. מען קומט זיך צוזאַמען אויף לעקציעס, קאָנצערטן, און מען רעדט וועגן תוך־זאַכן, וועגן ענינים, וואָס זיינען אונדז אַלעמען נוגע.

אויף דעם דאָזיקן אינדזעלע האָט אויך געלעבט דער יידישער דיכטער ס. פּאַלמע, וועלכער איז געקומען גאָר יונג קיין לאָנדאָן. דער דראַמאַטורג און פּובליציסט ש. י. דאָרפזאָן־האָרענשטיין האָט אונדז צוגעשיקט עטלעכע ביאָגראַפישע איינצלהייטן וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם ס. פּאַלמע. זיין אמתער נאָמען איז געווען בערל סאָווינסקי. געשטאַמט האָט ער פון דער פּוילישער שטאָט מעזריטש. ער איז געווען אַ לאַנגע צייט לערער אין יידישע שולעס און געשריבן לידער און עסייען. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ צענדליק ביכער, וואָס זיינען צו אונדז קיין ניו־יאָרק כימעט נישט דער־גאַנגען.

נישט לאַנג צוריק האָב איך געשריבן וועגן פּאַלמעס לידערבוך „סילועטן אין שפּיגל". איך בין פון די לידער נישט געווען צו שטאַרק באַגייסטערט. אָבער באַגייסטערט בין איך געוואָרן פון דעם דיכטער אַליין, נאָך דעם ווי איך האָב דערהאַלטן פון אים אַ בריוול. די פריינדשאַפט און

ווארעמקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון זיינע ווערטער, האָבן מיך באמת גערירט. דער עיקר האָט מיך גערירט דער ענגליש־דזשענטעלמענישער טאָן זיינער.

איך האָב זיך דערלויבט אַ ביסל גוטמוטיקן הומאָר אויפן חשבון פון זיינע לידער. ס. פּאַלמע האָט אָבער אויך די נעגאַטיווע באַמערקונגען גענומען ווי אַ „ספּאָרט", און ווען איך האָב געלייענט זיין קבלה אויף מיין רעצענזיע, האָב איך באמת חרטה געהאַט אויף די הומאָריסטישע פיילן, וואָס איך האָב געשיקט צום דיכטער קיין לאָנדאָן. זיין האַרציק בריוול איז פאַר מיר געווען דער פייערדיקסטער מוסר און איך האָב זיך געגעבן אַ צוזאָג, אַז איך זאָל ווען עס איז עפּנטלעך אויסדריקן מיין דאַנק צום דיכטער, וואָס האָט מיר געגעבן אַ לעקציע אין יידיש־ענגלישער טאָלעראַנץ.

צום באַדויערן האָב איך אַזאַ געלעגנהייט נישט געקראָגן. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין אַ שלעכטער אַרכיוו־אַפּהיטער, האָב איך באַהאַלטן דאָס בריוול, וואָס איך האָב פון דעם דיכטער געקראָגן, מיט פינף חדשים צוריק. איך פאַרעפנטלעך עס איצט, ווי אַ דאָקומענט פון גוטסקייט, וואָס האָט מיר געגעבן אַ סך מאַטעריאַל אויף נאָכצוטראַכטן. אַ שאָד, וואָס ביי מיר האָט זיך אויך נישט אויפגעהיט זיין ערשט בריוול, וואָס ער דערמאָנט.

אָקטאָבער 22סטן.

מיין ליבער יעקב גלאַטשטיין!

ווי איר זעט איז מיין אָנהייב פונעם איצטיקן בריוו ליבלעכער ווי דער אָנהייב פון דעם ערשטן, און דאָס איז פּשוט דערפאַר, וואָס היינט פרי האָט דער פאָסטטרעגער געבראַכט אייער רעצענזיע איבער מיין לעצטער אויסגאַבע „סילועטן אין שפּיגל"... קיין מתנה (אין מיינע דריי און זעכציק יאָר האָב איך געקראָגן עטלעכע מתנות) איז ביי מיר ניט געווען אַזוי אָנגעלייגט, ווי אייערע, סיי אין נוסח, סיי אין פאָרעם, און מער פון אַלץ — דער סובטעלער הומאָר, וועלכער שלייכט זיך דורך פון אָנהייב ביזן סוף... יעדן פּאַלס, נעם איך אָן אייער שטיפערישן טאָן אויף מיין חשבון פאַר ליב. ווייל צו קענען אַזוי צוגיין צו אַ קאָלעגעס אַן אַרבעט, ווי איר האָט עס איצט באַוויזן, איז עס שוין אַן און פאַר זיך אַ מדרגה; און וועלכעס נאָך קען זיין מער אָנגעלייגט, ווי דאָס באַשמעלצן דאָס נעגאַטיווע מיט עפּעס פּאָזיטיווס, און עס אַרט מיך אַפילו ניט, צי איר האָט עס באַצוועקט...

ס. פּאַלמע

דאָס אָננעמען פאַר ליב און דאָס פאַרבייגיין מיט אַ שמייכל מיין „שטיפערישן טאָן" און אויך דאָס נעגאַטיווע, וואָס ווערט באַשמאָלצן מיט דעם פּאָזיטיוון, האָט מיך צענומען, און אַ צייט לאַנג בין איך אַרומגעגאַנגען אונטער דער ווירקונג פון דער דאָזיקער דזשענטעלמענישער קבלה אויף מיין רעצענזיע. איך וויל דאָ זאָגן, אַז מיין גאַנצע „שטיפערישקייט" איז געוואָרן שמאָל, קליין און שלעכט, אַנטקעגן דער ברייטקייט, גרויסקייט און גוטסקייט, וואָס דער דיכטער ס. פּאָלמע האָט אַרויסגעוויזן אין זיין בריוו צו מיר. טאָמער האָב איך געהאַט אין זיך אַ שמץ פון ניו־יאָרקער גדלות, איז זי אין גאַנצן בטל געוואָרן אַנטקעגן דער עניוות פון דעם לאָנדאָנער יידישן דיכטער.

(מ״זש, מערץ 28, 1952)

# מענדל עלקין

אין זיין נייעם ספר „באר החסידות" וועגן זיבן פעסטע זיילן פון חסידות דערציילט אונדז אליעזר שטיינמאַן, אַז רבי פּנחס פון קאָרעץ האָט פיינט געהאַט פּוילקייט, ווייל פוילקייט, האָט ער געזאָגט, פירט צו עצבות. אין פלוג זעט עס אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, ווייל ווען אַ מענטש איז פויל און אַרבעט נישט, האָט ער דאָך צייט פאַר וואוילטאָג, און וואויל־טאָג דאַרף דאָך מאַכן פריילעך. לאָזט זיך אויס, אַז אַט די מאָמענטאַנע פרייד פון וואוילטאָג, מחמת גאָרנישט־טאָן, שענקט נישט קיין טיפע, אינערלעכע פרייד, נאָר עס גיט בלויז אַ כמו־פרייד, וואָס האָט אַן אַלקאָ־האָלישן נאָכטעם. די רעאַקציע פון זיך איבערשיכורן איז תמיד — טרויע־ריקייט.

די פרייד פון טאָן אַרבעט שטראַלט שטענדיק אַרויס פון דעם אומפאַר־מאַטערלעכן און פענאָמענאַלן מענדל עלקין, וואָס איז אַלט געוואָרן אַ קיילעכדיקן שמונים. זיין פרייד באַשטייט נאָך אין דעם, וואָס ער האָט זיך אַלע מאָל צוגעזוכט אַזאַ טועוודיקייט, וואָס איז אים געווען גוט און געזונט צום האַרצן. ער האָט געטאָן הנאהדיקע אַרבעט, און טאָמער האָט אַזאַ

אַרבעט אים אויך פאַרשאַפט זייטיקע עגמת־נפש און יסורים, איז עס געווען דער צער פון אַן אייגענער זאַך, וואָס מען באַטראַכט פאַר אַ חוב דורכ־צוטראָגן אָן פאַראיבל, ווייל מען האָט דערפון אַ סך מאָל אויך נחת, און מען מוז נעמען דאָס גוטע מיט דעם קלייען.

מיר קומט אויס צו זען מענדל עלקינען זעלטענער, ווי איך וואָלט געוואָלט, אָבער ווען איך באַגעגן דעם דאָזיקן גלייכן און שלאַנקן ייד, האָב איך דאָס געפיל, אַז כ׳האָב אים ערשט נעכטן געזען, אַז ער איז אַ טייל פון מיין היימישקייט, אַז דער שמועס, וואָס פאַרציט זיך צווישן אונדז, איז אַ המשך פון דעם, וואָס מיר האָבן נישט דערעדט נעכטן און אייערנעכטן.

פאַראַן אַזאַ אינטעליגענטיש וואָרט ווי אַ מאָנאָגראַפיע. מיינען מיינט עס, ווי אַלע ווייסן, אַ מער־ווייניקער אויסשעפּלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן איין זאַך אָדער וועגן איין מענטש. וועגן מענדלען קאָן מען נישט שרייבן קיין מאָנאָגראַפיע, נאָר צו שאַפן נאָך אַן אינטעליגענטיש וואָרט — אַ פּאָליגראַפיע.

„פּאָלי״ מיינט דאָך אַ סך. זיינס אַ ביאָגראַפיע איז פאָלג מיך אַ גאַנג. מען דאַרף זיין באַהאַוונט אין גאָר אַ סך ענינים, כדי צו דערציילן אַלץ, וואָס דער מענטש האָט געטאָן אין זיין לעבן. ווייל אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען — אויפגעטאָן. ווען איך באַגעגן אים, שאַפט זיך ביי מיר גלייך דער איינדרוק, אַז אָט דער אַרבעטזאַמער ייד טוט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר ער טוט אויף.

קודם כל איז מענדל אַליין אַ שטיק אויפטו. לך אל מענדל עצל — וואָלט געווען אַ פיינער איבערזאַג פון אַן אַלטער גוטער עצה. אָבער נישט נאָר מעג מען קומען צו אים זיך אָפּלערנען, נאָר מען דאַרף אים אַליין לערנען ווי אַ גאַנצע, שלימותדיקע שאַפונג פון אַ טייערן ייד, אַ ייד פון דורות, וואָס איז דער ייד פון זיין דור. ער איז אי אַלט, אי אַזוי יונג ווי היינט און ווי מען דאַרף זיין מאָרגן. ער טראָגט עול־יידישקייט מיט שימחה, ווי ער טראָגט די פען פון זיין אַרכיוו־ביבליאָטעק אין „ייוואָ״, וואָס ער אַליין האָט נישט נאָר צוזאַמענגעשלעפּט, נאָר צוזאַמענגעטראָגן, צוזאַמענגעפּאַקט, אויסגעבעטן און אָפּט אויסגעבעטלט.

אמת, אים האָט צוגעשפּילט אַ טייערע מתנה — געזונט, אָבער אַפילו דאָס געזונט זיינס האָט ער אַליין דורכגעטראָגן, מיט אַלע חולאתן, וואָס מענטשלעך געזונט שפּאָרט אָפּ פאַר יעדער איינעם. ער האָט יעדע קרענק געזונט געמאַכט מיט אַ שמייכל.

פאָטאָגראַפירט מענדלס אַ שמייכל און איר האָט די פאָטאָגראַפיע פון דעם יידישן ביטחון — גוואַלד, יידן, זייט זיך נישט מייאש.

איז אַזוי, לאָמיר טאַקע אָנהייבן רעכענען:

געווען איז ער אַ דענטיסט, אַ געשעפטסמאַן, וואָס האָט טאַקע געטאָן אָדער אויפגעטאָן גרויסע געשעפטן; רעדאַקטירט רוסישע און יידישע צייטונגען און זשורנאַלן. געווען און איז נאָך פאַרבליבן ביז היינט אַ באַ־גייסטערטער טעאַטראַל. אַליין געשפּילט טעאַטער, געווען פּרץ הירשביינס גרעסטער אָנשפּאַר און באַגייסטערטער פאַר דעם היסטאָרישן הירשבייך־טעאַטער; געווען אַקטיוו אין דער ווילנער טרופּע.

ביי דעם אַלעמען איז אים געבליבן צייט צו שרייבן. ער האָט געשריבן אַ סך גוטע איינאַקטערס, קינדערשפּילן, אָפּהאַנדלונגען וועגן טעאַטער, געגרינדעט, גלייך ביי זיין קומען קיין אַמעריקע, אַ טעאַטער־געזעלשאַפט, אַן „אונדזער־טעאַטער", וואָס האָט אַריינגעשריבן אַ שיין בלאַט אין דער געשיכטע פון בעסערן יידישן טעאַטער.

אָבער די קרוינשאַפונג זיינע איז די ביבליאָטעק פון „ייוואָ", דער אַרכיוו, וואָס ער האָט געגרינדעט און צוזאַמענגעקליבן, און ער איז געוואָרן דער דירעקטאָר פון דער רייכער ביבליאָטעק.

ער איז, ווי מען זאָגט אויף דייטשמעריש, דער לייטער אירער. וואָס דער לייטער זאָל נישט מיינען — ביי מענדלען מיינט עס אַליין קריכן אויף אַ לייטער, גיך אַרויף־אַראָפּ, און אָוועקשטעלן די ביכער אין אָרדע־נונג. ער איז אויך דער, וואָס הייבט זיך אויף, מיר נישט, דיר נישט, און גיט אַ פלי קיין לאָס אַנדזשעלעס, קיין וויניפּעג, קיין מדינת ישראל, קיין שיקאַגאָ, אין די אינטערעסן פון דער ביבליאָטעק דיינער, וואָס פון איר איז ער אויך דער משולח.

אָבער, אַז ער פליט נישט, פליט ער סיי־ווי, איר טרעפט אים פליענדיק אויף די ניו יאָרקער גאַסן. מיר ייִנגערע קאָנען בשום אופן אים נישט נאָכפליען. ער דערציילט פליענדיק אַ בינטל צרות, וואָס ער האָט פון זיין אַרבעט, מיט אַזאַ אָפּטימיזם, אַז טאָמער ווילט איר אים העלפן אָדער טרייסטן, דערשפּירט איר גלייך, אַז ער האָט עס דערציילט אַזוי זיך, פון גאווה וועגן, כדי צו ווייזן וויפל נחת מען קאָן האָבן פון יידישע צרות, ווען מען טוט כסדר עפּעס אויף.

מענדל איז אַן עסטעט, נישט קיין אַמאַטאָר, נאָר טאַקע אַ מושל. ער האָט ליב שרייבן, ער איז אַ גרויסער מבין. ער שאַצט אָפּ קונסט, מוזיק, טעאַטער איז אָפּגערעדט.

אָבער פון אַלע טאַלאַנטן איז גרויס דער טאַלאַנט זיינער צו זיין אַ גוטער חבר. ער איז אַן אַנטאָלאָגיע פון חברשאַפט. ער איז אָבער אַ יושרדיקער אַנטאָלאָגיסט.

ווער ס׳קריגט אַ בלעטל, צוויי, ווער ס׳קריגט אַ צענדליק זייטן, אָבער וויפל עמעצער זאָל נישט קריגן אין מענדלס אוצר פון חברשאַפט, איז קיינער נישט געקריוודעט. פאַר די חברים זיינע, וואָס ער האָט מיט זיי דורכגעלעבט אַ גרויס שטיק לעבן, איז ער גרייט זיך מקריב צו זיין. זיין פריינדשאַפט פאַר הירשביינען איז געווען אַ שם דבר. פאַר אים איז געווען אַ קלייניקייט אַ פלי צו טאָן קיין לאָס אַנדזשעלעס און טאָן עפּעס, אָדער עפּעס אויפטאָן, פאַר הירשביינען. דאָס האָט ער סטימולירט די פולע אויסגאַבע פון הירשביינס ווערק. נישט לאַנג צוריק האָט ער אַ פלי געטאָן קיין מדינת ישראל, צו זען דאָס יידישע לאַנד, אָבער אויך זיך צו זען מיט זיין באַהענטן חבר מענדל ראָזענבאַום. איך ווייסט, האָט ער מיר געזאָגט, ראָזענבאַום איז דאָך אַ זקן. מען מוז זיך אַריבערכאַפּן און אים זען. מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ראָזענבאַום געשטאָרבן. מענדל עלקין האָט געהאַט דעם נחת רוח, וואָס ער האָט טאַקע געזען זיין פריינד און מיט אים פאַרבראַכט לעבעדיקע וואָכן.

ווען מענדל עלקין רופט עמעצן אַנדערש — זקן, פאַלט איך גאָרנישט איין, אַז דאָס איז הומאָר. ער מיינט עס ערנסט. די יאָרן האָבן זיך געלייגט יוגנטלעך אויף מענדלס פּלייצעס. זיי האָבן אים נישט באַשווערט. ער האָט זיי נישט פאַרדאגהט, פאַרקרעכצט, נאָר ער האָט זיי תמיד געגעבן וואָס צו טאָן און זיך מיט זיי געשאַפט אַ גאַנג.

איך וויל זיך פאָרשטעלן, אַז ס׳זיינען נאָך פאַראַן ל״ו יידישע טוערס, וואָס אויף זיי האַלט זיך אַלץ, וואָס דאָס נייע יידישע לעבן האָט אויפגעבויט. מענדל עלקין איז דער „דיען" פון די דאָזיקע טועודיקע למד־וואָווניקעס.

(טאָג־מאָרגען זשורנאַל, אַפּריל 25, 1954)

# ד״ר מוקדוניס קריטיק

...איך מוז זאָגן, אַז אין ד״ר מוקדוניס קריטיק אויף פּרץ הירשביינס טרילאָגיע האָב איך נישט געפילט דעם טעם פון דער קריטיק, וואָס צילט אין ווערק און שוינט דעם מענטשן. איך האָב דאָס ווערק אַליין, פון 1400 זייטן, נישט געלייענט, אָבער איך בין זיכער, אַז יעדער איינער, וואָס האָט געלייענט ד״ר מוקדוניס אימפּעטיקן און אימפּולסיוון איינדרוק פון בוך, וועט גלייך וועלן קלאַפּן אַ טעלעגראַמע הירשביינען און אים לאָזן וויסן, אַז וואָס־וואָס, נאָר אַזאַ קריטיק האָט ער נישט פאַרדינט. און דאָס איז דאָך דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס ד״ר מוקדוני האָט געוואָלט. ער האָט געוואָלט איבערצייגן, אַז דאָס בוך טויג נישט, אָבער איבערצייגט האָט ער, אַז אַזאַ טאָן איז אַריבער אַלע גרענעצן.

איך קריג זיך נישט מיט ד״ר מוקדונין וועגן דעם ווערט פון בוך אָדער אַפילו וועגן הירשביינס ווערט פאַר דער ליטעראַטור. אָבער איך האַלט נישט, אַז אַ שרייבער פאַרדינט ארבע מיתות בית־דין און דערצו נאָך פייערדיקע שמיץ פון אַ נאַגייקע, געוויקט אין זאַלצוואַסער, אויב ער איז ניכשל געוואָרן מיט אַ שלעכט בוך.

און אויב עס זאָל זיין אמת, אַז הירשביין איז טאַקע געשטרויכלט געוואָרן מיט אַ שלעכט בוך, איז ד״ר מוקדוני ממש אַרונטער פון דרך־הישר פון קריטיק. הירשביין איז פאָרט אַ הדרת־פּנים אין דער ליטעראַטור און ער האָט פאַרדינט אַן אידעלערן צוגאַנג מצד דער קריטיק. איך האָב געלייענט ד״ר מוקדוניס קריטיק אין מיין אייגענעם „מאָרגען זשורנאַל״ און איך האָב דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק פון יעדן אומדערלאָזלעכן אויסדרוק.

(מ״זש, מיי 3, 1942)

# חיים גרינבערג

חיים גרינבערג האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות, וואָס האָבן זיך ביי אים צוזאַמענגעוועבט אין איין גרויסער מעלה — עניוות. ער איז געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער, ניט פון די פייער־און־פלאַם רעדנערס, וואָס נעמען דעם עולם ביי די האָר און שלעפּן אים, נאָר פון די רעדנערס, וואָס מעסטן די רייד, וואָס גיבן דעם איינדרוק, אַז זיי שאַפן זייערע רעדעס, בעת מען הערט זיי. דער עולם האָט געהאַט דאָס זעלטענע פאַרגעניגן, אַז מען איז אַ גאַסט אין דער לאַבאָראַטאָריע פון אַ גייסטרייכן מענטש און מען זעט באַשיימפּערלעך, ווי די געדאַנקען ווערן אויסגעגליט.

ער איז געווען אַ קינסטלער אויך, ווען ער האָט זיינע געדאַנקען אַרויס־געשריבן אויף פּאַפּיר. ער האָט געוואוסט ווי זיי אויסצושטעלן, ער האָט קיין מאָל ניט אָנגעוואָרפן קיין רייד, זיך ניט געוואָרפן מיט געדאַנקען, נאָר ער האָט מיט גרויס קענטשאַפט אויפגעבויט זיינס אַן עסיי, אַז ס׳האָט ניט געריסן די אויגן, נאָר ס׳האָט געגעבן דעם איינדרוק פון אַ גוט און יוסט באַלעבאַטעשאַפט.

ער איז געווען אַ פּאַרטיי־מנהיג, אָבער ס׳האָט קיינער ניט געשפּירט, אַז ער איז דער געוויינלעכער טיפּ פּאַרטיי־פירער, וואָס האָט דעם גאַנצן און אַבסאָלוטן אמת ביי זיך אין קעשענע. פאַרקערט, ער האָט זיין פּאַרטיי־איינשטעל תמיד דורכגעליכטיקט מיט אַ סך מאָנענדיקע ספקות, וואָס האָבן אויך געגעבן דעם איינדרוק פון געזונטער און ערנסטער זוכעניש.

...אין אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אַ לאָגישע אָרדענונג, אָבער פון דעם שטייגער לאָגיק, וואָס קומט דורך אינספּיראַציע. ער איז געווען דער פּאָעט פון לאָגיק. מען האָט הנאה געהאַט פון זיין שעפערישער שכלדיקייט, אָבער ער איז געווען דער מייסטער פון זיין בליציקייט. ער האָט געקענט זאָגן גלייכווערטלעך, אָבער ער האָט זיי ניט פאַרשווענדט און ניט געשטויסן קיין צען מאָס וואַסער, כדי צוצוגרייטן די אַטמאָספער פאַר אַ ווערטל אָדער צען מאָס רייד.

...ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אַלע זיינע גרויסע מעלות

געקענט אָרקעסטרירן. ער האָט זיך אַרויסגעצוואונגען אויף מענטשן ניט מיט זיינע קאָלאָסאַלע פעאיקייטן, נאָר מיט דעם אופן, ווי די באַגאַבונגען זיינע האָבן שטיל געלויכטן. זיין עניוות איז געווען די ראַם פאַר זיין עשירות פון גייסט. ער איז געווען אין אַלץ דער גרויסער אימפּראָוויזאַטאָר. ס'האָט זיך שטענדיק געדאַכט, אַז ער עקספּערימענטירט און פּרואווט אויס, לייטערט און שלייפט — זיך און זיין האָב און גוטס.

...ער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט תמיד געזוכט שלימות און ביי דער גרעסטער באַוואונדערונג פון זיינע אומצייליקע פאַרערערס האָט ער ניט געלאָזט קאָרופּטירן זיין גייסט. ער האָט געהאַט סטאַנדאַרטן פון גייסטרייכקייט און גייסטשיינקייט און זיך קיין מאָל ניט געלאָזט אַרונטער־פירן פון וועג דורך איבערגעטריבענע שבחים. ער , דער גרויסער געבער, האָט זיך ניט געשעמט צו שטיין ווי אַ בעטלער אין די פּרוזדורס פון אונדזערע נביאים, תנאים, אמוראים, מאורי הגולה פון די וועלט־מדריכים ווי טאָלסטאָי, גאַנדי און אַנדערע גרויסע נשמות, און בעטלען ליכט און מאָראַלישע וועג־וויזערייַ.

חיים גרינבערג האָט געקענט אַ סך שפּראַכן. ער האָט זיי ניט בלויז גערעדט, נאָר געטראַכט. יעדע שפּראַך, וואָס ער האָט באַהערשט, האָט אין אים געלעבט מיט אירע אייגענע זכותים, מיט דער ליטעראַטור, וואָס זי האָט געשאַפן, דעם מאָראַלישן קלימאַט פון איר פאָלק און מיט איר היס־טאָרישן זיכרון. דערפאַר האָט ער אַזוי שטאַרק ליב געהאַט העברעאיש און אַזוי וואַרעם געציטערט איבער יידיש. ביי אים האָבן זיך דיביידע לשונות מער ווי געשמועסט. זיי האָבן געלעבט אין אים, מיט דער גאַנצער תנ״כי־שער און ניי־תנ״כישער געשעענקייט פון אונדזער לעבן. יידישע ווערטער זיינען ניט געווען ביי אים בלויז פילאָלאָגישע וואונדערס, נאָר דערמאָנונגען און צוריקרופן פון גאַנצע תקופות. אין זיין נייעם, אָקאָרשט־דערשינענעם בוך איז פאַראַן אַ דערציילערישע עסיי וועגן אַ טיף־אַמעריקאַניזירטן ייד, וואָס איז געוואָרן פאַרדיבוקט. אַליין האָט ער שוין מער קיין מאָל ניט גערעדט קיין יידיש, נאָר פלוצעם האָט ער זיך אָפּגענומען אַ יחידותדיקע שעה אין טאָג, וואָס איז געווען רעזערווירט פאַר לאַנגע יידישע שמועסן. ער איז אַוועק מיט זיך אַליין און גערעדט צו זיך, אויפלעבנדיק אין זיכרון גאַנצע דיאַלאָגן פון זיינע שטעטל־מענטשן. זיינע נאָענטע כאַפּן אים ביי דער עבודה, זיי זיינען שטאַרק באַזאָרגט, ווען זיי הערן ווי דער רעספּעקטאַ־בעלער הויפּט פון דער משפּחה לופּטערט דורך זיין גאַנץ ריידנדיק שטעטל, וואָס ער נעמט מיט זיך אויף זיינע איינזאַמע שפּאַצירן. אָבער דער פאַר־

דיבוקטער העלד באַרואיקט זיינע קרובים און פריינד און ער דערקלערט זיי, אַז די דאָזיקע פאַרשניטענע, אויף אייביק פאַרשטומטע און אוועקגעגאַנגענע מענטשןריידן דורך אים, שמועסן דורך אים, לעבן דורך אים, קומען צוריק צום יידישן וואָרט, אין דער גרויסער יידן־גאַס פון דעם פאַרדיבוקטן יידנס זיכרון.

אין דעם עסיי האָט גרינבערג אויף אַן אָריגינעלן אופן מספיד געווען דעם לעבעדיקן פאָלק־יידיש, וואָס איז פאַרשטומט געוואָרן און וואָס זוכט תיקון אין אונדז אַלעמען. זיינע עסייען וועגן גלות, וועגן דער גייסטיקער פרייהייט, וואָס מיר האָבן מיט געוואַלדיקן דראַנג און טיפער פאַרשטענדעניש געשאַפן אין סאַמע האַרץ פון קנעכטשאַפט, זיינען פאָעמען, אָבער מעשימדיקע פאָעמען, נייטיקע דערמאָנונגען און מוסר־השכל אין אונדזער צייט פון איבערגאַנג, איבערבוי, איבערשאַף און איבערשאַץ. ס'דערמאָנען זיך אין דער פאַרבינדונג די גרויסע שורות פון י. י. סיגאַל:

און דאָס פאָלקסליד פון גלות וועט נאָכגיין
און מיט איידעלע הענט פון מיר מאָנען:
אָ, יעקב, נישט לאָז מיך און נעם נישט
אַוועק פון מיין גורל דיין פנים.

חיים גרינבערג איז געווען אַ גאַנצער און כוללדיקער ייד, וואָס האָט ווי דער אַרכיטעקט פון אונדזער צוקונפט ניט אַוועקגענומען דאָס פנים פון דעם גאַנצן יידישן גורל. ער איז געווען די געשטאַלט פון אונדזער דור און ער איז געווען אַ שיינע און איידעלע געשטאַלט.

(טאָג־מ״זש, אַפּריל 4, 1954)

# יאַנאָווסקיס שכל הישר

עס זיינען פאַראַן, אַזוי צו זאָגן, אָרטאָדאָקסישע מספּידים, וואָס ווייסן גלייך ווי אַזוי זיך צו פאַרגיין אין אַ קלאָג־ניגון, אַזוי שנעל ווי ס׳מאַכט זיך אַ מת־מיצווה. זיי צערעוון זיך ווי באַקלאָגערינס און זיי הייבן אויף זייער שטים אין אַ גרויסן געוויין.

אוודאי בלייבט מען שטיין געפּלעפּט, ווען מען דערזעט די אַבידה, וואָס קאָן שוין מער נישט צוריקגעקערט ווערן. אָבער היגטער דער טראַ־געדיע ליגט אַן אָפּגעלעבט לעבן, וואָס האָט געקאָנט זיין קאַמיש, האָט געקאָנט זיין גראָטעסק, האָט אָפילו געקאָנט זיין זאַט און צופרידן מיט דערגרייכטקייט, מיט קריגן דאָס פּערזענלעכע טעלערל פון הימל. די קלאָגמוטערס שאַצן אָבער נישט אָפּ דאָס לעבן, זיי ווייסן איין זאַך — זיי יאָמערן.

און מיר דוכט, אַז ש. יאַנאָווסקי האָט געקראָגן דאָס טעלערל פון הימל אין זיינע דורכגעלעבטע 75 יאָר. אין יידיש־אַמעריקאַנער לעבן איז ער געקומען פּונקט אין צייט און פאַרשוואונדן אין צייט. ער איז באַזיי־טיקט געוואָרן אַקוראַט דעמאָלסט, ווען ער האָט געהאַט פאַרענדיקט אַ היסטאָרישע פונקציע און ווען ער האָט שוין געהאַט אויסגעשעפּט זיך אַליין ביז צום דנאָ.

פאַרשטייט זיך, אַז יאַנאָווסקי האָט אין זיין לעבן געליטן נויט און דחקות, האָט געהאַט זיינע ביטערע דערפאַרונגען, האָט איבערגעלעבט ווייטאָגדיקע אַנטוישונגען. איך שטעל זיך אויף פאַר, אַז דער פּיאָנער פון יידישן אַנאַרכיזם אין אַמעריקע האָט נישט איבערגעלאָזט קיין צו פיל גיטער, אָבער אַלע זיינע אַנטוישונגען און ביטערע דערפאַרונגען זיינען געקומען אין די ראַמען פון אַ לעבן, וואָס האָט האַרמאָנירט מיט זיין פּער־זענלעכקייט. זיינע אַלע שלאַכטן, זיגן און מפּלות, זייגען אויסגעקעמפּט געוואָרן אויף אַ שלאַכטפעלד, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן און אויף וועלכן ער איז געווען אַ גענעראַליסימאָ, אַ קאָמאַנדיר מיט אַן אומבאַשרענקטער מאַכט איבער מענטשן, וואָס זיינען אים נאָכגעגאַנגען בלינדערהייט.

די איסט־סייד האָט געהאַט אַ סך הערשערס און אַ סך פאַרשידנאַרטיקע אַרמייען, אָבער ש. יאַנאָווסקי איז געווען דער פּאָפּולערסטער פון אַלע און דווקא דערפאַר, ווייל ער האָט גערודערט אויף אַ קלענערער טערי־טאָריע און איבער אַ קלענערן און געקליבענעם עולם.

יאַנאָווסקיס גרעסטער פאַרמעגן איז געווען דער שכל הישר און אַן אומקאָמפּראָמיסלעכקייט, וואָס איז געווען רעוואָלוציאָנער. דער דאָזיקער שכל הישר האָט אים דווקא געטריבן אין אַ ווינקל, וואו זיין שאַרפער קוק פון דער זייט איז אים שטאַרק צו נוץ געקומען. אָט דער זייטיקער קוק האָט אין דעם גלאַנצפעריאָד פון זיין לעבן צוגעצויגן אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט, ווי די געשרייען פון די גרויסע קאָמאַנדירן, וואָס האָבן צוגעבונדן די אידעאַלן צום פערדישן עק פון צירקולאַציע.

ש. יאַנאָווסקי, מיט די גרינגלעך־קינדערישע אויגן און מיט דער קינדישער שטים, איז געווען אַ סענטימענטאַלער מענטש, אָבער ער האָט איבער דעם אַרויפגעצויגן אַ מעפיסטאָ־בליק פון חוזק. איך האָב אַ סך מאָל געזען, ווי זיינע טרויעריקע און ערנסטע אויגן האָבן זיך צעשמייכלט מיט אַ חוזק־פייערל, ווי זיין צערונצלטער שטערן האָט זיך גענומען אויסגלייכן, כדי צו קאָנען באַקוועם טראָגן די מאַסקע פון דעם פריקרען געלעכטער, וואָס ער האָט גאַנץ אָפט אַרויסגעשטעלט אַנטקעגן דער גאַס.

און אָט דאָס וואָרט „גאַס" איז זייער וויכטיק. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז פּונקט ווי אָט די איסט־סיידער הערשערס האָבן געפירעמט די יידישע גאַס, האָט די גאַס אויך זיי געפירעמט. מען קאָן און מען טאָר די יידישע פירערס נישט נעמען אָן דער יידישער גאַס, וואָס האָט אויף איר אייגענעם טיראַנישן שטייגער געפירט די פירערס ביי דער נאָז. גאַנץ אָפט האָבן עס די פירערס אַפילו נישט געוואוסט, אָבער די וואולגאַריטעט, מיט וועלכער זיי האָבן געפירט דעם עולם, איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ קאָמפּראָמיס מיט די מאַסן, וואָס האָבן קאָרופּטירט די פירערס.

אַנשטאָט באַקלאָגן אונדזערע מתים, וואָלט שוין צייט געווען צו געבן אַ בילד פון דער מערקווערדיקער עפּאָכע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פירערס, וועלכע האָבן געהאַלטן מיט איין בלעטל ווייטער פון דעם עולם, אָבער דאָס פאָלק האָט געשלונגען יעדעס וואָרט מיט אַ דורשט, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער געשיכטע פון אונדזער אויסבילדונג.

אויב די פירערס האָבן נישט ווי געהעריק אויסגענוצט אָט דעם קינדישן גלויבן פון די מאַסן, אויב זיין האָבן אויך נישט געערדט צו די קינדער פון די אימיגראַנטן; אויב די פירערס האָבן געשטויסן די מאַסן אין די אָרעמס פון דער פרעמדער קולטור אונטער דעם אויסרייד פון אַמעריקאַניזאַציע און אויסגריבען, איז דאָס אונדזער טראַגעדיע, ווייל מיר האָבן געירשנט די חורבות.

אָבער יאַנאָווסקי האָט געקראָגן דאָס טעלערל פון הימל. אין זיין טעטיקייט־פּעריאָד איז ער געווען אויף דעם העכסטן אָרט, וואָס זיינע פעאיקייטן האָבן פאַר אים געקאָנט אויסזוכן. עס איז געווען אַ צייט, ווען די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט געמיינט יאַנאָווסקי. זיין „אויף דער וואַך", די ביין מאָס רייד איבער וועלט־געשעענישן און געשעענישן אויף דער ידישער גאַס, זיין גאַלעריע פון טאַלאַנטן, וואָס ער האָט אַליין אויס־געפונען, זיינע בייסיקע טעאַטער־קריטיקן און זיין „בריעף־קאַסטען", וואָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע אינסטיטוציע.

ווען דער לעבעדיקער קוואַל איז אויסגעטריקנט געוואָרן, האָט זיך יאַנאָווסקי צום גליק אַרויסגעגליטשט פון דער „פרייע אַרבייטער שטימע". ערשט ווען ער איז געווען אויסער די גרענעצן פון זיין „פרייע אַרבייטער שטימע", האָט מען געקאָנט זען ווי אויפן אָרט ער איז געווען אין די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן. ווייל יאַנאָווסקיס סטיל האָט אין דער פרעמד נישט געהאַט דעם חן, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין דער היים. יאַנאָווסקיס צעכראַסטעטקייט האָט אויסגעזען ווי אַ סטיל בלויז אין דער „פרייע אַרביי־טער שטימע", ווייל דאָס וואָכנבלאַט איז געווען ער „מיט די ביינער".

צו זיין אויף דעם ריכטיקן אָרט די שענסטע יאָרן פון זיין לעבן איז אַ מדרגה און מיינט דערגרייכונג. יאַנאָווסקי האָט עס דערגרייכט און דערפאַר זיינען איבעריק די אַלע קלאָגלידער. יאַנאָווסקיס חסרונות, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, זיינען די גרויסע חסרונות פון זיין דור, וואָס דאַרף ערשט אויסגעפאָרשט ווערן. דער ערגסטער חסרון פון דעם דור איז, וואָס ער האָט דערוויטערט זיינע קינדער און זיינע אייניקלעך פון זיך מיט אַזאַ הפקרדיקייט און אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז פאַר אונדז — דעם יינגערן דור שריפטשטעלערס — איז מער נישט געבליבן ווי צו ציילן די אבידות און צו טאָן אויך די טרויעריקע אַרבעט פון באַגרעבערס.

מיר איז באַשערט געווען זיך צו באַקענען מיט יאַנאָווסקין נישט לאַנג נאָך דעם, ווי איך בין אַרונטער פון דער שיף קיין ניו־יאָרק. איך בין געקומען מיט אַ סך מאַנוסקריפּטן — לידער, דערציילונגען, אַרטיקלען און סתם מאמרים.

איך האָב איין מאָל דערזען אַן אַנאָנס, אַז די „פרייע אַרבייטער שטימע" קלייבט זיך צו פייערן איר 15־יאָריקע עקסיסטענץ צוזאַמען מיט דעם יובילי פון איר רעדאַקטאָר ש. יאַנאָווסקי, וואָס איז דעמאָלסט, אין 1914, אַלט געוואָרן 50 יאָר. די „פרייע אַרבייטער שטימע" האָט גערופן די שרייבערס, אַז זיי זאָלן זיך אונטעראײַלן און אַריינשיקן זייערע

פראָדוקטן פאַר דעם ספּעציעלן יום־טוב־נומער, וואָס מען האָט געגרייט פאַר דער טאָפּלטער שימחה.

ווער איז דער דאָזיקער ש. יאַנאָווסקי און פאַר וואָס קומט אים, אַז מען זאָל פייערן זיין קיילעכדיקן האַלבן יאָרהונדערט, האָב איך דעמאָלסט נישט געוואוסט. וואָס פאַר אַ שטייגער צייטונג די „פרייע אַרבייטער שטי־מע" איז און וואָס זי האָט אויפגעטאָן אין די 15 יאָר פון איר עקסיסטענץ, האָב איך אויך נישט געוואוסט, אָבער איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין דעם יום־טוב.

איך האָב איבערגעשריבן מיינס אַ דערציילונג און שוין געהאַלטן ביים אַוועקשיקן, אָבער איך האָב זיך געכאַפּט אין צייט און מיט פעטע בוכשטאַבן אויפגעשריבן: „ש. יאַנאָווסקין געווידמעט". דאָס וואָרט „געווידמעט" האָב איך מיטגעבראַכט פון דער היים און איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ שטיקל סגולה.

שטעלט זיך פאָר מיין איבערראַשונג, אַז די סגולה האָט טאַקע גע־האָלפן. ווען דער יובּילײ־נומער איז דערשינען, האָט מיין דערציילונג געפינקלט אויף אַ פּראָמינענט פּלאַץ צוזאַמען מיט די קאָרפּנקעפּ פון דער יידישער ליטעראַטור. אָט איז אַש, אָט איז רייזען, און אָט איז איך מיט מיין „ש. יאַנאָווסקין געווידמעט" אויף דעם גרויסן יאַריד פון דער יידישער ליטעראַטור. איך האָב זיך, הייסט עס, אַריינגעשמוגלט אין דער ליטעראַטור אַריין דורך אַ ווידמונג צו אַן אומבאַקאַנטן מענטשן.

אָבער אין זעלבן נומער האָט מיין געווידמעטער שטאַרק געלויבט די דערציילונג אין זיין „בריעף־קאַסטען" און מיר וואַרעם געדאַנקט פאַר דער מתנה. איך האָב די טעלעכע ווערטער אין „בריעף־קאַסטען" געלייענט אַ סך מאָל, ביז איך האָב זיך אַליין גענומען איבערצייגן, אַז די ווידמונג איז נישט געווען דער כאַבאַר, וואָס האָט מיך אַוועקגעשטעלט לעבן מיינע העלדן, שלום אַש און אַברהם רייזען, נאָר אַז די דערציילונג האָט פאַר מיר געעפנט דעם גאָלדענעם טויער פון דער יידישער ליטעראַטור.

איך האָב פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז מיין דערציילונג האָט געטראָגן דעם קלינגענדיקן נאָמען „אַ געפּערלעכע פּרווי" און איז געווען דערציילט ווי אַן אייגענע דערפאַרונג. עס איז געווען אַ מאָפּאַסאַניש פעטע זאַך און איז געווען אַ ביסל צו הייס אָנגעשריבן. די דערציילונג האָט זיך שוין דעמאָלסט געהאַט געוואַלגערט ביי מיר אַ צוויי יאָר, אָבער אין די וואַרשע־ווער רעדאַקציעס איז מען נישט געווען קיין בעלן אויף מיין צוגעטראַכטער דערפאַרונג.

אין „בריעף־קאַסטען" האָט מיך יאַנאָווסקי איינגעלאַדן צו קומען צו אים אין רעדאַקציע און איך בין טאַקע אין אַ שיינעם העלן טאָג געשטאַנען פאַר דעם קליינעם יידעלע, וואָס איז געזעסן אויף אַ הויכער שטול, אין אַ רעקל, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, און פאַררייכט מאַנוסקריפּטן.

אוודאי בין איך געווען אַ היפּש ביסל אַנטוישט אין מיין „ש. יאַנאָווסקין געווידמעט". עפּעס איז עס נישט געווען דער אומבאַקאַנטער, וואָס איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז עס מיט דער אַנטוישונג, וואָס דער אָרעמער מענטש האָט געהאַט, ווען ער האָט דער־הערט, אַז דאָס בין איך דער גלאַטשטיין פון דער „געפּערלעכער פּרוי"?

ער איז אַרונטער פון דעם הויכן בענקל און מיך גענומען באַטראַכטן פון אַלע זייטן.

— ווי וואָגט אַזאַ שנעק ווי איר אָנצושרייבן אַזאַ זאַך? — האָט ער געשריגן — ווען איר זענט מיינער אַ זון, מאַך איך פון אייך פּיפּקע. זאָגט דעם אמת, האָט איר טאַקע געהאַט אַזאַ דערפאַרונג? — האָט ער געוואָלט וויסן, און דאָס ציגענע בערדל זיינס האָט געוואָרט אויף אַן ענטפער.

איך האָב זיך געריטלט און אַרויסגעשטאַמלט: — ניין! אויסגעטראַכט פון קאָפּ! — האָב איך שיר נישט געוויינט.

— אויב אַזוי האָסטו טאַלאַנט, דער טייוול זאָל דיך נעמען, — האָט ער מיך שוין גענומען דוצן און מיר אָנגעדרייט אַן אויער.

— גיב אַהער נאָך אַ זאַך — האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט צוגעגרייט אין בוזעם־קעשענע אַ מאַנוסקריפּטל און אויך דאָס מאַנוסקריפּטל איז געדרוקט געוואָרן און שטאַרק פאַרלויבט געוואָרן אין „בריעף־קאַסטען".

— אַז דו וועסט נישט קריגן קיין געשוואָלענעם קאָפּ, וועל איך דיר זאָגן, אַז דו וואַקסט אַ טשעכאָוו, דו האָסט די שפּראַך און דעם טאַלאַנט, — האָט ער מיר געזאָגט, האַלטנדיק זיין קאָפּ אָן אַ זייט, אין זיינס אַ כאַ־ראַקטעריסטישער פּאָזע.

דאָ איז נישט דאָס פּלאַץ צו דערציילן פאַר וואָס איך בין געלעגן אין הינערפּלעט ביז 1918, אָבער ווען איך האָב זיך אָפּגעזוכט און אים צוגעשיקט לידער, האָט ש. יאַנאָווסקי גוט געדענקט מיינע דערציילונגען

פון פיר יאָר צוריק און ער האָט מיך אין „ברייוו־קאַסטען״ געמוסרט, פאַר וואָס איך שיק אים נישט פון מיינע דערציילונגען און אַז כאָטש מיינע לידער ווייזן „אַ פונק״, וועלן נאָך פאַרבייגיין יאָרן, ביז מען וועט קאָנען דרוקן מיינס אַ ליד.

אָבער עס זיינען נישט פאַרבייגעגאַנגען קיין יאָרן. גלייך אויף דער צווייטער וואָך האָט ער מיינע לידער אָפּגעדרוקט פּראָמינענט, אויף דעם שענסטן מיזרח־פּלאַץ, און נאָך געמאַכט אַ טומל וועגן זיי. זאָל דאָס זיין דערפאַר, ווייל איך האָב אים די לידער צוגעשיקט אונטער אַ פרויען־נאָמען?

ווידער האָב איך געקראָגן דעם צוטריט צו דער „פרייע אַרבייטער שטימע״ דורך אַ שפּיצל, אָבער דער קלוגער יאַנאָווסקי האָט עס מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן מוחל געווען.

די לידער פון „קלאַראַ בלום״ האָבן זיך געדרוקט וואָך איין און וואָך אויס. יאַנאָווסקי האָט זיי געריטמט און שטאַרק אַנאָנסירט. אַזוי ווי ער האָט שוין צו יענער צייט געקראָגן אַ פאַרבינדונג מיט דער „גערעכטיג־קייט״, האָט ער אָפּגעדרוקט עטלעכע לידער אין דער „גערעכטיגקייט״ און מיר אַפילו צוגעשיקט אַ טשעקל, וואָס איז מיר גאָר שטאַרק צו נוץ געקומען.

אָבער די קאַטאַסטראָפע איז געקומען, ווען אַ דיכטער, אין וועמען איך האָב זיך פאַרטרויט, האָט אַרויסגעפּלאַפּלט פאַר יאַנאָווסקין ווער די „דיכטערין״ איז. איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך בין שוין אַ דע־מאַסקירטער און איך האָב אַריינגעשיקט אַ ווייטערדיקע סעריע לידער, אָבער דער מאַן פון „ברייוו־קאַסטען״ האָט מיר גזלניש געענטפערט:

קלאַראַ בלום. — איצט האָט איר אויפגעהערט צו קענען שרייבן.

יאַנאָווסקי האָט מיר מוחל געווען און אַליין געלאַכט פון דעם, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן. קלאַראַ בלום האָט געשריבן מיט גראַמען און פאַר־שטענדלעך, האָט ער זיך מיט מיר געריצט, אָבער אַלס גלאַטשטיין שרייבט איר געפּאַנפּעטע לידער. זאָגט דעם אמת, איר אַליין האָט טאַקע הנאה פון אייערע אייגענע לידער?

ער האָט נישט אויפגעהערט צו נעמען אַ פאָטערלעכן אינטערעס אין מיר. ווען ער האָט געהערט, אַז איך שטודיר אויף אַדוואָקאַט, איז ער געווען אויסער זיך פון שימחה.

— איר האָט דאָך אַזאַ טאַלאַנט, — האָט ער מיך געשפּיזלט מיט

זיינע אויגן — וואָס זשע דאַרפט איר ווערן אַ שרייבער ? זייט אַן אַדוואָקאַט, זאָלן טאַלאַנטלאָזיקייטן און פּורצעס זיך פאַרנעמען מיט שרייבעריי.

דאָס האָט ער שוין גערעדט מיסתמא פון ביטערקייט, ווען ער אַליין איז באַזייטיקט געוואָרן פון „טעמפּל". ער איז געווען אמת בייז אויף מיר, וואָס איך בין קיין אַדוואָקאַט פּאָרט נישט געוואָרן.

— פאַרפאַלן, איר וועט שוין פאַרבלייבן אַן אייביקער שלימזל !

# פּרץ הירשביין ווינערניקס אידעאַל

דער יידישער אימיגראַציע־דור פון די אַכציקער יאָרן איז נאָך נישט גענוג אויסגעפאָרשט געוואָרן. דער ייד, וואָס איז געלאָפן פון אַ גיהנום און אַריינגעפאַלן מיט פרייד אין די אָפענע אָרעמס פון דער פרייהייט־סטאַטוע, איז אין דער זעלבער צייט אויך אַריינגעפאַלן אין הויזנשעפער, פינצטערע ציגאַרן־שעפער און פאַרחושכטע העמדערשעפער.

מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ פעלדזן־פעסטן כאַראַקטער נישט פאַר־שלונגען צו ווערן אין גאַנצן פון דער אַמאָליקער סוועטשאָפ־סיסטעם, וואָס עדעלשטאַט, באָוושאָווער און מאָריס ראָזענפעלד האָבן פאַרדאַמט און פאַר־שאָלטן מיט זייערע לידער־קללות.

און די מערסטע אימיגראַנטן זיינען טאַקע פאַרפאַלן געוואָרן אין אַ נייעם „סיביר" פון שווערער אַרבעט, פון שרעקלעכער נשמה־יאָגעניש. יוגנטלעכע האָפענונגען זיינען פאַרבלייכט געוואָרן און אין גאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. דאָס נייע לעבן איז געשטאַנען מיט אַ שווערער בייטש, די אַמערי־קאַנער פרייהייט האָט נאָך אַ טאָג אַרבעט פון פערצן אָדער זעכצן שעה אין דער „פעקטאָרי" געקלונגען ווי אַן איראָניע. אַמאָליקע פרייהייטס־קעמ־פערס זיינען שנעל געוואָרן ציניקערס אין דעם פּראָצעס פון צופּאַסן זיך צו נייע באַדינגונגען. נישט נאָר זיינען אונטערגעגאַנגען אידעאַלן, שטרע־בונגען און האָפענונגען, נאָר צוזאַמען מיט די אַלע גוטע זאַכן זיינען אויך אונטערגעגאַנגען די מענטשן אַליין. די מענטשן אַליין האָבן זיך פאַרלוירן

אין נייעם לעבן. זיי האָבן געהערט קלינגען וועגן עפּעס אַן אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ און זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין שמעלצן, ביז עס איז פון זיי כמעט גאָר נישט געבליבן קיין ממשותדיקס.

דערפאַר איז שווער צו פאָרשן, איך מיין קינסטלעריש פאָרשן, דעם דאָזיקן אימיגראַנטן־דור. אַ קינסטלער האָט אַ צוטריט צו כאַראַקטער, צו פיזיאָגנאָמיע, צו אַ באַשטימטן קאָליר, אָבער דער דאָזיקער דור האָט אַרויס־געגעבן זייער ווייניק טיפן און כאַראַקטערן, וואָס זאָלן קענען רעגן אַ קינסטלער. דאָס מטושטשדיקע אין יידישן לעבן האָט דערפאַר נישט געקענט קריגן קיין גרויסן קינסטלערישן תיקון.

דערפאַר איז פשוט אַ מחייה, ווען מען גיט אַ טראַכט וועגן אַזאַ גאַנצן כאַראַקטער, ווי פּרץ וויערניק איז געווען. פּרץ וויערניק האָט אין זיין נייער היים נישט געפונען קיין מוסטער, נאָר ער האָט אויף זיינע אייגענע פּלייצעס דורכגעטראָגן אַן אידייע פון פיינער אינערלעכער האַרמאָניע אין דעם נייעם לאַנד. ער איז פאַקטיש געווען דער ערשטער אמתער אַמעריקאַנער ייד. אַ סך יידישע פירערס, וואָס האָבן יאָ באַזיגט דעם שאָפּ, זיינען קיין אַמעריקאַנער יידן אַלץ נישט געוואָרן. דורך די פערציק אָדער פופציק יאָר פון זייער אַמעריקאַנישקייט רעדן נאָך אַ סך פון זיי רוסיש מיט דעם אַמאָליקן ברען אָדער דייטש מיט דעם אַמאָליקן קנייטש. מען דערנערט זיך נאָך אַלץ אויף שורות פון פושקין, ניעקראַסאָוו, היינע, געטע און שילער. דאָס נייע אַמערי־קאַנישע האָט מען אויפגענומען דורך די אַמאָליקע ברילן. אַנדערע יידישע פירערס זיינען אַוועק עקסטרעם־יענקיש. זיי זיינען אין גאַנצן אויפגעפרעסן געוואָרן פון דער אַסימילאַציע. זיי זיינען געוואָרן אַזעלכע „אַמעריקאַנער״, אַז זיי האָבן פאַרגעסן דאָס ביסל מאַמע־לשון און האָבן נאָך ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן באַגראָבן מאַמע־לשון אין אַמעריקע, אַזוי שטאַרק באַגראָבן, אַז איצט, נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט פון אימיגראַציע, האַלט שוין באַלד יידיש אין אַמעריקע ביי נעילה.

פּרץ וויערניק איז געווען דער אידעאַלער אַמעריקאַנער ייד, כ׳האָב מורא, אַז ער איז געווען דער איינציקער אַמעריקאַנער ייד. וויערניק איז אַריבערגעוואַקסן איסט־סיידישקייט, ער האָט אָבער געוויכט פון דער טויטער וועסט־סיידישקייט און ער האָט ליב געהאַט אַמעריקע מיט אַ רירנדיקער נאַאיווער ליבע. זיין אַמעריקע איז געווען די אַמעריקע פון לינקאָלן און דזשעפערסאָן, אַן אויסגעחלומטע אַמעריקע, אַן אידעאַליזירטע. אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער פאַרבליבן אַ יידישער ייד, מיט אַ גלייכן יידישן קאָפּ אויף די פּלייצעס.

פאַר פּרץ וויערניק האָט אַמעריקאַנישקייט אַרויסגעקוואָלן פון זיין עכט ייִדישקייט. אָט דער גרויסער חלום פון פרייהייט, גלייכהייט און דעמאָקראַטישקייט איז געלעגן אין זיין ייִדישן באַוואוסטזיין און דערפאַר איז פאַר אים נישט געווען קיין גרויסע שוועריקייט צו שאַפן אַ סינטעז צווישן דעם ייד אין אים און דעם נייעם אַמעריקאַנער. דערפאַר האָט ער נישט באַדאַרפט אויפגעבן זיין היימישקייט, זיין ייִדישע אייגנאַרטיקייט, דערפאַר האָט ער נישט באַדאַרפט ווערן עפּעס אַנדערש, ווען ער האָט מיט פופציק יאָר צוריק באַטראָטן די אַמעריקאַנער ערד. ער האָט אין זיין נייער היים געפונען אַ נייע שלימות. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער, ווי ער איז עס געווען אין ווילנע.

ווער עס האָט נישט געזען וויערניקן אין „עלעקשאַן"־נאַכט, האָט קיין אמתן אַמעריקאַנער נישט געזען! ער האָט געשלונגען יעדער פּיצל נייעס פון דעם גרויסן לאַנד. פאַר אים האָבן די שטימען פון קאַלאַמאַזו, מישיגען, געהאַט פּונקט אַזוי פיל באַטייטונג, ווי די שטימען פון סאַלט לעיק סיטי, אָדער פון ספּאָקעין. ער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד פון ווינקל צו ווינקל מיט אַזוי פיל קענטעניש און פאַכמענישקייט, אַז עס איז ממש געווען איבעראַשנדיק.

ער האָט ליב געהאַט אַמעריקע מיט אַ נאַאיווער ליבע, ווייל אַמעריקע איז פאַר דעם האַלבן יאָרהונדערט פון זיין אַמעריקאַניזם געווען און פאַרבליבן אַן אידעאַל. צוליב דער דאָזיקער נאַאיוויטעט איז ער אויך געווען און פאַרבליבן אַ רעפּובליקאַנער. פאַר ווע‌מען רעפּובליקאַנישקייט אָדער דעמאָקראַטישקייט איז אַ וויסטער שפּיל פון ביליקע פּאָליטישענס, פאַר אים איז עס געווען דער רעפּובליקאַניזם פון אַ לינקאָלן און דער גרויסער אידעאַל פון זיין מאַיעסטעט דעם ווילער, וואָס גייט צום שטימקאַסטן און גיט אָפּ זיין שטים פאַר אַ הויכן טאַריף אָדער קעגן.

אָט דער הונדערט־פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער איז געווען אַ וואַרעמער ייד. די הויכע, שלאַנקע פיגור זיינע האָט זיך געבויגן אונטער דער לאַסט פון ייִדישע צרות איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער זיין קאָפּ איז פאַרבליבן נישט צעטומלט. מיט אַן עכטן ייִדישלעכן גלויבן, אַז עס מוז בעסער ווערן, האָט ער אָנגעהאַלטן אַ געזונטן אָפּטימיזם אין זיין בליק אויף די טראַגישסטע ייִדישע געשעענישן. יעדע געשעעניש האָט ביי אים געהאַט אַ היסטאָרישן פאַרגלייך און פון דעם היסטאָרישן פאַרגלייך האָט ער געשעפּט גלויבן פאַר דער צוקונפט.

פאַר אים איז ייִדישקייט געווען אַ גאַנצע כלי, פּונקט אַזוי גאַנץ ווי ער איז געווען. ער האָט געשריבן וועגן ייִדישע ביכער און ייִדישע ספרים

אין זיינע וועכנטלעכע איבערבליקן און געמישט ספרים מיט ביכער מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז אַט די אַלע „פּראָדוקטן" זיינען גלייכע מאַניפעס־טאַציעס פון יידישן גייסט. ער האָט געשריבן אַן איבערגעטריבענער ליידנ־שאַפט און אַן אַנגעבלאָזנקייט. ער האָט בלויז געהאַלטן אַן אויג אויף אונדזער גייסטיקן אינווענטאַר.

וויערניק, דער שרייבער פון דרייסיק טויזנט עדיטאָריעלס, האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר דעם געדרוקטן וואָרט. ער האָט איבערגעלייענט יעדעס בוך, וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשיקט, פון טאָוול ביז טאָוול און ער האָט שטענדיק געזוכט אַ גוט וואָרט וועגן דעם בוך און וועגן זיין שרייבער. ער האָט זיך אַפילו נישט געשראָקן פאַר קיין נײַ וואָרט. ער האָט קיין מאָל נישט געשריבן ווי אַ גרויסהאַלטער פון אויבן אַראָפּ, נאָר מיט גוואַלדיקער ליבע פאַר יעדער שורה, און אַלץ דערפאַר, ווייל ער איז צוגעגאַנגען צו אַ בוך אַן פאָראורטיילן, נאָר מיט פיעטעט פון אַ מענטש, וואָס האָט ליב דאָס וואָרט און האָט טאָפּלט ליב דאָס יידישע וואָרט.

פרץ וויערניק איז געווען דער גאַנצסטער טיפּ פון אַן עפּאָכע, וואָס האַלט אין פאַרשווינדן. די עפּאָכע האָט אַרויסגעגעבן אַ סך גרעסערע קינסטלערס ווי ער איז געווען, אָבער גאַנצערע מענטשן ווי ער איז געווען האָט דאָס יידישע אימיגראַנטישע לעבן נישט אַרויסגעגעבן. פאַר אים איז אַמעריקע טאַקע געוואָרן אַן אמתע היים און נישט קיין צעבראָכענע סוכה פאַר צעבראָכענע מענטשן.

ער איז געווען דער אַמעריקאַנער ייד מיט דעם וואַרעמען טראָפּ אויף אַמעריקאַנער און ייד. ער איז געווען דער אַמעריקאַנער ייד פאַר עקסעלאַנס.

(מ״זש, פעב׳ 4, 1936)

# משה אָלגין

מיט יאָרן צוריק איז די יידישע ליטעראַרישע בירזשע געגאַנגען כאַדראַם מיט אָלגינס אַ טעות. עס איז געווען מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, ווען אָלגין האָט נאָך אַרונטערגעריסן מאָריס ראָזענפעלדן און ווען זיין פיינשמעקערישקייט האָט געזוכט די סאַמע לעצטע אויסדרוק־מיטלען, די אולטראַ־מאָדערנסטע ליטעראַרישע פאָרמען.

דעמאָלט האָט זיך אויף דער יידישער גאַס באַוויזן אַ מאָלער, וואָס האָט אויך אַ פלירטעווע געטאָן מיט לידער. דער מאָלער האָט זייער שוואַך געקענט יידיש, דערפאַר האָט ער זיינע לידער געשריבן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער און אַ סך אויסרוף־צייכנס. אָלגין, וואָס האָט דעמאָלט געזוכט דאָס סאַמע נייסטע און דאָס סאַמע מאָדישסטע, האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די לידער מיט דעם גאַנצן יוגנטלעכן ברען, וואָס אָלגין האָט אַלע מאָל פאַרמאָגט.

...נאָך עפּעס: די לידער זיינען געווען וועגן דער גרויסער שטאָט און פאַראַן אַזעלכע קריטיקערס, וואָס דערזעען גלייך גרויסשטעטישקייט אין לידער וועגן דער שטאָט. אַז מען קאָן פאַרבלייבן אַן אומגליקלעכער פּראָווינציאַל אין דער קעלבערנער התפעלות וועגן דער וואָלקן־קראַצערישער מעטראָפּאָליע, פאַלט זייער ווייניק ליטעראַטור־מבינים איין.

ויהי, און עס איז געווען, ווען אָלגין האָט דערזען לידער וועגן דער שטאָט, און נאָך וואָס פאַר אַ לידער, יעדע שורה האָט געהאַט דריי וואָסקליצאַטעלני זנאַקעס (אויסרוף־צייכנס — פאַר גאַליציאַנער), האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויס אַרטיקל וועגן די געזאַנגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט „קוקס, קוקס, קוקס". ער האָט אין דעם „קוקס" אַריינגעטייטשט אַזוי פיל שטאָטישע סימבאָליק, אַזוי פיל גרויסשטאָטישן וואונדער, אַז ער האָט אין דעם אויסרוף „קוקס" געהערט דאָס געשריי פון אַ מכשפה, וואָס בייטשט דעם שטאָטישן איינוואוינער און שרעקט אים כסדר. דוכט זיך, אַז ער האָט אויך פילאָלאָגיש געפונען אַ פאַרגלייך צווישן „קוקס" און דער פאַרדייטשמערישער העקסע, די כישוף־מאַכערין. די "ק" מיט דער „ס" פון דער העקסע האָט ער געזען אין דעם קלאַנג „קוקס", און ער האָט געזונגען אַ לויבגעזאַנג דעם נייעם, גרויסן דיכטער.

אָלגינס אַרטיקל האָט געקלונגען איבערצייגנדיק, נאָר עס האָט געהאַט איין קליינעם חסרון. דער קורצזיכטיקער אָלגין האָט נעבעך שלעכט געלייענט דאָס ליד, ווייל דער דיכטער האָט ניט געשריבן „קוקס, קוקס,

קוקס!״ נאָר „קובס, קובס, קובס״, כנגד די גרויסע הייזער, וואָס האָבן אים דערמאָנט אין געאָמעטרישע קובן. עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון קוביסטישע מאָלערייען און דער דיכטער־מאָלער האָט געוואָלט אַריינפירן דעם קוביזם אויך אין דער דיכטונג פון דער שטאָט.

האָט מען דעמאָלט גערעדט וועגן אַלגינען, וואָס האָט דעם כוח צו מאַכן אַ לעבן פון אַ טעות, וואָס קאָן זיך אַליין היפּנאָטיזירן מיט אַ פראַזע, אַפילו ווען די פראַזע איז באַזירט אויף אַ דרוקפעלער.

אָבער איין זאַך איז געווען זיכער, אַז אַלגינס טעות איז דעמאָלט כאָטש געווען זיין אייגענער, אַלגינס דורכפאַלן זיינען געווען זיינע אייגענע. ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע אייגענע דורכפאַלן און טעותן און פון זיינע שטרויכלונגען האָט מען געקאָנט עפּעס לערנען וועגן דעם יינגלדיקן אַלגין, וואָס האָט ליב געהאַט די פראַזע, אַפילו ווען די פראַזע איז אין תוך געווען נישט מער ווי אַ צוזאַמענשטעל פון ווערטער, אָן שאַטנס און אָן וואָרצלען.

איצט, נאָך זיין טויט, קאָן מען געפינען דעם איינציקן זכות אויף אים, אַז די טעותן און דורכפאַלן פון זיינע לעצטע יאָרן זיינען שוין נישט געווען זיינע אייגענע, נאָר פון דער פאַרטיי, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן. ווען מען וויל זיין גוטהערציק צו אים, טאָר מען אים נישט מעסטן לויט די לעצטע „קוקסן״ און די אַלע צענדליקער טויזנטער פראַזעס, וואָס ער האָט געצויגן ווי אַ מאַגיקער, כדי צו פאַרטיידיקן אַבסורדן און געמיינע אַב־סורדן, ווייל אין די לעצטע שטרויכלונגען איז שוין נישט געווען קיין פּינטעלע איך, נאָר עס האָט זיך געזוצן דער געדונגענער ריינוואַשער פון אַ פאַרטיי, וואָס האָט אירע טעותן אַרויפגעצוואונגען אויף די מיטגלידער, כדי זיי זאָלן אויסקוקן נישט נאָר געמיין, נאָר אויך לעכערלעך.

***

אַלגין איז געווען אין גאַנצן אָן טראַדיציע. זיין יידיש איז געווען אַ רעדנערישער, אָן קאָליר, בלויז איבערגעשמירט מיט אַ ביסל נייקייט. זאָלן זיך קוויקן מיט דעם די אַלע, וואָס זאָגן, אַז ער האָט פאַרמאָגט סטיל — זיי ווייסן נישט וואָס זיי רעדן. ער האָט געשריבן ענגליש, ער האָט געשריבן רוסיש און איז אין ערגעץ נישט געווען גאַנץ. ער האָט נישט פאַרמאָגט דעם אָפּשיי פאַר איין באַזונדערער שפּראַך. זיין יידיש פאַרמאָגט נישט די וואָ־רעמקייט פון אייגנס, פון עפּעס אַזוינס, וואָס מען היט אָפּ פון קינדוויז אָן. זיין יידיש איז געווען קאָסמאָפּאָליטיש פאַרבלאָזן. די ווערטער זיינען געווען יתומים, אָן קליינשטעטלדיקע טאַטעס און מאַמעס.

ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין טראַדיציע, האָט ער זיך גיך איינגע־היימישט אין זיין ענגליש, וואָס איז געווען אַזוי קאַלט און אַזוי „גראַמאַ־טיטשנע״ ווי זיין יידיש.

און ווייל אַלגינען האָבן זיך נישט נאָכגעשלעפּט קיין צויטן פון טראַדיציע, האָט ער פאַרמאָגט זייער ווייניק אייגנס, כ׳מיין אַזאַ אייגנס, וואָס לייגט אַ חותם אויפן וואָרט, אַפילו ווען דאָס וואָרט הינקט אונטער. זיין דריישפּראַכיקע שרייב־פעאיקייט איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם, וואָס האָט אין דעם געשריבענעם וואָרט נישט געזען קיין ווערטער, נאָר אָנגעשריבענע רייד, גערעדטע רייד.

זיין קריטיק איז געווען פאַלש, סיי ווען ער האָט געריסן מאָריס ראָזענפעלדן און סיי ווען ער האָט אים געלויבט, לויט דעם לעצטן קורס; סיי ווען ער האָט געלויבט די דינקייטן פון מאַני לייבן, סיי ווען ער האָט פאַרטיידיקט די גראָבע רייד אָדער די גראָבקייטן פון דעם מינדסטן פּראָ־לעטפּעניק. זיינע אייגענע שאַפונגען זיינען געווען סענטימענטאַלקייטן, וואָס האָבן געשוועבט צווישן יוגנט־ליריק און שונד.

אַלגין איז געווען אַן איינזאַמער מענטש און ווי יעדער איינזאַמער מענטש האָט ער זיך פאַרטומלט מיט טומל. אַלגין האָט מורא געהאַט פאַר עלטער און ער האָט שרעקלעך ליב געהאַט זיך אַרומצורינגלען מיט יוגנט. אין דעם מאָמענט, ווען דער סאָציאַליזם איז געוואָרן סטאַטיש, אָדער סטאַ־טעטשנע, האָט אַלגין געמוזט אַנטלויפן, ווייל אים האָט געצויגן צו פאַר־טומלטער טומלדיקייט, צו פלאַטפאַרמישקייט און צו יונגע פּנימער, וואָס זאָלן אַרויפקוקן צו אים און שלינגען זיין וואָרט.

***

דער סאָציאַליזם האָט אין עלטערן זיך אַנטוויקלט אַ טראַדיציע, אַ ווירדיקייט, אַ הייליקייט, אַן אמת, וואָס מאַכט נישט קיין קאָמפּראָמיסן, אָבער דער קאָמוניזם האָט נישט קיין טראַדיציע, האָט נישט קיין באַשטימטע הייליקייט און האָט נישט קיין איין באַזונדערן אמת, נאָר צענדליקער אמתן, וואָס מען מוז קאָנען זשאָנגלירן לויט די פאָדערונגען פון מאָמענט. מען דאַרף וויסן גענוי וועלכן אמת אויסצופּאַקן און ווי אַזוי אים צו פאַרטיידיקן. דער קאָמוניזם האָט אין זיך נישט קיין סטאַביליטעט, נאָר ער איז עלאַסטיש און מאָמענטאַן, ער האַנדלט אַזוי איצט, ווייל דער איצט פאָדערט עס. עס איז נאַטירלעך, אַז די ביט שטאַנדהאַפטיקייט פון קאָמוניזם זאָל צוציען די יוגנט, ווייל די יוגנט שפּרינגט פון איין אמת צום אַנדערן און זי קאָן פאַרטיידיקן פלאַם־פייערדיק אַן אמת, וואָס איז ערשט געווען ביי איר אַ נעכטיקער ליגן.

עס איז נאַטירלעך, וואָס דער קאָמוניזם האָט אויך צוגעצויגן אַלגינען, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין אינערלעכן אמת, אויסער דער פּראָזע, קיין ירושה־געפיל און קיין צוגעבונדנקייט צו טראַדיציע, וואָס האָט געציטערט פאַר עלטער און האָט זיך געריסן צום טומל פון דער יוגנט.

אַלגין איז געווען אַ פּעאיקער מענטש, אָבער נאָך מער ווי פּעאיקייט האָט ער פאַרמאָגט אַ ברענענדיקע אַמביציע אַרויסצואווייזן זיינע פּעאיקייטן. דער סאָציאַליזם האָט זיך שוין מער נישט גענייטיקט אין זיין ברענענדיקער אַמביציע. דערפאַר האָט אים דער קאָמוניזם צוגעצויגן ווי אַ מאַגנעט, ווייל אַלגין האָט אין קאָמוניזם איבערגעשפּילט זיין יוגנט, מיט דעם גאַנצן פּראָקלאַמאַציע־פייער פון זיינע בונדישע צייטן. און דאָס איז געווען נאַטירלעך פאַר אַלגינען, וואָס האָט זיך קיין מאָל נישט געקאָנט קילן און עלטערן און זיך איינוואָרצלען אין דער טיף, נאָר ער האָט זיך אַלע מאָל געוואָלט יינגערן, מיינענדיק, אַז ער אַנטלויפט פון גורל. זיין אייגענע אַמביציע האָט אים געבייטשט און געטריבן — ריידן, שרייבן, פירן, זיין, אומעטום זיין.

***

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז פאַר אים געווען די נאַטירלעכע סטאַנציע. זאָלן שפּילן אין מעלאָדראַמאַטישקייט יענע, וואָס ווילן דווקא מאַכן פון אַלגינען אַ בעל־תשובה נאָכן טויט. עס זאָל הייסן, אַז דאָס האַרץ האָט אים געפּלאַצט פון יידישע צרות און פון דעם, וואָס ער האָט לעצטנס געמוזט פאַרטיידיקן. דאָס איז טאַקע מעלאָדראַמאַטיש, אָבער נישט אמת. אַלגין האָט ליב געהאַט יידן און טאַטערן און כינעזער, ווען מען האָט עס באַדאַרפט. ווייל ער איז געווען טראַדיציעלאָז, האָט ער נישט פאַרמאָגט קיין באַזונדערע וואַרעמקייט פאַר יידן. ער האָט געהאַט באַשטעלטע האַסן און באַשטעלטע ליבעס, ער האָט געהאַט באַשטעלטע פאַלקספּראַנטן און איקופן. אַלץ איז געווען געמאַכט פון פּאַפּיר און איבער אַלץ האָט געהערשט די געניטע פּראָזע, וואָס האָט עס באַרעכטיקט היינט און האָט עס פאַרלייקנט מאָרגן.

פאַר אַלגינס כאַראַקטער איז געווען אַ גליק די אויסערלעכע כאַראַקטערלאָזיקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט אים געגעבן גענוג געלעגנהייט אַרויסצואווייזן בריהשאַפט. אַלע זיינע נאָענטע דערציילן, אַז ווען עס זיינען געקומען די מאַסן־עקזעקוציעס, איז ער געווען דער ערשטער אַרויסצואווייזן פעלדזן־פעסטקייט און באָלשעוויסטישע דיסציפּלין. ער איז געווען דער ערשטער צו קריגן די נייטיקע פּראָזע, ער איז באַשטאַנען, אַז מען זאָל מאַכן אַ גרויסן שרייענדיקן קאָפּ וועגן די „היגערעכטעטע טראָצקיסטישע באַנדיטן און מערדערס".

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך געביטן, זי האָט געהאַט איבער־ראַשונגען, זי האָט זיך כסדר געענדערט. אַלגין דער בייגזאַמער איז געווען דער ערשטער אויפצוכאַפּן די ערשטע בליצן פון די שווידערלעכע איבערראַ־שונגען. ער איז געווען אַן אַרבעטער און די פּאַרטיי האָט אים באַדאַרפט האָבן, זי האָט אים געגעבן גענוג אַרבעט, אַ ביסל איבער גענוג, ביז דאָס קראַנקע האַרץ האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

**

אַלגין האָט געקאָנט נעמען דעם ערגסטן „קוקס" און אים פאַרפשטלען. אָבער איך קום צוריק צום אָנהייב. די ערשטע טעותן זיינען געווען זיינע אייגענע, אָבער די לעצטע פאַרראַטן צו זיך און צו זיין פאָלק זיינען שוין נישט געווען זיינע, נאָר די טעותן און פאַרברעכנס פון אַ פּאַרטיי, וואָס האָט אים אין גאַנצן פאַרשקלאַפט.

אַלגין האָט אויסגעקליבן קאָמוניזם, ווייל ער האָט געוואָלט רעוואָלוציע. ער איז אָבער געוואָרן פאַריאַכט און נישט געכאַפּט דעם מאָמענט, ווען דער רעוואָלוציאָנערסטער אַקט וואָלט געווען צו פאַרלאָזן די פּאַרטיי, וואָס האָט ביי אים גערויבט דעם מינדסטן ווידערשטאַנד.

און דעם איינציקן זכות, וואָס מען קאָן אים נאָכזאָגן, איז, אַז ער איז געלעגן אין אַ פּאַרטיי־בלאָטע און ער האָט געמיינט, אַז ער איז אַ רעוואָ־לוציאָנער. ער האָט מיט פּראָזן פּאַרטיידיקט פאַלשקייטן, וואָס ער אַליין האָט נישט אויסגעטראַכט, נאָר וואָס די פּאַרטיי האָט אים אונטערגערוקט. ער האָט געשטעלט זיין פּאַרטיי העכער ווי זיין פאָלק, ווען זיין פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אָוועקצולאָזן מיטן רויך איבער צוויי מיליאָן פּוילישע יידן. אַזוי־אַ איז אַ יוגנטלעכער רעוואָלוציאָנער דערקראָכן צום געדאַנק, אַז די רעוואָלוציע באַשטייט אין זיין ווערן דער שיקיינגל פון דער פּאַרטיי צום גוטן אָדער צום שלעכטן — אַ נייער שאָוויניזם. מיין פּאַרטיי, גוט אָדער שלעכט, ווייל מיין פּאַרטיי (לייען, סטאַלין) קאָן נישט זיין שלעכט.

אַלגין האָט געהערט צו אַ דור פון שאַרפע קאָנטראַסטן, פון פעאיקע און אומפעאיקע. די פעאיקע האָבן זיך רק געריסן צו געוועלטיקן איבער די שטומע צינגער, וואָס האָבן הנאה געהאַט פון אַ גלאַטיקער צונג. די אומ־פעאיקע האָבן זיך ממש געבעטן, אַז מען זאָל אויף זיי רייטן. די אויגן זיינען נישט געווען געוואוינט צום געדרוקטן וואָרט און זיי האָבן דערפאַר געגעבן די אויערן צו יעדן איינעם, וואָס האָט געקאָנט אָפּקיילעכיקן אַ פראַזע. זיי האָבן געשעפּט בילדונג דורך דעם אויער און נישט מיט דעם

אויג; דאָס אויג איז פונדאַמענטאַלישער, קריטישער, אָבער דאָס אויער קאָן אויפן מאָמענט הנאה האָבן פון אַ פוסטן קלאַנג.

אַלגין האָט געהערט צו אַ דור, וואָס האָט ווילד הנאה געהאָט פון שרייבעריי. דער דור איז נישט געווען קיין מאָנער, נאָר אַ נאָכשלעפערישער, די געפירטע האָבן זיך געלאָזט לייכט פירן. אַ שרייבער איז געווען דער, וואָס שרייבט; וואָס דער שרייבער שרייבט, האָט שוין נישט אויסגעמאַכט, ווייל אַלץ, וואָס דער שרייבער האָט געשריבן, האָט געעפנט די אויגן. דער לייענער איז נאָך דעמאָלט געלעגן אין די וויקעלעך.

אַלגין איז אָן ספק געווען איינער פון די פּעאיקסטע פון זיין דור. וואָלט דער דור געפאָדערט אויך דעם אינהאַלט אין דער פראָזע — און אינהאַלט מיינט געוויסן — וואָלט אַלגין קיין מאָל אַזוי לייכט נישט געטענצלט פון „קוקס״ ביז דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך. געווען אין זיין דור אַזעלכע, וואָס האָבן אַליין פאַרמאָגט אָן אייגענע טיפע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, זיי האָבן נישט באַדאַרפט וואַרטן, אַז מען זאָל עס קומען מאָנען ביי זיי. אַלגין האָט עס נישט פאַרמאָגט. דער דור האָט עס ביי אים נישט געפאָדערט, ווייל ער האָט ממש פאַרצוקערט פעאיקייט ווי אַ זאַך פאַר זיך.

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד!

(מז״ש, נאָוועמבער 26, 1939)

# נאַטאַנסאָן — פילאָסאָפישער קריטיקער

אין עלטער פון אַכציק יאָר איז מיט אַ קורצער צייט צוריק גע־שטאָרבן וויליאַם נאַטאַנסאָן. ער האָט לעצטנס געוואוינט אין לאָס אַנדזשע־לעס, ער איז יאָרן לאַנג געווען אַ תושב פון שיקאַגאָ. די לעצטע עטלעכע יאָר האָט מען פון אים נישט געהערט, ער איז געווען קראַנק און ער האָט געלעבט אין צוריקגעצויגנקייט. קיין אַמעריקע איז ער געקומען מיט אַ זעכציק יאָר צוריק פון אוקראַאינע. אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, האָט ער קיין מאָל נישט געוואוינט אין ניו־יאָרק און אפילו זייער זעלטן באַ־זוכט די הויפּטשטאָט פון דער יידישער ליטעראַטור, כאָטש ער איז גע־שטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די שעפערס פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָבן אים געגעבן אַ געלעגנהייט צו „פּראַקטיצירן" אויף זיי זיין מעטאָד פון פילאָסאָפישער קריטיק, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור.

נאַטאַנסאָן האָט אַ צייט שטודירט מעדיצין. שפּעטער האָט ער זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מעדיצינערין און ער אַליין האָט זיך גענומען שטודירן פילאָסאָפיע, וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע, צוזאַמען מיט זיין אַמאָליקער פּאַרטיי־טעטיקייט — ער איז אין דער יוגנט געווען אַ בונדיסט — האָבן אים צוגעגרייט פאַר זיין סאָציאַל־פילאָסאָפישן אינטערעס אין דער ליטעראַטור. ער האָט זיך באַמיט אַרויסצושלאָגן פון דער יידישער ליטעראַטור גענוג אינטערעס פאַר אייגעם, וואָס האָט שטו־דירט שפּינאָזאַן, בערגסאָנען און דעם אַמעריקאַנער פאָרשער פון פּראַגמאַ־טיזם, הענרי דזשעימס. ווען ס'איז דערשינען לייוויקס „גולם" האָט עס נאַטאַנסאָנען געגעבן גענוג שטאָף פאַר זיין פילאָסאָפירנדיקן צוגאַנג צו אַ קינסטלעריש ווערק. ער האָט זיך געפונען, קאָן מען זאָגן, זיין וועג ווי אַן אָריגינעלער יידישער קריטיקער, וואָס קאָן „האַלטן שבת" אויף אַ שרייבער, ער קאָן אים אויסציען און אויסברייטערן, אַרומרעדן באַריכות, פּאַרטייטשן יעדן רמז און דעם שרייבער אַריינציטירן אין דער משפחה פון וועלטדענקערס.

וויליאַם נאַטאַנסאָנס אויסדערוויילטע פילאָסאָפן זיינען געווען — בערג־סאָן און שפּינאָזע. מיט אַ פערציק יאָר צוריק איז דערשינען נאַטאַנסאָנס ווערק „קולטור און ציוויליזאַציע", וואָס איז געווען אַ חשבון־הנפש פאַר דעם אַמאָליקן סאָציאַליסט. מיט זיין ווערק האָט ער געוואָלט באַווייזן, אַז רעוואָלוציעס קאָנען נישט זיין דערפאָלגרייך, כל־זמן זיי וועלן אויסגעקעמפט

ווערן אויפן הינטערגרונט פון סאָציאַלע פּראָבלעמען און געשעעענישן און נישט אין באַטראַכט פון קולטור־פּראָבלעמען. ער איז געוואָרן אַ קעגנער פון מאַטעריאַליסטישע אויסטייטשונגען פון מענטשנס גורל און ער האָט זיך מיט זיין פילאָסאָפישער צוגרייטונג און מיט דער טענדענץ אַרויסצו־טייטשן און אַריינצוטייטשן, זיך אַ נעם געטאָן צו באַשיידן דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור.

זיין טויט איז פּאַקטיש אַדורך אומבאַמערקט, אחוץ עטלעכע קליינע נאָטיצן. די העלדן פון זיין פילאָסאָפיש־קריטישן גן־עדן ווי פּרץ, לייוויק, לוצקי, יהואש, זיינען אויפן עולם האמת. אָבער ס׳וואָלט געווען אַן עוולה נישט צו פאַרצייכענען דעם פאַרלוסט פון אַן אינדיווידועלן שרייבער, וואָס האָט זיך אויסגעחלומט אַן אייגענעם וועג אין אונדזער ליטעראַטור־וויינ־גאָרטן, אַפילו ווען זיין חקירהדיקע קריטיק האָט אַ מאָל געקלונגען גראָטעסק און נישט זעלטן אַרויסגערופן אַ סקעפּטישן שמייכל. וו. נאָטאַנ־סאָן איז אַ נאָמען, וואָס געהערט צו דער יוגנט און דעם באַרג־אַרויף פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. ווען ער איז געזעסן אין שיקאַגאָ, האָט ער פון זיין דערוויטערטער התבודדות אַרויסגעשיקט זיינע לאַנג־אָטעמדיקע אָפּהאַנדלונגען. מען האָט זיי געלייענט אי מיט געדולד, אי מיט נייגער. מען האָט געזוכט דעם טשוואָק פון זיינס אַן עסיי, אָבער מען האָט געמוזט איבערלייענען אַ צען־צוועלף זייטן, ביז מען האָט געכאַפּט וואָס אייגנטלעך „וויל" ער פון זיינעם אַ באַשריבענעם און אַרומגערעדטן שרייבער.

ווען ער האָט געשריבן פון יענעם און אים פילאָסאָפיש אויפגעבלאָזן, האָט מען געוויינלעך געלייענט מיט אַ טראָפּעלע חוזק און אין האַרצן איז מען פונדעסטוועגן אַ ביסל מקנא געווען דעם באַשריבענעם, וואָס נאָטאַנסאָן האָט פון אים אַרויסגעדרונגען אַזוי פיל ציטאַטן און זיי אַרומגעדרשנט מיט אַ סך חקירהדיקע זייטן, אַז דעם שרייבערס הוילקייטן זיינען געוואָרן אָנגע־לאָדן מיט אַ סך שווערקייט.

אָבער מען מוז צוגעבן, אַז וו. נאָטאַנסאָן האָט, אויף זיין שטייגער, געשאָפן אַ יום־טוב אַרום דער יידישער ליטעראַטור און פייערלעך אויפ־גענומען די ווערטער פון אירע שאַפערס. ער האָט — מיר האָבן עס דעמאָלט, מיט יאָרן צוריק, נישט גוט באַמערקט — אויף זיין אייגענעם אופן עקספּערימענטירט מיט דער אויפגייענדיקער חשיבות פון יידישן וואָרט; ער האָט עס צעשפּרייט, געשאָפן לעבנסרוים און עס צערחבותט. ער האָט די פּשוטסטע קלאָרקייטן בכיוון אַרומגעהילט מיט שלייערן פון

רמזים און זיי געדרשנט און רק געוואָלט מאַכן פון דער יידישער ליטעראַטור אַ מער־פון־ליטעראַטור, אַן אופן פון לעבן, אַ טייל פון דער בלאָנדזשענדי־קער, מענטשלעכער חכמה־זוכעניש.

זיין לעצט בוך איז אַרויס מיט אַ צען יאָר צוריק אונטער דעם נאָמען „מענטש און קאָסמאָס". די זאַמלונג פון קריטישע עסייען האָבן מיר שוין דעמאָלט געלייענט מיט אַ געוויסער נאָסטאַלגיע. מען האָט זיך דערמאָנט אין יענע צייטן, ווען יעדער איינער פון אונדז איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיך, אַז מיר האָבן זיך אפשר געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס נישט צו באַמערקן די מיטפאָרערס אויף מענדעלעס וואָגן, וואָס האָט זיך געשלעפּט אַרויף.

וו. נאַטאַנסאָן האָט גערופן זיינע אָפּהאַנדלונגען פילאָסאָפיש־ליטעראַ־רישע עסייען. זיי זיינען אין תוך גריבלערישע אָפּהאַנדלונגען אין אַ פּרואוו צו פאַראינהאַלטלעכן דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט מיט חקירה. די זאַמלונג האָט שוין מיט צען יאָר צוריק מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטיק ליטעראַטור־געשיכטע פון אונדזער נאָענטער און אַזוי דערווייטערטער פאַרגאַנגענהייט. פאַראַן אַ סך ביכער, וואָס געהערן צו דער צייט, ווען זיי זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן, אָבער די גרויסע מעלה זייערע באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זיינען טאַקע דערשינען אין צייט און מען קאָן זיי נעמען צוזאַמען מיט דער צייט. דער גרעסטער חסרון פון טייל ביכער איז, וואָס זיי זיינען פאַרשפּעטיקטע ביכער. זיי זיינען געבליבן הינטער־שטעליק און מען מוז זיי צוריקשיקן צו דער פאַרגאַנגענהייט, צערוקן די פּאָליצע פון פאַרוועלקטע ביכער און געפינען פאַר זיי אַ שטיקל אָרט. די גרעסטע מעלה פון אמת־צייטלעכע ביכער איז, וואָס מען דאַרף זיי נישט אָוועקשטעלן, ווייל זיי שטייען שוין ערגעץ.

פאַר דעם בוך „מענטש און קאָסמאָס" קאָן מען נאָך איצטער געפינען אַן אָרט ערגעץ לעבן ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס ביכער, הגם וויליאַם נאַטאַנ־סאָן איז אַ סך מאָל אַרויסגעטראָטן קעגן ד"ר זשיטלאָווסקיס אידייען און אין איינער פון זיינע ווידמונגען זאָגט ער „אַז זיינע (ד"ר זשיטלאָווסקיס) סאָציאַלע אַני־מאמינס זיינען קיין מאָל נישט געוואָרן מיינע".

וויליאַם נאַטאַנסאָן האָט געפונען אַ גוטן אויסדרוק פאַר דעם זשיט־לאָווסקי־איינפלוס — „קולטור־שוואונג". אָט דער שוואונג האָט אָבער געהאַט אַ באַשטימטע השפעה. דאָס איז קאָנטיק אין וו. נאַטאַנסאָנס בוך „מענטש און קאָסמאָס", ווייל נאַטאַנסאָן איז געגאַנגען אין די טריט פון

זשיטלאָווסקיס יידיש־שעפערישן עטאָס. ס׳וואַרפט זיך אין די אויגן אַפילו ווען מען לייענט איצטער דאָס בוך, נאַטאַנסאָנס לעצטע ירושה. די פרישקייט פון נאַטאַנסאָנס יידיש, קיין סימן פון פאַרעלטערטקייט. כאָטש די מייסטע עסייען זיינען געדרוקט געוואָרן מיט יאָרן צוריק, איז דאָס לשון נישט פאַרלעגערט געוואָרן. דאָס קול איז קלאָר און פאַרמאָגט רעזאָנאַנץ. ס׳איז אויך קלאָר, קלאָרער ווי אַלע מאָל, דער צוועק פון נאַטאַנסאָנס זוכערישן וועג צווישן די בייטן פון יידיש־וועלטלעכער מחשבה און פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיר האָבן זו. נאַטאַנסאָנען אַ רעכט ביסל געקריוודעט, און אויב נישט אין גאַנצן באַזייטיקט, האָבן מיר אים פאַרשטויסן אין אַ זייט. אין נאַטאַנסאָנס גריבלערישער באריכות איז תמיד געלעגן אַ סך עקשנות אויפצופּראַלן די געצווימטקייט פון דעם קורצן מבינות־זאַגנדיקן, אָפּגעפּרעפּלטן און פּאָפּולאַריזאַטאָרישן אַרטיקל. די אָפּהאַנדלונג איבער ה. לייוויקס „גולם״ איז אַ גאַנץ ווערק און פאַרנעמט אַרום אַכציק זייטן; די אַרבעט וועגן יהואָשעס לידער פאַרנעמט 36 בוכזייטן און פרצס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ ווערט אַרומגערעדט אויף 65 זייטן.

אין זיין צוגאַנג צו יהואָשעס לידער נעמט נאַטאַנסאָן אָן, אַז עסטעטיש האָט מען שוין וועגן יהואָשן אַלץ אָפּגעפּסקנט און אַז די באַזונדערע שורות פון די לידער טאָרן מער נישט דורך אים אָפּגעפּרעגט ווערן. נאַטאַנסאָן קומט נאָך דעם ווי די ליטעראַטור־קריטיקערס זיינען שוין פאַרטיק מיט זייער אַרבעט, אָבער צווישן די שורות גנבעט דער פילאָסאָף־קריטיקער די גרענעץ און כאַפּט זיך פאַרט אַריין אויך אין געביט פון עסטעטישער קריטיק. ס׳איז נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער קאָן נישט באַהערשן דעם שטאַרקן חשק צו ווערן אויך אַן עסטעטישער מבין, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל דאָס ווענטל צווישן עסטעטישער קריטיק און, ווי נאַטאַנסאָן רופט עס, פילאָסאָפישער קריטיק, איז זייער אַ דינס און מיט איין בלאָז פאַלט עס איין.

די מעלה פון אַזאַ „גנבענען די גרענעץ״ באַשטייט אין דעם, וואָס אַלע שאַרפקייטן פון נעגאַטיווער קריטיק ווערן פאַררעדט, אַרומגערעדט און אַרומגערינגלט מיט אַ סך גדאַנקלעכקייט. דער קריטיקער ווערט אַרומגעקלאַמערט מיט אַ פרענט פון לאָגיק, אַז אַפילו פון אַראָפּרייסערישער קריטיק ווערט אויסגעדעמפּט די רישעות פון דעם געוויינלעכן שאַרפן, נעגאַטיוון קריטיקער.

אָט איז אַ ביישפּיל פון דעם מעטאָד פון אַ פילאָסאָפישן קריטיקער,

וואָס קאָן, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זיין מאַטעריאַל, אַזוי איבערגעבן זיינע איינדרוקן:

„נישט ביי איז פאַר אים די וועלט, נישט נאָר ווי ער זעט זי איצט מיט זיינע אויגן, נאָר אַפילו ווי ער זעט זי אין זיין פאַנטאַזיע אין דער צוקונפט. דער מאָרגן, דער היינט און דער נעכטן זיינען ביי אים אינ־סטאַנצן און אָפּשטעלן פון איין אויסגעשפּרייטקייט, אַלץ וואָס זעט אויס צו ווערן איז פאַר אים אין תוך געוומען — זיין".

אָט דער טאָן איז כאַראַקטעריסטיש פאַר נאַטאַנסאָנס געלאַסענעם צוגאַנג צום שרייבער, סיי ווען ער לויבט און סיי ווען ער לויבט נישט. ער עמאָציאָנאַליזירט נישט זיינע מיינונגען. דער מעטאָד איז אי אַ דאַנקבאַרער, אי אַ פּראַקטישער. ער קריגט זיך נישט מיט אַ שרייבער און ער כאַפּט זיך נישט מיט אים אַרום. אים אַרט כמעט נישט דער אופן ווי דער שרייבער שרייבט, נאָר וואָס ער האָט צו זאָגן און צי זאָגט ער גענוג, אַז ער, נאַטאַנסאָן, זאָל אויף דעם אויך האָבן וואָס צו זאָגן.

נאַטאַנסאָנס עסייען־זאַמלונגען געהערן צו אַ צייט פון גרויסן אָפּטי־מיזם, ווען אונדזערע שרייבערס האָבן נאָך כאָטש געהאַט דעם כוח אויסצוטראַכטן אַ גרויסע לייענערשאַפט. דעמאָלט האָט וו. נאַטאַנסאָן זיך דערוועגט צו חלומען, ווי אונדזער ליטעראַטור אָדער אונדזער יידיש לשון וואָלט געקלונגען אין אַן אוניווערסיטעט. פאַר סטודענטישע צוהערערס מוז מען ווייזן, אַז די שאַפונגען פון יידישע שרייבערס לאָזן זיך אויך אַריינקלאַמערן אין דעם צוואַנג־קוריקולום פון זייער אַלגעמיינער שטודיע; אַז נאָכן לייענען און איבערלייענען קאָן מען אויך נאָכטראַכטן און זיך אָוועקלאָזן אויף אייגענע געדאַנק־ספּעקולאַציעס; אַז דער מחבר זאָל ווערן אַן אָנרעג, אַן אויסרייד פאַר אַ גוטן דורכשמועס צווישן לערער און תלמידים. אין נאַטאַנסאָנס ביכער זיינען פאַראַן לרוב סימנים פון אַ יוגנטלעכן אָפּטימיזם און גלייביקייט אין דער רחבות פון יידישער לי־טעראַטור און אין איר מעגלעכער השפּעה. דערפאַר לייענען זיך נאַטאַנ־סאָנס עסייען נאָך אַפילו מיט מער הנאה און אָנערקענונג, ווי זיי זיינען געלייענט געוואָרן מיט יאָרן צוריק. זיי זיינען „זיכרונות" פון אַ באַרג־אַרויף, ווען אונדזערע אייניקלעך זיינען נאָך געווען אויסגעטראַכטע און זייער וואוהין איז אונדז נאָך אַזוי וויטאָגדיק נישט אָנגעגאַנגען.

(סאַג־מאָרגען־זשורנאַל, יאַנואַר 26, 1964)

# דער עסייאיסט לעאָ קעניג

לעאָ קעניג האָט געוואוינט זיינע בעסטע יאָרן אין לאָנדאָן, ער האָט אויף זיך אויסערלעך אַרויפגעצויגן אַ הייטל פון אַן אמתן ענגלענדער. ער האָט זייער ווייניק געשריבן און ער האָט זיך באַטראַכט פאַר אַן איזאָלירטן פון דער יידישער שרייבער־משפחה. קיינער האָט אים, חלילה, נישט איזאָלירט, אַחוץ אפשר זיין אייגענער ענגליש־איבערגענומענער סנאָביזם. אָבער אים איז געווען באַקוועמער צו טראַכטן, אַז מען האָט נישט געמאַכט פאַר אים קיין פּאַסיק אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור און דערפאַר איז ער אַרומגעגאַנגען מיט גערעכטע שוויגנדיקע פאַראיבלען. די דאָזיקע טענות צו דער יידישער ליטעראַטור האָט ער פון צייט צו צייט מגלה געווען אין פּריוואַטע שמועסן.

דער אמת איז געווען, אַז לעאָ קעניג האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט צו פיל שרייבערישן חשק און שפע. יונגערהייט איז ער געווען אַ מאָלער און ער האָט מסתמא געהאַט גרויסע אַמביציעס אויף דעם דאָזיקן געביט. שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ שרייבער, האָט ער ליב געהאַט צו שרייבן און פילאָסאָפירן וועגן קונסט. זיינע עסייען זיינען געווען מערסטנס וועגן קונסט, אָבער אויך וועגן אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון עסטעטיק. פון דיביידע ברכות — שרייבעריי און מאָלעריי — איז אים געבליבן מער די נייגונג צו שרייבן. זיינע עסייען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אינדיווידועלן טאָן און אַפילו מיט אַ געוויסער אָריגינאַליטעט.

...מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו האָבן אַ שמועס מיט אים אין פּאַריז. ער איז געקומען צו גאַסט צו מיר אין האָטעל, צוזאַמען מיט דעם אויסגעצייכנטן נאָוועליסט אפרים קאַגאַנאָווסקי. מיר האָבן גוט פאַרבראַכט עטלעכע שעה און זיך אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען זיך שפּעטער אין קינסטלער־קאַפע „דאָם". זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי וועלן ערשט קומען נאָך האַלבער נאַכט, ווייל זיי דאַרפן אָפּשטאַטן נאָך אַ באַזוך. ווען איך האָב געוואָלט וויסן צו וועמען זיי קלייבן זיך אויף אַזאַ שפּעטנאַכטיקן וויזיט, האָבן זיי נישט צו גערן אַרויסגעשטאַמלט, אַז זיי האָבן אַן אָפּשמועס צו באַזוכן דעם מאָלער — שוואַרץ.

— שוואַרץ? — האָב איך אַ פאַרוואונדערטער געפרעגט — איר מיינט דעם פּאַסקודנעם משומד?

— יאָ — האָבן זיי ביידע צוגעגעבן — אָבער מען קאָן אים נישט רופן

מיט אַזאַ נאָמען — האָט קעניג פּראָטעסטירט — ער שטייט כסדר אין וואַרעמען קאָנטאַקט מיט יידן. ער שרייבט אונדז אַפילו יידישע בריוו.

— טאַקע? ער שטייט אין קאָנטאַקט? אָבער פאַר וואָס זאָלן יידישע שרייבערס שטיין אין קאָנטאַקט מיט אים? — האָב איך בייז אַ פרעג געטאָן — זיינען שוין טאַקע אָפּגעשאַפט אַלע מחיצות צווישן יידן און משומדים? וואָס־זשע טוט איר, ווען ער פּאַלט, ווי מען דערציילט, אויף די קני, ווען די גלעקער פון „נאָטער דאַם" צעקלינגען זיך? וואָס טוט איר מיט אייער קאָנטאַקט, איר וואַרט אַפּ געדולדיק ביז ער הייבט זיך אויף, אָדער איר טוט אים אַ טובה און קניט־מיט?

אַ וואָרט צו אַ וואָרט, עס איז געוואָרן אַ הייסע קריגעריי. ביידע — קעניג און קאַגאַנאָווסקי — האָבן מיר געגעבן אַ לעקציע אין טאָלעראַנץ און זיי זיינען פאַרט געגאַנגען אויף דעם פריינדלעכן באַזוך מיט דעם געשמדטן זון פון זגערזשער משכיל — יששכר שוואַרץ, דוד פרישמאַנס און שלום אַשס פריינד. דאָס טייערע זונדל זיינס האָט פאַראָבלט אַ וואַרעם יידיש הויזגעזינט, ווען ער האָט זיך געשמדט צוזאַמען מיט זיין פרוי און אָפּגעשמדט די קינדער. דעם משומדס טאָכטער האָט אָקאָרשט פאַרעפנט־לעכט אַן ענגליש בוך, וואו זי דערציילט די געשיכטע, ווי אַזוי אירע עלטערן זיינען געוואָרן קאַטאָליקן.

איך האָב באַגעגנט לעאָ קעניגן עטלעכע מאָל, און קיין זאַך האָט מיך אַזוי נישט צוגעגרייט פאַר זיין בוך, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1949, ווי אָט דער עפּיזאָד מיט דעם ביינאַכטיקן באַזוך ביי דעם קאַטוילישן מאָלער, וואָס שרייבט נאָך יידישע בריוולעך. דאָס איז געווען שוין איין מאָל אַ בוך, וואָס איז דערשינען קוים פיר יאָר נאָך דער אַזוי־גערופענער באַפרייאונג, ווען יידן האָבן אָקאָרשט אויסגעפונען, אַז מיר זיינען באַפרייט געוואָרן פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. מען האָט נאָך ממש געשפּירט דעם שטיקנדיקן רויך פון די גאַזאָויוונס, ווען לעאָ קעניג האָט אונדז מזכה געווען מיט אַ בוך, וואָס ער האָט אָנגערופן „דאָס בוך פון לעסטערונגען". דער „ענגלענדער" האָט פּלוצעם פאַרלוירן דעם פּולן מענטשלעכן, שוין נישט רעדנדיק וועגן יידישן, קאָנטראָל איבער זיך און ער האָט גענומען נישט נאָר לעסטערן, נאָר פאַרביטערן דאָס יידישע לעבן, באַזאָלצנדיק רויע יידישע וואונדן מיט אַ הפקר, וואָס האָט נישט צו זיך קיין גלייכן.

...וואָלט איך איצטער מקיים געווען דעם שפּרוך, אַז אויף אַ געשטאָר־בענעם דאַרף מען זאָגן אָדער גוטס, אָדער גאָרנישט, און אין גאַנצן פאַר־

שוויגן זיינע „לעסטערונגען“, ווען מיין פריינד מלך ראַוויטש וואָלט, אין זיין הספּד אויף קעניגן („לעצטע נייעס“, דעם עלפטן סעפּטעמבער), אויך פאַרשוויגן דאָס דאָזיקע בוך. אָבער ראַוויטש דערמאָנט דווקא יאָ די „לעסטערונגען“... און ער רופט עס נישט נאָר אַ שטאַרק בוך, נאָר **פרום־יידישלעך „אַ שטאַרק ספר“.**

...צי קען מען לעאָ קעניגס „לעסטערונגען“ אָנרופן — **אַ „שטאַרק ספר“? צי האָט דאָ נישט דער גוטער ראַוויטש געגרייזט מיט אַ העברעאיזם ווי ספר, וואָס פּאַסט זיך צו קעניגס „לעסטערונגען“ אַקוראַט ווי אַ** צווייטער העברעאיזם — אַ גוט־שבת צו אַ בייזן פּאַטש?

מלך ראַוויטש איז אין צוגאָב צו זיינע אַלע אַנדערע מעלות אַן אָנגעזעענער פּובליציסט. ער האָט לייענערס אין דער גאַנצער יידישער וועלט, ווייל ער איז אַן אייגענער סינדיקאַט פון זיינע אַרטיקלען, וואָס ווערן געדרוקט און איבערגעדרוקט אין דער גאַנצער יידישער וועלט, פּאַקטיש וואו עס דערשיינט אַ יידישע שריפט. ער צעשיקט זיי און זיי ווערן אומעטום אויפגענומען מיט אַנערקענונג און כבוד. עס זיינען זיכער פאַראַן טויזנטער יידישע לייענערס, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געלייענט מלך ראַוויטשעס אַ ליד, אָבער זיי לייענען זיינע אַרטיקלען, וואָס האָבן אַ גרויסע מעלה, אַז זיי רופן אַרויס צוטרוי; מען געטרויט אים זיינע מיינונגען, אַפילו ווען מען איז מיט זיי אַ מאָל נישט מסכים.

ווען אַ שרייבער דעראָבערט פאַר זיך אַזאַ צוטרוילעך לייענערשאַפט, פאַלט אויף אים אַ שווערע אַחריות. ער ווערט אַ גרויס ראַיעל געשעפט, וואָס האַנדלט אויף דער נאמנות פון אייגענעם וואָרט. דערפאַר איז מיר געוועז אַ וואונדער, וואָס ער האָט זיך דערלויבט אין זיין הספּד אויף דעם עסייאיסט לעאָ קעניג עטלעכע ווערטער, וואָס זיינען עלול צו פאַרפירן מלך ראַוויטשעס צוטרוילעכן לייענער. איך גלייב קוים, צי איינער פון טויזנט ראַוויטשעס לייענערס האָט ווען עס איז געלייענט קעניגס „לעסטערונגען“, וואָס זיינען דערשינען פיר יאָר נאָכן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט נאָך נישט געהאַט דעם כוח זיך **אויפצוהייבן פון דעם שבעה־בענקל, נאָכן איבערציילן אונדזערע אָפּגעווישטע שטאָמען.**

ראַוויטש רופט דאָס דאָזיקע בוך אַ „שטאַרק ספר“ און ער שטראָפט „אונדזער זינדיקע יידישע קאָנפאָרמיסטישע וועלט“ פאַר פאַרשווייגן דאָס דאָזיקע „ספר“, וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסרופן אַ שטורעם, אָבער עס איז

פאַרשוויגן געוואָרן און געפאַלן, זאָגט ער, מליצהדיק, „ווי אַ שטיין אויף געדיכטן גרינעם מאָך פון דורות".

אין אַן אַנדער אַרטיקל האָב איך שוין אָנגעוויזן, אַז איך האָב בשעתו יאָ אַ ביסל געשטורעמט אַרום דעם דאָזיקן „ספר", איידער דער גרינער מאָך פון דורות האָט דעם דאָזיקן שטיין גרינטלעך צוגעדעקט. איצטער גייט מיר בלויז אין אויפווייזן, אַז מען טאָר אַזאַ בוך נישט אָנרופן — ספר. ווי פריי מען זאָל דאָס דאָזיקע טראַדיציאָנעלע יידישע וואָרט נישט באַנוצן, איז עס אַלץ אַ חילול.

ראַוויטש האָט ליב זיך צו באַנוצן מיט שטראָפרייד, אָבער מען מוז זיין געוואָרנט און פאַרוואָרנט קעגן שטראָפן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, וואָס זאָל האָבן געזינדיקט מיט קאָנפאָרמיזם קעגן לעאָ קעניגן, בעת די שטראָף האָט גאָר באַדאַרפט פאַלן אויף דעם מחבר. איך וואָלט דערפאַר געוואָלט גלייכשטעלן געוויסע פאַקטן בנוגע די „לעסטערונגען".

עס וואָלט בפירוש געווען אַ סך בעסער, ווען מלך ראַוויטש וואָלט אין גאַנצן נישט דערמאָנט דאָס דאָזיקע פאַרגעסענע בוך, ווי אַ שבת אויף דעם געשטאָרבענעם יידישן עסייאיסט, וואָס איז באַגאַנגען אַ שווערע זינד נישט מיט איין שטיין, נאָר מיט אַ סך שטיינער, וואָס ער האָט געוואָרפן אויף יידן — קאָנפאָרמיסטן און ניט־קאָנפאָרמיסטן. ראַוויטשעס „אָגולגע" דער־קלערונג, אַז אונדזער יידישע „קאָנפאָרמיסטישע וועלט" איז זינדיק, ווייל זי האָט נישט אויפגענומען די „לעסטערונגען" מיט אַ שטורעם, ס'הייסט מיט ערנסטע דעבאַטעס פאַר אָדער קעגן, איז אַן אומפאַרדינטע באַליידיקונג מצד אַזאַ עטישן מענטשן ווי ראַוויטש. אַזעלכע „לעסטערונגען" צעטיילן נישט דאָס יידישע פאָלק אויף קאָנפאָרמיסטן און ניט־קאָנפאָרמיסטן, נאָר זיי שאַפן אַן איינשטימיקע געפלעפטקייט ביי אַלע יידן פון אַלערליי שאַטי־רונגען. ס'לשון ווערט פשוט אָפגענומען צו דעבאַטירן מיט אַזאַ בוך, וואָס איז אַחוץ דעם ביטערן תוכן געווען דאָס סאַמע פאַרקערטסטע פון אַ דבר בעתו.

ובכן, וועל איך זיך באַנוגענען מיט עטלעכע ציטאַטן פון בוך. לעאָ קעניג שטעלט פאַר זיך אַוועק די קשיא — „איז מיין יידישקייט מיין האָרב ?" און ער נעמט שילדערן זיין יידישן האָרב מיט אַ שנויצן־פּרעסע־רישן אַפּעטיט. אין מיין אייגענעם אָפּרוף אין 1949 אויף דעם בוך האָב איך געשריבן, אַז עס פאַרמאָגט אַן עלעמענט פון פאָרנאָגראַפיע, ווייל ער האָט אויף זיין נאַקעטער און פאַרשימלטער אַפּיקורסות נישט אַרויפגעוואָרפן אַ שטיקל פייגנבלעטל, נאָר ער האָט עס סערווירט מיט דער גאַנצער אומ־

עסטעטישער וואולגאַריטעט. אין די „לעסטערונגען" קעמפט אַזאַ עסטעט ווי קעניג מיט אַלטפרענקישער אַפּיקורסות. ער ראַנגלט זיך מיטן שוחט און מיט דער מילה, פאַר אַלעמען אין די אויגן; ער פּרעדיקט מיט „פּראַ־פּעטישן" ברען קעגן כשרות און ער מאַכט פּיפּקע פון דער גאַנצער יידישער אינטעליגענץ. אָט איז אַ פּערל פון די לעסטערונגען — „אונדזער מאָדערנע יידישע, נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ איז אפשר די היפּאָקריטישסטע אין דער וועלט". פאַרגעסט נישט דאָס וואָרט — נאַציאָנאַלע. די דאָזיקע יידישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ ווערט נישט געראַטעוועט מיט דעם „אפשר". אפשר איז פאַראַן ערגעץ אַ שטיקל שותף צו אַזאַ היפּאָקריטישער אינטע־ליגענץ, אָבער נישט אויסזוכנדיק דעם שותף, בלייבט דערווייל די מאָדערנע יידישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ „די היפּאָקריטישסטע אין דער וועלט".

מיט וואָס זיינען די טויזנטער, צענדליקער טויזנטער מאָדערנע יידישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענטן, וואָס דאָס נעמט אַרום אַלע ציוניסטן, בונדיסטן, טעריטאָריאַליסטן און אַנדערע יידישע אידעאַליסטן, אַזעלכע וועלט־היפּאָ־קריטן? בעסער געזאָגט, ווי אַזוי איז געשען, אַז זיי זאָלן זיך אַרויספאַרבעטן און ווערן די היפּאָקריטישסטע אין דער גאַנצער וועלט? דערקלערט אונדז לעאָ קעניג זייער שכלדיק, אַז — „דער גלות און די אַטאַוויסטישע מורא פאַר דעם יידישן גאָט האָט זיי פאַרוואַנדלט אין היפּאָקריטן". מען האָט, הייסט עס, אַזוי לאַנג אין גלות געציטערט פאַרן רבונו של עולם, אַז פון גאַנצן מאָדערנעם יידישן נאַציאָנאַליזם איז געוואָרן איין שטיק צביעות — די ערגסטע אין דער וועלט.

אַ ביסל ווייטער אין זיין „ספר", ווי ראַוויטש רופט די „לעסטערונגען", געפינען מיר די אמתע סיבה פון לעאָ קעניגס כעס. ער איז אויפגעבראַכט אויף דער יידישער אינטעליגענץ און ער צעבייזערט זיך: „ווי אַזוי קענען זיי באַרעכטיקן און פאַרשווייגן שחיטה, כשרות, רצועות, מילה און אַנדערע ווילדע באַרישקייטן?"

דער ענטפער אויף דער קשיא איז, אַז 1945 איז נאָך נישט געווען די צייט און מאָדע פון גרויסע קאָנפראָנטאַציעס און גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. דערפאַר איז די יידישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ נישט אַרויס אין אַ שאַר־פער גאַסן־מלחמה קעגן רבונו של עולם און דער יידישער פּאָליציי, וואָס באַשיצט די אַלע זאַכן, וואָס האָבן קעניגן אַזוי אַרויסגעפירט פון די כלים. קעניג איז געווען אין כעס, וואָס נאָך דעם ווי שלום אַש האָט מיט צענדלי־קער יאָרן פריער פאַרפירט אַ מלחמה קעגן מילה, זיינען נאָך פאַרגעקומען

אַזוי פיל יידישע בריתן, מיט דער פריידיקער סנדקאות, פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ.

און אָט איז דער געשמאַקער פאַרגלייך, וואָס לעאָ קעניג האָט זיך דערלויבט צו באַנוצן און אַלץ אין קאַמף קעגן דער נאַציאָנאַלער יידישער אינטעליגענץ. לעסטערט אַזוי לעאָ קעניג:

„מיר האָבן זיך געשעמט פאַרן נאָמען מענטש, ווען די נירענבערגער געזעצן האָבן פאַרבאָטן די דייטשן צו עסן ביי יידן, אָדער חתונה צו האָבן מיט יידן, און ביי זיך לאָזן מיר עס צו, ביי אונדז איז עפּעס אַנדערש — קיום העם... די יידישע אינטעליגענץ דאַרף זיך שעמען, וואָס אַזאַ גרויסער פּראָצענט פון אונדזער פאָלק מיאוסט זיך צו עסן ביי זייערע ניט־יידישע שכנים".

אין אַלץ איז נעבעך די יידישע אינטעליגענץ שולדיק, אַפילו פאַר דעם גרויסן פּראָצענט כשרות־אַפּעטיטערס. די דאָזיקע כשרות־דינים ווערן ביי קעניגן פאַרגליכן מיט — די נירענבערגער געזעצן.

און אַז ער וואַרפט זיך אַריין אין קאַמף מיט אַזאַ טראַגי־קאָמישן אייפער אַטאַקירט ער אויפן גאַנצן פראָנט. ער פאַרזעט אַפילו נישט דעם „האַלב־בלינדן און האַלב־טויבן מלמד, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ לאַנגע ברודיק־ווייסע באָרד מיט געל־גרינע פליאַמעס פון דער טאַבעקע".

מיט אַ מאָל דערמאָנט זיך לעאָ קעניג אין נאָך אַ ספּעציעלן שיכט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ און ער דערלאַנגט אַזאַ לעסטער:

„אַ וויסנשאַפטלער, אַן אַנאַליטיקער, וועלכער פאַרטיפט זיך דורך זיין מיקראָסקאָפּ אין אַ סלאַי מיט באַקטעריעס, באַהעפט זיך מער מיט דעם געטלעכן אין־סוף, ווי אָט די וועלטלעכע בעלי־תשובה אונדזערע, וועלכע קוועטשן זיך פון דאָס ניי אויף אַ בלאַט גמרא, הויפּטזאַכלעך דערפאַר, ווייל זיי זיינען אימפּאָטענט און זייערע ווייבער זיינען נימאס און מיאוס".

אַזעלכע ביליקע און געשמאַקע לעסטערונגען האָבן זיך שוין לאַנג נישט געוואַלגערט אין יידיש־אַפּיקורסישן רינשטאָק. דער עסטעטיקער לעאָ קעניג האָט זיי געפונען און מיט זיי געגאַנגען אין קריג. דאָס מאַכן אימפּאָטענץ פאַר דעם שטויס „צו קוועטשן זיך אויף אַ בלאַט גמרא" איז אידיאָטיש און צו פאַרענדיקן מיט אַ טראַסק, אַז די ווייבער פון די יידישע בעלי־תשובה זיינען „נימאס און מיאוס", איז מיאוסער שונד. פאַרדינט אַזאַ געשמאַק זאָגעלע, אַז דער אידעלער ראַוויטש זאָל פּלוצעם אויסלאָזן זיין

כעס אויף דער „זינדיקער יידישער קאָנפאָרמיסטישער וועלט״? און גראַמט זיך טאַקע דער אויסדרוק ספר מיט אַזעלכע ווילדע אויסגוסן?

און מיט אַ מאָל גיט זיך דער שנויצן־אַפּיקורס קעניג אַ צעפּלאָפּל און ער גיט זיך אַרויס די ריכטיקע דיפּלאָמע וואוהין ער ציט מיט זיין אָנפאַל אויף דער יידישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ און אַפילו אויף די ווייבער. אָט וואָס לעאָ קעניג לאָזט אונדז הערן, אָבער ווי צו די יידישע אויערן, וואָס הערן אַזוינס: „יעדער מענטש איז אַ קריסטוס און יעדער מענטש ווערט געקרייציקט פון זיך אַליין, פון יעדן מענטש — צי ער איז אַ קריסט, צי ייד, צי ער איז אַ גלח אָדער אַ רב — ווייל יעדער מענטש איז אויך זיין אייגענער יודאָס״. מיינט איר דאָך, אַז דער דאָזיקער מיסיאָנערישער קוואַטש איז בלויז אָנגעוואוּנקען, אָט הערט אָקאָרשט ווייטער:

„וואָלט געוועזן אפשר דאָס מענטשלעכסטע, ראַציאָנעלסטע, מיר זאָלן אַלע ווערן, אין דעם זין, קריסטן — אויך די קריסטן — און קיין מאָל נישט פּאַרגעסן אין דעם געטלעכן געקרייציקטן מענטשן, און אויפהערן קרייציקן זיך אַליין און איינער דעם צווייטן״.

פּאַראַן אַנדערע שטעלן אין „בוך פון לעסטערונגען״, וואָס כ׳האַלט, אַז עס איז גלייכער זיי ניט צו ציטירן. זיי דערמאָנען אין דעם אַלטן אַפּיקור־סישן זשאַרגאָן פון בגימין פייגענבוימס חדר. אָבער די פּאַרשימלטע ראָזשינ־קעס, וואָס מיר האָבן ביז איצט אַרויסציטירט פון לעאָ קעניגס אויסברוך, אין 1949, זיינען געווען אויפצופרישן דעם זכרון ביי מיין פריינד מלך ראַוויטש, אַז ער האָט נישט געטאָרט אָגרופן די „לעסטערונגען״ אַ „שטאַרק ספר״ און דערמיט שלאָגן אונדזער „זינדיקע קאָנפאָרמיסטישע יידישע וועלט״. פּאָדערט טאַקע מלך ראַוויטש פון זיינע טויזנטער לייענערס אַזאַ מין נישט־קאָנפאָרמיזם, ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין לעאָ קעניגס „לעס־טערונגען״? דאַרף מען שטראָפן די זינדיקע יידישע קאָנפאָרמיסטן (ווער ווייסט וואָס דאָס מיינט אַזוינס?) אויפן חשבון פון קעניגס פּאַרקריסטלטער היסטעריקע?

(דער טאָג־מ״זש, סעפּט׳ 18־20, 1970)

# ש. ד. זינגער

דער ענגלישער פּאָעט סעמיועל קאָלערידזש האָט נישט געהאַלטן פון קיין קריטיקערס, וואָס האָבן נישט באַוויזן, מיט אייגענע שעפערישע ווערק, אַז זיי קאָנען אַליין עפּעס אויפטאָן. ער האָט דערמיט אין גאַנצן אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט קריטיק ווי אַ באַזונדערע פּראָפעסיע, וואָס איז נישט אַ טייל פון דער אַלגעמיינער שעפערישקייט פון אַ קינסטלער. איבערגעזעצט אויף פּשוטע רייד האָט עס געמיינט: לאָמיר נאָר אָקאָרשט זען, וואָס דער גרויסער מבין קאָן אַליין אויפטאָן, אויב נישט איז נישטאָ וואָס צו רעדן; אויב ער קאָן אַליין נישט אָנשרייבן קיין רעכט ליד אָדער אַ גוטן ראָמאַן, טאָר מען זיך צו זיין מבינות נישט צוהערן.

קאָלערידזש אַליין איז געווען אַ גוטער פּאָעט און דערפאַר איז ער געווען זיכער, אַז ער האָט די פּריווילעגיע צו קריטיקירן, און ער איז טאַקע געוואָרן איינער פון די גרעסטע קריטיקערס אין דער ענגלישער ליטעראַטור. אָבער די ריינע קריטיק־פּראָפעסיע האָט אים פאָרט נישט געפאָלגט און נישט אויפגעהערט צו עקסיסטירן. פאַרקערט, דער קריטיקער־פּראָפעסיאָנאַל האָט עס געהאַלטן פאַר אַ סך קליגער און פּראַקטישער נישט צו שרייבן קיין אייגענע זאַכן און נישט צוצושטעלן בידים די מאָס, וואָס מיט איר זאָל ער אַליין געמישפּט ווערן. דער פּראָפעסיאָנעלער קריטיקער איז אויך זיכער, אַז אַ קינסטלער קאָן נישט זיין אָביעקטיוו, ער מוז מישפּטן חברים מיט זיין אייגענער מאָס, מיט זיינע אייגענע באַגרענעצונגען אָדער גאָר מיט דעם טעלערל פון הימל, וואָס אים איז קיין מאָל נישט באַשערט געווען צו דערלאַנגען און וואָס ער זוכט דווקא, מיט גרויס רישעות, ביי זיין חבר.

דערפאַר געפעלט מיר, ווי דער ייִנגערער קריטיקער ש. ד. זינגער שרייבט וועגן דעם עלטערן קאָלעגע ש. ניגער. אין זינגערס בוך „דיכטער און פּראָזאַאיקער" געפינען מיר צוויי עסייען וועגן ש. ניגערן. איינער איז געשריבן געוואָרן צו ניגערס 70סטן געבוירן־טאָג, דער צווייטער עסיי נאָך ניגערס אומגעריכטן טויט. דער ייִנגערער פּראָפעסיאָנאַל שרייבט מיט אַ סך וואַרעמקייט וועגן דעם אידעאַלן קריטיקער, וואָס זיין באַשיידענע אויפגאַבע איז צו קומען — „פאַרשטיין, געניסן און זיך טיילן מיטן לייענער מיט דעם, וואָס ער, דער קריטיקער, האָט דערזען און דערהערט ביים שרייבער".

זינגער געפינט אין ניגערס ווערק „סיי די עניוות און סיי דעם שטאָלץ

פון דעם תלמיד־חכם, וואָס קומט אונדז מסביר זיין אַ שווערע סוגיא".

דאָס אַליין וואָלט אָבער פאַרשמעלערט די ראָלע פון קריטיקער.

אין ניגערס קריטיק, זאָגט אונדז זינגער, "ווי ביי יעדן עכטן קריטי־קער, איז אויך פאַראַן אַזוינס, וואָס פאַרשאַפט דעם לייענער יענע גייסטיקע הנאה, יענע פרייד, וואָס מען האָט בעת מען לייענט וועלכע עס איז קונסט־שאַפונג".

בעל־מחשבותן, דעם ערשטן עסטעטישן קריטיקער אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט מען מוחל געווען אַ זייער שלעכט ליד, וואָס ער האָט אַליין אָנגעשריבן, און זיינע זייער אומבאַהאָלפענע מעמואַרן, ווייל ער האָט מיט זיין קריטיק טאַקע פאַרשאַפט דעם לייענער דעם באַזונדערן פאַרגע־ניגן, וואָס זינגער רופט גייסטיקע הנאה. דער אמתער קריטיקער איז אַליין אויך אַ שעפער, וואָס די טעמאַטיק זיינע איז — יענעמס ווערק.

איז דאָס דער אמתער צוגאַנג צו זינגערס עסייען און אָפּהאַנדלונגען איבער ליטעראַטור. קיין אייגענע שעפערישע זאַכן, מיט וועלכע מען זאָל אים קאָנען כאַפּן ביי דער האַנט, האָט ער נישט, מוז מען אים דערפאַר פאַררעכענען פאַר אַ ריין־פּראָפעסיאָנעלן קריטיקער, וואָס אימפּראָוויזירט אויף אַ צוגעשטעלטער טעמע, און די טעמע איז — יענעמס בוך, יענעמס ליד אָדער יענעמס אַ דערציילונג, און ער האָפט, אַז וואָס אים אַליין גע־לינגט אַרויסצושפּילן פון דער דאָזיקער אימפּראָוויזאַציע, פאַרמאָגט אין זיך אַן אייגענע שיינקייט, וואָס איז אין שטאַנד צו עקסיסטירן פאַר זיך אַליין.

ס'איז דאָ נישט די געלעגנהייט מאריך צו זיין וועגן קריטיק בכלל און איר פאַרשיידענע דרכים, פון אַריסטאָטעל און, דורך סענט־בעוון, ביז די הומאַניסטן און דער מאָדערנער סאָציאָלאָגישער און פּסיכאָאַנאַלי־טישער קריטיק. מעג טאַקע דער קריטיקער שפּילן פידל אויף יענעמס ווערק, אַזוי, אַז ער זאָל פאַרשטעלן יענעמס אַרבעט און אַרויסרופן אינטע־רעס בלויז צו זיך, אָדער מוז דער אמתער קריטיקער בלויז אַרויסרופן אַן אינטערעס צו דער אַרבעט, וואָס ער באַהאַנדלט? איז ער מחויב צו זיין אַן אָפּשאַצער אָדער אַ מדריך; איז ער אַן אויסטייטשער אָדער אַן אַריינ־טייטשער?

דער סוד פון קריטיק איז דער סוד פון יעדער שעפערישן מענטש — אינדיווידואַליטעט, פּערזענלעכקייט. די פראַגע איז, צי רופט אַרויס די פּערזענלעכקייט פון קריטיקער צוטרוי, ווייל מען אים הערן און אויסהערן? פאַראַן גוטמוטיקע קריטיקערס, ס'זיינען אויך דאָ בייזע קריטיקערס, וואָס

רק זיי זיינען אין כעס און וואַרטן עמעצן דורס צו זיין. דער עיקר איז, אָבער, צי פאַרמאָגן זיי געגוג אייגנס, אַז מען זאָל וועלן לייענען זייער אַרומשרייבעכץ אויף די זייטלעך פון אַ ווערק.

ווען מען זאָל טאַקע פרעגן, וואָס איז ש. ד. זינגערס גרעסטע מעלה ווי אַ קריטיקער, וואָלט איך געזאָגט — גרויס ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור. פון זיינע אַלע 42 עסייען זיינען די אינטערעסאַנטסטע יענע אָפּהאַנדלונגען, וואו די דאָזיקע ליבשאַפט קומט אַרויס בולט, וואו זי ליגט נישט פאַרבאָרגן אָדער פאַרפּענטעט. אָט די מעלה פון ליבשאַפט איז אַ מאָל אויך זינגערס חסרון, ווייל עס שטערט אים צו זאָגן קלאָר אַ שאַרף וואָרט. ער האָט ליב אַפילו די שרייבערס, וועמען ער קאָן אין תוך נישט פאַרטראָגן. דאָס מעג קלינגען פּאַראַדאָקסאַל, אָבער זינגער האָט אַזוי שטאַרק ליב די יידישע ליטעראַטור, אַז ער וויל אויף איר נישט לאָזן פאַלן קיין שפּרענקעלע.

זינגער איז אַ לערער און אָפּט מאָל דאַכט זיך, אַז זיין צוריקגעהאַלטנ־קייט קומט אויך דערפון, וואָס ער האָט מורא איבערצושרעקן מיט געוואָגטע מיינונגען זיינע שול־פאַרוואַלטערס און באַלעבאַטים. אַזוי שרייבט ער וועגן א. ליעסינען. ער באַהאַנדלט אים מיט כרעסטאָמאַטישער פּאַרזיכטיקייט. אָבער אין תוך האָט ער אים טאַקע אויך ליב. ער געפינט אין אים „יענעם אָטעם פון לעבן, וואָס נאָר אמתע דיכטער פאַרמאָגן״.

גוט, ווי געזאָגט, איז זינגער אין יענע אָפּהאַנדלונגען זיינע, ווען ער איז נישט דערדריקט מיט איבערגעטריבענעם דרך־ארץ, ווען ער קאָן אויף אַן אמת אַרויסווייזן זיין אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט, ווי ער טוט עס אין זיינע עסייען וועגן נאַדירן, י. י. סיגאַלן, טאַבאַטשניקן, י. י. טרונקן און אַנדערע. בכלל זיינען געראָטן זיינע עסייען וועגן אייגענע חברים, שריי־בערס פון זיין אייגענער עלטער, ווייל וועגן זיי פאַרגינט ער זיך צו רעדן אי מיט מער אינטימיטעט און אי אויך מיט מער אויטאָריטעט. וועגן די יינגערע שרייבערס איז וויניקער געשריבן געוואָרן, גיט עס זינגערן אַ געלעגנהייט צו זאָגן אַן אייגענע מיינונג, אָן מורא, אַז ער וועט זיך, חלילה, אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, וואָס וועט פאַר דעם עלטערן און אַ מאָל אויס־געדינטן שרייבער זיין אַ פּחיתת־הכבוד.

ווייל זינגער איז איבער אַלץ און מער פון אַלץ אַ פאַרליבטער אין דער יידישער ליטעראַטור, איז ער נישט פון די גיבורים־קריטיקערס, וואָס זאָלן איינשטעלן מיט אַן אַפּיקורסישער מיינונג. מאַכן דערפאַר טייל עסייען זיינע דעם איינדרוק, נישט, חלילה, פון נאַכזאָגעריי, נאָר פון אַ מורא אָפּצוואוייכן

פון דעם איינגעפּאַרענעם וועג. דערפאַר אָבער באַשענקט די ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור זיינע עסייען מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט, וואָס זיי פאַרמאָגן אַפילו, ווען זיי זיינען בלויז געשמועסט און נישט פאַר־זיכטיק געשריבן. וועגן לייוויקן זאָגט אונדז זינגער, אַז זיינע „לידער זיינען, דאָס רוב, נישט בלויז לידער פשוטו כמשמעו. זיי זיינען צו גלייך אַנטפּלעק־קעריש אין זייער תוך. פון דעם נעמט זיך, וואָס קריטיקערס פאַלן אָפּט אַריין געצוואונגענערהייט אין סתרי תורה. נישט וואָס זיי טרייבן איבער. ניין״.

כ׳האָב ציטירט די דאָזיקע זאַצן, אַפילו מיט דעם מחברס איבערגעע־שראָקענער פּונקטואַציע און מיט דעם איינציקן זאַצוואָרט — ניין, וואָס שטייט פאַר זיך. אין די זאַצן, וואָס דערציילן אונדז, אַז לייוויקס לידער זיינען נישט „לידער פשוטו כמשמעו״, איז פאַראַן דער ציטער אַרויסצופאַלן פון דעם אַלגעמיינעם כאָר אין שול פון פּראָפעסיאָנעלע גלאַט־לויבערס. דער קריטיקער זינגער שטאַמלט אַזש פון התפעלות, געמישט מיט שרעק, אַז אָט כאַפּט ער זיך אַרויס מיט אַן אייגן וואָרט, וואָס וועט איבערפירן די גוטע שטימונג ביי גוטע און פרומע לייט. ווידער אַ מאָל, ווי אין אַלע זיינען עסייען, איז דאָס שענסטע אין די לענגערע עסייען וועגן לייוויקן די טיפע ליבשאַפט צום גרויסן פּאָעט, אָבער דער נוסח איז דער איינגשטעל־טער. דער שאָסיי איז אַן אויסגעפאָרענער און אָפּגעפּאָרענער.

אין זינגערס בוך זיינען אויך פאַראַן עטלעכע אָרעמע אַרטיקלען, ווי וועגן מאַני לייבן, דילאָנען און אַנדערע, וואָס האָבן קיין מאָל נישט באַ־דאַרפט קריגן דעם כבוד איינגעשלאָסן צו ווערן אין בוך, וואָס וויל געבן אַ פּאַנאָראַמע פון דער יידישער ליטעראַטור. די פיר זייטלעך, מיט עטלעכע שורות, וועגן אַזאַ באַטייטיקן דיכטער ווי מאַני לייב, זיינען נישט קיין כבוד פאַר מאַני לייבן און קיין כבוד נישט פאַר ש. ד. זינגערס בוך. פאַראַן נאָך אַזעלכע אויף־איין־פוס־געשריבענע געלעגנהייט־אַרטיקלען, וואָס פירן אי־בער די אַלגעמיינע שטימונג פון אַ געקייטלט בוך וועגן דער יידישער ליטעראַטור. „און טרויעריק ווערט ביים לייענען מאַני לייבס לידער, טראַכטנדיק, אַז ער אַליין, דער פּאָעט, וואָס האָט ביים פאָלק געוועקט די ׳קוואַלן פון וואָרט׳ — ער אַליין איז מער ניטאָ״. מיט אַזאַ אָרעם צייטונג־לשון פאַרענדיקט זינגער זיין הספד־אַרטיקל אויף מאַני לייבן. אַגב, אַ קריטיקער איז נישט קיין הספדים־מאַכער, דאָס וואָס פּאַסט זיך צו זאָגן ביים אָרון איז נישט קיין מאַטעריאַל פאַר קריטיק.

אָדער אַזאַ „איבעררעשנדיקער״ אויסרוף: „בעריש וויינשטיין בן חמי־

שים? ווי לאַנג איז עס, ווען מיר האָבן אים, אַ יונג בחורל, באַגעגנט אויף דער צווייטער עוועניו, אין ניו־יאָרק?"

אויך אַזאַ באַנקעטטאָן איז אַ צו גוט באַקאַנטער נוסח און זינגער וואָלט עס באַדאַרפט אויסמיידן, כדי צו באַרעכטיקן זיין געשמאַק פאַר מאָדערניזם און אָריגינאַליטעט.

איינע פון די בעסטע אָפּהאַנדלונגען אין בוך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז וועגן נאַדירן. מיר איז אָבער נישט קלאָר דער סוף, ווי זינגער, שטיצנדיק זיך אויף נאַדירס אַ שורה, דערקלערט, אַז „ליגן וועגן נאַדירן, מעשיות נישט געשטויגענע הערט מען נאָך איצט דאָ און דאָרט". איך האָב וועגן נאַדירן קיין ליגנס נישט געהערט אַחוץ טרויעריקע אמתן, וואָס מיט זיי האָט ער זיך אַליין זייער אָפּט פאַרוויילט. די יידישע ליטע־ראַטור איז זייער און זייער פאַרגעבעריש, אויב זי פאַרגעסט ווי נאַדיר האָט געקאָנט טרעטן אויף מענטשן מיט אַ היפּשן עודף אַפילו לגבי די באַשטע־לונגען, וואָס די משוגענע צייט האָט ביי אים כלומרשט באַשטעלט.

צווישן די בעסערע עסייען אין בוך זיינען אויך די אַרטיקלען וועגן אונדזערע פּראָזע־מייסטערס יונה ראָזענפעלד, ברוך גלאַזמאַן, י. י. טרונק, באַשעוויס, איאַלטי און ב. אַלקוויט.

קומען מיר צוריק צו די צוויי עסייען וועגן ש. ניגערן, וואָס זיינען, אייגנטלעך, זינגערס אידעאַליזאַציע פון קריטיק בכלל. אין דעם עסיי, געשריבן גלייך נאָך ניגערס אומגעריכטן טויט, זאָגט ש. ד. זינגער אַזוי:

„איצט וועט פעלן די דאָזיקע גייסטרייכע געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור, ווייל חוץ טאַלאַנט, חוץ דער פעאיקייט פון באַנעמען און פאַרשטיין, פון אמתער מבינות, וואָס יעדער קריטיקער האָט, אויב נאָר ער איז ראוי אָנגערופן צו ווערן קריטיקער — חוץ דער דאָזיקער באַגאַבונג האָט ניגער פאַרמאָגט נאָך אַן אייגנשאַפט, וואָס איז אַ זעלטנקייט אין אַלע ליטעראַטורן און באַזונדערס איז עס אַ דוחק ביי אונדז. און דאָס איז אַחריות. טאַלאַנט אָן אַחריות, אָן געוויסן, איז אָפּט אַ קללה. און וואויל איז דער ליטעראַטור, אין וועלכער עס געפינען זיך ליטעראַטור־קריטיקערס מיט כאַראַקטער און מיט ערלעכע, אָן פניותדיקע, צוגאַנגען צו שרייבערס און זייערע ווערק".

כ'בין זיך משער, אַז אַט די אַלע מעלות פאָדערט זינגער אויך פון זיך און די פאָדערונגען שטייען אים פאַר די אויגן, ווען ער שרייבט קריטיק. וואָס שייך „אָן־פניותדיקייט", האַלט איך, אַז דער פּראָפעסיאָנעלער קריטיקער פאַרמאָגט עס אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי דער קריטיקער,

וואָס איז אַליין אויך אַ קינסטלער, כאָטש דער דערפאָלגרייכער פּראָפע־סיאָנעלער קריטיקער איז גאַנץ אָפט עלול זיך צו שטעלן איבער דעם שרייבער און ווערן אַ בייטש אין דער ליטעראַטור.

אָבער איין זאַך מעג זינגער געדענקען אויף זיין וועג צו די אַלע באַגערטע מעלות פון אַ קריטיקער, אַז ער מוז שעצן די גרויסע מעלה, וואָס ער פאַרמאָגט שוין — ליבשאַפט צו דער יידישער ליטעראַטור, און מיט דער פּאָזיטיווער ליבשאַפט דאַרף ער נישט מורא האָבן אויסצודריקן אומאָרטאָדאָקסישע מיינונגען וועגן ווערק און שרייבערס. ווייל אַחוץ אַחריות פאַר דער ליטעראַטור טראָגט יעדער שעפערישער מענטש אַחריות אויך פאַר זיך — און גוטע קריטיק איז אַ פאָרעם פון שעפערישקייט, וואָס מוז זוכן איר אינדיווידועלן קינסטלערישן אויסדרוק.

(טאָג־מ״זש, אַפּריל 3, 1960)

# יצחק קאַהאַנס אַ בוך קריטיק

...„פונקען און פלאַמען" באַשטייט פון פערצן לאַנגע און קירצערע, אָבער אויך גענוג לאַנגע, עסייען וועגן ביכער און פּערזענלעכקייטן. די עסיי וועגן באָריס פּאַסטערנאַק איז אַ ווערק פאַר זיך. ס'פאַרנעמט אַ זיבעציק זייטן. די אַרבעט וועגן ד'איזראַעלין האַלט אַן ערך פופציק זייטן. קיין איינהייטלעכקייט דאַרף מען אין בוך נישט זוכן. מען געפינט דאָרט אַזאַ שטודיע, ווי „פאַרוואָס איז סטעפאַן צוויג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד?" און — אומגעריכט — וועגן וואָלטער ראַטענוי, צוזאַמען מיט אַרטיקלען וועגן טאָמאַס מאַנס „יוסף"; יוסף אָפּאַטאָשוס היסטאָרישע ווערק, ערנסט הע־מינגוועי און כמעט אַ פשוטע רעצענזיע וועגן אַ פילמירטן „האַמלעט".

דער מחבר באַמיט זיך אַריינצונעמען די אַלע באַזונדערע עסייען אין איין פורעם, מיט אויפקלערונגען אין צוויי אַריינפירן צו זיין בוך. איין זאַך איז מיר שטאַרק געפעלן, ווייל ער דריקט אויס קלאָר און צימצומדיק דאָס געפיל פון יידישע שרייבערס צווישן פרעמדע ליטעראַטורן און פרעמדע

קולטורן: „איך האָב דעם קריג אויסגעמיטן אַ דאַנק מיין עמיגרירן קיין אויסטראַליע סוף 1937. טראָץ דעם האָב איך געשפּירט, אַז מען קאָן פאַר־לוירן גיין אין די נייע וואוינלענדער, אויב די אַלטע היים וואָלט נישט געשטאַנען אין הינטערגרונט פון מיין גייסטיקער וועלט, אויב מען זוכט נישט צוריק צו פאַרקניפּן די איבערגעריסענע פעדעם".

דער מחבר קומט פון פּוילן און פונדעסטוועגן ווייזט ער אַרויס אַ באַהאַוונטקייט אין דער רוסישער ליטעראַטור, אַפילו אין רוסישן לשון, ווי מען קאָן עס לייענען אין זיין צעאַרבעטער אָפּהאַנדלונג וועגן פּאַסטער־נאַקן. יצחק קאַהאַן האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אינטערעסאַנט בוך, וואָס שפּיגלט אָפּ זיין שטאַרקן אינטערעס אין ליטעראַטור און זיין זוכעניש צו קריגן אַ צוגאַנג, ווי ער דריקט זיך אויס, צום „היינטצייטיקן מענטש מיט זיינע אָפענע און פאַרבאָרגענע וואונדן".

דאָס בוך „פונקען און פלאַמען" איז אַ בוך פון גרויסער געדולדיקייט. אפשר איז די געדולדיקייט נישט דאָס ריכטיקע וואָרט. כ'וואָלט געזאָגט, אַז יצחק קאַהאַן האָט זיינע עסייען אויסגעדולדיקט און זיי כמעט אויסגעשעפּט ביז — אָפט מאָל — דערשעפּטקייט. נאָך דעם ווי מען לייענט איבער זיינע אַן אָפּהאַנדלונג, קאָן דער לייענער נישט האָבן קיין טענות, אַז דער מחבר האָט אים נישט דערגעבן. אין אַן עסיי וועגן אַ שרייבער און זיינע ביכער ברענגט יצחק קאַהאַן צוזאַמען זיינע באַלייכטונגען, אויסגעזוכטע אַנעקדאָטן, ביאָגראַפישע פּרטים, ציטאַטן פון אַנדערע שרייבערס און גלאַט באַרימטע מענטשן. און כאָטש דער אויסגעזוכטער און צוזאַמענגעקליבענער מאַטעריאַל איז אָנגעוואָרפן, ווערט ער אַלץ צוזאַמענגעשטעלט דורך קאַהאַנס אייגענער נייגעריקייט, אָנגעלייענטקייט און אַפילו אָנגעלייגטער נאַאיוויטעט, וואָס פירט אים מיט אַן אינערלעכן פלאַטער צו ליטעראַטור. יצחק קאַהאַן גלייבט שטאַרק אין מענטש. ער האַלט, אַז „אַפילו דער פאַרדאָרבנסטער צווישן אונדז האָט אויך אין די 24 שעה פון מעת־לעת אַ מאָמענט, ווען עס כאַפּט אים אַרום אַ בענקשאַפט נאָך שענערס און בעסערס און ער זוכט דאַן אַ וועג צו גאָט".

אַזאַ גלויבן אין מין מענטש, ווען קאַנגאַ־קאַניבאַלן פרעסן־אויף זייערע געפאַנגענע לעבעדיקע משכנות, און אין אַ צייט וואָס די לעצטע פּראָצעסן אין דייטשלאַנד ברענגען אַרויס נאָך שוידערלעכע איינצלהייטן פון מענטשנס „בענקשאַפט נאָך שענערס און בעסערס" ווי דער אייכמאַן־מישפּט, — אַזאַ גלויבן, וואָס יצחק קאַהאַן וויל אַרויסזוכן פון ליטעראַטור, איז אַ זעלטנקייט אין אונדזער איצטיקער צייט.

פּאָר אַ געשריבן בוך פעלט אין יצחק קאַהאַנס „פונקען און פלאַמען" די באַלאַנסירטע סומירונג פון אַ היינטצייטיקן שרייבער, וואָס טרעט נישט צו מיט אַזאַ איבערגעטריבענעם אַרונטערצי פון די שיך צו דער אַזוי־גערופענער הייליקייט פון ליטעראַטור. איך זאָג אַ געשריבן בוך, ווייל יצחק קאַהאַן איז מער רעדער ווי שרייבער. ביי אונדז אין יידישן לעבן איז, ווי אין אַלע לשונות, געווען אַן אונטערשייד צווישן דעם גערעדטן און געשרי־בענעם לשון. שרייבערס ווערן אָפט מיד פון געשריבענעם לשון און זיי ווילן עס דערנענטערן צו דער גערעדטער שפּראַך, אָבער ס'נעמט זיך נישט צו־שטאַרק אָן. מענדעלע האָט גענומען די גערעדטע שפּראַך אונדזערע און פון איר אויסגעשליפן אַ געשריבענעם נוסח. שלום־עליכם האָט געבענקט דווקא נאָך דעם גערעדטן און געהערטן לשון און ער האָט אויך פון זיינע מאָנאָ־לאָגן געמאַכט — נוסח. פּאָעטן ליידן אַוודאי פון בענקשאַפט נאָך דער גערעדטער שפּראַך און זיי שאַפן פון איר אַ שפּראַכלעכן יום־טוב.

אין די עסייען פון יצחק קאַהאַן הערן מיר דאָס קול פון לעקטאָר, פון פּאַרטייטשן אַ זייטל ליטעראַטור פאַר דערוואַקסענע, וואָס דער לערער נעמט אָן, אַז זיי זיינען געווען דערוואַקסן צו הערן די לעקציע, אָבער מען קאָן זיי נאָך געבן גענוג אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע, אַז זיי זאָלן אויסזיצן די גאַנצע לעקציע. די ממש ליידנשאַפטלעכע ליבשאַפט פאַר דעם בוך און קינסטלערישן וואָרט, וואָס יצחק קאַהאַן וויזט אַרויס, צוזאַמען מיט דער לעקטאָרישער נייגונג צו פּאָפּולאַריזירן און דערציילן זייטיקע אינטערע־סאַנטע און אָפּילו פּיקאַנטע מעשיות, וואָס ווערן אַ טייל פון דער שפּאַנונג אין דער לעקציע, מוזן האַלטן דעם עולם; זיי האַלטן אָפּילו דעם לייענער ביים לייענען די מייסטע אָפּהאַנדלונגען. אין אַזאַ בוך איז דער לייענער נישט אויף אייגענער קעסט. ער דאַרף גאָרנישט זוכן, אַלץ איז פאַר אים אויסגעזוכט; ער דאַרף גאָרנישט טראַכטן, אַלץ איז פאַר אים געטראַכט. ער לייענט נישט דאָס בוך, ער הערט דאָס בוך, און ס'איז אינטערעסאַנט צו הערן. דער לייענער לייענט מיט די אויגן פון זיין געהער, ווייל דעם מחברס קול איז איבער אַלץ.

„פונקען און פלאַמען" איז אויך אַן אָפּטימיסטיש בוך. ס'איז אַ בוך מיט אַ מאָראַל אָדער אפשר גאָר אין לשון רבים — מאָראַלן פאַר דערוואַקסענע. פון יעדער שרייבער אָדער פערזענלעכקייט קריגט יצחק קאַהאַן אַרויס אַ באַזונדערע מאָראַל. ער געהערט צום שטייגער לערער, וואָס איז פאַרליבט אין זיין פּראָפעסיע און וואָס מוז אָנשטעקן מיט זיין ליבשאַפט דעם סטודענט. דער אָפּטימיזם פון יצחק קאַהאַנס בוך באַשטייט אין דעם, וואָס דער מחבר

גלייבט אין זיין מיסיע פאַר דעם לייענער, אַז מען דאַרף אים אַזוי פיל געבן מיט דער פולער האַנט וועגן שרייבערס און ביכער.

ס'ווילט זיך ביים לייענען אַ בוך שפּירן, אַז דער מחבר האָט אָפּגעשריבן זיין בוך און אַוועק דערפון. יצחק קאַהאַנס רעדעריש, אפשר גאָר רעדנעריש, קול באַגלייט די זייטלעך אויף שריט און טריט.

פונדעסטוועגן געלינגט דעם מחבר פּאַרט דורכצואוואַרעמען זיינע עסייען מיט אייגענע באַטראַכטונגען, כאָטש ער ווערט אויפן וועג געשטרויכלט מיט אַנגענומענע שאַבלאָנען, ווי, למשל, וועגן לייוויקן — „זיינע עקידות און ראַנגלענישן". יצחק קאַהאַן פאַרמאָגט, ניט געקוקט אויף זיין גוזמאדיקער ליבשאַפט צו ליטעראַטור, ווי צום איינציקן שליסל צו אַלע רעטענישן פון מענטש, אויך אַן אַנאַליטישן אָדער. ער ווייזט עס אַרויס אין זיינע צעגלידערונגען פון ביכער און אין איבערגעבן און אַרויסהייבן וויכטיקע זייטלעך פון אַ קינסטלעריש ווערק. די דאָזיקע פעאיקייט צו אַנאַליזירן שטויסט זיך אָפט צוזאַמען מיט גרייט־איבערגענומענע פראַזן, ווי „אויפשטורעמדיקע גייסטרייכע מחשבות, עסטעטישע פיינקייטן און שיינע געפילן", אָדער „מיט אַן אַדלער־פלי",ביידע וועגן דעם זעלביקן שרייבער ריכאַרד בער האָפמאַן. צי אַזאַ אויסדרוק, אַז די גאַנצע דראַמע („יעקבס חלום") „איז ווי יעקבס לייטער, וואָס שטייט פעסט אויף דער ערד און מיט זיין שפּיץ גרייכט ער צו די הימלען".

אין אַ גערעדט בוך איז אַן עוולה צו דערהערן און דער עיקר — זיך אָפּשטעלן אויף אַזעלכע אויסדרוקן, וואָס ווען מען הערט זיי פון אַ פּלאַטפאָרמע פאַרגייען זיי און פאַרשווינדן, אָבער ווען מען געפינט זיי אין בוך, ווילט זיך, אַז זיי זאָלן אויך פאַרשווינדן.

יצחק קאַהאַן איז אַ שרייבער מיט אַ ברייטער אינטעליגענץ און מיר דאַכט זיך, אַז ס'פּאַסן אים נישט אַזעלכע געשריבענע אויסדרוקן, ווי — „אויפשטורעמדיקע פערזן" און „אָנגעלאָדן מיט דער סימבאָליק און טראַגיק פון קאָסמישן פאַרנעם".

זאָל דאָס אַלץ נישט געבן דעם איינדרוק, אַז כ'האָב יצחק קאַהאַנס עסייען נישט געלייענט מיט אינטערעס. כ'האָב אָפילו געשפּירט די נוצלעכקייט פון אַזאַ בוך און די אייגנאַרטיקייט פון אַ גרינטלעכקייט אין צוגאַנג צו ליטעראַרישע ווערק. פאַרקערט, כ'האָב נישט דערלאָזט, אַז שטרויכלונגען זאָלן מיר שטערן הנאה צו האָבן פון אַ סך זייטלעך אין בוך „פונקען און

פלאַמען״. כ׳וואָלט אָבער געוואָלט מאַכן אַ באַמערקונג וועגן אַן ענין, וואָס פאָדערט אפשר אַ ברייטערע באַהאַנדלונג. ס׳איז פאַראַן אַזאַ מאָס ווי אַ נאַציאָנאַלע ראַם פאַר נאַציאָנאַל־פרעמדע ביכער. יצחק קאַהאַן שפּירט נישט אָט די מאָס. אַלע זיינע אָפּשאַצונגען וועגן ניט־יידישע מחברים שטייען אין תוך מחוץ אונדזער נאַציאָנאַלער מאָס. די גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן באָריס פּאַסטערנאַקן אָדער וועגן טאָמאַס מאַן, צי אַפילו וועגן פויכטוואַנגערס „יאָזעפוס פלאַוויוס״, זיינען איבער צו פיל פאַר אַ יידישן קריטיקער און פאַר אַ יידישן מענטשן. עס מאַכט דערפאַר אַ לערערישן איינדרוק אַרויסצורופן אַזאַ איבערגעטריבענעם „דעטאַלירטן״ דרך־ארץ פאַר די דאָזיקע ליטעראַרישע פערזענלעכקייטן. מיר גייט טאַקע אויך אין דעם איבערגעטריבענעם דרך־ארץ פאַר דער גרויסער משא, וואָס מען רופט געוויינלעך — וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז אָבער אַ טעמע פאַר אַן אַנדער געלעגנהייט, ווייל אין אַזאַ בקיצורדיקער פאָרעם קאָן עס נאָך שלעכט אויסגעטייטשט ווערן אי קעגן מיר, אי קעגן מחבר יצחק קאַהאַן, וועמענס בוך „פונקען און פלאַמען״ איז, מיט אַלע חסרונות, ווערט געלייענט צו ווערן.

(טאָג־מ״זש, דעצעמבער 27, 1964)

# יצחק גאָלדקאָרנס עסייען

...אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער־שינען יצחק גאָלדקאָרנס בוך לידער אונטערן נאָמען „נאָקטורן". ער האָט אָנגעהויבן אונטער דער הדרכה פון א. מ. ווייסענבערג, אין דעם זשורנאַל „אינזער האָפנינג" — „אינזער" בפירוש — האָפנינג מיט אַ יוד, ווייל ווייסענבערג איז געווען אַ פלאַמיקער פאַנעטיקער פון דער פויליש־יידישער „הברה".

גאָלדקאָרן איז אַ פוילישער ייד, פון אַ שטעטל לעבן קעלץ. יעדער שרייבער, וואָס איז געוואָרן אַ מיטגליד פון ווייסענבערגס „חדר", איז געשטאַנען אונטער אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער בעל־כרחו, ווייל ער איז נישט שווה־בשווה מיט דער ליטעראַרישער קאָנווענציע. אָבער טייל שרייבערס האָבן זיך פאַרט אַרויסגעריסן און איבערצייגט מיט זייער טאַלאַנט, ווי ווייסענבערג האָט איבערצייגט מיט זיין עכטן שעפע־רישן גאַנג.

אין מינכן האָט גאָלדקאָרן אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער און אַ בוך „ליטעראַרישע סילועטן". זיינע „סילועטן" זיינען געווען עסייען איבער אַ צאָל יידישע שרייבערס, וואָס גאָלדקאָרן האָט באַנומען אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן, מיט אַ בעלעטריסטישער פען און מיט אַן איבערצייגנדיקער רעס־פעקטפולקייט.

איך באַטאָן דאָס וואָרט „רעספעקטפולקייט", ווייל עפּעס איז געשען מיט דעם דיכטער און קריטיקער יצחק גאָלדקאָרן, ווען ער איז געקומען קיין קאַנאַדע און האָט זיך דאָרט באַזעצט. אונטערוועגנס איז עפּעס די רעספעקטפולקייט פון זיין צוגאַנג צו די יידישע ליטעראַרישע געשטאַלטן אויסגערונען געוואָרן. ווייזט אויס, אַז מען דאַרף די סיבות זוכן אין זיין אייגענער ביאָגראַפיע און איך קלייב זיך נישט מאַכן קיין פּסיכאָאַנאַליטישע עקסקורסיע. בשעתו האָב איך זיין בוך עסייען שטאַרק געלויבט, ס'האָבן עס אויך געטאָן אַנדערע, ביי וועמען דער גראַטעוועטער שרייבער האָט אַרויסגערופן אָנערקענונג. ס'איז ספּעציעל געווען אינטערעסאַנט, אַז אַ ווייסענבערג־תלמיד זאָל זיין אָנגעפּיקעוועט מיט אמתער ערודיציע און ליטעראַרישער קולטור. דערביי האָט ער זיין ערודיציע געצאַמט און זי נישט געלאָזט איבערנעמען און זיך אויספיינען מיט וויסן און קענען.

אָבער, ווי געזאָגט, אין גאָלדקאָרנען איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך. זיין רעספעקטפולקייט איז פאַרזויערט געוואָרן און ער אַליין איז געוואָרן

פאַרביטערט. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל, „ווידערשטאַנד", וואָס איז געווען פול מיט אומשעפערישער בייזקייט. ווידערשטאַנד — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! אַדרבא, מיר נייטיקן זיך אין ליטעראַרישע ווידער־שפּעניקערס און ווידערשטאַנדלערס, אָבער מיר פאָדערן פון זיי שעפערישע רעוואָלוציאָנערישקייט, נישט עבודה־זרהדיקן כעס, נאָר אייגענע ביישפּיל־דיקע ווידערשטאַנדיקע ווערק.

דער זשורנאַל „ווידערשטאַנד" האָט ממש געזאָטן מיט כעס, אָבער ער איז געווען אומפּרודוקטיוו, ווייל ס׳איז געווען אַ כעס פון פאַרביטערונג. איך האָב אַן ערך אַזוי געשריבן, אי וועגן דעם זשורנאַל, אי וועגן זיין בוך „עפּיגראַמאַטיש", וואָס יצחק גאָלדקאָרן האָט אַרויסגעגעבן אין מאָנט־רעאָל אַרום 1955. איך האָב עס געזאָגט מיט גרויס אַנטוישונג, ווייל איך האָב אויף גאָלדקאָרנען געלייגט האָפענונג און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיט זיין שטעכיקייט איז ער דערגאַנגען צו אַ וואַנט. זיינע בייזע עפּיגראַ־מען האָבן אַחוץ בייזקייט גאָרנישט פאַרמאָגט. ס׳איז זיי געווען אומאָנגענעם צו לייענען, ווייל ס׳איז געווען קלאָר, אַז אַ טאַלאַנטפולער מענטש מאַכט זיך „איבונגען". אַפילו זיינע עפּיגראַמען אויפן חשבון פון פּראָבלעמען און נישט נאָר קעגן מענטשן זיינען געווען ניהיליסטיש — צו באַנוצן אַן אַלטן טערמין, וואָס זאָגט שוין אפשר זייער ווייניק.

מיר איז דערפאַר געווען אָנגענעם צו באַקומען אַ ניי בוך פון יצחק גאָלדקאָרן, מיט ליטעראַרישע עסייען, וואָס דער מחבר רופט „קליינע עסייען וועגן גרויסע שרייבער". דאָס בוך הייסט „פון וועלט־קוואַל". דאָס איז אַ היפּש בוך פון 280 זייטן, געטיילט אין זעקס אָפּטיילונגען: „ליטע־ראַטור פון אַלטערטום", „ענגלישע און אַמעריקאַנער ליטעראַטור", „פראַנ־צויזישע ליטעראַטור", „רוסישע ליטעראַטור", דייטשע ליטעראַטור און „פון פאַרשיידענע ליטעראַטורן".

איך בין געווען צופרידן צו זען, אַז גאָלדקאָרן האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין איזאָלירטער פאַרביטערטקייט און איז אַרויסגעקומען מיט אַ בוך, וואָס דער גאַנצער להכעיס ליגט אפשר אין דעם, וואָס פון דעם „וועלט־קוואַל" האָט גאָלדקאָרן נישט אָנגעשעפּט קיין אייגן יידישן טרונק וואַסער.

אָבער דאָס אַליין איז שוין גאָלדקאָרנס עסק. ער האָט דאָס פולע רעכט אַרויסצוגעבן אַזאַ בוך. פאַרקערט, אין אַ צייט, ווען ביי אונדז איז דער איבערזעצונג־קוואַל אויסגעטריקנט געוואָרן, איז אפשר גוט צו זען, ווי אַ יידישער שרייבער קומט צו אונדז מיט אַ סך וויסן פון פרעמדע ליטעראַטורן, וואָס דאַרפן זיין אייגן דער גאַנצער וועלט.

אין דער גאָר קליינער הקדמה זאָגט אונדז דער מחבר, פאַר וואָס עס פעלט אין דעם בוך אַ מאָס־פּראָפּאָרציע, די עסייען זיינען געשריבן, קלערט ער אויף, „אין פאַרשיידענע צייטן, ביי פאַרשיידענע פאַרהעלטעגישן און געמיט־צושטאַנדן". טייל גאָר גרויסע שרייבערס קריגן עטלעכע קנאַפּע זייטלעך, אַנדערע קלענערע העכט קריגן, פאַרקערט, גרעסערע אָפּהאַנדלונ־גען. גאָלדקאָרן פאַרענדיקט זיין קורצן אַריינפיר מיט די דאָזיקע ווער־טער: „די אַרטיקלען זיינען סוביעקטיוו; זיי פּרעטענדירן נישט צו פּסקנען קיין ליטעראַרישע שאלות. זיי גיבן איבער די בילדער און געשטאַלטן פון די שעפערס און זייערע ווערק — געזען דורך דער פּריזמע פון מיין געמיט. אויב זיי האָבן אַ געוויסן אָביעקטיווען ווערט, איז דאָס בלויז אין זין פון קירקעגאָרדס מאַקסימע: 'אמת איז סוביעקטיווקייט'."

דאָס ווענטל צווישן ערודיציע און אינפאָרמאַציע איז זייער אַ דינס. אינפאָרמאַציע קאָן מען זיך אפשר איינשאַפן אַ סך גרינגער ווי ערודיציע. אָבער גאָלדקאָרן פאַרמאָגט בײדע, ער איז אָנגעלייענט און אָנגעלערנט און ער ווייסט אויך, וואו ס'שטייען אין די ריכטיקע ציטאָטן. ער פאַרמאָגט פונדעסטוועגן אַן אייגנאַרטיקן אופן פון שאַפן אַ בילד פון אַ שרייבער, וועמענס ווערק ער האָט געלייענט. אָבער אויב ער איז אין זיינע זויערע עפּיגראַמען וועגן יידישע שרייבערס דערגאַנגען צו אומרעספּעקט, איז ער אין זיינע עסייען און עסייטשיקלעך (טייל האַלטן אַ זייטל־אַנדערטהאַלבן) דערגאַנגען צו מוראדיקער התפעלות.

גאָלדקאָרן פאַרמאָגט טאַקע אַן אייגענעם צוגאַנג, אָבער ערשט נאָך דעם ווי ער וויקלט זיך אויס פון די גרייטקייטן, וואָס ער האָט אָנגענומען ווי אַקסיאָמען.

ער איז אַזאַ ענטוזיאַסט פאַר וועלט־ליטעראַטור, אַז ער פליט אַזש אַוועק אין די הויכע עולמות, וואָס רופט ביי אים אַרויס, כ'וואָלט געזאָגט, אַן אַלטן אָפּגענוצטן „עטערישן" סטיל. כ'קאָן נישט זאָגן, אַז כ'האָב נישט הנאה געהאַט פון גאָלדקאָרנס עקספּעדיציעס אין וועלט־ליטעראַטור, אָבער מיין הנאה האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט, ווען כ'האָב אין געדאַנק איבערגעזעצט גאָלדקאָרנס התפעלותדיקן גאָלדענעם סטיל אויף פּשוטע קופּערנע מטבעות.

„פון וועלט־קוואַל" איז אַן אינטערעסאַנט בוך פון אַלערליי שטאַנד־פונקטן. ס'איז באמת אינטערעסאַנט צו לייענען, ווי גאָלדקאָרן ברענגט אונדז נענטער צו קאָנפוציוסן, לאַאָ־צע, סענעקאַ, שעקספּירן, שעלין, ווער־

לענען, טאָלסטאָיען, דאָסטאָיעווסקין, הײַנען, לעאָפּאַרדין און אַנדערע װעלט־מענטשן. אָבער מיר זײַנען געצװאונגען מיטצוגײן מיט אים דורך דעם גאַנצן װאַלד פון אויטענטיש־געזאַמלטע מיינונגען װעגן די אַלע; מיינונגען, װאָס זײַנען שוין אָפּגעפרעגט אָדער אַ קאַפּיטשקע רעדוצירט געװאָרן מיט דער צײַט. ס׳איז װי אַ גוטער ליטעראַטור־קענער װאָלט אונדז געגעבן גענוצטע שליסלען צו די אַלע גרויסע קינסטלערס.

אמת, װי כ׳האָב שוין באַמערקט, פֿאַראַן אין די אָפּשאַצונגען אַ סך אײגענע בליציקײט, װאָס גאָלדקאָרן װײַזט אַרויס און אים געלינגט אויפֿצובויען געשטאַלטן, אָבער די געשטאַלטן זײַנען אָנגעשטאָפּט און איבער־געשטאָפּט מיט אַ סך רעטאָריק.

אָט װי גאָלדקאָרן װאַרפֿט אָן אַ פּחד אויף די אַלע, װאָס װילן באַנעמען לאַאָ־צע: „עס הערשט דאָ אַ הימאַלאַאיש שװײַגן. דו װאָס גײסט דאָרט אַרײַן מוזט אויסטאָן די שיך און זיך װאַשן פון װעלטלעכן שטויב. אויס־לעשנדיק די בליענדיק־שרײַענדיקע, אָבער קורץ־גרײכנדיקע ליכט פון ביליקן שכל װעלן זיך (װעט זיך?) פאַר דיר אַנטפּלעקן אַן אויסגעשטערנטע אומבאַשרײַבלעכקײט... יעדער שטערן ציטערט, מיניעט מיט רמיזהדיקן װאונק פון אַ סודותפולער אומענדלעכקײט און אומענדלעכן סוד”.

װעגן עפּיקטעטן דעם סטאָאיקער: „די לעבעדיקע לאַרעס אין באַלערנ־דיקע לעבנס פון מאַנכע גרויסע גײסטער זײַנען אָפּט אומצודרינגלעך אין זײער הימאַלאַאישער דערהויבנקײט און שטרענגער רײנקײט. מיר קאָנען זײ נישט דערגרייכן. צו אָרעם זײַנען מיר, אין מאָראַלישער אויסשטאַטונג, כדי צו מאַכן אַזעלכע עקספּעדיציעס, אָבער אײנס קאָנען מיר און טוען מיר יאָ: מיר בלײַבן שטײן אין יראת־הכבודיקער באַװאונדערונג פאַר דעם אַנבליק פון אָט די מאָראַלישע מאַנבלאַנס, פאַר די נשמהדיקע מאָנט־עװערעסטס, פאַר די עטעריש־געקרוינטע, מאַיעסטעטישע באַרגשפּיצן”.

אַ שאָד, װאָס גאָלדקאָרן האָט נישט גענוצט אַ ביסל פּעפער און זאַלץ פון זײַנע ײדישע עפּיגראַמען בעת ער איז געשװאומען אין װעלטקװאַל.

אַ שפּרונג צו שעלין: „אַ סך שײנקײטן האָבן אַראָפּגענידערט אויף דער ערד — שעליס שײנקײט איז אומפאַרגלײכלעך. אַ סך הײליקײט שטראַלט אויס פון תנ״ך און פון די װעדאַס, פון עפּיקטעט און מאַרקוס אורעליוס — שעלי איז בײדע, הײליק און שײן. מען מוז פאַרמאַכן די אויגן פון בלענדנדיקער שײן און שײנקײט. עס שװינדלט פון דעם דאָזיקן

מעכטיקן פּלי 'אין אַ צעזונגענעם אין־סוף'. זײַן פּאָעזיע איז די ספּיריטואַ־ליזאַציע פון דער נאַטור און די נאַטוראַליזאַציע פון דער נשמה".

דאָס איז דאָס מילדסטע, וואָס גאָלדקאָרן זאָגט אונדז וועגן שעלין. זײַנע לידער האָבן „דעם ריטעם פון אומענדלעכקייט. זיי זײַנען אָרומגע־זוימט מיט נביאישן אָרעאָל פון רוח־הקודש. פיר נשמהדיקע שטראָמען פליסן אַרויס פון גן־עדן של מעלה: אמת, צדק, חסד און שיינקייט. זעלטן, אַז אַ יחיד זאָל אויפנעמען זיי אַלע צוזאַמען. ביי אים, דעם דיכטער בחסד עליון, האָבן זיך די פיר שטראָמען צוריק פאַראייניקט אין זייער מיסטישן ציקל".

דאָס זײַנען איבערגענומענע און אומקאָנטראָלירטע באַנאַליזירטע גרייטקייטן, וואָס זײַנען אַפילו נישט געשריבן אין געמיט פון אַ שרייבער פון אונדזער צייט. מ'קאָן עס מער נישט פאַרקויפן.

אָבער „פון וועלט־קוואַל" איז, נישט געקוקט אויף אַלע חסרונות, אַ בוך, וואָס איז ווערט געלייענט צו ווערן. מען דאַרף קאָנען דערשפּירן וואָס איז שאָלעכץ, כדי צו דערגיין צום תוך פון די פאַרגעשטעלטע שריי־בערס. און ס'איז פאַראַן גענוג תוך אין דעם בוך עסייען פון יצחק גאָלד־קאָרן, וואָס הייבט אָן קומען צו זיך נאָך אַ לאַנגער און ביטערער אָפּזונ־דערונג. די געזאַמלטע עסייען זײַנען אַ שפּאַציר דורך דער וועלט־ליטע־ראַטור. דער מחבר איז אַ גוטער וועגווייזער, ער ווייסט אַלץ, וואָס מען דאַרף וויסן וועגן זײַנע שרײַבערס. ער איז אַפילו באַהאַוונט אין די קליינע ביאָגראַפישע רכילותלעך. ער רעדט אַ מאָל צו פיל בעתן שפּאַציר. אָבער ער דעררעדט זיך זייער אָפט צו אינטערעסאַנטע און אָריגינעלע באַמער־קונגען.

(טאָג־מ"זש, מיי 26, 1963)

# הערש דרימער

...שרייבערס און לייענערס, וואָס געדענקען נאָך דוד איגנאַטאָוס „שריפטן", וועלן זיך דערמאָנען אין דער אינטערעסאַנטער סימבאָלישער דראַמע „איבער אַלע בערג" פון דעם דעמאָלט נאָך יונגן שרייבער הערש דרימער. דרימער האָט פאַרעפנטלעכט אין בוכפאָרעם אַ פּאָעטישע דראַמע „מידבר", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער פּראָבלעם פון אַסימילאַציע און האָט אָנגעשלאָגן ערב־גאולה־טענער. דורך די שווערע היטלער־יאָרן האָט ער אויך אַרויסגעלאָזט אַ מאָדערנעם פּורים־שפּיל, אָדער היטלער־שפּיל, אין אַלט־יידישן סטיל. ער האָט אויך געשריבן אַ סך יידישע עסייען וועגן קונסט, אין וועלכע ער האָט געזוכט די שפּורן פון יידישקייט אין מאָדערנער מאָלעריי און סקולפּטור.

דאָס איז אָבער איין טייל פון זיין ליטעראַרישער פּראָדוקציע. דרימער האָט אויך געשריבן אַן ערך צוואַנציק דראַמעס אויף ענגליש. ער האָט כסדר געזוכט צו פאַנגען דאָס גאָלדענע מזלדיקע פישל אויף בראָדוויי. מיט עטלעכע פון זיינע אינטערעסאַנטע פּראָבלעם־דראַמעס האָט ער שוין שיער געכאַפּט דאָס בראָדווייער פישעלע אין נעץ, אָבער עס האָט זיך אַלץ אַרויסגעגליטשט.

דאָ מוז אויך דערציילט ווערן, אַז אין צווישן איז ה. דרימער זייער פאַרשלאַפט געוואָרן, אָבער גאָר שטאַרק, אויף אַזוי ווייט, אַז ער איז געווען געצוואונגען צו ווערן אַ יושב־אוהל, אין זיין בוידעם־שטיבל אין סי־געיט, דאָס יידישע פּאָליציי־באַוואַכטע שטעטל ביים ים, וואו דרימער איז שוין אַ תושב איבער פופצן יאָר.

ס'וואָלט אפשר בייטיק געווען צו דערציילן אַנדערע אינטערעסאַנטע ביאָגראַפישע פּרטים, אַזעלכע קלייניקייטן, ווי דאגות פּרנסה אין אַזאַ צושטאַנד, ווען דאָס לעבן הענגט אויף דער שפּיץ־נאָז, נאָר איך וויים נישט צי איך האָב דעם רשות דערפאַר. אָבער איינע פון די היים־פּרנסות, מיט וועלכע דרימער האָט זיך פאַרנומען, איז אויך געווען זייגער־מאַכעריי. צו דער באַשעפטיקונג האָט ער זיך גענומען צוליב צוויי קוואַליפיקאַציעס: ערשטנס, איז זיין ברודער אַן אויסגעצייכנטער זייגער־מאַכער, צווייטנס, וועלכער אינטעליגענטער ייד קאָן עס נישט קאַליע מאַכן אַ זייגער? האָט ער טאַקע עטלעכע יאָר געפירט אַ ביטערן קאַמף מיט זייגערס, וואָס האָבן בשום־אופן נישט געוואָלט אַרויסגעבן דעם סוד, ווי אַזוי אַ צעבראָכענער זייגער הייבט ווידער אָן צו גיין.

אָבער אַריינקוקנדיק טיף אין געווערק פון זייגערס, איז ער מסתמא געקומען צום אַלט־פילאָסאָפישן געדאַנק, אַז אַ מענטש איז, מ׳שטיינס געזאָגט, געגליכן צו אַ זייגער. ער האָט געהאַט צייט צו טראַכטן און דער רעזולטאַט איז געווען... אַ פילאָסאָפיש ווערק פון איבער זעקס הונדערט זייטן, וואָס איז גרייט צום דרוק.

אָבער עס רעדט זיך לייכטער ווי עס שרייבט זיך. גאַנצע ניין יאָר צווישן איין ענערגישער איינלאַדונג פון מלאך־המוות און אַ צווייטער — און די איינלאַדונגען זיינען געקומען גאַנץ אָפט — האָט דרימער געשריבן און איבערגעשריבן זיין פילאָסאָפיש ווערק. פריער האָט ער עס געשריבן אין יידיש. שפּעטער האָט ער איינגעזען, אַז אין יידיש האָט עס נישט די מינדסטע געלעגנהייט צו דערשיינען, האָט ער עס אַליין איבערגעזעצט אין ענגליש און גלייך זיבן־אַכט מאָל איבערגעשריבן פון אַלף ביז תיו.

וואָס פאַר אַ ווערק איז עס? נו, עס איז נישט פאַר מיינע כוחות צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון אַזאַ שטייגער ווערק. איך האָב געלייענט עטלעכע קאַפּיטלען, אָבער פילאָסאָפיע, און ספּעציעל אַ נייע פילאָסאָפישע סיסטעם, איז נישט מיין געביט.

עס איז גענוג צו דערציילן, אַז כדי צו שרייבן זיין ווערק, האָט דרימער געמוזט אויף ס׳ניי רעווידירן אַלע וויסנשאַפטן, די באַזונדערע, ספּעציאַליזירטע, און זוכן דעם המשך, די פאַרבינדונג צווישן זיי, כדי צו כאַפּן דעם שנור, וואָס פאַרבינדט זיי מיט דעם גאַנצן מענטשן.

אָבער אין תוך איז זיין ווערק אַ בוך וועגן עטיק — וועגן עטיק, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין גויאישע הענט אָדער אין יידיש־גויאישע הענט, וואָס האָבן אַלע געטענהט, אַז עטיק איז אַ דרויסנדיקע צוטשעפּעניש. דרימער פירט קודם־כל צוריק אויס דעם שידוך צווישן פּסיכאָלאָגיע און פילאָסאָפיע. ער באַווייזט, אַז עטיק איז אַ טיף־מענטשלעכער און אינעווייניקסטער עוואָלוציאָנערער דראַנג. ער טרעט אַרויס אין מלחמה קעגן זיגמונד פרוידן און ער שטעלט אויף אַ געדאַנקלעכע טאָטאַליטעט באַווייזנדיק, אַז אַלע וויסנשאַפטלעכע ספּרוזשינעס קלאַפּן צוזאַמען אין דעם מענטשלעכן געווערק פאַר דעם איינציקן ציל צו זוכן און געפינען אַן עטישן דרך, כדי צו קאָנען לעבן אויף דער וועלט. אָט האָט איר צוריק דעם מענטשלעכן זייגער, פון וועלכן דרימער האָט אַ צייט געצויגן עפּעס אַזוינס, וואָס איז קוים ענלעך געווען אויף חיונה. מער וועל איך וועגן דעם ווערק נישט ריידן, ווייל איך קאָן נאָך אַרויסווייזן מיין טיפן אומוויסן און טיף אַריינפאַלן.

איך האָב זיך געווענדט צו דעם באַוואוסטן יידיש־וויסנשאַפט־מאַן ד״ר א. א. ראָבאַק, אַז ער זאָל געבן אַן עצה, וואָס צו טאָן מיט אַזאַ פילאָסאָפישער אונטערנעמונג. אָבער ד״ר ראָבאַק איז נישט פון די יידן, וואָס גיבן גלאַט עצות. ווען ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער זיך אַליין מטריח געווען און געווען ביים רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער „פילאָסאָפיקל לייברערי״ און אים געבעטן לייענען דאָס ווערק.

דער רעזולטאַט: דער מחבר האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז דאָס ווערק איז אָן ספק „פון גרויסן ווערט און אויסערגעוויינלעכן פאַרנעם״. אַזוי האָט מען געשריבן פון פאַרלאַג, וואָס האָט שוין אַרויסגעגעבן שפינאָזען, איינ־שטיינען און אַנדערע באַקאַנטע יידן.

די צרה איז בלויז, וואָס דער פאַרלאַג האָט נישט קיין געלט צו פינאַנצירן אַזאַ פילאָסאָפיש ווערק, וואָס וועט זיכער נישט ווערן קיין „בעסט סעלער״, ווייל מען קאָן אַזאַ בוך נישט צעכאַפּן ווי מצה־וואַסער.

פון גרויס פאַרצווייפלונג שרייבט שוין ה. דרימער אַ ניי ווערק, אַ גרויסע, אַרומנעמענדיקע פּאָעטישע לעגענדע. ער מוז דאָך שאַפן צייט־פאַרטרייב, איך מיין צייט צו פאַרטרייבן די אָפּטע באַזוכן פון אומגע־בעטענע קראַנקייט־אַטאַקעס. אָבער די סי־געיטער יידן וואָלטן זיך דווקא געמעגט פאַראינטערעסירן מיט זייער תושב אויס אַ געפיל פון „פּאַטריאָ־טישן״ שטאָלץ און העלפן אַרויסגעבן דאָס ווערק, וואָס אַ וויכטיקער פאַרלאַג איז גרייט צו פאַרעפנטלעכן.

# ליקווידאַציע פון יידישער ליטעראַטור

אין סאָוועט־רוסלאַנד איז די פאַרטיליקונג פון דער יידישער ליטע־ראַטור נאָך טאָטאַלער, ווי אין די ערגסטע יאָרן פון היטלעריזם. אין די ביטערע טעג פון 1941 און 1942 זיינען אין פוילן דערשינען אונטערערדישע יידישע בלעטלעך. די יידישע אותיות האָבן געפלאַקערט און געמינטערט אין דעם גרויסן חורבן. עס זיינען אין געטאָ אָנגעגאַנגען אַ סך יידיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. יידישע שולן האָבן עקסיסטירט, יידישע ימים־טובים זיינען געפייערט געוואָרן. אין דער חורבן־ליטעראַטור געפינען מיר אויספירלעכע פראַגראַמען פון אַזעלכע פייערונגען, ביים טויער פון אונטער־גאַנג, און אַנדערע באַווייזן, אַז ביז דער לעצטער מינוט איז דאָס יידישע וואָרט נישט אַרונטער פון די פאַרהונגערטע ליפּן. אַ טייל פון דער אונטער־ערדישער ליטעראַטור און פון די געהיימע קאָמוניקאַציעס איז אַפילו דער־גאַנגען צו אונדז אַהער, אין אונדזער גרויסער פאַרצווייפלונג און הילפ־לאָזיקייט.

אָבער די פאַרטיליקונג פון יידישן וואָרט אין סאָוועט־רוסלאַנד איז אַזוי אַבסאָלוט, אַז מיר זעען פון דאָרט נישט קיין יידישן תמונת אות. אַלע עפנטלעכע יידישע טעטיקייטן זיינען ברוטאַל אָפּגעשטעלט געוואָרן. יידישע טעאַטערס זיינען געשלאָסן, די גאַנצע יידישע פאַרלעגעריי איז פאַרניכט און עס דערשיינט אַפילו נישט קיין יידיש בלעטל, אַפילו ניט אונטערערדיש, וואָס זאָל זיך דערוועגן צו זאָגן „קדיש" אויף דעם גרויסן חורבן.

נישטאָ! אָפּגעווישט! פאַרטיליקט! אומגעבראַכט! צעטראָטן און אָפּ־געמעקט!

דאָס איז נישט קיין פּאָליטישער אַקט פון דער סאָוועט־רעגירונג קעגן דער יידישער ליטעראַטור און יידישן שרייבער. נישט איין מאָל האָט די סאָוועטישע רעגירונג זיך אַ לאָז געטאָן, ווי אַ רויבפויגל, אויף אַ גאַנצער ליטעראַטור פון אַ נאַציאָנאַליטעט אָדער אויף אַ גאַנצער גרופּע שרייבערס און זיי באַשטראָפט פּאָליטיש. די ליטעראַטור פון דעם באַשטראָפטן פאָלק האָט זיך רעאָריענטירט, אין הסכם מיט נייע פּאָליטישע אָריענטאַציעס, און די גרופּע שרייבערס איז פאַרשוואונדן. דערפאַר אָבער זיינען גלייך אויפגע־

גאַנגען נייע שטערנס. די ציַיטונגען און ביכער זיינען אַרויס מיט נייע נעמען און אין די טעאַטערס האָט מען געשפּילט נייע דראַמעס.

ווען דאָס וואָלט געשען מיטן יידישן שרייבער אָדער מיט דעם יידישן וואָרט אין רוסלאַנד וואָלט עס געווען גענוג ביטער און טרויעריק. אָבער די ליטעראַטור אַליין וואָלט כאָטש געבליבן און נייע נאָך נישט דערטרונקענע יידישע שרייבערס, לויט דעם אומפאַרמיידלעכן פּראָצעס פון דו האָסט דערטרונקען האָט מען דיך דערטרונקען, וואָלטן פאַרנומען די ערטער פון די שוין־דערטרונקענע יידישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד.

ניין, די יידישע ליטעראַטור האָט נישט דורכגעלעבט קיין פּאָליטישע רייניקונג. זי איז נישט קיין קרבן פון נייע פּאָליטישע ווינטן און אָריענטאַציעס. זי איז נישט באַשטראָפט געוואָרן, נאָר זי איז אין גאַנצן פאַרניכט געוואָרן. מיט דער יידישער ליטעראַטור האָט מען זיך אין גאַנצן נישט געוואָלט צערעמאָניען. די יידישע אותיות האָט מען נישט צוגעפּאַסט צום נייעם פּראָצעס און נייער אויסטייטשונג פון דער סאָוועטישער געשיכטע, לויט דער ליניע פון היינטיקן טאָג, אין גאַנג פון די לעצטע געשעענישן. די יידישע ליטעראַטור איז אַ קרבן פון אַ ביטערער גזירה, וואָס דער בלוטיקער צאַר האָט אַפילו נישט געוואָגט גוזר צו זיין, אין די ערגסטע יאָרן פון צאַריסטישער רישעות און „קראָמיע יעווריעוו״־פּאָליטיק. יידישע דרוקערייען זיינען צענזורירט געוואָרן, אָבער דאָס יידישע וואָרט האָט טריאומפירט אין די ביטערסטע און שווערסטע טעג.

סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אויסגעגאָסן איר גאַנצן וואַנדאַלישן צאָרן אויף דער יידישער ליטעראַטור. זי האָט נישט געוואָלט ריזיקירן מיט נייע יידישע שרייבערס, וואָס זיינען תמיד געשטאַנען גרייט צו מסרן די אַלטע, די אויסגעגליטשטע אָדער געשטרויכלטע. אַפילו מיט דער דעגראַדאַציע פון יידישן וואָרט, לויט דעם באַקאַנטן סאָוועטישן נוסח, האָט זיך די סאָוועטישע רעגירונג נישט געוואָלט באַנוצן, אַפילו אַזאַ געלעגנהייט האָט די יידישע ליטעראַטור נישט געקראָגן. סאָוועט־רוסלאַנד האָט גענומען אַ האַק און דערמאָרדעט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, נישט איבערלאָזנדיק קיין זכר און קיין קדיש־זאָגער.

אין סאַמע אָנהייב, ווען ס׳איז שוין געווען קלאָר, אַז עפּעס איז געשען מיט דעם יידישן וואָרט און יידישן שרייבער, אין לאַנד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט מען אונדז דאָ גענומען פּריוואַט איינרעדן, אַז אין רוסלאַנד איז שטענדיק אָנגעגאַנגען אַ סיכסוך צווישן די מאָסקווער יידישע שרייבערס און די בירא־בידזשאַנער, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זיי קריגן

נישט געגוג אויסהאַלטעניש פון די יידישע ליטעראַרישע גבאים, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער קאַסע — און אַז דעם קאַמף האָבן געוואונען די בירא־בידזשאַנער. לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז שוין קיין יידישער בירא־בידזשאַן אויף דער וועלט נישטאָ און אַז אויב ס'איז פאַרגעקומען אַזאַ סיכסוך, זיינען אַלע יידישע גרופּן, אַן איין אויסנאַם, אָפּגעקאַסיעט געוואָרן. איצטער הערשט גרויס שלום אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. ס'איז דער אַרויפגעצוואונגענער שלום פון דעם מלאך־המות...

**

ש. ניגער האָט געשריבן אַ לענגערע אַרבעט וועגן די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס און געזוכט פעסצושטעלן, צי זיי זיינען געווען אַנוסים. אַנוסים אין וועלכן זין? עס איז בכלל אַ שווערע זאַך אויפן סמך פון זייער אַרבעט צו וועלן דערגיין וואָס פאַר אַ קינסטלערישן אמת די סאָוועטישע יידישע שרייבערס האָבן געוואָלט אויסדריקן מיט זייערע לידער און פּראָזע. זיי האָבן זיך תמיד געפונען אין אַ קלעם און דערצו האָט זיך דער קורס געביטן אַזוי אָפט, איך מיין די השגחה איבער דעם קינסטלער, וואָס איז געווען אָפּהענגיק אין סטאַלינס קאַפּריזן און פון די באַשטימטע צענזאָרן, וואָס האָבן געקאָנט צושניידן גאַנצע טעאָריעס, צוגעפּאַסט צום דו"יי פון סטאַלינס נאָז אָדער פון זיין וואָנסע.

מעג מען אָננעמען, אַז די יידישע שרייבערס זיינען געווען אַ סך דערשראָקענער פון די ניט־יידישע און זיי האָבן ניט געוואָלט ריזיקירן מיט אַ פרייען, ספּאָנטאַנעם אויסדרוק, וואָס אויב ער איז געקומען פון די טיפענישן פון שעפערישקייט, האָט מען אים אונטערדריקט.

עס האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ נוסח ביי יידישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד און מען האָט דעם נוסח שטאַרק געהיט. דער דאָזיקער נוסח איז געווען צוגעפּאַסט צו די אומשטענדן און איז געווען פאַרבונדן מיט ווייניק ריזיקע, ער איז געוואָרן צווייטע נאַטור; מען האָט אָפּגעמאַכט וועגן וואָס מען מעג שרייבן און צו וואָס מען טאָר זיך נישט צורירן; עס איז אויך געווען קלאָר וועמען מען דאַרף כסדר און אומאויפהערלעך באַזינגען.

און דאָך האָט זיך, ביי די דאָזיקע שווערע אומשטענדן, געשאַפן אַ גרויסע סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור, מיט אינדיווידועלע טאַלאַנטן. נישט נאָר האָבן דאָרטן ווייטער זיך צעבליט אַזעלכע אַהינגעקומענע פאַרטיקע קינסטלערס, ווי פּרץ מאַרקיש, דוד בערגעלסאָן און אַנדערע, נאָר עס זיינען אויך אויפגעקומען נייע און פרישע טאַלאַנטן. אמת, זיי האָבן אַלע געהאַט

אַ צאָל גוטע יאָרן, ווען דער סטאַלין־רעזשים האָט זיך נאָך נישט געהאַט אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצן סאַדיזם. די עטלעכע יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אויך געגעבן די יידישע שרייבערס אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען ווי וואָרעמע יידן, אָן מורא, אַז מען וועט זיי, חלילה, באַשולדיקן אין צו פיל נאַציאָנאַליזם. פעפערס פּאַטעטישע דעקלאַמאַציע „איך בין אַ ייד" האָט דעמאָלט געגעבן דעם סיגנאַל, אַז מען מעג — דערוויילֿ.

ווען מען פאַרגלייכט דעם דאָזיקן קלעם פון די מוראדיקע סטאַלין־יאָרן מיט דעם פרייען און אָפענעם פאַרשלאָג פון דער גרופּע יוגנטלעכע קאָמוניסטישע שרייבערס צו געבן יעווטושענקאָן, דעם רעבעל און עזות־פּנים, דעם וואָס האָט געהאַט דעם מוט זיך צו קריגן מיט כרושטשאָוון — די לענין־פּרעמיע, מוז מען צוגעבן, אַז עס איז געוואָרן גרינגער צו זיין אַ שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד און אַפילו גרינגער צו זיין אַ יידישער שריי־בער. איך זאָג — אַפילו, ווייל דער יידישער שרייבער איז מער אָנגעלערנט געוואָרן, ווי די ניט־יידישע שרייבערס אויף די אַלערליי לשונות אין סאָוועט־רוסלאַנד.

און דאָ קומען מיר צו דער פראַגע פון אַנוסים. אויב מען מיינט מיט דעם אויסדרוק — פּאָליטישע אַנוסים, אַזעלכע וואָס זייער קאָמוניזם איז בלויז געווען לפּנים, אָבער אין באַהעלטעניש, מיט זיך, בחדרי־חדרים, זיינען זיי געווען קעגנערס פון קאָמוניזם, איז אַזאַ צוגאַנג אַ פאַלשער און אַ געפערלעכער. אַדרבא, אויף וואָס איז נייטיק צו טייטשן, אַריינטייטשן און אַרויסטייטשן, ווען מיר האָבן פאַר זיך פאַרטיקע ווערק, וואָס ווייזן אונדז, אַז די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס זיינען געווען געטריייע קאָמוניסטן און אַפילו געטרייע רעזשיממענטשן. דערפאַר ווערט אפשר די טראַגעדיע פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור בולטער און ווייטיקדיקער. סטאַלין האָט גענומען זיינע געטרייעסטע אויספּאָלגערס און באַזינגערס און זיי דער־מאָרדעט. ווען איך זאָג — אויספּאָלגערס, וואַרפט עס נישט קיין חשד אויף זייערע טאַלאַנטן, ווייל דער נס פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ווי שטאַרק דער קלעם איז נישט געווען און ווי שאַרף די צענזור האָט נישט געבושעוועט, האָט דער סאָוועטיש־יידישער שרייבער פאַרט באַוויזן אַריבערצוקליגלען די ביטערע אומשטענדן און שאַפן קינסטלערישע ווערק.

אָבער פּאָליטיש איז דאָס סאָוועטיש־יידישע שרייבערטום געווען פרום־קאָמוניסטיש. מען קאָן אויסזוכן און געפינען שורות און פּראָזעזאַצן ביי

סאָוועטיש־יידישע שרייבערס און אויפוויטן, אַז זיי זיינען אַפילו געווען וואַרעמע יידן. דעם ייד האָבן זיי געמוזט פאַרשלייערן און אים קאָנטראָלירן, אַז ער זאָל זיך נישט צו הויך צעזינגען. אָבער פּאָליטיש זיינען די סאָוועטישע יידישע שרייבערס געווען איבערגעגעבענע קאָמוניסטן און ווען מען צווייפלט אין דעם עפנטלעך, גייט מען אויף אַ געפערלעכער בריק. מען מאַכט זיי אַלע פאַר פאַררעטערס צום רעזשים, בעת זיי זיינען גאַר געווען געטריי און וואַרעם איבערגעגעבן דעם קאָמוניסטישן אידעאַל.

אַפילו ריין־פּערזענלעך און מאַטעריעל האָבן יידישע שרייבערס געהאַט גוטע סיבות צו בענטשן דעם רעזשים. וואָס איז אַ יידיש־יידישער שרייבער געווען און וואָס איז ער נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין אַלע אַנדערע לענדער? אַ טאָלערירטער מענטש, וועמענס רייד דערגייען נישט צו דער עפנטלעכקייט — מיט גאָר־גאָר קנאַפּע אויסנאַמען. לייוויק האָט אַ האַלבן יאָרהונדערט אָפּגעשריבן אין זיין לאַנד אַמעריקע און ווען ער איז געשטאָרבן האָט ער זיך נישט דערדינט צו מער ווי אַ נעקראָלאָג אין ענגלישע צייטונגען. אָבער אין קיין איין ענגלישן זשורנאַל איז נישט געווען קיין שורה אַפילו וועגן אים, אָפּגערעדט אַז מען האָט וועגן אים אין ערגעץ נישט געשריבן. איך רעד וועגן די נאַציאָנאַלע אַמעריקאַנער זשורנאַלן און גרויסע ליטעראַרישע ביילאַגעס פון די טעגלעכע צייטונגען.

ביז עס איז געעפנט געוואָרן דער מערדערלעכער קאַמפּיין קעגן די יידישע שרייבערס ווי קעגן די „קאָסמאָפּאָליטן" און קעגן דעם, ווי יידישע שרייבערס האָבן זיך „צעלייגט" אין די רוסישע ענציקלאָפּעדיעס — איז דאָך אַ יידישער שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד געווען אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דעם אַלגעמיינעם שטראָם אין דער ליטעראַטור. מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַזעלכן און דער יידישער שרייבער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז מיט זיין יידיש וואָרט שלאָגט ער אָן אין די העכסטע פענצטערס.

פאַר וואָס זשע זאָל, למשל, אַזאַ פּאָעט ווי מאַרקיש זיך נישט געווען שפּירן איינגעגלידערט אין אַ גרויסער ליטעראַטור מיט זיין יידיש ליד — ביז די יאָרן, ווען עס האָט זיך אויסגעגאָסן סטאַלינס מערדערלעכער צאָרן אויף אַלע פאַרשטייערס פון דער יידישער ליטעראַטור?

ווען מען לייענט די 22 בריוו פון פּרץ מאַרקישן צו יוסף אָפּאַטאָשון אין דעם נאָך־וואָס דערשינענעם „פּנקס פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע" און מען זעט ווי מאַרקיש האָט כסדר געהאַלטן אין איין אַגיטירן אָפּאַטאָשון, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד,

האָט מען דאָס געפּיל, אַז מאַרקיש האָט עס געמיינט ערנסט. ער האָט אַפּאַטאָשון גערעדט אַ גליק־שידוך.

דווקא פון שטאַנדפּונקט פון געטרייען קאָמוניזם, ווי מאַרקיש ווייזט עס אַרויס אין זיינע פּריוואַטע בריוו, האָט ער אין יענע יאָרן געהאַט די פולע באַרעכטיקונג, אַפילו פון זיין פערזענלעכן שטאַנדפּונקט, צו בענטשן און לויבן דעם רעזשים, וואָס האָט דעם יידישן פּאָעט געגעבן אַ פּאָזיציע אין לאַנד, הויכע אָנערקענונג און רעגירונג־מעדאַלן.

און פונדעסטוועגן האָבן די סאָוועטיש־יידישע וואָרטמייסטערס געבענקט נאָך אַ וואַרעם וואָרט, וואָס זאָל צו זיי קומען פון דער יידישער כלל־ליטעראַטור, מחוץ סאָוועטן־פאַרבאַנד. ווען איך האָב אין מערץ 1945 פאַר־עפנטלעכט אין „אידישער קעמפער" אַ לענגער לויב־אַרטיקל וועגן אַ פראַגמענט פון מאַרקישעס פּאָעמע, האָט מאַרקיש מיר געשיקט וואַרעמע גרוסן און דאַנקען אין זיינע בריוו צו אַפּאַטאָשון, אין 1946 און 1947. אמת, אַפּאַטאָשו האָט מיר קיין מאָל די דאָזיקע גרוסן נישט איבערגעגעבן און איך האָב זיי ערשט באַקומען, פאַרשפּעטיקט, אַ דאַנק דעם „פנקס". פאַר וואָס אַפּאַטאָשו האָט מיר נישט איבערגעגעבן די וואַרעמע גרוסן קאָן איך איך זיך אָנשטויסן, ווייל אין עצם איז די קאָרעספּאָנדענץ צווישן אַפּאַטאָשון און מאַרקישן געווען אַ סוד — פאַרן גאַנצן ליטעראַרישן בראָד. אַפּאַטאָשו איז בכלל געווען אַן אויף־זיך־קאָנצענטרירטער שרייבער און עס האָט זיך אים נישט געגלוסט צו שלעפּן אַ גרוס אַזש פון מאָסקווע — פאַר מיר, עס איז פאַר אים געווען צו פיל אָנשטרענגונג. אפשר זיינען אויך געווען אַנדערע סיבות, אָבער עס איז נישט כדאי זיך אין זיי איצטער צו גריבלען. דער עיקר, אַז איך האָב די גרוסן פאָרט באַקומען צוגעשטעלט, גרוסן פון 1947 — פינף יאָר פאַר מאַרקישעס טויט.

דער דאָזיקער גרוס פון יענער וועלט האָט אין מיר אויפגעפרישט אַ גאַנצע ריי געשעענישן אַרום מיין אַרטיקל, וואָס האָט מאַרקישן פאַרשאַפט אַ סך צרות. ער האָט דאָס אַרטיקל געזוכט און איציק פעפער, זיין פער־זענלעכער, ניט־פאַרגינערישער שונא, האָט עס פון אים באַהאַלטן. מאַרקיש האָט אָבער דאָס אַרטיקל פאָרט באַקומען צוגעשיקט. שפּעטער האָט נוסינאָוו ציטירט עטלעכע שורות פון מיין קריטיק, אין אַ ביילאַגע צו דער רוסישער ענציקלאָפּעדיע, און דאָס האָט פעפערן געגעבן אַ געלעגנהייט צו מאַכן דערפון אַ געפערלעכן פּאָליטישן שפּיל.

אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון דעם זשורנאַל „איינִיקייט"

ווערט דערציילט, אַז ביי אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג האָט פעפער באַשול־דיקט מאַרקישן און נוסינאָוון, אַז זיי האָבן זיך געקוויקט מיט אַ לויב־אַרטיקל פון „דעם ניו־יאָרקער פאַשיסט יעקב גלאַטשטיין". וואָס אַזאַ באַשולדיקונג האָט דעמאָלט געקאָנט מיינען און ווי ווייט און צו וועמען עס האָט געקענט גרייכן, קאָן מען זיך גוט פאָרשטעלן.

יאָ, צום ביטערן גורל פון די סאָוועטישע יידישע שרייבערס האָבן אַ סך צוגעטראָגן און צוגעפירט רייסערייען און אינטריגעס, אחוץ אַנדערע סיבות, וואָס פאַר זיי זיינען די רייסערייען און קינאה־שינאה געווען ווי געוואונטשן.

***

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פרעגט מען געוויינלעך נישט קיין קשיות, ווייל ס'איז נישט געזונט צו פרעגן. פונדעסטוועגן מוז זיך ביי אַ סך סאָוועטישע בירגערס, דער עיקר אין די גרעסערע שטעט, פאַרט לעצטנס פאַרגנבענען אַ פראַגע, וואָס בעט זיך געפרעגט צו ווערן. ס'איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן דער סאָוועטיש־יידישער פאָעט שמעון האַלקין. ער איז אַוועק פון דער וועלט אַ צעבראָכענער מענטש, ער איז געווען אַרעסטירט, צוזאַמען מיט זיינע חברים, יידישע שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס. אָבער ער האָט זיך געראַטעוועט פון טויט. אים האָט מען נישט „דערשאָסן", ווי ס'לייענט זיך דער באַפעל פאַר אַזעלכע „פאַרברעכערס" קעגן שטאַט, אָבער ער האָט זיך יאָ אָפּגעוואַלגערט אין די סאָוועטישע תפיסות און סיי ווי אַרויס אַ צעשאָסענער און צעבראָכענער.

ער איז די לעצטע עטלעכע יאָר, גיט מען איבער, געוואָרן רעליגיעז געשטימט, און ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט האָט ער געזאָגט תהילים. ער האָט זיכער אַ סך געטראַכט וועגן דעם גורל פון יידישן מענטשן אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס ס'איז פון אים געוואָרן; ווי ער איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צווייטקלאַסיקן בירגער... שמעון האַלקינען איז דאָך באַשערט געווען צו לייענען אין די צייטונגען וועגן דעם בלוט־בילבול אויף קאַווקאַזישע יידן, אַז זיי טרינקען מוסולמעניש בלוט פאַר רעליגיעזע צוועקן און וועגן דער „שטראָף" פאַר די פאַרשפרייטערס פון בילבול — מען האָט זיי אָפּגעזאָגט פון זייערע פאָסטנס.

דאָס איז שמעון האַלקינען באַשערט געווען פאַרן טויט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך עטלעכע יאָר אַרומגעדרייט אַ צעבראָכענער שאָרבן, אַן אָבל נאָך זיינע בעסטע פריינד און אַ שטומער דיכטער, ווייל ער האָט נישט געהאַט וואו צו דרוקן זיינע יידישע לידער.

ווי לאַנג איז עס, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אַ סך אַנזען אין די סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס? אָבער מיט אַ מאָל איז געקומען אַ באַפעל צו עפּענען אַ העצע קעגן די יידישע שרייבערס — אַ סך פריער אידער זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרן — פאַר וואָס די דאָזיקע פרעמדע קאָסמאָפּאָליטן האָבן זיך צעלייגט, ווי ביים טאַטן אין ווייגאַרטן, אין די סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיעס. מען האָט זיי גלייך אויסגעפּליקט און אויסגעריסן פון אַלע אַזעלכע ליטעראַרישע פאַרצייכענונגען, ווי אַ צייכן, אַז ס׳קומט אויף זיי עפּעס ערגערס.

...איצטער, נאָך האַלקינס טויט, זיינען דערשינען וועגן אים גרויסע אָפּהאַנדלונגען אין אַ סך וויכטיקע מאָסקווער ליטעראַרישע זשורנאַלן. מען האָט געשריבן אין די העכסטע טערמינען וועגן זיין טאַלאַנט און וועגן דער קינסטלערישער ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. לייענענדיק אַזעלכע ליטעראַרישע נאָטיצן וועגן אַ יידישן שרייבער, וואָס איז אויך געווען סטאַלינס קרבן, כאָטש ער האָט זיך אַ צייט אַרומגעדרייט אַ כלומרשט־לעבעדיקער, האָט זיך ביי אַ סך רוסן באַדאַרפט שטעלן די פראַגע, אויב ער איז יאָ געווען אַזאַ גרויסער פּאָעט, ווי מען שרייבט נאָך זיין טויט, פאַר וואָס האָט מען אים, שוין נאָך סטאַלינען, נישט דערלויבט צו עפענען אַ יידיש מויל, אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָך געלעבט? אויב מ׳קאָן אין האַלקינס יידישן לשון דערגרייכן אַזעלכע קינסטלערישע הייכן, פאַר וואָס האָט מען פּאַקטיש אין גאַנצן ליקווידירט דאָס יידישע לשון און געשלאָסן די מיילער פון די יידישע לעבעדיקע שרייבערס?

...די סאָוועטישע לויבגעזאַנגען האָבן דערפאַר געקלונגען חוצפּהדיק־היפּאָקריטיש, אויב זיי האָבן נישט רעווידירט די גרויסע אומגערעכטיקייט און דעם היטלעריסטישן מישפּט קעגן דער יידישער ליטעראַטור און אירע טרעגערס.

און אָט איז האַלקינס טויט צוזאַמענגעפאַלן מיט נאָך אַ דאַטע, אַ יאָרצייט און אַ יובל פון ליקווידירטן יידישן שרייבער. מען האָט זיך פּלוצעם געכאַפּט, אַז איציק פעפער וואָלט איצטער, אַכט יאָר נאָך זיין טויט, אַלט געווען זעכציק יאָר. ווידער האָבן זיך די גרויסע רוסישע ליטעראַרישע זשורנאַלן צעזונגען וועגן דעם „פאַרשטאָרבענעם" איציק פעפערן; מען האָט, חלילה, נישט אויסגעזאָגט ווי אַזוי פעפער איז „פאַרשטאָרבן", נאָר מען האָט געפייערט זיין טויטע יובל־דאַטע און דעם סטאַלין־דערמאָרדעטן יידישן שרייבער געזונגען פייערלעכע לויבגעזאַנגען.

איציק פעפער איז געווען פון די געטרייסטע סאָוועטישע דינערס. זיינע

לידער זיינען געווען טענדענציעזע געזאַנגען צו דער סאָוועטישער מאַכט. ער איז געווען דורכויס אַ סאָוועטישער „טשינאָווניק". ער איז קיין מאָל נישט אַרונטער פון דער ליניע. ער האָט איר געדינט עטלעכע טעג איידער די ליניע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. ער איז ממש געקראָכן פון דער הויט צו ווייזן זיין רוסישן פּאַטריאָטיזם.

פערזענלעך איז ער געווען נייגציק פּראָצענט באָלשעוויק און צען פּראָצענט יידישער מענטש. מען דערציילט פון אים נישט קיין שייגע זאַכן. אַנדערע, ווידער, גיבן איבער וועגן אַ סך טובות, וואָס ער האָט געטאָן חברים. אָבער אויף זיין שטייגער האָט ער ליב געהאַט יידיש און יידישע ליטעראַטור. ווען ער איז אויסגעקליבן געוואָרן צו פאָרן ווי אַ סאָוועטיש־יידישער דעלעגאַט קיין אַמעריקע, האָט ער נישט געוואוסט, אַז אָט דער כבוד, וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן, צוזאַמען מיט מיכאָעלסן, וועט שפּעטער אויסגענוצט ווערן ווי אַן אָנקלאָגע קעגן אים. מען האָט אים געהייסן פאָרן רעדן צו אַמעריקאַנער יידן, כדי מען זאָל אים באַשולדיקן אין זוכן קאָנ־טאַקטן מיט יידן אין אויסלאַנד.

דאָס איז געווען סטאַלינס מערדערלעכע לאָגיק און די לאָגיק האָט לאָגיש געפירט צו זיין טויט. איצטער האָט מען אים טויטערהייט רעהאַ־ביליטירט. מען האָט געפייערט זיין יובל אויף רוסיש, גערעדט וועגן זיין סאָוועטישער געטריישאַפט, באַזונגען זיין טאַלאַנט, אָבער מען האָט אַלץ נישט רעווידירט דאָס גאַנצע פאַרברעכן קעגן דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן דורך סטאַלינען און גוטגעהייסן געוואָרן פון כרושטשאָוון...

מיטגלידער פון סאָוועטישן שרייבער־פאַרבאַנד זיינען מספּיד פּעפערן און האַלקינען ווי גרויסע רוסישע פּאָעטן, אָבער ביי זייערע צוזאַמענפאָרן, וואָס זיינען אַ צוזאַמענשטעל פון פאַרטרעטערשאַפטן פון אַלע סאָוועטישע פעלקער און זייערע ליטעראַטורן, דערלויבט מען קיין מאָל נישט קיין פאַרטרעטונג פון דער יידישער ליטעראַטור.

וועגן פּעפערן זאָגט זיך אין די טויטע יובל־אַרטיקלען, אַז „ער האָט מיט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט געהאָלפן בויען די סאָציאַליסטישע קולטור" און אַז „זיין ביישטייער וועט אויף תמיד בלייבן אין די אוצרות פון אונדזער קולטור".

פרעגט זיך דאָך: אויב זיין ביישטייער אין אָריגינאַל איז געווען אַ באָלשעוויסטיש, אַ אַן אוצר פאַר דער רוסישער קולטור, פאַר וואָס זשע מאַכט מען נישט קיין לעבעדיקע אויפריכטונג פון דער יידישער ליטעראַטור,

נאָר מען פאַרגיסט קראָקאָדיל־טרערן אויף דערמאָרדעטע יידישע פּאָעטן ?...

יאָ, דאָס טרויעריקסטע פון די אַלע נעקראָלאָגן איז וואָס מ'האָט אַפילו אין די הספדים נאָך האַלקינען און אין די טויטע יובילײ־אַרטיקלען וועגן פעפערן נישט געהערט קיין יידיש וואָרט...

זיינען די גראַטעוועטע יידישע שרייבערס אַרומגעגאַנגען פאַרשטומטע און צוגעזען וואָס עס איז געוואָרן פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. זי האָט געקראָגן טויטע עולם־הבא, מען זעצט זי איבער אויף רוסיש, נאָך דעם ווי מען באַוויינט זי אויף רוסיש...

***

דוד בערגעלסאָן, דער באַרימטער סאָוועטיש־יידישער שרייבער, וואָס איז פאַרשוואונדן, צוזאַמען מיט אַ צענדליק אַנדערע פעדער־חברים זיינע און צוזאַמען מיט דעם גאַנצן יידישן אַלף־בית, האָט זיך פּלוצעם כמעט אָפּגעזוכט אין... אַרגענטינע. דאָס איז אַזאַ סענסאַציאָנעלע ידיעה, אַז מיר הייבן נישט אָן צו פאַרשטיין, פאַר וואָס די היגע „פרייהייט" האָט עס פאַרפעלט מודיע צו זיין, מיט אַ ריזיקן קאָפּ אויף דער ערשטער זייט: עקסטרע! דוד בערגעלסאָן אָפּגעפונען!

זאָל מען זיך נישט וואונדערן אויף דעם וואָרט אָפּגעפונען. אַזוי איז טאַקע די ידיעה דערשינען אין אַרגענטינע. מיר געפעלט דאָס דאָזיקע וואָרט, ווייל, אייגנטלעך, האָט זיך נאָך בערגעלסאָן ניט אָפּגעזוכט. דערווייל האָט ער זיך ערשט „אָפּגעפונען", און אין אַרגענטינע ווייסט מען שוין וועגן דעם.

נאָך מער: צוזאַמען מיט אים האָט זיך אויך אָפּגעפונען — אַלץ נישט אָפּגעזוכט — איציק פעפער, אויך אַ פאַרשוואונדענער, וואָס מען האָט ביז איצט נישט געוואוסט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. לאָזט זיך אויס, אַז אויך ער געפינט זיך אין דעם גליקלעכן צושטאַנד פון אָפּגעפונענקייט, ווי זיין חבר דוד בערגעלסאָן — אויך אין אַרגענטינע.

דאָס הייסט נישט, אַז דוד בערגעלסאָן און איציק פעפער וואוינען טאַקע אין אַרגענטינע — חלילה! וואוינען וואוינען זיי ערגעץ אַנדערש, אָבער די ידיעה מיט דעם קעפל „עס האָט זיך אָפּגעפונען דוד בערגעלסאָן" איז דערשינען אין אַרגענטינע.

די געשיכטע מיט דער אָפּגעפונענקייט פון צוויי לאַנג־פאַרשוואונדענע און באַקלאָגטע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס איז אַזוי סענסאַציאָנעל, אַז מען דאַרף איבערגעבן די איינצלהייטן בהדרגהדיק און נישט־געכאַפּט. נישט

ווייניקער סענסאַציאָנעל, ווי די סענסאַציע אַליין, איז דער פאַקט, וואָס די בשורה איז ביזן היינטיקן טאָג, אויף וויפל מיר ווייסן, נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער היגער „פרייהייט". די סענסאַציע ווערט נאָך גרעסער דערמיט, וואָס די „אָפּגעפונענקייט" ווערט געמאָלדן אין אַ ברודער־אָרגאַן פון דער ניו־יאָרקער „פרייהייט", אין דעם מערץ־אַפּריל נומער פון דעם חודש־זשורנאַל „איקוף", וואָס דערשיינט אין אַרגענטינע.

...אין דער נעמלעכער אָפּטיילונג קריגן מיר טאַקע די בשורה וועגן דער „אָפּגעפונענקייט", און די געהיימעניש ווערט טיפער און געדיכטער, ווייל מ׳וויל וויסן, פאַר וואָס מעגן זיך בערגעלסאָן און פעפער אָפּגעפינען אין אַרגענטינע, אָבער אין ניו־יאָרק טאָר מען נאָך אַלץ דערפון נישט וויסן.

די אמתע סענסאַציע איבער אַלע סענסאַציעס איז די גוואַלדאַוונע סענסאַציע, וואָס די בשורה וועגן דער אָפּגעפונעניש קומט נישט פון קיין אַנדערן, ווי פון דוד זאַסלאַווסקי, רעדאַקטאָר פון „פּראַוודאַ". זאָל עס זיין, אַז זאַסלאַווסקי האָט בלויז גערעדט פאַר דעם לאַטיין־אַמעריקאַנישן עקספאָרט און נישט פאַר ניו־יאָרק?

די פּרטים, ווי זיי ווערן איבערגעגעבן אין דעם אַרגענטינער „איקוף", זיינען אָט־אַזעלכע: ווי עס ווייזט זיך אַרויס האָבן צוויי יידן פון אַ „קאַנאַדער סינדיקאַלער דעלעגאַציע", דוד בידערמאַן און פערל ווערדאַ, באַזוכט דעם ראַטן־פאַרבאַנד. דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „פּראַוודאַ" האָט זיי אויפגענומען און זיי קלאָר און קאַטעגאָריש דערקלערט:

„אונדזערע יידישע שרייבערס לעבן און זיינען געזונט. טייל פון זיי געפינען זיך אין בירא־בידזשאַן, אַנדערע געפינען זיך אין אייראָפּעאישן טייל פון אונדזער לאַנד, וואו זיי פאַרנעמען זיך מיט קולטור־אַרבעט. איך האָב זיך געטראָפן מיט בערגעלסאָנען מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק. ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ גרויס קולטורהויז".

און אָט דער גרוס, פון זאַסלאַווסקיס מויל, איז גרינטלעך אונטערדריקט געוואָרן אין ניו־יאָרק, בעת ס׳ווערט אַזוי אָפן פאַרשפּרייט אין אַרגענטינע. וואָס טוט זיך דאָ? פאַר וואָס וויל מען אונדז דאָ־הי נישט דערפרייען מיט אַזאַ פריילעכער בשורה?

און אַז דער „איקוף"־שרייבער „בנימין דער פּערטער" דעקט שוין אויף פאַר דער וועלט בערגעלסאָנס אָפּגעפונענקייט, קריגט ער ערשט מוט און ער איז מוסיף אויף זאַסלאַווסקיס גרוס, לאמור, אַזוי צו זאָגן: „פון אונדזער

זייט, קענען מיר צוגעבן, אַז בערגעלסאָן געפינט זיך איצט אין אָדעס, וואו ער איז מיט איבער אַ יאָר צוריק אַריבערגעפאָרן פון יעווּפּאַטאָריע".

אין אָדעס גאָר, כמעט מיט דער האַנט צו דערגרייכן. אין דער שטאָט, וואו ס'האָבן געוואוינט ביאַליק, פרוג, מענדעלע. פאַר וואָס האָט אונדז בערגעלסאָן אַליין ביז איצט נישט געשריבן אַ בריוול, אַז ער האָט זיך טאַקע אויך אָפּגעזוכט און נישט נאָר אָפּגעפונען אין דער מאַמע־שטאָט — אָדעס? און פאַר וואָס האָט די „פרייהייט" נישט פאַרגונען אָט דעם „לעבע־דיקן" גרוס?

דער זעלביקער „בנימין דער פערטער", וואָס האָט מוסיף געווען אויף זאַסלאַווסקיס „הויך־אויטאָריזירט" וואָרט און טאַקע באַזעצט בערגעלסאָנען אין סאַמע אָדעס, דערקלערט אויך, אַז „דער 'דערשאָסענער' איציק פעפער געפינט זיך אַ לעבעדיקער און געזונטער אין ריגע". און אויך דעם נישט־דערשאָסענעם גרוס האָט מען אונדז, דאָ אין ניו־יאָרק, נישט פאַרגונען. סטייטש, נאָך אַ מאָל פאַר וואָס?

די סענסאַציע מיט דער אָפּגעפונענקייט פון צוויי סאָוועטיש־יידישע שרייבערס איז אַ גאָרנישט אַנטקעגן דעם, וואָס זאַסלאַווסקיס מאָסקווער גרוס צו אַ קאַנאַדער סינדיקאַלער דעלעגאַציע, דורך אַרגענטינע, פון אָדעס און ריגע, האָט זיך נאָך אַלץ נישט דערקייקלט קיין ניו־יאָרק. ביי אונדז אין ניו־יאָרק האָט מען נאָך נישט אָפּגעזוכט די אָפּגעפונענע יידיש־סאָוועטישע שרייבערס.

(מאָרגען זשורנאַל, דעצ' 17, 1950; יוני 2, 1952;
סאַג־מ"זש, נאָוו' 11, 1960; דעצ' 24, 1965)

# די אומגעבראַכטע יידישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד

...ס'איז לעצטנס ביי אונדז אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן די אומגעבראַכטע יידיש־סאָוועטישע שרייבערס, אָבער מען האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אָפּגעשאַצט ווי ס'באַדאַרף צו זיין דעם גורל פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור ביז דעם מאַסנמאָרד. אַ גוטער פּרואוו איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ דריי יאָר צוריק, דווקא אין מדינת־ישראל. דאָרט איז דערשינען אַ גרויסע אַנטאָלאָגיע, וואָס האָט גענומען פאַר איר מאָטאָ אַ פּאָעטיש בילד פון פּרץ מאַרקישעס אַ ליד — „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין" און אַזוי אָנגערופן די גרויסע זאַמלונג „פּאָעזיע און פּראָזע פון צוועלף פאַרשניטענע יידישע שרייבערס אין ראַטן־פאַרבאַנד". די אַנטאָלאָגיע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון בנימין הרושאָווסקי, אַברהם סוצקעווער, חנא שמערוק. נאָר אַלע זיינען געווען קרבנות פון דער גרויסער מאַסן־שחיטה אין 1952, אָבער די רעדאַקציע פון דער אַנטאָלאָגיע האָט גלייך געטאָן, וואָס זי האָט איינגעשלאָסן אַזעלכע שרייבערס, ווי איזי כאַריק, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן אין 1937, זעליק אַקסעלראָד אין 1941, משה קולבאַק אין 1940, אָדער האַלקין, וואָס איז אַרויס אַ צעבראָכענער נאָך די מוראדיקע עינויים און איז געשטאָרבן אַ „נאַטירלעכן טויט" אין 1960. זיי אַלע זיינען צעבראָכן געוואָרן ווי „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין", אין אַ גרויסער מאָרד־פאַרשווערונג, וואָס איר קלימאַקס איז געווען די מאַסן־ליקווידאַציע אין 1952.

ש. ניגער איז אפשר געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזוכט זיך פונאַנדערצוקלייבן אין דעם אַפּשפּאַר, וואָס איז געבליבן פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. ס'איז אַ שווערע אויפגאַבע, וואָס איז נישט גרינטלעך דורכגעפירט געוואָרן — און האָט נישט געקענט דורכגעפירט ווערן — אפילו אין אַזאַ קאָלאָסאַלער זאַמלונג, ווי ס'שטעלט מיט זיך פאָר „אַ שפּיגל אויף אַ שטיין", וואָס האַלט איבער 800 זייטן. די סאָוועטישע שרייבערס, פּאָעטן און פּראָזע־קינסטלערס האָבן געהאַט אַ סך שלעכטע יאָרן, ווען זיי האָבן געשריבן ציטערנדיק פאַר פּחד; ווייל אפילו אין פּחד האָט אַ סאָוועטישער שרייבער געמוזט שרייבן, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשדים, אַז ער שווייגט צו פיל און צו לאַנג. אָבער זיי האָבן אויך געהאַט אַ צאָל גוטע יאָרן, ווען זיי האָבן געשריבן מיט פרייד און מיט אַ סך שאַפונג־ענערגיע.

סאָוועטיש־יידישע שרייבערס זיינען שטאַרק פּראָדוקטיוו געווען. יונגע

פּאָעטן, וואָס האָבן יעדער איינער אין משך פון עטלעכע יאָר אַרויסגעגעבן אַ צענדליק ביכער בעלעטריסטיק, ווי דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, האָבן געשאַפן גרויסע ווערק אין כמות און אין איכות. די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור איז געוואַקסן און איז געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע ביבליאָטעק.

אַז מען נעמט זיך אָריענטירן אין דער דאָזיקער ליטעראַטור און מען וויל אויפזוכן דעם אמתן קינסטלערישן אָפּשפּאָר, מוז מען „זיצן" אויף דעם דאָזיקן אַנזאַמל שיינע עטלעכע יאָר. די זיגזאַגישע באַדינגונגען פאַר דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור זיינען נישט תמיד די ריכטיקע מאָס, ווייל אַפילו ביי פרייע באַדינגונגען איז קינסטלערישע שעפערישקייט אָפט מאָל גובר — הונגער, נויט, פערזענלעכע צרות. דערפאַר זיינען אַפילו אונטער צוואַנג אָפט געבוירן געוואָרן אמתע קינסטלערישע ווערק אין דער גאַנצער וועלט, און סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס איר צוואַנג איז געווען אַ שטרענג־דעקרעטירטער, האָט אויך פאַרלוירן דעם קאַמף קעגן דער עקשנות פון קינסטלער.

פונדעסטוועגן מוז מען זיך שטעלן פאַר אַן אויפגאַבע, אַז מיר זוכן ביים סאָוועטישן יידישן קינסטלער דעם מאָמענט, ווען ער איז געווען דער אויפריכטיקער יידישער קינסטלער, און טאַקע מיטן טראָפּ אויף ביידע. מען קאָן זאָגן, אַז גרינג איז צו געפינען אמתע קינסטלערישע שאַפונגען ביי די סאָוועטישע יידישע שרייבערס אין די סאַמע ערשטע יאָרן, ווען יונגע יידישע שרייבערס האָבן געזוכט פאַר זיך נייע האָריזאָנטן, גלייך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דעם דאָזיקן יונגן אימפּעט אַנטפּלעקט מען פון 1918 ביז אין די מיטצוואַנציקערס. מען הערט עס אין דער מוזיק פון ליד און אין דער טעמפּעראַטור פון די דערוועגטע רייד. דער קאַמף קעגן אַלטן און דער טריאומפמאַרש אַנטקעגן נייעם איז געווען אַן אמתער, און אַפילו די לעסטער־רונג־רייד זיינען געקומען פון יונגשאַפט און פרייד.

מ׳געפינט אָבער סיי אין די לידער, סיי אין דער פּראָזע פון יענער צייט קינסטלערישן באַלאַנס. אַפילו די שאַקירנדיקע אַרויסרופן זיינען געגאַנגען אויפן חשבון פון דער יוגנטלעכקייט און אינערלעכער באַפרייאונג־פרייד. דער ריטעם פון יידישן ליד איז טאַקע געווען אַן אַנגעהערטער פון דער נייער רוסישער פּאָעזיע, אָבער ער האָט זיך אַריינגעזונגען אין יידישע שורות, וואָס האָט דעם לייענער געגעבן דאָס געפיל, אַז דער שרייבער האָט געהאַט דעם גרויסן תענוג, ווי ער וואָלט געשטאַנען ביים געבורט פון אָקאָרשט אַרויסגעזונגענע יידישע ווערטער.

אָבער דער דאָזיקער באַלאַנס האָט נישט לאַנג געדויערט. עס זיינען

געקומען יאָרן פון אַ שטאַרקן געראַנגל מיט פּאַרטיי־רשעים, וואָס זיינען אויך אויפן יידישן מיסט געוואַקסן. דער יידישער פּאָעט האָט זיך גענומען שרעקן, אַז ער וועט זיך פאַרזינדיקן מיט אַן אויסדרוק, מיט אַ וואָרט, מיט אַ טעמע. ס'איז געוואָרן אַלץ שווערער פאַר דעם אמתן קינסטלער צו לעבן אַ פיל באַטירלעך יידיש־קינסטלעריש לעבן.

די דאָזיקע מורא־און־פּחד־יאָרן האָבן אָנגעהאַלטן פון 1926 ביז 1939, ווען יידישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן שוין אָט־אָט געוואָלט לאָזן הערן אַ ריין יידיש קול, אָבער דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ פּאַקט האָט ווידער געשלאָגן יידישע שעפערישע מיילער ביז 1941.

עס זיינען געקומען פינף יאָר פון פריי־אויסגעלאָדענע יידישע געפילן, וואָס זיינען אַפילו דערגאַנגען ביז תשובה־היסטעריקע (ווי פעפערס — „איך בין אַ ייד") און — מיט אַ מאָל האָט די „זשדאַנאָווטשינע" אין דער רוסישער ליטעראַטור מיט איר טעראָר געדינט פאַר אַ רמז, אַז מען מוז ווידער זיך באַהאַלטן און צוריק אָנהייבן שרייבן פאַרן שופלאָד.

די סאָוועטישע יידישע שרייבערס האָבן עס געמוזט טאָן דורך די טרויעריקסטע זיגזאַגן. די יאָרן נאָך 1946 זיינען שוין געווען צוגרייטיאָרן צו דער גרויסער שחיטה. די יידישע שרייבערס זיינען פון 1948 אָן שוין נישט געווען אויף דער פריי. מען האָט זיי פיר יאָר געפּייניקט, גייסטיק און פיזיש, און זיי געוואָלט אין גאַנצן צעברעכן און צעטרעטן, איידער מ'האָט זיי געשענקט — דעם טויט. אָבער לויט אַלע באַריכטן, זיינען זיי, מיטן אויסנאַם פון איין איינציקן יידישן פּאָעט, געבליבן שטאָלצע יידן און שטאָלצע מענטשן; זיי האָבן די פּייניקערס נישט צוגעשטעלט דעם נחת־רוח, אַז ס'איז זיי געלונגען צו באַרויבן יידישע שעפערס פון זייער מענטשלעכער און קינסטלערישער ווערדע.

אַז מען וויל זיך דערפאַר שאַפן אַ בילד פון דעם קינסטלערישן איבערלאָז פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, דאַרף מען דורכמאַכן די גאַנצע זיגזאַגישע געשיכטע פון דער דאָרטיקער יידישער ליטעראַטור און נישט דורכלאָזן קיין איין יאָר פון איר פרייער און אַפילו פון איר אָנגעשראָקענער שעפערישקייט, אין רייסענישן און בייסענישן צווישן זיך, ווען די אָנטאַלאַנטיקע פּאַרטיי־רשעים האָבן נאָכגעמאַלפּעוועט אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער רוסישער, ווייס־רוסישער אָדער אוקראַ־אינישער ליטעראַטור און אין זייער אייגענעם פּחד נאָך שאַרפער אָנגעפירט די ליטעראַרישע קריטיק־עקזעקוציעס.

די יידישע ליטעראַטור אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט געהאַט גאַנצע פיר

צענטערן — כאַרקאָוו, קיעוו, מינסק, מאָסקווע, און אַ קורצע צייט אויך ביראָ־בידזשאַן. אין די אַלע שאַפונגערטער איז צייטנווייז אַנגעגאַנגען אַן אויטאָנאָמע ליטעראַרישע טעטיקייט, וואָס האָט קאָנקורירט איינע מיט די אַנדערע פאַר העגעמאָניע. די דאָזיקע אַלע צענטערן פון יידישער ליטע־ראַטור דאַרפן גוט שטודירט ווערן, ווען מען נעמט זיך צו אַ ברייטער פאָרשונג פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.

זאָלן דאָ בלויז דערמאָנט ווערן די גרויסע נעמען פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור — דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, דוד האָפשטיין, אַהרן קושניראָוו, לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש, משה קולבאַק, שמואל האַלקין, איזי כאַריק, איציק פעפער, עזרא פינינבערג. דער פּאָטער פונעם נייעם גאַנג, פון דער נייער מוזיק און נייעם סאָוועטישן יידישן פּאָעטישן נוסח איז געווען אשר שוואַרצמאַן, וואָס איז זייער יונג געשטאָרבן, ער איז געפאַלן אין בירגערקריג. געווען איז ער אַ מיטגליד פון דער קיעווער גרופּע, וואָס האָט געגומען באַוויזן באַנייטע כוחות אין די זאַמלונגען „אייגנס״, דערשינען צווישן 1918 און 1920. באַנייטע כוחות, ווייל דאָרט זיינען שוין געווען אַזעלכע גוט באַקאַנטע נעמען אין דער ליטעראַטור, ווי דוד בערגעלסאָן, דער נסתר און אַזעלכע אויפגייענדיקע שטערן, ווי דוד האָפשטיין, פּרץ מאַרקיש און לייב קוויטקאָ.

דוד האָפשטיין האָט זיך פרי פאַרזינדיקט מיט אונטערשרייבן אַ פּראָטעסט קעגן דער אונטערדריקונג פון העברעאיש. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אָנגעצייכנט דעם וועג פון בישט גיין אין שפּאַן דורך הערן דעם פּראָטעסט פון געוויסן. עס איז ווערט צו ברענגען שורות פון זיינס אַ ליד, „געוויסן״, וואָס דאַרף בישט, אַז מען זאָל עס פּשטלען, ווייל עס איז אַ קלאָר אויסגעשריי פון אַ פּאָעט, וואָס איז אין 1952 געשיקט געוואָרן צום טויט מיט 23 אַנדערע יידישע שעפערס און קולטור־טוערס:

איך האָב דיך ליב, געוויסן!<br>
שוין צו פיל זיכער,<br>
צו פיל קנעכטיש און צופרידן<br>
איז דער טראָט<br>
פון אויסגערעכנטן און אָרנטלעכן גאַנג,<br>
און קיין מאָל שאַדט ניט<br>
פאַר די קנעכל<br>
אַ כאַפּ טאָן אים

מיט פלוצעמדיקע שאַרפע ציין
און, ווי אַ הונט,
וואָס האָט פון קייט זיך אָפגעריסן,
אויף זיינע טויזנט ימען
אַ ברוס טאָן מיט איין מאָל און פאַרביסן:
— „ניין!"

***

הרב רפאל פסח ליסטאָקין, פון בית־אל צענטער אין פלעטבוש, שרייבט מיר, אַז שוין לאַנג ווי „ס'ברומט אין מיר אַן אומרואיקייט און אַ דאָרשטי־קייט, וואָס איך קאָן נישט שטילן און פעסטשטעלן דעם אמתן אמת... אין דעם שטענדיקן און לאַנגיאָריקן הספד און קינות אויף די יידישע שרייבערס, קולטור־טוערס און קינסטלערס, וואָס זיינען מערדעריש און אומברחמנותדיק אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד — זיינען זיי אַלע געווען באַוואוסטזיניקע יידן און יידיש־שרייבערס, אָדער זיינען אייניקע געווען קאָמוניסטישע שרייבערס אין יידיש, וואָס האָבן פאַרמסרט יידן און פאַר־שווערט דאָרט דאָס יידישע לעבן; אויף וועמען דאַרף מען זאָגן ז"ל ווען מען דערמאָנט זייער נאָמען, און אויף וועמען דאַרף מען זאָגן דודס פסוק „ושם רשעים ירקב"?

דאָס בעסטע אין בריוו מיט דער קשיא, וואָס הרב ליסטאָקין פרעגט, איז דער אויסדרוק, אַז ער וויל פעסטשטעלן „דעם אמתן אמת". משמעות, אַז דער אמת איז נישט תמיד אַכצן קאַראַט, נאָר עס איז אויך פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן די אמתן: פאַראַן אַ פשוטער אמת און אַ גלאַט־כשר אמת, אַ העכערער אמת למהדרין, דער העכסטער שטאַפּל פון אמת. מען קאָן אויך זאָגן, אַז מען קאָן דעם אמת פאַרליגנערן און אים מאַכן אויסזען ווי אַן אמת.

ווייס איך נישט, צי מיר וועט געלינגען צו דערקלעטערן צום אמתן אמת אַרום דעם אומקום פון די יידישע סאָוועטישע שרייבערס, אָבער איך וועל זיך באַמיען צו קומען אַזוי נאָענט צום פשוטן אמת, ווי עס איז נאָר מעגלעך.

מען קאָן נישט רעדן פון די אומגעבראַכטע סאָוועטישע יידישע שריי־בערס, ווי זיי וואָלטן געווען איין גייסטיק־געבונדענע גרופּע. קודם דאַרף מען פאַרשטיין, אַז צווישן די אומגעבראַכטע זעקס און צוואַנציק יידישע שריי־

בערס און קולטור־טוערס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם סאָוועטישן רעזשים אָדער וואָס האָבן אים פּריוווּיליק אויסגע־קליבן, ווען זיי זיינען שוין געווען שרייבערס מיט אַ גרויסן סטאַזש, מיט אַ היפּשן ליטעראַרישן פאַרמעגן. דער עלטסטער פון די אומגעבראַכטע איז געווען דוד בערגעלסאָן. ווען ער האָט זיך אין 1926 באַזעצט אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז ער שוין אַלט געווען 42 יאָר. ער איז שוין אַהין געקומען ווי דער באַנייער פון דער יידישער פּראָזע, און אַפילו ווען ער וואָלט מער נישט געשריבן ווי דאָס פאַרמעגן, וואָס ער האָט שוין געהאַט אָפּגעשפּאַרט, וואָלט ער אַלץ געווען — דוד בערגעלסאָן, דער קינסטלער, וואָס האָט אַריינ־געבראַכט אַ נייעם אַטעם אין דער יידישער בעלעטריסטיק.

דוד האָפשטיין איז געווען אַ פינף יאָר יינגער פון בערגעלסאָנען. ער איז געווען אַ פּאָעט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. אמת, ער האָט זיך אויס־געפורעמט נאָך 1917, אָבער ער איז שוין אויך דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן פון 28 יאָר, וואָס האָט שוין געהאַט דערוואָרבן, אין צוגאָב צו יידיש, גרויסע ידיעות אין העברעאיש. אין 1925 האָט אים אַ שטאַרקן צי געטאָן קיין ארץ־ישראל. ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט בדעה זיך צו באַזעצן דאָרט, אָבער די בענקשאַפט נאָך זיינע צוויי פאַריתומטע זין האָט אים צוריקגעבראַכט קיין קיעוו. בעת ער האָט געזוכט זיך איינצולעבן אין יידישן לאַנד, האָט ער אַפילו פאַרעפנטלעכט העברעאישע לידער.

פּרץ מאַרקיש איז געווען יינגער פון די פריער־דערמאָנטע צוויי גרויסע יידישע שרייבערס, אָבער ווען ער האָט אין 1926 פאַרבונדן זיין גורל מיט סאָוועט־רוסלאַנד, איז ער שוין געווען אַ יונגערמאַן פון 31 יאָר און דער נאָמען פון פּרץ מאַרקיש האָט שוין געקלונגען איבער דער גאַנצער יידיש־וועלט. ווי האָפשטיין האָט ער אויך באַזוכט ארץ־ישראל און ער האָט מיט גרויס ענטוזיאַזם גערעדט און געשריבן וועגן דעם יידישן יישוב.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף די דאָזיקע דריי גרויסע נעמען, וואָס אַפילו מען זאָל צו זיי אָנווענדן דעם שטרענגסטן מידת־הדין, האָבן מיר פאַר זיך דריי יידישע שרייבערס מיט צוויי ביאָגראַפיעס — ערב דער רעוואָלוציע און אין דער רעוואָלוציע; און אויב אין זייער שרייבן נאָך דער רעוואָלוציע האָט זיך זייער „גיין אין שפּאַן" אָפּגערופן אויך אויף זייער ווייטערדיקן גאַנג אין זייער וועג, מוז מען זיי אויפּנעמען מיט אַן „אַל תדין", ווייל עס איז שווער צו באַשטימען וויפל צוואַנגלאַסט אַ בשר־ודם קאָן אויסהאַלטן; אויף ווי ווייט דער סטאַלין־רעזשים האָט זיי איינגעבראָכן, צעבראָכן איידער ער האָט זיי דערמאָרדעט.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, ווען סאָוועטיש־יידישע שרייבערס האָבן פלוצעם, אין 1941, געקראָגן די אילוזיע, אַז מען מעג זיך ברודערן מיט דעם יידישן אומגליק, בפרט ווען עס איז שוין דערגאַנגען אויך צו די גרויסע רוסישע שטעט, האָבן די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס ממש אויסגעשריגן זייער יידישקייט.

די אויסגעהרגעטע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס זיינען אוודאי געווען קאָמוניסטן, ווער מיט מער און ווער מיט קנאַפּערן גלויבן, אָבער מען קאָן נישט זאָגן אויף זיי, אַז זיי זיינען תמיד געווען „קאָמוניסטישע שרייבערס אין יידיש". זיי האָבן פון צייט צו צייט קאַפּיטולירט פאַר דער מורא און זיך באַמיט אין זייערע ווערק צו צאָלן צינז צום קאָמוניזם, ווידער אַ מאָל ווער מיט מער אייפער און ווער מיט ווייניקער ענטוזיאַזם, אָבער זייערע קינסטלערישע דערגרייכונגען האָבן מייסטנס אַריבערגעשיינט די פּאַרטיי־ליניע אָדער די זיגזאַגישע ענדערונגען פון די פּאַרטיי־פאָדערונגען.

עס זיינען צווישן די ליקווידירטע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס נישט געווען אַזעלכע „וואָס האָבן פאַרשווערט דאָרט דאָס יידישע לעבן". אַדרבא, ווען יידישע שרייבערס פון פוילן און ליטע זיינען דורך די גרויליאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרוואָגלט געוואָרן קיין סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן זיי מצד די דאָרטיקע סאָוועטישע יידישע שרייבערס געפונען וואַרעם־אויסגעשטרעקטע הענט, ברידערלעכע הילף, חברשע עצות און אַפילו אַזאַ פריינדשאַפט, ווי עס האָט זיי אַרויסגעוויזן דער פּאָעט לייב קוויטקאָ, וואָס איז אָפט מאָל געווען אַן איינשטעלעניש פון זיין זייט אַרויסצואווייזן אַזאַ אַקטיווע חברשאַפט.

ווען סטאַלין האָט דעם צוועלפטן אויגוסט 1952 אויסגעהרגעט די סאָוועטישע יידישע שרייבערס, האָט ער גענומען אַ ביישפּיל פון היטלערן, אַז צום ערשטן דאַרף מען אויסמאָרדן די אינטעלעקטואַלן, די קולטור־אָנפירערס, ווייל נאָך דעם האָט ער שוין געהאַט אַ גרייטן פּלאַן צו אָרגאַ־ניזירן אַ מאַסן־גירוש פון אַלע רוסישע יידן און זיי פאַרטרייבן קיין סיביר. די ליקווידאַציע פון די יידישע שרייבערס האָט געזאָלט זיין אַן ערשט קאַפּיטל אין דער ליקווידאַציע פון יידישן פאָלק. די אויסראָטונג פון די סאָוועטישע יידישע שרייבערס איז דערפאַר געווען אַן אָנהייב פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער יידישער טראַגעדיע. לויט דער אַכזריות, מיט וועלכער סטאַלין, ימח שמו, האָט דורכגעפירט דעם מאַסנמאָרד פון יידישן קולטור־געזינדל, איז קלאָר, אַז ער האָט געוואָלט אָפּמעקן דעם זכר פון אַ יידיש לעבן.

צווישן די גרעסטע חטאים פון די נאָך־סטאַלין־רעזשימען באַשטייט דאָס

פאַרברעכן, וואָס ביזן היינטיקן טאָג האָט מען נאָך אַלץ נישט געמאַכט דעם מינדסטן פּרוּאוו צוריקצושטעלן די פאַרחרובטע יידישע קולטור. אמת, מען האָט צוריקגעגעבן אַ געוויסע באַוועגונג־פרייהייט דעם יידישן אַלף־בית, אָבער מען האָט אים אַזוי דערנידעריקט, אַז מען האָט דאָס גאַנצע גייסטיק־יידישע לעבן רעדוצירט צו אַ געטאָ־עקזיסטענץ, עפּעס וואָס וואַלגערט זיך אַרום ווי אַ זכר לחורבן.

דער אָנהייב פון דער דאָזיקער טראַגעדיע איז געווען דער גרויסער אומברענג פון סאָוועטיש־יידישן שרייבערטום, און דערפאַר איז אָט די געשעעניש אַ טראַגיש קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע. די אומגע־בראַכטע פּערזענלעכקייטן זיינען דאָך געווען יידישע קרבנות, ווייל סטאַלין האָט זיי פאַרמישפּט — ווי יידן. ווייס איך נישט, צי עס פּאַסט זיך אויף די דאָזיקע אַלע קרבנות דער זכרונם לברכה, אָבער, חלילה, זאָל אונדז זיין צו שעלטן זייער אָנדענק.

איז דאָס דער אמתער אמת, וואָס הרב ליסטאָקין האָט געזוכט, אָדער ער וועט זיך באַנוגענען מיט דעם פּשוטן אמת, וואָס מען קאָן געפינען אַרום דער טראַגעדיע, וואָס איז אינסצעניזירט געוואָרן אין מאָסקווע דעם 12טן אויגוסט 1952, ווען סטאַלין האָט פּערזענלעך געגעבן דעם היטלעריסטישן באַפעל אויסצושיסן אַזוי פיל יידישע קעפּ, צווישן זיי יידישע שרייבערס, וואָס זייערע נעמען האָבן אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט, ווייט אַריבער די אָפּגעשלאָסענע גרענעצן פון מאָסקווע און קיעוו.

(טאָג־מ״זש, אָקט׳ 8, 1967 ; סעפּט׳ 12, 1971)

# זיינען זיי געווען „הרוגי מלכות״?

„די ספרים הקדושים שרייבן, אַז אויף מיתת צדיקים, ובפרט ווען מען דערמאָנט דאָ די עשרה הרוגי מלכות, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם, דאַרף מען פיל וויינען און חוזר בתשובה זיין״. אַזוי ווערט אַריינגעפירט די האַרץ־רייסנדיקע תפילה אין יעדער געוויינלעכן מחזור, „עם פירוש עברי טייטש השלם״, אָבער די געוויינען זיינען נישט נאָר געקומען פון דער ווייבערשער שול, נאָר אַלע מאַנסלייט האָבן געוויינט, ווען ס׳איז געקומען צו דער תפילה, יום־כיפור ביי מוסף, ווען דער מלאך גבריאל לאָזט וויסן רבי ישמעאל כהן גדול, אַז די גזירה איז נישט אָפּצושרייען, האָט מען אין שול אָנגעהויבן אויסצוקלאָגן דעם אלה אזכרה איבער די צען קדושים, „דערנאָך האָט מען אויסגעצויגן ר׳ עקיבא, וואָס ער האָט גע־דרשנט דרשות אויף אַלע שטריכלעך, וואָס די אותיות התורה זיינען מיט זיי באַקרוינט, און זיי האָבן געקעמט זיין פלייש מיט אייזערנע שאַרפע קעמלעך״.

ס׳איז שווער צו עפענען די טיר פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנצס בוך, ווייל מען פאַרטשעפּעט זיך גלייך אין דעם נאָמען „די סאָוועטישע הרוגי מלכות״.

אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנצס בוך איז אַ זאַמלונג אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן אין שייכות מיט דער ליקווידאַציע פון דער סאָוועטישער יידישער קולטור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין די דרייסיקער יאָרן און איז דערגאַנגען צום פינצטערן סוף אין 1952.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין בוענאָס־איירעס האָט גלייך געטאָן, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן די דאָזיקע זאַמלונג פון אַן ערך 500 זייטן. די דאָקומענטאַציע אין דעם בוך, צוזאַמען מיט די לעקסיקאָן־ביאָגראַפיעס פון זיבעציק סאָוועטישע שרייבערס, איז וויכטיק און ניצלעך. אָבער דער אַרגענטינער „ייוואָ״ האָט געמעגט אָפּרעדן דעם מחבר פון אַ געשמאַקלאָזן נאָמען פאַרן בוך, וואָס איז קעגן דעם גאַנצן באַגריף פון די „הרוגי מלכות״ פון יום־כיפּורדיקן מוסף. די צען קדושים זיינען, לויט דער מסורה, אומגעבראַכט געוואָרן, ווייל זיי האָבן אָפּגעהיט די תורה און געלערנט מיט יידישע קינדער, קעגן דעם שווערן פאַרבאָט פון מלכות. אָבער די סאָוועטישע יידישע שרייבערס האָבן אַפילו נישט געוואוסט, פאַר וואָס זיי איז געקומען זייער ביטערע שטראָף. זיי האָבן זייער גאַנץ לעבן

געטריי געדינט „מלכות" און זיך געפּלייסט אויסצונעמען ביים רעזשים, טוענדיק אָפט אַ סך מער ווי ס'איז פון זיי פאַרלאַנגט געוואָרן.

אַ יאָרצייט איז אפשר נישט די פּאַסיקע צייט פאַר אַזעלכע קלאָרע באַטראַכטונגען, אָבער ווען מען וויל אַנטלייען אַ רעליגיעזן באַגריף, וואָס האָט אַ סך מער ווי אַ בוכשטעבלעכן טייטש און מען וויל דאָס אָנמעסטן אויף די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, מוז מען זאָגן, אַז אַזאַ מחזורדיקער אויסדרוק טוט די סאָוועטישע יידישע קרבנות פון סטאַלין־רעזשים — זייער בעסטע און געטרייסטע דינערס — אַ קנאַפּע טובה, ווייל מען מוז זיך גלייך נעמען קריגן מיט אַזאַ נאָמען פון אַ בוך. ס'אַנטפּלעקט זיך דער טרויעריקער אמת, אַז די אומגעבראַכטע יידישע שרייבערס האָבן זיך קיין מאָל נישט אַנטקעגנגעשטעלט די ביטערע גזירות צו ווערן די פאַרלייקענערס פון זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע הייליקטימער.

דאָ האַנדלט זיך נישט אין פאָדערן העלדישקייט פון די באַרימטע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, כאָטש מען מעג פאַרצייכענען מיט אַ שווער האַרץ, אַז אפשר זיינען אומגעקומען נאָמענלאָזע און אומבאַקאַנטע יידישע שרייבערס אין טורמעס און לאַגערן. אָבער די באַרימטע סאָוועטישע וואָרט־קינסטלערס זיינען געגאַנגען אין שפּאַן און געטאָן אַלץ, וואָס מען האָט פון זיי געפאָדערט.

מוטיק האָבן געהאַנדלט רעליגיעזע יידן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר אַ גרויסער זאַך. זיי האָבן יאָ געשטעלט אַ גייסטיקן ווידערשטאַנד; און אַ סך פון זיי זיינען פאַרשיקט געוואָרן אַ דאַנק דער אַנטי־יידישער אַטמאָ־ספער, וואָס טייל סאָוועטישע יידישע שרייבערס האָבן געהאָלפן שאַפן און אויפהאַלטן. עס איז אויך אַ סברה, אַז אַ צאָל העברעאישע שרייבערס האָבן אַרויסגעוויזן מוט און זיך נישט געלאָזט אַראָפּשלאָגן פון זייער ערלעכן וועג. אָבער די גרויסע סאָוועטיש־יידישע ליטעראַרישע פיגורן האָבן פון זיך נישט אַרויסגעגעבן קיין העלדן. נאָך אַ מאָל, מיר מישפּטן זיי נישט דערפאַר און אַוודאי נישט איצטער, צום יאָרצייט פון פּאָגראָם אויף דער גאַנצער סאָוועטישער יידישער קולטור, אָבער מען מוז פעסטשטעלן, אַז קיין אָנשפּאַר אין זיי האָט דאָס סאָוועטישע יידנטום נישט געקאָנט האָבן. ס'רעדט זיך פון דעם טייל, וואָס האָט נאָך אַפילו לעצטנס אָנגעגעבן יידיש ווי זיין לשון. אָט די סאָוועטישע יידן האָבן קיין גרויס נחת נישט געהאַט, נישט פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור און נישט פון אירע אָנפירנדיקע שרייבערס.

זאָל מען מיך נישט שלעכט פאַרשטיין. אין דעם אָפּקלייב, וואָס ווערט

אַ מאָל זיכער געמאַכט ווערן, ווען די יידישע ליטעראַטור אָן ספק געפינען וואָס צו פּאַראיבעריקן. דעם אָפּקלייב און אָפּוואַרף וועט מען מיסתמא געפינען אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור ווי עפּעס אַזוינס, וואָס וועט נישט איבערפירן דאָס גאַנצע בילד פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור, ווי אַן אייגנאַרטיקן חנעוודיקן צוגאָב, דער עיקר אין דער מוזיק פון ליד. אָבער — מען מוז פאָרט צוגעבן, אַז די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור האָט פאַרמאָגט קנאַפּ גייסטיקע שפּייז פאַרן סאָוועטישן יידנטום. מען מעג זאָגן, אַז גייסטיק האָט זי זיך אַליין בהדרגהדיק אומגעבראַכט. ווען ס'איז געקומען צו פירערשאַפט, האָבן די פּראָמינענטע סאָוועטישע יידישע שרייבערס זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו די טרויעריקע אויגן פון פאָלק. זיי האָבן נישט אויסגעדריקט דעם ווילן פון פאָלק און אפשר געפעלשט אין זייער אייגענעם ווילן.

אָבער דאָס פירט אונדז שוין צו אַ צווייטן אַספּעקט פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, צו דעם מאַראַנענטום פון סאָוועטישן יידישן שרייבער; אויף וויפל דער שרייבער, אונטער סטאַלינען, האָט אין זיך דערדריקט און אונטערדריקט דעם ייד, אָדער אויף וויפל ער האָט דורכגעפירט סטאַלינס גזירות מיט פרייד און מיט קנעכטישער התלהבות.

ווי מיר זעען, האָט דער נאָמען פון אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנצס בוך „די סאָוועטישע הרוגי מלכות" גורם געווען, אַז איידער ס'עפנט זיך די טיר פון בוך, זאָל מען גלייך מוזן פאַרוואַרפן דעם מחבר, אַז נישט נאָר איז דער נאָמען אַ פאַלשער, נאָר אַז אַזאַ נאָמען איז אַ פאַלשער צוגאַנג. ווייל עס גיט אונדז אַ נישט־ריכטיק בילד פון די מוראדיקע געשעענישן, וואָס פון זיי דאַרף מען עפּעס לערנען; מען טאָר טאָקע נישט מישפּטן און פאַר־מישפּטן, אָבער מען טאָר אויך נישט מאַכן פון די סאָוועטיש־יידישע שריי־בערס קדושים, ווייל אַזאַ פאַלשקייט וועט זיך געשיכטלעך נישט אָננעמען.

היטלער האָט אַנטוויקלט די „פילאָסאָפיע" פון דייטשישער פיזישער פייניקונג און געעפנט זייע אָריגינעלע גיהנום־קעמערלעך. סטאַלין האָט אויך זייער גוט געקענט די מלאכה פון נעמען אַ מענטשן פון גייסט אין דער אַרבעט און אים צעברעכן אויף שטיקלעך. ער האָט עס אויסגעצייכנט דורכגעפירט מיט זיינע אייגענע אַמאָליקע חברים־רעוואָלוציאָנערן און ער האָט עס באַוויזן צו טאָן מיטן יידישן סאָוועטישן שרייבער. ער האָט עס געטאָן מיט אַ מעטאָדישן ציניזם. ער האָט אים דערפירט צום עקסטאַז פון קנעכטישער לאָיאַליטעט און אים שפּעטער אַוועקגעוואָרפן אַ צעטראָטענעם. די ליקווידאַציע פון יידישן גייסט האָט זיך אָנגעהויבן מיט צוואַנציק

יאָר פריער, איידער ס׳איז געקומען דער בלוטיקער סוף. אין זיין בוך גיט אונדז פּאָמעראַנץ אַן אַריינבליק אין דער אָנקומענדיקער טראַגעדיע, ווי זי האָט זיך געדרוקט אַלץ נענטער און נענטער. אין דער אָפּטיילונג „טראַגעדיע" געפינען מיר עטלעכע לענגערע אַרטיקלען, וואָס וואַרפן אַ טראַגיש ליכט אויף די געשעענישן. זוכט ניט אין בוך קיין שיין־שרייבעריי. אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ, וואָס האָט אַליין פאַרזוכט שיינע עטלעכע יאָר קאָמוניזם, געווען אַ מיטגליד פון דער „פרייהייט"־רעדאַקציע און שטודירט אין קיעווער אינסטיטוט, האָט אַ סך צו דערציילן און אַ סך וואָס אויפצוקלערן.

פּאָמעראַנץ איז אַ מליץ־יושר פאַר די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, ער מאַכט אַפילו אַ פּרואוו צו רייניקן איציק פעפערן, וואָס איז לכל־הדעות נישט געווען פון די שענסטע פאַרשטייערס פון דעם טראַגישן געזינדל. אמת, אין די פערציקער יאָרן, ווען סטאַלין האָט אויפגעשרויפט דעם „נאַציאָנאַליזם" ביי יידן, האָט אַפילו פעפער געשריבן „איך בין אַ ייד!" ער האָט אויך, לויטן עדות־זאָגן פון גרעסטעוועטע יידישע שרייבערס, געקאָנט טאָן אַ חברישע טובה, אָבער מען האָט אויך גאַנץ גוט געוואוסט, אַז פאַר פעפערן דאַרף מען זיך שטאַרק היטן, אַז ער איז דאָס רעגירונג־אויג, וואָס זעט, דאָס אויער, וואָס הערט און די נאָז, וואָס דערשמעקט היינט, וואָס מען וועט מאָרגן פאַדערן אין קרעמל.

פּאָמעראַנץ וואָלט געווען גלייך געטאָן, ווען ער וואָלט איינגעשלאָסן אין זיין בוך אַ קליינעם אָפּקלייב פון סאָוועטיש־יידישע שאַפונגען, טאַקע פון די אומגעבראַכטע סאָוועטישע יידישע שרייבערס; ער האָט עס געמעגט טאָן אויפן חשבון פון די בריוו, וואָס ער ברענגט און וואָס האָבן מייסטנס אַ קנאַפּן קולטור־היסטאָרישן ווערט. אַזאַ קליינע אַנטאָלאָגיע וואָלט אונדז אפשר געוויזן ווי גערעכט ער איז מיט זיין טענה, אַז „מיר טאָרן נישט מבטל מאַכן, מינימיזירן אָדער איגנאָרירן די סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור און קולטור". ער פאַרזיכערט אונדז, אַז „ס׳איז דאָרט פאַראַן אַ סך צו ירשענען". אַן אָפּקלייב פון זייערע ווערק וואָלט אפשר אילוסטרירט דעם ווערט פון דעם ירושהדיקן מאַטעריאַל.

אַן אינטערסאַנט אַרטיקל אין בוך איז די „בלוטיקע האַנט פון קרעמל". דאָ ווערט באַשריבן די רעאַקציע פון דער „פרייהייט" פון דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן געדאַרפט לייקענען די פינצטערע בשורות, וואָס זיינען דער־גאַנגען פון סאָוועט־רוסלאַנד, ביז דער צייט, ווען זיי זיינען שוין געווען געצוואונגען צוצוגעבן. אָט דאָס קאַפּיטל איז ביז גאָר אינטערעסאַנט מיט

די „העלדן", וואָס האָבן, ווי אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ זאָגט, „געקושט די בלוטיקע האַנט". משה כץ, איינער פון די פּעאיקסטע „פרייהייט"־העננט, קומט אַרויס — דער שוואַרצסטער העלד. אַט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל האָט אויך געמעגט אַ סך בעסער און פולער דאָקומענטירט ווערן, מיט ציטאַטן פון דער „פרייהייט", ווי יענע שרייבערס האָבן חוצפּהדיק און ציניש באַליידיקט די שרייבערס פון דער „בירגערלעכער" פּרעסע, הלמאי זיי האָבן זיך דערוואָגט אויסצוטראַכטן בילבולים אויף סטאַלינען. ס'איז מיין טיפע איבערצייגונג, אַז די היגע קאָמוניסטישע שרייבערס, יידישע און ניט־יידישע, האָבן אי מיט זייער צו לאַנגן שווייגן, אי מיט זייערע ביטערע אָנפאַלן אויף די שרייבערס, וואָס האָבן אַלאַרמירט, געשטאַרקט די האַנט פון דעם אומברענגער. ס'איז געווען זייער חוב אויסצושרייען זייער פּראָ־טעסט און לכל־הפּחות פאַרשוואַרצן מיט טרויער די זייטן פון דער „פריי־הייט", נאָך דער אומברענגונג, אָנשטאָט אָפּצוקומען מיט נישט־געשטויגענע אויסטייטשונגען. דאָס איז געווען אַ ברירה פון אַ יידישן שיידוועג פאַר די „פרייהייט"־שרייבערס, וואָס זיי האָבן נישט גענומען. דאָס אומגליק איז געווען גרעסער, ווייל דעם קאָמוניזם האָבן דעמאָלט געהאָלפן פאַרשיידענע „אינטעלעקטואַלן" מיט זייער פלעגמאַטישער האַלטונג אָדער אַקטיווער מיטשולד אין דער פאַרברעכערישער פּאַסיוויטעט.

דאָס קאַפּיטל „די בלוטיקע האַנט פון קרעמעל" פאַרמאָגט אַ סך הייסע שטעלן. פּאָמעראַנץ רופט אויס, אַז „שולדיק איז די גאַנצע בלוטיקע סאָווע־טישע דיקטאַטור, וואָס האָט די מענטשן פון 'אַ דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא', פאַרוואַנדלט אין קינס, אין פּחדנים און שקלאַפן, פאַרוואַנדלט אין מה־יפית־זינגערס פאַר פּאָגראָמשטשיקעס, באַרבאַרן און וואַנדאַלן".

פון דעם אַליין, וואָס פּאָמעראַנץ זאָגט, איז קלאָר, אַז יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן געזונגען לידער צו באַגדאַן כמעלניצקי, טאָרן נישט אָנגערופן ווערן „הרוגי מלכות", אין דעם באַגריף ווי עס האָט זיך איינגעבירגערט אין דער יידישער טראַדיציע...

(טאָג־מ״זש, אָקטאָבער 12 1962)

# די טראַדיציע פון יידישן וואָרט

די קנעכטישקייט פון דער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועט־רוסלאַנד, און שפּעטער אין פּוילן, האָט שאָקירט דערפאַר, ווייל עס איז נישט געווען אין דער יידישער טראַדיציע. אָט דאָס מעג מען געדענקען, ווען מען טראַכט וועגן די עטלעכע אומנאַטירלעכע קאַפּיטלען אין איר געשיכטע. ס'איז געווען אַ שטיק ווילדוואוקס, ווייל ס'איז געווען אומפאַרשטענדלעך, אַז יידישע אותיות זאָלן זיך אַליין אַזוי פאַרקנעכטן און פאַרנאַרישן מיט אידיאָטישע ליבגעזאַנגען פאַר אַ דעספּאָט און אונטערדריקער. די פעסער חניפה, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט אונטערגעטראָגן לכבוד דעם באַרבאַרישן שקר, איז געווען קעגן גייסט פון יידישע אותיות.

לאָמיר זיך דערמאָנען ווי פּשוטע יידן האָבן זיך געקליגט, אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, כדי צו דערציילן דעם אמת מיט פאַרשיידענע רמזים און צווישן די שורות. די יידישע בריוולעך פון פּשוטע טאַטעס און זיידעס האָבן מיט חכמה געקעמפט קעגן דער צענזור און קיין מאָל ניט שלום געמאַכט מיט אַ לאַגע, וואָס האָט געמיינט — לעבן אין אומפרייהייט. ווער שמועסט פון חנפענען די מאַכט! וואָס האָבן יידן געמאַכט פון דעם גע־צוואונגענעם מי־שברך, ווען זיי האָבן צו אים צוגעגעבן דאָס וואָרט — רוסיש. אַ רוסישער מי־שברך האָט גלייך געוויזן, ווי בכבודיק מיר האָבן געהאַלטן דעם מי־שברך פאַר אַ הערשער. יידיש און העברעאיש, אַפילו אין ערגסטן גלות, האָבן זיך קיין מאָל נישט מבזה געווען מיט אַליין־דערנידע־ריקנדיקער חניפה צו די טיראַנישע הערשערס. ווען אונדזערע זיידעס זיינען יאָ געצוואונגען געווען, אונטער אַ בייטש, צו זינגען מה־יפית, האָבן זיי דעם וואָרט געגעבן דעם ריכטיקן טייטש, כדי מען זאָל וויסן, אַז דאָס איז נישט קיין נאַטירלעכער צושטאַנד.

שוין דער ערשטער סימבאָל פון אונדזער פאַרקנעכטונג, דער על נהרות בבל, הייבט זיך אָן מיט דעם באַקלאָגן זיך אויף דעם צוואַנג צו זינגען פאַר דעם אונטערדריקער יידישע לידער, ווייל אַזאַ געזאַנג צו דער בייטש איז געווען פרעמד דעם יידישן גייסט.

און שפּעטער איז געקומען אַ גרויסע יידישע רעוואָלוציאָנערע ליטע־ראַטור — פון עדעלשטאַט, ליעסין, ווינטשעווסקי, ראָזענפעלד. אַפילו אין שאָטן פון טורמעס האָט ביאַליק געשריבן זיין משא נמירוב; פּרץ האָט אונטערן פסעוודאָנים פּלאי געזאָגט וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן; שלום־עליכם האָט מיט זיין „פּעטער פּיניע און מומע רייזע" דערציילט וועגן דער

רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה, אין קלוגן קאַמף מיט דער צענזור; אברהם רייזען האָט מיט זיינע לידער תמיד געקעמפט פאַר דער ווערדע פון מענטש און קעגן די קירכנגלאָקן פון שקר און קעגן דער וואַנט פון אונטערדריקונג.

דאָס איז געווען די טראַדיציע פון יידישן ווידערשטאַנד מיט דער הילף פון יידישן אַלף־בית. דערפאַר האָט מען פּשוט געשטוינט, ווען אונדזער אַלף־בית איז אַזוי דערנידעריקט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווען די יידישע שרייבערס האָבן אים געצוואונגען צו באַזינגען דעם ווילדסטן דעס־פּאָטיזם. דער אָנהייב פון דעם דאָזיקן ביזיון איז געווען — דאָס מיאוסטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן לעבן, אונטער דער סאָוועטישער מאַכט. ס׳רעדט זיך דאָ וועגן דעם קאַמף פון דער יעווסעקציע קעגן העב־רעאיש. לעניניען און סטאַלינען איז זיכער אַליין נישט איינגעפאַלן, אַז מען מוז נעמען רודפן העברעאיש און העברעאישע שרייבערס. יידישע שרייבערס, טוערס און רעדנערס האָבן עס זיי אונטערגעזאָגט. די אייביקע בושה פון דעם קאַפּיטל סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור איז, וואָס העברעאישע שריי־בערס זיינען יאָרן פריער ליקווידירט געוואָרן פאַר די יידישע שרייבערס — און ליקווידירט זיינען זיי געוואָרן, ווייל ברידער האָבן אויף זיי געמסרט און געהאָלפן זיי פאַרשעמען, אונטערדריקן און ליקווידירן. די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס האָבן רואיק געשריבן וויסנדיק, אַז דער העברעאישער שרייבער איז פאַרפּייניקט געוואָרן אין תפיסה.

אויב ס׳איז באַשערט געווען דער יידישער ליטעראַטור ליקווידירט צו ווערן, אויף אַן אַכזריותדיקן אופן, ווי מאַרטירעריש־שענער וואָלט עס געווען פאַר דעם יידישן גורל, ווען די שרייבערס פון ביידע ליטעראַטורן וואָלטן ביזן סוף געזונגען און געשריבן אויף אונדזערע ביידע לשונות. אָבער דער יידישער שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט זיך געפילט גאַנץ באַקוועם, ווען ער איז פּטור געוואָרן פון זיינע נערנדיקסטע און טיפסטע וואָרצלען, און מיר דאָ האָבן אויך קנאַפּ באַקלאָגט די אומברענגונג פון העברעאיש און פון העברעאישן שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד. מיר האָבן זעלטן באַטאָנט, אַז אַ גאַנצע כאַפּטע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס זינגט פריילעך און צעכראַסטעט, בעת זייערע העברעאישע ברידער ווערן פאַרפּייניקט און פאַרשטומט.

שפּעטער איז געקומען דער אמת־ווויסטער ביזיון, ווען מען האָט גענומען ליגנערן מיט דעם יידישן וואָרט און פאַרוואַנדלען עס אין דער נידע־ריקסטער באַדינערין פון געמיינקייט, אַבסאָלוט קעגן דער טראַדיציע פון יידישן און העברעאישן וואָרט. די יידישע עטישע אומרואיקייט, דער

גוואַלדיקער יידישער ווידערשטאַנד צו רישעות, איז אין גאַנצן נישט אַנגעגאַנגען די פאַרליגנערס און פאַרלוימדערס. דער, וואָס רעדט וועגן אַ סאָוועטיש־יידיש מאַראַנענטום, מעג געדענקען, זוכנדיק די מיקראָסקאָפּישע שפּורן פון אַזאַ מאַראַנענטום, אַז אויך פאַר מאַראַנען עקסיסטירט אַ געוויסע עטיק.

נאָך דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָבן זיך באַוויזן מאַראַנען, וואָס מ'האָט זיי גערופן טשועטאַס, און דער טייטש איז געווען חזיר־פרעסערס. די דאָזיקע מאַראַנען, ווערט דערציילט, האָבן ביי די פענצטערס פון זייערע שטיבער געגעסן חזיר, כדי אַלע פאַרבייגייערס זאָלן זען, אַז זיי זיינען עובר אויף תורת משה און זיי זיינען טאַקע קריסטן, וואָס מיינען ערנסט מיט זייער געשמדקייט־צושטאַנד.

אַזעלכע חזיר־פרעסערס זיינען געווען די מייסטע „מאַראַנען" פון צווישן די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס; זיי זיינען געווען די טשועטאַס, וואָס האָבן זיך עפנטלעך פאַרחזירט.

דאָס, האָב איך אַלע מאָל געטענהט, מוז אַרויסגעבראַכט ווערן, ווען מען באַקלאָגט די מערדערלעכע ליקווידאַציע פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. אָבער סטאַלין האָט זיי נישט דערמאָרדעט פאַר זייערע מאַראַנישע חטאים קעגן דער פרייהייטלעכער טראַדיציע פון יידישן וואָרט, נאָר ער האָט זיי אָפּגעוווישט, ווייל ער האָט ליקווידירט די יידישע אותיות, די יידישע פּראָבלעם און אויסגעלאָשן צענדליקער מענטשלעכע לעבנס, וואָס וואָלטן אפשר תשובה געטאָן אויף זייערע שווערע חטאים.



ניט לאַנג צוריק האָב איך געשריבן וועגן דער רייניקונג, וואָס גייט איצט אָן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און כ'האָב זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף די מלקות, וואָס די יידישע שרייבערס טיילן אויס זיך אַליין און איינע די אַנדערע, כדי צו גיין אין שפּאַן. האַנדלען האַנדלט זיך עס אין רייניקן די ליטעראַטור פון בורזשואַזן פּסולת. די יידיש־סאָוועטישע שרייבערס זיינען כסדר אויף דער וואַך, אַז אין זייער שרייבן זאָלן זיך, חלילה, נישט אַריינכאַפּן קיין בורזשואַזנע טענדענצן, אָבער וויפל מאָל אַ טאָג זיי זאָלן זיך נישט רייניקן, קענען זיי זיך אַלץ נישט דעררייניקן.

...כ'האָב איבערגעגעבן די פאַקטן, אַז די קונסט־רייניקונג האָט אָנגעהויבן סטאַלינס רעכטע האַנט, זשדאַנאָוו, און די יידישע שרייבערס האָבן גלייך געכאַפּט דעם וואונק און גענומען טרייבערן די אָדערן איינע ביי די

אַנדערע... איך האָב בפּירוש געשריבן אַז גאָל, ווייל כ׳האָב רחמנות אויף גאָר אַ סך פון מיינע יידיש־סאָוועטישע קאָלעגן און ס׳קען קיין רייד נישט זיין פון שיסן פיילן אויף אין תוך געפּאַנגענע מענטשן.

און מיינט איר אפשר, אַז די בעסערע יידיש־סאָוועטישע שרייבערס זיינען געפּאַנגען ביי סטאַלינען? ס׳הייבט זיך נישט אָן. סטאַלינען ליגן זיי נישט אין דער לינקער פּיאַטע. זיי זיינען געפּאַנגען ביי אייגענע חברים, וואָס טראָגן עפּאָלעטן און וואָס מוזן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסווייזן זייער היפּער־געטריישאַפט. דערפאַר, אַז די חברים עפּאָלעטן־טרעגערס הייבן אָן צו קאָמאַנדעווען, ווערט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור אַריינגעוואָרפן אין שרעק־קאָנוואולסיעס. מען האָט מורא צו רעדן אַ הויך וואָרט — די רייניקונג־קאָמעדיע מוז דורכגעפירט ווערן לויט אַלע כללים.

וואָס זשע איז דאָ שייך צו ווערן אין כעס און זידלען? מיר ווייסן, אַז די חברה־לייט, וואָס דאַרפן געזידלט ווערן, האָבן זיך שוין לאַנג באַוואָרנט מיט קופּערנע שטערנס. טרעפן וועלן די זידלערייען גראָד די אומשולדיקע, וואָס וועלן נאָך מער פאַרוואונדיקט ווערן און וועלן נאָך ווייטיקדיקער שווייגן.

ווייל די סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור איז — אפשר ווי דאָס גאַנצע סאָוועטישע יידנטום — אַ קרבן פון שלעכטער, פּחדנותדיקער פירערשאַפט. די אַלע, וואָס שטייען בראש פון דער ליטעראַטור, פאַרשטייען נישט זייערע אויפגאַבן. זיי ליידן פון אַ מינאָריטעט־קאָמפּלעקס און זיי זיינען שרעקעוודיק. ס׳דאַכט זיך זיי רק, אַז זיי טוען נישט גענוג, אַז דאָס יידישע פאָלק טוט נאָך אַלץ נישט גענוג פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד און מיט זייער שרעק וואַרפן זיי אַן אַ פּחד אויף דער גאַנצער ליטעראַטור.

די יידישע ליטעראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט זיך געקענט גאַנץ גוט נישט ווייסנדיק מאַכן, ווען זשדאַנאָוו האָט געהאַלטן זיין פּאָליטישע רעדע וועגן קונסט, ווייל די יידישע ליטעראַטור איז, נעבעך, ריין פון זינד. דער טשוואָק פון זשדאַנאָווס רעדע איז געווען, אַז די רוסישע ליטעראַטור מוז זיך שטעלן מיטן רוקן צו אויסלענדישע איינפלוסן. ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכער סאַטירע פון אַזאַ שרייבער ווי זאָשטשענקאָ.

אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז נישט פאַראַן קיין איין שרייבער, וואָס זאָל ווען עס האָבן געוואָגט צו קריטיקירן די סאָוועטישע אָרדענונג און חוזק מאַכן פון איר אויף דעם גוטמוטיקן שטייגער פון אַ זאָשטשענקאָ. די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור פאַרמאָגט אויך נישט קיין איין אַבמאַטאָוואַ, וואָס זאָל זיך היינטיקע צייטן דערלויבן

דעם לוקסוס פון שרייבן פּערזענלעכע לידער, אָן פאַרבינדונג מיטן כלל. האָבן דאָך די יידישע עפּאָלעטן־טרעגערס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד באַדאַרפט זיין גאַנץ רואיק, ווייל זשדאַנאָווס קריטיק איז גאָרנישט געווען געווענדט צו זיי.

אָבער דער איינגעוואָרצלטער מה־יפית האָט דיקטירט, אַז מען זאָל זיך דעם פּריץ זשדאַנאָוון וואָרפן אין די אויגן און שרייען, אַז מען האָט אויך געזינדיקט, אַז מען רייניקט זיך אויך.

די סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור איז סיי ווי געווען איזאָלירט פון דעם אַזוי־גערופענעם אויסלענדישן איינפלוס. נישט נאָר האָבן סאָוועטישע שריי־בערס מורא געהאַט זיך צו פאַרבינדן מיט די היגע אַזוי־גערופענע בור־זשואַזע שרייבערס, נאָר אַפילו בנוגע היגע קאָמוניסטישע שרייבערס זיינען זיי דאָרטן געווען הונדערט־פּראָצענט פאָרזיכטיק. קיין איין היגער קאָמוניס־טישער שרייבער האָט נישט זוכה געווען זיך אַרויפצואַרבעטן אויף אַ נאָמען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָפּגערעדט פון די אַלע צוגעשטאַנענע און צוגע־לאָפענע. אַ וויכטיקער יידישער שרייבער, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן, האָט זיך באַקלאָגט פאַר מיר, עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט, אַז נישט געקוקט אויף זיין אַרויסגעוויזענער אידעאַליסטישער איבערגע־געבנקייט צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווערט קיין איין וואָרט זיינס נישט גע־דרוקט אין רוסלאַנד. נישט נאָר האָט מען דאָרט נישט געוואָלט ריזיקירן מיט קיין „אייניקייט״־קאָלעגן, נאָר אַפילו נישט מיט היגע קאָמוניסטן.

אַ סך וואָילע מענטשן האָבן מער ווי איין מאָל גענומען אויף זיך די מיצווה איבערצובעטן און צוזאַמענברענגען די היגע יידישע ליטעראַ־טור מיט דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, און ס׳האָט זיך אַלע מאָל אויסגעלאָזט אַ בוידעם, ווייל דאָרט האָלט מען, אַז ס׳איז נישט קיין געזונטע זאַך. ווער האָלט? אַלץ די עפּאָלעטן־טרעגערס, וואָס זייער שרעקעוודיקייט איז אַזוי גרויס, אַז זיי ווילן נאָר מאַכן שבת פאַר זיך, כדי צו זיין ריין פון די מיקראָסקאָפּישסטע פאַרדאַכטן.

דאַרף מען, הייסט עס, נישט האָבן קיין פיינדלעכערע שטעלונג צו „אויסלאַנד״, ווי די יידישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד האָט אַרויסגעוויזן. די יידישע ליטעראַטור פון אויסלאַנד איז דאָרט טויט־געשוויגן געוואָרן. האָט דאָך יעדער יידישער שרייבער אין רוסלאַנד געקענט זיצן רואיק, ווען זשדאַנאָוו האָט גערעדט וועגן דעם קונסט־ברוגז, וואָס רוסלאַנד דאַרף דערקלערן דער וועלט.

אָבער ניין. די וואָס פירן די גרענדע אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן גלייך פּראָקלאַמירט אַ יידישע רייניקונג און מען האָט באַלד אויסגעטייטשט זשדאַנאָווס רייד, אַז דאָס האָט ער אין זינען געהאַט די טרויעריקע נאַציאָנאַליסטישע מאָטיוון, וואָס האָבן זיך לעצטנס גענומען הערן אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור.

ווען מען פרעגט זשדאַנאָוון אַליין, צי די יידן האָבן געהאַט אַ ר'עכט אויף זייערע באַזונדערע געוויינען, אין דעם איצטיקן חורבן, וואָלט ער זיכער אונדז אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. אָבער די יידישע רייניקערס שרייען איצט, אַז די יידן האָבן צו פיל געוויינט אויף דעם באַזונדערן גורל פון יידישן פאָלק און אַז זיי האָבן זיך נישט פאַרבונדן מיט דעם גורל פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. די דאָרטיקע יידישע שרייבערס שלאָגן זיך על־חטא פאַר דעם ריין־יידישן קרעכץ, וואָס האָט זיך ביי זיי אַרויסגעריסן אין די יאָרן פון חורבן.

האָט זיי זשדאַנאָוו געגעבן אַזאַ באַפעל? האָט זיי סטאַלין געגעבן אַ באַפעל תשובה צו טאָן אויף די יידישע קינות? ניין, די יידישע פירערשאַפט ליידט נאָך אַלץ פון אַ מינאָריטעט־געפיל, וואָס זוכט זיך אויסצוקויפן מיט אַסימילאַציע. דרייט עס ווי איר ווילט — איז עס אַלץ די זעלבע אַסימילאַציע, וואָס רייסט זיך אָפּ פון שורש. דווקא זשדאַנאָוו פאָדערט, אַז רוסלאַנד זאָל ווערן וואָס נאַציאָנאַליסטישער און זיך פאַרלאָזן אויף דעם רעזערוואואַר פון אייגענע כוחות; אָבער די יידישע דערשראָקענע ליטעראַטור־פירערשאַפט האָט מורא, אַז מ'האָט אַ ביסל צו פיל געוויינט אויף דעם חורבן פון זעקס מיליאָן יידן...

(„דער טאָג", פעברואַר 2, 1947; דעצ' 16, 1956)

# גרוסן פון סאָוועט־רוסלאַנד

מיט אַ צייט צוריק האָט איליאַ ערענבורג דערקלערט אין אַן איבּ־טערוויו, אַז מען דאַרף מער נישט האָבן קיין יידיש אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווייל דאָס רוסישע יידנטום האָט זיך גרינגלעך אַסימילירט, אויסגעמישט מיט דער „הערשנדיקער" באַפעלקערונג און ס'איז דערפאַר נישטאָ קיינער, וואָס זאָל שטאַרק פאָדערן דאָס יידישע לשון. עס האָט לאַנג נישט געגומען און די רוסישע יידן האָבן ערענבורגן געענטפערט אין דעם סאָוועטישן שפּראַכן־צענזוס, אַז אַ קנאַפּער האַלבער מיליאָן יידן האַלט נאָך פון יידיש אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט אַזש געהאַט דעם מוט אָנצוגעבן דאָס לשון פאַר דער מוטערשפּראַך.

איצט הערן מיר ווידער אַזעלכע גרוסן, אַז מען זאָל לאָזן צו רו דאָס סאָוועטישע יידנטום מיט יידישער קולטור, אַז די אַלע פאָדערונגען זיינען אַרויסגעוואָרפן, ווייל די סאָוועטישע יידן זיינען שוין לאַנג אינטעגרירט אָדער אַסימילירט. אין אַן אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 3טן אָקטאָבער אין טאָראָנטער „וואָכנבלאַט", שרייבט ש. שעק, וואָס האָט זיך נישט לאַנג צוריק אומגעקערט פון אַ רייזע אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַז ער האָט באַזוכט די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" און געשמועסט מיטן רעדאַקטאָר און עטלעכע שרייבערס און דערצו נאָך האָט ער געפירט שמועסן מיט סאָוועטישע יידן, און אַלע האָבן אים געזאָגט, אַז מען אונ־טערדריקט נישט קיין יידיש, נאָר ס'איז שוין באַלד אַן איבעריקע סחורה, מען דאַרף עס מער נישט האָבן.

אין רעזולטאַט פון זיינע שמועסן גיט אונדז ש. שעק אַזאַ אויספיר: „עס וואָלט געווען אַן אילוזיע צו גלייבן, אַז עס איז פאַראַן די באַזע פאַר ווידעראויפשטעלן אַזאַ מין קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן אין יענעם לאַנד, ווי עס איז געווען פאַר דער מילחמה. און אַזוי איז עס נישט דערפאַר, ווייל אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם, ווי די שונאים שרייען, נאָר ווייל דער פּראָצעס פון אויסמישונג מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ווי מ'זאָל עס נישט רופן — אינטעגראַציע אָדער אַן אַנדער נאָמען — איז צו ווייט פאַרגאַנגען. איבעריקנס איז קלאָר, אַז דער דורכ־שניטלעכער סאָוועטישער ייד, צי עס געפעלט אונדז אָדער נישט, ווייזט נישט אַרויס קיין שטאַרקן ווילן אָדער באַגער זיך אומצוקערן צו די פרי־ערדיקע צייטן". אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט אונדז ש. שעק, אין זעלביקן אַרטיקל, אַז מען זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די פאָדערונג צוריק

אויפצושטעלן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד יידישע שולעס אָדער אַרויסגעבן צייטונגען.

הכלל, מען מעג זיך געזעגענען מיט יידישער קולטור אין רוסלאַנד. נישטאָ קיין נאָכפרעג, און „סאָוועטיש היימלאַנד״, דער זשורנאַל וואָס דערשיינט יעדע צוויי חדשים אין 25 טויזנט עקזעמפּלאַרן, איז פּונקט צוגעשניטן צו דער פּאַסיוויטעט פון סאָוועטישע יידן צו יידיש — אַ שפּיגל פון דעם פּאַמעלעכדיק־אָפּשטאַרבנדיקן פּראָצעס.

איך בין גרייט מסכים צו זיין, און מען מעג עס נעמען אין אַכט, ווען מען קומט מיט פאָדערונגען צו סאָוועט־רוסלאַנד בנוגע יידישער קולטור, אַז יידן האָבן זיך דאָרט שטאַרק אַסימילירט, אַז זיי רעדן רוסיש אין שטוב און אויף דער גאַס. אָבער אָט די אַסימילאַציע איז נישט קיין נייעס. מען וואָלט דאָס זעלביקע געקאָנט זאָגן וועגן די יידן אין די פּאַר־אייניקטע שטאַטן, אַרגענטינע, מעקסיקע, טשילי, בראַזיל, פראַנקרייך, ענגלאַנד און וואו נישט, אומעטום וואו יידן וואוינען. יידן זיינען בטבע גרויסע אַוועקוואַרפערס. נאָך איידער זיי זאָפּן איין אַ פרעמדע קולטור ווארפן זיי אַוועק דאָס ביסל אייגנס. זיי זיינען אויך געוואָרן געוואַלטיק נאָכגיביקע דערציערס. מיט יאָרן צוריק האָבן זיי געטוליעט די קינדער צו זיך, איצט טוליען זיי זיך צו די קינדער און האָבן מורא צו באַשווערן מיט אַ יידיש פּעקעלע. אָבער נישט געקוקט אויף דעם נאַטירלעכן חשק זיך צו אַסימילירן, זיינען אָבער תמיד געווען און ס׳זיינען דאָ אין אַלע לענדער וואו יידן וואוינען — יידן, וואָס נעמען זיך שטאַרק צום האַרצן דעם דאָזיקן אַזוי־גערופענעם נאַטירלעכן פּראָצעס און זיי קעמפן מיט אַלע כוחות קעגן אים.

ביי אונדז אין די פאַראייניקטע שטאַטן וואָלט ביים היינטיקן טאָג נישט געווען קיין סימן פון אַ יידיש וואָרט (ווייל אַ צאָל סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגן האָבן נאָך מיט פופציק און זעכציק יאָר צוריק אויסגענוצט דאָס יידישע לשון צו קעמפן קעגן יידיש, קעגן איר צוקונפט און קעגן דער „משוגעת״ פון יידישע שולעס). אָבער עס האָבן זיך תמיד געפונען אין היגן לעבן כוחות, וואָס האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן דער דאָזיקער גרינגער און פריוויליקער ליקווידאַציע.

אויב מען זאָל אָננעמען, אַז דער דעקרעט פון אויבן אין סאָוועט־רוסלאַנד איז נישט צו אַסימילירן די נאָך נישט אַסימילירטע רעשטלעך פון סאָוועטישן יידנטום מיט צוואַנג, נאָר מען לאָזט עס איבער צום נאַטירלעכן פּראָצעס, אַזוי צו זאָגן, פרעגט זיך: פאַר וואָס הערט מען

נישט פון קיין ווידערשטאַנד קעגן אַזאַ הפקרדיקער אַסימילאַציע, ווי אין אַלע פרייע לענדער, וואו יידן וואוינען און וואו אַ מיעוט ראַנגלט זיך תמיד מיט לייב און לעבן קעגן אַזאַ וואולגאַרער אַסימילאַציע?

איינס פון די ביידע: אָדער די רעגירונג וויל מיט געוואַלט אונטער־יאָגן דעם פּראָצעס פון אַליין־ליקווידאַציע און זי באַטראַכט עס פאַר אַן אַנטי־רעגירונג־אַקציע צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, צו באַקעמפן די אַסי־מילאַציע; אָדער די רעגירונג איז נישט שולדיק און שולדיק זיינען די סאָוועטישע יידישע פּירערס, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דער ליקווידאַציע, כדי זי צו פאַרגרעסערן און פאַרשנעלערן.

און דאָ קומען מיר צום זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", דער איינ־ציקער סימן פון יידישן וואָרט אין סאָוועט־רוסלאַנד. דער זשורנאַל מאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאַלטן באַראָמעטער פון יידישער אַסימילאַציע אין סאָוועט־רוסלאַנד. ווען דער רעדאַקטאָר ווערגעליס ענטפערט עפנטלעך אויף פאָדערונגען אויסצובררייטערן די יידישע קולטור־באַזע, שרייט ער אַלע מאָל, אַז דער סאָוועטישער ייד וועט זיך נישט לאָזן שלעפּן אין געטאָ. ער איז, הייסט עס, אַרויס אויף דעם ברייטן רשות־הרבים, מען גיט אים אַלע פרייע געלעגנהייטן — זיך אָפּצוזאָגן פון יידישן לשון און פון דער יידישער קולטור און דאָ וויל מען אים דווקא צוריקשלעפּן אין געטאָ פון אַן אייגן יידיש לעבן.

אָבער אָננעמענדיק ווערגעליסעס שטאַנדפּונקט, איז דאָך זיין זשור־נאַל נישט מער ווי אַ קליינער און ענגער געטאָ. צו וואָס זשע דאַרף ער מטריח זיין עטלעכע טויזנט יידישע אַבאָנענטן און זיי שלעפּן צו זיך אין געטאָ פון אַ יידישן זשורנאַל?

איז דער תירוץ, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" טוט די לעצטע אַרבעט. זי גיט נאָך דעם לעצטן צאַפּל, היט דעם לעצטן כאַרכל און לאָזט עס גיין, ווי עס גייט, ביזן סוף, ווען דער לעצטער נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט דערקלערן מיט שימחה זיין אייגענעם אונטערגאַנג.

אויב ס'איז טאַקע אמת, אַז קיין אַנטיסעמיטיזם איז אין סאָוועט־רוסלאַנד נישטאָ, פאַר וואָס האָט זיך ביז איצט אין זשורנאַל נישט אַרויסגעריסן קיין איין קרעכץ אויף דער משונהדיקער לאַגע, אַז דאָס אַ מאָל בליענדיקע און גייסטיק־לעבעדיקע סאָוועטישע יידנטום קאָן זיך באַגיין מיט אַ זשורנאַל, וואָס דערשיינט יעדע צוויי חדשים? כ'רעד שוין נישט פון קעמפן קעגן דער ביטערער לאַגע, קעמפן קעגן אַסימילאַציע,

אָבער אַ קרעכץ כאַטש זאָל מען הערן אין דעם זשורנאַל, וואָס דאַרף פאַרטרעטן דאָס יידישע וואָרט.

ס'כאַפּט אַ גרויל, ווען מען גיט אַ טראַכט פון אַ באַוואוסטזיניקער לעבעדיקער גרופּע יידישע שרייבערס, טייל פון זיי הויך־טאַלאַנטירטע, מיט קינסטלערישער ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, וואָס האָט זיך איינגע־שלאָסן אין די דלד אַמות פון אַ ליקווידאַציע; וואָס נעמט אָן באהבה דעם אויסלעש פון יידישן וואָרט און שלעפּט זיך נאָך דער אַסימילאַציע ווי די לעצטע שוואַכע און באַזיגטע סאָלדאַטן. ס'איז דאָך איצט פאַרט פאַראַן אַ קליין ביסל מער פרייהייט פון געדאַנק און אויסדרוק אין סאָוועט־רוסלאַנד און קיינער וואָלט נישט געגאַנגען „זיצן" פאַר אויסשרייען און קעמפן קעגן דער וואולגאַרער אַסימילאַציע, וואָס איז גרייט צו ליקווידירן דאָס יידישע לשון. די יידישע שרייבערס זיינען אָבער פּחדנים, זיי האָבן מורא צו באַזינגען דאָס יידישע וואָרט, אין פייערלעכן קאַמף קעגן קולטור־פאַרניכטונג. קיין איין פעלקערשאַפט ציטערט נישט אַזוי ווי די פאַר־בליבענע יידישע קולטור־פירערס. אַפילו די דייטשן אין סאָוועט־רוסלאַנד בויען אויף אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן אויף זייער שפּראַך און אין זייערע שולעס. נאָר אונדזערע יידישע אינטעלעקטואַלן שלעפּן זיך נאָך דער ביליקסטער אַסימילאַציע, ווייל זיי האָבן מורא הויך אויסצורופן, אַז מען מוז אָננעמען מיטלען די דאָזיקע אַסימילאַציע צו צאַמען.

געערעכט זיינען די אַלע קאָמי־וואָיאַזשאָרן, וואָס ברענגען גרוסן פון מאָסקווע, אַז יידן אַליין אַסימילירן זיך, אָבער זיי פאַרשווייגן איין וויכטיקן פאַקט, אַז די יידישע שרייבערס, וואָס שטייען אין שפּיץ פון אַ יידישן זשורנאַל, נעמען אָן די דאָזיקע אַסימילאַציע ווי דעם בעסטן אויסוועג, און אַז דער זשורנאַל זייערער איז נישט מער ווי אַן אויסוואַרטונג־באַזע ביז דער טאָג פון גיכן אונטערגאַנג, וואָס וועט דאָס יידישע וואָרט אַרויס־פירן פון דעם געטאָ פון יידישן לשון און אַריינפירן אין גן־עדן פון רוסישע און אוקראַאינישע איבערזעצונגען.

(לעצטע נייעס, יאַנואַר 11, 1963)

# די אויפריכטונג פון „בירא־בידזשאַנער שטערן"

אין 1928 איז בירא־בידזשאַן דערקלערט געוואָרן פאַר אַ יידישער געגנט. זעקס יאָר שפּעטער איז שוין די געגנט דערהויבן געוואָרן צום סטאַטוס פון אַן אויטאָנאָמער געגנט. די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין בירא־בידזשאַן, איז תמיד געווען אַ סוד. מען האָט אָבער געוואוסט, אַז יידן, וואָס האָבן אָנהייב זיך געלאָזט איינרעדן, אַז מען „שענקט" זיי אַ יידיש לאַנד, זיינען גיך אַנטוישט געוואָרן און זיך נישט געלאָזט פאַר־שלעפּן אַזש פינף טויזנט מייל פון מאָסקווע. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז דעם העכסטן פּונקט האָט בירא־בידזשאַן דערגרייכט אַרום 1930, ווען עס האָבן דאָרט געוואוינט אַרום צוואַנציק טויזנט יידן. סוף דרייסיקער יאָרן זיינען אין בירא־בידזשאַן פאָרגעקומען „רייניקונגען". סטאַלינס האַנט האָט אַהין אויך דערגרייכט און אַ סך הייסע יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן געהאָלפן מאַכן פּראָפּאַגאַנדע, אַז די אויטאָנאָמע געגנט איז „אויפן וועג" צו ווערן אַ יידישע רעפּובליק, זיינען ליקווידירט געוואָרן.

אַ יידישע צייטונג, „בירא־בידזשאַנער שטערן", דערשיינט שוין דאָרט זינט 1930. עס רעדט זיך אַזוי — אַ יידישע צייטונג. עס איז תמיד געווען אַ בלעטל מיט איבערגעזעצטע נייעס וועגן לאָקאַלע אויפטוען און דערגריי־כונגען — פאַרן סאָוועטישן פאָטערלאַנד. די געטרייע איבערזעצונגען זיינען געמאַכט געוואָרן פון דער רוסישער צייטונג, מיטן זעלביקן נאָמען אויף רוסיש — „בירא־בידזשאַנסקאַיאַ זוויעזדאַ". דאָס יידישע בלעטל איז מיט די יאָרן איינגעשרומפּן געוואָרן און געוואָרן אַן אמתע זקנה — אין גאַנצן צוויי זייטלעך, מיט נאָטיצן און באַריכטן, וואָס האָבן לחלוטין נישט געהאַט קיין יידישן טעם. אָבער מיט אַ מאָל איז די צייטונג אויפגעריכט געוואָרן. גראָד איצט, ווען אין בירא־בידזשאַן געפינען זיך אַרום אַכט טויזנט יידן, אין אַ באַפעלקערונג פון אַרום 200 טויזנט, האָט די צייטונג פּלוצעם אָנגעהויבן דערשיינען אין גרויסן פאָרמאַט פון פיר זייטן, און ווי עס ווייזט אויס, קריגט מען די צייטונג פינף מאָל אַ וואָך. איך זאָג „ווי עס ווייזט אויס", ווייל לעצטנס האָט מען דעם „בירא־בידזשאַנער שטערן" אָנגעהויבן באַקומען דורך לופטפּאָסט אין ניו־יאָרק; און כאָטש זי קומט נישט אַן רעגולער, זע איך אָבער נישט קיין דאַנערשטיקדיקע און קיין מאָנטיקדיקע צייטונגען. מוז מען דערפאַר אָננעמען, אַז דער „שטערן" פינקלט בלויז פינף מאָל אַ וואָך.

פאַר וואָס איז פּלוצעם געקומען אַזאַ ישועה אויף דעם „בירא־בידזשאַ־

נער שטערן״, וואָס דערשיינט נאָך אַלץ ווי דער אָרגאַן פון דער „יידישער אַווטאָנאָמער געגנט״ און פאַר וואָס שיקט מען זי אַזוי פרייגיביק און מער־ווייניקער פּינקטלעך מיט לופטשנעלקייט קיין ניו־יאָרק? דאָס זיינען צוויי גוטע קשיות, וואָס לאָזן זיך אַזוי גרינג נישט פאַרענטפערן...

דער וואָס וועט זוכן אין דעם „שטערן״ ווי אַזוי עס לעבט זיך די יידן, וואָס זיינען בירגערס פון אַ „יידישער אַווטאָנאָמער געגנט״, כ׳מיין ווי זיי לעבן זיך אויס ווי יידן, וועט ביטער אַנטוישט ווערן. מען האָט דאָך אַ מאָל געפּויקט וועגן קינדערשולן, וועגן יידישער קולטור פאַר דערוואַקסענע, וועגן שטיקלעך און ברעקלעך פון יידישער טראַדיציע — דערפון איז אין דער יידישער צייטונג קיין סימן נישטאָ...

מחמת די צייטונג האַלט זיך נאָך ביים יידישן אויסלייג פון העברעאישע ווערטער און נאָך דערצו אָן די סוף־אותיות — ך, ם, ן, ף, ץ, איז בכלל שווער צו לייענען אַפילו עטלעכע שורות, וואָס פאַרמאַטערן נאָך דערצו מיט ראשי־תיבות פון פאַרטיי־זשאַרגאָן. אָט איז אַ קאָפּ אויף דער ערשטער זייט, דעם דריטן יאַנואַר 1971, מיט גרויסער פעטער שריפט: „אינ קאָנט־קאָמ קפּסס און קאָנטויספּירקאָמ וועגנ דער איניציאַטיוו פונ די זאַוואָדנ אַפּנ נאָמענ פונעמ לענינישנ קאָמיוג, אַפּנ נאָמענ פונ ס. אָרדזשאָנעקידזע אונ פונעמ כאַרער געהילצבאַאַרבעטנדיקנ קאָמבינאַט לויטנ אַרויסוויזנ שעפּ־טומ־הילפ די סאָווירטנ אינ די יאָרנ 1971—1975״. אינעווייניק געפינט מען בילדער פון מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די פאַבריקן, ביי ערדאַרבעט, ביי פּיצוכט; בילדער פון אויסגעצייכנטע מעלקע־רינס, וועשערינס — יידישע און ניט־יידישע, מערסטנס ניט־יידישע...

איך האָב גוט דורכגענישטערט די צען צייטונגען, וואָס כ׳האָב באַקומען ווי אַ גרוס פון דער „יידישער אַווטאָנאָמער געגנט״ און נישט געפונען, אַז עס זאָל דאָרט קלאַפּן אַ יידישער פּולס. די יידישע אותיות און די זשאַרגאָני־זירטע באַריכטן האָבן נאָך מער אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן בראָך, וואָס איז געשען אַ קליינעם יידישן שבט, וואָס איז מיט גוואַלד אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון אַלץ, וואָס איז יידיש. אויף וואָס זשע דאַרף מען אַזאַ „יידישע״ צייטונג? אַז מען זוכט געפינט מען: ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך גענומען מערן און ווערימען גיפטיקע אַרטיקלען וועגן „ציאָניזם״ און פראָ־טעסטן קעגן דעם „אַגרעסאָר״, דעם יידישן לאַנד, וועמענס מעשים ווערן פאַרגליכן מיט היטלעריזם. די יידישע אותיות ווערן וואָס ווייטער און ווייטער אַלץ מער פאַרווילדעוועט און מען הערט פשוט ווי זיי וויינען און קלאָגן אונטער דער בייטש פון אַ ביטערער אינקוויזיציע.

עס ווערט ביטער אויפן האַרצן, ווען מען לייענט ווי די יידישע אותיות ווערן געצוואונגען צו טאָן פאַררעטערישע אַרבעט קעגן די רעגירערס פון ישראל, וואָס ווערן אָנגערופן „היטלערישע מנוולים", וואָס פירן דורך „בנוגע די אַראַבער אַ פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציע און גענאָציד".

...אויב עמעצער זאָל אַלץ פרעגן די קשיא: צי איז טאַקע נייטיק אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג און שיקן דאָס בלאַט אַזש קיין ניו־יאָרק, וואו עס וואוינען, קיין עין־הרע, איבער צוויי מיליאָן יידן? איז דער תירוץ — אַ גרויס אַרטיקל, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 30סטן יאַנואַר אונטערן קאָפּ „די ציוניסטן און נאַציסטן", וואָס פאַרענדיקט זיך מיט דער דערקלערונג, אַז די ציוניסטן „האָבן מיט דער הילף פון די נאַציסטן, אויפן בלוט פון מיליאָנען מענטשן, אַן געוויסן און בושה אָפּגעטאָן זייערע פינצטערע פּאָליטישע געשעפטלעך"...

דערמיט ווערט שוין פאַרשטענדלעך די אויפריכטונג פון „בירא־בידזשאַנער שטערן", וואָס איז איינגעשפּאַנט געוואָרן צו טאָן די שמוציקע אַרבעט אין נאָמען פון דער „יידישער אַווטאָנאָמער געגנט".

יאָ, דער רעדאַקטאָר פון דעם באַנייטן און פאַרגרעסערטן „בירא־בידזשאַנער שטערן" איז נ. א. קאָרטשמינסקי. איך האָב קיין מאָל נישט געהערט פון אַזאַ יידישן שרייבער. אפשר איז ער אַ ניט־יידיש רעגירונגס־אויג אויף דעם יידישן אַנטי־ישראל פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט ...

(טאָג־מ״זש, פעב׳ 14, 1971)

# אַ יידישע קאָנפערענץ אין מאָסקווע

אין מאָסקווע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ וועגן דער יידי־שער שפּראַך און עס זיינען ביי דעם דאָזיקן צוזאַמענקום געהערט געוואָרן רעפעראַטן פון יידישע פילאָלאָגן און יידישע פאָרשערס, וואָס האָבן געוויזן ווי לעבעדיק און טיף עס איז דער אינטערעס צום יידישן לשון אין סאָוועט־רוסלאַנד. די קאָנפערענץ איז פאַררופן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דעם איינציקן יידישן זשורנאַל אין רוסלאַנד „סאָוועטיש היימלאַנד". אַז מען וויל, קאָן מען זען אין אַזאַ צוזאַמענקום אַ גרויסע און פייערלעכע דעמאָנ־סטראַציע פאַר דעם יידישן לשון; אָבער מען קאָן אויך דערשפּירן אַ צופּ ביים האַרצן, אַז אַזאַ קאָנפערענץ האָט בלויז ווי איר צענטער פון אויסדרוק אַ חודש־זשורנאַל, וואָס דאַרף באַדינען דעם קנאַפּן האַלבן מיליאָן יידן, וואָס האָבן אָנגעגעבן, אַז יידיש איז זייער שפּראַך.

עס איז כדאי איבערצוגעבן, אַז די רעפעראַטן זיינען געווען אַרום אַזעלכע וויכטיקע טעמעס, ווי וועגן דער ליטעראַרישער יידישער שפּראַך; וועגן אויסלייג; וועגן לעקסיק און פראַזעאָלאָגיע; וועגן רוסיש־יידישן און יידיש־רוסישן ווערטערבוך; וועגן פּראָבלעמען פון וואָרטבילדונג; שלום־עליכם אין דער רוסישער שפּראַך און אַן אַלגעמיינער רעפעראַט וועגן דעם באַטייט פון יידישן לשון.

אַ קיצור פון די רעפעראַטן איז דערשינען אין דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע". אָבער אַפילו אין די קירצונגען געפינט מען אויך גאַר אַ סך לעבעדיקן און אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. אָפט רופן זייטיקע באַמער־קונגען אַרויס זייער ערנסטע באַטראַכטונגען. דער רעפערענט וועגן דער ליטעראַרישער יידישער שפּראַך איז געווען פּראָפעסאָר משה שאַפּירא פון מאָסקווע. אים איז געגאַנגען אָנצואווייזן, אַז כאָטש די ליטעראַרישע יידישע שפּראַך איז אַן אַלגעמיינע, פאַר דעם וועלט־יידיש, האָט אָבער סאָוועטיש יידיש באַזונדער זיך פאַרנומען צו באַזייטיקן, אויף וויפל ס'איז מעגלעך, דעם אומנייטיקן העברעאישן עלעמענט פון יידיש. ער ציטירט דעם יידיש־פאָרשער נחום שטיף, וואָס האָט אין די דרייסיקער יאָרן געזאָגט, אַז „דער אַלטער העברעאישער אינוווענטאַר איז געוואָרן איבעריק".

פאַרן שווערן בוכהאַלטערישן וואָרט „אינוווענטאַר" קאָן מען אַוועק־שטעלן דאָס וואָרט — אוצר, ווייל דער העברעאישער טייל פון יידיש איז אַן אוצר, וואָס מען קאָן בשום־אופן נישט באַזייטיקן, אַז מען זאָל דערמיט נישט טאָן קיין שאָדן אונדזער יידיש לשון און עס פאַרוואַנדלען אין אַ

לשון אַן וואָרצלען. דער פּראָפעסאָר שאַפּירא איז אַליין, ווייזט אויס, גענייגט צו באַזייטיקן מייסטע העברעאישע ווערטער, כדי בעסער צו באַדינען דעם טייל יידישע שרייבערס און קולטור־טוערס, „וואָס האָבן קיין העברעאיש שוין נישט געלערנט".

דערויף קאָן מען זאָגן, אַז אַ יידישער שרייבער אָדער קולטור־טוער, וואָס האָט שוין קיין העברעאיש נישט געלערנט, איז — אַ טראַגעדיע, ווייל אַזאַ יידישער שרייבער איז אַן זאַלץ און אַן פעפער. אויב מען מוז נאָך אים אַרויסהעלפן מיט באַזייטיקן אַ גרויסן טייל פון העברעאישן עלעמענט, איז אַזאַ יידישער שרייבער אויף גרויסע צרות (זייט מוחל — דעם העברעאיזם).

מען דאַרף זיין גערעכט צו פּראָפעסאָר שאַפּירא. ער רעדט וועגן אומנייטיקע העברעאיזמען, אָבער די דאָזיקע אומנייטיקייט קאָן נישט דעפינירט ווערן מיט עם־הארצות. אידיש איז נישט נאָר אַ לשון, נאָר אַ גאַנצע ציוויליזאַציע און דער העברעאישער טייל טראָגט צו גאָר אַ סך צו דער יידיש־ציוויליזאַציע.

ס'איז אַוודאי אַ פרייד צו לייענען, אַז נאָך ביים היינטיקן טאָג רעדט דער סאָוועטישער יידישער שרייבער צו טויזנטער לייענערס אין ראַטן־פאַרבאַנד גופא. פּראָפעסאָר שאַפּירא ווייזט אַן אויך אויף „פּילצאַליקע סאָוועטישע בירגערס", דער הויפּט פון יינגערן דור, וואָס פאַרשטייען דאָס מינדלעכע יידישע וואָרט און ווייזן אַרויס דראַנג צו פאַרשטיין אויך דאָס שריפטלעכע וואָרט.

אָבער פאַר זיי, פאַר די דאָזיקע שטאַרק פאַראינטערעסירטע, איז נישט כדאי צו מאַכן פון יידיש אַ מין גרינגן עספּעראַנטאָ. אדרבא, זאָלן זיי לערנען יידיש און זען וואָס פאַר אַן אוצר מיר פאַרמאָגן. מען טאָר פאַר זיי נישט „אויסמיידן", ווי פּראָפעסאָר שאַפּירא זאָגט, „דאָס העברעאיש־שטאַמיקע וואָרט, וואָס איז שוין אַבסאָלוט פרעמד די יינגערע דורות". נאָך אַ מאָל, ס'פרייט דאָס האַרץ פון אַזאַ גרוס וועגן יינגערע דורות מיט אַ דראַנג צו יידיש, אָבער אַ יידיש אַן שבת, יום־טוב, יום־כיפור, תענית, בית־מדרש, וועט אָפילו דערוווייטערן דעם יינגערן דור פון דעם באַרימטסטן יידישן שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד גופא — שלום־עליכם. יידיש וועט גראָד אַרויסרופן דרך־ארץ ביים יינגערן דור, אַז ער וועט איינזען ווי טיף, ברייט און אַלט־וואָרצלדיק אונדזער יידיש לשון איז און אַז ממש יעדער וואָרט איז יידישע קולטור־געשיכטע. נעמט אַוועק פון אונדזער לשון דעם עלעמענט, וואָס איז שוין „אַבסאָלוט פרעמד די יינגערע דורות", און יידיש וועט פאַרלירן אַ גרויסן טייל פון איר קולטור־באַטייט.

אָבער נישט פּאָלעמיזירן בין איך געקומען מיט פּראָפעסאָר שאַפּירא. פאַרקערט, איך פאַרצייכן מיט גרויס צופרידנקייט, אַז ס׳לעבן איצטער אין סאָוועט־רוסלאַנד וויכטיקע יידיש־פאַרשערס, מיט וועמען ס׳איז אַ כבוד צו פּאָלעמיזירן. כ׳בין גאָר שטאַרק מסכים מיט פּראָפעסאָר משה שאַפּירא, אַז מען טאָר נישט האַלטן אין איין וואַרפן אַן אומחן (אַ העברעאיזם!) אויף גערמאַניזמען און זיי פאַרמשפּטן פאַר דייטשמעריזמען, וואָס מען מוז באַזייטיקן פון יידיש. אַז מען וועט אָנהייבן וואַרפן, וועט אונדזער לשון שטאַרק פאַראָרעמט ווערן. אויב מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק מיט באַזייטיקן גערמאַניזמען, ווי צען מאָל פאָרזיכטיק מוז מען זיין, ווען מען נעמט וואַרפן העברעאיש־אַפּשטאַמיקע ווערטער.

איז זיין רעפעראַט וועגן אָרטאָגראַפיע האָט דער באַקאַנטער יידיש־פאַרשער אליהו פאַלקאָוויטש אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות (ווידער אַ העברעאיזם!) אין אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן אויף דעם געביט.

מיך האָט אין אליהו פאַלקאָוויטשעס רעפעראַט שטאַרק גערירט דער טייל, וואָס האָט דערציילט, אַז „נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זיינען אין ראַטן־פאַרבאַנד אויפגעקומען הונדערטער שולן, אין וועלכע מען האָט אַלע לימודים גענומען לערנען אין יידיש. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע צאָל רעדאַקציעס און פאַרלאַגן, וואָס האָבן באַדאַרפט באַזאָרגן דעם תלמיד און דעם דערוואַקסענעם מיט ליטעראַטור. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן אַ סך מלוכה־אַנשטאַלטן, וואו די גאַנצע אַרבעט האָט זיך געפירט אויף יידיש".

קיין נאַטירלעכער פּראָצעס האָט נישט געקאָנט דערפירן צום איצטיקן מצב פון אַן איינציקן יידישן חודש־זשורנאַל פאַר אַלע יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד. חוץ ליקווידאַציע און אונטערדריקונג, וואָס איז נאָך נישט פאַרריכט געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג...

(טאָג־מ״זש, דעצעמבער 25, 1966)

# „סאָוועטיש היימלאַנד" לאָזט זיך נאַרן

אין מאָסקווער יידישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" איז זיך מיט אַ צייט צוריק פאַרלאָפן אַ שיינע געשיכטע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ סך נחת און זיך געענדיקט מיט אַ קאַצן־יאָמער — אַ זיך־אָפּגעשמיסענע רעדאַקציע, אַ ווידוי פון אַ שולדיקן, וואָס האָט זיך געלייגט אין דרייען מודה צו זיין זיינע זינד קעגן דער מאָראַל פון דער געזעלשאַפט און אירע נישט־געשריבענע געזעצן — אויפן געביט פון פּאָעזיע. ווייל ווי באַוואוסט זיינען מער־ווייניקער דאָ געזעצן פון פּלאַגיאַט, וואָס איז — גניבה. אמת, נישט קיין שטאַרק פּראָפּיטירנדיקע גניבה. אָבער פּאַרט, איבערשרייבן יענעמס שורות און זיי אָנגעבן פאַר אייגן האָב־און־גוטס איז ענלעך אויף גניבה. אַ פּלאַגיאַטאָר ווערט געוויינלעך אויסגעשטעלט צו שאַנד און שפּאָט, אויב מ׳כאַפּט אים ביי דער האַנט. אין די קונסטן זיינען אַפילו דאָ געוויינלעך אופנים ווי צו באַהאַלטן די גניבה, און אָנשטאָט זי אָפּצושטעקן, לערנט מען זיך אויס זי אַריינשטעקן ערגעץ צווישן אייגענע שורות, אָדער אין אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע, וואו אַ געניטער כאַפּער כאַפּט יענעמס אַ „שטיקל" און ער לאָזט עס צעגיין אין זיין אייגענעם וואַסער. אין מאַלעריי קאָן מען אויך נעמען ביי יענעם פון גרייטן, אויב מ׳איז דערצו געניינגט, און ווערן אַ קינסטלער אַן צו־שטאַרקן בויכווייטאָג.

פאַרשטייט זיך, אַז מ׳דאַרף אונטערשיידן צווישן גניבה און לעגי־טימער השפּעה. יעדער אמתער קינסטלער שפּרינגט נישט אַרונטער פון מאַרס, נאָר ער זאַפּט איין אַלץ, וואָס איז אים קינסטלעריש נאָענט און אייגן. ביי אַן אמתן קינסטלער איז ערשט אינטערעסאַנט אויסצוגעפינען פון וואַנען ער שטאַמט, אַזוי צו זאָגן, און וואָס ער האָט געטאָן מיט די איינפלוסן; ווי ער האָט זיי פאַרוואַנדלט אין אָריגינעלן שטאָף; ווי ער האָט זיי געמאַכט אַ טייל פון זיך, ציענדיק ווייטער דעם פאָדעם פון קינסטלע־רישן ייחוס — אַ ייחוס פון שעפערישע פּערזענלעכקייטן.

אָבער „סאָוועטיש היימלאַנד" איז ניכשל געוואָרן צוליב אַ שפּיצל, וואָס עמעצער האָט דער רעדאַקציע אָפּגעטאָן — נישט קיין גניבה, נאָר וואָס מ׳רופט — גניבת דעת.

אין אַ שיינעם, העלן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאָרגע־שטעלט געוואָרן אַ נייע יידישע דיכטערין, אַ צוויי און צוואַנציק־יאָריקע סטודענטקע פון אַ פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, מיט אַ לענגערער סעריע לידער. פאָרגעשטעלט געוואָרן איז זי ווי אַ יונגע פּרינצעסין. זי איז

פלוצים דערשינען ערגעץ פון זאַפּאַראָזשיע, מיט אַ ביאָגראַפישער נאָטיץ, וואָס האָט זיך געלייענט מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן אָטעם.

טאַטע־מאַמע לייענען און שרייבן ייִדיש. דער טאַטע — אַ געוועזענער סאָוועטישער אָפיציר, די מוטער — אַ בוכהאַלטערין. ביידע — פון מינסק. די טאָכטער געבוירן הינטער מאָסקווע, וואו דער טאַטע פון דער יונגער פּאָעטעסע האָט געאַרבעט אין דער מיליטערישער לופט־אַקאַדעמיע ווי אַ פּעדאַגאָג.

אַזוי האָט דערציילט די דיכטערין אין אַ נאָטיץ, וואָס האָט באַגלייט די לידער. די רעדאַקציע האָט געשענקט פולע צוויי זייטן פאַר די לידער פון דער יונגער דיכטערין — ליליע אַש; אַ שיינער, קורצער און פּאָעטישער נאָמען, וואָס די רעדאַקציע האָט באַזונגען מיט אַ שטאָלצן אַרויספאַר. זעט, ביי אונדז איז אויסגעוואַקסן אַ יונגע ייִדישע דיכטערין, וואָס שרייבט אַ מחיהדיקן ייִדיש.

און פאַר וואָס נישט? מיטן עצם פאַקט איז טאַקע געווען וואָס צו שטאָלצירן: אויפן אַכזריותדיקן באָדן פון ליקווידאַציע און אָפּמעק איז געבוירן געוואָרן אַן אמתע ליליע. נאָר, ווי געשריגן! דער צווייטער טייל פון דער דיכטערינס נאָמען האָט גענומען די איבערהאַנט און ס'איז פון דער גאַנצער שימחה געוואָרן אויס ליליע, בלויז אַ ביסל אַש, וואָס האָט דער רעדאַקציע צוגעשטעלט גאָר אַ סך האַרצווייטאָג.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ליליע אַש איז גאָר דער פאַרשטעלטער נאָמען פון אַן אַלטן, שלימזלדיקן דיכטער, וואָס האָט געקלאַפּט אין די שויבן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט זיינע לידער; נאָר אַז מ'האָט אים נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין כאָר פון די סאָוועטישע פּאָעטן, איז ער געפאַלן אויף אַ פאַרטל — ער וועט אָפּנאַרן די רעדאַקציע, אַריינשיקן אַ פּעקל אייגענע לידער און אָנגעבן זיין טאָכטערס נאָמען. זיין איינפאַל האָט אויסגעצייכנט געאַרבעט. מ'האָט די לידער, ווי פריער דערציילט, אויפגענומען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שימחה. ליליע אַש איז באַרימט געוואָרן איבער נאַכט. אָבער ווי לאַנג קאָן זיך אַ פּאָעט איינהאַלטן און נישט קומען צו דער עפנטלעכקייט? ווי לאַנג קאָן אַ פּאָעט לעבן הינטער זיין טאָכטערס פאַספאָרט? איז ער, אַזוי זיינען מיר זיך משער, געקומען אין רעדאַקציע אַנטפּלעקן זיך פאַר דער וועלט, מגלה סוד זיין, אַז דאָס איז ער — ליליע אַש, דער צוריקגעוויזענער דיכטער, וועמען מ'האָט פאַרצאַפּט דאָס בלוט אַ לאַנגע צייט, ביז מ'האָט פאַרט דערזען אין אים

דעם אמתן טאַלאַנט און אים געלויבט אין הימל אַריין, ווען ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ יונג, צוויי און צוואַנציק־יאָריק מיידל.

געשען איז אָבער אַן אומגליק. די רעדאַקציע האָט אים געצוואונגען, אויפן מאָסקווער שטייגער, אונטערצושרייבן אַ ווידוי, זיך מודה זיין עפנט־לעך אין זיין פאַרברעכן, זיך אַליין זידלען מיט די ערגסטע נעמען — און ווער ווייסט וואָס נאָך פאַר אַ שטראָף דער דאָזיקער „באַרימטער" פּאָעט הינטער אַ פרעמדן נאָמען האָט באַקומען פאַר זיין שווער פאַרברעכן. דער עיקר איז, אַז די רעדאַקציע האָט זיך, נעבעך, געמוזט אַנטשולדיקן פאַר די לייענערס, פאַר לאָזן זיך אַזוי מיאוס פירן אין באָד אַריין. די קאָלעקטיווע רעדאַקציע האָט זיך אַליין אָפּגעשמיסן מיט אַ נאָטיץ, וואָס האָט באמת אַרויסגערופן רחמנות צו דער „אָפּגעפרייערטער" רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד".

די פראַגע איז, צי איז טאַקע דער פּאָעט באַגאַנגען אַ שווער פאַר־ברעכן? קיין גניבה איז עס דאָך נישט געווען. ער האָט געשיקט זיינע אייגענע לידער; ער האָט ביי קיינעם, חלילה, גאָרנישט צוגענומען; אַפילו דעם נאָמען האָט ער גענומען ביי אַן אייגענער טאָכטער. מיט וואָס זשע איז זיין פאַרברעכן געווען אַזוי גרויס? אמת, ער האָט פאַרפירט אַ גאַנצע רעדאַקציע פון קלוגע לייט, אָבער דאָס איז דאָך זייער שולד. אויב אַ פּסעוודאָנים קאָן כשרן עמעצנס שלעכטע לידער, דאַרף דאָך די רעדאַק־ציע זיך דערקלערן שולדיק און אפשר אין גאַנצן רעזיגנירן פון מבינות אויף פּאָעזיע.

קאָן מען אפשר פאַר דער רעדאַקציע געפינען אַ שטיקל פאַרטיידיקונג און זאָגן, אַז וואָס ס'איז נאָך גוט, שיין און דער עיקר צוזאָגנדיק פאַר אַ יונגן פּאָעט, איז פאַרשימלט און אויסגעדראָשן ביי אַן אַלטן פּאָעט. יאָרן ביי אַ קינסטלער שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע; אַ יונגער שרייבער קאָן נאָך, מיט אַלע זיינע פעלערן, אויסוואַקסן אַ כלי. דער אמתער שרייבער פאַר־וואַנדלט אַפילו זיינע חסרונות אין מעלות. אָבער אַן אַלטער שרייבער וועט שוין קיין לייט נישט ווערן, אויב זיינע חסרונות זיינען איינגעגע־סענע. וואָס ביי אַ יונגן פּאָעט קאָן אויסזען נאַאיוו, איז ביי אַן עלטערן פּאָעט אַ רייפע נאַרישקייט.

די רעדאַקציע קאָן אויך זאָגן אין איר פאַרטיידיקונג, אַז די אָפּנאַנ־רעריי איז באַשטאַנען אַפילו אין דעם מיידלשן נאָמען. מיר זיינען צו רייך אין יונגע, ערשט פון איי־אויסגעפּיקטע פּאָעטן, אָבער מיר פאַרמאָגן אַוודאי נישט קיין יונגע דיכטערינס. דערפאַר האָט מען פאַר ליליע אַש

געמאַכט אַזאַ וואָרע און אַזאַ פּאַראַד. היות דער אַלטער אָפּנאַרער האָט אויסגענוצט די לאַגע פון יידישן וואָרט אין סאָוועט־רוסלאַנד און פאַרפירט די רעדאַקציע, קומט אים אַ שווערע שטראָף.

אויף דעם קאָן דער אָנגעקלאָגטער ענטפערן אַזוי צו זאָגן: „קאָנען טאַקע מיינע לידער זיין אַזוי גרויס און אַזוי מרעיש עולמדיק, ווי די רעדאַקציע האָט זיי פאַרגעשטעלט מיט גרויס פּאַראַד, אויב זיי האָט געשריבן אַ צוויי און צוואַנציק יאָריק מיידל; און אַזוי גאָרנישט און אָן שום ווערט, אויב אַן עלטערער פּאָעט האָט זיי אויסגעזונגען? קאָנען די לידער, וואָס זיינען אַזוי הויך געשעצט געוואָרן, פּלוצים אָנווערן אַלע זייערע צוגעשריבענע מעלות, ווען דער פּאָעט איז נישט פון ווייבלעכן, נאָר פון מענלעכן געשלעכט, און נישט זיין טאָכטער, נאָר ער אַליין?

ס'איז נישט ס'ערשטע מאָל, ווי מען נאַרט אָפּ אַ רעדאַקציע. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אַ פּאָעט געשיקט אַ „געפונען" ליד פון וואָלט וויטמאַנען, וואָס ער האָט ערגעץ אַנטדעקט. אַ גענייטער רעדאַקטאָר האָט עס פאַרעפנטלעכט אין זיין זשורנאַל מיט פויקן און טאַצן. שפּעטער האָט דער צושיקער פון ליד מגלה סוד געווען, אַז דאָס ליד איז, ערשטנס — זיינס, און צווייטנס, אַז דער זעלביקער רעדאַקטאָר האָט דאָס זעמלעכע ליד צוריקגעוויזן. אָבער ווען מען האָט עס צוגעשריבן וואָלט וויטמאַנען, איז עס געוואָרן ערשטקלאַסיקע סחורה.

רופט דאָס אַלץ אַרויס גרויסע ספיקות בנוגע אמתער מבינות. אַזעלכע שפּיצלעך ווייזן ערשט, ווי ספּעקולאַטיוו און אומזיכער ס'איז קונסט־מבינות.

פריץ קרייזלער האָט אַ גאַנץ לעבן געשפּילט פידל־קאָמפּאָזיציעס פון אַלטע מייסטערס און קורץ פאַר זיין טויט האָט ער אויסגעזאָגט, אַז זיי זיינען זיינע אייגענע שאַפונגען, וואָס ער האָט זיי פאַרגעשטעלט ווי אויסגעגראָבענע אַלטע מוזיק. קיינער האָט זיך דורך די יאָרן נישט געכאַפּט, אַז קרייזלער האָט געשפּילט אייגענע קאָמפּאָזיציעס הינטער פרעמדע, אַלטע מאַסקעס.

ווען דער פאַרשטעלטער „ליליע אַש" וואָלט זיין שפּיצל דורכגעפירט ביי אונדז אין אַמעריקע, וואָלט ער גאָר געקראָגן די געלעגנהייט הנאה צו האָבן פון זיין איינפאַל, וואָס וואָלט געווען אַ שטיקל נקמה אין זיינע צוריקווייזערס און פאַרשטויסערס. אַזאַ זאַך איז טאַקע געשען ביי אונדז נישט לאַנג צוריק, מיט אַן עלטערן פּאָעט, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ יונג מיידל און געשיקט לידער אין אַ רעדאַקציע, וואו מ'האָט כסדר

צוריקגעוויזן זיינע שאַפונגען. ער האָט גאָר, מיט גרויס טריאומף, געהאַט ס׳לעצטע וואָרט. קיינער האָט ביי אים נישט אַרויסגעצוואונגען קיין ווידוי, און פון זיין גוואַלטיקן פאַרברעכן איז געוואָרן אַ קונדסיש שפּיצל.

כ׳קען אויך אַ יידישן פּאָעט, וואָס האָט יונגערהייט אָפּגעגאַרט דעם דעמאָלטיקן דיקטאַטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור, ש. יאַנאָווסקי, און אויך מיט אַ מיידלשן נאָמען. דער קלוגער יאַנאָווסקי האָט זיך געלאָזט אָפּפרייערן און ער האָט פאַרעפנטלעכט די „מיידלשע" לידער מיט גרויסע ליבגעזאַנגען, כאָטש ער האָט דעם זעלביקן פּאָעט נישט איין מאָל צוריקגעשיקט זיינע מאַנסבילשע לידער. דעמאָלט איז דער אָפּטו באַשטאַנען בלויז אין בייטן דאָס געשלעכט, כדי צו ווירקן אויף אַן אַלטן רעדאַקטאָר. דער פּאָעט איז טאַקע געווען יונג — אין די פריע צוואַנציקער.

די אַלע אינצידענטן, מיט דעם מיכשול אין „סאָוועטיש היימלאַנד", באַווייזן, אַז מבינות איז נישט אַזוי פעלדזיק־פעסט, ווי מען מיינט. גראָד אין אַזעלכע פאַלן דערזעט מען, אַז מבינות איז אָפט אפשר בלויז אַן אָנשטעל, וואָס לאָזט זיך פאַרפירן קיין האָצעפּלאָץ, וואו ער בלייבט שטיין ווי אַ לץ אין דער בלאָטע.

גאַנצע צוויי און צוואַנציק אַרטיקלען כנגד די צוויי און צוואַנציק יאָר פון „ליליע אַש" האָב איך געליינט אין דער יידישער וועלטפּרעסע וועגן דער ניי־אַנטדעקטער יונגער דיכטערין. וואָלט די פרייד געקומען דערפון, וואָס אין סאָוועט־רוסלאַנד איז געבוירן געוואָרן אַ יונגע לידער־שרייבערין, וואָלט נאָך די מבינות ווי אַ סחורה, וואָס דאַרף אַרויסרופן צוטרוי, נישט געכאַפּט אַזאַ קלאַפּ. אָבער מען האָט אויסגעטרומייטערט אַזוי פיל ליבגעזאַנג אויפן חשבון פון ליליע אַש, אַז ס׳איז פּשוט אַ חרפּה צו געדענקען. נאָר בעת די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט זיך כאָטש אַליין אָפּגעשמיסן, האָבן די אַלע בראַוואָ־פּאַטשערס אַראָפּגעשלונגען זייער בושה און געמאַכט אַ שוויג.

איין באַקאַנטער קריטיקער האָט געשריבן נישט מער און נישט ווייניקער, אַז: „וואָס עס פעלט היינט אין אונדזער פּאָעזיע — פאַרמאָגט בפירוש ליליע אַש". זיין קריטיק האָט ער פאַרענדיקט מיט אַזאַ פרייד־אויסגעשריי:

„מיט צופרידנקייט און האַרציקייט באַגריסן מיר דעם אַריינקום פון ליליע אַש אין דער יידישער פּאָעזיע. ס׳איז נישט נאָר אַ נאָמען צוגעקומען מיט אַן אָנזאָג אויף בלי; ס׳איז געקומען אַ דיכטערין, וואָס בענקט נאָך

**פליגל, און מיר האָפן, אַז זיי וואַקסן און זייער אָפּפרישנדיקער געפאָך וועט אונדז פרייד און גענוס ברענגען".**

**די פליגל, האָט דער קריטיקער, ווי די אַנדערע 21, געזען אין אַזעלכע שורות פון דער פאַרשטעלטער ליליע אַש:**

פלוצלינג קומט די שרעק:
עס איז דאָך שפּעט,
עס איז דאָך טאַקע שפּעט.
די גרעסטע קללה איז
בלייבן שטיין אין וועג.

**און אָט איז דער „אָפּפרישנדיקער געפאָך":**

שלאָפן איין די געסעלעך,
די סקווערן און דער האָפן,
און די ווייטע שטערנדלעך,
ווי גוטע שומרים וואַכן.

**אָבער אָט איז דאָס פאַרמעג, וואָס ליליע אַש האָט געוויזן, „וואָס פעלט", לויט דעם קריטיקער, „היינט אין אונדזער פּאָעזיע":**

איך האָב אַ סוד פאַרזייט
מיט יונגע ביימער,
מיט האָפענונג אויף גערעטעניש געוואַרט.
האָט עמעצער פאַרשליידערט אים מיט שטיינער,
עפּעס וויינט אין מיר און לאַכט.

**און אָט זיינען שורות פון אַן אָריגינעל קינדערליד, וואָס האָט אַרויסגערופן לויב אין אַלע יידישע מדינות:**

אין וויטרינע שטייען שיכעלעך,
קליינינקע אַזוינע.
רויטע, געלע, גרינינקע,
ווייסינקע און ברוינע.

**מיר דאַכט זיך, אַז מ'האָט זיך נישט באַדאַרפט לאָזן אָפּנאַרן פון אַזעלכע לידער, אַפילו ווען זיי זיינען געקומען פון אַ סאָוועטישער יידישער דיכטעריז, וואָס איז צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט. אַ צוויי און צוואַנציק יאָריק**

מיידל מעג זיך דערטראַכטן און דערזינגען צו עפּעס בעסערס און איר פּאַעטיש האַרץ מעג שוין האָבן אַ ביסל מער שכל.

פאַר וואָס האָט ליליע אַש פאַרט אָפּגעגנאַרט אַזוי פיל קריטיקערס? איז טאַקע אַזוי שווער געווען צו זען, אַז אירע שורות זיינען נעבעכדיקע און הילפלאָזע פאַר יעדער עלטער — פון זיבן ביז זיבן און זיבעציק? ווער ווייסט, אפשר בענקען, אין תוך, אַ סך מבינים נאָך פרימיטיווקייט, כאָטש זיי רינגלען אַרום זייער מבינות מיט קאָמפּליצירטע פראַזן. ס׳קאָן זיין, אַז אונדזערע קריטיקערס האָבן זיך פשוט מחיה געווען, ווען זיי האָבן געלייענט אַזעלכע „באַהאַרצטע״ ליליע־אַש־שורות:

מאַמעניו, מאַמע, מיין גרויע, שטילע טויב,
וואָס שטייסטו פאַרדאגהט, וואָס קוקסטו אין שויב?
איך בעט דיך, מיין טרייע, דו מוחט מיך פאַרשטיין.
מיר האָבן קיין רעכט נישט צו זיצן אין דר׳היים.

(טאָג־מ״זש, יאַנואַר 26, 1969)

# איליאַ ערענבורג

ווען איליאַ ערענבורג, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט אין עלטער פון 76 יאָר, פרעגט מען און מען וואונדערט זיך, ווי אַזוי ער האָט זיך דורכגעשמוגלט אַלע „ריייניקונגען״; וואָס פאַר אַ זכותן ער האָט געהאַט ביי סטאַלינען, וואָס יענער האָט אים מוחל געווען זיין „קאָסמאָפּאָליטיזם״ און זיין בערלינער און פאַריזער אַנטי־קאָמוניסטישע ביאָגראַפיע. נאָך אַלעמען איז דאָך ערענבורג געווען דער אמתער קאָסמאָפּאָליט, ווי קומט עס וואָס סטאַלין האָט דעם דאָזיקן ייד פאַרזען און אים געלאָזט דערלעבן אַ נאַטירלעכע עלטער?

אין אירע זיכרונות שרייבט סטאַלינס טאָכטער, אַז דער אמתער בייזער גייסט איז געווען בעריאַ. ער איז עס געווען דער שטן, דער אויסוואורף, דער מערדער, ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע ריייניקונגען, און

סטאַלין האָט, לויט זיין טאָכטערס רייַנוואַשונגען פון איר פֿאָטער, געפּאָלגט בעריאַן.

...מילא, אויב נישט סטאַלין, ווי אַזוי איז געשען, אַז ערענבורג האָט זיך אַרויסגעדרייט, זאָל זיין, פון בעריאַס הענט און דערלעבט כרושטשאָוון, וואָס איז געווען שטאַרק אין כעס אויף ערענבורגן? מען האָט דעם אַלטן „קאָסמאָפּאָליט" פּאַרט נישט געטשעפּעט, כאָטש ער האָט געהאַט גענוג שונאים און צווישן זיי אַזאַ מעכטיקן שונא, אַן אַנטיסעמיט ווי שאָלאָכאָוו, וואָס האָט זיך דערדינט צו דער נאָבל־פּרעמיע.

ערענבורג אַליין האָט אויף זיין שטייגער געפּרוּווט געבן אַן ענטפער, וואָס פאַרענטפערט נישט די דאָזיקע קשיא. ער זאָגט, אַז ווען עס איז געקומען צו סטאַלינס רייניקונגען איז עס געווען אַ ריזיקאַלישער שפּיל אַזאַ, עמעצער האָט געוואונען דאָס לעבן, בעת דער אַנדערער האָט געוואונען דעם טויט. אָבער עס איז אַ שוואַכע דערקלערונג, ווייל ערענבורג איז נישט געווען גלאַט אַן עמעצער, מען האָט אים גוט אָנגעזען, ער האָט זיך געלאָזט אי זען, אי הערן. בכלל קאָן מען נישט רעדן וועגן באַזונדערע שפּילערס אין סטאַלינס „רוסישער רולעטקע". סטאַלין האָט אָוועקגעשיקט מיליאָנען מענטשן אויף יענער וועלט. ווען עס איז געקומען צו די יידישע שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס, האָט סטאַלין נישט געשאָנעוועט קיינעם פון די בעסטע און אָנגעזעענסטע נעמען, זיי האָבן אַלע ביי אים געוואונען דעם טויט. טאָ ווי אַזוי איז פּאַרט געבליבן לעבן דער אָנגעזעענסטער מיטגליד פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט?

שווער צו פאַרענטפערן די דאָזיקע קשיא. דעם אמת האָט מסתמא געוואוסט ערענבורג אַליין. אפשר האָט ער זיך פאַרדינט ביי סטאַלינען פער־זענלעך מיט „גוטע מעשים". ווער ווייסט? קיין באַווייזן וועגן אַזעלכע פאַר־דינסטן זיינען נישטאָ, כאָטש מען האָט אַ סך מאָל באַשולדיקט ערענבורגן אין אַרבעטן אַקטיוו — צו ראַטעווען זיין אייגן לעבן.

בלייבט אַ קשיה. ווייל איך דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד פון ערענבורגס באַזוך אין אַמעריקע, אין 1946. דעמאָלט האָב איך אַליין געזען, ווי ערענ־בורג האָט זיך געראַטעוועט, אויב נישט פון סטאַלינען, איז פון זיינס אַ שליח און אויפזעער. איך בין בייגעווען ביי אַן אינטימער פּרעסע־קאָנפער־רענץ, וואָס ערענבורג האָט געגעבן ערב זיין צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד. ס'זיינען געקומען די פּעאיקסטע און פּראָמינענטסטע אַמעריקאַנער צייטונגס־לייט, וואָס האָבן אים באַוואָרפן מיט פראַגעס, וואָס זיינען נישט געווען קיין

צודרינגלעכע, נאָר מער־ווייניקער איידעלע קשיות, מיט דעם געהעריקן רעספּעקט פאַר ערענבורגן, דעם באַרימטן רוסישן שרייבער, אַז ער זאָל נישט געשטעלט ווערן אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע. ס׳הייסט, מען האָט אים צוגעשטעלט אַזעלכע פראַגעס, וואָס האָבן געפאָדערט אַ גלאַטן ענטפער און נישט קיין — פאַרענטפער.

אין 1946 איז ערענבורג אַלט געווען 55 יאָר, אָבער ער האָט אויסגעזען אַ סך עלטער פון זיינע יאָרן. ער איז געווען נישט בלאַס, נאָר געל. איך געדענק, אַז איך האָב געזען פאַר זיך אַ פאַרקרענקטן און נערוועזן מענטשן. זיינע הענט האָבן געציטערט, ווען ער האָט פאַררויכערט איין פּאַפּיראָס מיטן אַנדערן. דער פּאַפּיראָס האָט מייסטנס געשטעקט אויף דער לינקער זייט פון מויל און ער האָט זיך קונציק געהאַלטן, בעת ערענבורג האָט געענטפערט. אַש איז פריי געפאַלן אויף ערענבורגס שטאַרק צעקנייטשטן אַנצוג און אויף דער פּלאַטפאָרמע, וואו ס׳איז געזעסן אַ יידישער איבערזעצער, וואָס האָט געגעבן פלינקע און פּינקטלעכע איבערזעצונגען פון די ענגלישע פראַ־געס און רוסישע ענטפערס.

ביי ערענבורגס רעכטער האַנט איז געזעסן אַ רוסישער גענעראַל, אין זיין גענעראַלסקן מונדיר. ער איז געווען נישט אַזוי אַ מענטש, ווי אַ פאַר־שוין. ס׳האָט פון אים און זיין מונדיר געשלאָגן מיט אומהיימלעכקייט, כאָטש ער האָט גאָרנישט געזאָגט און זיך אַפילו נישט באַוועגט. ערענבורג האָט נאָך יעדער ענטפער זיינעם געכאַפּט אַ קוק אויף דעם גענעראַל, מיט אַן אונטערטעניק שמייכעלע, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסגעפינען, צי האָט ער געענטפערט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. אָבער דער גענעראַלסקער פאַרשוין האָט אַפילו נישט באַוועגט מיט אַ ברעם, נישט געמאַכט די מינדסטע מינע. דער גענעראַל איז געזעסן, ווי ער וואָלט געווען בלויז — זיצער, מיט זיין גאַנצער אומפּערזענלעכער שווערקייט. זיין פּנים איז געווען גלאַטיק, מיט אַ טומטומדיקער גלאַטקייט; דער קאָפּ — אַ שווערער, מיט קורץ־געשוי־רענע, גרויע האָר; די הענט זיינע האָט ער געהאַלטן אַזוי, אַז מען האָט זיי קיין מאָל נישט געזען.

נאָך ערענבורגס יעדער ענטפער, מיט זיין שמייכל צום גענעראַל, האָבן מיר אַלע תמיד אויך געווענדט אונדזערע בליקן צום מאַן ביי ערענבורגס רעכטער זייט. מיר האָבן אַלע אינסטינקטיוו געשפּירט, אַז דער דאָזיקער שווייגער און אומבאַוועגלעכער פאַרשוין פירט פונדעסטוועגן אויס אַ וויכ־טיקע שליחות. אָבער דאָס טומטום־פּנים האָט געשוויגן מיט אַ פאַרגליווערט שווייגן.

מיט אַ מאָל האָט מען ערענבורגן געבעטן, אַז ער זאָל פאַרגלייכן די רוסישע פּרעסע מיט דער אַמעריקאַנישער. מיט ערענבורגן איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן געשען מיט אַ שרייבער, וואָס איז פאַרליבט אין זיין פּראָפעסיע. ער האָט זיך פאַררעדט און זיך דעררעדט צו אַ פאַרגלייך, אַז אין רוסלאַנד איז די פּרעסע אַ לאַנגווייליקע, אַן אומאינטערעסאַנטע. לעבעדיקע, מענטשלעכע געשעענישן ווערן אָפּגעפאַרטאַטשעוועט און אָפּגעפּטרט מיט עטלעכע שורות. די אַמעריקאַנער פּרעסע האָט גוטע שרייבערס, וואָס שענ־קען אויפמערקזאַמקייט צום לעבן. אין דער רוסישער פּרעסע קריגן אַזעלכע „יומען־אינטערעסט״־מעשיות — ערענבורג האָט זיך באַנוצט מיט דעם ענגלישן אויסדרוק — עטלעכע קאַרגע און טרוקענע שורות.

מיר, זשורנאַליסטן, האָבן געהערט און נישט געגלייבט די אייגענע אויערן. מיר האָבן אַלע אינסטינקטיוו זיך גענומען שרעקן, אַז ערענבורג האָט זיך פאַרגאַלאָפּירט. מיר האָבן איינגעזען, אַז זיין זשורנאַליסטישער חוש האָט אים אַוועקגעטראָגן פון דער אַזוי־גערופענער „ווירקלעכקייט״, אין געשטאַלט פון דעם פאַרגליווערטן גענעראַל, וואָס איז געזעסן, דורך דער גאַנצער פּרעסע־קאָנפערענץ, ווי אַ סטאַטוע געמאַכט פון אייז.

מיט אַ מאָל האָט ערענבורג דערזען דעם מלאך זיינעם ביי דער רעכטער זייט. ער האָט אויף אַ מאָמענט אין אים פאַרגעסן, און דאָס מאָל האָט ערענבורג שוין נישט געהאַט דאָס הכנעהדיקע שמייכעלע, נאָר זיין פּנים איז פּלוצעם געוואָרן טויט־ערנסט און ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש, מיט מער כוח ווי זיין ציטערדיקע האַנט האָט פאַרמאָגט. ער האָט אויס־געשריגן די צווייטע געראַטעוועטע העלפט פון זיין ענטפער:

„אָבער איר זענט אַ ליגנערישע פּרעסע; וואָס טויגן די אַלע באַשריי־בונגען אייערע, אַז איר ליגנערט; אָבער אונדזער פּרעסע זאָגט דעם אמת!״

ערענבורג האָט שוין אַ שמייכלענדיקער ווידער אַ קוק געטאָן אויף דעם גענעראַלסקן פאַרשוין, און כאָטש יענער איז אַלץ געזעסן אַ פאַרגלי־ווערטער, האָט ערענבורג, מיט אַ זעקסטן מאָסקווער חוש, דערשפּירט, אַז ער האָט זיך אַ קאַפּיטשקע געראַטעוועט און דער כעס זיינער אויף דער ליגנערישער אַמעריקאַנער פּרעסע איז אָפּגעווישט געוואָרן פון ערענבורגס פּנים.

ערענבורג האָט זיך פאַרדינט אַ זכות ביי יידן, נישט מיט זיין קאָנ־צעסיעלע, אַז ער בלייבט אַ ייד, אַזוי לאַנג ווי ס׳לעבט אַן אַנטיסעמיט אויף דער וועלט. אָט די צוגעוואָרפענע פילאַנטראָפּיע פאַר כלל ישראל האָבן

מיר אים געמעגט צוריקוואַרפן. זיין יידישן זכות האָט ער זיך פאַרדינט מיט זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען קעגן די היטלעריסטישע אַרמייען. זיינע ווערטער זיינען געווען פלאַם־פייער און זיי האָבן בפירוש אָנגעגורט דאָס רוסישע מיליטער מיט גבורה. אין די דאָזיקע אַרטיקלען איז געווען מער ווי אַ פונק פון תנ״כישן פּאַטאָס און זיי וועלן לעבן לענגער פון זיינע ווערק. סטאַלין האָט זיי שפּעטער אָפּגעשטעלט, נאָך דעם ווי ער האָט גוט אויסגענוצט ערענבורגס יידישן טאַלאַנט.

בלייבט אַלץ די קשיה: ווי אַזוי האָט זיך ערענבורג געראַטעוועט פון סטאַלינען? ווי קומט עס, וואָס סטאַלין האָט אים נישט אָפּגעדאַנקט, ווי ער האָט געדאַנקט פּעפערן, בערגעלסאָנען, מאַרקישן — פאַר זייער קאָמוניס־טישער געטריישאַפט?

אפשר קאָן דער דאָזיקער קליינער עפּיזאָד, וואָס איך האָב איבערגע־געבן, דינען ווי אַ שליסל צום אופן, ווי ערענבורג האָט געקאָנט כאַפּן אַפילו דעם אומבאַוועג פון דעם רוסישן פּחד און זיך מיט אים ספּראַווען, איידער דער אַכזריותדיקער, טומטום־שרעק האָט זיך געספּראַוועט מיט אים.

***

איליאַ ערענבורג האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ווען מען וועט אים אַרויסלאָזן פון מאָסקווע און ער וועט קומען קיין לאָנדאָן העלפן אַרויסקריגן די אַזוי־גערופענע פרידנס־אונטערשריפטן, וועט מען זיך ביי אים נאָכפרעגן אויף די פאַרשוואונדענע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס.

ערענבורג איז קיין מאָל קיין מענטש נישט געווען, נאָר אַן אויסגע־צייכנטע שרייבמאַשין. אַפילו אין די בעסטע צייטן, ווען די רוסן האָבן אים גענוצט ווי דעם באַגייסטערער פון די אַרמייען, ווען ער איז פאַרויסגעלאָפן מיט זיינע האַסלידער קעגן די דייטשן, איז ער אויך געווען אַן אָנגעשטעלטע שרייבמאַשין, וואָס האָט געדינט, לויט זיינע בעסטע פעאיקייטן. אין זעלטענע מאָמענטן האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פּאַטאָס, וואָס האָט געהאַט אַ ביסל קרובהשאַפט מיט דעם יידישן שפוך חמתך. אָבער ערענבורג, וואָס איז געשטאַנען ביי די טויערן פון שמד, אין זיינע פאַריזער יאָרן, איז אין תוך אַלע מאָל פאַרבליבן אַ משומד. ער האָט פיינט געהאַט דאָס ביסל יידישקייט אין זיך, וואָס ער האָט פון זיך נישט געקענט אויסשפּייען.

און דאָך האָט אים זיין יידישע נאַז שטאַרק אַרויסגעהאָלפן אין סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט אַ גוט־אַנטוויקלטן חוש־הריח און ער דערשמעקט פריער פון אַ סך אַנדערע, ווען מען דאַרף זיך איבערקוליען. ער האָט אויך עטלעכע

מאָל געמאַכט טעותן און געווען אין געפאַר, אָבער אין רוסלאַנד דאַרף מען זיין סטאַלין אַליין נישט צו מאַכן קיין טעות. סטאַלינס טעות ווערט אַלע מאָל פאַררעכנט פאַר אַ געניאַלן עקספּערימענט. איז טאַקע ערענבורג עטלעכע מאָל אַריינגעפאַלן, אָבער געוויינלעך, ווען עס איז געקומען פון אויבן אַ באַפעל זיך איבערצוקוליען, איז שוין ערענבורג געלעגן אַן איבערגעקוליעטער און אין אַזאַ פּאָזע, וואָס האָט קלאָר געוויזן, אַז ער איז אַפילו גרייט צו כאַפּן קלעפּ פאַר זיינע אַמאָליקע זינד.

ווייל אין סאָוועט־רוסלאַנד דאַרף אַן אינטעלעקטואַל אַרבעטן מיטן קאָפּ, אָבער ער מוז אויך האַלטן גרייט דאָס פּאַרקערטע, ווי אַ זאַך מאַכט זיך. די דאָזיקע צוויי טיילן פון קערפּער מוזן אַרבעטן האַרמאָניש. אויב דער קאָפּ ווערט געכאַפּט ביי אַ טעות, דאַרף דער צווייטער טייל פון קערפּער זיין גלייך גרייט צו צאָלן די שטראָף.

ערענבורג איז געווען זייער געשיקט אין דער דאָזיקער טאָפּלטער „איבונג" און זיין איבערגעקוליעטקייט איז געקומען כהרף־עין.

דערפאַר האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון קענען זאָגן אַ שאַרף וואָרט אַפילו וועגן דער סאָוועטישער פּרעסע. ער האָט געקראָגן די פּריווילעגיע פון אַ קלאָון און אַ לץ. מען האָט אים נישט גענומען ערנסט.

...אין לאָנדאָן האָט איליאַ ערענבורג איין מאָל געזאָגט, אַז סאָוועטישע שרייבערס קענען אַפילו זיין אידיאָטן אויך. ער האָט געזאָגט, אַז אַ סך פון די אַטאַקעס אויף די אַזוי־גערופענע „קאָסמאָפּאָליטן" זיינען געווען אידיאָטיזם. אַזוי האָט ערענבורג דערקלערט ביי אַ פּרעסע־קאָנפערענץ און דערמיט געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז אַ פרייער מענטש און איז פריי צו זאָגן מיינונגען אַפילו וועגן זיינע אייגענע חברים. זיינע „אידיאָטישע" חברים וועלן עס מוזן אַראָפּשלינגען און בלויז וואַרטן אויף דעם מאָמענט, ווען מען וועט געבן דעם סיגנאַל, אַז ערענבורג איז שוין אויך אַרויסצוואַרפן. דעמאָלט וועלן די אַלע אידיאָטן זיך צוזאַמענקומען פון גאַנץ רוסלאַנד און זיך אָפּרעכענען מיט דעם איבער־חכם.

אָבער בעת ערענבורג האָט זיך געוואָרפן מיט פרייע מיינונגען, האָט ער אַבסאָלוט נישט געוואוסט, וואו עס זיינען אַהינגעקומען זיינע אייגענע אַמאָליקע חברים. געווען אַ צייט, ווען די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס האָבן זיך געחברט מיט אים און ער מיט זיי. ערענבורג איז אַ מאָסקווער, פּעפּער, מאַרקיש און בערגעלסאָן זיינען אויך מאָסקווער. אַזוי גיך ווי זיי זיינען פאַרפאַלן געוואָרן איז דאָך ערענבורגס חברישע פליכט געווען זיי אָפּצורופן, אָדער זיך אינפאָרמירן, וואו זיי זיינען פּלוצעם אַהינגעקומען. נאָך

אַלעמען זיינען דאָך פאַרפאַלן געוואָרן אַלע יידישע שרייבערס, די גאַנצע יידישע ליטעראַטור.

ערענבורג האָט עס אָבער גענומען פילאָסאָפיש. פאַרפאַלן געוואָרן איז פאַרפאַלן און נישטאָ זיי! האָט ער אפשר „אַדוועטייזט" אין דער סאָוועטישער פרעסע און געמאַכט אַ געשריי: יידישע שרייבערס, חברים פון דער פען, לאָזט פון זיך הערן, וואו פאַרברענגט איר אייער וואַקאַציע.

ניין, אויך דאָס האָט ער נישט געטאָן. פאַר וואָס? איז דער תירוץ, ווייל ערענבורג אַליין האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם, וואָס זיינע חברים זיינען פלוצעם פאַרפאַלן געוואָרן און ווי אַריין אין וואַסער. ער האָט זיי געמסרט. זיין אַרטיקל קעגן ציוניזם און יידישן נאַציאָנאַליזם איז געווען דער סיגנאַל, אַז די שרייבערס, וואָס שרייבן יידישע אותיות, דאַרפן גלייך ליקווידירט ווערן, ווייל זיי באַנוצן זיך מיט דעם מיסטישן יידישן אַלף־בית, וואָס איז די געהיימע פאַרבינדונג מיט מדינת־ישראל.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט צו מאָרגנס, נאָך דעם ווי זיין אַרטיקל איז דערשינען אין דער סאָוועטישער פרעסע, זיינען שוין זיינע געוועזענע חברים געשטאַנען גרייט מיט וואַרעמע אונטערוועש, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז ערענבורגס אַרטיקל פאַרשיקט זיי אין קאַלטע מקומות.

ערענבורג האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז אין לאָנדאָן וועט מען זיך אַ ביסל נאָכפרעגן אויף די פאַרשוואונדענע יידישע שרייבערס. אָבער דאָס דאָזיקע ציניש און אַכזריותדיקע שרייבמאַשינדל, וואָס האָט זיי אַליין געהאָלפן פאַרשיקן און ליקווידירן, האָט גלייך געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט.

דאָס איז אַ פיינער תירוץ. ער ווייסט נישט וואו נסתר געפינט זיך, וואו פעפער איז אַהינגעקומען, וואו מאַרקיש „באַהאַלט זיך" און וואו בערגעלסאָן "פאַרברענגט". עס איז שוין באַלד איבער אַ יאָר, אַז ער הערט נישט פון זיי, אָבער ער ווייסט נישט.

ערענבורג האָט אין לאָנדאָן צוגעגעבן, אַז אַ סך סאָוועטישע שרייבערס זיינען אידיאָטן און ער האָט געהאָפט, אַז מען וועט אים אויך האַלטן פאַר אַן אידיאָט, ווען ער וועט געבן דעם תמעוואַטן תירוץ, אַז ער ווייסט נישט. אָבער ניין, קיינער וועט ערענבורגן נישט האַלטן פאַר קיין אידיאָט, נאָר פאַר איינעם פון די געפאַלנסטע דינערס פון דעם רעזשים, וואָס האָט ליקווידירט אַ גאַנצע ליטעראַטור און אומגעבראַכט אַלע יידישע שרייבערס.

(„מאָרגען זשורנאַל", יולי 31, 1950; טאָג־מ"זש, סעפּט' 17, 1967)

# אַרן ווערגעליס

ווען די סטאַלין־האַק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ פון די צענדליקער יידישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז אַ רעשטל פון זיי געלונגען זיך צו ראַטעווען. די געראַטעוועטע טיילן זיך אָבער אין קאַטע־גאָריעס. טייל געראַטעוועטע האָבן זיך אַ לענגערע צייט געוואַלגערט אין די טורמעס און לאַגערן און זיינען אַרויס פון דאָרט מיט אָפּגעהאַקטע לונגען און באַשעדיקטע הערצער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויף אַ האָר.

אַזאַ געראַטעוועטער איז געווען משה בראָדערזאָן, וואָס האָט אָפּגעראַ־טעוועט צוויי יאָר לעבן, זיך דערשלעפּט קיין פּוילן און דאָרט, ווען ער האָט געוואָלט אַ ביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם, האָט ער דעם אָטעם פּלוצעם אויסגעהויכט. אָט אַזאַ געראַטעוועטער איז ער געווען, וואָס איז געלאָפן מיט זיין אונטערגעגראָבענעם לעבן, נישט ווויסנדיק, אַז ער איז אַ באַפריי־טער האַלב־טויטער און אים יאָגט נאָך דער טויט.

אַ צווייטער אַזאַ געראַטעוועטער, וואָס איז אַרויס פון סאָוועטישע טורמעס אַ שברי־כלי, איז געווען דער גאָר פיינער פּאָעט שמעון האַלקין. ער איז געווען, לויטן עדות־זאָגן פון יידישע שרייבערס, פּליטים פון סאָוועט־רוסלאַנד, אַן איידעלער און טיף־יידישער מענטש. ער איז אַ סך מאָל געווען אויף צרות ביי דער מאַכט, ווייל ער האָט נישט תמיד געטראָפן ווי און וואוהין דער ווינט בלאָזט. גראָד ווען מען האָט אָנגעהויבן רודפן פּאָעטן פאַר שרייבן לירישע און אינדיווידועלע לידער, איז שמעון האַלקין אַרויס־געקומען מיט אַ באַנד זייער שיינע און צאַרטע לידער.

אָט דער בעסערער ביישפּיל פון דער סאָוועטיש־יידישער פּאָעזיע איז אויך געווען צווישן די כלומרשט געראַטעוועטע, וואָס איז אַרויס פון פאַר־שיקונג מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אין אַלע טייטשן פון דעם וואָרט — גייסטיק און פיזיש, און מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ער געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע.

אַ צאָל אַזעלכע געראַטעוועטע דרייען זיך איצטער אַרום אין סאָוועט־רוסלאַנד און זיי זיינען נישט ווייניקער קרבנות פון דער ליקווידאַציע פון די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס ווי די, וואָס זיינען פיזיש ליקווידירט געוואָרן אין 1952. זיי זיינען, אייגנטלעך, אויך ליקווידירט געוואָרן, אָבער זיי האָבן געקראָגן עטלעכע צעבראָכענע געשענקטע יאָרן; ס'איז אַזעלכע האַלב־טויטע, האַלב־לעבעדיקע יידישע שרייבערס נישטאָ וואָס מקנא צו זיין מיט זייערע אונטערגעגראָבענע לעבנס. מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן

זייערע פיזישע ליידן, אָבער נאָך גרעסער זיינען זייערע גייסטיקע יסורים. זיי זיינען אַלע געווען געטרייע קאָמוניסטן, וואָס האָבן נאָך אפשר צו געטריי געדינט דעם רעזשים. אַ טייל פון זיי, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו אַנטווישן, האָט כאָטש געגלייבט אין כוח פון יידישן וואָרט, אַז ס׳וועט זיך דערשלאָגן אַ וועג אויך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער סטאַלין־רעזשים האָט זיי בלוטיק אָפּגענאַרט, און ווען זיי זיינען אַרויס פון זייערע לעבעדיקע קברים, האָבן זיי אויסגעפונען, אַז דער רעזשים, וואָס האָט קריטיקירט סטאַלינען פאַר אַ סך ווילדע מעשים, האָט אָפּיציעל פאַרשוויגן דאָס הימל־שרייענדיקע פאַרברעכן קעגן די יידישע שרייבערס, און דערצו נאָך באַ־שלאָסן צו פּראָפּיטירן פון דעם סטאַלין־בעריאַ פּאָגראָם און איבערלאָזן דעם ענין ווי סטאַלין האָט אים געלאָזט — אַ יידישע באַפעלקערונג, וואָס איז באַרויבט פון אַלע יידישע אויסדרוק־מיטלען: געזעלשאַפטלעך, קולטור־רעל, ליטעראַריש.

...די לעבן־געבליבענע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס האָבן גלייך גע־קראָגן מער ווי אַ וואונק, אַז זיי זאָלן זיך אויף אייביק געזעגענען מיט זייערע אָריגינאַלן, וואָס דאַרפן שלאָפן אין די שופלאָדן אַן אייביקן שלאָף און אַז העכסטנס קאָנען זיי אויסבעטן די זכיה איבערגעזעצט צו ווערן אויף רוסיש אָדער אוקראַאיניש.

סטאַלין איז טאַקע געווען אַן אַכזר, אָבער פאַר דער אַכזריות צום יידישן שרייבער און צום יידישן וואָרט איז דער כרושטשאָוו־רעזשים אים דאַנקבאַר. פּטור אַן עסק, אַראָפּ פון מאַרק, אויס מיטן יידישן וואָרט!

דאָס איז די לאַגע פון סאָוועטיש־יידישן וואָרט ביים היינטיקן טאָג, מיט קליינע אויסנאָמען פון עטלעכע יידישע ביכער, וואָס דערשיינען מייסטנס פאַרן עקספּאָרט, ווי אַ קולטור־פייגנבלעטל...

אין שייכות מיט די גראַטעוועטע מעג, פונדעסטוועגן, געזאָגט ווערן, אַז פון דער מאַסן־ליקווידאַציע פון די סאָוועטישע שרייבערס האָבן זיך אויך גראַטעוועט עטלעכע, וואָס זייער דראַמאַטישע גראַטעוועטקייט איז אונטער אַ פינצטערן פרעגצייכן. איינער פון אַזעלכע איז דער פּאָעט אהרן ווערגעליס. אָט דער ווערגעליס האָט זיך ערב דער ליקווידאַציע אויך נישט געפונען אונטער אַ קלאָר ליכט פון אַלגעמיינעם יידישן צוטרוי, מילד גע־רעדט. נאָך דער באַפרייאונג שטייט ער אַוודאי אונטער אַ סך בולטע חשדים.

ווערגעליס געהערט צו די געזונטע געראַטעוועטע און מען מעג אים דאָס ביסל געזונט פאַרגינען, אָבער זיינע געזונטע פאַרטיידיקונגען פון דעם רעזשים, אַפילו די ליקווידאַציע פון יידישן וואָרט, זיין אַרויסשפּרינגען

און שרייען הוראַ, זיין אייפער און ענטוזיאַזם, בעת ער אַפּלאָדירט אַלץ, וואָס ווערט איצט געטאָן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — רופן אַרויס גאָר־גאָר שווערע פאַרדאַכטן. ס׳האַנדלט זיך, נאָך אַלעמען, אין סטיל און אין זיין דער קופּץ בראש. מיט אַלע פאַרגעבונגען צו יענע סאָוועטיש־יידישע שרייבערס, וואָס מוזן פון צייט צו צייט לייקענען דערקלערונגען פון טוריסטן, זידלען, לויבן דאָס, וואָס טאָר בשום־אופן נישט געלויבט ווערן — מוז מען אָבער האָבן אַ באַזונדערן צוגאַנג צו דעם דאָזיקן פּאָעט אהרן ווערגעליס. ווען ער רייסט זיך אַזוי צו שרייבן דעם „אמת" וועגן דעם לעבן פון די יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, פרעגט זיך אַן אומהיימלעכע פראַגע, פאַר וואָס רייסט ער זיך טאַקע אַזוי מער ווי אַלע אַנדערע און ווער שטופּט אים, ווער צווינגט אים אַזוי שטאַרק צו פאַרטיידיקן אַפילו די גזירה קעגן יידיש? נאָך מער: וואָס פאַר אַ פּאָזיציע פאַרנעמט ער איצטער און האָט פאַרנומען ערב דער ליקווידאַציע, אַז ער ווערט אַרויסגעשטעלט ווי דער הויפּט מליץ־יושר פאַר די רעפּרעסיעס קעגן יידישן וואָרט?

ווי אַזוי רעדט ווערגעליס וועגן דעם פאַקט, וואָס מען קאָן שוין מער נישט חלומען צו פאַרעפנטלעכן לעבעדיקע ווערק פון לעבעדיקע יידישע שרייבערס אויף יידיש, אַחוץ אין איבערזעצונגען? ציניש און פאַררעטעריש דערציילט ער אונדז, אַז „דער האַריזאָנט פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור ענדיקט זיך אַצינד ניט ביי דער שטעטלדיקער באָד. אומענדלעך ווייט ציט ער זיך איבער די רחבותן פונעם גאַנצן סאָציאַליסטישן היימלאַנד. אַ נייער ייד — אַ נייע יידישע ליטעראַטור, און ווען עס דערוויסט זיך וועגן דעם דער פילמיליאָניקער, פילנאַציאָנאַלער לייענער אויף רוסיש, ווען ער לייענט אין איבערזעצונגען אונדזערע ביכער, הייסט עס, אַז די ליטעראַרישע האָריזאָנטן אונדזערע ווערן נאָך ברייטער, נאָך רחבותדיקער".

ס׳פעלן פשוט ווערטער צו פאַרדאַמען די דאָזיקע ביליקע אַדוואָקאַטור פון אַ ספּעציעלן טיפּ פאַרדעכטיק־גערעכטיק־געראַטעוועטן יידישן שרייבער, וואָס קאָן זיך פאַרגינען אַזוי צו פאַרענטפערן די ליקווידאַציע פון יידישן וואָרט, צעזינגענדיק זיך וועגן דער איצטיקער רחבות פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, וואָס איר גאַנצע רחבות באַשטייט אין דער רחבות פון אַ גרויסן בית־עולם — „איבערן גאַנצן סאָציאַליסטישן היימלאַנד". ווי שעמט ער זיך נישט פאַר אייגענע יידישע חברים־שרייבערס, וואָס דרייען זיך אַרום דערשלאָגענע, ווייל מען האָט זיי צוגענומען זייער אַלף־בית, זייער לשון, זייער נשמה, זייער פאַרבינדונג מיטן יידישן לעבן און יידישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט געהאַט אַ ביסל מער קדושה ווי די שטעטלשע

באַד? צו רעדן איצטער וועגן דער רחבות פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור, דאַרף מען ערשט אָפּשטאַמען פון דער באַד, כדי אַרויסצו־שפּרינגען ווי אַן אמתער באַדיונג און פאַרשעמען דעם צעבראָכענעם און געראַטעוועטן יידישן שרייבער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט אַזעלכע אומ־פאַרשעמטע פאַרטיידיקונגען.

**
*

כ׳האָב אַ מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס מיט דעם רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד", אהרן ווערגעליס, בעת זיין באַזוך אין ניו־יאָרק. מיר האָבן גערעדט וועגן פאַרשיידענע יידישע פּראָבלעמען אין סאָוועט־רוסלאַנד און מיטן טראַפּ, פאַרשטייט זיך, אויף דעם זשורנאַל, וואָס האָט ערשט געהאַט געשטעלט די ערשטע טריט ווי אַ דריי־חדשימדיקע אויסגאַבע. שפּעטער איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חודש־זשורנאַל.

דער „מיר" האָבן גערעדט איז נישט קיין עדיטאָריעלער, ווייל געווען זיינען מיר דריי — איינער פון די שמועסערס איז שוין, זינט יענעם שמועס, אַוועק אַהין, וואו די דאָזיקע פּראָבלעמען זיינען מסתמא פון קנאַפּן אינטערעס — נחמן מייזעל. די אַנדערע צוויי זיינען געווען: איך און קאָלעגע ב. צ. גאָלדבערג. ס׳איז נישט געווען קיין פאַרעוועטער שמועס, ווייל מיר האָבן גערעדט קלאָרע און שאַרפע דיבורים. ווערגעליס האָט געהאַלטן אַ נאַטיק־ביכעלע און פאַרשריבן די פראַגעס און מאַנונגען צום רעדאַקטאָר פון אַ סאָוועטיש־יידישן זשורנאַל, וואָס האָט געמוזט פאַרן ערשטן נומער זוכן און נישטערן יידישע אותיות אין רוסלאַנד, נאָך דעם ווי דער יידישער אות איז געווען פאַרשניטן און פאַרבאָטן שיינע עטלעכע יאָר, מיט דער אויסראָטונג פון עטלעכע און צוואַנציק יידישע שרייבערס.

קיינער פון אונדז האָט זיך נישט צוריקגעהאַלטן צו פרעגן קשיות און אויסצודריקן די שטעלונג פון פרייע יידישע שרייבערס אין אַ פריי לאַנד. ס׳איז געווען אַ צוזאַמענטרעף מיט אַן אויסטויש פון שאַרפע מיינונגען און, ווי געזאָגט, פון אונדזער צד, מיט שאַרפע מאָנונגען פון יעדן איינעם באַזונדער.

איך האָב דער עיקר געוואָלט וויסן, מיט וואָס איז „סאָוועטיש היימ־לאַנד", וואָס איך האָב בשעתו וואַרעם באַגריסט און וואָס כ׳האָב אויף דעם קיין חרטה נישט — אַ יידישער זשורנאַל, אַן אַ באַציאונג צו וויכטיקע יידישע פּראָבלעמען, דער עיקר צו דער אונטערגעשטופּטער אַסימילאַציע, וואָס פרעסט זיך איין און פרעסט־אויף דאָס יידישע לעבן אין סאָוועט־

רוסלאַנד. איך האָב ווערגעליסן אָנגעוויזן, אַז מיר דאָ, אין אַמעריקע, שטייען אויך פּנים אל פּנים מיט דער פּראָבלעם פון אַסימילאַציע, אָבער די יידישע פּרעסע, די צייטונג און דער יידישער זשורנאַל האַלטן אין איין קעמפן קעגן דעם. מען גיט דעם דאָזיקן קאַמף קיין מאָל נישט אויף. „סאָוועטיש היימלאַנד" איז זיך גאַנץ גאַנץ קיל און רואיק וועגן דעם, רעדט נישט קיין וואָרט, שטראָפט נישט, מוסרט נישט און לאָזט עס איבער צום נאַטירלעכן פּראָצעס, וואָס אין סאָוועט־רוסלאַנד איז ער, ווי מיר ווייסן וואויל, ווייט פון נאַטירלעך. מיינט עס נישט, האָב איך געפרעגט ווערגעליסן, אַז דער זשורנאַל ליקווידירט זיך אַליין ביסלעכוויִיז און גייט פּאַסיוו אַנטקעגן אונטערגאַנג און איר, חבר ווערגעליס, זענט פּאַקטיש אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער הויפּט־ליקווידאַטאָר ?

— שרייבט עס אָן און פאָרמולירט וואָס איז אייער באַגריף פון אַ יידישן זשורנאַל — האָט ווערגעליס געזאָגט — און מיר וועלן עס פאַר־עפנטלעכן.

איך האָב דעם רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" נישט געוואָלט שטעלן צו אַזאַ ניסיון.

***

דער חודש־זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַ שויפענצטער פון כשר און טריף צוזאַמען. פאַראַן דאָרט אַ צאָל שרייבערס, וואָס זיינען נאָך אַלץ יידישע שרייבערס, אין פולן זין פון ביידע ווערטער. מען דאַרף תמיד געדענקען, אַז אַ יידישער שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד איז נישט ביי זיך אין די הענט. ווען ער זאָל אַפילו זיך אָפּזאָגן צו פאַרעפנטלעכן זיינע זאַכן אין דעם איינציקן זשורנאַל מיט יידישע אותיות, וועט מען אים, ווי אַ פּראָפעסיאָנעלן שרייבער, נעמען אויפן צימבל און אים פרעגן, הלמאי ער לאָזט נישט פון זיך הערן. מען וועט אין דעם גלייך אַריינטייטשן אומצופרידנקייט מיט דער „ליניע", וואָס ווערט אַזוי אייזן־שטאַרק, און מיט דעם שאַרפסטן חוש־הריח, אין דער ריכטונג פון „קרעמל", באַוואַכט פון רעדאַקטאָר ווערגעליס.

אַ שרייבער אין סאָוועט־רוסלאַנד בכלל און בפרט אַ יידישער שרייבער, וואָס געדענקט נאָך דעם אומברענג פון די בעסטע יידישע שעפערישע כוחות, מוז אויך ליידן און שווייגן, ווען מען מעקט אויס וואָס ער וויל

זאָגן און מען שרייבט אַריין וואָס ער וואָלט קיין מאָל נישט געזאָגט. ערשט לעצטנס איז עס געשען מיט איציק קיפּניסעס אַ זאַמלונג דערציילונגען, וואָס ווערגעליס האָט „רעדאַקטירט", און דאָס האָט געמיינט — געלאָזט זיך וואוילגיין, שניידנדיק פּאַסן פון קיפּניסעס יידישע קלאָגרייד אויפן חורבן פון אוקראַאינער יידן. ווערגעליס האָט מיט זיינע רעזשים־געטרייע נאָזלעכער געשפּירט, אַז דער יידישער קרעכץ מאַכט דעם רעזשים נערוועז און מען טאָר אים נישט צערייצן.

אין אָנהייב, ווען „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן דערשיינען, האָט דער יידישער זשורנאַל פּאַרקויפט מער כשרע פּראָדוקטן ווי טרייפענע. עס איז דעמאָלט אויך געווען גרינגער זיך פונאַנדערצוקלייבן וואָסערע גייסטיקע שפּייז עס איז נאָך נישט פאַראומרייניקט געוואָרן מיט דער שווערער האַנט פון משגיח על הטרפות, ר' אַרעלע ווערגעליס.

אין איצטיקן פּאָליטישן קלימאַט, ווען סאָוועט־רוסלאַנד פירט אַן אַכזריותדיקן פּראָ־אַראַבישן קאַמף קעגן דער יידישער מדינה און קעגן צענדליקער טויזנטער סאָוועטישע יידן, וואָס ווילן עולה זיין קיין ישראל, איז „סאָוועטיש היימלאַנד" מיט זיינע פאַרגוואַלטיקטע יידישע אותיות הונדערט פּראָצענט אין דינסט פון דער רעגירונג. ווערגעליס האָט מיר דערציילט, ווי שווער עס איז אָנגעקומען אויסצוזוכן און צוזאַמענקלייבן די יידישע אותיות, וואָס זיינען ליקווידירט געוואָרן צוזאַמען מיט די שעפערס פון יידישן וואָרט. מען האָט על־פּי נס געפונען פאַרוואָרפענע רעשטלעך דאָ און דאָרט, ביז מען האָט כמעט צוריקגעשטעלט אַ יידישן אַלף־בית אין בליי. אַ סך אותיות האָט מען געמוזט צייכענען און פורעמען מיט די הענט, ווייל זיי האָבן געפעלט צום קאָמפּלעט. איצטער האָט מען איבער די דאָזיקע מיט־גרויס־מי־צוריקגעפונענע אותיות געמאַכט די אמתע אינקוויזיציע און מען צווינגט זיי צו רעדן — מיט ווערגעליסעס קול...

**

ווערגעליס איז דערצויגן געוואָרן אין ביראָ־בידזשאַן, וואו ער האָט באַקומען זיין אויסשולונג. ער איז געבראַכט געוואָרן אין אַמאָליקן אַזוי־גערופענעם יידישן ראַיאָן, ווען ער איז נאָך געווען אַ צען־יאָריק בחורל. די אויסשולונג איז נישט נאָר באַשטאַנען אין לייענען, שרייבן און רעכענען, נאָר ער האָט פרי איינגעזאַפּט אַלץ, וואָס אַ יונג קאָמוניסטיש בחורל דאַרף קענען. קיין ביראָ־בידזשאַן האָבן אים טאַטע־מאַמע געבראַכט מיט 42 יאָר צוריק, ווען מען האָט נאָך געשמועסט, אַז פון ביראָ־בידזשאַן וועט ווערן אַ יידישע רעפּובליק און אַהין וועלן שטראָמען יידן פון גאַנץ רוסלאַנד.

...ווערגעליס האָט געמאַכט אַ גרעסערע קאַריערע ווי זיין בירא־בידזשאַן. ער האָט געקלעטערט און דערקלעטערט צו אַ באַגלייבטן און פּאַרטרויווערטיקן פּאַרטיי־חבר, אָבער אויף אים איז אפשר פונקט אַזאַ רחמנות, ווי אויף דער נישט געוואָרענער יידישער רעפּובליק. ער האָט אין פולער איבערגעגעבענער און אויסגעפּרוווטער דינסט פאַרלוירן דעם צורת־אָדם און אַוודאי דעם צורת־ייד. איך האָב אַ מאָל עפּנטלעך אויסגעדריקט מיין איבעררעאַשונג, וואָס דווקא ער איז אויסגעקליבן געוואָרן צו דינען ווי דער אויפזעענדיקער רעדאַקטאָר איבער אַ צאָל טאַלאַנטפולע און אַ טייל גאָר פאַרדינסטפולע פון סטאַלינס מערדערלעכן צאָרן געראַטע־וועטע יידישע שרייבערס, אָבער דאָרט וואו זיין קאַנדידאַטור איז באַשטימט און באַשטעטיקט געוואָרן ווייסט מען בעסער. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אויף זיין בייז אויג קען מען זיך גרינגלעך פאַרלאָזן.

אין פלוג איז זיך נישטאָ וואָס צו וואונדערן אויף אים. ער איז אַ שרייבער מיט אַטראָפירטע מענטשלעכע און יידישע חושים. זיין דערציאונג איז געווען אַזאַ, אַז מען האָט אין אים אָפּגעטעמפּט דעם חילוק צווישן אמת און ליגן, מען האָט אים געלערנט און געוויזן ווי „ערלעך" צו ליגנערן. אין דעם ליגט דער שליסל צו די דאָזיקע פול־אויסגעשולטע פּראָדוקטן פון אַ רעזשים, וואָס ווייסט ווי אויסצולעשן אין זיינע געטרייע דינערס דאָס פּיטעלע מענטש. מען מעג און מען דאַרף פאַרשטיין, אַז אַ ווערגעליס טוט בפירוש ערלעך זיין אַרבעט, ווייל ער פאַרשטייט שוין מער נישט דעם אונטערשייד צווישן אמת און ליגן... [ער] און זיינס גלייכן זיינען פריער פון אַלץ קאָמוניסטן און נאָך דעם קאָמוניסטן און ווידער אַ מאָל קאָמוניסטן, און ערשט אויפן צענטן טרעפּל פון זייער באַוואוסטזיין — זיינען זיי דערשראָקענע יידן אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיי ווייסן, וואָס דער רעזשים דערוואַרט און פאָדערט פון זיי. זיי דינען, זיי טוען זייער פליכט מיט אַ זעלטענער געטריישאַפט. ווען מיר פאָדערן פון זיי געטריי־שאַפט צום יידישן פאָלק, מאַכן מיר זיך נאַריש, ווייל דאָס איז דאָך אַקוראַט, וואָס זיי פאַרטונקלען אין זיך, ווייל זיי זיינען דערצויגן געוואָרן צו פאַר־לעשן אין זיך יעדער יידיש געפיל, ווען דער רעזשים שטעלט זיי צו פּראָבע און פאָדערט עס פון זיי.

***

ווען „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין מאָסקווע, האָב איך דעמאָלט אָנגעוויזן, אַז די באַשטימונג פון אהרן ווערגעליס ווי דעם רעדאַקטאָר פון דער שריפט וואַרפט אַ היפשן פאַרדאַכט אויף דעם אויפלעב

פון יידישע אותיות אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָך דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור צוזאַמען מיט אירע שעפערס און וויכטיקסטע טוערס. איך האָב געפרעגט אין אַ לייט־אַרטיקל אין דער „צוקונפט״: צי האָט די מאָסקווער רעגירונג נישט געקאָנט געפינען קיין שענערע פערזענלעכקייט פאַר דעם רעדאַקטאָר פון דעם איינציקן יידישן זשורנאַל אין רוסלאַנד, אַ מענטשן, אַרום וועמען עס זאָלן זיך ניט טראָגן אַזוי פיל חשדים, ווי אַרום ווערגעליסן?

דער פאַקט, וואָס מען האָט דווקא אויסגעקליבן ווערגעליסן, דעם אומ־באַליבטסטן און אומסימפּאַטישסטן פון אַלע לעבן־געבליבענע יידישע שרייבערס, איז גלייך געוואָרן די פליג אין דעם ביסל זויערמילך, וואָס די מאָסקווער רעגירונג האָט באַשלאָסן צו שענקען איר יידישער באַפעלקערונג, ווי די גאַנצע פאַרגיטיקונג פאַר דער אויסגעהרגעטער יידישער קולטור. מיט ווערגעליסן ווי רעדאַקטאָר האָט מאָסקווע באַשלאָסן, אַז זי איז קוויט מיט יידן: מען האָט אייך ליקווידירט די יידישע קולטור, נאָט אייך אַ זשורנאַל און שעפּט נחת פון זיין רעדאַקטאָר, אהרן ווערגעליס.

נו, אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט מען גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ נחת ר׳ אַרעלע וועט צושטעלן. די לעבן־געבליבענע יידישע שרייבערס האָבן אים גוט געקענט „פון צו הויזע״. מען האָט געוואוסט אויך וואָס ער איז פעאיק און מען האָט באַטראַכט זיין רעדאַקטאָרסטווע ווי אַ גזירה פון די הויכע פענצטערס, וואָס אויף זיי טאָר מען קיין קשיות נישט פרעגן.

ווי עס האָבן דערציילט יידישע שרייבערס, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט קיין מדינת־ישראל, איז „סאָוועטיש היימלאַנד״ און דער גאַנצער געדאַנק פון אַ שטיקל פאַרגיטיקונג פאַר דער פאַרניכטונג פון דער יידישער קולטור געגאַנגען שווער צו קינד. מען האָט געשמועסט, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער שריפט דאַרף זיין דער סאָוועטישער יידישער דיכטער שמואל האַלקין, וואָס איז אַרויס אַ צעבראָכענער פון סטאַלינס קעסט אין אַ שקלאַפן־לאַגער און וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַ גרעסערע מאָס צוטרוי ווי אהרן ווערגעליס. האַלקינען איז באַשערט געווען צו לעבן און מוטשען זיך אַ קראַנקער עטלעכע יאָר און דורך דער צייט האָט די מאָסקווער רעגירונג גאַנץ גוט געוואוסט וועגן דעם צוטרוי, וואָס דאָס רעשטל יידישע שרייבערס האָט צו האַלקינען, אָבער דערפאַר טאָקע איז זיין קאַנדידאַטור נישט אָנגענומען געוואָרן. ווייל די מאָסקווער רעגירונג האָט נישט אַזוי געזוכט אַ רעדאַקטאָר, ווי אַ — קאָמיסאַר. ווען האַלקין איז געשטאָרבן, ווי אַ רעזולטאַט פון זיין

שקלאַפֿן־אַרבעט, איז גלייך אהרן ווערגעליס אַלערהעכסט באַשטימט געוואָרן צום אַמט פֿון משגיח איבער דעם יידישן זשורנאַל...

עס איז דערפֿאַר אַ קנאַפּע איבערראַשונג, וואָס ווערגעליס שפּילט לעצטנס ערשטע פֿידל, ווי דער הויפּט־פּאַרטיידיקער פֿון סאָוועטישער רישעות קעגן יידן. ער איז איצטער דער הויף־ייד, ער האָט אַן אַנגעזעענע שטעלע. זיין רעדאַקטאָרסטווע פֿון אַ יידישן זשורנאַל איז בלויז דאָס ביסל פּרעסטיזש, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט האָבן, כדי צו פֿאַרשפּרייטן סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע. מען נוצט דעם דאָזיקן הויף־ייד לעצטנס זייער שטאַרק. ער פֿליט אַרום אַרום און ער וואַקסט אויס אומעטום וואו מאָסקווע דאַרף אים האָבן פֿאַר דעם הויפּטליגנער, וואָס מוז ווערן דער אַפּלייקענער פֿון פֿאַקטן; פֿון דעם שרעקלעכן מצב, אין וועלכן סאָוועטישע יידן געפֿינען זיך איצטער; פֿון דער פּאַסטקע, אין וועלכער זיי צאַפּלען זיך; פֿון דעם פּחד, וואָס מען וואַרפֿט אויף זיי אַן מיט די באַרבאַרישע סטאַליניסטישע פּראָצעסן.

מען שטיקט זיי און מיט גיט זיי נישט קיין געלעגנהייט זיך צו באַ־פֿרייען. מען באַרויבט זיי פֿון אַלע נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס — רעליגיעזע, קולטורעלע און פּשוט־מענטשלעכע — די פּריווילעגיע צו זוכן זייער היים אין מדינת־ישראל, וואו זיי זאָלן צוריק אויפֿהייבן דעם קאָפּ ווי שטאָלצע און באַרעכטיקטע יידן.

דאָס אַלץ ווייסט אהרן ווערגעליס בעסער ווי מיר אַלע. ער איז אויפֿן אָרט און ער קען גוט די לאַגע. אָבער גראָד איצטער, אין דער גרעסטער צרה פֿאַר יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, טרעט ער אַרויס ווי דער סאָוועטישער פּראָקוראָר קעגן אייגענע ברידער. גראָד איצטער איז דער סאָוועטיש־יידישער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער נאָך מער אַקטיוו ווי אַלע מאָל. ער צעשיקט זיינע גיפֿטיקע פֿיילן אומעטום. ער דינט, אוי, ווי ער דינט, ער איז אַקטיוו אויף אַלע פֿראָנטן.

...מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט דער מאָסקווער פֿאַרטרעטער ביי דער יו־ען געהאַט אַן אַרטיקל אין דער „ניו יאָרק טיימס״ און געלייקנט די „ציוניסטישע בילבולים אויף סאָוועט־רוסלאַנד״. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער הויף־ייד ווערגעליס זוכה געווען, אַז אויך זיין שטיק טרייפֿענע פּראָפּאַגאַנדע זאָל דערשיינען אין דער „טיימס״. מילא, אויב ווערגעליסן איז ליב צו שפּילן אַזאַ ראָלע אין, ווי געזאָגט, דעם טרויעריקסטן קאַפּיטל פֿון יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז עס זיין אויסוואַל. אין זיין אויסגוס אין דער „טיימס״ רעדט ער נישט ווי אַ פּולער ייד, נאָר ווי אַ

שרייבער פון ייִדישן אָפּשטאַם. דאָס איז נישט גלאַט אַזוי אַרויסגעכאַפּט זיך, נאָר אהרן וווערגעליס איז זיכער, אַז דורכפירנדיק זיין ראָלע קאָן ער מער נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ ייִד, נאָר ער איז שוין אַוועק אויף די רעלסן פון אַן אָפּשטאַמיקן ייִד, אַ באַצייכענונג פאַר אַזעלכע לייט, וואָס זיינען שוין לאַנג אָפּגעריסן פון ייִדישן שטאַם, ווי — משומדים, גויעשקע קינדער אָדער אייניקלעך פון ייִדן. יעווטושענקאָ האָט געפּאַסט אין זיין פּאָעמע „באַבי־יאַר" אויסצושרייען — יאַ יעוורעי! איך בין אַ ייִד, אָבער וווערגעליס זאָגט אויף זיך, אַז ער שטאַמט בלויז פון ייִדן.

אָט דער אַרויסכאַפּ איז, ווי מען זאָגט אויף אינטעליגענטישן לשון, אַ פּרווידיאַנישער. עס האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן עפּעס אַזוינס, וואָס מען קאָן, אַפילו אין זיין איצטיקער לאַגע, מלמד זיין אַ שטיקל זכות אויף אים.

ער האָט פּשוט געוואָלט געבן צו דערקלערן, אַז ער רעדט מער נישט ווי אַ ייִד; אַז זיין געצוואונגענע ראָלע, די בלאָטע וואָס אין איר וואַלגערט ער זיך, שליסט אים אויס פון ייִדישן כלל און מען דאַרף אים נישט גלייבן. ער לייקנט דערפאַר אַלץ, וואָס לאָזט זיך מער נישט לייקענען... פון צווישן די שורות פון זיין סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע הערט מען דורך די אַלע ליגנס זיינע ווי ער בעט זיך ממש:

גלייבט מיך נישט, איך בין דאָך געבעך אַ ליגנער און אַ פאַררעטער!

(טאָג־מ"זש, מיי 26, 1968; יולי 12, 1970; אַפּריל 4, 1971; מיי 23, 1971)

# צוויי מיינונגען וועגן פּרץ מאַרקיש

פּרץ מאַרקיש, דער לייב פון דער סאָוועטישער יידישער פּאָעזיע, איז אומגעבראַכט געוואָרן דעם 12טן אויגוסט, 1952. ...ער איז אין גאַנצן אַלט געווען 57 יאָר, ווען מ׳האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן.

...מאַרקישעס קול האָט געשאַלט אין דער סאָוועטישער יידישער פּאָעזיע. ער איז געווען נישט נאָר דער טאַלאַנטירטסטער פּאָעט, נאָר אויך דער פּרודוקטיווסטער. דער חסרון זיינער איז געווען זיין שטאַרקע, אומגעצאַמטע אַראַטאָרישקייט, וואָס האָט אַ מאָל פאַרקלונגען זיין טאַלאַנט, אָבער הינטער דער ברייטער באַרעדעוודיקייט איז געשטאַנען אַ שאַרפע פּערזענלעכקייט, מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס האָט דורכגעזונגען די פּאָליטישע זיגזאַגן פון דעם סאַדיסטישן סטאַלין־רעזשים.

...ס׳ווערט דערציילט, אַז מאַרקיש האָט ביי זיין פּראָצעס, אויסהערנדיק די אַלע וויסטע שקרים און בילבולים, געהאַלטן אַ מוטיקע רעדע און צוריקגעשליידערט אַלע ליגנס. ער האָט זיך אין זיין שעה פון ביטערער אַנטוישונג בוכשטעבלעך געקלאַפּט דעם קאָפּ אָן וואַנט.

אַ סאָוועטיש־יידישער קריטיקער האָט מיט אַ צייט צוריק, שרייבנדיק וועגן מאַרקישן, „פאַרגעסן״ צו דערמאָנען, אַז ער איז אומגעבראַכט געוואָרן. פאַרקערט, ער האָט מאַרקישן אַרויסבאַגלייט פון לעבן מיט געזאַנג און נישט איבערגעלאָזט דעם מינדסטן טעות, אַז מאַרקיש איז געשטאָרבן געזעגנט מיט גליק און יאָרן און ער איז פּשוט אַוועק פון לעבן טאַנצנדיק און זינגענדיק. דאָס איז מייסטנס די אָנגענומענע סטראַטעגיק. מען וויל דאָרט נישט צוגעבן די מאָסן־הריגה אויף די יידישע שרייבערס. די רעגירונג האָט עס קיין מאָל נישט צוגעגעבן און די לעבן־געבליבענע יידישע שרייבערס טוען עס אויך נישט. זיי שטאַמלען אונטער מיט אַ האַלב מויל. זיי געפינען מליצהדיקע אויסדרוקן פאַר דעם „טראַגישן גורל״ און ווען מען קאָן, מאַכט מען זיך אין גאַנצן נישט וויסנדיק. אַ שרעק ווי מען שרעקט זיך דאָרט פאַר דעם שרעק, פאַראַפּראַזירנדיק רוזוועלטס באַרימטן זאַג.

איצט, פערצן יאָר נאָך זיין טויט, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינס אַ ראָמאַן, „טראָט פון דורות״, וואָס מאַרקיש האָט אָנגעשריבן אין משך פון די יאָרן 1947 און 1948. דער ראָמאַן פון 680 זייטן איז דערשינען מיט אַ הקדמה פון זיין אַלמנה און זיינע צוויי זין, וואָס דערקלערן, אַז מאַרקיש אַליין האָט נישט באַוויזן צו רעדאַקטירן און פאַרריכטן זיין מאַנוסקריפּט. ער האָט אים אַפילו נישט איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל, ווייל קורץ נאָכן

פֿאַרענדיקן דעם ראָמאַן איז ער אַרעסטירט געוואָרן און געפּייניקט געוואָרן עטלעכע יאָר, איידער מ׳האָט אים געשענקט דעם טויט.

די האַנדלונג פֿון דעם ראָמאַן קומט פֿאָר אין די יאָרן פֿון דעם נאַצי־אָנפֿאַל אויף פּוילן, ווען מאַלאַטאָוו און ריבענטראָפּ האָבן זיך זייער נאָענט געהוברט. די אַקציע ציט זיך ביז דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד.

אַ גרינטלעכע און, ווי מיר דאַכט זיך, אויך אַ גערעכטע אָפּהאַנדלונג וועגן פּרץ מאַרקישעס לעצטן ווערק איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דעצעמבער־נומער פֿון חודש־זשורנאַל די „צוקונפֿט״. דער שרייבער פֿון דער אָפּהאַנדלונג איבער דעם ווערק איז יהושע ראָטענבערג. ...אין זיין צוגאַנג צו מאַרקישעס ווערק ווייזט ראָטענבערג אַרויס אַ סך אַחריות, וויסן און באַלאַנס. ער קומט נישט אָפּ מיט גלאַט מבינות־זאָגעריי, נאָר ער אַנאַליזירט דאָס ווערק און ער ברענגט אַרויס אַלע מעלות און חסרונות פֿון דעם פּרי־פֿאַרשניטענעם סאָוועטישן יידישן פּאָעט. ער ווייזט אָן אויף דעם פּרייז, וואָס אַפֿילו אַזאַ וואַרעמער ייד ווי מאַרקיש איז געוועזן האָט געמוזט צאָלן, ווען ער האָט געשריבן אַ יידיש ווערק אונטער דער פֿינצטערער און מערדערישער וואַכזאַמקייט פֿון סטאַלינס קרעמל.

...די היסטאָרישע זייט פֿון ראָמאַן, דערקלערט יהושע ראָטענבערג, איז די סאַמע שוואַכסטע. ער ברענגט אַרויס „די איבערגעשניטענע פּאָלי־טיש־היסטאָרישע געקעכצן״, וואָס מאַרקיש האָט אַריינגעבראַקט אין זיין ראָמאַן. ער קומט צום אויספֿיר, אַז מאַרקיש „באַלויכט נישט די עפּאָכע און די געשעענישן, נאָר ער פֿאַרקרימט זיי, אַ מאָל דירעקט און אַ מאָל דורך פֿאַרשווייגן זאַכן און געשעענישן, וואָס טאָרן נישט און קאָנען נישט פֿאַרשוויגן ווערן״. ראָטענבערג קריטיקירט אויך דעם ראָמאַן פֿון אַ קינסט־לערישן שטאַנדפּונקט, אָבער ער לויבט אים דווקא פֿון אַ נאַציאָנאַלן שטאַנד־פּונקט, ווייזנדיק, אַז דער וואַרעמער ייד מאַרקיש קומט אַרויס אַפֿילו פֿון פּאָליטיש־אָריענטירטן געמויזעכץ מיט גאַנצע ביינער, מיט אַ מחייהדיק יידיש לשון און אַפֿילו מיט אַ געזאַנג צו „אַ יידיש, וואָס האָט זיך אויסגע־פּורעמט אונטער דער השפּעה פֿון רעליגיעזן לעבן־שטייגער און וואָס שפּרודלט מיט אידיאָמאַטישן יידישן שאַרפֿזין״.

...אַ הונדערט־פּראָצענטיקע נעגאַטיווע מיינונג וועגן מאַרקישעס ראָ־מאַן „טראָט פֿון דורות״ האָט אויסגעדריקט, אין אַ בריוו צו מיר, דער אויסטראַלישער שרייבער און עסקן, רעדאַקטאָר פֿון דעם זשורנאַל „סידנייער יידיש־אינדזל״ מ. אַלעקסאַנדער. ער האָט באַשטעלט צוואַנציק עקזעמפּלאָרן

פון מאַרקישעס ראָמאַן און עס פאַרשפּרייט אין סידנעי, נאָך איידער ער האָט אַליין דעם ראָמאַן איבערגעלייענט.

„איך האָב עס שפּעטער איבערגעלייענט און איך רייס פאַסן פון זיך, וואָס איך האָב דאָס בוך געגעבן יידן אין די הענט אַריין. דאָס איז אַ פאַלסיפיקאַט, אַ שענדן און לעסטערן סיי די יידן אין געטאָ, סיי און דער עיקר די געטאָ־אויפשטענדלערס. איר וואָלט געטאָן אַ מיצווה גדולה, ווען איר לייענט איבער דאָס בוך און שרייבט אָן וועגן דעם. דאָס בוך איז אַרויס אין 1966. נאָך דעם ווי אַזוי פיל גרויסע, ערנסטע און דאָקומענטירטע ווערק זיינען אַרויס וועגן חורבן און געטאָ־אויפשטאַנד, האָבן אסתר, דוד און שמעון מאַרקיש געהאַט אַ כוח אַזאַ פּאַשקוויל אַרויסצולאָזן".

האָבן מיר דאָ צוויי מיינונגען וועגן מאַרקישעס לעצטן ווערק. איינער האָט געזען דאָס ווערק מיט אַ געוויסער מאָס מידת־הרחמים און דער אַנדערער האָט עס געמאָסטן מיט מידת־הדין. יהושע ראָטענבערג רעזומירט, אַז אויב „טראָט פון דורות" וועט פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, וועט עס זיין ניט צוליב זיין קינסטלערישן ווערט, נאָר ווי אַ גביית־עדות אין „אַ צעבראָכענעם שפּיגל אויף שטיין" פון די נשמה־ראַנגלענישן און פון דעם ווייז און פיין פון אַ דור יידישע שרייבערס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן פון יידישן פאָלק און אַליין געפאַלן אַ קרבן פון אַן אַנדער מולך.

(טאָג־מ"זש, יאַנואַר 26, 1968)

# אַרום האָפּשטיינס אַ ליד

אין דעם נייסטן אויגוסט־נומער „סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ גאַנץ זייטל אויף אַ שאַרפער קריגעריי מיט מיר, וואָס פאָדערט אַ שטיקל באַלייכטונג, כדי אין פּראָצעס פון דער באַלייכטונג זאָל איך אַליין געוואויר ווערן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואָס אַזוינס ס'האָט געקוועטשט דער רעדאַקציע פון דעם איינציקן יידישן סאָוועטישן זשורנאַל אין רוסלאַנד, אַז זי האָט באַשלאָסן אַרויסצונעמען די פּאָלעמישע האַק פון דער שייד און מיר דערלאַנגען. אָן אַ באַלייכטונג איז דער אָנפאַל אומפאַרשטענדלעך, ממש אַ דיאַלעקטיש רעטעניש, מצד דער רעדאַקציע, וואָס אין איר אָפּי־ציעלער רובריק „קאָמענטאַרן פון דער רעדאַקציע״ איז דער טראַסק פאַר־עפנטלעכט געוואָרן.

וועל איך אַזוי פאַמעלעך פּרוּוון זיך פונאַנדערקלייבן, וואָס אַזוינס קאָכט זיך אין דעם אָנפאַל, אָדער אפשר הינטער דעם אָנפאַל — פּשוט, כדי צו באַקליידן דאָס שאַרפע זייטל פון דער „היימלאַנד״־רעדאַקציע מיט עלעמענטאַרער לאָגיק, וואָס יעדער שטייגער פּאָלעמיק מוז אַרויסווייזן.

ס'לאָזט זיך קוים אַרויספּלאָנטערן, אַז מיין חטא באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב זיך דערוועגט צו קריטיקירן דוד האָפּשטיינס אַ ליד „פּראָצעסיע״. איך האָב אַ סך מאָל געשריבן וועגן האָפּשטיינען און נאָך אָפטער דערמאָנט האָפּשטיינען צווישן די גדולים אין דער יידישער פּאָעזיע, אָבער ביי אַ געלעגנהייט האָב איך זיך אין „קעמפּער״ דערוועגט צו קרי־טיקירן האָפּשטיינס אַן איינציק ליד — „פּראָצעסיע״. דאָס זאָל האָבן אַרויסגערופן דעם שוועבלדיקן גרימצאָרן פון דער פולער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד״ און נאָך אַ באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן — הבה, לאָמיר אים דערלאַנגען.

ווי ס'ווייזט זיך אַרויס פון דעם אומגעריכטן אָנפאַל, איז „פּראָצעסיע״ אַ באַרימט „אָקטאָבער־ליד״, כמעט אַ פאַרהייליקט ליד. איך בין געווען אַן עם־הארץ און נישט געוואוסט, אַז איך ריר זיך צו צו אַ הייליקער אורנע און איך האָב זיך דערלויבט צו נעמען אַ „באַליביק״ ליד, ווי די רעדאַקציע רופט עס, און זאָגן, אַז דאָס איז גאָר „אַן אומגעראָטן ליד״. למען האמת דאַרף מען דערציילן, אַז איך האָב געזאָגט מער ווי בלויז אַז ס'איז אַן אומגעראָטן ליד; כ'האָב אַפילו צוגעגעבן: „אַ מין מאַרשליד מיט קוידעריש לשון און שלעכטע פּאָעטישע בילדער״. זאָל דאָס זיין די סיבה פון דעם ברענענדיקן גרימצאָרן אויף מיר, וואָס איך האָב זיך אין מיין אומוויסנקייט

צוגערירט צו אַ שטיקל היילִיקייט, וואָס האָט נישט געפונען קיין חן אין מיינע אויגן?

ס׳גלייבט זיך קוים, אַז דאָס זאָל זיין די אמתע סיבה. אָט קריטיקירט מען אַפילו שאַרף נאַציאָנאַלע הימנעס. כ׳האָב שוין געלייענט קריטיק אויף „עוד לא אבדה" און אויף אונדזער „סטאַר ספּענגלד באַנער" און ס׳איז אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. בפרט ווען די „רעדאַקציע" גיט אַליין צו, אַז „איינעם קאָן אַזאַ ליד געפעלן און אַ צווייטן ניט". פונדעסטוועגן שרייט־אויס די זעלביקע רעדאַקציע, אַז „ס׳איז ממש צו שטוינען ווי אַזוי דער אַלטער דיכטער, וואָס פּרעטענדירט אויף קולטור־וויסן און געשמאַק, לאָזט זיך אַראָפּ ביז אַ נידעריקן גראַד פון הפקרות...", קריטיקירנדיק דאָס ליד.

„דער אַלטער דיכטער" — דאָס בין איך. איך האָב זיך, הייסט עס, אויף דער עלטער, אַראָפּגעקייקלט נישט נאָר צו הפקרות, נאָר „ביז צו אַ נידעריקן גראַד פון הפקרות". הפקרות איז, ווייזט אויס, אין דער „רעדאַק־ציאָנעלער" דערפאַרונג סאָרטירט און גראַדירט אויף גלאַט הפקרות און אויף אַ נידעריקן גראַד הפקרות; איך האָב זיך נישט באַנוגנט מיט גלאַט הפקרות, ווייל אויב שוין הפקרות, האָב איך באַשלאָסן, אַז ס׳מוז זיין פּערוווי־סאָרט הפקרות, דער אמתער, ריכטיקער, נידעריקער גראַד. אָבער איז דאָס געשען אין מאָמענט, ווען מיר איז נישט געפעלן אַן איינציק ליד פון דוד האָפשטיינען? ניין, ס׳קאָן נישט זיין, ווייל אָט קריג איך דאָך, תוך כדי דיבור, אַ היתר, אַז „איינעם קאָן אַזאַ ליד געפעלן און אַ צווייטן — ניט". די זעלביקע רעדאַקציע האָט דאָך אָנגענומען פאַר ליב מיינע אַלע לויבגעזאַנגען וועגן די סאָוועטישע פּאָעטן, סיי אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", סיי אין דער אַנטאָלאָגיע „האָריזאָנטן". מיט וואָס זשע איז עס נידעריקער גראַד הפקרות צו קריטיקירן איין ליד, וואָס מעג איינעם געפעלן און אַ צווייטן ניט?

לאָמיר זיך אפשר ווענדן צום ליד גופא און זען וואָס אין דעם פּידעלע שטעקט. ווי ס׳זאָגט אונדז אויס דער „רעדאַקציע־קאָמענטאַר", „לעבן זיך גאַנצע צוויי־דריי דורות יידישע לייענערס אַריין אין דעם אויסטערלישן ריטעם פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָצעסיע, וועלכע ווערט אַזוי מייסטע־ריש איבערגעגעבן אין די האָסטיקע איבערגענג פון „שטעקלעך וועקנדיקע שיטן שרויט אויף שטייפן פּייקל און טאַצן דזשימדזשען — שלייפן שאַרפס אין שוועבנדיקער לופט..." אַזוי פאַרזיכערט אונדז די רעדאַקציע.

ווען איך וואָלט אפשר געוואוסט, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט האָפשטיינס „פּראָצעסיע" אַזוי שטאַרק אָנגעריסן, אַז נישט נאָר שרייבערס,

נאָך לייענערס האַלטן זיך אין איין אַריינלעבן אין דער רעוואָלוציאָנערער מוזיק פון דער פּראָצעסיע, וואָלט איך זיך, אויס רעספּעקט צו די לייענערס, וואָס גייען שוין אין ריטמישן שפּאַן פון האָפּשטיינס ליד עטלעכע דורות, נישט דערלויבט אַזאַ נידעריקן גראַד פון הפקרות. פונדעסטוועגן לאָמיר נעמען דאָס ליד, היות ס׳ווערט מיר פּאַרט געגעבן די דערלויבעניש ס׳זאָל מיר געפעלן אָדער נישט, און עס פאַרלייגן אונדזערע אייגענע לייענערס, וואָס גייען נישט אין ריטמישן שפּאַן פון דער דאָזיקער פּראָצעסיע. דאָס ליד לייענט זיך אַזוי:

## פּראָצעסיע

מיר גייען אין דיינע פאַרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהייט,
מיט שטאָלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט.
אויף שאַנדן־שטאַנגען וואַקלט זיך און וואַקלט
דער אַלטער גאָט.

מיט לופט געלאַטעט פלאַטערט אַלץ און פלאַטערט
די אַלטע רויטע פאָן —
צוריק קיין טראָט!
און שטעקלעך וועקנדיקע שיטן שרויט אויף שטייפן פייקל
און טאָצן דזשימדזשען — שלייפן שאַרפס אין שוועבנדיקער לופט.
און הויך פאַרוואַרפט זיין רוף
דער שיינענדיקער טרומייט.

היינט בין איך אויך אַ שטיקל קלינגענדיקער קופער.
איך היפּער
שטילע סאַמעטענע ערטער,
איך וועק די מידע,
כ׳באַדעק דעם זיפץ פון אָפּגעשוואַכטע
מיט הילכיקן געלעכטער —
צוריק קיין טראָט.

דאָס ליד האָט געשריבן דער יונגער האָפּשטיין אין 1919. קיין פּרע־טענזיעס צום דיכטער קען מען נישט האָבן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַזאַ געלעגנהייט־ליד, אָבער ס׳איז פּאַרט אַ שטאַרק נישט־געראָטן ליד, אַפילו

פאַר אַן אַנהייבער, זאָל מיר די אַנאָנימע רעדאַקציע מוחל זיין, וואָס מיינט די אָפּגעבראָכענע שורה — זודיקע און קאַלטע? גייט עס אויף די מענטשן פון דער מענטשהייט, אָדער אויף „טראָט נאָך טראָט"? וואָס מיינט אַזוינס אַ זודיקער מענטש, אָדער גאָר אַ זודיקער טראָט אין דער מענטשהייט־פּראָצעסיע? פאַר וואָס קומט דעם אַלטן גאָט אַזאַ ליבטשגעריכט, אַז ער זאָל נעבעך הענגען אויף שאַנדן־שטאַנגען? זשיפּעט ער נאָך נעבעך, ווען ער וואַקלט זיך און וואַקלט, אָדער מען וואַקלט אים שפּאַנענדיק „מיט דרייסטע זודיקע און קאַלטע"?

ס'איז קלאָר, אַז דוד האָפּשטיין האָט אין 1919 געוואוסט עפּעס וועגן אַליטעראַציע, האָט ער זיך גענומען שפּילן מיט דעם אות „שין", אָבער פון מייסטע אַליטעראַציעס קומט קיין גוטס נישט אַרויס. ס'באַקומט זיך אָפט אַ צוגעטראַכטער קאַלאַמבור און שטיינדלעך אויף דער צונג —

און שטעקלעך וועקנדיקע שיטן שרויט אויף שטייפן פייקל.

די פיר „שינס" פון דער שורה טוען טאַקע זייער אַליטעראַציִשע אַרבעט, אָבער שיין וואָלט אויסגעזען דאָס פייקל, ווען מ'וואָלט פּלוצעם, אומגעריכט, גענומען שיטן שרויט אויפן פייקל. וואָס וואָלטן, נעבעך, די וועקנדיקע שטעקלעך געטאָן מיט דעם שיטנדיקן שרויט? ווי וואָלטן זיי זיך געספּראַוועט מיט שרויט?

וואָס טוען אייגנטלעך אויף די „דזשימדזשענדיקע טאַצן"? אַז זיי דזשימדזשען שוין, ווי אַזוי שלייפן זיי, און אַז זיי שלייפן, וואָס איז דער טייטש, אַז זיי שלייפן אַ שאַרפס, און ווי שיקט זיך עס, אַז טאַצן זאָלן שלייפן אויף שוועבנדיקער לופט — האָט עמעצער ווען געזען ווי לופט שוועבט?

ווען ס'יאָוועט זיך דער טרומייט פאַרוואָרפט ער זיין רוף. פאַרוואָרפן מיינט דאָך אָדער אַוועקוואַרפן אָדער פאַרוואָרפן ווי אַ פעטליע, טאָ וואָס מיינט — הויך פאַרוואָרפן אַ רוף?

אין ליד פאַרוואַנדלט זיך דער פּאָעט פּלוצעם אין אַ שטיקל קלינגענדיקן קופּער. בין איך האָפּשטיינען מוחל דעם פּלוצעמדיקן שלימזלדיקן גראַם: קופּער — מיט היפּער, כ'קאָן אים אָבער נישט מוחל זיין די סאַמעטענע ערטער, וואָס ער, דער קלינגענדיקער קופּער, היפּערט, ווייל איך זע נישט און פאַרשטיי נישט דאָס בילד, ווי אַזוי דער קופּערנער פּאָעט טאַנצט אַריבער מיט זיין קלינגעריי די סאַמעטענע ערטער.

דער אויך ווייזט אונדז, אַז אויך דער פּאָעט ווערט אַ קופּערנער

טרומייטער. אַז איך זע אים שוין אין דער ראָלע פֿון קלינגענדיקן און היפּערדיקן קופּער, פֿאַרשטיי איך ווידער נישט, ווי אַזוי ער קאָן פּלוצעם אויסברעכן אין אַ געלעכטער און באַדעקן אַ זיפֿץ. וואָס פֿאַר אַ באַדעקעכץ איז עס און צו וואָס דאַרף מען אַ זיפֿץ באַדעקן מיט קלינגענדיקן קופּערנעם געלעכטער?

און דאָס געשעט ווען מען גייט „טראָט נאָך טראָט". דער פּאָעט פֿאַרגעסט מיט אַ מאָל, אַז ער גייט סטאַטעטשנע אין אַ מאַרש טראָט נאָך טראָט, אין אַ פּראָצעסיע — מיט זודיקע... פּירט זיך אויף נישט פּראָצעסיע־מעסיק, ער היפּערט, ער קלינגט ווי אַ קופּערנער, ער לאַכט מיט אַ הילכיק געלעכטער. פֿאַר וואָס שפּאַנט ער אַזוי אומדיסציפּלינירט אַרויס פֿון דער ריי און מאַכט אַזעלכע קונצן? איילט ער זיך צו באַדעקן אַ זיפֿץ? וואָס איז די היפּערדיקע איילעניש, מאָלע ס'הערט זיך אַ זיפֿץ אין אַ גאַנצער שפּאַנענדיקער מענטשהייט? אפֿשר איז עס גאָר אַ זיפֿץ פֿון דעם אַלטן גאָט, וואָס מ'האָט אים, נעבעך, מיטגענומען אויף דער פּראָצעסיע, אויף שאַנדן־שטאַנגען, ער זאָל זיך וואַקלען? אַגב, וואָלט נישט איין שאַנדשטאַנג גענוג געווען פֿאַר איין גאָט?

מוז מען פֿונדעסטוועגן געבן קרעדיט, ווי מען זאָגט ביי אונדז, אַ פּאָעט מיט סענסיטיווע אויערן, וואָס אין מיטן דעם דזשימדזשען פֿון די טאַצן און דעם שרויט אויפֿן שטייפֿן פּייקל (באַמערקונג: אַ פּייקל, וואָס איז נישט שטייף, פּייקלט לחלוטין נישט) דערהערט ער אַ זיפֿץ. דאָס איז כמעט אַזאַ שפּירעוודיקע קונץ, ווי כריסטיאַן אַנדערסענס פּרינצעסין, וואָס דערשפּירט די אונטערגעלייגטע אַרבעס אויף איר קעניגלעך־אויסגעבעטן געלעגער.

איז מיר עפּעס קלאָרער געוואָרן נאָך דעם דאָזיקן אַנאַליז פֿון דעם ליד, פֿאַר וואָס די רעדאַקציע האָט מיר דערלאַנגט מיט איר דזשימדזשענדיקער דובינע, וואָס האָט ממש געשלייפֿט אַ שאַרפֿס אין דער שוועבנדיקער לופֿט? נאָך נישט. וועל איך עס מוזן איבערלאָזן אויף אַ פֿאַרזעצונג־פֿאָלגט, ווייל דאַכט זיך איך נעם זיך פֿאַרט אָט־אָט דערקלייבן צום סוד פֿאַר וואָס די רעדאַקציע האָט זיך אָנגעהאַנגען אין דוד האָפּשטיינס אַ ליד און עס פֿאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַרירלעכער אָקטאָבער־הייליקייט, כדי מיט מיר צו לערנען אָקטאָבער־בלק*

(„אידישער קעמפּער", סעפּט' 22, 1967)

[אין אַ צווייטן אַרטיקל אין „קעמפּער" קלערט אויף גלאַטשטיין, אַז די גאַנצע אַטאַקע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַ רעזולטאַט פֿון דעם נייעם אַגרעסיוון אַנטיציוניסטישן און אַנטי־ישראלדיקן קורס פֿון מאָסקווע און האָפּשטיינס ליד איז נאָר געווען אַן אויסרייד]

# איציק פעפער

דער טייל פון דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט פלוצעם דערזען די גרויסע געפאַר פון רעכטן אָפּנויג אין די אייגענע רייען און האָט זיך געשטעלט צום דינסט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָט קאָמאַנדירט איר פאַרטרעטער קיין בערלין, וואו ער לאָזט אַרויס דעקרעטן וועגן די אויפגאַבן פון דעם סאָוועטישן האַרעפּאַשניק־שרייבער. מיר האָבן אין זינען איינעם פון די איציקס, וואָס איז אַזוי מזלדיק צעפּויקט געוואָרן, צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע נייס פון דעם לאַנד, וואָס איז געווען די האָפענונג פאַר דער גאַרער וועלט. יעדער יידיש אייעלע, וואָס האָט זיך אויסגעבריט אין דעם לאַנד, וואו עס איז געשען דאָס גרויסע וואונדער, איז פאַר אונדז געוואָרן אַ טייערער גרוס. די קלינגענדיקע רוסישע אַסאָנאַנסן וועגן „טריט פאַרויס קאַמף רויט בלוט רויטער מאָרגן" האָבן ביי אונדז געהאַט דעם זיבעטן חן. עס איז געווען דער ערשטער שמייכל, אָדער דאָס חנעוודיקע ציינדלען פון אַ פינף־חדשימדיק קינד. און מיר האָבן זיך איינגעחזרט בעמען: „איציק, איזי, עזרא, בוזי. מיר האָבן געטראַכט: וואונדער פון יידישן וואָרט. בליסט אַזוי אומעטום — אויף שטיין, אויף פעלדז, אויף טרוקענער ערד, פאַרפלאַנצט מיט טרערן און באַוואָסערט מיט בלוט.

אַז עס זיינען אָבער אַוועק יאָרן און די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן וואַקסן, זיינען אַלע חן־גריבעלעך פאַרשוואומען און עס איז געבליבן אַ גרויס געזעסל און אַ ברייטער וואַסערדיקער קאָפּ. דאָס וואָס ביי אונדז איז געוואָרן פרייד צוליב אַ גרויסן ענין, האָבן זיי אָנגענומען אויף זייער חשבון. די ליליפּוטן־קינדער האָבן זיך גענומען בלאָזן און אַריבערשיקן אונדז גדלותדיקע בריוועלעך און גלייך אונדז געוואָרפן דעם העגעמאָנישן גט צו די פיס.

אין די וואַסערע עפּעס מער פון צען יאָר פון רעוואָלוציאָנערן עקספּערימענט האָבן כימעט אַלע פון זיי אָנגעוואוירן דעם קינדערשן צויבער. אַ טייל האָבן זיך פאַרלאָזט פליכעס און אַ טייל בערדלעך, אָבער קינסטלעריש זיינען זיי אַלע געוואָרן רייזענס ברידערלעך מיט זיין „ברייטן" פאַרנעם און מיט זיין טאַלענט אויף אַ מיליאָן מאָל פאַרקלענערט אין תישבורת.

די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָס האָט ברייטהאַרציק באַגריסט דעם אָנוואוקס פון פּראָצענט, האָט פלוצעם דערזען, אַז דער פּראָצענט בלאָזט זיך קעגן „קרן". עס איז שוין דערפאַר צייט צו רעדן ערנסט וועגן דער שונד־ליטעראַטור, וואָס מאַכט אָנשטעלערישע שטיק און רופט צו

באַיקאָט און „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״ פאַר דער יידישער ליטעראַטור אויסער ראַטן־פאַרבאַנד.

ווייל די גאַנצע יידישע ליטעראַטור פון דעם חסידיש־באַלשעוויסטישן פליגל און הויפּטזאַכלעך די פּאָעזיע איז איין שטיק שונד, וואו עס פּאַראַפראַזירט זיך אין פאַרשידענע גראַמען און קלאַנגען דער וואוילער טאָן פון פינטעלע באַלשעוויק:

אוי, ס׳איז מיר גוט,
אוי, ס׳מאַרוואויל,
אוי, ס׳אַ גליק,
וואָס איך בין אַ באַלשעוויק.

מיט אָט דעם פינטעלע לידעלע ווערט אויסגעשעפּט דער גאַנצער איינהאַלט פון דער פרומער ליטעראַטור, וואָס גלאָצט מיט די אויגן אויף אָט־דער דערעסלעכער טעמע.

דאָס וויסטע יידישע מזל! פון אייביק אָן איז עס אַזוי געווען און געשען. יעדער מאָל ווען די יידן האָבן דערזען דעם שפּיץ פינגער פון אויטאָנאָמיע, האָט מען גלייך פאַרוועבעמט און פאַרבלאָטיקט דאָס יידישע לעבן מיט קאַראָבקע, טאַקסע, מוסרים, כאַפּערס. עס איז אַזוי געווען סיי אין די קלענסטע רוסישע שטעטלעך, וואו דער צאַר האָט די יידן אַליין געלאָזט אויסקעמפן צווישן זיך די פּראָבלעמען פון שלישי און שישי, און סיי אין צפת, וואו טערקיי האָט געלאָזט די ערשטע שטריימלדיקע איינוואַנדערערס אַרויפצוויגגען יידישקייט מיט פּעטש און מלקות אין די שטיבלעך און בתי־מדרשים. אָרום און אָרום האָט אייביק געלעבט דאָס לעבן און געפּלאָטערט מיט טויזנטער פּראָבלעמען פון שיינקייט, און דאָס יידישע לעבן האָט געזוממפּיקט אין אייגענע דלד אמות, געקאָכט זיך אין אייגענעם קעסל און צוגעוואָרפן דער גרויסמאַכט דעם „מי שברך״. די צפתער אייניקלעך רודפן איצט יידיש אין הייליקן לאַנד און די אייניקלעך פון די קאַראָבקע־יידן רייטן איינער אויפן אַנדערן און וואַרפן „מי שברכס״ פאַר דעם סאַמע לעצטן דעקרעט פון דעם סאַמע מינדסטן באַלשעוויסטישן קאָמיסאַר. הללויה, איך בין אַ באַלשעוויק! זינגט דאָס קליינקעפּלדיקע יידישע וואָרט אין סאָוועטן־לאַנד.

קיין איין רייכן געדאַנק האָבן מיר פון דאָרט נישט געקראָגן. קיין איין צאַפּלדיק וואָרט. קיין איין אַנדייט אויף קינסטלערישן ווילן... דאָס יידישע לעבן איז פאַרשמוצט דורך סאָוועטישער איבערפרומקייט, דורך

טענצלדיקער התלהבות, דורך דבקות פאַר דעם פּינטעלע באַלשעוויק. פון איין זייט ווערט באַשאַפן אַ מלמדיש מאַרטירערטום פון אונטערערדישע ישיבות און בתי־מדרשים, און פון דער צווייטער זייט ווערט אַ יידישער שרייבער געטריבן צו התבודדות אין אַ קליין רוסיש שטעטל ווי אַ סליע־דאָוואַטעל צווישן פויערים און דאָרט פלאַטערט ער אויף מיט דעם גלאָקנ־קלאַנג פון פּראַוואָסלאַווּנעם קלויסטער. און אין מיטן גייט דאָס יידיש־קינסטלערישע וואָרט אונטער דעם יאָך פון אייגענע אייבערהאַרן, און בלויז די גליקלעכע, וואָס געדענקען אַלץ, וואָס ליטוואַקאָוו האָט בפירוש געזאָגט סיי אין קיעוו און סיי אין כאַרקאָוו, ווערן קאָמאַנדירט קיין אויס־לאַנד, וואו זיי עפּענען די מיילער און ריידן טאַלענטלאָז, גראָב, אומקול־טורעל, צעפלאָסן, אומקינסטלעריש, מיט פּאַרוואָרלאָזטע רייד.

נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך באַמערקט, ווי דאָס פאַר־זעענישל נעמט וואַקסן און זיך בלאָזן. איך האָב דאַן אַדרעסירט מיינס אַ ליד צו די טייערע איציקס, און פון דעמאָלט אָן האָט איינער פון די איציקס שוין אָנגעשריבן אַ גאַנצע ריי לידער קעגן מיר, אָבער זיין קאָלעקטיוויסטישער כעס איז נאָך אַלץ נישט געלאָשן געוואָרן. ער, דער עקספּאָנענט פון הויכן אידעאַל, געדענקט ביי יעדער געלעגנהייט, אַז די סאָוועטישע ליטעראַטור דאַרף באַקעמפן דעם אינזיכיסט.

און איצט פון בערלין שרייבט איציק פעפער צרהדיקע בריוו אַזעלכע, וואָס לאָזן וויסן גאָרנישט, אַחוץ אַז דער שרייבער קאָן גיט קיין שייטל עברי, און דאָרט אין די בריוו, בעת ער פאַרכלינעט זיך וועגן די הויכע אידעאַלן פון דער סאָוועט־רעגירונג, פאַרגעסט ער אויך נישט אונטער־צושטרייכן, אַז מען מוז באַקעמפן אינזיכיזם. וואָצו און נאַכסאָל איינשפּאַ־נען אַ רעגירונג, וועמעס אידעאַל איז נישט ווייניקער ווי וועלט־רעוואָלו־ציע, אין אַזאַ פּיצעלע קאַמף?

די יונגע יידישע ליטעראַטור האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דעם באַזיס פון ברייטוועלטלעכקייט. זי האָט געגראָבן אין דער טיף, זוכנדיק איר אינהאַלט און אָנהאַלט אין לעבן. די יידישע ליטעראַטור אין ראַטן־פאַרבאַנד שפּילט איבער דעם פּינטעלע־ייד מאָטיוו אויף דעם סאָוועטישן נוסח און ווערט פּראָווינציעל און פאַרבלאָז, ביז עס ווערט לעכערלעך צו זען, ווי דאָס הינטל טאַנצט אַרום דעם אייגענעם עק און זינגט: אוי ס'איז מיר גוט און אַזוי ווייטער. אַזוי נאָך, הייסט עס, ווערט געלייגט דער פונ־דאַמענט פאַר אַ ניי וואָרט און אַ נייעם אינהאַלט פאַר אַ נייעם דור. דער נייער דור וועט די קליאַטשע קייען בלויז אַזוי לאַנג, ווי מ'וועט עס אים

דערלאַנגען אין די שולן, ווייל באין ברירה, ווען ער וועט אין די פּראָ־זאַדיע־טעקסטביכער געפינען הונדערטער מאָל ציטאַטן פון האָפּשטיינען און פעפערן, וועט ער עס אויסלערנען. אָבער פאַרגעסן וועט ער עס אַזוי שנעל, ווי ער וועט אַרויס אויף דעם רשות־הרבים, און דאַן איז דער וועג אַן אָפענער... צו דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס איז ברייטער, קינסטלעריש־ממשותדיקער ווי די ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן פון קרקע־אייניקלעך מיט סאָוועטישער פּאַטשעווקע.

מיר האָבן זיך שוין לאַנג אויפגעהערט פּיעשטשען מיט קונסט לשם קונסט, אָבער עס איז אונדז נישט איינגעפאַלן, אַז פּאָעזיע איז אַ פּייפעלע מיט איין לעכל, און אַז דער ניגון, וואָס ווערט אַריינגעבלאָזן און אַרויס־געבלאָזן, דאַרף זיין די גרויסע אַריע פון דער באַרימטער פּינטעלע־אָפּערע.

(אינזיך)



דער טראַגישסטער פון אַלע סאָוועטישע יידישע דיכטערס איז בלי ספק געווען איציק פעפער, און גראָד דערפאַר, ווייל ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין ביסל טראַגיזם. ער האָט געהאַט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, אָבער זייער ווייניק גוטע מעלות. אָבער איין מעלה האָט ער יאָ געהאַט, פון שטאַנדפּונקט פון אידעאַליסטישער דינסטגרייטשאַפט — ער האָט אַלץ אָפּגעגעבן פון זיך פאַר דער זאַך און גאַרנישט אָפּגעשפּאָרט פאַר זיך אַליין. שווער צו געפינען ביי אים אַ שורה, וואָס זאָל ווייזן, אַז דאָס האָט ער באַהאַלטן אין אַ באַזונדערן שופלאָד — אַ קליין ביסל איינזאַמקייט פאַר זיך אַליין, פאַר די דורות, וואָס וועלן אפשר אַ מאָל קומען מישפטן; אַ שטיקל גרוס צו דער צוקונפט, אַ שטילן, אונטערטעניקן גרוס, אַ תמימותדיקן, נישט אַן אַלצוויסנדיקן, נישט קיין אויסגעשריי, נאָר אַן אומזיכערן פרעגצייכן.

ביי איציק פעפערן איז נישט שייך צו געפינען אַזאַ רעזערווירטן ספק, ווייל ער האָט אַנגעטומלט אַזוי פיל האָפערדיקע זיכערקייט און אַזאַ וואול־קאַניש־שפּריצנדיקע און אָפּט מאָל פּריקרע יונגשאַפט, אַז ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרטומלט, פאַרשוואַכט און פאַרשוועכט אַלע זיינע באַטירלעכע פעאיקייטן און עס אַלץ אַוועקגעגעבן דעם לאַנד פון די סאָוועטן.

האָט ער עס געטאָן מיט ליבשאַפט? דאָס וואָס ער האָט געטאָן האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט דורכפירן אָן אַ געוויסער מאָס ערלעכער ליב־שאַפט, וואָס האָט אים ממש געצוואונגען צו אַנאָנימיזירן זיין גייסט. אַלץ וואָס איז אונדז געבליבן איז אַ גופיקער פאָרטרעט פון אַ מענטשן, וואָס איז אויף קיין איין רגע נישט געבליבן מיט זיך אַליין און נישט אַריינגעטאָטעמט

צו זיך אין אַרבל אַ הויך פון אַ ביסל אַפּיקורסות. בלויז איין אַפּיקורסישן אַדיעקטיוו האָט ער דורכגעלאָזט אין אַ ליד זיינס, געווידמעט דזשערדזשינ־סקיס אָנדענק. „האַרטער פעליקס" רופט ער אים, אָבער באַלד פאַרווייכט ער צום גראַם — „צאַרטער פעליקס", אַזוי אַז די האַרטקייט ווערט גלייך פאַרוואַנדלט אין צאַרטקייט און פעפער ווערט אויס אַפּיקורס.

די אַלע, וואָס ווילן אַנאַליזירן די סאָוועטיש־יידישע דיכטונג און זוכן מאָמענטן פון מאַראַנענטום אין שיפרירטע טאָפּלמיינען, אין מעכאַנישע און נישט־אָנגעוואַרעמטע רייד, אין די געצוואונגענע סטאַליניזאַציעס, וועלן געפינען געגנוג שפּורן כּימעט ביי אַלע אירע דיכטערס, וואָס האָבן ערגעץ וואו זיך פאַרט איבערגעלאָזט אַ שטיקל פאַרבינדונג מיט דער וועלט, זאָל זיין לכל־הפּחות אין שורות פון איינזאַמקייט, ווען מ'קען זיך פאַרשליסן מיטן דיכטער, אונטער שלאָס און ריגל, און אים אָפּגעבן אַ פריינדלעכן און אומסטאַליניסטישן שלום־עליכם.

ביי פעפערן זיינען אַזעלכע שורות נישטאָ. ער האָט זיין גאַנץ פאַרמעגן אַוועקגעשענקט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט אַזאַ אַכזריותדיקער זיך־פאַר־ניכטונג, אַז געמאָסטן מיט אָט דער מאָס איז פעפער בפירוש דער טראַ־גישסטער פון אַלע סאָוועטישע פּאָעטן.

וואָס האָט אים געטריבן אַזוי צו דינען? אויף דעם געביט איז ער דאָך געווען אַ פּיאָנער. אין דער יידישער דיכטונג האָט נאָך אַ מענטש מיט זיינע גרויסע פעאיקייטן זיך נישט אויסגעטאָן אַזוי אָדם־נאַקעט און אַוועק־געגעבן פון זיך דאָס לעצטע דיכטערישע העמד צום לאַנד, ווי פעפער האָט עס געטאָן. יעדער אמתער פּאָעט איז אויף אַזוי פיל עגאָאיסטיש, אַז אַפילו ווען ער „סלוזשעט" (און פּאָעטן „סלוזשען" גאַנץ אָפט), גנבעט ער עפּעס אַוועק פאַר זיך און פאַר דער אייביקייט, אָבער פעפער האָט זיך לחלוטין נישט פאַרזאָרגט. ער איז געווען דער ערשטער יידישער פּאָעט, וואָס האָט פאַרקנעכט דאָס יידישע לשון און געמאַכט דערפון פּאָעזיע. ס'איז כּדאי צו געדענקען, אַז דאָס יידישע לשון איז דורך אים געבײַטשט געוואָרן צו אַזאַ טאַראַראַמסקן אימפּעט, אַז ס'האָט קוים געקענט דעם אָטעם אָפּכאַפּן. ער איז געווען אַן אויפטוער אויף זיין שטייגער. ער האָט גענומען אונדזער שטילן און טייערן ווערטער־אוצר, אונדזערע פּיקחותדיקע און סקעפּטישע רייד, אונדזערע טרויער־וואָגיקע שורות און זיי געטריבן מיט אַזאַ נגישה־דיקער טרײַבעניש, אַז זיי זיינען געפלויגן הענדום־פּענדום, געקלונגען, געזונגען, געבאַראַבאַנעוועט, געצימבלט און איבער אַלץ געזאָגט קאַטע־

גאַריש זאַכן מיט אַזאַ מעכאַנישער איינגעגלייבטקייט, אַז ס'איז אונדזער ייִדיש נישט געווען צו דערקענען.

די ווערטער האָבן שאָקירט מיט אַ שקאַצישער גשמיותדיקייט און ס'איז אין זיי נישט געווען קיין שאָטן פון אַ ספק. די מוזיקאַלישקייט איז געווען אַ נייע, אַ מאַטעריזירטע. די שורות האָבן באמת געקלאַפּט ווי מאָטאָרן. ס'האָט נאָך קיינער אַזוי נישט פאַרגאָוולטיקט און אַזוי צעממזרט אונדזער לשון, ווי פעפער האָט עס געטאָן. ער האָט דורכגעפירט אַ גרויזאַמע צופּאַ־סונג־אָפּעראַציע, וואָס קיין סטודענט פון ייִדיש וועט נישט קענען פאַרבייגיין אָן שטוינען און אָן ווידערווילן. ער האָט אויף גיך צוגעפּאַסט ייִדיש צו דער אויסטעאָרעטיזירטער עפּאָכע. אַנדערע פּאַר אים, ווי אַשר שוואַרצמאַן, האָבן שוואַך פאַרויסגעקרעכצט, וואָס ער האָט אַזוי גרויזאַם־מאַיעסטעטיש דורכגעפירט.

איציק פעפערס מאָטאָרן האָבן פון אונדזער ייִדיש אַרויסגעיאָגט און אויך אַרויסגעטריבן די נשמה, אָבער דער נייער געקלאַפּ פון שפּראַך האָט פאָרט געגעבן האָפּט צו דער טעאָרעטישער זייט פון אַ דור פּאָעטן, וואָס איז געקומען נישט נאָר פאַרלייקענען, נאָר אויך באַשפּייען די זיידעס. פעפערס ייִדיש איז געוואָרן אַזאַ מוזיקאַלישער באַשפּיי־אינסטרומענט, וואָס האָט געאַרבעט מעשים. גענומען האָט ער דווקא פּשוטע, פּרוגישע רייד און זיי אַזוי פאַראימפּעטיקט, אַז ס'איז מיט זיי געעפנט געוואָרן אַ ניי קאַפּיטל אין דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג. נישט מאַרקיש, נישט האַלקין, נישט פינינבערג און זיכער נישט האָפשטיין האָבן אַזוי צוגעפּאַסט זייער לשון צום געקלאַפּ פון דער צייט, בעסער און עלאַסטישער געזאָגט, צום געקלאַפּ פון פאַרשיידענע צייטן, ווי דאָס האָט געטאָן פעפער. מיט אים הייבט זיך באמת אָן דאָס קאַפּיטל פון דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג, ווי מיר פאַרשטייען עס איצטער, און ווי פעפער האָט עס גלייך געוואָלט פאַרשטיין, ווען ער האָט גענומען איבערקלאַפּן פּרוגס ייִדיש אויף דעם ריטעם פון סאָוועטישער ווירקלעכקייט.

קיינער האָט דאָס נישט געטאָן צו דער רוסישער שפּראַך און צו דער רוסישער מוזיק פון שפּראַך, וואָס פעפער האָט געטאָן צו ייִדיש. נישט אַכמאַטאָוואַ, נישט יעסענין, נישט מאַיאַקאָווסקי, נישט פּאַסטערנאַק און אַפילו נישט דעמיאַן ביעדני האָבן אַזוינס געטאָן צו רוסיש, וואָס פעפער האָט צעטאָן מיט ייִדיש, כדי צו איבערצייגן זיך און אַנדערע, אַז אַ נייע עפּאָכע ווערט געעפנט אין דער ייִדישער דיכטונג, אַן עפּאָכע, וואָס האָט

אויסגעליידיקט איר יידישע נשמה און וואָס זינגט גלייך אין דעם אינטער־רעגנום, ווען מ׳האָט נאָך אפילו קיין ערזאַץ־נשמה נישט געקראָגן.

די יונגע און די אינזיכיסטן האָבן געגישטערט אין די טיפן פון לשון און אין זיינע נישט־אויסגענוצטע מוזיקאַלישע מעגלעכקייטן, בעת פעפער האָט אויף די פלאַכן געזוכט און געפונען עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער האָט נאָך פון יידיש נישט אַרויסגעקראָגן.

צו יענע, צו יענע, צו יענע מיין ליד,
וואָס ווערן פון מי און פון אומרו נישט מיד,
און טרייהייט מיט פרייהייט איז נישט נאָר קיין גראַם,
אַ גראַם און אַ קלאַנג און אַן אויסגעשריי סתם —
צו יענע, צו יענע, צו יענע מיין ליד!
ס׳האָט יעדערער זיין חן,
ס׳האָט יעדערער זיין ברען,
זאָל יעדערער הייבן דעם שטיין
וואָס ער קען!
צו אַלע, צו אַלע, צו אַלע מיין וואָרט,
צו די, וואָס באַזינגען די מי פון מיין דור.

ער האָט אינדוסטריאַליזירט דעם יידישן ריטעם און געשאָסן ווערטער, ווי דורך אַ קאָנווייער, וואָס האָבן ביי אים געקראָגן אַ מעכאַנישע וואָרעמקייט.

אויף ברעגן, אויף הויכן,
אויף הונדערטער ווערסטן,
זאָל שמייסן אַ רויך
פונעם קוימען פון הערכסטן,
די שליאַכן, די וועגן,
און אַלעס און אַלעס,
מיין לאַנד און מיין געגנט
אין שפּאַן פון די כוואַליעס.
די כוואַליעס די טיפע
זיי יאָגן, זיי שלינגען
און שטיפן און שטיפן
מיט שיפן מיט יונגע.
ווי רייטער געניטע,
אויף כוואַליעס מיר רייטן,
פון שוואַרצקייט צעגליטער
פון הימלען פון ווייטע,
ווי ליכטיקע ראָסע
די שטערנדלעך טריפן.
מיר זיינען מאַטראָסן
און פירן די שיפן.

אַזוי האָט פעפער געזונגען אין זיין בוך „געוועטן״, וואָס איז דער־שינען אין קיעוו אין 1930. אַנאַליזירט נישט יעדער באַזונדערע שורה, וואָס איז גאַנץ אָפט זינלאָז, נאָר כאַפּט דעם צוזאַמענקלאַפּ פון דעם אינדוסטריאַ־ליזירטן לשון, וואָס האָט אים אויך געדינט פאַר זיינע ברייט־שורהדיקע באַדיכטונגען פון דניעפּערבוי:

רויקע באַרזשעס פּאַרטראַכטע און ברייטע אויף רויקן דניעפּר
גייען פּאַמעלעך און טרייבן פּאַמעלעך די פּאַלדן פון וואַסערן קילע,
שמעקט פון די באַרזשעס מיט פייכטע אוקראַינישע סטעפּעס.
רויקע באַרזשעס פּאַרטראַכטע און ברייטע אויף רויקן דניעפּר
שלעפן צעזעגטע דעמבעס און סאָסנעס פון וועלדער פון שטילע.
וואַסערן לויפן ביי ברעגיקע קאַנטן און טרייבן די שליופּקעס און שיפן,
דרייען זיך כוואַליעס, הייבן זיך כוואַליעס און פאַלן אין
וואַסערן קלאַרע,
קנייטשן זיך כוואַליעס און שמייכלען מיט זון און מיט ווינטן געשליפן,
וואַסערן לויפן ביי ברעגיקע קאַנטן און טרייבן די שליופּקעס און שיפן,
אָטעמען באַרזשעס מיט רו און מיט דעמבענער קאַרע.

**איציק פעפער האָט פון זיין סאָוועטיזירטן יידיש אויך באַוויזן אַרויס־צושלאָגן לאָזונגען. יידיש האָט ביי אים געקלונגען פּלאַקאַטיש, ווי אונדזער לשון וואָלט לכתחילה געשאַפן געוואָרן צו באַדינען די מאַכט. אין אַ ליד וואָס האָט טאַקע סטאַלינס אַן איינציקע פּראָזע — „קאַפּשווינדל פון דער־פאַלגן" — פּאַר אַ מאַטאָ, צעשפּריצט ער אַזעלכע לאָזונגען:**

ניט קיין טאָפּאָלן זיך נויגן,
ניט קיין ווינט, ווי פייל פון בויגן,
טראָגט זיך איבער גאַס, —
היי, פוילי̇אַקעס, היי, ליידאַקעס,
אין אַטאַקע! אין אַטאַקע!
קעגן פּוסט און פּאַס.
איבער שטעט און איבער סטעפּעס
שפּרייט זיך, הייבט זיך אונדזער עפּאַס,
דונערט אונדזער טראָט.
אין אַטאַקע! אין אַטאַקע
קעגן דחקות, קעגן נאַקעט,
קעגן קלויז און גאָט!

**גאָט און די קלויז כאַפּן אויך אַריין אַז מ'דאַרף, און איציק פעפער איז געווען איינער פון די שאַרפסטע פּאַרויסווייסערס פון וואָס און ווען מ'האָט באַדאַרפט.**

**פעפער איז מיט זיין ליד געוואָרן דער טעאָרעטיקער פון יידישן סאָוועטישן ליד. ער האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו צעפּאַלמעסן די שיינקייט, כדי צו ווייזן, אַז ער גייט פאָרויס צו אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד און ער**

שלעפּט מיט דאָס יידישע לשון. אַפילו ווען ער זינגט אַ מאָל פון אַ בוים, ווייזט ער, אַז מען מוז זינגען פון אים, ווען דער בוים ליגט אַ צעזעגטער און צעשניטענער, ערשט ווען ער ווייסט, אַז „אים איז שוין באַשערט שטיין שטאָלץ מיט ווייטע טעלעגראַפן־שטאַנגען און הויך פון רעשטאָוואַניעס דערלאַנגען".

שניידן מיר און שערן
אויסגעוועפּטע צייטן,
קאָן אונדז עפּעס שטערן
אַלטס אויף נייס פאַרבייטן?

פּעפּער איז נישט געווען קיין איבערשאַצער, נאָר אַן אונטערשטיצער. ער איז אַריינגעטאָן אין דער פּאָעטישער אונטערשטיצונג פון דער פּראָקלאַ־מירטער וועלט־איבערמאַכונג, און ווי אַ יידישער פערזן־מייסטער האָט ער אַזוי געטריי און אַזוי נאָוואָטאָריש געטאָן זיין פליכט, אַז ער האָט זיך דערפאַר נישט פאַרגונען קיין אינטימע מינוט. האָט ער פאַר אַזאַ מינוט מורא געהאַט? ווער ווייסט. אים האָט געטראָגן אַן אינערלעכער שולד־באַוואוסטזיין צו האַלטן אין איין צאָלן חובות. ערגעץ וואו האָט ער זיך געפילט טיף פאַרשולדיקט און ער האָט געשטילט זיין געוויסן דורך צאָלן:

ס'איז דער הימל טונקל־בלוי־ווייס,
לעצטער וואָלקן לויפט צום ראַנד,
גיי איך צאָלן מיינע חובות,
מיינע חובות פאַרן לאַנד,
פון אָט־דאָ ביז ענדן עקסטע,
פון אָט־דאָרט ביז טיפסטן טאָל,
דאַרף איך דעקן מיינע וועקסלען,
מיינע וועקסלען פון אַ מאָל.
כ'האָב פאַרגעסן, וואו מיין הויף איז,
וואו מיין שטוב און וואו מיין פּלויט.
איינס געדענק איך: מיינע חובות
דאַרף איך צאָלן ביזן טויט.

זאָלן דאָס אפשר זיין די איינציקע מאַראַנישע שורות אין זיינע לידער? ער האָט פאַרגעסן זיין אייגענע שטוב און זיין פּלויט — און דערפאַר דאַרף ער צאָלן חובות ביזן טויט. צי אפשר מיינט ער, אַז צאָלנדיק זיינע חובות האָט ער דערווייל פאַרגעסן די שטוב און פּלויט. איז דאָס אויך אפשר די איינציקע טראַגישע פאָראָנונג זיינע, אַז ביזן טויט (מיטן טויט?) וועט ער

כסדר צאָלן און צאָלן חובות און נישט האָבן קיין איין מינוט צייט זיך צו דערמאָנען אָן שטוב און פּלויט. דעמאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט ער נאָך נישט געוואוסט, אַז ס'וועט קומען אַ טראַגישע צייט, ווען די עלאַס־טישע סאָוועטישעווירקלעכקייט וועט אויך אים, דעם שטרענגסטן אָפּשאַצער פון סאָוועטישע ווירקלעכקייטן, געבן אַ געלעגנהייט אַרויסצוקומען מיט אַ צו לאַנג אונטערדריקטער פּראָקלאַמאַציע פון זיין יידישקייט.

ער, דער פּראַקטישסטער און עקשנותדיקסטער פּאָרויסזעער, האָט פרי פּאָרויסגעזען, וואָס עס וועט געשען מיט כאַריקן, ווענמען ער האָט אין זיין בוך פון 1930 געווידמעט אַ ליד, אַ ליד וואָס איז אפשר געווען אַ שטילע און פּראַקטישע וואָרענונג צו כאַריקן,* אָבער נאָך מער אַ וואָרענונג זיך אַליין:

און דער, וואָס גייט אַרום און שעלט
און ברעכט דעם בוים און רייסט דעם צווייט,
וועט שטאַרבן פריער פון אונדזער ליד,
וואָס טראָגט זיך האַסטיק אויף דער וועלט.

* זיינע וואָרענונגען צו איזי כאַריקן וואָלטן בכלל באַדאַרפט אויסגעפאָרשט ווערן. ס'איז זייער מעגלעך, אַז פעפער האָט גוט געוואוסט וועגן כאַריקס ראַנגלענישן און וואַקלענישן, ווייל אין אַ ליד, וואָס איז אויך געווידמעט כאַריקן, געדרוקט אין פעפערס בוך „זאָל לעבן דאָס לעבן", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1934, זינגט פעפער צו זיין פריינד אַ ליד, וואָס טראָגט דעם באַטייטפולן נאָמען „מען טאָר זיך נישט פאַרהאַלטן". כאַריק איז געווען באַרימט און זיינע לידער זיינען שטאַרק פאַרשפרייט. פעפער וואָרנט כאַריקן ביי צייטנס קעגן לויב פן אויסלענדישע יידישע דיכטערס:

מיר, געכאָוועטע אין אומרו פון אָקאָפּן,
מיר געפעסטעטע מיט האַרטן טויט צוקאָפּנס,
מיר דאַרפן נישט קיין סאַכאַרין
פון „גוטע ברידער",
ער סמט דעם וואוקס, ווי סם פון סאָנים,
און דער וואָס שטייט שוין פעסט ביים רודער
דאַרף זען קלאָר
זיין אייגן פּנים,
מיין ברודער!
די גוטע רייד פון פריינט הער אויס,
די סינע פון די פיינט הער אויס.
מען טאָר זיך נישט פאַרהאַלטן אינעם גאַנג.
מיט נייעם, מיט נאָך שטאַרקערן געזאַנג,
פאָראויס.

אָט די מוסר־רייד זיינען מסתמא געווען באַזירט אויף אַ שרעק, אַז דער חבר כאַריק פאַרהאַלט זיך אַ ביסל אויפן וועג, וואָס האָט אים גיך געפירט צום טויט. אין די פּראַקטישע מוסר־רייד זעט מען, אַז פעפער האָט געהאַט אַ שולחן־ערוך, וואָס פון אים האָט ער קיין מאָל נישט אָפּגעווייכט.

איציק פעפער איז אין דער סאָוועטישער דיכטונג דערשינען ווי אַ יונג וואונדער מיט זיין פולער און צעזונגענער מייסטערשאַפט און מיט זיין פיאַנערישן און אימפּעטיקן איבערבוי פון דעם מעסיק־טריטיקן יידישן וואָרט. זיינע פעאיקייטן זיינען באמת געווען אומגעהייער, אָבער ער האָט גאַנץ אָפט, מער פון אַ סך אַנדערע סאָוועטישע דיכטערס, פאַרשוועכט זיינע אייגענע פעאיקייטן מיט וואולגאַרע פּראָקלאַמאַציעס, ווייל ער האָט אויף זיך גענומען די מיסיע פון דעם פרומען אָפּהיטער פון דער ליניע און פון דעם אַכזריותדיקן אַרויסטרעטער קעגן קעגנערס. ער האָט זיך אויף אַזוי פיל עמאַנציפּירט פון אַ יידיש געוויסן, אַז ער האָט געקענט ווערן דער האַרבסטער שטראָפער, ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט נאָך נישט גענוג געצאָלט זיינע וועקסלען. ווען אַש איז געוואָרן פופציק יאָר אַלט, אין יענע צייטן, איידער אַש האָט זיך געהאַט משדך געווען מיט דער „פרייהייט", האָט אים פעפער דערלאַנגט אַ מי־שברך מיט אַ ליד — „אַש־שאַ!"

וואָס קלינגען די כוסות?
וואָס הודעט די ערד?
אַ יום־טוב אַ גרויסער
איז יידן באַשערט!
שאַבשאָוויטשעס דיכטער,
דעם גאַבינערס פריינט,
איז היינט אימעניניק!
ווי פריילעך איז היינט!
איך וואָלט אייך באַהאַנגען
מיט אָרדנס (מיין וואָרט)
איר זאָלט זיך נישט קענען
אַ ריר טאָן פון אָרט.
איין אָרדן אינגאַנצן?
ס'איז גאָרנישט! ס'איז מיסט!
איך וואָלט אייך געמאַכט פאַר אַן ערן־פאַשיסט!
ביים שוואַרצן אַדאָלף
און ביי אַלע ביי זיי
איך וואָלט אייך געמאַכט
פאַרן עלטסטן... לאַקיי!

בלויז אַ דיכטער, וואָס האָט שוין נישט פאַרמאָגט קיין שוינונג פאַר זיך אַליין, האָט געקענט אַזוי הפקר גראַמען. ער האָט אויך שוין, אין די

דרייסיקער יאָרן, געשריבן זילזולים־לידער צו די „פּעטערס אין אַמעריקע״ און צו די אינזיכיסטן, נאָך דעם ווי ער האָט זיך געהנדלט צו זיי אין בריוו.

אָבער ער איז געווען הויך באַשאַנקען מיט אַ פּערזאָנטעם און פּערז־אימפּעט, וואָס איז געווען אַ מערקווערדיקע דערשיינונג אין דער יידישער דיכטונג, וואָס האָט זיך אַ דאַנק פּעפערן געגומען אָריענטירן אויף אַ נייעם יידיש־דעראָבערטן קאָנטינענט. ביי קיינעם איז יידיש נישט געווען אַזוי איבערצייגנדיק סאָוועטיש, ווי ביי פּעפערן. ביי קיינעם זיינען די קאָנטורן פון אַ נייעם, קאַליע־געוואָרענעם, ייד נישט געווען אַזוי שפּראַכלעך און מוזיקאַליש באַגרינדעט, ווי אין פּעפערס ליד. די נייע יידישע סאָוועטישע פּערזענלעכקייט, מיט אירע קאָלאָסאַלע און איבער־כוחותדיקע צופּאַסונג־פעאיקייטן, איז אין ערגעץ נישט אַזוי בולט ווי אין פּעפערס גומע־רעדער־דיקע לידער, דורך זיינע אַלע זיגזאַגישע פּעריאָדן. פּעפער איז געווען דער סאָוועטישער יידישער דיכטער פּאַר עקסעלאַנס, ווייל ער האָט זיך דערזונגען צו אַן אייגן קאַפּיטל, וואָס ער האָט טריאומפאַל געעפנט מיט זיין ליד. זיין אָפּגעריסנקייט און זיין צוגעבונדנקייט צו טראַדיציע זיינען שטענדיק געקומען אין איינקלאַנג מיט סטאַליניסטישע שטימונגען. ער איז געווען אַן אמת־סאָוועטישער פּראָדוקט, ראַיעלער פּאַר דער מאַכט און פעאיקער פּאַר דער דורכפירונג פון זיינע פליכטן, ווי אַלע אַנדערע סאָוועטישע דיכטערס. אין די לעצטע יאָרן האָט ער, אמת, באַנאַליזירט זיינע אייגענע פעאיקייטן און זיי דערפירט צו דער שוועל פון אומבאַהאָלפענער קינדעריי.

אַז מען זאָל אים אַזוי אָפּדאַנקען, ווי די סאָוועטן־מאַכט האָט אים אָפּגע־דאַנקט, האָט מען געקענט דערוואַרטן. דאָס אַליין איז טראַגיש גענוג, אָבער נאָך טראַגישער פון דעם איז, וואָס פּעפער האָט אין זיין פּאַרחובטער דינסט־געטריישאַפט אַזוי געצאָלט זיינע חובות און געדעקט זיינע וועקסלען, אַז ער האָט זיך אַליין פאַרגעסן און אונדז איבערגעלאָזט לידער, וואָס וועלן נישט לעבן ווי לידער, נאָר ווי דאָקומענטן פון אַ באַזונדערער יידיש־עפּאָכע און פון אַ טראַגישער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין ברעקל טראַגיזם. ער האָט אָפּגעטומלט, אָפּגעצימבלט און אָפּגעצאָלט חובות מיט זיך, ביז ער אַליין איז געבליבן אַ ביטערער אָרעמאַן און געגאַנגען צו דער ליקווידירונג אפשר מיט דעם שאַרפסטן ווייטיק פון אַלע זיינע טראַגישע מיטגייערס.

(זאמלבוך, נ״י, 1952)

# אינהאַלט

## מיניאַטורן



## פובליציסטן און קריטיקערס



## סאָוועטיקאַ